„דיינע ווערטער זאָלן זיין פשוטע, כדי זיי זאָלן ניט דאַרפן האָבן קיין קאָמענטאַרן און זייער כוונה זאָל זיין פאַרשטענדלעך.״

משה אבן־עזרא



*LOVE OF READING ACTS AS A HYPODERMIC FULL OF NARCOTIC DRUG FOR THE PAINE OF BOREDOM.*

P. T. STEINGROHN, M. D.




עסייען — עסייעטן — עסייעטקעס — פּאָעזיע

— צווייטער באַנד —

פארלאג „מלכה"

תשל"ט | ניו־יאָרק | 1979

# WORT UN KLANG
## (Word and Sound)

— By —

**MORDECAI YARDEINI**

*VOL. II*

Farlag "MALKA", New York, N. Y.

*Copyright 1979, By*
MORDECAI YARDEINI
465 Ocean Dr. Apt. 919
Miami Beach, Fla. 33139

All RIGHTS RESERVED,
INCLUDING FOREIGN LANGUAGE TRANSLATION



הילע געצייכנט פון משה קיש

**פרייז $7.50**

---

Printed in the U. S. A. By
**SHULSINGER BROS. INC. • NEW YORK, N. Y.**

## פון זעלבן מחבר:

„אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער", ניו־יאָרק, 1955.

„לעאָ ליאָוו" (ביאָגראַפיע), ניו־יאָרק, 1960.

„50 יאָר אידיש געזאַנג אין אַמעריקע", ניו־יאָרק, 1964.

„אידישע דיכטער אין געזאַנג", ניו־יאָרק, 1966.

# אינהאַלט

# אַריינפירוואָרט

איך האָב זיך נישט געזעצט שרייבן קיין הקדמה אינעם אָנגענומענעם זין, און אַפילו נישט קיין געוועגלעכן אַריינפירוואָרט, כאָטש איך האָב אויבן אָנגעשריבן „אַריינפירוואָרט", נאָר אויפקלערן דעם לייענער וועגן דעם מאַטעריאַל וואָס איז אַריין אין די דריי בענדער און נאָך אַנדערע פּרטים.

קודם־כל — וועגן טיטל: „וואָרט און קלאַנג"!

אונטער דעם דאָזיקן רובריק, האָב איך לאַנגע יאָרן געשריבן פּאַר־שידענע עסייען און אַרטיקלען אין די שבת־ און זונטיק־אויסגאַבעס פון ניו־יאָרקער „טאָג" — ווען דער „טאָג" איז געווען די אידישע צייטונג נישט בלויז אין אַמעריקע נאָר איך גלויב אין דער גאַרער אידישער וועלט. דער־נאָך אין „פאָרווערטס", אויך אין ניו יאָרק. שפּעטער אין „מאָרגן זשורנאַל", ווידער אין ניו יאָרק. און איצט אין דער „מאָרגן פרייהייט", אָבער־אַמאָל אין ניו יאָרק. צו דעם אין פאַרשידענע ליטעראַרישע זשורנאַלן, וועכנטלעכע און חודש'לעכע, ווי דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", „פרייע אַרבעטער שטימע", „אידישער קעמפער", אידישע קולטור", „קולטור און דערציאונג", „קולטור און לעבן", „זאַמלונגען". און אויך אין „די פּרעסע", אין בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע; „אידישע וועלט", אין פילאַדעלפיע; „קענעדער אָדלער", אין מאָנטרעאַל; „די שטימע", אין מעקסיקאָ; און נאָך און נאָך. אונטער די אַלע מאַטעריאַלן ווערן אָנגעגעבן די נעמען פון די צייטונגען און זשורנאַלן וואו און ווען דאָס איז געווען געדרוקט, די דאַטעס, חדשים און יאָרן — אַן אָנזאַמלונג פון אַ האַלבן יאָרהונדערט שרייבן אויף כל'ערליי טעמעס, וועלכע זיינען מיר געווען נאָענט צום האַרצן.

איך האָב אָנגעהויבן שרייבן אין יאָר 1929, אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט", דערנאָך, אין 1936, בין איך „אַרויסגעפאָרן", קודם, ווי אַ קאָנצערט־זינגער, נאָכדעם ווי אַ ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־זינגער, שפּעטער ווי אַ חזן — דאַוונענדיק אין גרויסע שולן און האָטעלן ימים־נוראים און פּסח. אינצווישן האָב איך אויך געשפּילט טעאַטער און אַריינגעזונגען אין „רעקאָרדס" (פּלאַטן) פאַר דער אַר. סי. עי. וויקטאָר קאָמפּאַניע, דעקאַ, אַש

און פּעימאָוס, און בין אויך געווען אַקטיוו ווי אַ לעקטאָר וועגן מוזיק, טעאַטער און ליטעראַטור.

אַט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן צו וועבן מיין „ראָמאַן", ־עסער געזאָגט, מיין וועלט פון וואָרט און קלאַנג, קלאַנג און וואָרט — אַ וועלט פון מוזיק, ליטעראַטור, טעאַטער, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, פּלאַטן, קאָנצערטן, שולן, האָטעלן — כסדר אַרומגערינגלט פון גרויסע צאָלן מענטשן מיט פאַר־שידענע גוסטן און געשמאַקן. מיט געזאַנג, ליד און וואָרט אויף מיינע ליפּן, בין איך כמעט אויסגעפאָרן די גאָרע וועלט. מיין שרייבן און מיינע פלאַסטינקעס זיינען געווען דער „עמוד־האש", וואָס האָט אומעטום אין יעדן לאַנד פאַר מיר צוגעגרייט מיין קומען און די וואַרעמע אויפנאַמעס.

דער לייענער וועט זיך אין די דריי בענדער עסייען „וואָרט און קלאַנג" אָנשלאָגן אויף מער ווי איין עסיי, אָדער אַרטיקל, וועגן דעם אָדער אַ צווייטן קאָמפּאָזיטאָר, דיריגענט, מוזיקער, שרייבער, אַקטיאָר, חזן, און אויף נאָך אַנדערע טעמעס; זאָל אים נישט וואונדערן. איך האָב יעדעס מאָל געשריבן לויט דער שטימונג און די געפילן פון דעם געגעבענעם מאָמענט.

איך וויל דאָ אויך פאַרן לייענער אויפדעקן דעם צעטל פון מיינע פּסעוודאָנימען אונטער וועלכע איך האָב אין פאַרשידענע צייט געשריבן — אַט זיינען זיי: מ. תפּוחי, שלום ראָוו, מ. מאַלקין, מ. שערמאַן, מ. יוד, מ. מאַלקאָוו, מ. סלאָוועשנער, א. ראָזאַנסקי, ל. שעריטאַן, מ. שולזינגער, מ. כאַווקין, מ. כאַנקעס. איך האָב זיך אונטערגעשריבן מיט די דאָזיקע נעמען נישט ווייל איך האָב זיך געוואָלט באַהאַלטן, נאָר ווייל איך האָב אַזוי געפילט. איך האָב קיינמאָל נישט מורא געהאַט הן ווי אַ לעקטאָר און הן ווי אַ שרייבער, צו זאָגן דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן. איך בין נישט פון די וואָס באַהאַלטן זיך (זע מיין בוך „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער") אונטער דער „מאַמעס פאַרטעך". מיין מאָטאָ איז אַלעמאָל געווען: וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער שפּיץ־פּען...

און נאָך עפּעס: איך האָב זיך דערלויבט איבערצודרוקן די ביאָגראַפישע נאָטיצן און קריטיק־אויסצוגן פון מיין ערשטן בוך „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער", מיט אַ צוגאָב פון נייע גרעסערע און קלענערע קריטיק־אויסצוגן, מחמת ביים איצטיקן מצב פונעם אידישן פאַרלאַג־וועזן אין דער אידישער ליטעראַטור, און קולטור בכלל, ווייס איך נישט צי זיי וועלן אַמאָל דערזען די

ליכטיקע שיין. זאָל דער לייענער אַחוץ זיין אייגענע מיינונג און אָפּשאַץ וועגן מיר פֿאַר זיך האָבן אויך מיינונגען און אָפּשאַצונגען פֿון אַנדערע.

לסוף ווִיל איך דאָ אויסדריקן מיין גאָרן דאַנק פֿון טיפֿן האַרץ צו נינאַ׳ן, פֿאַר איר געטרייקייט און איבערגעבנקייט צו מיר; פֿאַר איר אַרויסראַטעווען מיך פֿון טויט ווען איך בין געלעגן אין שפּיטאָל מיט דריי שווערע האַרץ־אַטאַקעס; פֿאַר איר דערמוטיקן מיך אַרויסצוגעבן די ביכער; פֿאַר איר גיין מיט מיר צום דרוקער און אויסקלייבן דאָס פּאַפּיר וכדומה — זאָל זי זיין געבענטשט!

מיט ליבשאַפֿט און אַ סך וואַרעמקייט ווידמע איך איר מיינע דריי בענד „וואָרט און קלאַנג״ — זי האָט עס כשר פֿאַרדינט!

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז די ביכער ווערן טיילווייז אַרויס־געגעבן מיט דער הילף פֿונעם „נינאַ און בען ראָזענבערג־פֿאָנד״ און מיט „אייגנגעלטעניו־פֿאָנד״.

אַ באַזונדערן דאַנק דעם קאָמיטעט: פּראָפֿעסאָר אָסקאַר קריינעס, נינאַ ראָזענבערג־ירדני, אוירווינג סקולניק און עטעל שערמאַן־ראָטבערג, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער „באַלעבאַטישקייט״ פֿון דעם בוך.

**מרדכי ירדני**

מיאַמי ביטש, פֿלאָרידע, 1979

פּ. ס. עס ווערן צוגעגרייט נאָך ביכער מיט עסייען אויף טעמעס וועגן מוזיקער, שרייבער, אַקטיאָרן, דיריגענטן, דראַמאַטורגן, רייזע־מאָטיוון וכדומה. זאָל נאָר דער רבונו של עולם מיר שיינקען יאָרן, האָב איך מאַטעריאַל פֿאַר נאָך צען און אפשר מער ביכער.

# איציק מאַנגער — דער מאָצאַרט
# פון אידישן ליד

**געווידמעט חנה׳לען**

אַ יציק מאַנגער איז, לויט מיין אָפּשאַצונג, געוועזן: דער מאָצאַרט פון אידישן ליד. ער איז געוועזן דער גרעסטער מעלאָדיסט פון וואָרט. יעדע ליד, יעדע באַלאַדע זיינע איז: „אַ קליינע נאַכט מוזיק״. ער איז מאָצאַרטיש אין גוסט, אין טאָן, אין דער האַרמאָניע פון גראַם. ער איז געוועזן דער זינגערישער זאָגער — אַ סך אַ גרעסערער זאָגער פון די, וועלכע האָבן זיך באַטראַכט פאַר „זאָגערס״ אין דער אידישער דיכטונג...

פאַר מיר ליגט זייער אַ וואַרעם אָנגעשריבענער ביכעלע, אַ קליינס, אַ דינס, אָבער אַ ווערטיקס, מיט אַ סך פּיעטעט און ליבשאַפט: „די לעצטע תקופה אין איציק מאַנגער׳ס לעבן און שאַפן״, פון דעם איידעלן באַוואוסטן אידישן פּעדאַגאָג, שרייבער, לעקטאָר, עסייאיסט, ליטעראַטור־קריטיקער, פריער אין אוקראַינע, דערנאָך אין דעם פאַר־מלחמה׳דיקן פּוילן, און איצט אין אַמעריקע, ח. ש. קאַזדאַן, אַרויסגעגעבן פונעם „שלמה מענדעלסאָן פאָנד״, ביי דער געזעלשאַפט פאַר קולטור און הילף, אין מעקסיקאָ, 1973. דאָס איז אַ קיצור׳דיקער שטודיום (הלוואי האָבן מיר אַ סך אַזעלכע קיצור׳דיקע שטודיומס!), וואָס נעמט אַרום איציק מאַנגער׳ס לעבן און שאַפן פונעם יאָר 1939 ביזן יאָר 1963. הונדערט און צוויי און אַכציק זייטן פאַרמאָגט דאָס ביכעלע, אָבער דער שרייבער האָט אין דער קליינער צאָל בלעטלעך אַריינגעלייגט זיין האַרץ און נשמה — איר פילט דעם פּולס נישט בלויז פונעם פּאָעט איציק מאַנגער, נאָר אויך דעם פּולס פונעם מחבר, ח. ש. קאַזדאַן.

און נאָר אַזוי זאָל מען, דאַרף מען, שרייבן וועגן אַזאַ אייגנאַרטיקן דיכטער, ווי איציק מאַנגער איז געוועזן — און וועט אויך אויף להבא זיין. אַזעלכע קינסטלער ווי איציק מאַנגער זיינען אַן איינמאָליקע דערשיינונג — אין דער ליטעראַטור, ווי אין דער מוזיק, אין דער מאָלעריי ווי אין דער פּלאַסטיק. די וואָס האָבן איציק מאַנגער׳ן געוואָלט פאַרשרייען, האָבן זיך אַליין פאַרשריגן. די וואָס האָבן אים געוואָלט פאַרשטעלן, האָבן זיך אַליין

פֿאַרשטעלט. די וואָס האָבן אים געוואָלט פֿאַרלייקענען, האָבן זיך אַליין פֿאַרלייקנט.

„די לעצטע תקופה אין איציק מאַנגער׳ס לעבן און שאַפֿן", איז אָנגעפּילט מיט אַ סך ליידן, טיפֿער טראַגיק, אָבער אויך מיט אַ סך פֿרייד און נצחונות. ס׳קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין, אַז אַ סך פֿון זיינע קאָלעגן, צווישן זיי אייניקע גאָר אָנגעזעענע דיכטער און שרייבער, וועלכע, אגב, דער מחבר פֿונעם ביכעלע דערמאָנט גאַנץ אָפֿן זייערע נעמען, האָבן מאַנגער׳ן שטאַרק געקריוודעט. דאָס אַלץ ברענגט דער מחבר פֿונעם וואָרעמען אָנגעשריבענעם ביכעלע קלאָר און בולט אַרויס — מיט דער הילף פֿון אַרטיקלען און בריוו וועלכע ער ציטירט. אָבער עס ווערט אויך אינעם ביכעלע אַרויסגעהויבן די פֿרייד און נצחונות פֿונעם ריכטער — דורך זיינע לידער און באַלאַדן, וואָס ער האָט דווקא במשך פֿון אָט־די יאָרן געשאַפֿן: די פּייערלעכע „קבלת־פּנים׳ס", וואָס ער האָט געקראָגן אין אַמעריקע — און נאָך מער אין ישראל, וואו מ׳האָט אים ממש אויף די הענט געטראָגן. און אַז ער איז דאָרטן געשטאָרבן, איז אים צוגעטיילט געוואָרן אַזאַ גרויסע „פֿאָלק־לוויה", וואָס איז געווען די צווייטע נאָך ביאַליק׳ס לוויה.

ח. ש. קאַזדאַן גיט אונז אין געציילטע קורצע זאַצן און פּאַראַגראַפֿן, כמעט אַ פֿולן פּאָרטרעט נישט בלויז פֿון איציק מאַנגער׳ן דעם פּאָעט, נאָר אויך דאָס וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אַרום מאַנגער׳ן, אויף זיינע וואַנדערונגען אין די יאָרן 1939 ביזן יאָר 1963 — אין לאָנדאָן, אין מאָנטרעאָל, אין ניו־יאָרק, תל־אביב, נאָכאַמאָל ניו־יאָרק און ווידער תל־אביב, אָבעראַמאָל ניו־יאָרק, און נאָכאַמאָל תל־אביב, ביז די לעצטע טעג פֿון זיין לעבן, פֿון וועלכע מיר קריגן אַרויס אַ בילד, לייענענדיק די ציטירטע בריוו פֿון געניאַ נאַדיר־מאַנגער און מיט זיי ענדיקט דער מחבר זיין קליין ביכעלע, וואָס שטייגט אַריבער אַ סך גרויסע, דיקע ביכער...

איך ווייס נישט ווי אַזוי איך זאָל דאַנקען קאָלעגע ח. ש. קאַזדאַן, פֿאַר צושיקן מיר די דאָזיקע מתנה, כ׳קאָן אים נאָר פֿאַרזיכערן, אַז איך האָב געשלונגען יעדעס וואָרט. און ווי קאָן מען נישט שלינגען יעדעס וואָרט פֿון אַזאַ וואַרעמער באַציאונג, פֿון אַזאַ ליבשאַפֿט צו אַ שרייבער, וואָס האָט כשר פֿאַרדינט די דאָזיקע ליבשאַפֿט אי מצד דעם מחבר — אי פֿון אונז אַלעמען, פֿון יעדן וואָס האָט ליב אַן עכט ליד, אַ שיינע באַלאַדע: אַ דיכטער, וואָס זינגט אַזוי שיין, אַזוי מעלאַדיש, אַזוי ריין און טרעלנדיק! זיין דערשיינען

אויפן פעלד פון דער אידישער פּאָעזיע, איז געוועזן ווי פון אַ צעהעלטן זון־אויפגאַנג. מ׳האָט דערהערט אַ קול, וואָס ביז אים האָט מען ביי אונז אַזאַ קול נישט געהערט אין דער אידישער דיכטונג — אַ בעל־קאַנטאָ טענאָר פון דער ערשטער מדרגה!

איציק מאַנגער׳ס דיאַפּאַזאָן (פאַרנעם פון שאַפן) האָט אַלעמען פאַרכאַפּט און אַרויסגערופן פאַרוואונדערונג. דער זיווג פון פּאָעזיע און מוזיק, האָט זיך געטראָגן פון אַלע זיינע לידער און באַלאַדן, ווי די שאַרפסטע בלומען־ריחות. עפּעס אַזוי פּשוט און דאָך אַזוי טיף; עפּעס אַזוי פּראָסט און דאָך אַזוי שיין; עפּעס אַזוי פאָלקס־ליריש און דאָך אַזוי אַריסטאָקראַטיש־עספּרידיק; עפּעס אַזוי וואָכעדיק און דאָך אַזוי יום־טוב׳דיק. די פּאָעטישקייט פון זיין וואָרט האָט דעם לייענער פאַרשאַפט אַ מחיה׳דיקייט פאַרן גומען. זיין מוזיקאַלישקייט האָט זיך געלייגט וואַרעמדיק אויפן האַרצן, אויף דער נשמה, און אויף די אויערן.

ח. ש. קאַזדאַן האָט מאַנגער׳ן באַנומען, ווי קיין אַנדערער פריער ביי אונז. מ׳פילט, אַז דער מחבר פונעם קליינעם ביכעלע, געשריבן מיט האַרץ און נשמה, האָט מאַנגער׳ן דערפילט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים. און דאָס איז גוט פאַר אַ שרייבער, פאַר אַ קריטיקער, וואָרום נאָר מיט טיפער ליבשאַפט קאָן מען זיך דערביוּוען צו דעם שרייבער׳ס מהות, דערציילערס, נאָוועליסטס, עסייאיסטס נשמה און פאַרבאָרגענע קעמערלעך, וועגן וועלכן מ׳שרייבט.

טרוקענע זאָגעכצן, אויסגעקלערטע פראַזן, אויסגעטראַכטע געדאַנ־קעלעך, געשליפענע ריידעלעך, צוגעשפּיצטע מבינות׳ערייען, שאַרפע ווערטער־פלעכטערייען, זיינען נישט קיין אַטעסטאַטן אויף אמת׳ער קריטיק. אַ קריטיקער וועלכער וויל הערן זיך אַליין און לאָזט נישט הערן דעם פּאָעט, דעם דערציילער, נאָוועליסט, עסייאיסט, איז ניט ווערט קיין דרייער. אַ קריטיקער דאַרף אַריינלייגן האַרץ און נשמה אין דעם וואָס ער שרייבט, אַנדערש איז עס נישט מער ווי פּוסטע רעטאָריק.

ח. ש. קאַזדאַנ׳ס האַרץ און נשמה פילט מען אַרויס פון יעדע שורה, פון יעדן זאַץ, וואָס ער שרייבט און זאָגט וועגן מאַנגער׳ן. ער זעט אים און פילט אים, ווי אַן אייגענעם, ווי אַ ברודער, ווי זיך אַליין. די וואַרעמקייט לאָזט זיך פילן פון יעדן בלעטל: איר פילט די גרויסע פאַרערונג און ליבשאַפט זיינע פאַרן אויסדערוויילטן דיכטער, וואָס האָט זיך באַוויזן ווי אַ שטערן אויפן

לויטערן בלויען הימל פון דער אידישער דיכטונג, דעם שטאַרקן רושם וואָס ער האָט אויף איטלעכן געמאַכט. עס איז ניט געווען קיין פראַגע פון נאָך אַ צוגעקומענעם נייעם פּאָעט, נאָר עפּעס וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַזאַ אייגנאַרטיקע זינגערישקייט אין אידישן ליד, אין דער אידישער באַלאַדע, וואָס האָט זיך צעקלונגען ווי טויזנט זילבערנע גלעקער.

אויף אַ קאַליידאָסקאָפּישן אופן האָט דער מחבר ח. ש. קאַזדאַן, אָפּ־געשפּיגלט די לעצטע תקופה אין איציק מאַנגער׳ס לעבן און שאַפן, פון 1939—1969, וואָס איז ממש צו באַוואונדערן. איר האָט דאָ די גאַנצע גאַמע טראַגישע געפילן, די שווערעליידן, די שטימונגען, די פאַרשיידענע זיג־זאַגן, וואָס דער דיכטער האָט דורכגעמאַכט, וועלכע געפינען אַן אָפּקלאַנג אין די ציטירטע לידער און באַלאַדן און סיי אין די ציטירטע אויסצוגן פון אַרטיקלען און בריוו, וואָס זיינען געדרוקט פאַר און קעגן דעם דיכטער: בייזקייטן, אומזיסטע און באַרעכטיקטע פאַרדאַכטן, אומגעבעטענע „עצות״, — אַ שטייגער יעקב גלאַטשטיין׳ס „עצה טובה״ צום דיכטער, וואָס איך וועל דאָ שפּעטער ציטירן; בריוו בעת זיין אויפהאַלטן זיך אין דעם באַלאַגערטן לאָנדאָן, צום שרייבער ש. טענענבוים, אין ניו־יאָרק, וועגן די דריי „בייזע־געשטאַלטן״ — ווי ער רופט זיי — לייוויק, אָפּאַטאָשו און גלאַנץ־לעיעלעס, וועמען דער דיכטער האָט באַטראַכט פאַר זיינע ביטערסטע שונאים, פאַר די וואָס האָבן געשטערט און נישט דערלאָזט, אַז ער זאָל קומען קיין אַמעריקע...

„ליבער לייווייק,

„איך בין מיד, אַ גוטע נאַכט!
ס׳קלעפּן שווער זיך מיינע אויגן,
ווי אַ חלום איז פאַרפלויגן
לעבן, ליבע און געדאַכט.
איך בין מיד, אַ גוטע נאַכט!
ס׳קלעפּן מיר זיך מיינע אויגן.

„האַלב אין וואָך און האַלב אין דרימל
פלאַפּל איך דאָס לעצטע ליד.
פון דער ערד אַרויף צום הימל.
האַלב אין וואָך און האַלב אין דרימל
פלאַפּל איך דאָס לעצטע ליד.

„כ׳האָב אַ חלום אייך געבראַכט
און איר האָט אים אָפּגעשטויסן,
ווען עס איז געוואָרן נאַכט
האָט איר מיך געלאָזט אין דרויסן, —
כ׳האָב אַ חלום אייך געבראַכט
און איר האָט אים אָפּגעשטויסן.

„איך בין נישט דאָס יוזל אויפֿן קרייץ
וואָס צאַנקט אויס דאָס ביסל לעבן
און בעט נאָך ביים הייליקן גייסט
ער זאָל אייך די זינד פֿאַרגעבן,
איך בין נישט דאָס יוזל אויפֿן קרייץ
און איך וועל אייך נישט פֿאַרגעבן״.

ווי זאָגט יענער איד? פּירושים זיינען איבעריק ... „עס איז ממש, שרייבט קאַזדאַן, צו באַוואונדערן: פֿון וואַנען האָט דער צעבראָכענער און איינגעבראָכענער איציק געשעפּט כוחות צו טאָן נייע און אָריגינעלע שעפּערישע אַרבעט? די גאַנצע אַטמאָספֿערע אַרום אים, זיין פּיזישער מצב — אַלץ האָט דוכט זיך געפֿירט צו דעם ער זאָל אַוועקלייגן די פֿעדער און זיך לאָזן שווימען איבער דעם ים פֿון זיינע חשכות׳דיקע שטימונגען און פֿאַרביטערטקייט. „רות״ — די גאַנצע טעמע איז דאָך פֿון אויבן ביז אַראָפּ — ריינע עפּישקייט, שטילקייט. די גאַנצע טעמאַטיק פֿאָדערט אויסערגעוויינלעכן כוח אַריינצולעבן זיך, אַריינצופֿילן זיך אין די אימאַזשן און פּסיכיק געמיט פֿוןביידע שנורן:

„ערפּה איז גוט ווי ראָזעווע ברויט
און „רות״ איז פֿרום און שיין. —
ערפּה פֿאַרויטלט, די האָר צעלאָזט,
„רות״ אין סיצן קליידל.

„דאָרט היטן די ווערבעס די ברעגעס פֿון טייך
און די שטאַרקע דעמבעס — דעם וועג,
דאָרט זיינען די נעכט ווי כלה׳ס פֿאַרבענקט,
און די מוטיקע מענער — די טעג.

„ערפּה שווייגט, זי אָטעמט טיף
און נעמי הייבט אויף די הענט:
אַז וואויל איז צום דעם, וואָס גייט אַהיים
נאָך יאָרן זיין אין דער פֿרעמד״.

מעג איינער געבן אַ „עצה” אַזאַ באַגאַבטן דיכטער, אַז ער זאָל אויפהערן צו „רייטן אויף דעם כישוף־בעזעם פון די אַלטע לידער־עלעמענטן” און... „ראַטעווע זיך, מאַנגער, הער אויף צו טריפן מיט גראַמען. הייב אָן אַריינקומען אין דער זאַגערישער שול?”...

אָט די „עצה־טובה” מאַנגער'ן האָט געגעבן יעקב גלאַטשטיין! נאָט לייענט ווי קאַזדאַן ציטירט אַ טייל פון דער דאָזיקער „עצה־טובה”, וואָס איז געווען געדרוקט אין „אידישן קעמפער”, סעפּטעמבער, 1948, אין אַ 'צעשמעטערדיקן' אַרטיקל, ווי קאַזדאַן שרייבט, קעגן מאַנגער'ן. אָט וואָס גלאַטשטיין שרייבט דאָרט:

„ער האָט אויף אַ געשיקטן אופן אויפגעלעבט די סאַמע פּרימיטיוסטע עלעמענטן פון ליד און געגעבן דעם פּשוט'ן לייענער דאָס געפיל, אַז ער לייענט די סאַמע נייעסטע פּאָעזיע.

„מאַנגער האָט גענומען דאָס אידישע פאָלקס־ליד, דעם אַלטן באַלאַדע־טאָן, די ראָמאַנטיק, וואָס האָט שוין פון לאַנג אויסגעהויכט איר אָטעם, און אין זיי אַריינגעשפּריצט די אייגנאַרטיקייט פון אַ מענטש, וואָס האָט סאַמנאַבוליסטיש רעכט צו זינגען פון וואַנדלערישן שלאָף אַרויס. קיינער וואָלט מער נישט געוואָלט צו רייטן אויף דער כישוף־בעזעם פון די אַלטע לידער־עלעמענטן. מאַנגער האָט עס אָבער געטאָן. זיינע נייע שלעכטע לידער, וואו ער קומט מיט זיין גרייטן און טרויעריקן באַגאַזש פון דעם צוגעגעסענעם פאָלקסטאָן, זיינען דער דורכפאַל פון אַן עלטערן דיכטער, וואָס וואָלט זיך אַליין געוואָלט באַפרייען פון דעם, אָבער אַזוי גיך ווי ער הייבט אָן זיין ערשטן גראַם, פליט ער גלייך אַריין אין די אָרעמס פון זיין באַליבטן לעזער.

„עס האָט עמיצער שוין לאַנג באַדאַרפט מיט געוואַלד ראַטעווען מאַנגער'ן פון זיין אייגענעם שפּילעוודיקן ליד, פון זיין פאָלקס־מאָטיוו מיט אַ באָרד, פון זיין אויבן־אויפיקן זינג, פון זיין איינזאַמער פּאָפּולאַריטעט. מאַנגער מוז אויפהערן זיך אַליין איינשלעפערן מיט זיין אייגן ליד. ער מוז אַרויס אויף דער ניכטערער וואָר און ריידן מענטשלעכע רייד”.

„י. גלאַטשטיין, שרייבט קאַזדאַן, מאַכט חוזק פון מאַנגער'ס חומש־לידער, דריי צענדליקער איבער'חזר'ונגען פון אַן איינגעשטעלטן נוסח מאַכן דעם איינדרוק פון וואָדעוויל”.

פון די פאַרעפנטליכע בריוו פון איציק מאַנגער'ן פון לאָנדאָן צו ש.

טענענבוימ׳ען אין ניו־יאָרק, וואָס געפינען זיך אינעם ביכעלע, נעם איך אַרויס אָט דעם אויסצוג:

„ליבער טענענבוים, באַקומען אייער בריוו. אויב איר פאַרעפנטלעכט אויסצוגן פון מיינע בריוו, שיקט זיי מיר צו. די „קליקע״ וועט זיכער אויפהייבן אַ טומל. זיי האָבן אין יעדער צייטונג אַ צד און אין יעדער אידישער אינסטיטוציע. שיקט מיר צו אַלץ תיכף, וואָס זיי וועלן שרייבן וועגן די באַמערקונגען. זיי וועלן זיכער זידלען, אויסטראַכטן רכילות, איך קען צו גוט דעם טיפ לייוויק אַפּאַטאָשו און דעם ליטעראַרישן איידעם זייערן א. לעיעלעס. זיי פירן אַ שטילע מיאוס׳ע קאַמפּאַניע קעגן מיר. פון די אַלע פאַנדן פון הילף פאַר אידישע שרייבער באַקום איך נישט קיין גראָשן.

„יעקב פאַט, ווען ער איז געווען אין לאָנדאָן, האָט מיר דערציילט, אַז צו אים קומען אידישע שרייבער מיט טענות: „מיר האָבן געהערט איר ווילט ברענגען מאַנגער׳ן קיין אַמעריקע. וואָס וועט ער דאָ טאָן? ער וועט שיכור׳ן, מאַכן סקאַנדאַלן״.

„יעקב פאַט האָט מיר נישט געוואָלט זאָגן די נעמען פון די דאָזיקע שרייבער. אָבער איך שטעל מיך פאָר זייערע פּנימ׳ער. זיי זיינען זייער ענלעך צו לייוויק אַפּאַטאָשו און דעם הייזעריקן איידעם, לעיעלעס. ס׳בלייבט פשוט אויסגיין פאַר הונגער און נויט״.

גענוג, איך וועל פאַרענדיקן מיין אַרטיקל מיט קאַזדאַנ׳ס אַן אויסצוג:

„איציק מאַנגער איז געווען צופיל דיכטער ער זאָל פאָלגן די מענטאָרישע עצות פון י. גלאַטשטיין. מאַנגער איז געבליבן געטריי צו זיין אייגענעם פּאָעטישן נוסח. ער איז געבליבן געטריי זיין ליבשאַפט צום פאָלקס־מענטשען, צו די פאָלקישע און מענטשישע עמאָציעס, און ער האָט זיי געלאָזט קלינגען אין וואָרט און אין ריטם.

„און דאָס איז דער סוד פון מאַנגער׳ס טריאומפולן גאַנג אין דער אידישער ליטעראַטור, ביזן ענד פון זיין לעבן. דאָס איז דער סוד פון זיין פּירסום און באַליבטקייט ביים גרויסן אידישן עולם. זיין גאַנצע ליטעראַרישע ירושה געהערט דעם פאָלק און וועט אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן״.

מסכים!

„מאָרגן פרייהייט״, מערץ 12, 1959

# לעאָ ליאָוו — פּיאָנער־טרעגער פון אידישן ליד

## געווידמעט מיינע פריינט גוטאַ און סאָל טיסמאַן

ב. יי נישט־אידן, איז דער ציפער דרייצן פאַררעכנט פאַר נישט קיין מזל'דיקן, אָבער ביי אידן איז דער ציפער דרייצן גראָד פאַררעכנט פאַר אַ שטאַרק מזל'דיקן. ווענן מיר זיך האַלטן ביי דער אידישער טראַדיציע...

אָט איז געוואָרן דרייצן יאָר, זינט ס'איז פון דער וועלט אַוועק דער קאָלירפולער אידישער קאָמפּאָזיטאָר און כאָר־דיריגענט מיט אַ וועלט־נאָמען, אַ נאָמען וואָס האָט געווירקט אין פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן — לעאָ ליאָוו.

דאָ, אין אַמעריקע, האָט ליאָוו, וואו ער האָט געלעבט און געווירקט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן, פון זיין גאַרער מוזיקאַלישער קאַריערע, דיריגירט פאַרשידענע כאָרן, צווישן זיי — הויפּטזעכלעך דעם פאַרבאַנד־כאָר, און טיילוויין אַרבעטער רינג כאָרן, און כאָרן וואָס האָבן געהערט צו דער לינקער באַוועגונג.

ליאָוו, דער פּיאָנער פון אידישע פאָלקס־כאָרן אין אַמאָליקע צאַרישן פוילן, דער דיריגענט פון די צוויי געשיכטלעך־באַרימטע אידישע פאָלקס־כאָרן אין וואַרשע, — דער „הזמיר"־כאָר און דער „גראָסער"־כאָר — האָט ביי קיינעם נישט געפרעגט אויף קיין „פּאַספּאָרטן". דער עיקר פון אַלצדינג איז אים אָנגעגאַנגען דער בייטראַג און צוטראַג, דער קולטורעלער און מוזיקאַלישער ווערט פון דעם און יענעם אידישן כאָר, דער צושטייער צום אידישן גייסטיקן לעבן. דאָס, און נישט מער. די פּאָליטישע זייט, דער „אונטערשלאַק" אָדער „אויבערשלאַק" פונעם כאָר, צי ער געהערט צו דער אָדער יענער באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס, האָט אים לחלוטין נישט אינטערעסירט...

לעאָ ליאָוו איז כל־ימיו, פון זיינע אינגסטע יאָרן אָן, געוועזן אַ ציוניסט און אַ טראַדיציאָנעלער איד, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון דיריגירן אין וואַרשע דעם „גראָסער"־כאָר כאָטש דער כאָר האָט אָפיציעל געהערט צום „בונד", בעת דער „הזמיר"־כאָר וואָס ער האָט גלייכצייטיג דיריגירט, האָט אָפיציעל געהערט צו דעם באַלעבאַטישן אָדער האַלב־

ציוניסטישע צד, אַרום וועלכן עס האָט זיך צווישן אַנדערע אויך געטוליעט דער גרויסער י. ל. פּרץ.

און פּונקט ווי ער איז אין פּוילן געווען דער כאָר־דיריגענט פון דער באַרימטער טלאָמאַצקער שול אין וואַרשע, וואו ס׳האָט געדאַווענט דער וועלט־באַרימטער חזן גרשון סיראָטא, און אין איין צייט איז ער אויך געווען דער כאָר־דיריגענט פון דער באַרימטער כאָר־שול אין בוקאַרעשט, רומעניע, אַזוי האָט ער דאָ אין ניו יאָרק, דיריגירט דעם כאָר אין טעמפּל „בית־אל״, אין באָראָ־פּאַרק, וואו ס׳האָט געדאַוונט אַ צווייטער וועלט־באַוואוסטער חזן מיט אַ גאָלדענער שטימע און פּאָפּולערער קאָנצערט־זינגער און רעקאָרדינג־אַרטיסט, — מרדכי הערשמאַן.

לעאָ ליאָוו האָט געוואוסט און פאַרשטאַנען נאָר איין זאַך: די אויסשמידונג און פאַרשפּרייטונג פונעם אידישן קלאַנג, אידישן ניגון, מאָטיוו, אידישן ליד, פאָלקס און דיכטעריש ליד — אין דעם איז אים געגאַנגען, און אַרום דעם האָט ער זיך „אָפּגעפּאַרעט״ זיין גאַנצן לעבן. און דעריבער איז ער געווען באַליבט ביי אַלע שיכטן, ביי אַלע קלאַסן און פאָלקס־מענטשן.

דערצו איז ליאָוו געווען אַ דיריגענט בחסד־עליון! קיינער פון די אידישע כאָר־דיריגענטן האָט נישט פאַרמאָגט זיין פּירערישע האַנט, זיין אַנווייז, זיין וואונק, זיין קנייטש, זיין טיפן סוד, ווי אַזוי אַרויסצוציען פון די זינגערס דעם „תמצית״ פון אַ כאָראַלער־תּפילה, ליד, קאַנטאַטע, אָדער אָראַטאָריע. קיינער פון די אידישע כאָר־דיריגענטן האָט נישט פאַרמאָגט אויך זיין גוואַלדיקן כּישוף, זיין לייבן־קאָפּ, זיינע קלוגע, שאַרף־דורכ־דרינגנדיקע אויגן, שמייכלענדיקן פּנים — אַ געשטאַלט וואָס אַז מ׳האָט אים געזען גיין אין גאַס, האָט מען גלייך דערשפּירט: אָט גייט אַ געבוירענער קינסטלער!

צווישן די פּיאָנערן אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און כאָר־דיריגענטן אין אַמעריקע, וואָס האָבן געהאָלפן בויען דעם בנין פון גרויסע אידישע פאָלקס־כאָרן, ווי מאיר פּאָזנער, נ. ב. זאַסלאַווסקי, יעקב שייפער, מיכל געלבאַרט, לאַזאַר וויינער, וולאַדימיר חפץ, מאַקס העלפמאַן, האָט לעאָ ליאָוו פאַרנומען אַן אייגנאַרטיקן אָרט, וואָס איז נאָך זיין טויט לײדיק געבליבן.

די דאָזיקע דערמאָנטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און כאָר־דיריגענטן, דער עיקר, יעקב שייפער, מיכל געלבאַרט, לאַזאַר וויינער, מאַקס העלפמאַן,

וולאַדימיר חפץ, זיינען נישט געווען קיין פּרנסה־קאָמפּאָזיטאָרס, אָדער פּרנסה־דיריגענטן, נאָר טיף־טיף אַריינגעטאָנענע, בלב־ונפש, מיטן גאַנצן לייב־און לעבן, אין דער אַרבעט פון שאַפן אידישע מוזיק, אַ אידישע מוזיק־ליטעראַטור, פון בויען און דיריגירן אידישע פאָלקס־כאָרן, וועלכע זיי האָבן געכאָוועט און געצערטלט, ווי די זינגערס וואָלטן געווען זייערע אייגענע קינדער, זייערע אייגענע זין און טעכטער.

דערפאַר זיינען די פאַרמעסטן און רעזולטאַטן געווען גרויסע, פאַר־נעמיקע, אָנזעווודיקע, דערגרייכונגען און אויפטואונגען, וואָס זיינען געוואָרן אַ „שם־דבר" אין דעם גאַנץ היגן אידיש־קולטורעלן לעבן. דערפאַר האָבן מיר דאָ געהאַט אַ גרויסע צאָל כאָרן, און דערפאַר זיינען די זינגערס געלאָפן צו די כאָרן, געקומען זינגען — נאָך אַ פּראָבע, נאָך אַ קאָנצערט און נאָך אַ קאָנצערט. די משפּחה׳דיקייט צווישן די דיריגענטן און די זינגערס האָט עס גורם געווען, אַרויסגערופן און סטימולירט, געוועקט און מאַגנעטיש געצויגן. ס׳איז געווען אַ קעגנזייטיקע ליבע, אַ חבר׳שאַפט, אַ נאָענטקייט און אַן אייגנקייט.

יאָ, די דאָזיקע דערמאָנטע גרופּע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און כאָר־דיריגענטן וואַכטן נאָך אויף זייער געהעריקן מוזיק־אָפּשאַצער, פאַסיקן מוזיק־היסטאָריקער, וואָס זאָל דורכאויס זיין אומפּאַרטייאיש אין זיין צוגאַנג, אין זיין פאַרמעסט אויף צו געבן יעדן איינעם זיין געהעריקן חלק פאַר־דינסט: סיי אַלס קאָמפּאָזיטאָר, סיי אַלס דיריגענט, און סיי אַלס בויער פון אידישע פאָלקס־כאָרן אין אַמעריקע.

צו די אַלע אַנדערע גרויסע מעלות וואָס לעאָ ליאָוו האָט פאַרמאָגט הן אַלס קאָמפּאָזיטאָר און הן אַלס דיריגענט, האָט ער פאַרמאָגט נאָך איין גרויסע מעלה, און גאָר אַ וויכטיקע מעלה, וואָס האָט אַ סך צוגעגעבן צו זיין שאַפערישן טאַלאַנט, און דאָס איז — אַלס אַראַנזשירער פון אידישע פאָלקס־לידער! זיינע אַראַנזשירונגען זיינען געווען און וועלן בלייבן — מייסטער־ווערק אין דעם אוצר פון דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור.

ווען איר הערט זיינע פּיאַנאָ־אַראַנזשירונגען פון די צוויי וועלט־באַרימטע אידישע פאָלקס־לידער, וואָס ווערן געזונגען אויף אַלע קאָנצערט־בינעס אין דער וועלט פון די סאַמע פּראָמינענטסטע אידישע און אויך נישט־אידישע אָפּעראַ און קאָנצערט־זינגערס, צווישן זיי פּאָול ראָבסאָן, „אַ דין־תורה מיט גאָט" און אַ „דודעלע", איז פאַר־זיך גענוג צו האָבן אַ באַגריף און

אַ פּאָרטרעט פון אַ קאָמפּאָזיטאָר, און זיין מוזיקאַלישן טאַלאַנט און מהות, וואָס הייסט קענען באַפּוצן און אַרומפּוצן אַ ליד, פון ערשט־קלאַסיקער מוזיקאַלישער אָרנאַמענטיקייט, טיפקייט און ברייטקייט, פּאָעטישקייט און אויסגעפּורעמקייט.

די פּיאַנאָ־אַראַנזשירונגען פון אָט די צוויי דערמאָנטע עכט־אידישע פאָלקס־לידער, האָט אַרומגענומען דעם גאַרן מהות זייערן, זייער גאַנצן זין, כאַראַקטער, מיין און זאָג. אַזוי אויך מיט זיין „קאַשיק" אידישע פאָלקס־לידער אונטערן נאָמען „אַ קראַנץ אידישע פאָלקס־לידער", וואו איין פאָלקס־ליד פאַלט אַריין אין די הענט פון אַ צווייטע פאָלקס־ליד און קייקלט זיך ווי אַ גאָלדענער רעגנבויגן אויף אַ צעבלויטן הימל. דעם דאָזיקן „קראַנץ־לידער" האָט דער שוין־פריער דערמאָנטער עמוד־קינסטלער און פאָלקס־זינגער, מרדכי הערשמאַן, פאַראייביקט אין אַ „וויקטאָר"־רעקאָרד (דיסק).

דאַכט זיך אַזוי פשוט, אַזוי איינפאַך, אַזוי אומשולדיק, אָבער סאַראַ מוזיקאַלישקייט, אַ מוזיקאַלישער איינפאַל עס ליגט אין דעם! וויפיל טאַלאַנט, מוזיקאַלישער אינסטינקט, פּאָעטישע וויזיע — און דער עיקר פון אַלצדינג: פאַרליבטקייט אין אידישן פאָלקס־וואָרט און פאָלקס־מאָטיוו!

יאָ, אָט נישט לאַנג צוריק איז עס געווען, און אָט שוין דרייצן יאָר אַוועק, אַז דער דאָזיקער טאַלאַנטפולער אידישער קאָמפּאָזיטאָר און כאָר־דיריגענט איז נישטאָ מיט אונז מער!

אַוועקגעגאַנגען — און גאָרנישט... וואָס הייסט גאָרנישט? קאָן מען דען זאָגן, אַז לעאָ ליאָוו לעבט נישט, אַז זיין גייסט ווירקט נישט, האָט זיך אָפּגעטאָן, אַז זיין מוזיקאַלישע ירושה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אונז, שפּילט נישט קיין ראָלע?

בשום אופן נישט. זיין מוזיקאַלישע ירושה לעבט, זי לאָזט זיך הערן און פילן אויף פאַרשידענע אופנים, אין גרעסערע און קלענערע קאָנצערט־זאַלן, שולן, טעמפּלען — דאָ אין אַמעריקע און אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט.

אָט הערט מען זינגען אויף אַ קאָנצערט זשאַן פּיערס'ן זיין אַראַנזשירונג פון „אַ דין־תורה מיט גאָט", און אָט הערט מען שפּילן אויף דער ראַדיאָ אַ פלאַסטינקע פון זיין קאָמפּאָזיציע „מה גדלו", וואָס דער וועלט־באַרימטער חזן און קאָנצערט־זינגער, משה קוסעוויצקי, זינגט. אָט זינגט אַ פאָלקס־כאָר זיין באַרימט־געוואָרענע קאַנטאַטע „דער יום־טוב ביי די ביימער", אויפן טעקסט פון יהואש'ן, און אָט גייט אַ זינגער אַרויס און זינגט זיין פּראַכטיג־

שפּילעוודיקע אַראַנזשירוּג פונעם פאָלקס־ליד „אַ דודעלע״. טאָ, ווי קאָן מען עס זאָגן, אַז ער לעבט נישט, ער לעבט — און נאָך ווי!

איין זאַך דאַרף זיין קלאָר: לאָזט אַ קינסטלער, אַ שרייבער, אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַ מאָלער, איבער אַ ווערטיקע ירושה, בלייבט ער לעולם־ועד — בפרט אַ ירושה, וואָס ווערט אָנגענומען ביים פאָלק. אַזאַ קינסטלער ווערט מען אַלעמאָל געדענקען, אַלעמאָל דערמאָנען!

און דערפאַר טאַקע ווערט אָט דאָס אַרטיקל געשריבן.

„מאָרגן פרייהייט״, יולי 8, 1973, נ. י.

# די שרעק פאַרן אמת

געווען אַמאָל אַ צייט, ווען יעדע אידישע צייטונג אין אַמעריקע האָט געוואָלט עפּעס און האָט נישט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת. אין אָט דעם גייסט האָבן די אידישע צייטונגען פון אַמעריקע אויך דערצויגן דעם לייענער. דער לייענער איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אויסגעפינען דעם אמת.

היינט אָבער — נישט די צייטונגען און נישט די לייענער ווילן עפּעס און ציטערן פאַרן אמת. די שרעק פאַרן אמת, איז ממש אַ פּאַטאָלאָגישע...

אין מיין קורץ אַרטיקעלע וועגן חיים גרינבערג׳ן, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, פונעם 17־טן אַפּריל, 1953, האָב איך צווישן אַנדערע געשריבן:

„... איצט ווען חיים גרינבערג האָט זיך שוין כלל נישט גענויטיקט אין זיי, ווען זיין פּאָזיציע אינעם אידישן לעבן פון אַמעריקע איז שוין געווען אַן אָנערקענטע און באַפעסטיקטע, וואָס ער אַליין, אָן קיינעמס הילף, האָט דערוואָרבן מיט זיינע אייגענע אינטעלעקטועלע כוחות, מיט זיין קלאָרן גראַדן שכל און הויכער קולטור, מיט זיין ווירטואָזן־טאַלאַנט אַלס בריליאַנטענער אָראַטאָר, שאַרפער דעבאַטאַנט, פּרעכטיקער לעקטאָר, טיפער דענקער, ראַפינירטער שרייבער, באַגאַבטער רעדאַקטאָר און גלענ־צענדער פּאָליטישער לייטער — איצט האָבן זיי זיך אַלע אַרויפגעכאַפּט אויפן

„בענד־וואַגן‟: איצט האָבן זיי זיך אַלע אָפּגערופן; איצט זענען זיי אַלע געקומען וועגן אים — מיט אַלע קוישנס ליוב־געזאַנגען?!

„וואו, אָבער, צו אַלדע גוטע יאָר, פרעג איך, וואו זיינען אַט די אַלע אונזערע „שיינע‟ עדיטאָריעליסטן, אַרטיקל שרייבער און נעקראָלאָגן־באַזינגער געווען מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק: ווען דער זעלביקער חיים גרינבערג איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט דאָ אומעטום געפּונען פאַרשלאָסענע טירן, אין די אידישע רעדאַקציעס אַזוי גוט ווי אין פאַרשידנערליי אידישע באַוועגונגען, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וועלכע האָלטן די שליסלען צו פּרנסה? און ווען נישט אייניקע פון דער קליינער פּריש־ און ניי־אַריבערגעקומענער מענער גרופּע „צעירי ציון‟ פון בעסאַראַביע, וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט אין בראָנזוויל, מיט די חברים לייב גלאַנץ דער באַרימטער חזן, און אברהם לוי אין דער שפּיץ, וואָס האָבן גרינבערג׳ן אַרויסגעהאָלפן אי מיט חיונה און אי מיט דירה־געלט, וואָלט געווען זייער ביטער — איז וואו זיינען אָט די אַלע איצטיקע באַזינגער פון גרינבערג׳ן דעמאָלט געווען?

„מיט יאָרן שפּעטער האָט גרינבערג אויף די שפּאַלטן פון „אידישן קעמפּער‟ ביי אַ געלעגנהייט דערציילט, אַז ער איז דעמאָלט, אין יענע „גוטע צייטן‟, געקומען מיט אַ „וויזיט‟ אין רעדאַקציע פון „טאָג‟, האָט ב. צ. גאָלדבערג, וועלכער איז דעמאָלט געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „טאָג‟, אים אויפגענומען אָבער אָנשטאָט אים צו געבן עפּעס צו פאַרדינען האָט ער אים געגעבן אַן עצה אַז ער זאָל ווערן אַ מיטגליד פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַריין — אפשר וועט ער דעמאָלט קענען קריגן אַ באַשטעלונג אַמאָל אויף אַן אַרטיקל. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אָט דעם „וויזיט‟ איז שוין גרינבערג, דער געבאָרענער אַריסטאָקראַט, גרויסער עסטעט, ראָמאַנטיקער און מאָראַליסט, דער מענטש מיט גרויס אחריות, וואָס האָט דורכאויס געהאַט זיינע אייגענע וועגן, זיינע אייגענע מיינונגען, וואָס האָט זיינע געדאַנקען און געפילן קיינמאָל נישט אונטער־וואָרפן צו קיין פּאַרטיי־דאָגמעס, צו קיין פּאַרטיי־דיסציפּלין — צו די אַנדערע אידישע רעדאַקטאָרן, פון „פאָרווערטס‟ און פון „מאָרגן זשורנאַל‟, נישט געגאַנגען.

„איבערהויפּט וועל איך נישט אויפהערן צו פרעגן: וואו זיינען דעמאָלט געווען ספּעציעל אָט די „כוהנים‟ פון דער אידישער פּרעסע, וועלכע האָבן די לעצטע צען־פופצן יאָר געשמאַיעט און געפּינעט אַרום דעם „אידישן

קעמפּער" און זיך גע׳חנפה׳ט צו גרינבערג׳ן — וואו זיינען זיי אַלע געווען אין זיין גרויסער נויט? ציִ ווייסן זיי, וואָס פאַר אַ טיפע וואונד דאָס האָט איבערגעלאָזט אויף זיין גאַנצן לעבן? ניין, זיי ווייסן ניט — דאָס האָבן בלויז געוואוסט די גאָר נאָענטע מענטשן פון יענער צייט, מיט וועלכע גרינבערג פלעגט זיך באַגעגענען, פון צייט צו צייט, אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן..."

נו, האָט איר געדאַרפט לייענען אַ בריוו, וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט דערהאַלטן — און דוקא פון אַ מענטשן, וואָס איז נישט אַזוי עפּעס אַ „פּשוט׳ער" לייענער, נאָר אַ „העברעאישער לערער" — ניין, אַ „פּרינציפּאַל פון אַ תלמוד־תורה" — אָך און וויי... עס איז גאָרנישט פאַראַן קיין „צונאָמען" אויף דער וועלט, וואָס דער דאָזיקער „פּרינציפּאַל", רחמנא־ליצלן, שרייבט מיר ניט צו? „יאַבעדניק" איז צווישן די סאַמע מילדסטע אויסדרוקן, ער נוצט נאָך פיל שאַרפערע אויסדרוקן קעגן מיר — און אַלץ דערפאַר, ווייל איך האָב נישט מיטגעזונגען מיטן „כאָר" אויפן „בענד־וואָגן", נאָר איך האָב גאָר געזונגען — סאָלאָ. איך האָב געשריבן וועגן עפּעס, וואָס דער „כאָר" האָט אויסגעמיטן...

אַחוץ די זילזולים, איז ער מיך סתם מבטל אַלס שרייבער און אַז איך האָב אַ „פאַסקודנעם סטיל" און „קען קיין אידיש ניט".

מילא, דאָס וואָס ער איז מיך מבטל אַלס שרייבער און עס געפעלט אים ניט מיין „סטיל" — אַרט מיך ניט. אָבער דאָס וואָס אַזאַ לייענער, אַזאַ איינער, רחמנא־ליצלן, איז אַ „העברעאישער לערער", און נאָך דערצו אַ „פּרינציפּאַל פון אַ תלמוד תורה" — דאָס, זעט איר, אַרט מיך שוין גאָר שטאַרק! וואָרום עס איז נעבעך אַ גרויס רחמנות אויף די תלמידים...

איך וויל דאָ אויך ברענגען אויסצוגן פון נאָך אַ אידן אַ „יאַבעדניק", וועמעס אַרטיקל ס׳איז דערשינען אין „אידישען קעמפּער", פונעם 22־טן מאַי, 1953, ד. ה. מער ווי מיט אַ חודש שפּעטער ווי ס׳איז אָפּגעדרוקט געוואָרן מיין קורץ אַרטיקל. איינער פון חיים גרינבערג׳ס סאַמע נאָענטסטע פריינט און חברים, פריער פון דער געוועזענער צעירי־ציון־פּאַרטיי און שפּעטער פון דער פאַראייניקטער פּועלי־ציון־פּאַרטיי — דר. דוד רעבעלסקי. שטעלט זיך דר. רעבעלסקי אָפּ, און גאַנץ היבש, אויף גרינבערג׳ס „מאַטעריעלע לאַגע", וואָס איז אין אָנהויב „געווען זייער אַ שווערע", און „דערצו איז גרינבערג געווען איבער־סענסיטיוו צו דעם אופן ווי זיינע קרובים האָבן זיך באַצויגן צו זיינע פינאַנציעלע פּראָבלעמען: זיי

האָט נישט געאַרט, ווי לאַנג גרינבערג און זיין קליינע משפחה וועלן זיין בבחינת „קעסט־קינדער״. אָבער וואָס מער איידלקייט די קרובים האָבן אַרויסגעוויזן אַלץ פאַרצווייפלטער איז גרינבערג געוואָרן.

„אין אַזאַ געמיט־צושטאַנד — דערציילט ווייטער דר. רעבעלסקי — האָט גרינבערג אונטערדריקט זיינע געפילן פון שטאָלץ און האָט באַזוכט די ציוניסטישע ביוראָען און די אָפיסעס פון קרן־היסוד, האָפנדיק אַז מען וועט זיך רעכענען מיט זיין פּאָזיציע אין דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג — אַלס געוועזענער רעדאַקטאָר פון „העולם״ און „עתידנו״, און ווי אַ צענטראַלער טוער אין דער אַל־וועלטלעכער תרבות־באַוועגונג — און אים פאַרלייגן אַ פּאַסיקע אַרבעט.

„מיט אַ געפיל פון פאַרשעמטקייט און אויפרעגונג האָט ער מיר שפּעטער דערציילט וועגן יענעם באַזוך. די סאַמע קעפּ פון די אַמעריקאַנער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זייער ווייניק געוואוסט וועגן גרינבערג׳ס פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן אים בלויז פאַרגעלייגט איבערצוזעצן עפּעס אַ „סקוטשנעם״ דאָקומענט פון דייטש אויף אידיש.

„גרינבערג אין אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה, און דאַן האָבן ביי אים די דאָקטורים געפונען די ערשטע סימנים פון אַ נערוואָז פון האַרצן און האָבן אים געוואָרנט קעגן שווערע קאָנסעקווענצן, אויב „ער וועט זיך נישט נעמען אין די הענט אַריין״ און נישט אויפהערן צו זאָרגן.

„אין אָט די שווערע אומשטענדן איז די יונגע צעירי ציון באַוועגונג אים געקומען צו הילף און גערעטעוועט גרינבערג׳ן פאַרן אַמעריקאַנער און וועלט־אידנטום״. און דר. רעבעלסקי גיט דאָ איבער, ווי אַזוי גרינבערג איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון „אונזער פאָלק״, דעם וועכנטלעכן אָרגאַן פון די צעירי־ציון איז אַמעריקע.

„גייסטיק רייך, מיט יונגע מענטשען, פאַרפונדעוועט אין אידישע טראַדיציעס און אידישן פאָלקס־לעבען, איז די פּאַרטיי אָבער געווען זייער אָרעם אין פינאַנצן. זי האָט זיך געראַנגלט מיט אויסערגעוויינלעכער מוט אין עקשנות פאַר איר עקזיסטענץ. דער שרייבער פון די שורות איז דאַן געווען דער נאַציאָנאַלער פאַרזיצער פון דער פּאַרטיי, און דער סעקרעטאַר איז געווען דער טייערער מענטש און איד, אברהם לוי, וואָס איז איצט אַ חבר אין דגניה ב׳, אין ארץ ישראל. אויב מען קען אַן אַמעריקאַנער קרוינען מיטן נאָמען „חלוץ״, האָט אברהם לוי זיכער פאַרדינט דעם דאָזיקן טיטול. צום

גליק האָט זיך אברהם לוי פאַרליבט אין חיים גרינבערג׳ן גלייך ביי זייער ערשטער באַגעגעניש.

„פון דאַן אָן איז לוי נאָכגעגאַנגען גרינבערג׳ן ווי אַן אמת׳ער חסיד, וואָס איז שטאַרק און אויף אייביק פאַרליבט אין זיין רבי׳ן, און האָט צוגעזען, אַז דעם רבי׳ן זאָל גאָר נישט פעלן אין זיינע טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן. מיט פאַרשידענע „אומדערהערטע״ און אין תוך פאַנטאַסטישע קאָמבינאַציעס האָט לוי אַכטונג געגעבן, אַז בעת ער אַליין, זיין פאַרזיצער, און דער „אַפּאַראַט״ האָבן חדשים לאַנג נישט געקראָגן קיין געהאַלט; בעת דער זשורנאַל האָט יעדן פרייטיק „געפאַכעט מיט דער נשמה״, און דער דרוקער האָט געשריען מיט באַנומענע קולות, אַז דאָס איז „דאָס סאַמע לעצטע מאָל״ — זאָל גרינבערג׳ן ניט פעלן פאַר זיינע באַשיידענע מינימום הצטרכות׳ן. אברהם לוי האָט געוואוסט, אַז כדי צו זיין שעפעריש מוז גרינבערג זיין פריי פון דאגות־פרנסה״.

שטימען דר. רעבעלסקי׳ס שורות מיט מיינע פריער ציטירטע שורות — צי ניין?! אדרבא: איך האָב פּרובירט זיין איינגעהאַלטן און נישט רעדן אַזוי אָפן וועגן גרינבערג׳ס „מאַטעריעלע לאַגע״; וועגן זיינע „ערשטע יאָרן אין אַמעריקע״; וועגן זיינע באַזוכן אין די „ציוניסטישע ביוראָען און די אָפיסעס פון קרן־היסוד״; וועגן דעם, וואָס די דאָקטוירים האָבן ביי אים „געפונען די ערשטע סימנים פון אַ נערוואַז פון האַרצן״; וועגן דעם „געפיל פון פאַרשעמקייט און אויפרעגונג״, וואָס די באַזוכן אין די „ציוניסטישע ביוראָען און די אָפיסעס פון קרן היסוד״ האָבן פאַראורזאַכט; וועגן אַלץ פון אברהם לוי און נאָך פיל אַנדערע מענטשן און זאַכן, וואָס זיינען אפשר דר. רעבעלסקי׳ן ניט באַקאַנט...

די זעלביקע שרעק פאַרן אמת האָט אויך אַרויסגערופן ביי פיל לייענער — און אויך ביי שרייבער! — מיין אַרטיקל וועגן דעם אונטערגאַנג פון „מאָרגן זשורנאַל״, וואָס איז געווען געדרוקט אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״. אָבער איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו אויך פון וויליאַם צוקערמאַן, אַ לאַנג־יאָריקער מיטאַרבעטער פון „מאָרגן זשורנאַל״ און רעדאַקטאָר פון „דזשואיש ניוסלעטער״, וואָס דערציילט גאָר אַן אַנדער מעשה! דער בריוו לייענט זיך:

„ליבער פריינט ירדני:

„איך וויל אייך דאַנקען האַרציק פאַרן מוטיקן אַרטיקל וועגן אונטערגאַנג פון „מאָרגן זשורנאַל״ אין לעצטן נומער „וואָכנבלאַט״. איך האָב

געלייענט אַ סך וועגן דעם דאַזיקן פיינלעכן ענין, אָבער קיין אַנדער אַרטיקל האָט נישט געלאָזן דעם טיפן איינדרוק ווי אייערער.

„די אורזאַך, ווי מיר שיינט, איז נישט אַזוי דער אינהאַלט פון דעם וואָס איר האָט געשריבן, נאָר דער טאָן פון אויפרעקונג איבער אַ גרויסן אומרעכט וועלכער איז באַגאַנגען געוואָרן, וועלכער שרייט אַרויס פון יעדער שורה פון אייער אַרטיקל. דער דאַזיקער טאָן פעלט אין דער אידישער פּרעסע אין דער לעצטער צייט, און דאָס דוכט מיר, איז אונזער גרעסטער פאַרלוסט. מיר זיינען געוואָרן אַזוי זעלבסטצופרידן און רואיק וועגן אַלעמען. עס איז געוואָרן כמעט אַ סימן פון שלעכטן געשמאַק צו רעדן שאַרפע ווערטער און זאָגן דעם אמת אָן רעזערוואַציעס און מיט אַ ביסל כעס.

„דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אמת וועגן אונזער באַציאונג צו אַלץ וואָס גייט יעצט אָן אין דער וועלט. עס האָט זיך אָבער אויסגעדריקט צום שאַרפסטן אין דעם ענין „מאָרגן זשורנאל". וואָס האָט וויי געטאָן מער פון אַלעמען אין דער־דאַזיקער געשיכטע איז נישט אַזוי די האַנדלונג פון די בעלי בתים וועלכע האָבן געטריבן די צייטונג צום אונטערגאַנג, נאָר די רואיקייט מיט וועלכער די שרייבער פון די אַנדערע צייטונגען און פון פּרעץ־שרייבער פאַראיין וועלכע האָבן די זאַך אויפגענומען אַזוי קאַלט־בלוטיק, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַן אַקט פון גאָט, נישט פון מענטשן רשעים. איר האָט די דאַזיקע קאַלטבלוטיקייט און זעלבסט־צופרידנקייט פון זאַטע מענטשן וועלכע זענען זיכער מיט זייערע „דזשאַבס" ריכטיק אָנגעוויזן און באַצייכנט מיט דעם ריכטיקן נאָמען און דערפאַר קומט אייך אַ האַרציקן דאַנק, סיי פון אַ געוועזענעם מיטאַרבעטער פון „מאָרגן זשורנאַל" וועמעס קריוודע איר האָט זיך אָנגענומען און סיי פון אַ לייענער וועלכער האָט לאַנג נישט געלייענט אַזעלכע מוטיקע און ערלעכע ווערטער ווי אייערע.

„ביי דער געלעגנהייט וויל איך אייך אויך גראַטולירן מיט אייערע אַנדערע אַרטיקלען אין „וואָכנבלאַט" אין וועלכע איר רופט זיך אָפּ אויפריכטיק און שאַרף אויף אַנדערע אומגערעכטיקייטן. איר זייט איינער פון די געציילטע שרייבער ביי אונז, וועלכע האָבן נישט פאַרגעסן די שענסטע טראַדיציעס פון דער אַמאָליקער אידישער פּרעסע, דעם רעבעלירנדיקן גייסט וועלכער קען נישט פאַרטראָגן אומ׳יושר סיי געזעלשאַפטלעך און סיי אינדיווידועל, און וועלכער קען נאָך אויפגערעגט ווערן וועגן ענינים וועלכע טראָגן נישט קיין פּאַרטיי־כאַראַקטער. עס איז גוט צו וויסן אַז

אונזער פרעסע אין דער לעצטער פעריאָדע פון איר אונטערגאַנג האָט נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם יונגנטלעכן גייסט פון אַמאָל.

מיט פריינטלעכן גרוס אייער,

וו. צוקערמאַן,"

יאָ, די שרעק פאַרן אמת אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע, איז ממש — אַ פּאַטאָלאָגישע...

„די שטימע", יולי 4, 1958, מעקסיקאָ

# נאָכאַמאָל וועגן „רעקרוטן"

הקיצור, די קאָמעדיע „רעקרוטן", וואָס דער „אַרטעף", דער איינציקער אידישער אַרבעטער קונסט טעאַטער אין אַמעריקע, שפּילט איצט אויף בראָדוויי, אויף וועסט 48־טע גאַס, אין ניו־יאָרק, איז די שענסטע און פיינסטע אויפפירונג, די קינסטלערישסטע, די פאַרנעמסטע, די בעסט רעזשיסירטע און געשפּילטע פאָרשטעלונג פונעם היינטיקן אידישן טעאַטער־סעזאָן אין גאַנץ ניו־יאָרק. וואָרום נישט בלויז שפּילט דער „אַרטעף" דורכאויס שטענדיק פאַר געפּאַקטע הייזער, נאָר מאַסן מענטשן גייען אַוועק צוריק, ווייל זיי קענען ניט קריגן קיין בילעטן.

נאָך מיין מיינונג וואָלט די דאָזיגע פאָרשטעלונג געדאַרפט געזען ווערן אין יעדער גרויסער שטאָט אין אַמעריקע. דער עולם אויסער ניו־יאָרק וועט זי זיכער אויפנעמען מיט ניט ווייניקער ענטוזיאַזם און באַגייסטערונג, ווי דער ניו־יאָרקער עולם האָט זי אויפגענומען. עס איז אַ שפּיל, אַ קאָמעדיע, אַ ספּעקטאַקל, וואָס מ'טאָר ניט דורכלאָזן. און ווען מ'לאָזט עס יאָ דורך, איז עס איינפאַך אַ פאַרברעכן.

עס האָבן „רעקרוטן" שוין געזען הונדערטער און טויזנטער מענטשן פון גאַנץ ניו־יאָרק, פּראָפעסיאָנאַלן, טעאַטער־קריטיקער, און ווער איר ווילט נאָר אַליין — און אַלע האָבן כמעט אַרויסגעטראָגן די זעלבע מיינונג: עס איז די שענסטע און פיינסטע קאָמעדיע, וואָס סיי מיט איר פּראַכטפולער רעזשי, סיי מיט איר אויסגעצייכנטן האַרמאָנישן אַנסאַמבל־שפּיל, קען זי זיך פאַרמעסטן מיט דעם שענסטן און פיינסטן ענגלישן טעאַטער פון ניו יאָרק.

עס זיינען דאָ סצענעס וואָס הויבן אייך ממש פונעם בענקל. איר ווערט מיטגעריסן פון זיי און זיי רופן אַרויס אין אייך אַזויפיל באַגייסטערונג און פרייד, אַז דער קאָפּ פאַרדרייט זיך אייך, ווי פון טרינקען שטאַרקן וויין!

בלויז די איינע סצענע אַליין וואו עס טרעפן זיך נחמן דער שניידער־יונג (געשפּילט פון ש. לעווין) און פרומעלען, דעם חסיד פּנחס׳עס טעכטערל (געשפּילט פון גאָלדע ראָזלער), ביינאַכט אויפן באַלקאָן — די איינע ליבע־סצענע אַליין, איז ווערט כל׳ערליי געלטן צו זען. וואָרום די דאָזיקע ליבע־סצענע ווערט נישט סתם גוט אָפּגעשפּילט, נאָר זי גיסט זיך אויס פאַר אייך ווי אַ ריינער, קלאָרער געזאַנג, אין דעם שענסטן און פיינסטן פאָלקס־טאָן. עס איז נאָך מיין מיינונג די האַרציקסטע, די פאָלקס־טימליכסטע סצענע אינעם גאַנצן ספּעקטאַקל. און זי ווערט פוןביידן, אי פון ש. לעווין, אי פון גאָלדע ראָזלער, העכסט קינסטלעריש דורכגעפירט. מיין בוקעט בלומען שענק איך זיי ביידן אַוועק!

אָבער עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע שיינע, רירנדע, פאַרכאַפּנדע סצענעס, וואָס צייכענען זיך אויס מיט נישט ווייניקער דערפאָלג ווי די אויבנדערמאָנטע. די סצענע ביי לייזער דעם שניידער, לייזער קריוואָשקי (געשפּילט פון י. וועליטשאַנסקי) מיט זיינע שניידער־געזעלן (ש. לעווין, י. שראַגין און ה. ראָזען), ווערט פּראַכטפול דורכגעפירט.

נישט ווייניקער אויסגענומען ביי מיר האָט די סצענע אינעם שענק, וואו אַלע געזעלן שניידער, שוסטער, קצב־יונגען, און אַנדערע פונעם שטעטל כאַפּן זיך אַהין אַריין און מ׳נעמט אַלע אינאיינעם אַ טרונק בראַנפן: מ׳זינגט צוזאַמען לידער און מען דערציילט זיך אויס איינער פאַרן אַנדערן דאָס האַרץ ... מ׳איז שטאַרק פאַרביטערט און געפערלעך אויפגעטראָגן אויף „קהל", וואָס באַגייט אָן אַ שיעור עוולות, לגבי דעם אָרעמן קליין שטעטלדיקן באַלמעלאָכע.

אין דער דאָזיקער פּיעסע ווערט אויף אַ מערקווירדיקן אופן געשילדערט דאָס אידישע לעבן פון אידישן שטעטל מיט הונדערט יאָר צוריק אין צאַר׳ישן רוסלאַנד, אין זיין גאַנצן פאַרנעם. די דורכאויס פאַרפירערישע ראָלע פון די אָפיציעלע אויסגעקליבענע קהילה־לייט, ווי ס׳האָבן צו יענער צייט געפירט די „גראַנדע" אינעם אידישן קליין שטעטלדיקן לעבן, מיט די אויפגעקומענע גבירים און פּרנסים־חדשים, אַלצדינג, ווערט דאָ איבערגעגעבן אין זייער פולסטן באַדייט. איר באַקענט

זיך גרינטלעך מיט אָט די דאַזיקע אַלע טיפּן און איר ווערט געוואויר פון זיי גאָר ניט קיין שיינע מעשים...

דער קלימאַקס פון דער פּיעסע, שפּילט זיך אָפּ אינעם לעצטן אַקט ביי דעם שטאָט־נגיד און משכיל אהרן קלוגער (גוט דורכגעפירט פון ש. אייזיקאָוו) אין שטוב, וואו גאַנץ „קהל״ קלייבט זיך צוזאַמען און מ׳פאַרנאַרט אַהין נחמנ׳ען דעם שניידער־יונג און מ׳גיט אים מיט גוואַלד איבער צו דער זשאַנדאַרמעריע פאַר אַ רעקרוט!

אָט די דאַזיקע איינע סצענע, האָט מיך געריירט ביז טרערן. דאָ ווערט איר ניט בלויז מיטגעריסן פונעם קינסטלערישן שפּילער אַליין, נאָר אייער האַרץ ווערט אויך אָנגעפּילט מיט פּאַרדרוס און ווייטיק פון וועלכן די האָר פון קאָפּ הויבן אייך אָן צו שטעכן צוליב דעם מיאוס׳ן פאַרראַט וואָס „קהל״ האָט דאָ פאַר אייערע אויגן באַגאַנגען קעגן דעם אָרעמען שניידער־יונג נחמן!

די דאַזיקע סצענע ווערט אַזוי רעאַליסטיש דורכגעפירט פון אַלעמען, אָנהויבנדיק פון דעם שטאָט־נגיד אהרן קלוגער, פון נחמנ׳ס בלינדע מוטער (זייער גוט דורכגעפירט פון ט. טאַדרינאָ), פון דעם שטאָט־שיכור גבריאל שד (גוט געשפּילט פון מ. פרידמאַן), פון דעם שטאָט־רכילות׳ניק חיים פּלוט (פיין דורכגעפירט פון ל. פּרעלאַך), פון דעם פּרנס־חדש וועלוול גוליעוואַטע (ה. בענדער), און פון אַלע איבעריקע „קהל־לייט״ וואָס זיינען אָנוועזענד געווען ביים שטאָט־נגיד אין שטוב, אַז זי צינדט אייך אָן מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און בונטאַרישקייט.

ואחרון אחרון חביב: דעם גרעסטן און שענסטן פון אַלע בוקעטן־בלומען, וואָס איז נאָר פאַראַן צו קריגן אין ניו־יאָרק, שענק איך אַוועק דעם רעזשיסאָר פונעם „אַרטעף״, בענאָ שניידער, פאַר זיין קינסטלערישן פיינעם רעזשיסאָרישן־געוועב פון דער דאַזיקער שיינער אויפפירונג, וואָס צייכנט זיך אויס מיט הויכן קינסטלערישן פּאַרנעם און גרויסער רעזשיסאָרישער דערגרייכונג. בענאָ שניידער וועט אָן צווייפל נאָך באַווייזן פיל וואונדער ביי אונז אויפן געביט פון טעאַטער רעזשי!

און זאָל שוין דאָ אויך דערמאָנט ווערן צום גוטן מ. זאָלאָטאַראָוו פאַר זיינע באמת פיינע דעקאָראַציעס וואָס ער האָט געמאָלן און געהאָלפן מיט זיי נאָך קלערער און שאַרפער אַרויסצוברענגען דעם ים מיט חן מיט וועלכן דער שיינער ספּעקטאַקל איז אָנגעגאָסן.

איך וואָלט גע׳עצה׳ט אונזערע קלוגע מענעדזשערס פונעם אַרטש־

טעאַטער, אַז זיי זאָלן זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט א. גאָרעליק, דעם פעאיקן מענעדזשער פונעם „אַרטעף״, און אַראָפּברענגען דעם דאָזיקן קאַליר־רייכן ספּעקטאַקל פאַר אַ פּאָר אָוונטן אין פילאַדעלפיע. איך בין זיכער אַז דער עולם וועט קומען און אָנפילן די קאַסע פון טעאַטער.

„אידישע וועלט״, דעצ. 2, 1934, פילאַדעלפיע

# אַ שיינער געזאַנג יום־טוב

## מיאַמי׳ער אידישער פאָלקס־כאָר

צווישן די אָנגעזעענע קולטורעלע אַקטיוויטעטן, וועלכע זיינען אין מיאַמי ביטש דורכגעפירט געוואָרן דעם היינטיקן סעזאָן, דאַרף אָן שום־ספק צוגערעכנט ווערן, דער אַקאָרשט־פאָרגעקומענער 31טער יובילײ־קאָנצערט פון דעם מיאַמי ביטש אידישן פאָלקס־כאָר, אונטער דער געניטער האַנט פון דעם באַקאַנטן סימפאָני־ און כאָר־דיריגענט באַרנעט בריסקין.

עס איז באמת אַ פאַרגעניגן צו זען אַזאַ איבערגעפּאַקטן עולם מיט אידישע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָט אָנגעפילט דעם גרויסן זאַל פון דעם אַריסטאָקראַטישן „האַי־סקול״, אויף דעם שיינעם דעיד בולוואַרד, אין מיאַמי ביטש. מ׳האָט געפילט, אַז דער עולם איז געקומען הערן אַ קאָנצערט פון אידישע לידער און אידישע קלאַנגען, — לידער פון גאָר באַקאַנטע אידישע דיכטער און גאָר באַקאַנטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס.

די שטימונג אין קאָנצערט־זאַל איז געווען אַ יום־טוב׳דיקע, ווי מ׳וואָלט געקומען צו אַ היימישער משפחה־שמחה, דער עולם איז געווען דער „מחותן״, און דער כאָר מיט די צוויי סאָליסטן, די סאָפּראַנאָ שילא מאַרטשאַנט און דער באַריטאָן־טענאָר, חזן דזשעיקאָב מענדלסאָן, דער „חתן״ מיט דער „כלה״.

איז עס טאַקע געווען אַ יום־טוב, ווייל נישט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק הערט מען אין מיאַמי ביטש אַזעלכע אידישע קאָנצערטן, וואו די צוגרייטונג פאַר דעם איז אָנגעגאַנגען כמעט אַ גאַנצן ווינטער. און אַזוי דאַרף עס זיין, דאָס אידישע ליד און דער אידישער ניגון דאַרפן געבראַכט

ווערן מיט חשיבות און דערהויבונג, מיט אַ יום־טובֿ׳דיקייט, וואָס זאָל אָנשטעקן דעם עולם און מיטרייסן אים.

דער אויסוואַל פון דער פּראָגראַם, זאָל דאָ גלייך אין אָנהויב געזאָגט ווערן, מיט קליינע דורכרייסן, איז געווען אַ געראָטענער און אַ גוט־אויספּלאַנירטער. שוין מיטן ערשטן ליד, און דווקא אין העברעאיש, „שיר הפלמ״ח״, האָט דער כאָר מיט׳ן דיריגענט תיכף אָנגעשלאָגן און געשטעלט דעם טאָן פון קאָנצערט. נישט בלויז האָט דער כאָר שיין געזונגען דאָס דאָזיקע ישׂראל׳דיקע „קאַמפּס־ליד״, נאָר האָט געגעבן דעם „שליסל״ צום גאַנצן קאָנצערט, וואָס איז באַשטאַנען סיי פון אידישע אַרבעטער קעמפערישע לידער און סיי פון אידישע שטייגערישע פאָלקסטימלעכע לידער, אָנגעזעטיקט מיט נאָסטאַלגיע וואָס האָבן אויפגעוועקט אַ זיסע בענקשאַפט ביי די צוהערער אין זאַל.

דאָס האָט מען געקאָנט אַרויספילן, ווי אַזוי דער עולם האָט אויפ־גענומען די לידער „אונזער ליכטיקער מאָרגן״ (מוזיק: לעאָן מאַלאַמוט); „און דו אַקערסט און דו זייסט״ (מוזיק: יעקב שייפער), און „קירכן גלאָקן״ (ווידער, מוזיק: יעקב שייפער).

אַוודאי וואָלט נישט געשאַדט, ווען די פאַרוואַלטערס פון כאָר, וואָלטן צוזאַמען מיט די נעמען פון די קאָמפּאָזיטאָרס אויך אָנגעגעבן די נעמען פון די דיכטער ? איך מיין, אַז מיט אַזעלכע נעמען ווי אברהם רייזען („קירכן גלאָקן״), דר. חיים זשיטלאָווסקי (אידישע איבערזעצונג פון: „און די אַקערסט און דו זייסט), משה בראָדערזאָן („בראַנד און פייער״), דאַרף מען זיך נישט באַהאַלטן — אדרבה.

עס וואָלט אָסור אויך נישט געשאַדט, ווען מ׳וואָלט געזען כאָטש אַ פּאָר אידישע „אותיות״ אויף דער געדרוקטער פּראָגראַם ... זיינען מיר דאָך נשמה׳דיק פאַראינטערעסירט אין דעם קיום פון אידישן וואָרט, פון אידישן אות, וואָס זאָל נישט אָפּגעפרעמדט ווערן פון דעם אויג, וואָס זאָל ליכטיקן אין פּנים אַריין אַ אידישן קאָנצערט־גייער !

אַגבֿ, דער הויפּט „מחותן״ אויף דער פּראָגראַם, „דער באָבעס חלום״, וואָס דער כאָר האָט אַזוי פיין אויסגעפירט, מיט די געהעריגע ניואַנסן און אַקצענטירונגען — אָט דער מאָנטאַזש וואָס איז געבויט געוואָרן אויף מאַרק וואַרשאַווסקי׳ס פאָלקסטימלעכע לידער, האָט געשריבן און צוגעגרייט איטשע גאָלדבערג, דער רעדאַקטאָר פון „אידישע קולטור״, און די מוזיק

האָט אַראַנזשירט און באַאַרבעט משה ראוך, אָבער זייערעביידנס נעמען זיינען נישט אָנגעגעבן געוואָרן אין דער געדרוקטן פּראָגראַם.

געוויס איז דאָס נישט מער ווי אַ פּאַרזען און מיט דעם געזאַנגלעכן גאַנג פון קאָנצערט האָט עס נישט געהאַט צו טאָן, דער אָנגאַנג פון קאָנצערט האָט געשפּרודלט מיט זינגעוודיקן קאָליר און מעלאָדיע־וואַריאַציעס. עס האָבן זיך געקייטלט איין טעקסט אין אַנדערן, איין מאָטיוו אין דעם צווייטן, באַ׳טעמ׳ט און געשמאַק.

דער מאָנטאַזש „דער באָבעס חלום״ איז אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס דאַרף פון די אידישע פאָלקס־כאָרן איבערן לאַנד געזונגען ווערן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. דער דאָזיקער קראַנץ פאָלקסטימלעכע לידער, אָזוי גוט ווי זייערע געשמאַקע מעלאָדיעס, לאָזט זיך גרינג הערן און פאַרכאַפּן דעם אויער. זיי דערציילן גאָר אַ סך „געשיכטעלעך״ פון דעם אידישן שטייגער־לעבן אויף אַלע אופנים פון פאַרשיידענע קוק־ווינקלען. מאַרק וואַרשאַווסקי, וועמען דער גרויסער שלום עליכם האָט אַנטדעקט, האָט געזונגען פון די טיפענישן פון האַרצן — סיי די טעקסטן און סיי די ניגונים.

די קייטלונג פון די לידער, וועלכע פילן אויס דעם מאָנטאַזש, איז פון איטשע גאָלדבערג געראָטן צוזאַמענגעשטעלט: פון איינעם וואָס האָט אַ חוש נישט בלויז פאַר פּאָעזיע, נאָר אויך פאַר דראַמע, פאַר טעאַטער־שפּיל. מ׳דאַרף האָבן אַ געבוירענעם חוש פאַר דער בינע, טעאַטראַלישקייט און כאַראַקטער־מאַניפעסטאַציע.

דאָס זעלבע דאַרף אויך געזאָגט ווערן וועגן משה ראוכ׳ס אַראַנזשירונג און באַאַרבעטונג פון וואַרשאַווסקי׳ס איינגעהיימישטע ניגונים. ס׳איז נישט בלויז אַן אַראַנזשירונג און באַאַרבעטונג, נאָר ס׳איז אַריינגעגעבן געוואָרן נייע זאַפטן, ניי לעבן, רוח־חיים׳דיקע קנייטשן און פאַרבן אין די פאַלדן פון די אָזוי גוט־באַקאַנטע און שטאַרק פּאָפּולערע ניגונים.

די זינגערס פון כאָר, דאַרף באַמערקט ווערן, האָבן זיך ממש מחיה געווען זינגענדיק דעם קראַנץ איינגעהיימישטע פאָלקסטימלעכע לידער, מיט עכט־מאַרק וואַרשאַווסקי׳שן־חן, האַרציק באַ׳טעמ׳ט און חשק׳דיק. יעדער אָנווייזונג פון דעם דיריגענט איז אויפגעכאַפּט געוואָרן אָט פון דער סעקציע, אָט פון יענער סעקציע, מיט אַ דרך־ארץ און ליבשאַפט, וואָס מ׳זעט נאָר ביי אַ פאָלקס־כאָר, וואָס ווייסט איין זאַך: זינגען דורכאויס אין גוסט, ווי דער דיריגענט האָט איינגעשטעלט.

קומט די זינגערס בפירוש טאַקע אַ „יישר־כוח״ פאַר דעם אופן ווי זיי האָבן געזונגען סיי די ערשטע העלפט און סיי די צווייטע העלפט פון פראָגראַם, וואָס איז באַשטאַנען פון דעם מאָנטאַזש „דער באָבעס חלום״. עס איז שוין גאַרנישט געווען קיין „חלום״, נאָר אַ „רעאַליטעט״ — אַ רעאַליטעט פון פיינעם אידישן געזאַנג, אידישן ליד און אידישן ניגון!

נאָכאַמאָל וויל איך דאָ דערמאָנען די צוויי סאָליסטן, שילא מאַרטשאַנט און חזן דזשעיקאָב מענדלסאָן, פאַר זייער בייטראָג צום קאָנצערט. און גאָר אַ גרויסן „יישר־כוח״ פאַרדינט די פּיאַניסטן, וואָס האָט מיט פּרעציזקייט באַגלייט אי דעם כאָר און אי די סאָליסטן, נעטי דרוזשינסקי.

אין סך־הכל: הלוואי וואָס מער אַזעלכע אידישע קאָנצערטן מיט אידישע לידער און אידישע ניגונים!

„מאָרגן פרייהייט״, אפריל 26, 1974, נ.י.

# פרשה גלאַנץ־לעיעלעס

פּאָעזיע איז אַ לייבלעכע שוועסטער פון מוזיק — און דאָס זעלביקע פאַרקערט. איר וועט ביי מוזיקער אויפן טיש אַלעמאָל טרעפן די נייעסטע ביכער מיט לידער — אַ פּשיטאַ־שוין ווען געוויסע מוזיקער זענען אַליין אויך שרייבער.

אַ ליד פאַר זיך אַליין איז מוזיק, אַנדערש וואָלט עס קיין ליד נישט געווען. אָבער ווען צום געבאָרענעם ריטם און געבאָרענער מעלאָדיע פון ליד גיט נאָך צו אַ מוזיקער זיין אייגענעם ריטם און זיין אייגענע מעלאָדיע, דעמאָלט נישט בלויז געדענקט זיך אַ ליד אַ סך בעסער, נאָר די שאַנסן אויף אַ לאַנגן לעבן פון דער דאָזיקער קאָמבינאַציע פאַרן ליד — זענען פיל גרעסער.

אידישע פּאָעטן זענען אין געוויסע פּרטים נישט אַנדערש פון נישט־אידישע פּאָעטן. זיי שיקן צו זייערע ביכער צו מוזיקער, באַזונדערס צו די, וועלכע האָבן אַ שטיקל נאָמען און מ׳רעכנט זיך מיט זיי. אַז נישט אָבער צו אַלע לידער און פּאָעמעס קען מען שרייבן מוזיק, דאָס האָבן שוין אידישע פּאָעטן געמעגט וויסן...

עס זענען פֿאַראַן וואונדערלעכע לידער און פּאָעמעס, אָבער קיין מוזיק נעמט זיך נישט צו זיי. זיי זענען געשמאַק צום לייענען, צו דראַמאַטיזירן, אַנדערע ווידער רופֿן אַרויס ביים קאָמפּאָזיטאָר פֿאַרשידענע מוזיקאַלישע טעמעס, רעגן אָן צו שרייבן אַזאַ אָדער אַן אַנדער קאָמפּאָזיציע, אָבער זיי אַליין קען מען אין קיין מוזיק נישט איינשפּאַנען. עפּעס איז דאָ אין זיי אַזאַ „כעמישער־שטאָף״, וואָס לאָזט נישט צו צו זיך קיין אַנדערע מוזיק, אַחוץ זייער אייגענע. אַנדערע לידער און פּאָעמעס ווילן פּשוט נישט נאָכאַמאָל געבאָרן ווערן, איינמאָל איז גענוג פֿאַר זיי. און מאַלע וואָס נאָך פֿאַר אַ סיבות עס זענען פֿאַראַן?

גראָד „שוואַכערע״ לידער און פּאָעמעס לאָזן זיך אַ סך גרינגער און שנעלער אַנטאָן אין מוזיקאַלישע קליידער, זיי שפּרינגען אַריין אינעם מוזיקאַלישן שפּאַן, ווי ספּריטנע פֿערדלעך. מ׳דאַרף גאָר צו זיי קיין בייטש נישט האָבן. ווי נאָר זיי דערזעען דעם כאָמאָט, אַזוי שטייען זיי שוין אינעווייניק, ווי זיי וואָלטן די גאַנצע צייט געוואַרט דערויף. נעם, ברודערל, פֿלי מיט אונז אויף וועלכן שליאַך דו ווילסט אַליין!

אָבער — „שוואַכערע״ לידער און פּאָעמעס מיינט בשום אופֿן נישט קיין שלעכטע לידער און פּאָעמעס, נאָר ווייניקער דראַמאַטישע. אויב אַ מוזיקער קומט שווער אָן ביז ער גיט זיך אַן עצה מיט אַ דראַמאַטיש ליד אָדער דראַמאַטישע פּאָעמע, איז צען מאָל שווערער אָבער נאָך פֿאַר אַ מוזיקער צו האָבן צו טאָן מיט שלעכטע לידער און פּאָעמעס — און מיט שלעכטער פּאָעזיע בכלל...

נאָך קיינמאָל האָבן מיר נישט געהאַט אַזאַ פֿאַרפּלייצעניש פֿון ביכער מיט שלעכטער פּאָעזיע ווי איצט — אַן אמת׳ער מבול! פֿון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען? ווער האָט עס זיי איינגערעדט, אַ שטייגער, אַז אָנשרייבן אַ ליד איז גרינגער ווי אַ דערציילונג, און אַז אָנצושרייבן אַ פּאָעמע איז לייכטער ווי אַ ראָמאַן, אָדער, אַז לשון און סטיל פֿון אַ „לייט־אַרטיקל״ איז — פּאָעזיע?!

שוין אַ לאַנגע צייט ווי איך טראָג זיך אַרום מיטן געדאַנק אָנצושרייבן אַ סעריע אַרטיקלען וועגן אייניקע שרייבער אונזערע אַרום וועלכע מען האָט אויפֿגעבויט „פּיראַמידן״ גאַנצע, און אין תּוך זענען זיי מיטלמעסיקייטן — און צומאָל דאָס אויך נישט ... כ׳האָב שוין עטלעכע מאָל זיך פֿאַרמאָסטן אויף דער דאָזיקער סעריע, נאָר די צייט האָט עס מיר נישט דערלויבט. אָבער

אַז איך האָב נישט לאַנג צוריק איבערגעלייענט לעאָ פינקעלשטיינס „אויסגוס״ אין „טינט און פעדער״ וועגן י. באַשעוויסן, און וויסנדיק דעם קוואַל פון וואַנען דער דאָזיקער „אויסגוס״ איז אינספּירירט געוואָרן, האָב איך איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַשלאָסן: אויב אַ שרייבער, וואָס רעכנט זיך פאַר אַן ערנסטן קריטיקער, מעג אַרויסקומען מיט אַזאַ באַרג אינספּירירטע שקרים און אַזוי אַרונטערייסן אַ טאַלאַנטפולן שרייבער, מעג אַן אַנדערער געוויס אַרויסקומען מיט אַן אמתדיק וואָרט וועגן דעם און יענעם מיטלמעסיקייט אָדער — טאַטאַלן טאַלאַנטלאָזן שרייבער...

עס זענען פאַראַן געבאָרענע שרייבער, ווי געבאָרענע מוזיקער, געבאָרענע טענצער, מאַלער, סקולפּטאָרן, און — געוואָרענע שרייבער. דער חילוק צווישן אַ געבאָרענעם שרייבער און אַ געוואָרענעם, איז ווי פון טאָג ביז נאַכט.

דער געבאָרענער שרייבער צו וואָס ער רירט זיך צו, ווערט דערפון אַ יש. דער געוואָרענער שרייבער, מאַכט פון אַ יש — אַ תל.

עס זענען פאַראַן אויך שרייבער מיט לייכטע, זינגעוודיקע פעדערס און — שרייבער מיט שווערע, סקריפּעדיקע פעדערס, וואָס מוטשען זיך אויפן טויט, ביז זיי שרייבן אָן אַן אַרטיקל.

צו די לעצט געהערט דער ערשטער פון דער דאָזיקער סעריע — א. גלאַנץ־לעיעלעס: מ׳זעט, אַז אַלץ וואָס ער שרייבט, האָרעוועט ער ווי אַן אייזל, און אַז מ׳האָרעוועט ווי אַן אייזל — קומט דאָס שרייבן אַרויס אייזלדיק...

א. גלאַנץ־לעיעלעס האָט זיין „טאַלאַנט״ שוין אויספּראָבירט אויף מער ווי איין זשאַנער, אָבער ער מאַכט פון אַלצדינג אַש און פּאָרעך...

מ׳דאַרף האָבן געבאָרענע פינגער צו אַ פּען, ווי צו אַ פּיאַנאָ, פידל אָדער טשעלאָ.

ווייטער דאַרף אַ שרייבער האָבן דעם געבאָרענעם כוח צו קענען מאַכן די פּען צו זינגען, פּונקט ווי אַ שפּילער דאַרף האָבן דעם כוח צו קענען מאַכן די פּיאַנאָ, אָדער פידל, אָדער טשעלאָ צו זינגען.

נישט יעדער שרייבער און נישט יעדער מוזיקער אָבער קען עס באַווייזן!

גלאַנץ־לעיעלעס קען אַפילו נישט אויסשפּילן קיין איין לייטישן טאַקט אויף זיין פּען, נישט נאָר צו מאַכן זי זינגען...

אַ האַמעטנער לשון, איז פּונקט דאָס זעלביקע, ווי האַרטע, בלעכענע טענער פון אַן אינסטרומענט — און אַ האַמעטנער סטיל איז פּונקט דאָס זעלביקע, ווי אַ טויבער זינגער...

גלאַנץ־לעיעלעס איז דער טיפּיטשנער האַלץ־העקער פון דער אידישער פּאָעזיע. אויב ביין איז טרוקן, איז ער אַ מיליאָן מאָל טרוקענער!

צווישן די אידישע פּאָעטן, איז ער דער סאַמע אוממוזיקאַלישסטער!

ער שרייבט געוויינטלעך האַרטע, ציין־ברעכערישע „לייט־אַרטיקלען" און מיינט — אַז ס'איז פּאָעזיע...

וואָלט איך נישט געקענט גלאַנץ־לעיעלעסן פּערזענלעך, וואָלט איך זיין אָנשטעל, כאָטש עס קלינגט גענוג פּוסט, גענומען ערנסט — אפשר...

מילא, נו, איז ער נישט קיין שרייבער, איז ער נישט קיין פּאָעט, איז ער נישט קיין עסייאיסט, איז ער נישט קיין פּובליציסט, אָבער ער מיינט כאָטש אויפריכטיק דאָס וואָס ער פּלוידערט, ווי פון אַ הויכן באַרג אַרונטער. אָבער אַז דאָס אויך נישט — טאָ וואָס בלייבט?

און וועגן זיין „סאָציאַליזם"? זאָל מיך שוין דער אויבערשטער אויסהיטן פון אַזעלכע „סאָציאַליסטן". איר וואָלט געדאַרפט זען, ווי אָט דער „אויך מיר סאָציאַליסט" חנפ'ט דעם אַרויסגעבער פון „טאָג", דעם „שיינעם" אידן ר' מאָריס וויינבערג, ווי ער ציט זיך אויס פאַר אים אין דער לענג און דער ברייט, ווי אַ שמאַטע הינטער די פיס...

ביי די אומות־העולם, וואָלט אַזאַ איינער, וואָס קנאַקט כסדר מיט זיין „ערודיציע" ווי אַ פּאַסטוך מיט זיין בייטש, געקענט דערקלעטערן העכסטנס צו אַ „קאָרעקטאָר" אין אַ צייטונג. ביי אונז אידן אָבער וויל אָט דער־אָ נישט אַנדערש, ווי דווקא דורכאויס אויסצושפּילן די ערשטע פידל — אינעם אָרקעסטער פון דער אידישער ליטעראַטור!

אמת, ער נאַרט קיינעם נישט אָפּ. איבערהויפּט קען ער נישט אָפּנאַרן די, וועלכע ער וויל זייער שטאַרק אָפּנאַרן — מענטשן מיט אַן אויער פאַר פּאָעזיע, פאַר קונסט און מוזיק, פאַר מענטשן מיט אַן אויער, איז זייער גרינג צו דערהערן דעם שווערן כריפּ און סקריפּ פון זיין דעמבענער הילצערנער פּען...

דאָ בעט זיך איבערצוגעבן אַ קליינעם עפּיזאָד.

איך בין אַמאָל אַריינגעקומען אין אַ קאַפע אין „גריניטש־ווילעדזש" און האָב דאָרט געטראָפן זיצן ביי אַ טישל מיין גוטן פריינט וויליאַם עדלין און

דר. א. קאַראַלניק. דער לעצטער האָט פון אונטער מיין האַנט אַרויסגעצויגן אַ צוזאַמענגעקנייטשטן „טאָג" מיט דער זייט, וואו ס'איז געווען אָפּגעדרוקט גלאַנץ־לעיעלעס'ס אַן אַרטיקל. נאָכן איבערליינען עטלעכע שורות, האָט דר. קאַראַלניק אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט דעם פאַנאַנדערגעעפנטן „טאָג" און האָט אַ זאָג געטאָן צו עדלינען: „וואָס באַלעמוטשעט ער אָט דער פאַרריסענער פּולישער אינגל?"

דעמאָלט, אין מיין נאָך יונגקייט און גרויסער נאַאיוויטעט, און אויך גרויסן דרך־ארץ פאַרן געדרוקטן וואָרט, פאַר שרייבער בכלל, און פאַר אידישע שרייבער בפרט, האָט די באַמערקונג פונעם קלוגן, שאַרפזיניקן און בליציקן דר. קאַראַלניקן, וועמען איך האָב באַטראַכט — און באַטראַכט נאָך איצט אויך — פאַר איינעם פון מיינע אידעאַלסטע שרייבער און וואָרט־ווירטואָזן — מיך אי שאָקירט, אי ווי געטאָן.

אָבער איצט טראַכט איך: ווי טרעפלעך אָנגעמאָסטן ס'איז געווען דר. קאַראַלניק'ס באַמערקונג וועגן אָט דעם דאָזיקן ליטעראַרישן „דראַנג", וואָס האָט זיך נישט אַנדערש איינגערעדט, — און וויל אויך אַנדערע איינרעדן — אַז ער איז אַ „ליטעראַרישער־האָוויצער" ...

„די שטימע", נאָוו. 17, 1951, מעקסיקאָ.

# ביים קוואַל פון ימים־נוראים'דיקע נוסחאות

## מיין פעטער ישראל'יקן

די ערשטע „טיי־לעפעלעך" פון דער אידישער נגינה, דער עיקר פון די ימים־נוראים'דיקע נוסחאות האָט מיר מיין טאַטע איינגעגעבן ווען כ'בין נאָך אַ קינד געווען. פון מיין טאַטן האָב איך גע'ירשנ'ט די טיפע אמונה און אהבה צום אידישן ניגון, צו די כולל'דיקע אידישע נוסחאות, און דער עיקר פון אַלץ — צו די געשמאַקע און האַרציקע ימים־נוראים'דיקע נוסחאות. וואָרים די ימים־נוראים'דיקע נוסחאות זיינען פון אַזאַ וואונדערלעכן בשמים'דיקן מין, וועלכע האָבן נישט צו זיך קיין גלייכן. זייער קלאַנג, זייער קאָליר, זייער רייכקייט אין טאָן און פייערלעכקייט, צינדן אָן אייער פאַנטאַזיע, האַרץ און נשמה, און איר ווערט געטראָגן פון זיי ווי אויף „שכינה'דיקע פליגלען".

אַוודאי זיינען די ימים־נוראים׳דיקע תפילות אַ גאַר וויכטיקער באַשטאַנדטייל, דער יסוד און פונדאַמענט פון דעם ימים־נוראים׳דיקן בנין. אָן זיי וואָלטן די נוסחאות נישט געהאַט דעם טעם, וואָס זיי האָבן. דעם בונד פון דעם ימים נוראים׳דיקן תפילה־וואָרט מיט די ימים נוראים׳דיקע נוסחאות, זיינען דער סאַמען גרעסטער זיווג אין דער אידישער נגינה׳דיקער ליטעראַטור. אַזאַ אויסגעשמידקייט, אַזאַ שכינה׳דיקע קאָמבינאַציע פון וואָרט און קלאַנג, איז זעלטן צו געפינען אין דער גאַרער מוזיק־שאַפונג אין דער וועלט.

איך ווייס נישט, ווי איך זאָל עס אָנרופן, אָבער שטייענדיק ימים נוראים ביים עמוד ווער איך לגמרי פאַר׳שיכור׳ט סיי פון די אייגנאַרטיקע פּאָעטישע תפילות און סיי פון די ברילי‍אַנטענע נוסחאות. וואָס, אַ שטייגער, געפינט איר נישט אין די פּאָעטישע ימים נוראים׳דיקע תפילות? וואָס איר ווילט נאָר! איר האָט דאָרט דעם סאַמע בראשית, דעם גאָרן באַשאַף און פאַרנעמיקייט פון דער נאַטור, דעם מענטש און זיינע מעשים, דעם נעכטן און דעם היינט, דעם מאָרגן און איבערמאָרגן, די פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט, אַלע גוטע צוזאָגונגען און וואָרנונגען פון דעם רבונו של עולם, די שענסטע חלומות אין אידעאַלן, מוסטערן פאַר אחדות, פאַר אַ בונד פון פעלקערשאַפטן, פאַר אַן אייביק־שלום אויף דער וועלט, פאַר ברידערלעכקייט פון מענטש צו מענטש, פון גערעכטיקייט פאַר דער אלמנה און דעם יתום, פון גר און פון דעם שכן, פון מלוכה צו מלוכה, פון דער אַלמעכטיקייט און דערבאַרעמקייט פון זיין ליבן נאָמען — אַלצדינג ווערט פאַר אייך אַנטפּלעקט און אויפגעדעקט.

ס׳איז קלאָר ווי דער היינטיקער טאָג ביים שרייבן אָט די שורות אונטער אַ פרעכטיקן עפּל־בוים אין דעם שיינעם רעזאָרט־דערפל שעראָן־ספּרינגס, אין ניו יאָרק שטאַט, וואו איך פאַרברענג מיין וואַקאַציע, אַז דער הויפּט־קוואַל פון דער אידישער נגינה און מוזיק, איז און וועט פאַרבלייבן די כולל׳דיקע אידישע נוסחאות אונדזערע. דאָס איז אַ זיכערע זאַך. אָבער אויף צו שרייבן וועגן די כולל׳דיקע אידישע נוסחאות, וואָלט איך געדאַרפט האָבן אַ סך מער פּלאַץ ווי איך קאָן זיך פאַרגינען. וועל איך זיך אָפּשטעלן, און דאָס גאַנץ בקיצור אין אַ לויפנדיקער פאָרם, נאָר אויף די ימים־נוראים׳דיקע נוסחאות, וואָס וועגן זיי אַליין קאָן מען שרייבן גאַנצע דיסערטאַציעס.

קודם, אַ פּאָר געציילטע שורות וועגן דעם רעזאָרט־דערפל שעראָן־ספּרינגס. איך בין שוין לאַנג נישט געווען אין אַזאַ איבערוועגנדיקן פּרומען, סופער־רעליגיעזן היימיש־אידישן ווינקל, ווי עס שפּילט זיך אָפּ פאַר מיינע אויגן. איר זאָלט מיט אַ ליכט זוכן דאָ אַ אידישן „אפּיקורס״, וועט איר אים אין אָט דעם צעגרינטן דערפל נישט געפינען. איך ווייס נישט געניי וויפיל האָטעלן, באָנגאַלאָוס און רומינג־הייזער שעראָן־ספּרינגס פאַרמאָגט, איך ווייס נאָר, אַז אַלע וואוין־פּלעצער זיינען דורכאויס אָנגעפילט מיט כל׳ערליי פרומע אידן פון אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע, פון טראַנסילוואַניע: חסידים פון פאַרשיידענע „רבי׳שע הויפן״ — אַריינגערעכנט גרויסע צאָלן סאַטמאַרער חסידים, וועלכע מישן זיך נישט מיט די אַנדערע און האַלטן זיך אָפּגעזונדערט.

ווען איך בין דעם ערשטן שבת אין דער פרי פון מיין באָנגאַלאָו אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס אויפן וועג צום קאָלומביאַ האָטעל, וואו איך האָב געגעסן מיינע מאָלצייטן, האָב איך פאַר זיך דערזען אַ פּאַנאָראַמע וואָס איך געדענק עס נישט אפילו אין מיין שטעטעלע אין אוקראַינע, סלאָוועשנע. צענדליקער און צענדליקער אידן באַבערדלטע און באַ׳פּיאות׳דיקע מיט לאַנגע טליתים אויף די אַקסלען, האָבן שפּאַצירט איבער די גאַסן און געסלעך אין די שולן — אויף אַן אופן ווי נישט בלויז דאָס רעזאָרט־דערפל שעראָן־ספּרינגס אַליין, נאָר ווי גאַנץ אַמעריקע וואָלט געווען זייערס. איך בין געווען איבערראַשט פון זייער זיכערקייט ביי זיך, פון זייערע פעסטע טריט, פון זייער נישט מורא האָבן פאַר קיינעם, פון זייער טיפער אמונה אַז זיי זיינען דורכאויס גערעכט אין זייער הנהגה מיט זייער קליידונג, בערד און לאַנגע פּיאות, און אין זייער גאַנצער באַנעמונג.

נאָך מער אינטערעסאַנט און פאַרכאַפּנדיק איז מיר געווען צו זען די סאַטמאַרער חסידים אין זייער פולן טראַכט מיט זייערע קאַפּאָטעס און גרויסע קיילעכדיקע סאַמעטענע באַפּוטערטע שטריימלען, גלייך ווי יעדער איינער פון זיי וואָלט געווען אַ רבי, אַ דינאַסטיע פאַר זיך אַליין — עפּעס וואָס איך האָב אַזוינס קיינמאָל פריער נישט געזען. אָבער ווי פלעגט זאָגן מיין ערשט פאַרשטאָרבענער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון „טאָג״ און נאָענטער פריינט ב.צ. גאָלדבערג: „נישט דאָס בין איך אויסן״...

די ימים־נוראים׳דיקע נוסחאות זיינען אַ קוואַל פאַר זיך — אַ דער־פרישנדיקער קוואַל, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין אייגענער געשמאַקייט

באַ׳טעמטקייט, קוועליקייט און קלאָרקייט. זיי זיינען אַזוי טיף אַריינגעוועבט געוואָרן אין די פאַרשיידענע ימים נוראים׳דיקע תפילות, אַז איר קאָנט זיי נישט אָפּרייסן איינעם פון צווייטן. דער גרעסטער קאָמפּאָזיטאָר אפילו, האָט נישט געקענט פאַרפאַסן קיין מער פייערלעכן ניגון, אַשטייגער, מיט וועלכן דער חזן זאָגט און זינגט אויס די „אבות״ פון דער מוסף׳דיקער שמונה עשרה, ווי דער טראַדיציאָנעלער סקאַרבאָווער ניגון.

די גאָלדענע קייט פון ניגונים, וועלכע באַגלייטן יעדע ימים נוראים׳דיקע תפילה באַזונדער, וועלן בלייבן לדורות קוואַלן פאַר אידישע קאָמפּאָזיטאָרן פון וואַנען צו שעפּן „מוסטערן״ פאַר זייערע שאַפונגען און ווערק אין וועלכער ס׳איז פאָרם — סיי פאַר געזאַנג און סיי פאַר אינסטרו־מענטאַלער מוזיק. מ׳קאָן פון זיי אויסקנעטן און אויסמאָדולירן, וואָס נאָר אַ קאָמפּאָזיטאָר גלוסט. זייערע טענער און קלאַנגען, חנ׳ען און קנייטשן, קענען אויספילן די שענסטע לידער, קאַנטאַטעס, אָראַטאָריעס און סימפאָניעס. זייער גרונטאָוונעקייט פאַרמאָגט אַ סך אינערלעכע מוזיקאַלישע כוחות, יסודות׳דיקייט און שטייגערישקייט. זיי זיינען נישט בלויז אַ באַשטאַנדטייל פון דעם אידישן לעבן, נאָר פון דעם גאָרן אידישן מהות, אידישן וועזן, גוסט און גייסט, האַרץ און נשמה.

מ׳דאַרף נישט זיין דווקא קיין פרומער איד, כדי צו פילן די הנאה און דעם טעם פון די ימים־נוראים׳דיקע נוסחאות — ווען מען הערט זיי זינגען פון דעם ריכטיקן חזן. יאָ, עס ווענדט זיך גאָר אַ סך צו וועמען זיי פאַלן אַריין אין מויל. אַ „פליאַסקעדריגע״ חזן, וועלכער ווייסט נישט ווער עס האָט אים „געשלייערט״, קאָן אייך מיט זיי נישט אינספּירירן, נישט אַרויסרופן ביי אייך קיין התפעלות. עס דאַרף זיין אַ חזן „מבטן אמו״, איינער, וועלכער איז אויף זיי אויפגעכאָוועט און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן: איינער וואָס קען דעם מחזור אויף „אויסנווייניק״, ווייסט וואָס ער „זאָגט״ — און נישט איינער, וועלכער איז געוואָרן אַ חזן דערפאַר וואָס ער האָט נישט געקאָנט ווערן קיין אָפּערע־זינגער אָדער אַן אַקטיאָר אין אַ „מיוזיקל״ אויף בראָדוויי...

יאָ, די ימים־נוראים׳דיקע נוסחאות זיינען מער זאָגעוודיקע ווי זינגעוודיקע — און אַז מ׳זאָגט זיי נאָר ריכטיק, געשמאַק און מיט האַרץ, מיט נשמה און געפיל, זאָגן זיי אייך זייער אַ סך. זיי קאָנען מעורר זיין נישט בלויז אַ מענטש, נאָר אַ שטיין אפילו ... ס׳איז נישט בלויז דער ניגון אַליין, נאָר

דער „רוח־חיים", דער גוסט און גייסט זיינער, וואָס דרינגט אַריין טיף אין די ביינער. ס'איז אַ „קרייטעכץ", וואָס היילט די נשמה מיטן גוף צוזאַמען: אַ זעלטענער „רעצעפּט" — די בעסטע „רפואה" פאַר אַ אידיש האַרץ...

זינג מיר אַ ניגון — און איך וועל דיר זאָגן ווער דו ביסט, ווער דיין חבר איז, דיין שטאַם און דיין פאָלק איז. וואָרום דער ניגון איז די נשמה פון אַ פאָלק: דער ניגון רעדט, זאָגט און דערציילט, אַנטפּלעקט און דעקט אויף דעם כאַראַקטער און די קנייטשעך פון אַ פאָלק. אין די פאַלדן פון דעם ניגון, ליגט באַהאַלטן דעם פאָלקס האַרץ און נשמה, שטייגער און מנהגים, געשיכטע און טראַדיציע...

גליקלעכערוויז, געהער איך נישט צו דער כיתה פון „אויס־געמושטירטע" חזנים, אָט אַ שטייגער, ווי די שורות סאַמאַראַדנע געדיכטע צעגרינטע באַבלעטערטעביימער, וועלכע שטייען פאַר מיינע אויגן טיף־פאַרוואָרצלטע אין דער ערד — אַזוי אַריינגעוואָרצלט בין איך אין די כולל'דיקע נוסחאות פון וועלכע איך ווער אין מיין דאַווענען ביים עמוד אינגאַנצן באַהערשט און פאַרצוקט. איך בין נישט געבונדן פון קיין שום „רעגימענטירטע" און „מאַרינירטע" ספּעציעל־צוגעטראַכטע און צוגעשפּיצטע „מוזיקאַלישע כללים", — נאָר זינג און זאָג ווי דער „פויגל פריי". איך דאַרף נישט צופּיל אויף אַריינקוקן אין מחזור אַריין — עס זינגט זיך און זאָגט זיך פון זיך אַליין. איך ווער געטראָגן ווי אויף „שכינה־פליגלען": דאָס תפילה'דיקע וואָרט איז מיין „קאָמפּאַס", און דער ניגון — מיין ליכט־טורעם. דאָס זיינען מיינע צוויי אינסטרומענטן אויף וועלכע איך שפּיל אויס מיין שבת־יום־טוב'דיקן דאַווענען — ועל כולם, מיין ימים נוראים'דיקן דאַווענען.

איך בין זיך דאָ מודה פאַר אייך, אַז איך האָב מיך ליבערשט צו הערן ימים־נוראים'דיקע פּאַטעטישע תפילות און סיי די געשמאַקע ימים־נוראים'דיקע נוסחאות, זיי זיינען די בעסטע וויטאַמינען פאַר מיין געמיט און פאַר מיין שטימע. איך בין אין זיי אַריינגעוואַקסן, ווי זיי וואָלטן געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון מיין וועזן. עס זינגט און זאָגט זיך מיט דער גרינגקייט פון אַ פעדער; ווייל דער טעם פון די ימים־נוראים'דיקע תפילות און נוסחאות, איז געשמאַק פאַר מיין גומען, ווי גוטער וויין...

„קענעדער אַדלער", אויג. 29, 1975, מאָנטרעאַל

# חיים קאַטיליאַנסקי

## אַ אידישער פאָלקס-זינגער מיט האַרץ און נשמה

אין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן, ווען אויף די מיינסטע אידישע קאָנצערטן דאָ — דער עיקר, אויף די לאַנדסמאַנשאַפטן-קאָנצערטן, לאַנדסמאַנשאַפטן-באַנקעטן, לאַנדסמאַנשאַפטן-פּיקניקס, אַרויספאָרן, צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן, חתונות א. אַנ. אידישע שמחות און פאַרוויילונגען, — האָבן דעם אויבנאָן פאַרנומען צוו. אַנ., טעאַטער-לידער און טעאַטער-ניגונים, ווי: „גאָט און זיין משפט איז גערעכט", „דאָס פּינטעלע איד", „מיט קיין געלט טאָר מען נישט שטאָלצירן", „איך בין אַ יתומה׳לע", „אלי, אלי", „פּרייטיק אויף דער נאַכט", „וואו ביסטו יוקל מיינער" — זיינען, ווער פריער ווער שפּעטער, געקומען קיין אַמעריקע: איזאַ קרעמער, וויקטאָר כענקין און חיים קאַטיליאַנסקי.

די ערשטע, איזאַ קרעמער, האָט געבראַכט די שיינקייט פונעם אידישן פאָלקס-ליד; דער צווייטער, וויקטאָר כענקין, האָט געבראַכט די שפּילעוודיקייט פונעם אידישן פאָלקס-ליד, און דער דריטער, חיים קאַטיליאַנסקי, האָט געבראַכט די טיפקייט פונעם אידישן פאָלקס-ליד. דריי גרויסע געווינסן פאַרן אידישן פאָלקס-ליד; דריי פאַרשידענע „מתנות", וואָס האָבן דעם אידישן עולם אין אַמעריקע געוויזן דעם אמת׳ן פּנים פונעם אידישן פאָלקס-ליד!

ווען איך מיין „קייט" געשטאַלטן פון דער אידישער געזאַנג-וועלט, אָנהייבן מיט חיים קאַטיליאַנסקי׳ן. פאַרוואָס עפּעס מיט אים? מעגלעך דערפאַר — זאָל איך אויסזאָגן דעם אמת? — ווייל ער איז מיינער אַ לאַנדסמאַן, אַ זשיטאָמירער, און זשיטאָמער ווייסט איר דאָך איז געווען די הויפּט-שטאָט פון וואָלינער גובערניע, וואָס איז געווען פאַרזייט מיט אידישע שטעט און שטעטלעך, אַ שטייגער ווי אושאָמיר, וואו ס׳איז געבוירן געוואָרן דער שפּעטערדיקער באַוואוסטער און פּאָפּולערער אידישער פאָלקס-זינגער, זאַמלער פון אידישע פאָלקס-לידער און שפּילעוודיקער פעליעטאָניסט, מנחם קיפּניס; אָדער וואָלעדניק, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער „אוהל" פונעם באַרימטן „וואָלעדניקער-צדיק", וואָס אַז עס פלעגט קומען דער חודש אלול, איבערהויפּט „יום-כיפור-קטן", פלעגט מען אויף זיין קבר זיך צונויפפאָרן

פון גאַנץ אוקראַינע: פון זשיטאָמיר, פון קיעוו, פון אָדעס, פון כאַרקאָוו, פון יעליסאַוועטגראַד, פון יעקאַטערינאָסלאַוו, פון אָוורוטש, פון קאָראָסטין, און אויך פון מיין היים־שטעטל, סלאַוועשנע, וואו ס׳איז געבוירן געוואָרן דער שפּעטערדיקער באַוואוסטער אידישער דערציילער, איציק קיפּניס, וועלכער וואוינט איצט אין קיעוו.

ווער עס איז אַמאָל געווען אין זשיטאָמיר ווייסט, אַז די שטאָט וואָס ליגט ביים שיינעם טייך טיטעראָוו, האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער סאָד מיט אַלערליי פּרוכטן — אַזויפיל סעדער האָט זשיטאָמיר פאַרמאָגט! און די וועלכע האָבן געקענט זשיטאָמיר ווייסן אויך, אַז די בעסטע משוררים פון די שטעט און שטעטלעך אַרום, ווי דער טשערניכאָווער מאָטעלע, דער שפּעטערדיקער וועלט־באַרימטער עמוד־קינסטלער און קאָנצערט־זינגער מיט דער גאָלדענער טענאָר־שטימע, מרדכי הערשמאַן, און אויך דער שפּעטערדיקער וועלט־באַרימטער אָפּערע־ און קאָנצערט־זינגער, אַלעקסאַנדער קיפּניס, אַ פּלימעניק פונעם פריער דערמאָנטן מנחם קיפּניס, און ער מנחם קיפּניס, אויך, פּונקט ווי דער שפּעטערדיקער באַוואוסטער האַרציקער אידישער פאָלקס־זינגער, חיים קאַטיליאַנסקי, האָבן געזונגען ביי שמאי מרגלית דעם חזן, וועלכער האָט געגאָלטן נישט בלויז ווי אַ גוטער חזן, נאָר אויך ווי אַ „קאָנסערוואַטאָריע״ — און ווער ס׳האָט דורכגעמאַכט אָט די „קאָנסערוואַטאָריע״ איז אַרויס פון דאָרט אַ „לייט״. אויף דעם זאָגן עדות אָט־די אָקאָרשט דערמאָנטע גרויסע נעמען!

חיים קאַטיליאַנסקי האָט בלויז געקענט חלום׳ען צו ווערן אַ קאָנצערט־זינגער אָדער אַ חזן, אָבער אַז ער איז אויסגעוואָקסן און עלטער געוואָרן, האָט דער טאַטע זיינער, אַ פאַרמעגלעכער איד און אַ מאַקאַראָווער חסיד, אים אָוועקגעשיקט אין דער שווייץ, ער זאָל שטודירן דאָקטאָריע ... פונדעסטוועגן, זייענדיק אין דער שווייץ, איז ער אין גאַנצן נישט געזעסן אָן אַ „שטאָך־געזאַנג״: אַז עס פלעגט קומען אַ יום־טוב, דערהויפּט אַז עס זיינען אויסגעפאַלן די ימים־נוראים, פלעגט ער אַריינכאַפּן אַ „דאַוונען״, וואָס איז אים נישט אָנגעקומען צו שווער — נישט מיט דער נגינה און נישט מיט דער עברי.

נו, ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה און לויטן צאַרישן „געזעץ״ האָט חיים קאַטיליאַנסקי געדאַרפט צוריק פאָרן קיין רוסלאַנד און גיין שלאָגן זיך פאַרן קיסר ... איז ער בעסער געבליבן אין דער שווייץ. שפּעטער, ווען

די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער „מזל״ געפירט קאַטיליאַנסקין קיין אַמעריקע, וואו ער האָט לגמרי „פאַרגעסן״ אין זיין „אויסגעשטודירטער דאָקטאָריע״ און האָט אויף אַן ערנסטן אופן זיך אַ נעם געטאָן צו דעם וואָס האָט אים אַלע יאָרן געצויגן: געזאַנג! די בינע און די בימה איז געוואָרן זיין לעבן, זיין אידעאַל, זיין אָטעם. שפּעטער אַביסל, האָט ער אויפגעגעבן די בימה (חזנות) און האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צו דער קאָנצערט־בינע — און זיין אמתע קאַריערע האָט זיך אָנגעהויבן.

נאָך אַ ריי קאָנצערטן אין ניו־יאָרק און די דערבייאיקע שטעט — פילאַדעלפיע, באָסטאָן, האָט אים דער אַרבעטער־רינג אַרויסגעשיקט אויף אַ קאָנצערט־טורנע איבערן לאַנד און ער האָט אומעטום שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. ער איז געווען אַ דערפרישונג און אַ דערקוויקונג פאַרן אויער, זיין אופן פון זינגען אידישע פאָלקס־לידער איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס מ׳האָט ביז אים געהערט. מ׳האָט שוין מער נישט געזאָגט: „אָ, מיין באָבע, מיין מאַמע, אונזער שכנה, מיין חבר׳טע האָט דאָס ליד געזונגען ווען איך בין געווען נאָך אַ קינד!״. ניין, דער אידישער עולם איז געווען איבער׳רעש׳ט, מחמת דאָס זעלביקע ליד וואָס „אָ, מיין באָבע, מיין מאַמע, אונזער שכנה, מיין חבר׳טע האָט געזונגען, ווען אין בין געווען נאָך אַ קינד״, האָט אין קאַטיליאַנסקי׳ס זינגעדיק מויל געקלונגען ניי, פריש, צאַפּלדיק, מחיה׳דיק געשמאַק, ווי קיין מאָל פריער נאָך נישט געהערט!

ווי שוין באַמערקט, חיים קאַטיליאַנסקי, האָט געבראַכט די טיפקייט פונעם אידישן פאָלקס־ליד, דערצו אויך אַ סך התלהבותדיקייט אויפן מאַקאָ־ראָווער חסידישן שטייגער, מיט דער גאָרער זשיטאָמירער פרייד און זינגעוודיקייט, וואָס ער האָט ביי שמאַי דעם חזן איינגעזאַפּט ווי אַ משורר. עס האָט דעם אידישן פאָלקס־ליד געגעבן אַ תיקון, אַרויסגעבראַכט פון אים די גאָרע נשמה׳דיקייט, דאָס האַרץ מיט די געדערים, דעם פולן מיין זיינעם, די גאַנצע כוונה, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אין זיינע פאַלדן און קנייטשן, און אויך דעם פאַרוואָס און צוליב וואָס און דעם ווי אַזוי ער איז געבוירן און געקומען צום לעבן!

חיים קאַטיליאַנסקי, דער קולטור־מענטש, דער וואַרעמער זשיטאָ־מירער איד מיטן ברענענדיקן התלהבות און חסידישן פייער אויפן מאַקאָ־ראָווער שטייגער, וואָס איז געווען באַוואוסט איבער גאַנץ אוקראַינע, האָט קלאָר געוואוסט און פאַרשטאַנען אַז קיין זאַך ווערט נישט געבוירן סתם אין

דער וועלט אַריין אַן אַ פּאַר וואָס און אַן אַ פּאַר ווען, אַז קיין שום אידיש פאָלקס־ליד איז נישט געבוירן געוואָרן און איז נישט גלאַט אַזוי פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן, נאָר האָט טיפע וואָרצלען און איז אויף דער וועלט געקומען מיט זיין אייגענער נשמה, אָטעם און לעבן און פאָדערט זיין תיקון. און כדי דאָס צו באַנעמען, האָט מען דורכאויס געדאַרפט זיין אַ חיים קאָטיליאַנסקי!

איך נעם אַן, ווייל אַזוי האָב איך אַרויסגעפילט פון זיין זינגען, אַז ווען חיים קאָטיליאַנסקי, איז געשטאַנען אויף דער בינע, האָט ער בשום־אופן נישט געהאַט אין זין ווי אַזוי זיין קול, אַ טיפער באַריטאָן, קלינגט, און ער האָט אויך נישט געטראַכט וואָס פאַר אַן איינדרוק די אָדער יענע תנועה און קנייטש וועט אויפן עולם מאַכן, וואָס פאַר אַן אָפּקלאַנג דער און יענער טאָן זיינער וועט אַרויסרופן, נאָר דער עיקר־הדבר וואָס ער האָט געהאַט אין זין איז געווען: אַרויסצוברענגען דעם ריכטיקן תיקון, דעם פולן תמצית, די נשמה־יתירה פונעם געזונגענעם ליד — דאָס, און נאָר דאָס, בין איך איבערצייגט איז אים געלעגן אין זין!

און דערפאַר איז ער געוואָרן דאָס וואָס ער איז געוואָרן — און וועט בלייבן: חיים קאָטיליאַנסקי דער סאַמע אָרגינעלסטער אידישער פאָלקס־זינגער און אויסטייטשער פון אידישן פאָלקס־ליד, וואָס האָט צום אידישן עולם אין אַמעריקע געבראַכט די טיפקייט פונעם אידישן פאָלקס־ליד, אונטער דער באַגלייטונג פון אַ פלאַמיקער התלהבות׳דיקייט און קערנדיקער אידישער מנגנ׳שאַפט, וואָס וועט ברענען ווי אַן אייביק ליכט!

„אידישע קולטור״, אָקט. 4, 1973, נ.י.

# דער שאַ־שאַ־טאַנץ

אויב שלום סעקונדאַ האָט געמיינט, אַז איך וועל אים שולדיק בלייבן אַן ענטפער אויף זיין „ענטפער״ אין „וואָכנבלאַט״ פון 12טן יאַנואַר, האָט ער, במחילה, געמאַכט אַ טעות.

אויב, ווייטער, ער האָט געמיינט, אַז ער וועט מיך איבערשרעקן מיטן וואָרט „מעטראָפּאָליטן״, אָדער מיטן נאָמען „טאָסקאַניני״, האָט ער, ווידער, געמאַכט אַ טעות.

אָבער, איידער איך גיי ווייטער, וויל איך פאַרזיכערן סעקונדאַ׳ן, אַז איך

בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן וואָרט וואָס איך שרייב, פּונקט ווי איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדער נאָטע וואָס איך זינג, און פאַר יעדן וואָרט וואָס איך רעד.

אויך וויל איך אינפאָרמירן סעקונדאַ׳ן, אַז מיין מאָס פאַר חזנות איז נישט די מעטראָפּאָליטן, נאָר — די שול.

„טאָסקאַניני איז נישט קיין פּרעזידענט פון אַ שול, — שרייבט סעקונדאַ, — אָבער אַ שטיקל מבין אויף אַ שטימע איז ער דאָך!"

איך פון מיין זייט וועל צוגעבן: און נאָך וואָס פאַר אַ מבין!

איז ווען עס וועט זיך האַנדלען וועגן אַ זינגער מיט אַ שטימע אויף צו זינגען די ראָל פון „ראַדאַמעס" אין „אַאידאַ", וועל איך קיין בעסערע מיינונג, ווי פון טאָסקאַניני׳ן, נישט פאַרלאַנגען. אָבער, ווען עס וועט זיך האַנדלען וועגן אַ „חזנ׳ישן־מויל", וועל איך צו טאָסקאַניני׳ן נישט גיין נאָך קיין „סמיכה" ...

אַ חזן דאַרף זיין נישט בלויז „אַזאַ זינגער ווי ריטשאַרד טאַקער", נאָר קודם־כל טאַקע קענען „נוסח התפילה".

אַ חזן דאַרף זיין נישט בלויז „דער בעסטער טענאָר אין דער וועלט", נאָר קודם־כל טאַקע קענען אַ פּשוט׳ע „שייטל־עברי".

סעקונדאַ פרעגט: „צו וואָס אָבער ציען פּאַראַלעלן, וועלכע האָבן נישט קיין שייכות צו דעם פאַרשטאָרבענעם?"

וויל איך דאָ אים זאָגן: אַז דער פּאַראַלעל מיינער צווישן דעם פאַרשטאָרבענעם טאַלאַנטפולן חזן ישראל בריא און משה אוישער׳ן און ריטשאַרד טאַקער׳ן, איז אַ באַרעכטיקער — לכל הדעות.

בשעת, אָבער, זיין ציען פּאַראַלעלן צווישן טאַקער׳ן און אוישער׳ן מיט טאָסקאַניני׳ן און אַרמאַנדי׳ן, אָן אַ להבדיל — אַפילו צווישן טאַקער׳ן און אוישער׳ן האָט ער געדאַרפט נוצן אַ להבדיל — זיינען געוויס גאַנץ ווייט פון צו זיין באַרעכטיקטע און רעדן קלאָר וועגן דער מחבר איז...

אגב, וויל איך דאָ אויפמערקזאַם מאַכן סעקונדאַ׳ן, אַז טאָסקאַניני איז נישט געווען קיין „אומבאַדייטנדיקער טשעליסט", נאָר ער איז געווען דער ערשטער טשעליסט אין דעם אָפּערע־אָרקעסטער פון טעאַטער „קאָלאָן" אין בוענאָס איירעס: בעת ער האָט דעם ערשטן מאָל דאָרט דיריגירט אַן אָפּערע אין דער אָפּוועזנהייט פונעם שטענדיקן דיריגענט, וואָס איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן.

פונקט אַזוי איז אָרמאַנדי, דער איצטיקער דיריגענט פון פילאַדעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער, נישט געווען קיין „אומבאַדייטנדיקער פידלער" בעת ער האָט געשפּילט אין דעם סימפאָנישן אָרקעסטער פון „קעפּיטל טעאַטער".

איין זאַך וועל איך בעטן סעקונדאַ'ן: ער זאָל נאָר נישט, לשם־אַרגומענט, צעדרייען קיין וויכטיקע פאַקטן...

אַגב, וויל איך דאָ באַמערקן, אַז איך בין אַ מענטש, וואָס שרעקט זיך נישט איבער פאַר קיין „גדולים", כ'האָב ליב זיך צוצוהערן צו מיין אייגענער מיינונג, און צו מיין אייגענעם געשמאַק...

ווייטער, פרעגט סעקונדאַ: „וואָס־זשע פריינט ירדני, איר האַלט שוין די אידן פאַר אַזעלכע קנאַפּע מבינים אַז זיי קענען נישט אָפּשאַצן אַזאַ זינגער ווי ריטשאַרד טאָקער?"

מיין ענטפער צו אים איז דער: אַלעמאַי „די אידן" זיינען באַגייסטערט פון זיין (סעקונדאַ'ס) „ביי מיר ביזטו שיין"? וויל ער, אַז איך זאָל אויך זיין באַגייסטערט?...

וויטער: „און צי ווייסט ער דען נישט, קאָלעגע ירדני, וויפיל מי, געזונט און אַרבעט אַזאַ זינגער ווי טאָקער דאַרף אַוועקגעבן צו פאַרנעמען אַזאַ בכבוד'יקן פּלאַץ אין דער וועלט ווי טאָקער פאַרנעמט".

אַ טאַקע דערפאַר, וואָס איך ווייס עס, פאַדער איך, און ווי אַ איד האָב איך אַלע רעכט דערצו, אַז „אַזאַ זינגער ווי טאָקער" זאָל „אַוועקגעבן" פונקט „אַזויפיל מי, געזונט און אַרבעט" אויך פאַר חזנות, פאַר דער שול, אַז ער זאָל באמת ראוי זיין צו פאַרנעמען אַזאַ בכבוד'יקן אָרט, ווי ס'איז דער עמוד!

איך בין זיכער, אַז טאָקער האָט זיך וואָכן און חדשים לאַנג געגרייט צו זינגען די ראָל פון „ראַדאַמעס", אַז ער ווייסט דעם טייטש פון יעדן וואָרט וואָס ער האָט געזונגען, און ווייסט אויך ווער ס'איז דער מחבר פון „אַאידאַ". ער וועט עס אייך זאָגן ביינאַכט אַפילו פון שלאָף...

אָבער, צי ווייסט אויך טאָקער אַזוי פּינקטלעך דעם טייטש פון „ונתנה תוקף"? צי ווייסט אויך טאָקער אַזוי פּינקטלעך ווער ס'איז דער מחבר פון „ונתנה תוקף"?

מיט וואָס איז דער צדיק ר' אמנון וויניקער „גאון", להבדיל, פון ווערדין?!

איך וויל גלויבן, אַז טאָקער, ווי אַן אָפּערע זינגער, ווייסט די געשיכטע

פון אָפּערע, פון איר אַנטוויקלונג, ווער די מייסטע און אויסגערופנסטע מחברים זיינען, איז פאַרוואָס זאָל טאָקער, ווי אַ חזן, וואָס קריגט באַצאָלט פאַר די דריי טעג ימים־נוראים מער ווי פאַר צוויי גאַנצע סעזאָנען זינגען אין דער אָפּערע — אויך נישט וויסן ווער ס׳זיינען די „אנשי כנסת הגדולה״, וועלכע האָבן מתקן געווען די ערשטע תפילות ביי אידן? מיט וואָס זיינען ר׳ סעדיה גאון און ר׳ עמרם גאון קלענערע „מיוחסים״, להבדיל, פון פוטשיני, ביזע, מוסאָרגסקי, און נאָך אַנדערע מחברים פון אָפּערעס? וואָס־זשע, די צוויי סדורים פון ר׳ סעדיה גאון און ר׳ עמרם גאון פאַרנעמען נישט אַזאַ חשוב׳ן פלאַץ ביי אידן, ווי אַלע אָפּערעס צוזאַמענגענומען אין דער וועלט? איז ר׳ שלמה אלקביץ, דער מחבר פון די „לכה דודי״ס״, וויניקער פּאָעט, ווי די אַלע ליברעטאָ־שרייבער פון די אָפּערעס? פאַרוואָס זאָל אַ חזן נישט וויסן זיין נאָמען? און וואָס איז טאָקע מכח דעם טייטש פון די ווערטער גופא? אַ?!

מיט „אידישע לידער״ מיינט סעקונדאַ, וואָרשיינלעך, דעם „אַלבום־רעקאָרדס״ פון אברהם גאָלדפאַדן, וואָס טאָקער האָט אַריינגעזונגען. קיין סך צייט וועגן דעם וועל איך נישט פאַרלירן. בעסער נישט צו ריידן דערפון. אויב סעקונדאַ קוועלט אַזוי פון דעם אופן ווי אַזוי טאָקער „קנאַקט״ אָפּ גאָלדפאַדנ׳ס לידער, פאַרגין איך עס אים מיטן גאַנצן האַרצן. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז ווען טאָקער דאַרף אַריינזינגען אַן „אַריע״ אין רעקאָרד, איז קיין ספק נישט, אַז ער גרייט זיך לענגער דערצו — און מיט מער חשיבות...

איצט — אַ וואָרט וועגן משה אוישער׳ן.

כ׳האָב ערגעץ וואו אינעם אַרטיקל געבעטן סעקונדאַ׳ן, אַז ער זאָל זיין פאַרזיכטיק און נישט צעדרייען קיין וויכטיקע פאַקטן.

„עס איז אמת, — שרייבט סעקונדאַ, — אַז משה אוישער איז געווען אַ אידישער אַקטיאָר און איז געוואָרן אַ חזן. פון זיין „בייט״ האָט געליטן דאָס טעאַטער וואָס וואָלט אים אַפּילו איצט פאַרצוקערט ווען ער וויל זיך אומקערן צום טעאַטער״.

וואָלט איך זייער שטאַרק געבעטן סעקונדאַ׳ן ער זאָל מיר אָנווייזן: פון וועלכן טעאַטער משה אוישער איז אַוועק? און צי האָט משה אוישער, וואָס „קריגט יעדן יאָר אַן אָנבאָט״ פונעם אידישן טעאַטער, וואָס וואָלט אים „פאַרצוקערט״ — צי האָט משה אוישער אויך געקראָגן אַזעלכע אָנבאָטן פאַר דעם ווי ער איז געוואָרן אַ „סענסאַציע־חזן״? און צי האָט משה אוישער

אַמאָל געשפּילט אין אַ טעאַטער אויף דער „עוועניו" איידער ער איז געוואָרן „אַ באַרימטער חזן?" דאָס זיינען פאַקטן, וואָס סעקונדאַ דאַרף זיי ערשט באַווייזן! קיין סתם רעדערייי וועט נישט העלפן...

„הלוואַי — זעצט פאָר סעקונדאַ — וואָלטן אַ סך חזנים פאַרמאָגט האַלב פון זיינע (אוישער'ס) חזנות, האַלב פון זיין שטימע און האַלב פון זיין נוסח־התפילה".

איך ווייס נישט ווער עס זיינען די חזנים, וועלכע ווינטשן זיך עס, נאָר אויב עס געפינען זיך אַזעלכע, פאַרגין איך עס זיי מיטן פולן האַרצן!

שענערס: איך ווינטש מיין פריינט סעקונדאַ'ן, אַז אויב זיינער אַן אייניקל וועט אַמאָל אויסוואַקסן אַ חזן, זאָל ער קיין שענערע חזנות נישט פאַרמאָגן, ווי נאָר „האַלב" פון משה אוישער'ס „חזנות" און „נוסח התפילה"...

און אויב מיר, ווידער, איז באַשערט אַמאָל צו האָבן אַן אייניקל אָדער אַ קרוב אַ חזן, זאָל ער בעסער פאַרמאָגן כאָטש אַ פערטל פון פּינטשיק'ס אָדער גלאַנצ'עס חזנות!

„איך ווייס נישט — שרייבט ער ווייטער — וואָס עס טוט וויי, פריינט ירדני, אָבער, אַ מענטש דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם געשריבענעם וואָרט".

אויב סעקונדאַ מיינט, אַז איך בין שטאַרק מקנא טאָקער'ן, אָדער אוישער'ן, אויף זייער פּאָפּולאַריטעט, אָדער דערפאַר וואָס זיי פאַרדינען אַ סך געלט, מאַכט ער אַ גרויסן טעות!

איך לייד נישט אויף דער „קעשענע", פריינט סעקונדאַ, ווי איר — טוט מיר, דעריבער, נישט „וויי" דאָס, וואָס די צוויי אויבנדערמאָנטע מענטשן פאַרדינען אַ סך געלט...

אויב איך בין עמעצן מקנא — אין שייכות מיט חזנות — בין איך מודה, אַז דאָס זיינען די צוויי חזנים: פּינטשיק און גלאַנץ! — דעם ערשטן פאַר זיין „רזא־דשבת" און דעם צווייטן פאַר זיין „שומר־ישראל".

אי טאָקער און אי אוישער — ביידע צוזאַמען פאַרמאָגן נישט אַזויפיל געלט צו באַצאָלן פאַר די דאָזיקע צוויי „פּערל" אין דער חזנ'ישער ליטע־ראַטור!

און מעג איך אויך אויסזאָגן, פאַרוואָס סעקונדאַ נעמט זיך אַזוי שטאַרק אָן פאַר טאָקער'ן? מיט זיין (טאָקער'ס) גאַנצער באַרימטקייט מאַכט ער נאָך אַלץ אַ לעבן פון — „חתונות", „בר־מצוות" און פון אויפטרעטן ביי אידן,

וועלכע סעקונדאַ — האָבנדיק אַן אייגענע „איידזשענסי״ — שאַרט אים צו און דערלייגט געוויס נישט זיין „באָבעס־ירושה״... ער, טאַקער, קריגט נאָך אַלץ מער פאַר אַ „חתונה״ אָדער „בר־מצוה״, ווי פאַר אַן „אויפטרעט״ אין מעטראָפּאָליטן...

איך וויל אויך באַמערקן, אַז פערזענלעך האָב איך גאָר נישט אויסצוזעצן קעגן טאַקער'ן אָדער משה אוישער'ן — זאָל עס זיין מיר, וואָס איך ווינטש זיי! זיי זיינען אַבסאָלוט ניט שולדיק: מ'רופט זיי — גייען זיי! טענות האָב איך נאָר צו אַמעריקאַנער אידישקייט, צו די אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסישע שולן — צו זיי האָב איך טענות! די אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיע — סיי די פירער פון די שולן, ישיבות און תלמוד־תורות, סיי די אָרטאָדאָקסישע עלטערן, וואָס פּראַווען „בר־מצוות״ און מאַכן חתונה זייערע קינדער — איז מיר, ווי טויזנטער אַנדערע אידן, גאָר אַ סך שולדיק — זי איז מיר שולדיק אידישקייט! פון איר האָב איך אַ רעכט, ווי טויזנטער אַנדערע, צו פאָדערן: רעספּעקט פאַר מיין רעליגיע! רעספּעקט פאַר דער שול! רעספּעקט פאַרן עמוד!

נאָך איין באַמערקונג צו סעקונדאַ'ן און איך פאַרענדיק שוין.

אונטער מיין רעדאַקציע אין „חזנים זשורנאַל״, וואָס וועט די טעג דערשיינען, שרייבט דאָרט סעקונדאַ אין אַן אַרטיקל פאָלגנדעס:

„די שול איז נישט דאָס פּלאַץ צו אַמוזירן דעם איד, נאָר דערהויבן אים. דער איד, וואָס גייט און שול, קומט דאַוונען און גייסטיק הנאה האָבן פון דעם חזן מיטן כאָר. נאַטירלעך, ווען מ'גיט אים אַ „האָפּקע״, איז ער אפשר נישט צו איבערקלייבעריש, צו קריטיש און ווערט מיטגעריסן. די כוונה פון דעם חזן דאַרף און מוז זיין אַ העכערע און אַ הייליקערע. ער דאַרף דערהויבן דעם מתפלל צו זיך און נישט אַראָפּלאָזן זיך צו אים. דער חזן דאַרף אַלע מאָל האָבן אין זין: „דע לפני מי אתה עומד״. און דער „לפני מי״ ווייסן מיר זייער גוט, אַז מען מיינט נישט דעם „קאַסטאָמער״, דעם איד, וואָס איז געקומען דאַוונען אין שול, נאָר אַ העכערע מאַכט, אַ פיל וויכטיקערע מאַכט, ווי אַפילו דער פּרעזידענט (מיין אונטערשטרייכונג — מ. י.) פון שול ... אַחוץ אַלעמען, לאָמיר איין מאָל פאַר אַלע מאָל פעסטשטעלן, אַז עס איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָר, וואָס זאָל זיין בכח זיך צו פאַרמעסטן אין נגינה מיט דער גרויסער מוזיקאַלישער

טראַדיציאָנעלער ליטורגישער ירושה, וואָס איז אונז געבליבן פון אונזערע אבות־אבותינו!

„מוזיק פון שול אין טעאַטער, איז אַ כבוד, אָבער מוזיק פון טעאַטער אין שול, איז אַן אומ׳כבוד...״

גאָלדענע ווערטער!

די פראַגע איז בלויז, ווען האָט סעקונדאַ געקעמפט פאַרן אמת: דעמאָלט, ווען ער האָט געשריבן דעם אַרטיקל פאַרן „חזנים זשורנאַל״, פון וועלכן איך האָב ציטירט די אויבנדערמאָנטע שורות, צי דעמאָלט, ווען ער האָט געשריבן דעם ענטפער צו מיר אין „וואָכנבלאַט״, וואו ער נעמט זיך אָן די קריוודע פון טאָקער׳ן און אוישער׳ן?!

האָנט אויפן האַרצן, פריינט סעקונדאַ: ווער נאָך פראַוועט ביים עמוד אַזעלכע „טעאַטער־שטיק״ און זינגט אַזויפיל „טעאַטער־האַפּקעס״, ווי אייער ליבלינג משה אוישער? קענט איר מיר אָנרופן נאָך איין חזן — אַחוץ משה אוישער׳ן?!

צום סוף וויל איך, אַז סעקונדאַ און זיין גלייכן זאָלן וויסן, אַז ס׳איז נישטאָ דער כח וואָס זאָל מיך קענען באַוועגן מיטצוטאַנצען דעם „שאַ־שאַ־טאַנץ״, וואָס גייט אָן אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, פעב. 2, 1951, נ. י.

# יואל ענגעל — פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער מוזיק

מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק איז אין דער אַמאָליקער רוסישער הויפּט־שטאָט פעטערבורג, איצט לענינגראַד, געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער נייער מאָדערנער אידישער נגינה און מוזיק — דורך דער גרינדונג פון דער בארימטער היסטאָרישער פעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישער מוזיק. צווישן די גרינדער איז אויך געווען יואל ענגעל.

דעם נאָמען יואל ענגעל האָב איך געהערט צום ערשטן מאָל, ווען איך בין געווען אין בערלין אין 1928; און גראָד נישט פון קיין מוזיקער אָדער

זינגער, נאָר פון אַן אַקטיאָר. דאָס איז געווען דער אידישער אַרטיסט, וועלכער איז צו יענער צייט בארימט געווען איבער גאַנץ דייטשלאַנד, אַלעקסאַנדער גראַנאַד.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אַ סך אַנגעזעענע אידישע שרייבער און קינסטלער פאַרלאָזן רוסלאַנד און האָבן זיך באַזעצט אין בערלין: צווישן זיי איז אויך געווען יואל ענגעל. אין בערלין האָט ענגעל זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פונעם באַרימטן מוזיק פאַרלאַג „יובל", וואָס האָט געדרוקט אַ סך פון זיינע אָריגינעלע קאָמפּאָזיציעס און באַאַרבעטונגען פון פאַרשידענע אידישע פאָלקס־לידער און ניגונים. זיין אנוועזנקייט אין בערלין האָט צוגעצויגן אַ סך באַרימטע אידישע זינגער און שוישפּילער, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אויף דער דייטשער בינע און האָבן אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַ וואַרעמן אינטערעס צו דער אידישער נגינה און מוזיק.

יואל ענגעל ווערט מיט רעכט פאַרעכנט פאַרן פאָטער און גרונט־לייגער פון דער נייער מאָדערנער אידישער נגינה און מוזיק. ער איז געווען דער, וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער נייער אויפגייענדיקער ארץ ישראל׳דיקער נגינה און מוזיק.

עס איז שוין אַ סך מאָל געזאָגט געוואָרן, אַז קונסט איז אינטערנאַציאָנאַל, אָבער שאַפן קען דער קינסטלער נאָר אין די ראַמען פון זיין נאַציאָנאַלער מהות, ער מוז שעפּן פון די פאָלקס־אוצרות, כדי זיין שאַפן זאָל האָבן אַ נאַטירלעכן תוך, עס זאָל זיין אויפריכטיק.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס יואל ענגעל איז געוואָקסן אין אַ פרעמדער סביבה און איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אויף דער רוסישער מוזיק, האָט אים אָבער אינסטינקטיוו געצויגן צום שורש פון זיין נשמה. ער האָט געוואָלט זיין אַ רוסישער קאָמפּאָזיטאָר, האָבן זיך אים אינסטינקטיוו אָבער געפּלאָנטערט אידישע ניגונים, אידישע מאָטיוון... דער אמת׳ער יואל ענגעל הויבט זיך אָן ערשט אַרויסווייזן דעמאָלט, ווען ער וואַרפט זיך אַריין מיט לייב און לעבן אין דער אידישער נגינה און מוזיק, פאַרטיפט זיך אין די אידישע פאָלקס־אוצרות און ווערט דורכאויס אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר.

ווי שוין געזאָגט, איז יואל ענגעל געקומען צו אונז פון דער פרעמד. ער איז שוין דעמאָלט געווען נישט בלויז אַ באַרימטער מוזיקער, נאָר אויך אַ באַרימטער מוזיק־קריטיקער און איינער פון די איינפלוסרייכסטע רוסישע

צייטונגען אין מאָסקווע „רוסקי וויעדאָמאָסטי״. מען האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט זיין מיינונג אין די מוזיקאַלישע קרייזן פון דער גרויסער רוסישער מדינה. זיינס אַ וואָרט האָט געמיינט זייער אַ סך, ווייל ער איז געווען אַ סינטעז פון מוזיקער און שרייבער, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט מוזיקאַלישן וויסן און שרייבערישן טאַלאַנט.

דעם גרעסטן איינפלוס אויף ענגעל'ן האָבן געהאַט זיינע צוויי באַ־רימטע לערער און קאָמפּאָזיטאָרן, רימסקי־קאָרסאַקאָוו און מוסאָרגסקי, וועלכע האָבן געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף די מוזיקאַלישע אוצרות, וואָס ליגן פאַרבאָרגן ביי אידן און אים געע'עצה'ט אויב ער וויל באמת שאַפן עטוואָס ווערטפולס זאָל ער זיין טאַלאַנטווידמענען צו די אייגענע נאַציאָנאַלע קוואַלן — און ער האָט זיי טאַקע געפאָלגט. דאָס דאַרף זיין דער וועג פון יעדן אמת'ן קינסטלער, פון יעדן אמת'ן שאַפער. ענגעל האָט לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן, כדי איינצוזען, ווי גערעכט עס זיינען געווען זיינע צוויי לערער; ער האָט געבענטשט זייערע נשמות פאַר דער גוטער עצה. וואָרום אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך גענומען גראָבן אין די אידישע פאָלקס־אוצרות, האָט ער פאַר זיך דערזען אַ שפע פון וואונדערלעכע אידישע מאָטיוון און האַרציקע ניגונים.

ענגעל איז געווען דער ערשטער, און נאָך אים זיינען געקומען זיינע חברים: שקליאַר, סאַמינסקי, לוואָוו, גנעסין, ראָזאָווסקי, אחרון, מילנער, וועלכע האָבן זיך צוזאַמען מיט אים אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבייט פון זאַמלען די פאָלקס־מאָטיוון, פאָלקס־ניגונים און זיי דערנאָך באַאַרבעט פאַר שטימע, פּיאַנאָ, פידל, טשעלאָ, קלאַרינעט; פאַר קוואַרטעטן, קווינטעטן און סימפאָניעטעס. די דאָזיקע צייט ווערט פאַררעכנט פאַר דעם רענעסאַנס פון דער נייער מאָדערנער אידישער נגינה און מוזיק. דאָס איז געווען אין יאָר 1908, ווען עס האָט זיך געגרינדעט די שוין פריער דערמאָנטע באַרימטע היסטאָרישע פּעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישע מוזיק.

דער אויפטו פון דער דאָזיקער גרופּע אידישע מוזיקער איז נאָך ביז איצט נישט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן. מיר האָבן באַוויזן אַרויסצוגעבן ליטעראַטור־קריטיקער, טעאַטער־קריטיקער, אָבער זייער ווייניק מוזיק־קריטיקער, אָדער מוזיק־היסטאָריקער, וואָס זאָלן זיך אָפּגעבן מיט אַזעלכע וויכטיקע מוזיקאַלישע אַרבעטן. דער ענין מוזיק־קריטיקער איז בכלל נאָך דערווייל ביי אונז אַ „שטיף־קינד״ אין דער אידישער פּרעסע...

דריי וויכטיקע געשעענישן האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין ענגעל׳ס מוזיקאַלישן שאַפן: די גרינדונג פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט, זיין פאַרבינדן זיך מיט דער „הבימה״ און זיין באַזעצן זיך אין ארץ ישראל.

ווען ענגעל האָט פאַרענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע, איז ער אַלט געווען 29 יאָר. ער איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1868, אין דער שטאָט בירדיאַנסק, וואָס געפינט זיך אין דרום־רוסלאַנד. נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע איז ער געפאָרן קיין כאַרקאָוו צו שטודירן יוריספּרודענץ און אויך לערנען מוזיק. אָבער דאָ איז געשען עפּעס וואָס האָט אינגאַנצן געביטן זיין לעבנס־וועג — ער האָט זיך באַגעגנט מיט דעם באַרימטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר פּיאָטר משייקאָווסקי, אויף וועמעס עצה ער איז אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע און איז דאָרט אַריינגעטראָטן אין דער מלוכה־קאָנסערוואַטאָריע, וואו ער האָט זיך ערנסט גענומען שטודירן מוזיק. זיין וועג איז אָנגעצייכנט געוואָרן אָבער נישט קלאָר.

נאָכן פאַרענדיקן די קאָנסערוואַטאָריע האָט ער זיך אינגאַנצן אויסגעלעבט אין דער רוסישער קולטור. ער האָט גאָר אַנדערש נישט געטראַכט, ווי צו מאַכן זיך אַ קאַריערע אַלס רוסישער קאָמפּאָזיטאָר. ער איז גלייכצייטיק געוואָרן דער מוזיק־קריטיקער אין איינער פון די אָנגעזעענסטע רוסישע צייטונגען אין מאָסקווע, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט. ערגעץ־וואו אָבער איז ער נישט געווען צופרידן מיט דער פרעמדער סביבה. ווי שטאַרק ער האָט זיך נישט געפּרואווט איינלעבן דאָרט, האָט אים אינסטינקטיוו אָבער געצויגן צום אייגענעם שורש, צום אייגענעם קוואַל, און ווען עס האָט זיך געגרינדעט די פּעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישער מוזיק, האָט ענגעל דער ערשטער זיך אָפּגערופן. צוזאַמען מיט אנסקי׳ן האָט ער זיך אַרויסגעלאָזן איבער די אידישע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד צונויפצוזאַמלען אידישן פאָלקלאָר — אַנסקי האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן וואָרט און ער — מיטן קלאַנג. וואָס מער ער האָט געזאַמלט אידישע פאָלקס־לידער, פאָלקס־ניגונים און פאָלקס־מאָטיוון, אַלץ מער איז אין אים געוואַקסן די באַגייסטערונג פאַר דער אידישער נגינה און מוזיק. עס איז גאָרנישט געווען צו דערקענען אים. ער איז געוואָרן אַן אַנדער ענגעל...

דער ערשטער אידישער קאָנצערט וואָס איז ווען עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין מאָסקווע, איז געווען דורך ענגעל׳ן. די מאָסקווער אידישע אינטעליגענץ איז געקומען צום קאָנצערט מיט געמישטע געפילן. אָבער ווען

זיי האָבן דערהערט אַ רייע פאָלקס־לידער, פאָלקס־ניגונים אין אַ קינסטלערישער באַאַרבעטונג דורך ענגעל׳ן און נאָך אַנדערע אידישע מוזיקער פאַר שטימע און אינסטרומענטן, האָבן זיי דערנאָך אויסגעדריקט גרויס באַגייסטערונג. צום ערשטען מאָל אין זייער לעבן האָבן זיי דערפילט דעם טעם פון אַ אידישער קינסטלערישער נאַציאָנאַלער מוזיק. דאָס איז געווען דער ערשטער וויכטיקער עטאַפּ אין ענגעל׳ס מוזיקאַלישן לעבן אַלס אידישער קאָמפּאָזיטאָר.

זיין פאַרבינדן זיך שפּעטער מיט דער „הבימה", איז געווען אַ צווייטער וויכטיקער עטאַפּ אין זיין מוזיקאַלישן לעבן אַלס אידישער קאָמפּאָזיטאָר. איך האָב דאָ אין זינען די מוזיק, וואָס ער האָט געשאַפן צו אַנסקי׳ס „דיבוק". די מוזיק פאַרמאָגט אַלע חנ׳עז, וואָס דאָס פאָלק אין גלות האָט אָנגעזאַמלט אין קלאַנג. אַזויפיל מוזיקאַלישע פאָלקס־תנועות, מוזיקאַלישע פאָלקס־קנייטשן, אַז עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ווער קען פאַרגעסן דעם האַרציקן ניגון פון „ומפני מה", אָדער דעם טאַנץ פון די „בטלנים" צי דאָס געזאַנג פון „שיר השירים" און די אַלע אַנדערע ניגונים, טענער און קלאַנגען פונם „דיבוק"?

וואַכטאַנגאָוו, דער וואָס האָט רעזשיסירט דעם „דיבוק", זיך איינהערענדיק דעם ערשטן מאָל צום ניגון פון „ומפני מה", האָט זיך אויסגעדריקט: „דאָס איז דער מאָטיוו וואָס איך האָב זיך פאַרגעשטעלט" (בן־ארי אין זיין בוך „הבימה").

„די מוזיק — שרייבט בן ארי — האָט אויף אַזויפיל געהאָלפן דער אויפירונג, אַז וואַכטאַנגאָוו האָט זיך פשוט פאַרליבט אין די אַלע ניגונים. יעדע זאַך, וואָס ענגעל האָט אָנגעשריבן האָט ער געוואָלט אויסנוצן, און דערפאַר איז דער „דיבוק" געווען ווי דורכגעוועבט מיט מוזיק. נישט נאָר האָט ער אויסגענוצט ענגעל׳ס מוזיק, נאָר אפילו דאָס רעדן האָט ער דערפירט צו אַ מוזיקאַלישן טאָן, וואָס זאָל האַרמאָנירן מיט ענגעל׳ס מוזיק.

„עס איז קיין ספק נישט אַז די מוזיקאַלישע נשמה פונם „דיבוק" געהערט אינגאַנצן ענגעל׳ן. אָבער מערקווירדיק, ווען מען שרייבט אָדער מען רעדט ביי אונז וועגן דעם „דיבוק", דערמאָנט מען, פאַרשטייט זיך, אַנסקי׳ן, וואַכטאַנגאָוו׳ן, די „הבימה"־שפּילער און מען פאַרגעסט כמעט אינגאַנצן אָן ענגעל׳ן."

אַ דריטער וויכטיקער עטאַפּ אין ענגעל׳ס מוזיקאַלישן לעבן אַלס אידישער קאָמפּאָזיטאָר, איז געווען זיין באַזעצן זיך אין יאָר 1924 אין ארץ

ישראל. דאָ, אויף דעם אידישן באָדן, האָט ענגעל ערשט דערפילט דעם אמת׳ן טעם פון צו זיין אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר. מיט באַנייטע כחות וואַרפט ער זיך אַריין אין דער אַרבעט צו לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער נייער מאָדערנער ארץ ישראל׳דיקער נגינה און מוזיק. די באַגייסטערונג פון די חלוצים געפעלט אים זייער שטאַרק, אָבער עס געפעלן אים נישט די לידער, ריכטיקער, די ניגונים, וואָס זיי זינגען — זיי קומען פון פרעמדע קוואַלן... מען דאַרף שאַפן נייע ניגונים, וועלכע זאָלן האַרמאָנירן מיט דעם הימל, מיט דער ערד, מיט דעם קלימאַט פון לאַנד, מיט דעם אָטעם פון מזרח — אין גוסט פון נאָענטן אָריענט.

צוערשט קומט זיין „חלוץ, בנה״, דערנאָך באַווייזט זיך „שני מכתבים״ און עס קומען שפּעטער נאָך אַנדערע לידער, ווי: „אהבת רעיה״, „שירת העמק״, „רועה מחלל״, „עגבניה״, „אומרים ישנה ארץ״, וואָס הויבן אָן צו ווערן פּאָפּולער און פאַרשפּרייטן זיך איבער גאַנץ ארץ ישראל און אויך און חוץ־לארץ.

ווען עס האָט זיך אין תל־אביב געגרינדעט דער „אוהל״ טעאַטער, איז ענגעל פאַרבעטן געוואָרן צו שרייבן די מוזיק פאַר זיינע אויפפירונגען, יעדער נייער ניגון וואָס ער האָט געשאַפן, איז צעטראָגן געוואָרן איבערן לאַנד ווי אַן אבן־טוב. באַזונדערס געדענקט זיך מיר די ניגונים, וואָס ער האָט ספּעציעל געשאַפן צו די „פּרץ אָוונטן״, וואָס דער „אוהל״ פלעגט איינאָרדענען און אויך די מוזיק פון דער אויפפירונג „דייגים״. דער עולם האָט ענגעל׳ן שטאַרק ליב געהאַט — אפשר נישט ווינציקער ווי ביאַליק׳ן, ווייל ענגעל איז אַחוץ אַ מוזיקער אויך געווען אַ ליבהאַרציקער מענש, אַ צוגעלאָזענער, אַ גוט־מוטיקער, מיט שמייכלדיקע אויגן, ווי ביי אַ קינד. זיין צוגעבונדנקייט צום לאַנד איז גאָרנישט צום באַשרייבן. ער איז אַריינגעוואָקסן געוואָרן אין דעם נייעם אידישן לעבן מיט אַלע זיינע חושים. דאָס האָט זיך לייכט אָפּגעשפּיגלט אין זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען. ער האָט געאָטעמט מיטן וואוקס פון לאַנד, מיט יעדער נייער דערגרייכונג און דעראָבערונג פון נייעם באָדען און ניי־אויפגעבויטן ווינקל. נישט בלויז די דערוואַקסענע, נאָר אפילו די קינדער פון לאַנד האָבן אים ליב געהאַט.

„ענגעל — שרייבט זלמן זילבערצווייג אין זיין „טעאַטער־מאַזאַאיק״ — האָט זיך אין ארץ ישראל געפילט ווי אַ יונג בחור׳ל, ווי ער וואָלט ערשט געמאַכט די ערשטע שריט אַלס קאָמפּאָזיטאָר. אַזוי פריש, אַזוי באַגייסטערט,

אַזוי דורכגעדרונגען איז ער געווען מיט דער האָפענונג, אַז ענדלעך האָט ער געפונען דעם באַדן, וואו צו פאַרווירקליכן זיין אַלטן חלום וועגן שאַפן אַן עכט אידישע מוזיקאַלישע סביבה.״

אין די אידישע פאָלקס־שולן פון גאָר דער וועלט ווייסן די קינדער פון ענגעל׳ן דורך זיינע „פופציק קינדער לידער״, וואָס איז ביז איצט דערשינען אין עטליכע אויפלאַגעס. די דאָזיקע לידער האָט ענגעל געשאַפן נאָך אין מאָסקווע, אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

„אויפן צווייטער יאָר פון דער וועלט־מלחמה — שרייבט דניאל טשאַרני אין זיין בוך „אַ יאָר צענדליק אַזאַ״ — סוף 1915, איז שוין מאָסקווע געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע אידישע קולטור־צענטערן. דער פליטים־שטראָם פון די פראָנט־געביטן האָט זיך שוין מער אָדער ווייניקער אָפּגעשטעלט. די פאַרטריבענע אידישע באַפעלקערונג פון ליטע, ווייס־רוסלאַנד און קורלאַנד איז שוין געוואָרן צעזייט און צעשפּרייט איבער די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון דער אוקראינע און פון צענטראַל־רוסלאַנד. די הויפּט־קאָמיטעטן האָבן שוין געמוזט באַזאָרגן די היימלאָזע נישט נאָר מיט „תכריכים פאַר די טויטע און פאַר די לעבעדיגע — ברויט״, נאָר אויך נאָך — מיט קולטור און בילדונג. דער גרעסטער פּראָצענט פון די היימלאָז־געוואָרענע אידישע מאַסן איז דאָך באַשטאַנען פון פרויען און קינדער. האָט מען אין מאָסקווע אָנגעהויבן צו בויען אידישע פאָלקס־שולן און אידישע קינדער־היימען. דניאל טשאַרני איז געוואָרן איינער פון די לייטער פון די דאָזיקע ניי־געגרינדעטע אידישע קינדער־היימען און אידישע פאָלקס־שולן. ער האָט זיך אָבער אַרומגעזען, אַז עס פעלען אידישע לידער צו זינגען מיט די קינדער, האָט ער צונויפגעקליבן אַ פופציק טעקסטן פון אידישע לידער, אַ סך זיינע אייגענע, און האָט זיך געווענדט מיט זיי צו ענגעל׳ן ער זאָל אַנשרייבן מוזיק.

„האָט זיך דער הויך־באַגאַבטער אידיש־רוסישער קאָמפּאָזיטאָר אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין די האַלב־שפּילעוודיקע און האַלב־פאָלקסטימלעכע טעקסטן פון די שפּיל־און טאַנץ־לידער און ער האָט זיי אָנגעהויבן צו באַצירן מיט זיינע אייגענע מעלאָדיעס.

„איך גלויב, אַז דאַמאָלט איז יולי דימיטריטש ענגעל ערשט ריכטיק דערהויבן געוואָרן דורך דעם פּרימיטיוו פון דעם אידישן פאָלקס־ליד און קינדער־ליד צו דער אוראַלטער מיסטיק פון דעם אידישן פאָלקס־ניגון. די

שעפערישע אַרבעט זיינע איבער יענע פופציק קינדער־לידער איז געוויס געווען פאַר ענגעל׳ן איינער פון די וויכטיקסטע עטאַפּן. וועלכער האָט אים מיט עטלעכע יאָר שפּעטער דערהויבן צו זיין באַרימט־געוואָרענער מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע צו ש. אַנסקי׳ס „הדיבוק״, וואָס די „הבימה״ האָט אויפגעפירט מיט אַזאַ ריזיקן דערפאָלג.

„די דאָזיקע פופציק אידישע קינדער־לידער אין ענגעל׳ס באַאַרבעטונג זיינען באַלד געוואָרן פּאָפּולער נישט נאָר אין די אידישע פאָלקס־שולן און קינדער היימען, נאָר אויך אפילו — אין די סאַלאָנען פון דער גאַנץ אידישער אינטעליגענץ פון מאָסקווע.״

הייסט עס, אַז אויך אויפן געביט פון אידישן קינדער־ליד, איז יואל ענגעל געווען נישט נאָר דער שאַפער, נאָר אויך דער פּיאָנער, ווי אין אַלע אַנדערע צווייגן פון דער אידישער נגינה און מוזיק. און דעריבער האָט ער זוכה געווען אָנגערופן צו ווערן דער פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער נגינה און מוזיק. ער האָט דעם דאָזיקן נאָמען זיך כשר פאַרדינט. ער איז געקומען קיין ארץ ישראל אין עלטער פון 55 יאָר, און האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ רעקאָרד פון דרייסיק יאָר אַרבעט אויפן מוזיקאַלישען געביט. אַ שאָד וואָס ער איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונז אין עלטער פון 58 יאָר. ער האָט נאָך געהאַט אַזויפיל צו געבן אונז. די לעצטע דריי יאָר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ארץ ישראל, זאָגן עדות אויף דעם.

25 יאָר איז געוואָרן זינט ענגעל איז פון דער וועלט אַוועק. אַ סך איז פאַר דער צייט פאַרלאָפן געוואָרן. ארץ ישראל איז באַפרייט געוואָרן פון ענגלישן מאַנדאַט און עס איז אויפגעקומען מדינת ישראל — וואו די אידישע נגינה און מוזיק וועט נאָך מער דערהויבן ווערן און דער נאָמען יואל ענגעל וועט בלייבן לדורות!

„מאָרגן זשורנאַל״, 1952, נ.י.

# דאָס תפילה׳דיקע וואָרט און דאָס תפילה׳דיקער געפיל

## געווידמעט מיין טאַטן חיים־אברהם ז״ל

קיינער קען אַקוראַט נישט זאָגן, ווען און ווי אַזוי ס׳איז צום מענטשן געקומען דאָס תפילה׳דיקע געפיל, אָבער אַז דער דאָזיקער געפיל ליגט טיף אין זיינע געדערים, דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג. און נישט בלויז דאָס אַליין, ער איז אויך איינער פון די שטאַרקסטע געפילן וואָס דער מענטש פאַרמאָגט. מ׳קען אויך זאָגן, אַז אין געוויסע מאָמענטן אין לעבן ביים מענטשן פאַרשטעקט אָט דאָס געפיל אַלע אַנדערע געפילן, און בלייבט איינער אויפן „יאַריד״. אויך איז קלאָר, אַז יעדער לעבעדיקער מענטש גייט דורך אַזאַ מאָמענט, צי ער איז רעליגיעז אָדער נישט.

איז נאַטירלעך, אַז דער דאָזיקער תפילה׳דיקער געפיל האָט אויך געבוירן דאָס תפילה׳דיקע וואָרט. איך האַלט, אַז דאָס זענען דורכאויס איינגעבאָרענע געפילן, וואָס געפינען זיך ביים מענטשן אויפן האַרצן, אין דער נשמה — פונקט ווי אַ סך אַנדערע געפילן מיט וועלכער ער ווערט געבוירן. געוויס איז אויך שווער אַקוראַט צו זאָגן, ווען און ווי אַזוי דאָס תפלה׳דיקע וואָרט איז געבוירן געוואָרן און ווען ער האָט אינעם מענטשן אָנגעהויבן צו באַקליידן דאָס תפילה׳דיקע געפיל. איינס איז קלאָר: דער „שידוך״ וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן די דאָזיקע „חתן־כלה״ ביים מענטשן, האָט „עולה־יפה״ געווען — נאָכאַמאָל: צי איינער איז פרום, אָדער נישט.

זאָגן דאַרף איך, אַז איך רעד דאָ נישט אין נאָמען פון כלל, נאָר דורכאויס וועגן זיך אַליין: וואָס דער דאָזיקער געבענטשטער „שידוך״ מיינט פּערזענלעך פאַר מיר — ווי גרויס מיין אייגענע מחותנ׳עדיקייט איז אויף דער דאָזיקער „פילנדיקער־חתונה״...

ווי שוין באַמערקט, קיינער קען נישט אַקוראַט זאָגן, ווען און ווי אַזוי ס׳איז צום מענטשן געקומען דער דאָזיקער „שידוך״, אָבער איך ווייס באַשטימט ווען און ווי אַזוי איך האָב אים דער׳טעמ׳ט. איך געדיינק עס, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן פּאַסירט. איך וועל אייך נישט אויסזאָגן ווי אַלט איך בין דעמאָלט געווען, אָבער איר קענט זיך אַליין פאַרשטעלן, אַז איך וועל

אייך דערציילן, אַז דאָס איז געווען ווען איך בין נאָך נישט געשלאָפן אויף קיין אמת׳ער בעט, נאָר אויף אַ קליין ספּעציעל קינדערש־בעטעלע.

מיין זכרון, גאָט צו דאַנקן, איז פון תמיד אָן געווען אַ קלאָרער און אַ שאַרפער; איך געדיינק זאַכן ווען איך בין געווען דריי יאָר אַלט. איז אָט זע איך זיך אין אַ טונקעלן אַלקיר. אין דרויסן איז פינסטער, דאָס זאָגן עדות די האַלב־פאַרהאַנגענע פענסטער. דאָס גאַנצע שטעטל איז איינגעהילט אין אַ טיפן שלאָף. ס׳איז אלול־צייט — און דאָס מיינט אויך האַרבסט־צייט, אָדער אָסיען, ווי מ׳פלעגט זאָגן ביי אונז אין סלאָוועשנע. דער האַרבסט אין אוקראַינע, כידוע, איז אַ פריער. די פּרוכטן פון דיביימער האָט מען שוין אַראָפּגענומען, און די תבואות פון די פעלדער ליגן שטיל אין די שייערן. די גערטענער און די באַשטאַנען שטייען שוין נאַקעט און אויסגעהילט. די נעכט זיינען שוין נישט בלויז קילערע, נאָר אויך לענגערע. און די ווינטעלעך זענען שוין מער נישט קיין לאַשטשענדיקע, ווי זיי זענען ביז איצט געווען. די פענסטער פון די שטיבער זענען צוגעמאַכט או מען ליגט צוגעדעקט מיט קאָלדרעס.

... איך בין געשלאָפן. מיט אַמאָל האָב איך זיך אויפגעכאַפּט: פון ערגעץ האָט זיך געהערט אַ געזאַנג. דער „ערגעץ״ איז געווען דער צווייטער חדר גלייך לעבן אַלקיר. עס איז נישט געווען דער געוויינלעכער געזאַנג, וואָס איך פלעג אין די זומער־נעכט אָפּט הערן טראָגן זיך פונעם מאַרק, וואו קופּעס שקאָצים מיט שיקסעס זיינען געזעסן אויסגעזעצט אויף אַ גרויסן שטיין און צוזאַמען אין אַ כאָר געזונגען היימישע האַרציקע לידער — מיט אַזאַ געפיל, אַז ס׳איז זיך ממש צעגאַנגען אין יעדן אבר. ניין, דאָס איז געווען אַ געזאַנג פון גאָר אַן אַנדער מין — אַ געזאַנג, וואָס איך האָב פריער ביז דעמאָלט נישט געהערט... איך בין געלעגן שטיל ווי אַ קעצעלע און דאָס געזאַנג פונעם דערבייאיקן חדר איז געפלאָסן ווי סאָק פון ביימער... איך האָב מורא געהאַט אַ ריר־צו־טאָן זיך אַפילו; און געוואָלט האָב איך זייער שטאַרק אַראָפּגיין אַ קוק טאָן ווער עס זינגט דאָרט. אַז דאָס איז געווען מיין טאַטע מיט זיינע פיר משוררים, וואָס האָבן פאַרטאָג געגרייט זיך צו גיין זאָגן „סליחות״ אין דער טשערנאָבלער קלויז, דאָס בין איך נאָך געווען צו יונג צו וויסן. דאָס הייסט, „עפּעס״ דערפון האָב איך יע געוואוסט, אָבער מיר איז נישט געווען צו אויפגעקלערט דער ענין. איך האָב שוין פריער געהערט מיין טאַטן דאַווענען ביים עמוד, אָבער אַליין, אָן משוררים. דאָס געזאַנג האָט מיך

אינגאַנצן פאַר׳שיכור׳ט: ער איז געווען צו שטאַרק פאַר מײַן יונגן „מוח׳ל״, און איך בין פון דער „שיכרות״ צוריק איינגעשלאָפן...

דער טעם פון מײַן טאַטנס געזאַנג מיט די משוררים, האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט. אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען דער טאַטע מײַנער איז נאָכן דאַווענען אַהיים געקומען פון דער שול און האָט זיך געזעצט עסן אָנבײַסן, בין איך נישט אָפּגעטראָטן פון אים און האָב זיך בײַ אים געהאַלטן אין בעטן, אַז ער זאָל מיך לערנען זינגען. די מאַמע מײַנע האָט געלאַכט וואָס איך טרעט נישט אָפּ פונעם טאַטן: לאָז צו רו דעם טאַטן, ער האָט גענוג אָנגעהאָרעוועט זיך בײַ די סליחות אָן דיר. אָבער דער טאַטע מײַנער האָט, אדרבה, מיך אַוועקגעזעצט אויף די קני בײַ זיך, ווי איך וואָלט ערשט געווען צוויי יאָר אַלט, און האָט מיט מיר גענומען „איינקנעלן״ עפּעס אַ ניגון מיט ווערטער, וואָס איך האָב תיכף איבערגענומען — אַ ניגון מיט ווערטער, וואָס איז געווען דער בראשית פון מײַן געזאַנג, דער בראשית פון דער „גאָלדענער שותפות״ פון: ניגון מיט תפילה־וואָרט, פון תפילה־וואָרט מיט ניגון...

פון וואָס, אַ שטייגער, איז דער בראשית פון יענער „גאָלדענער שותפות״, וואָס דער טאַטע מײַנער האָט מיט מיר איינגעקנעלט, באַשטאַנען? וועל איך עס אַמאָל פאַרגעסן? קיינמאָל נישט! נישט דעם טעם פון יענעם ניגון, און נישט דעם טעם פון יענע ווערטער: „הבן יקיר לי אפרים״! ניין, קיינמאָל וועל איך אָט יענעם ניגון מיט די ווערטער נישט פאַרגעסן...

אַ סך וואַסערן זײַנען זינט דעמאָלט שוין אָפּגעלאָפן. מײַנע טריט זײַנען פאַרזייט איבער פאַרשידענע סטעזשקעס פון דער וועלט — אַ דאַנק אָט יענעם גליקלעכן פאַרטאָג, וואָס איז געוואָרן מײַן אָטעם, מײַן גאָרער לעבן, מײַן איך — דער שליסל צו מײַן נשמה. דער ניגון איז געוואָרן מײַן באַגלייטער, און דאָס תפילה־וואָרט — מײַן האַרץ־אויסגוס. אַוודאי פאַרנעמט בײַ מיר אַ וויכטיקן אָרט ניגון מיט ליד־וואָרט, אָבער צום ניגון מיט תפילה־וואָרט קומט עס נישט. אין דער צײַט ווען ניגון מיט ליד־וואָרט איז בײַ מיר ריינער געזאַנג, איז ניגון מיט תפילה־וואָרט — ריינער האַרץ־אויסגוס. איך פיל זיך שטאַרק באַפרידיקט, ווען איך שטיי אויף דער קאָנצערט־בינע מיטן ניגון און ליד־וואָרט אין מויל, אָבער צו דער — דערהויבנקייט, עקזאַלטירטקייט, השתפכות־הנפש׳דיקייט, ווי אַז איך שטיי ביים עמוד מיטן ניגון מיט תפילה־וואָרט, דערגרייכט עס נישט. דאָ פיל איך,

בפועל־ממש, אַז איך ריר־אָן דעם „שפּיץ פונעם הימל״: איך פיל דעם אָטעם פון דער „שכינה״, און אַז איך שלאָג אָן צום „פמליה־של־מעלה״ ...

נישט איינמאָל טרעפט, אַז איך שטיי ביים עמוד און וויל מיט גוואַלד צוימען זיך, נישט פאַרברענט צו ווערן פון די הייסע פלאַמען פונעם ניגון מיט תפילה־וואָרט, און קען עס בשום אופן נישט באַווייזן. שענערס: אויך דעמאָלט אַפילו ווען איך זינג אַ ניגון מיט תפילה־וואָרט אויף דער קאָנצערט־בינע, פיל איך, אַז איך ווער אינגאַנצן פאַרצערט — אַזוי פאַר׳כישופ׳ט בין איך פונעם דאַזיקן „גאָלדענעם שידוך״...

בפרט פיל איך אויף מיר אָט דעם „כישוף״ אַ סך מער שטאַרקער, טיפער, פאַר׳שיכור׳נדיקער — ימים־נוראים! וואָרום די ימים־נוראים׳דיקע ניגונים זיינען פון דעם מין, וואָס צינדן מיך אָן ממש מיט אַ העלישן פייער, מיט אַ געבעט־שיכרות, וואָס איך האָב נישט קיין ווערטער פאַר דעם. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די שול איז אָנגעפּאַקט מיט מתפללים, פיל איך אָבער ווי איך וואָלט געשטאַנען פאַרן רבונו של עולם איינער אַליין און אויף אַן אינטימן אופן זיך „דורכגערעדט״ מיט אים, ווי מען רעדט צו אַ „געליבטע״...

זאָג איך נישט, אַז דער געבעט־געפיל, איבערהויפּט דער ניגון מיט תפילה־וואָרט, איז ביי יעדן מענטשן גלייך, אָבער אַז יעדער איינער טראָגט אים אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן אין האַרצן ביי זיך, וועגן דעם איז ביי מיר קיין שום ספק נישט פאַראַן. דער סאַמע פאַרדאַרבנסטער מענטש אַפילו, לאָמיר אָנרופן אַ מערדער, וואָס האָט גע׳הרג׳עט אַ מענטשן, איז ווען ער געפינט זיך פנים־אל־פנים מיט זיין פאַרדינטער שטראָף פאַר דער תליה, צי אַן אַנדער סאָרט טויט, דערוועקט זיך אינסטינקטיוו דאָס געבעט־געפיל אין אים. און דאָס, בין איך זיכער, פּאַסירט אויך מיטן גרעסטן אַטעיסט אַפילו, ווייל, ווי שוין געזאָגט, דאָס איז דורכאויס אַן איינגעבאָרענער געפיל...

וואויל איז דעם מענטשן וואָס קען תפילה־טאָן, צי ברבים אָדער ביחידות, אין דער הויך אָדער אין דער שטיל, אויפן קול צי טיף אין האַרצן ביי זיך, מיט אַ ניגון, צי אָן אַ ניגון, אין אַ שול אָדער אין אַ חדר־מיוחד, אין אַ פעלד אָדער ערגעץ אין אַ וואַלד, אין אַ הייל אָדער אין אַ קעלער, אויפן ים אָדער אויף אַ בוידעם — דאָס איז קיין חילוק נישט...

„די שטימע״, סעפּ. 30, 1952, מעקסיקאָ

# קלאַנגען אין דער לופט

## וועגן יוסף אַחרון

דער חדר איז פול מיט פרישער פרימאָרגן־זון. אַ לויטערער הימל קוקט אַריין דורך די צוויי גרויסע אָפענע פענצטער. איך זיץ און עס פרישטיק און הער זיך איין צו מיין ליבלינג־פּראָגראַם „ברעקפעסט־סימפאָני״ (פרישטיק־סימפאָניע), אַ פּראָגראַם פון קלאַסישער מוזיק אויף רעקאָרדס, געשפילט פון די וועלט־באַרימטסטע סימפאָנישע אָרקעסטערס, אונטער דער לייטונג פון די פּראָמינענטסטע דיריגענטן וואָס די „ניו־יאָרק טיימס״ ראַדיאָ סטאַנציע „דאַבעליו, קיו, עקס, אַר״, ברענגט אין שטוב אַריין יעדן טאָג אין דער וואָך, אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, פון אַכט ביז ניין אינדערפרי, — אַ שעה פון אויסערגעוויינלעכן פאַרגעניגן.

איך לאָז זעלטן דורך אָט דעם פּראָגראַם, מיט וועלכן ס׳איז אַ נחת אָנצוהייבן דעם טאָג אַרבעט. קיין בעסערער סטימול קען גאָרנישט זיין! בפרט אַז די הנאה איז אַ דאָפּלטע: אי פון הערן גוטע קלאַסישע מוזיק, געשפּילט פון ערשט־ראַנגיקע אָרקעסטערס און ווי׳רטואָזן, אָנגעפירט פון וועלט־באַרימטע דיריגענטן, אי פון עסן אַ געשמאַקן פרישטיק, וואָס חנה׳לע האָט צוגעגרייט, באַזונדערס פון זופּן אַ גוט־אויפגעקאָכטע, מחיה׳דיקע טעפּעלע קאַווע!

די היינטיקע פּראָגראַם, איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר מיין געמיט מיט וועלכן איך בין היינט אויפגעשטאַנען. די פרישע פרימאָרגן־זון גיסט זיך וואונדער־לעך צענויף: צוערשט מיט די קלאַנגען פון טשאַיקאָווסקי׳ס פערטע סימ־פאָניע און דערנאָך מיט יוסף אַחרון׳ס קליינער מייסטערווערק: העברע־אישע מעלאָדיע, וואָס ווערט געשפּילט פון יאַשאַ חפצ׳ן מיט דעם לאָנדאָנער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, דיריגירט פון סער טאָמאַס ביטשהעם. די האַרציקע טענער פון אַחרון׳ס קאָמפּאָזיציע צענעמען מיך. עס לעבט פאַר מיר אויף דער מחבר ועמען איך האָב אַזוי גוט געקענט. מיר האָבן זיך אַ סך מאָל געטראָפן סיי אין ניו יאָרק און סיי אין האָליוואוד, וואו ער איז געשטאָרבן.

אַ שטילער ציטער גייט דורך מיין לייב: דעם פאַרגאַנגענעם חודש אַפּריל, איז געוואָרן ניין יאָר, זינט אָט דער טאַלאַנטפולער אידישער קאָמפּאָ־

זיטאָר און וואונדערלעכער מענטש, איז פון דער וועלט אַוועקגעגאַנגען און — גאָרנישט. ס׳איז אין ערגעץ נישט געווען דערמאָנט קיין וואָרט וועגן דעם. איבערהויפּט איז עס פאַרדראָסיק אויף דער אידישער פּרעסע. וויפל אַחרונ׳ס, אַ שטייגער, האָבן מיר עס געהאַט? וואו זיינען ערגעץ אונזערע אידישע ליטעראַרישע זשורנאַלן? איז דער אָנדענק פון אַ באַרימטן אידישן קאָמפּאָזיטאָר, מיטן טראָפּ אויף אידיש, דער סאַמע אָנגעזעענסטער ביז איצט, ווייניקער חשוב, ווי דער אָנדענק פון וועלכן עס איז אידישן שרייבער?! איז אַ ליד, אַ דערציילונג, אָדער אַ נאָוועלע, אַ ראָמאַן, נאָך אַלץ ביי אונז העכער פון אַ מוזיקאַליש ווערק? ביז וואַנען איז דער שיעור צו זיין קליינשטעטלדיק?...

געווען איז עס דעם 29־טן אַפּריל 1943, ווען פון האָליוואוד, קאַליפאָרניע, איז אָנגעקומען די טרויערדיקע ידיעה, אַז יוסף אַחרון, דער באַרימטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר און פידל־שפּילער, איז געשטאָרבן. די דאָזיקע נייעס האָט אַלעמען דערשיטערט און האָט אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער אין די מוזיקאַלישע קרייזן פון אַמעריקע און אין דער גאָרער וועלט. אָבער נאָך טיפער איז געווען דער טרויער צווישן אידן, אין די אידישע מוזיקאַלישע קרייזן. יוסף אַחרון איז אונז געווען טייער. ער איז נישט בלויז געווען אַ העכסט טאַלאַנטפולער קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט געשאַפן פּרעכטיקע אידישע קאָמפּאָזיציעס אין לויף פון אַ גוטע פּאָר צענדליק יאָר. זיין נאָמען איז געוואָרן באַוואוסט נישט בלויז צווישן אייגענע און נאָענטע, נאָר אויך אין דער נישט־אידישער וועלט.

יוסף אַחרון איז געווען אַ דורכאויס אידישער קינסטלער, אַ דורכאויס אידישער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט אין זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען אַרויסגעבראַכט דעם אידישן קלאַנג, דעם אידישן טאָן, דעם אידישן ניגון, דעם אידישן מאָטיוו, די טראָפּאַלע עלעמענטן, בית־מדרש־נוסח, פאָלקס־טענער, חסיד׳ישע גוסטן, חזנ׳ישן שטייגער און נאָך. ער האָט זיך נישט באַהאַלטן ווי אַנדערע מיט זיין אידישקייט, נאָר געזוכט דורך זיין אידיש־קייט צו אַנטפּלעקן זיך פאַר דער וועלט אין זיינע מוזיקאַלישע ווערק, גרעסערע און קלענערע.

אין אַ געשפּרעך מיט דער פאָעטעסע ראָזע נעוואַדאָסקאַ, וואָס איז געווען געדרוקט אין ניו־יאָרקער „אידישן קעמפער״, האָט יוסף אַחרון זיך אויסגעדריקט:

„מיר מוזן אַוועקשטעלן אונזער אידישע מוזיק אין דער ריי מיט די נאַציאָנאַלע שאַפונגען פון אַנדערע פעלקער, און מיר פאַרמאָגן דעם מאַטעריאַל דערצו".

יוסף אַחרון איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן אידישן גייסט, מיטן אידישן געמיט, מיט אידישע געפילן, אין זיינע שאַפונגען ווערט אַרויסגעבראַכט דאָס טיף־נאַציאָנאַלע, דער אידישער גייסט און ציל־באַוואוסטקייט. דער אידישער כאַראַקטער האָט דורך אים באַקומען אַ מוזיקאַלישן תיקון. ער האָט דעם אידישן קלאַנג דער ערשטער אַרויסגעפירט אויפן ברייטן שליאַך. אין אַלע זיינע קאָמפּאָזיציעס שפּיגלט זיך קלאָר אָפּ דער אידישער מהות, דער טיפער גלויבן אין אַ בעסערער וועלט.

זיין פריער־דערמאָנטע העברעאישע מעלאָדיע פאַר פידל און פיאַנאָ און אויך פאַר פידל און אָרקעסטער, וואָס איז איינע פון זיינע ערשטע מוזיקאַלישע שאַפונגען, איז געשפּילט געוואָרן פון די גרעסטע פידל־ווירטואָזן און סימפאָנישע אָרקעסטערס, אויף די פיינסטע און באַרימסטע קאָנצערט־בינעס פון דער וועלט. אין איר לאָזט זיך הערן דער אייגנאַרטיקער אידישער נוסח, אידישער סטיל, דער באַזונדערער אידישער ריטם, אידישער גייסט, און ער האָט אויך אַרויסגעבראַכט זיין אינדיווידועלן מוזיקאַלישן כאַראַקטער.

די קוואַלן פאַר אָט־דער דאָזיקער פּרעכטיקער קאָמפּאָזיציע, פאַר אָט־דער ברילליאַנטער שאַפונג, האָט אַחרון גענומען פון אַ ניגון, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט אין אַ וואַרשעווער שול, אין אַ חסידיש־שטיבל. עס האָט אים גענומען ווייניקער פון אַ האַלבער שעה עס אָנצושרייבן. ער האָט דעמאָלט, אין עלטער פון פינף און צוואַנציק יאָר, נישט געטראַכט, אַז די דאָזיקע „קליינע" קאָמפּאָזיציע זיינע וועט אים באַרימט מאַכן איבער דער גאַנצער וועלט.

עס איז כדאַי דאָ איבערצוגעבן, ווי אַזוי אָט די קאָמפּאָזיציע איז געקומען צום לעבן.

דער באַרימטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר יואל ענגעל, דער פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער מוזיק, און איינער פון די אַקטיווסטע טוער צווישן דער היסטאָריש־באַרימטער „געזעלשאַפט פאַר אידישער מוזיק", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1908 אין פּעטערבורג, האָט פאָרגעלייגט אַחרונ'ען אָנצושרייבן אַ אידישע קאָמפּאָזיציע, און ער האָט אָנגעהויבן צו

טראַכטן, וואָס אַזוינס זאָל ער אים ברייננגען? ער האָט זיך דערמאָנט וועגן אַלערליי אידישע ניגונים, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט אין זיין קינדהייט. זיין זיידע פלעגט אים מיטנעמען אין בית־מדרש, אָפּט פלעגט ער דאָרט הערן אַ חוץ דאָס לייענען די תורה מיטן טראָפּ, אויך אַ סך חסידישע ניגונים, פאַרשידענע זמר׳לעך, אַלערליי גוסטן, פאַרשידענע נוסחאות, תהלים־געזאַנגען און חזנ׳ישע שטייגערס. אָט־די דערינערונגען פון אַ חסידישן ניגון און די טראָפּאַלע עלעמענטן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע שטריכן, זענען פאַרוואַנדלט און אַריינגעוועבט געוואָרן אין דער העברעאישער מעלאָדיע. די זעלביקע גרונט־עלעמענטן און גרונט־שטריכן האָט ער דערנאָך אויך אַנטוויקלט אין אַ גאַנצער ריי פון זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען.

יוסף אַחרון האָט שטאַרק געהאַלטן פון אונזער טראָפּ. דער טראָפּ, אַלס גרונט־עלעמענט, אַלס גרונט־שטריך פון דער אידישער נגינה און מוזיק, איז געווען זיין טיפער גלויבן. ער פלעגט כסדר באַטאָנען ביי יעדער געלעגנהייט, אַז די טאָנאַלע רייכקייט פון אונזער טראָפּ איז נאָך נישט גענוג אויסגעפאָרשט און אָפּגעשאַצט געוואָרן ביי אונז. דער איינפלוס פון טראָפּ איז שוין לאַנג צוריק אין אַ געוויסער מאָס דערגאַנגען צו דער ברייטער וועלט, אין איניקע קאָמפּאָזיציעס פון רימסקי־קאָרסאַקאָוו און נאָך אַנדערע. אָבער ביי אונז זיינען מיר אַזוי צוגעוויינט געוואָרן פון קליינערהייט־אָן צום פשוט׳ן, איינפאַכן, אָבער אין תוך געניאַלן „סדרה־ניגון״, אַז מיר באַוואונדערן אים מער נישט.

דאָס סאַמע קערנדיקסטע פון אַחרונ׳ס מוזיקאַלישן טאַלאַנט און פון זיין שאַפן האָט זיך אַרויסגעוויזן ערשט מיט יאָרן שפּעטער אין דער פּרעכטיקער מוזיק וואָס ער האָט געשריבן צו אַזעלכע וויכטיקע טעאַטער־אויפפירונגען, ווי צו שלום־עליכמ׳ס „סטעמפּעניו״, צו שלום אַש׳ס „קידוש השם״, צו אברהם גאָלדפאַדענ׳ס „לא תחמוד״, צו פּרצ׳עס „נאָך דער קבורה״ און צו וויטער׳ס „פאַרטאָג״, וואָס דער אידישער מלוכה־טעאַטער אין מאָסקווע און מאָריס שוואַרצ׳ס אידישער קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, און נאָך אַנדערע אידישע טעאַטערס אין פּוילן, אין רומעניע, אין דרום־אַמעריקע און ארץ־ישראל האָבן אויפגעפירט.

נישט ווייניקער באַוואונדערונג האָבן אויך אַרויסגערופן זיינע אַנדערע שאַפונגען, ווי די קינדער־סויטע, דער טאַנץ פון די צדיקים, די גולם־סויטע, די עטלעכע סאָנאַטעס פאַר פידל און פּיאַנאָ, אַ צאָל קאָמפּאָזיציעס

פאַר אָרקעסטער און כאָר, צוויי ברילִיאַנטענע פידל־קאָנטשערטאָס, קאַמער־מוזיק, עטלעכע פיאַנאָ־קאָמפּאָזיציעס, סימפאָנישע וואַריאַציעס אויף דעם ניגון „אל יבנה הגליל״, און נאָך אַ סך אַנדערע מוזיקאַלישע שאַפונגען.

אָבער די קרוין פון אַחרונ׳ס אַלע שאַפונגען איז זיין ווערק „קבלת־שבת״, מיט דעם לויטערן אידישן סטיל, וואָס איז זיין סאַמע וואַגיקסטער צושטייער צו דער אידישער נגינה און מוזיק. דאָס איז זיין וויכטיקסטער אויפטו, זיין העכסטע דערגרייכונג, זיין גרעסטע שאַפונג, וואָס ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט. אחרון אַנטפּלעקט זיך דאָ ווי אַ מייסטער פון דעם אידישן טאָן און קלאַנג און ווי גאָר אַ גרויסער אידישער קאָמפּאָזיטאָר. אין דאָזיקן ווערק זענען געקומען צום אויסדרוק דורך פיין־האַרמאָנישע צוזאַמענגעוועבטע מיסטישע טענער, די ירושה פון דורות אידיש לעבן, אידישע ליידן, אידישע האָפענונגען, אידישע בענקענישן, טיפע אידישע געפילן און גלויבן, פאַרשידענע גלות־איבערלעבונגען. דער אידישער גוסט, דער אידישער מעלאָס גיסט זיך דאָ צונויף אויף אַ מערקווירדיקן שטייגער מיטן טעקסט. אַ איד קען גרינג דערקענען די אייגנאַרטיקייט פונעם ווערק, עס איז זיינס, ווייל עס דריקט אויס אויף אַ קינסטלערישן אופן די אידישע געפילן.

יוסף אַחרון האָט פאַרמאָגט אַ טיף־אידישן נאַציאָנאַלן גלויבן. ער איז געווען באַזעלט מיט דעם אַלטן אידישן אָפּטימיזם און בטחון, נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין דער פרעמד, אין אַ נישט־אידישער סביבה. דאָס איז געווען דער גרונט־טאָן, דער גרונט־שטריך פון אַלע זיינע שאַפונגען און מוזיקאַלישע מאָטיוון. די דאָזיקע שטריכן לאָזן זיך באַזונדערס שטאַרק דערקענען ביי אים אין זיין מוזיק, וואָס ער האָט געשריבן צו שלום אַש׳ס „קידוש השם״ אין דעם געזאַנג פון דאָס „הייליקע שניידערל״. דער דאָזיקער ניגון שטעקט מיט זיינע וואָרצלען טיף אין אידישן לעבן, אין דער אידישער טראַדיציע און איז אויך אַ ירושה פון זיין טאַטן, דעם לאָזדייער מנגן, דעם „מבין אויף חזנים״, דער „מתיקות׳דיקער הפטורה־זאָגער און נעילה־דאַווענער״, ווי עס האָט אַמאָל געשריבן פסח מאַרקוס (אין דעם ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט״), וואָס איז יוסף אַחרונ׳ס אַ בן־עיר. ער האָט אויך געשריבן, אַז: „ווען יאָסעלע אַחרון האָט געשפּילט אויף זיין פידל, האָט דאָס גאַנצע שטעטל איינגעהאַלטן דעם אָטעם״.

דאָס קליינע ליטווישע שטעטל לאָזדיי האָט געוויס נישט גע׳חלומ׳ט, אַז

דער קליינער יאָסעלע אַחרון וועט אַמאָל אויסוואַקסן אין אַ גרויסן פידל־שפּילער און נאָך פיל גרעסערן קאָמפּאָזיטאָר. דאָס האָט נאָר אפשר געקענט חלומ׳ען יאָסעלעס טאַטע, — וועלכער איז געווען אַ גרויסער מבין אויף זיין זונס מוזיקאַלישן טאַלאַנט. ער האָט אַליין אויך געקענט שפּילן פידל און ער איז געווען זיין ערשטער רבי...

יוסף אַחרון איז געווען איינער פון די שטילסטע, ריינסטע און פיינסטע אידישע מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָרס וואָס איך האָב באַגעגנט. ער האָט זיך נישט געיאָגט נאָך קיין כבוד, נאָך קיין געלט, נאָך קיין מאַטעריעלער באַקוועמלעכקייט. ער האָט אויסגעמיטן ביליקייט, ער איז כסדר געגאַנגען קעגן שטראָם. ער האָט געהאַט אַ ציל אין לעבן, אַן אידעאַל, אַ קינסטלערישן אידעאַל, פון וועלכן ער איז נישט אָפּגעטראָטן זיין גאַנץ לעבן. ער האָט דעם דאָזיקן אידעאַל ווי ווייט מעגלעך געזען אים פאַרווירקלעכן אין זיינע מוזיקאַלישע ווערק.

„די שטימע", נאָוו. 22, 1952, מעקסיקאָ

# חיים נחמן ביאַליק

## צו זיין 23טן יאָרצייט

גע׳דורות׳דיקער געזאַנג, פאַר דורות.
אַ בת־קול, פון דער טיף.
אַ וואָרט, פאַרן זכרון.
געזאַנג, פאַרן האַרצן.
אַ קאַרב, פאַרן שטערן.
אַ צייכן, פאַר דער געשיכטע.
אַן עמוד־האש, פאַר זיין פאָלק.
אַ ליכט, פאַרן העברעאיש־אידישן ליד.
איינער, וואָס שפּאַנט איבער טיפע ים׳ען.
אַ שיף, וואָס פירט אייך אין אַלע עקן.
אַ קאָמפּאַס, פאַר דיכטער און שרייבער.
אַן אויג, פאַרן זעער.

אַן אויער, פאַרן קלאַנג.
געשטעל, פאַרן נביא.
איינער, וואָס איז „מיט פלאַם און מיט ליכט אָנגעזאַפּט".
אַ קאָפּ, פאַר חכמה.
אַ מח, פאַר חריפות.
אַ שכל, פאַר גאונות.
אַ מויל, פאַר דער פען.
איינער, וואָס ברויזט ווי „פלאַמיקע ים'ען און שטראַליקע שטראָמען".
געקנאַל, פאַרן דונער.
געפלאַקער, פאַרן בליץ.
געברויז, פאַרן שטורעם.
געזאַד, פאַר דער לאַווע.
גע'רעש, פאַרן הימל.
געציטער, פאַר דער ערד.
תרועות, פאַרן שופר.
געיאָמער, פאַר דער שכינה אין גלות.
געקלאַג, פאַרן אידישן גורל.
געברען, פאַרן פייער.
אַ שייד, פאַר גאָט'ס פלאַם.
אַ זיפץ, פאַר דער טראַגישער אידישער מערכה.
אַן אוי, פאַרן אידישן צער און ווייטיק.
אַ באַנדאַזש, פאַר דער אידישער וואונד.
אַ וועקער, פאַר דער גאולה.
אַן אָנזאָגער, פאַר גוטע צייטן.
אַ מאָנער, פאַר יושר.
ליפּן, פאַר תפילה און רחמים.
אַ צונג, פאַר שטראָף און טרייסט.
געקלאַנג, פאַרן אות.
איינער, וואָס איז „פון זון געבענטשט, פון שטורעם אויסגעפּרואווט".
דומם, פאַר דער נאַכט.
תכלת, פאַרן קאַיאָר.
זון, פאַר דער פרימאָרגן־ליכט.

צעהעלטקייט, פאַרן קלאָרן טאָג.
געמורמל, פאַרן שטילן אָוונט.
געבריל, פאַרן לייב.
געשטיל, פאַר דער שעפּעלע.
איינער, וואָס איז „געשטראָפט פון גאָט מיט האַרץ".
וויי־געשריי, פאַר דער אומגערעכטקייט.
צער, פאַרן באַליידיקטן.
צאָרן, פאַרן אונטערדריקטן.
פּיין, פאַרן אָרימאַן.
טרערן, פאַר דער אלמנה.
געוויין, פאַרן יתום.
געקריץ, פאַרן שטומען.
איינער, וואָס איז „געבענטשט פון גאָט מיט גייסט".
אַ סאַד, מיט צייטיקע פּרוכטן.
צווייגן, פאַר ביימער.
טרויבן, פאַרן ווייַן.
זריעה, פאַר צעאַקערטע פעלדער.
רעגן, פאַר תבואות.
אַ מיל, מיט אַלערליי אָנגעלאָדענע זעקלעך מעל.
איינער, אין וועמעס וואַסערן ס׳איז גוט צו שווימען.
קלאָרע קוואַלן, פאַר טיפע ברונימער.
געלויטער, פאַר דער „סאַזשעלקע" אין וואַלד, וואָס ליגט אין דער „געדיכטעניש, ווייט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט".
איינער, אונטער וועמעס כוואַליעס ס׳איז גוט זיך אונטער־צו־טיקן.
אַ קאַפּעליע, פאַרן „פריילעכס", וואָס „זאָל אַ קרענק דער שונא וויסן, וואָס אין האַרצן בראָט און ברענט".
מאַרך, פאַר די ביינער פון קליינע קינדער.
כוח, פאַרן אידישן גוף.
נחמה, פאַר דער אידישער נשמה.
אַ מליץ־יושר, פאַרן חשיבות פון מענטש.
טוי־טראָפּנס, פאַר „גרינינקע ביימעלעך".
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען, פאַר „משה׳לעך, שלמה׳לעך".

וואָל, פאַר „ציצית״, פאַר „אידעלעך פריש פון די אייעלעך״.
זייד, פאַר „קאַפּאָטקעלעך״, און געקרייזלטע „פּאה׳לעך״.
איינער, וואָס איז פון „גאָט געשיקט״ פאַר דער וועלט אויסצושרייען „דאָס לעצטע וואָרט״.
בליצעלעך, פאַר די שטיפערישע „שרעטלעך״, וואָס נידערן „אַרונטער פון באַרג מיט אַ שאָלן — פאַרבענקט, ווי אַ קינדערשער חלום, און צאַרט, ווי פון די לבנה די שטראַלן״.
איינער, וועמעס „ווינטער־לידער״, גליען ווי די זון אין תמוז.
אַ גמרא, פאַרן „מתמיד״.
פאַרמעט, פאַר דער „מגילה פון פייער״.
אַ לאָנקע, פאַר פאַרליבטע פאַרלעך.
פינגער־קנייטשן, פאַר מיידלשע לאָקן.
פאַרב, פאַר געזונטע רויטע באַקן.
רייץ, פאַר „מאַרינקען״.
פעטע ערד, פאַר „אריה בעל־גוף״.
אַ געדיכטער וואַלד, מיט קרעפטיקע דעמבעס.
אַקאַציע, פאַרן האַרבסט.
זילבער, פאַר צאַרטינקע וואָלקנדלעך.
איינער, וואָס האָט זיין „טרער פון דער טיף פון דער נשמה געצויגן״.
געצוויטשער, פאַר פייגל אין פעלד.
פרישער גראָז, פאַרן הויף.
לבנה־שיין, פאַר זומערדיקע נעכט.
גערויש, פאַר בלעטער.
איינער, וואָס איז „פון פרייד און פון גליק און פון שטראַלן געפאַנגען״.
פּורפּור־שטרייפן, פאַר זון־פאַרגאַנג.
טרערן, פאַר טויבן.
שטראַלן, פאַר קאָלירטע שויבן.
אַ פרימאָרגן אין חודש מאַי, וואָס „אָנטבלויזט זיך פריש און איידל, ווי דאָס יונגע פרומע לייב פון אַ אידיש כשר מיידל״.
אָן אָנטענע, פאַר אַלערליי ניגונים.
איינער, פון וועמעס לויטערע קוואַלן ס׳איז גוט צו טרינקען. —

חיים נחמן ביאַליק.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, סעפּ. 1957, נ.י.

# שאול טשערניכאָווסקי

## צו זיין 15טן יאָרצייט

אַן אינזל פון גאָלד און פּורפּור.
איינער, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן אין ליד.
אַ שליפשטיין — פאַרן נייעם העברעאישן וואָרט.
איינער, וואָס איז זיך אַליין פאַרלאָפן דעם וועג.
אַ האַרץ — פאַר זון און בלומען.
שימער — פאַר ווייסן מאַרמאָר.
גלי — פאַר הויכע קאָלאָנען.
סאַפיר — פאַר די שטערן בייננאַכט.
איינער, וואָס נויגט זיך אַפּאָלאָדיק.
אַן אַפּאָסטאָל — פאַר די גריכישער געטער.
אַ ריטער — פאַר „עלקעס חתונה״, וואָס איז:
„די שענסטע פון די מיידעלעך אַלע״,
און „טוט ווי די זון אין תמוז שטראַלן״.
קילע סמעטענע — פאַר הייסע „מילכיקע קרעפּלעך״,
געקנאָטן פון „ווייכע ראָזיקע הענט״.
בלויער צוויט — פאַר קאָרן־פעלדער.
ווייסער מאָן — פאַרן באַשטאַן.
אַ ריינדל — מיט פרישע רויטע קאַרשן.
בעז — פאַרן פרילינג.
קופּער — פאַרן בויגן.
אַ שפּיז — פאַרן יעגער.
גלאַטקייט — פאַרן טראַקט.
אַ שפּאַקטיוו — פאַרן אויג.
איינער, וואָס האָט זיין פען געטונקען אין לויטער געזאַנג.
סאַמעט — פאַר אַ פעלערינע.
שלאַנקייט — פאַר דער באַלערינע.
געקאָך — פאַרן שטורעם.
ליכט — פאַרן טורעם.

אַ קוואַל — פאַרן טרינקער.
אַ שטראַל — פאַרן בענקער.
גרין — פאַרן עפּל־בוים.
אַ קוויק — פאַרן גומען.
אַ ניגון — פאַרן ברומען.
געקלאַנג — פאַר דער קאַסע.
פרישקייט — פאַר דער ראַסע.
אַ גראַבליע — פאַרן היי.
בלאָנד — פאַרן שטרוי.
אַ ווייכע פריזבע — פאַר „אַ מעשה מיט מרדכי׳ן און יאַכימען״.
אַ וואַרעמע נעסט — פאַר פייגעלעך.
אַ קאָלפּאַק — פאַרן בליצלאָמפּ.
סירקע — פאַרן צינד.
צאָרן — פאַרן „גלאָקן־געקלאַנג, וואָס ברומט נאָך בלוט״.
אַ שווערד — פאַרן קעמפער.
איינער, וואָס באַזאָגט:
„אין קאַמף שטאַרב, נישט אין שמד.
אָ, ניין, איך האָב אַ שווערד אין האַנט.
מיין פויסט איז געראָלט —
באַגעגנט מיך דער חיה־מענטש
איז בלוט פאַר בלוט געצאָלט!״
אַנגעגליטער אייזן — פאַר „ברוך ממגנצה״.
האָפענונג — פאַרן גלויביקן.
איינער, וואָס זינגט מיאַטנעדיק:
„לאָך זיך אויס פון מיינע טרוימען,
וואָס איך גלויב אין דעם מענטשן,
וואָס איך גלויב נאָך אויך אין דיר!״
אַ נשמה — פאַרן לויטערן אָפּטימיזם.
איינער, וואָס שופר׳ט אויס:
„ס׳איז ברייטקייט נאָך פאַראַן און וועגן —
לאָמיר גיין! —

שאול טשערניכאָווסקי. „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, דעצ. 1958, נ. י.

# זלמן שניאור

## צו זײַן ווערן אַ בן־שבעים

אַ פאָנטאַן — מיט בריליאַנטענע טראָפּנס.
אַ מוסקול — פאַר דער פּען.
גראַניט — פאַרן וואָרט.
פונקען — פאַר דער קאָוואַדלע.
שטאָל — פאַרן בויער.
ציגל — פאַרן מויערער.
קופּער — פאַרן גראַווירער.
מאַרמאָר — פאַרן סקולפּטאָר.
ליים — פאַרן טעפּער.
קיט — פאַרן קנעטער.
געוויכט — פאַר דעם וואָג.
אַ גראַנדיעזע שטוב, מיט אַ סך זאַלן און אַלקערס.
איינער, וואָס קען אַריבערשפּרינגען פּאַרקאַנס און גריבער.
פליגלען — פאַרן אָדלער.
אַן אָזיערע — פאַר דער לבנה צו שפּיגלען זיך.
אַ שייער — מיט אָנגעזאַמלטער תבואה.
וויין — פאַרן גומען.
פרוכט — פאַר די ביימער אין סאָד.
אַ פעלד — מיט גאָלדענע האָפּן.
הייוון — פאַרן שטיפער.
אַ קילער שאָטן — פאַרן „וועלדל ביים טייכל״, מיט „מאַרגאַריטקעלעך״ ביי דער זייט.
אַ פּאָליאַנקע — מיט סטייגן פרישן היי.
אַ טורעם — מיט אַ הויכן שפּיץ.
געהילץ — פאַרן שניצער.
פּאַליטור — פאַרן פּוצער.
פאַרב, פאַרן מאָלער.
פעדים — פאַרן וועבער.

וואָל — פאַרן שטיקער.
אַ גאָרטן — פאַרן באָטאַניקער.
איינער — וואָס קען שטומע באַשעפענישן אויך מאַכן צו רעדן.
אַ שליח־ציבור — פאַר „שקלאָווער אידן״.
אַ צונג — פאַרן העברעאיש־אידישן לשון.
איינער — וואָס וועקט אייער אַפּעטיט.
שפּייז — פאַרן הונגעריקן.
אַ געטראַנק — פאַרן זאַטן.
גלוסטונג — פאַרן שעמעוודיקן.
העזה — פאַרן באַשיידענעם.
גאווה — פאַרן עניו.
פאַרמעסט — פאַרן שטאַרקן.
גבורה — פאַרן שוואַכן.
אַ סטימול — פאַרן וואַקלדיקן.
וויטאַמינען — פאַרן רעזיגנירטן.
איינער, וואָס שפּאַנט מיט זיכערע טריט.
קערנער — פאַרן מילשטיין.
ברויט — פאַרן אויוון.
קין — פאַרן פלאַם.
אויל — פאַרן פייער.
איינער — וואָס ווייסט וואוהין ער גייט.
כוואַליעס — פאַרן ים.
שטראָמען — פאַרן ריווער.
ווייסינקע שטיינדעלעך — פאַרן מורמעלדיקן ריטשקעלע.
אַ בליאַסק — פאַרן בחור „מיט לאָקן, מיט שוואַרצע ווי פּעך״.
אַ חן־פּינטעלע — פאַרן מיידל מיט „צעפּ און אויגן סאַפּירן״.
טוי — פאַר יונגע טעג.
אַ ווינטעלע — פאַר זומערדיקע נעכט.
אַ שטעל — פאַרן גיבור.
אַ ראַזמאַך — פאַרן הירש. —

ז. שניאור.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, דעצ. 31, 1957, נ.י.

# שלום עליכם

## צו זיין 100־טן געבוירנטאָג

דער „אהבה־רבה־גוסט״, פון דער אידישער ליטעראַטור.
דער „ניסע בעלזער״, פון אידישן שרייב־נוסח.
דער „זיידל ראָוונער״, פונעם אידישן וואָרט־אָרקעסטראַציע.
דער שרייבער, מיטן ליכטיקן טאָן.
דער באַזינגער, פון אידן.
איינער, וואָס האָט באַיאָעט דעם אידישן לעבן.
אַ נר־תמיד, פאַרן אוקראַאינער אידנטום.
אַ פאָן, פאַרן גאַרן פאָלק.
קרעניצעס, פאַרן אידישן לשון.
אַ שופר, פאַר „כתרילעווקע״.
הייוון, פאַר אייגנבאַקענער חלה.
טייג, פאַר היימיש־געשמאַקע פוטער־קיכלעך.
פלאָמען, פאַר אַ יום־טוב׳דיקן־קאָמפּאָט.
מייערן, פאַר אַ סוכות׳דיקן־צימעס.
אַ בלויע קערה, פאַר אַ פּסח׳דיקן־סדר.
אַ פיר־זאָגער, פאַר דורות.
זילבער, פאַר מנורות.
אַ מאָנומענט, פאַרן אידישן שטייגער.
געווער, פאַר אַן אייביקן זייגער.
אַ טייטל, פאַר געלעכטער.
אַ חריף, פאַרן פעכטער.
אַ פידעלע, פאַר „סטעמפעניו״.
איינער, וואָס האָט געלערנט אידן ליב צו האָבן דאָס לעבן.
אַ פעלד, מיט סיפּקע קאַרטאָפליעס.
צאַפּלדיקע פיש, אויף שבת.
אַ שמאַלץ־הערינג, מיט ציבעלעס.
שוואַרצער ברויט, מיט קנאָבל.

אַ פּוטער־בולקע, פאַרן „פאַרכישופטן שניידער״.
אַ ווייניקער קוגל, פאַר אַן אויפרופונג.
געפילטע העלזלעך, פאַר אַ שמחת־תורה׳דיקן־קידוש.
אַ גאָלדענע יויך, מיט מאַנדלען פאַר אַ חופּה־וועטשערע.
רעטעך, מיט שמאַלץ.
לאָקשן, מיט קעז און פּוטער.
לעקעך און בראָנפן, פאַר תנאים.
אַן אייעריקער־קיכל, פאַר אַ לחיים.
אַ פריילעכער מחותן, פאַר אַ חתונה.
נאַהיט, פאַר אַ בן־זכר.
איינער, וואָס וויינט דורך לאַכן.
אַ טאַטע, פאַרן „איך בין אַ יתום״.
קאַלטע זויערמילך, פריש פונעם קריגל.
אַ פּילוואַראָק, פאַר „בויבעריק״.
אַ גלאָק, פאַר „יעהופּעץ״.
אַ טראַקט, פאַר „מאַזעפּעווקע״.
הויפּנס, מיט בערלעך.
זשמעניעס, מיט קערלעך.
אַ ווייסע קושן, פאַר „סענדער בלאַנק״.
בטחון, פאַר „טביה׳ן״.
געגלייזטע כלים, פאַר „גאָלדע־סערדצע״.
אַ רייטוואָגן, פאַר „מנחם־מענדל׳ען״.
אַ שבת׳דיקע טיכל, פאַר „שיינע־שיינדל׳ען״.
אַ רויטע פאַטשיילע, פאַר דער אידענע מיטן „טעפּל״.
איינער, וואָס האָט אַליין אויך געלעבט אַ אידיש לעבן.
אַ שבת׳דיקע היטעלע, פאַר „טאָפּעלע טוטאַריטו״.
קונדסלעך, פאַר „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס״.
אַ גאָלדענער קלינגער, פאַר אַ „מעסערל״.
חן, פאַר שטיפערייען.
שטוקעס, פאַר שקאָצערייען.
שפּיצלעך, פאַר שפּילערייען.
אַ סידור, פאַר פרויען.

אַ מחזור, פאַר מענער.

אַ מאכל, פאַרן טעם.

אַ כבוד, פאַרן שטאַם.

איינער, וועמעס האָפענונג און גלויבן איז געפלאָכטן פון מיר האָבן אַ גרויסן גאָט.

אַ קרוין, פאַר „ווען איך בין ראָטשילד״.

פרייד, פאַרן זאָרגעוודיקן.

תמימות, פאַרן עמכאָדיקן.

חשיבות, פאַרן אָרעמאַן.

כלי־זיין, פאַרן באַ׳עוול׳טן.

חכמה, פאַרן פּשטן.

גוטסקייט, פאַר „שער און אייזן״.

אַ בינע, פאַר „בלאָנדזשענדע שטערן״.

איינער, וואָס איז געגאַנגען דער זון אַנטקעגן.

אַ קאַמערטאָן, פאַר „יאָסעלע סאָלאָוויי״.

אַ סאַמעטענע יאַרמולקע, פאַר „שימעלע סאָראָקער״.

אַ געפלאָכטענער גאַרטל, פאַר „דוד שאַפּיראָ״.

איינער, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אַ פייג דעם שונא.

אַ פאַרקייך, פאַר אַ „דוינע״.

אַ טלית־זעקל, פאַרן חתן.

אַ קידושין־רינג, פאַר דער כלה.

אַ פליושענער בורנעס, פאַר דער מחותנת׳טע.

אַ סייבלענער טולאָפּ, פאַרן מחותן.

אַ שנירל־פערל, פאַר דער באָבע.

אַ זילבערנע טאַבאַק־פושקע, פאַרן זיידן.

אַ קוואָרט, פאַרן וואָרט.

אַ ים, פאַר חריפות.

אַ האַנטפאַס, פאַר נקיה.

קלאָרקייט, פאַר דער ראיה.

פליגלען, פאַרן וואָיאַזשאַר.

אָנזאָג, פאַרן קאַיאָר.

איינער, וואָס האָט געטראָגן גאָט אין הארצן.

פולע וועגענער סחורות, פאַרן „פונעם יאַריד״.
אַ שטאָלץ, פאַרן איד. —
שלום עליכם.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, מערץ 31, 1959, נ.י.

# שלום אַש

א ברייטער טייך, מיט אַ סך שטראָמען, וואָס גייט אַריבער די ברעגעס.
אַ פעלד, מיט גאָלדענע זאַנגען, באַשפּרינקלט מיט בלויע בלימעלעך.
אַ סאָד, מיט פאַרשידענעביימער, באַלאָדענע מיט כל׳ערליי פּירות און אַראָמאַטן.
אַ גאָרטן, מיט שורות בייטן, אָנגעזעצט מיט אַלערליי גרינסן און רויטינקע חודש־רעטעכלעך.
אַ ישיבה, מיט תלמידים, ביי אָפענע גמרות.
אַ בית־מדרש, מיט דאַוונערס, איבערגעדעקט מיט טליתים מיט זילבערנע עטרות.
אַ שבת בייטאָג, מיט פרומע אידישע פרויען מיט זיידענע טיכלעך אויף די קעפּ, ביים לייענען דעם „צאינה וראינה״.
אַ קאַיאָר, מיט אידן, ביים זאָגן תהילים.
אַן אָרון־קודש, מיט אויסגעשניצטע כרובים.
אַ פּרוכת, מיט אויסגעהעפטע לייבן.
אַ פרייטיק נאָכמיטאָג, מיט פרישע חלה פונעם אויוון מיט אַ געשמאַקן ראָסל־פלייש.
אַ פלאַקערדיקע הבדלה, מיט בשמים־ביקסלעך.
אַ שבועות, מיט בועז׳עס און רות׳עס.
אַ שיר־השירים, מיט שולמית׳עס און שלמה׳ס.
אַ לעמפּערט, מיט אַ סך פלעקן אויף דער פעל.
אַ הונגעריקער וואָלף, וואָס קען נישט קיינמאָל זיך אָנזעטיקן.
אַ שיכור, וואָס וויפל ער טרינקט איז אים אַלץ ווייניק.
אַ תחינה, מיט סליחות און קינות.
אַן אַקדמות, מיט האַנט־געשערענע קאָלירטע פּאַפּירענע־רויזן אויף די

שויבן, מיט ווייסע פאַרהענגלעך אויף די פענצטער.
אַן אוהל, מיט אַנגעוואַקסענער קראַפּיווע ביי די זייטן.
אַ פּאַסטוך, וואָס ציטערט איבער זיין טשערעדע און האָט זיך ליב צו פאַרקוקן אויפן הימל.
אַ פאַרשייט אינגל, מיט אַ קעפּקע מיט אַ פאַרדרייטן דאַשעק אויפן קאָפּ, וואָס האָט ליב צו שפּרינגען איבער פרעמדע פּלויטן.
אַ מאַמע, וואָס טראָגט אין דער פאַרטוך־קעשענע שטיקלעך צוקער־קאַנדל.
אַ פרומער ציידע, וואָס רויכערט אַ סך און שמעקט צופיל טאַבאַק.
אַ שקאָץ, וואָס וויל ווינטער אויפן טייך דווקא אום שבת בייטאָג זיך גליטשן, בעת אַנדערע אידישע אינגלעך זיצן אין די חדרים און לערנען געשמאַק: „ברכי נפשי״ און „תהלים״.
אַ פליים, ווּעמעס ווייַנענדיקע טענער און זיפצן זיינען ווי די, ווי פון אַ יתום, וואָס די שטיף־מאַמע זשאַלעוועט עסן און שלאָגט נאָך דערצו.
אַ בעל־תפילה, וואָס „זאָגט״ וואָס אויפן האַרצן ביי אים.
אַ לאַמטערן, פאַרן „שטעטל״.
אַ מליץ־יושר, פאַר „ר׳ שלמה נגיד״.
אַ קדיש, פאַר די הייליקע נשמות פון „קידוש־השם״.
אַ מאָנומענט, פאַר די „דריי שטעט״: וואַרשע, פּעטערבורג און מאָסקווע.
אַ שליח־ציבור, פאַרן „תהילים־איד״.
אַ סנגור, פאַר „מאָטקע גנב״.
אַ פיר־זאָגער, פאַרן „קוילער געסל״.
איינער, וואָס יאָגט זיך ווי אַ שטורעם־פויגל און קען נישט זיך אָפּשטעלן.
אַ קונה, פאַר ווּעמען אַלצדינג איז אַ סחורה.
אַ גרויסער סוחר, וואָס האָט אַ שוואַכקייט פאַר קאָלירטע פּאַטשערקעס.
אַ מכשף, וואָס קען פון „הימל אַ יאַריד״ אויספּלעכטן אַ צויבער׳מעשה׳לע.
אַ פריץ, פאַר ווּעמען מ׳דאַרף אַרונטערנעמען דאָס היטל.
אַ יאַרידניק, וואָס האָט זיין סחורה אַרויסגעפירט אויף אַלע גרויסע וועלט־מאַרקן.
אַ געדיכטער וואַלד, וואו די זון לויכט אַריין מיט מיליאָנען שפּאַקטיווע־אויגן.
אַ צעבליטער באַשטאַן, מיט זון־רויזן.
אַ ליכטיקער פרימאָגן, מיט ראָזלעכער פרישקייט.

אַ מילדער נאַכמיטאָג, מיט צאַרטע וואָלקן־ליניעס.

אַ שטילער פאַרנאַכט, מיט ציטעריקע פורפור־זוימען.

אַן אויסגעשטערנטע זומער־נאַכט, מיט מיאַטנע ווינטעלעך.

אַ פּראַכט־אויסשטעלונג מיט קדושה און טומאה; גאָט און יעזוס; תורה און טעסטאַמענט; משה און פּאול; מוטער רחל און מערי; צען געבאָט און צלם; שול און קלויסטער; רעליגיע און סעקס; מזוזה און איקאָנע; ישיבה און נפקא־בית; מאַמע און זונה; צניעות׳דיקייט און צעלאָזנקייט; זינד און חרטה; טהרה און פּראָסטיטוציע; כשרות און טרפות...

אַ קעניגרייך, מיט פּאַראַדאָקסן.

אַ סימפאָניע, אין דיסאָנאַנסן.

אַ ים, אָנגעלאָדן מיט אַלערליי פיש.

איינער, וואָס שטייט כסדר על פרשת־דרכים.

איינער, וואָס זיצט כסדר על שתי־הסעיפים.

אַ שטורעם־ווינט, וואָס בלאָזט אָט אין מזרח און אָט אין מערב, אָט אין צפון און אָט אין דרום.

אַ באַלאַדע, וואָס שטייגט און פאַלט.

אַ הויכע באַרג־לופט און אַ טאָליקע שטיקעניש.

איינער, וואָס איז ווי אַ שטערן פון הימל אַראָפּגעפאַלן צו דער אידישער ליטעראַטור.

אַ פידל, פאַרן אידישן וואָרט.

אַ ניגון, פאַרן „געזאַנג פון טאָל״.

אַ צעגרינטער בוים, אונטער וועמעס סאַמעטענע בלעטער ס׳איז גוט צו רוען.

אַ מחיה׳דיקע וואַרעמקייט, וואָס קוועלט פון די טיפענישן אַרויס.

אַ ברונען, וואָס דערפרישט.

אַ קוואַל, וואָס דערקוויקט.

אַ זילבערנער טאַץ, מיט שטיקער טאָרטן.

אַ קידוש־בעכער, מיט רויטן וויין.

אַ געזאַנג, וואָס ווילט זיך הערן נאָך און נאָך. —

שלום אַש.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, אויג. 1957, נ. י.

# אַברהם רייזען

## צו זיין 5טן יאָרצייט

א האַרציקער בעל־תּפילה.
איינער, וואָס דאַוונט פון זיין אייגענעם סידור.
תּבואות, פון אייגענע פעלדער.
קלאַנגען, פון אייגענע סטרונעס.
עכאָס, פון אייגענע וועלדער.
פּרוכטן, פון אייגענעם גאָרטן.
בעקנס, מיט היימישע טאָרטן.
אַ קרוין, פאַרן אָרעמאַן.
בטחון, פאַרן שווערן געשפּאַן.
אַ וואָגן, מיט גאָלע מתּנות.
אַ שייער, מיט פולע מעסטלעך רחמנות.
אַ מאַמע, פאַרן יתום.
אַ טאַטע, פאַרן חתן.
אַ „כשר"־טאַנץ, פאַר דער כּלה.
אַ „שערעלע", פאַר מחותּנים.
אַ שומר, פאַר גאָט'ס גאַב.
קלאָרע וואַסער, פאַרן וואָרט.
איינער, וואָס ברייינגט רפואות.
אַ גלעט, פאַרן זיידן.
אַ קוש, פאַר דער באָבען.
אַ שליח, פאַר גאָט אין הימל.
זאַלץ, פאַרן ברויט מיט קימל.
איינער, וואָס זאָרגט זיך, „פאַר די אידן אין מאַראָקא
און פאַר די אידן אין דער ווייט,
און פאַר שיך פאַר אָרעמע קינדער
און פאַר האָלץ פאַר אָרעמע לייט".
גרינע ציבלקעס, פאַר אַ בלויער שיסעלע מיט קילער סמעטענע.
פרישע זויער־מילך, פאַרן דאָרשט.

יונגער שטשאַוו, פאַרן מילכיקן באָרשטש.
נייע אוגערקעלעך, פאַר אַ ברכה.
סיפקע קאַרטאָפליעס, פאַר אַ „מלוה־מלכה״.
איינער, וואָס טראָגט טרייסט אין זיינע קעשענעס.
גינגאָלד־פעדים, פאַרן „שלאָפראָק״.
ווייסע ליכט, פאַרן טאָג.
אמת, פאַרן וואָג.
מוט, פאַרן קעמפער.
וואוט, פאַרן לעבן.
איינער, וואָס גלויבט: „און זאָל ווי ווייט נאָך זיין די צייט, פון ליבע און פון שלום.
דאָך קומען וועט, צי פרי, צי שפּעט —
די צייט. עס איז קיין חלום״.
אַ „מזרח״, פאַרן וואַנט.
אַ חנוכה־לעמפּל, פאַרן פענצטער.
אַ טויב, פאַר אַ וועלט פון רשעות.
אַ פאָן, פאַר שטראַלדיקער גוטסקייט.
איינער, וואָס וואַרעמט אייך אָן מיט זיין וואָרט.
ליכטיקע בשורות, פאַרן שוסטערל מיטן „העמערל, העמערל, קלאַפּ״.
פויסטיקער צאָרן, פאַר „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן״.
וויניקע עפּעלעך, פאַרן עפּל־בוים.
טאַנצנדיקע בלימעלעך, פאַרן זוניקן פעלד.
זיסער אומעט, פאַר שטילע פאַרנאַכטן.
פריידיקע טריט, פאַר סומנע אָוונטן.
איינער, ביי וועמען „ס׳האַרץ בענקט נאָך ניגון מיט ווערטער פון תפילה,
וואָס זיינען אין צער אין גלויבן געבאָרן.
וואָס זיינען אַזוי ווי אין נבואה געשאַפן,
די בייז צו פאַרטרייבן, די וועלט איבערשאַפן״ ... —
אַברהם רייזען.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, מערץ 31, 1958, נ.י.

# ה. לייוויק

## צו זיין ווערן אַ בן־שבעים

אַ ניגון, וואָס מאָנט חובות.
אַ זוכער, אין מיטן העלן טאָג.
אַ גרויער פרימאָרגן, וואָס שלאָגט זיך דורך צו לויטערקייט.
אַ פאַרשטיקטער געשריי, וואָס דערגייט ווייט.
אַ קמצן, וואָס שפּרייט עשירות.
אַ האַרעפּאַשנער זייער, וואָס שניידט מיט געזאַנג.
אַן עפּל־בוים, אויף אַ ליידיקן פעלד.
אַ האַרבסטיקער טאָג, אין מיטן־זומער.
אַ גאָרטן, מיט גוטע וואונטשן און כוונות.
איינער, וואָס קומט צו אייך מיט:
„באַרירונג, איך טראָג אויף מיין קאָפּ,
און בענטשונג פון ליפּן,
געטראַנקשאַפט פון ערדענעם טאָפּ,
און ווייכקייט פון קאָרענע זופּן".
אַ געוויסן, וואָס רייסט זיך צו לייטערונג.
אַ סאַזשלקע, מיט דורכזיכטיקן צער.
אַ בייטש, וואָס שמייסט אויף צוריק.
אַ תפילה, פאַרן אָרעמאַן.
אַ אין קייטן־געפאַנגענער, וואָס הערט נישט אויף צו זינגען פון פרייהייט און אויסלייזונג.
אַ באָרוועסער, וואָס טרעט אויף טשוועקעס און עס רינט אים בלוט פון די פיס.
אַ שומר, וואָס איז לאַנגע יאָרן געשטאַנען ביי פרעמדע טויערן,
ביז ער האָט זיך געכאַפּט אַז ער האָט זיינע אייגענע טויערן אויף צו היטן...
אַ ליכט, פאַרן צוקאָפּנס.
איינער, ביי וועמען עס איז „מיין ליבשאַפט — אַ ווייסע שאָף".
אַ קינד, וואָס צעדראַפּעט זיך דאָס פּנים מיט די אייגענע נעגל.
אַ לייטער־קלעטערער, וואָס וויל דערלאַנגען דעם הימל.

איינער, וועלכער פירט מיט זיך אַ שטענדיקן געראַנגל.
אַ לאַמטערנע, פאַרן דזשאַנגל.
אַ פעלד, מיט איבערגעשראָקענע ווייסע לעמער.
קנויטן, פאַר „ליכטיקע לאַמפּן אין טויטע פאַריוואָרלאָזטע שטיבער".
אַ חלום, אויף צוויי פיס.
אַ באַרג, וואָס שטייט אַ ביסל אָנגעבויגן.
אַ וואַלד, מיט הויכע ביימער און קליינע קוסטעלעך.
אַ סוד, וואָס רעדט הויך אַרויס פון זיינע שורות.
אַ גרינע לאָנקע, מיט קאַליוזשעלעך ביי דער זייט.
אַ שלש־סעודות, פאַר וואָכעדיקע טישן.
אַ יאַדישלעווע מומע, מיט אַ סאַמעטענעם פאַרטעך.
אַ טאַטע, וואָס האָט ליב צו זאָגן מוסר.
אַן אפיקורס, וואָס האָט ליב גאָט.
אַ מתנגד, הינטער וועמען עס באַהאַלט זיך אַ פייערדיקער חסיד.
אַ וואָכעדיקע מנחה מיט יום־נוראים׳דיקע טענער.
אַ טעפּער, וואָס האָט באַוויזן פון לייב אויסצוקנעטן אַ לעבעדיקן וועזן.
אַן אויג, וואָס דרימלט נישט.
אַ „שיר־היחוד", פאַר אַ קאַלטער קלויז.
אַ סליחות־פאַרטאָג, וואָס נעמט דורך די ביינער.
אַן אויפגעריסן קול, וואָס וואַרפט אָן אַ פחד.
אַ תהילים־קלאַפּער, וואָס וועקט אייך אויף פון שלאָף.
איינער, וואָס וואַרפט זיך ביינאַכט און שלעפּט אַרונטער דאָס ליילעך פון בעט.
אַ כוס טרויער, אין מיטן אַ פריילעכער הוליאַנקע.
אַ טרער, וואָס וויל פון אויג נישט אַוועקגיין.
אַ געוויין, פאַר „ווען יעדנס לעבן הייליק וואָלט געווען ביים צווייטן מענטש, —
וואָלט אויך דער מלאך־המות אין יעדנס לעבן הייליקייט געזען".
אַ צעפּייניקטע נשמה, פון וועלכער עס זינגט אַרויס דאָס צור־ישראל׳דיקע געזאַנג:
„איך הייב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער". —

ה. לייוויק. „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", נאָוו. 28, 1958, נ.י.

# מאַני לייב

## געווידמעט חוה׳לען אָשר דעם שוסטערס

אַ בלויער שטערן, אין אַ מיט־זומער נאַכט.
אַ פֿאַרשייט לאַשיקל, אויף אַ גרינער לאַנקע.
אַ ניגון, וואָס וויקלט אייך אַרום ווי אַ וואַלענער שאַליקל דעם האַלז.
סטרונעס, פֿאַרן פֿידל.
אַ שטילע נאַכט, ביים וואַסער־מיל.
אַ מעדאַליאַנטשיק, פֿאַר אַ ווייסן מיידלשן האַלז.
אַ זילבערנע לבנה, אין חודש יוני.
אַ טייך מיט לאַדקעס, אויף וועלכע עס שיפֿלען זיך יונגע בחורים און מיידלעך.
אַ פֿיינע גלאָז טיי, מיט פֿרישער שמעקנדיקער לעמאָנע.
אַ קילער פּרעסטעלע, אין אָנהויב האַרבסט.
אַ לירע, פֿאַרן בלינדן בעטלער מיט דער טאָרבע, וואָס זיצט אויף דער ערד אין מיטן מאַרק.
איינער, וואָס גייט כסדר אַרום אויסגעפּוצט.
אַ קאָלירט־קעמעלע, פֿאַר אַ פֿאַרשייטער טשופּרינע.
אַ פּיעסטשעניש, פֿאַר אויסגעכאַליעטע פּאַניענקעס.
טענער, פֿאַרן לירישן טענאָר.
פּיאַניסימאָס, פֿאַרן זינגער.
מאָטיוון, פֿאַרן קאָמפּאָזיטאָר.
לייוונט, פֿאַרן מאָלער.
פֿאַרב, פֿאַרן „ריטער פֿון געבענקטער בלוי״.
אַ שטעקן, פֿאַרן גייער „אויף גאָט׳ס ראָזע, הייליקע וועגן״.
איינער, וועמעס „בענקשאַפֿט איז ווייס ווי מילך און טוי,
און זיס ווי דער האָניק־רעגן״.
אַ בליאַסק, פֿאַרן „גרין פֿון צעדער״.
וואָרט, פֿאַר דער „גאָלדענער פֿעדער״.
גראָז, פֿאַרן גערטנער.
אַ שטילע סטעזשקע, פֿאַרן שפּאַצירער.

רויטע קאַרשן, פֿאַרן סאַד.
אַ פעלד, מיט צעבליטן מאָן.
אַ כוטאָר, פֿאַרן וואַלד.
איינער, ביי וועמען דאָס בלוט „זינגט און ברענט״.
אַ טאַפּליע, פֿאַרן דרויסן.
אַ ווייכע פּריזבע, פֿאַרן ציטערדיקן פֿאַרנאַכט.
אַ געמורמל, פֿאַר דער גרעבליע,ביים אַריינפֿאָר אין שטעטל.
געפּראַזשעטע סיעמיטשקעס, פֿאַרן וואוילן יאַט.
אַ וועלדל, מיט אַ טייכל ביי דער זייט.
אַ פרישער פרימאָרגן, מיט אַ בלויען הימל.
אַ מעשה׳לע, פֿאַר שפּעטע ווינטער־אָוונטן, ביים פּייער־קאַמין.
קרענצעלעך בלומעלעך, פֿאַר דאָרפישע מיידלעך.
אַ שמחת־תורה־פאָן, פֿאַרן „אינגל, צינגל, כוואַט״.
פעדים, פֿאַר אַ זיידענער חופּה־קלייד.
שטראַלן, פֿאַרן רעגנבויגן.
גאָלד, פֿאַרן וויינריב.
זון, פֿאַר בלומען.
טוי, פֿאַרן גאָרטן.
סאַמעט, פֿאַר גרינע בלעטער.
פּליוש, פֿאַר קאָלירטע טעפּיכער.
איינער, וואָס שושקעט אייך אַריין זיין געזאַנג אין אויער.
אַ תפילה־בלחש, פֿאַרן דאַוונער.
אַ ליד, פֿאַרן פֿאַרליבטן.
אַ קישן, פֿאַרן מידן.
אַ געצעלט, פֿאַר רו און פרידן.
אַ פור מיט ציקראַווקעס, פֿאַר יאַרידן.
איינער, וואָס געלט אייך ווי זייד איבערן קאָפּ.
זאַמשענע שיכעלעך, פֿאַר איידעלע טריט.
בלויער־קאַיאָר, פֿאַר דעם ווייסינקער שטיבעלע, וואָס שטייט דאָרט „אויף יענער זייט טייך״. —

מאַני לייב.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, אָקט. 31, 1958, נ. י.

# משה־לייב האַלפּערן

## צו זיין 25־טן יאָרצייט

א שופר — פאַרן בעל־תוקע.
אַ געוויין — פאַרן בעל־תפילה.
אַ האַרץ — פאַרן דאַוונער.
אַ געזאַנג — פאַרן זינגער.
אַ טשעלאָ — פאַרן ווירטואָז.
איינער, וואָס האָט זיין באַדן אונטער די פיס פאַרלאָרן און האָט קיין צווייטן נישט געקענט געפינען.
אַ ברום — פאַרן לייב.
אַ ביס — פאַרן בין.
אַ בלום — פאַרן האָניק.
אַ פעדער — פאַר דער „גאָלדענער פאַווע".
אַ קינד, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ פרעמדן לאַנד און האָט נישט אויפגעהערט צו בייגקען צוריק אַהיים.
אַ צונג — פאַרן שעלטער.
אַ שפּיז — פאַרן שטעכער.
סם — פאַרן לעסטערער.
גאַל — פאַרן אָפּשפּעטער.
אַ ביטערער שמייכל — פאַרן סאַטיריקער.
אַ שווערד — פאַר דער פּען.
אַ געוואַי — פאַרן הונגעריקן וואָלף.
אַ געביל — פאַרן געשלאָגענעם הונט.
אַ פויסט — פאַרן אונטערדריקטן.
פליייש און בלוט — פאַרן וואָרט.
מעטאַל — פאַרן קלאַנג.
אַ האַמער — פאַרן סקולפּטאָר.
גאָלד — פאַרן יוּוועלירער.
זילבער — פאַרן גיסער.
אַ הילך — פאַרן „גאַסן־פויקער".

אויגן — פאַר טרערן פונעם פילנדיקן מענטש.
אַן אַקער — פאַר דער ערד.
אַ גראַב־אייזן — פאַרן זייער.
אַ סערפּ — פאַרן שניטער.
אַ קאָסע — פאַרן היי.
אַ בוים — פאַרן שאָטן.
אַ געשלענגלטער וועג מיט רודקעס, פאַר געקאָוועטע שטיוול.
אַן אַזערע — פאַרן וואסער־מיל.
אַ געדיכטע גריווע — פאַרן פאַרשייטן פערד.
איינער, וואָס האָט זיין ליד זאָגנדיק אויסגעזונגען.
אַן אוי — פאַרן זיפץ.
אַ ניגון — פאַר דער אייביקער בענקשאַפט.
איינער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ צעריסענעם האַרץ.
אַ מעסער — פאַר דער „באַלאַדע פון אברהם דעם קצב".
אַ געוויין — פאַר „זלאָטשאָוו מיין היים".
אַ רוט — פאַר שמייסן זיך און אַנדערע.
אַ ליד — פאַר „צו פאַרשפּילן זיך אַליין".
אַ טאָניק — פאַרן „אומעט, וואָס זיצט אויף אַ גאָלדענעם שטיין".
אַ חלום — פאַרן ערגעץ „וואו מיידלעך שפּילן זיך מיט צעפּ". —
משה־לייב האַלפּערן.

„די שטימע", נאָוו. 16, 1957, מעקסיקאָ.

# משה נאַדיר

## צו זיין 15טן יאָרצייט

א גאָרטן, מיט זיסע און ביטערע קרייטעכצער.
אַ פעלד, מיט קולטיווירטע און ווילדע פלאַנצן.
אַ פּרדס, מיט גאָלדענע מאַראַנצן.
איינער, מיט וועמען ס׳איז נאָגנדיק־ליכטיק.
אַ סטיל, וואָס איז ריין און ציכטיק.
אַן אָרקעסטער — פאַר אַלערליי אינסטרומענטן.
טענער — פאַר מינועטן, קאַדרילן און בראַזגענדיקן דזשאַז...
אַ ווירטואָז — פאַרן שפּילן.
אַ בויג — פאַרן פילן.
אַ פייל — פאַר דער פען.
אַ שטאָך — פאַר דער נאָדל.
אַ ביס — פאַר דער ליפּ.
אַ טשיפּ — פאַרן צונג.
אַ ברי — פאַרן גומען.
איינער, וואָס לאַכט דורך טרערן.
אַ בליץ — פאַרן דערפינדער.
אַ שאַרפשטיין — פאַרן חלף.
איינער, וואָס וויינט דורך שווייגן.
אַ שטוב — אָן אַ דאַך.
אַן אַלקער, מיט דריי ווענט.
אַ פענצטער — אָן שויבן.
אַ טיר — אָן אַ קליאַמקע.
אַ דיל — אָן אַ קעלער.
אַ לינקער שוך — פאַרן רעכטן פוס.
אַ ציפער־בלאַט, וואָס ווייזט די צייט פון אַ צעדרייטער וועלט...
אַ מוסטער — פאַר אַ קרומען־שפּיגל...
אַ זילבערנע קייט — געפלאָכטן פון חכמה און באשפּרינקלט מיט שטות׳עריי...

איינער, וואָס באַווייזט זיך מיט זיין אינטימקייט און נאַקעטקייט...
אַ מאַכל — פאַרן צווייפלער און גלויביקן.
איינער, וואָס בלאָנדשעט אַרום פאַרבענקט.
אַ גאָלדענער קופּאָל, איבער אַ הויכן בנין.
אַ ווייסער ברילִיאַנט — פאַר ווייסע איידעלע פינגער.
אַ געשליפענע קאַראַפינקע מיט רויטן וויין — פאַר זמר׳דיקע טישן.
שפּרודל — פאַרן שאַמפּאַניער.
שוים — פאַרן ביר.
אַן אויסגעפּוצטער זאַל — פאַר אַ רייכער חתונה.
אַ בלויער שלייער — פאַר דער פאַר׳חלומ׳טער כלה.
בענטש־ליכט — פאַר ווייסע בלומען־הענט.
אויגן — פאַר פאַרבענקטע בליקן.
אַ גאָלדענער בעכער — אָנגעגאָסן מיט סענטימענטן און גאַל...
אַ שפּייכלער — אָנגעפילט מיט כל־טוב.
איינער, מיט וועמען ס׳איז אומעטיק־פריילעך.
אַן אויסגעשניצטע ליולקע, פון ריינעם פּימסנהאָלץ.
נעגעלעך — פאַרן האָניק־לעקער.
צימערינג מיט ניס — פאַרן קומיש־ברויט.
עפּל מיט ראָזשינקעס — פאַרן חתונה־שטרודל.
מאַנדל־בייגעלעך — פאַר זילבערנע טעצעלעך.
שמעקנדיקע קאָנפעקטן — פאַר קאָלירטע פאַרצעלייענע טעלערלעך.
אַ טאָן — פאַרן פּרינץ.
אַ שטעל — פאַרן קאַוואַליער.
אַ זיידענער קראַוואַט — פאַרן געפּוצטן מאַן.
אַ שלייף — פאַרן בוזעם פון אַ קאָקעטקע.
אַ רויז — פאַר מיידלישע צעפּ.
סאַמעטענע בלעטער — פאַר „טעג פון מיינע טעג״.
גרינער זומער — פאַר דער לאָנקע.
אַ טוליענער דעקטוך — פאַרן חתן אויף צו באַדעקן די כלה.
אַ שפּיזל — פאַר די „שטראַלן מיט לאַכעדיק ליכט״.
זמירות — פאַרן שבת „מיט חלה און לויטערע נעכט״.
אַ געזאַנג — פאַר „נאַראַיעוו״.

אַ יאָרצייט־ליכט — פאַרן „פאַרלוירענעם אינזל, וואו גליק האָט געשפונען מיין העמד !״.

אַן אָמן — פאַרן דאָרט, וואו „עס שטייט נאָך מיין פרומע אין קרוזשעווען פאַרטעך, פאַרלייגט אויפן האַרצןביידע הענט״. —

משה נאַדיר.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, מאי 30, 1958, נ.י.

# א. לוצקי

א בראשית — פאַרן „בראשית — אינמיטן״.

איינער, פאַר ווען „די ערלעכסטע תפילה פאַר גאָט — איז געזאַנג״.

קוואַלן — פאַרן לעבן.

פאַרלאַנגען — פאַרן שטערבן.

אַ שפּינראָד — פאַרן וועבן.

אַ חשק — פאַרן געבן.

אַ רעזערוואואַר מיט שטראָמיקע מאָטיוון.

אַ נאָט — פאַר יעדן וואָרט.

אַ סימפאָניע — פאַר יעדער שורה.

שפּילעוודיקע טענער — פאַר יעדן אינסטרומענט פון אַן אָרקעסטער.

אַ פריילעכע „קאַפּעליע״ — פאַר „אַ חתונה אין שטעטל״.

איינער — ווען עס „פינגער זיינען אידן: יונגע, אַלטע, אַלערליי״,

וואָס „קוקן אויס צו זיין למדנים״, ווייל „שטענדיק טראַכטן זיי״.

אַ ים — פאַר קלאָרע „וואַסערן״, וואָס „לויפן איבער דער וועלט — און לאַכן, קאַכן און קייכן מיט שוימיקן שניי״.

איינער — פאַר ווען „די גראָזן ציטערן פאַר מיינע פיס מיטן פחד פון די וועלדער״.

שטאָלענע רעדער — פאַר שנעל־יאָגנדיקע באַנען, וואָס קלאַפּן ריטמיש אויס: „נישטאָ קיין צייט, נישטאָ קיין צייט״.

אָקראָפּ — פאַרן זאָד־טאָפּ מיט „צעטומלטע פאַסאַליעס, וואָס לויפן

אַרום און קענען זיך קיין אָרט נישט געפינען״.
אַ האַרץ — וואָס איז אָנגעפילט מיט „צויבער־צער״.
אַ דימענטענע שפּילקע — פאַר אַ זײַדענעם שניפּס.
בלויער קרישטאָל — פאַר „ליכטיקע עלנטן״.
ציטער־שטראַלן — פאַר „לויטערע אומעטן״.
אַ נשמה — פאַר „אַ פּאַפּיר וואָס באַגייט זעלבסמאָרד״.
וואָרצלען — פאַרן בוים מיט דער „בוימעכע״.
איינער, ביי ווענען „מיין אידיש איז׳ מיר אייגן, ווי דער בליק פון מיינע אויגן״.
רויש — פאַרן ווינט.
סוד — פאַרן אויער.
זשום — פאַרן בין.
זיפּץ — פאַרן מילב.
דערהויב — פאַרן שטויב.
ליפּן — פאַר לויב.
איינער, ביי ווענען „יעדעס לעבן איז אַ פייער — פון אַ לעבן אויסגעלאָשן״.
געוויין — פאַרן פאַרגיין.
געלעכטער — פאַרן זיין.
אַ טרער — פאַר אַ קינדערשער באַק.
איינער, וועמען „טיילמאָל באַפאַלט מיך אַ פּחד, אַזוי ווי געיאָגט
פון אַ ווינט, און הויכט אָן מיין וועזן מיט אומעט, אַזוי ווי אַ וואָיען פון הינט״.
גערעוו — פאַר דער חיה.
גערעד — פאַרן אינסטינקט.
אַנטדעק — פאַרן פאַרבאָרגענעם.
אַנטפּלעק — פאַרן באַהאַלטענעם.
געמאָן — פאַרן גוף.
דערמאָן — פאַרן גייסט.
איינער, פאַר וועמען „גוף און גייסט איז איין געצעלט — אין גרויסן בית־המדרש פון דער וועלט״.
ליכט — פאַרן שאָטן.
געזאַנג — פאַרן פעלד.

## וואָרט און קלאַנג

געשאָרך — פאַרן בלאַט מיטן בלעטעלע.
זייד — פאַרן חתן־כלה.
געהאָרך — פאַרן „ביים רבינס טיש״.
געפלאַטער — פאַרן פויגל מיט דער פייגעלע.
איינער, וואָס טאַנצט הקפות אַרום זיינע לידער.
ריטם — פאַר זינגענדיקע גלידער.
אַ חדר מיט קינדער, וואו עס זשומען די אותיות, ווי בינען.
אַ מתמיד, וואָס קלאַמערט זיך מיט אַלע חושים זיינע צום וואָרט.
איינער, ביי וועמען „עס האָבן לעגענדן צום ליד זיך פאַרקליבן״.
אַ פאַרטראַכט — פאַרן מוח.
אַ קנייטש — פאַרן שטערן.
אַ געדאַנק — פאַר קלערן.
אַ זאָג — פאַרן קערן.
אַ וואָרט — פאַרן הערן.
איינער, וואָס איז „ערלעך מיט מיין וואָרט — אַזוי ווי שלאָף״.
אַ ליניע — פאַרן אַרכיטעקט.
שוואונג — פאַרן „וואַלץ״.
אַ בויג — פאַרן טענצער.
אַ נויג — פאַר דער באַלערינע.
אַ דירה, מיט אָפענע פענצטער, וואו די פרישע לופט גייט אַ קאַראַהאָד.
איינער, פאַר וועמען „שאַפן איז אַ מוז אין מיר — ווי זינד״.
הייליקע טריט — פאַר „אַ העלפאַנט — אַ צדיק״.
אַ וואונק — פאַרן אויג.
אַ צוק — פאַר די אַקסלען.
אַ צאַפל — פאַרן לייב.
אַ זשעסט — פאַר דער האַנט.
איינער, וואָס טראָגט זיך אין דער לופטן, ווי אַ בין, פון בלום צו בלום.
בליצן — פאַר די ספערן.
ווילן — פאַרן הערן.
אַ הוראַ — פאַרן „לוסטעלע צו גלוסטעלען״.
הויך — פאַרן באַרג.
נידער — פארן טאָל.

ציטער — פאַרן קול.

נײַ — פאַרן אַלעמאַל.

גרין — פאַר דער לאַנקע.

פריר — פאַר דער פּאַלאַנקע.

אַן אויג — פאַר „אַ שטיינדעלע, וואָס האָט אַ פּנים ווי אַ מענטש".

איינער, וואָס איז: „ווי די פייערדיקע שטראַלן פלאַקערן פאַרנאַכט.

ווי די וועלט אין שווייגן ציטערט ווען אַ דונער קראַכט, פונקט אַזוי־אַ,

עפּעס פּלוצים, שטוין איך און איך פלאַם — ווען פון יוגנט מיין זכרון עפענט

אויף זיין ים".

פערלדיקע טראָפּעלעך — פאַר די „רעגנדלעך־מאַמזעלן, וואָס טאַנצן אין

קאַדרעלן".

ליבע — פאַרן „שפּראָצל אינעם בלימל".

בלוי — פאַרן לויטערן הימל.

פרייד — פאַר די „שפּילנדיקע מיינען".

יאָ — פאַר די „רייצנדיקע ניינען".

טרייסט — פאַרן טרויעריק־שווערן.

האָפענונג — פאַר „ליכטיקע באַגערן".

איינער, ביי וועמען: „קיינער איז ביי מיר נישט מער ווי יעדער ווער — איז

מער ... ".

אַ קוואַליקער פּאָעט, ווי דער טייך, וואָס: „דער שטראָם איז אַוועק, און דער

שליאַך איז געבליבן.

פון שטראָמיקן טייך איז אַ זמר פאַרבליבן". —

א. לוצקי.

„אידישע קולטור", נאָוו. 1972, נ. י.

# יעקב גלאַטשטיין

## צו זיין 70־טן געבוירנטאָג

צעמענט, פאַר אַ פעסטן בנין.
פאַרמעט — פאַר אַן אייביקן קנין.
טעם — פאַרן שכל.
ליכט — פאַר אַ היכל.
אַ טויכער — פאַר טיפע וואַסערן.
איינער, וואָס דאַוונט ביחידות —
מיטן טראָפּ און נקודות...
געוויכט — פאַר אַ מאָס.
געשליף — פאַר אַ כוס.
אַן אויער — פאַר טענער.
אַ בלאַט — פאַרן קענער.
איינער, וואָס פילט פון וואָרט דעם ניגון,
ווי אַ קלעטערער די טריט...
אַ באַזיצער פון גיטער.
אַן אויג — פאַרן היטער.
אַ שנייד־מעסער — פאַרן שניטער.
אַ דעביוסי — פאַר דער מחשבה.
אַ ראַוועל — פאַר וואָרט־אָרקעסטראַציע.
אַ סיבעליוס — פאַר קאָמפּאַקטקייט.
אַ בעטהאָווען — פאַר'ן זינג־זאָג.
אַ באַך — פאַרן קאָנטראַ... —

יעקב גלאַטשטיין.

1־טער יאַנואַר 1967, מעקסיקאָ

# זישע וויינפּער

**(זיטאָן)**

אַ גרינע לאָנקע — פֿאַר יונגיקע גענזלעך.
אַ סאָד, מיט זיסע וויינפּערלעך.
אַ פענסטער — פֿאַר „ווייסע טויבן צוויי".
איינער, מיט וועמען ס'איז גוט געווען צו שפּאַצירן,
זייט ביי זייט און שמועסן פּירן.
אַ פעלד, מיט גאָלדענע זאַנגען.
אַ פּנים — פֿאַר גוטסקייט.
פעטע ערד — פֿאַר גוטע זריעה.
אַ טייך — פֿאַר פרישע פיש אויף שבת.
אַ שטעטל, וואו עס „ליגן זיך די כאַטקעס דאָ און דאָרטן אין מיטן פון אַ גרויסן, גרינעם גאָרטן".
אַ ניגון — פֿאַר טריסקער חסידים.
איינער, וואָס האָט „אין לויטערן שיין פון אַלטן", אַ טאָג פֿאַרן מאָרגן באַהאַלטן.
געשמאַקע ריחות — פֿאַר אַ צעבליטן בוים.
מיאַטנע טעג — פֿאַר אַן אַנהויב פרילינג.
אַ לאַמטערן — פֿאַר זיין קייט „די נביאים".
זון — פֿאַר צעפּראַלטקייט.
שיין — פֿאַרן זעער.
קלאַנג — פֿאַרן הערער.
אַ זינגער — פֿאַר וואַלינער מאַטיוון.
בלאָנד — פֿאַר „כ'האָב אַ קליינטשיק מיידעלע".
לאַבעדיקס — פֿאַרן טרויער.
אַ באַלקאָן —פֿאַר אַ מויער.
איינער, וועמעס „ווערטער קריכן, ווי אין אַ זויל אַריין די פלעקלעך".
אַ צונג — פֿאַר „אידיש לשון מיינס".
אַ פייפל — פֿאַרן בעדואינער אין מדבר.
אַ פייערדיקער קאַם — פֿאַרן „גילדענעם האָן".

אַ האַרץ — פֿאַרן זאַגער.
אַ שטילער זומער־אָוונט — פֿאַר פֿאַרליבטע.
אַ קוואַל — פֿאַר טרינקער פֿון דעם נעכטן און היינט.
אַ חלום — פֿאַר בלויע אויגן.
איינער, פֿאַר וועמען דער „פּאָעזיע עמוד״ איז הייליק.
אַ טרער — פֿאַר אַוועקגייענדיקע טעג.
אַ באַדויער — פֿאַר אַ קרומען וועג.
איינער, וועמעס לידער זיינען אָנגעזאַפּט מיט וואַלינער חיות.
אַ נשמה — פֿאַר אַ גוף.
אַ קול — פֿאַר אַ רוף.
אַ פֿרימאָרגן, ווען „די זון גייט אויף און אויפֿן קלויסטער שפּיגלען זיך די שטראַלן״,
און זיי טוען פֿאַלן אויפֿן „גרוי מיט מאָך די שטאַלן״.
אַן עפֿענער פֿון טירן, צו היימען פֿון שרייבער.
איינער, וואָס האָט דורך געשלענגלטע סטעזשקעס זיין וועג געפֿונען.
זאַפּט — פֿאַר וואָרצלען.
אַנזאָג — פֿאַר וואַרעמע דירות.
איינער, ביי וועמען עס „האָבן געוויינט די אותיות פֿון דער תורה,
אַז מ׳האָט געקעמט דאָס לייב פֿון ר׳ עקיבאַ׳ן,
און „רבי חנינא בן תרדיון איז אויסגעגאַנגען,
אין די פֿלאַמען אינגאַנצן אָן מורא,
נאָר געקלאָגט האָבן אונטער זיין לייב,
אינעם שייטער די פֿלאַמיקע צווייגן.
אויפֿן מאָרד פֿון די קדושים האָבן געוויינט די חיות אין די רוימישע שטייגן״.
איינער, מיט וועמען ס׳איז וואויל צו כיתה׳ן.
בענקשאַפֿט — פֿאַר זיטאַ׳ן.
אַ שמידער און פֿון וואָרט אַ שומר.
אַ פֿלייט — פֿאַרן „פּאַסטוכל אַ טרוימער״. —

זישע וויינפּער.

מיאַמי ביטש, 1978

# א. אלמי

## צו זיין 50־טן ליטעראַרישן יובל

אַ בוים, מיט אַ סך צווייגן.
אַ קלאָרקייט, מיטן אויג צו באַנעמען.
אַ שטילער געזאַנג, מיט טיפע עכאָ־אָבליגאַטאָס.
אַ טרער, פאַרן איינזאַמען.
אַן אָדע, פאַרן יחיד.
אַן אויג, פאַרן שכל.
איינער, וואָס האָט דורכגעמאַכט לאַנגע „ליטעראַרישע נסיעות" און איז אַהיים געקומען מיט אַ רייכן באַגאַזש.
אַ שפּאַצירער, פאַר זייטיקע סטעזשקעס.
איינער, וואָס האָט נישט קיין מורא צו זאָגן: „ניין".
אַ קול, וואָס שרייט נישט מיט אַלעמען.
אַ צווייפלער, וואָס באַהאַלט זיך נישט אונטער אַ פאַרטוך.
אַ גלויביקער, וואָס האַלט נישט פון קיין רביים און מופתים.
אַ זיסער טרויער, פאַר אַ זומערדיקן פאַרנאַכט.
אַ גאָרטן, אין וועלכן ס'איז גרינג אַריינצוקומען.
איינער, וואָס איז אין קריג מיט זיך אַליין.
אַ לויטערער פרימאָרגן, נאָך אַ רעגנדיקער נאַכט.
אַ סאָליסט, וואָס זינגט נישט מיט אין כאָר.
אַ לערנער, ביי אַ לאַנגן טיש.
אַ וועכטער, מיט אַ לאָמטערנע אין דער האַנט.
אַ וואַנדערער, זיצנדיק אונטער אַ בוים.
אַ שמייכל, אין אַ מיטן־געוויין.
אַ שפּאַקטיוו — פאַר אַריינצוקוקן אין פרעמדע סעדער.
אַ נאַשער — פאַר אויסטערלישע פּאַטראַוועס.
אַ בין־השמשות, מיט ציטעריקע שאָטנס אויף די ווענט.
אַ בייטאָג, מיט צוגעמאַכטע לאָדן.
אַ געוויין — פאַרן פאַרצווייפלטן.
אַ געזאַנג — פאַרן מידן.

אַ לאָגל — פאַרן דאַרשטיקן.
איינער, וואָס איז גרייט פאַר חשבון.
אַן אומרו — פאַר „ביי די ראַנדן".
אַ גייער — פאַר „אויפן וועג פון די געטער".
אַ בעטער — פאַר „מענטש און וועלט".
איינער, וואָס איז „מיט זיך און מיט אַנדערע".
אַ ציין־געקריץ — פאַר דער וועלט אין פנים אַריין.
איינער, ביי וועמען „אַלץ געזאַנג איז און געדאַנק".
אַ צעבליט פעלד, וואָס לויפט גלייך און קרום.
איינער, וואָס וועגדט ליבנדיק „מיט קנאה" זיין „בליק צו דער טויב". —
א. אלמי.

„די שטימע", מערץ 29, 1958, נ.י.

# דר. א. קאָראַלניק

## צו זיין 20־טן יאָרצייט

אַ קולטיווירטער פאַרק מיט פּרעכטיקע אַלייען פאַר גייסטרייכע שפּאַצירער.
אַ ירושה, אין דער טיף.
אַ ברונעם — פאַרן דורשטיקן.
אַ קוואַל — פאַרן זוכער פון גייסט.
אַן אָרקעסטראַציע פון ניגונים.
אַ גאָרטן, מיט בונטע רויזן,
הענגלעך שטימונגען, אויף צעגרינטע צווייגן.
אַ ספרים־וועלט — פאַרן צוקאָפּנס.
אַ מנגן, פון געשליפענעם וואָרט און בליציקן געדאַנק.
אַ בויגן — פאַר יעדער סטרונע.
אַ ווירטואָז — פאַר יעדן אינסטרומענט.
אַן אַוועקגיי, פון פּוסטקייט.
אַ דערהויבנקייט, איבער דער פּרוכטלאָזיקייט.

אַ בית־המדרש — פאַרן געדאַנק.

אַ פּאַלאַץ — פאַר דער נשמה.

אַ טויכער — פאַר טיפע ים׳עו.

איינער, וואָס איז אין דער אידישער ליטעראַטור געקומען, מיט אַ סאַנאָרישן טאָן.

אַ בירגער, אין אַלע ליטעראַטורן.

אַ היימישער, אין עטלעכע לשונות.

אַן אַפּריש — פאַרן גומען.

אַ קילער טרונק, אין אַ הייסן זומער־טאָג.

אַ געהויבענער גאַסט פון די מרחקים, וואָס מיט זיין אַריינקום אין שטוב ווערט ליכטיק.

אַן אילומינירטער שמייכל, מיט אַ פּערלדיקער טרער.

אַ שטאָלץ, איבער דער דערנידעריקייט.

אַ פּראָזשעקטאָר, פון אומגעהויערע וואָלטאַזשן.

אַ בלויע לענטע — פאַר אַ געדיכטער כמאַרע פון צער.

אַ באַרג, מיט כוואַליענדיקע ליניעס.

איינער, וואָס זעט די וועלט, אָט אין ליכט פון אַן אין־סוף׳יקער שפּיל און זאָגט: „לאָמיר זיך פרייען מיט דעם שפּיל", און אָט אין שפּיגל פון אַ לעגענדע: „אַ לעגענדע איז די וועלט, אַ לעגענדע געשריבן און יעדן טאָג ניי־געשריבן פון דער ווייסער סודות׳דיקער האַנט — די האַנט פון גאָט".

געלייטערטע איראָניע, וואָס שניידט ווי אַ מעסער.

אוקראַיניש־אידישע ווייכקייט, פאַרווירצט מיט וועלטלעכן סטיל.

אַ שבועות׳דיקער פיינקוך, אויף ווייס־געדעקטע טישן.

אַ געפלאָכטענער קוילעטש, אויף געהויבענע סעודות.

אַ גמרא, מיט שפּינאָזען ביי דער זייט.

אַ קאַנווע, פון רמב״ם און לעאָנאַרדאָ דאַווינטשי;

פון „דער באַרג פון זבולון" און פּאָמפּעי;

פון ירושלים און אַטען;

פון רוים און פּאַריז;

פון פּעטערבורג און בערלין;

פון ווין און מאַדריד;

פון מעקסיקע און ניו־יאָרק.

אַ ברייטער גלאַנציקער טראַקט, מיט אַ סך אַרויסגאַנגס צו זייטיקע שליאַכן
און וועגן.
בלעטער געצייכנטע, ווי אויסגעשמידטע גאָלדענע רינגלעך אויף ווייסע
פינגער.
זאַצן, ווי אויסגעשניצטע פּיאַנאָ־קלאַווישן.
פאַרטאַוולטע אותיות, וואָס שטראַלן ווי שטראָמען.
אַ פאַרכאַפּנדיקע קאַפּריזנע סימפאָניע. —
ד״ר אברהם קאַראַלניק.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, אויג. 29, 1958, נ.י.

# וויקטאָר פּעקער

## געווידמעט מיין חבר פּיליפּ קאָלמאַן

אַ פאַרהאַנג — פאַרן טעאַטער.
איינער, וואָס האָט די פרייד און דעם טרויער,
אויסגעשפּילטביים לאַמטערן־שיין.
אַ כבוד — פאַרן וואָרט.
אַ געהער — פאַרן קלאַנג.
אַ יום־טוב — פאַר וואָכיקע טעג.
אַן אַריסטאָקראַטישער דעמב,
אין מיטן פון אַ מאָכיקן וואַלד...
מאַסיווקייט — פאַר אַ סטאַטוע.
צעמענט — פאַר אַ שטאַרקן בנין.
געדולד — פאַרן בויער.
עקשנות — פאַרן קעמפער.
אַ שטיק קאָרן־ברויט, מיט פּוטער.
אַ יאָדערדיקער נוס — פאַרן קייען.
איינער, וואָס האָט דאָס לעבן געכאַוועט ניט בלויז אויף דער בינע,
נאָר אויך אין טעגלעכן זיין.
אַ טיפער קול — פאַר ווייטע עכאָס.

אַן אינסטרומענט, מיט פאַרשידענע סטרונעס.
געשמאַק — פאַרן עסטעט.
אַ באַוואונדערער — פאַרן שאַפער.
אַ רוף — פאַרן האַרץ.
אַ שמייכל — פאַרן זכרון.
גלי — פאַרן שטערן.
אַ קוואַל — פאַרן קאַוואַליער.
איינער, וואָס האָט ניט געטראַכט אַלט־צו־ווערן.
אַ ניגון — פאַר אַ תמיד׳יקן ליבעס־ליד.
אינגלשקייט — פאַרן דערוואַקסענעם.
איינער, וואָס האָט נישט אָנערקענט די טראַגישעווירקלעכקייט.
לוסט — פאַרן לעבן.
ווילן — פאַרן געבן.
חשק — פאַרן שטרעבן.
הנאה — פאַרן געניסער.
מונטערקייט — פאַרן אומעט.
אַ שטראַל — פאַר אַ טרערנדיקן מאָמענט.
מאַרגנבלוי — פאַר אַ ווייסן קנאָספּ.
אַ גרינער פעלד, אין אַ וויסטער סביבה...
איינער, וואָס האָט געהאַט אַ ברייט האַרץ,
ווי אַ טייך מיט שטראָמען.
אַ וואַרעמער טרונק — פאַרן פאַרפרוירענעם.
אַן אויסגעשטרעקט האַנט — פאַרן געשלאָגענעם פון ווינט.
אַ פאַן — פאַר חבר׳ישקייט. —

וויקטאָר פעקער.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט“, אפריל 23, 1958, נ.י.

# מאַדעראַ — אַ פּרעכטיקער אינזל

## רייזע־מאָטיוון

דער אינזל מאַדעראַ, איז ניט נאָר, ווי מיר דוכט, דער פּרוכטבאַרסטער, נאָר אפשר אויך דער שענסטער, וואָס אין פאַראַן אויף דעם ערד־קוגל. די צאָל ווייַנגערטנער און בלומען וואָס ער פאַרמאָגט, זייַנען פון די פּרעכטיקסטע און שענסטע אויף דער וועלט. איך האָב אין ערגעץ נאָך נישט געזען אַזוי פיל בלומען, וואָס זאָלן מיט זייער גרויסער צאָל און מיט זייער אויסטערלישער שיינקייט פון קאָלירן קענען זיך פאַרגלייכן מיט מאַדעראַ. איר האָט דאָרט שיער נישט אַ גאַנצן אַטלאַנטיק פון בלומען! די מאַדעראַ לופט אַנטהאַלט אין זיך, די פיינסטע ריחות פון די בעסטע סאָרטן פּערפיומען אויף דער וועלט.

איר שפּאַצירט אַ האַלב שיכור׳ער פון דער לופט און פון דעם אויסטערלישן כישוף, וואָס ליגט אויסגעגאָסן אַ פּראַכט דורכאויס, ווי אַ ברייטער גאָלדענער טייך, איבערן גאַנצן אינזל, איבער די שמאָלע אָריענטאַלישע געשייערטע גאַסן, מיט די העל־זוניקע, ווייסע דאָרפישע שטיבעלעך, וואָס בליאַסקען זילבערדיק אונטער דער העלער, דורכ־זיכטיקער און גאָלדשפּריצנדיקער זון, און איר קענט גאָר די אויגן ניט אָפּרייסן פון דעם פּראַכט און שיינקייט, וואָס האָט צו זיך דוכט זיך אין ערגעץ קיין גלייכן ניט.

הויך פונעם ים אַרויס הייבט זיך אויף דער פּרוכטבאַרער אינזל מיט זייַנע פּרעכטיקע ווייַנגערטנער און אויסטערלישע בלומען אַ ים און גרייכט ביז צו די לויטערע, מיידליש־צאַרטע, ווייכע חופּה־שלייערן, וואָס בלאַנדזשען אום ווי שעמעוודיקע אַכצן־יעריקע כלות פון איין ראַנד צום אַנדערן הויך אין הימל אויבן, וואָס איז פאַרטיפט אין בלוי. אַ גרינלעכע קייט פון אויסטערלישע גרינע באַרג־שפּיצן, ווי מיט גרינעם פּליוש באַדעקט, שפּאַרן אונטער דעם טיף־בלויען הימל, וועלכער גיסט זיך צונויף העט ביים ראַנד אונטן מיט די מילי־מיליאָסן ווייכע, זיידענע, צאַרטע, שפּיגל־קאָלירטע ים־קנייטשעלעך, וועלכע גלאַנצן גאָלדיק אונטער דער גאָלדענער מאַדעראַ־זון און זעען אויס פון ווייטן, ווי שאַרפע מעסער־שפּיזן, קיילעכיקע לאַנגע,

און פאַלדעווען זיך דין־דין, ווי דינע וואַסער־שלענגעלעך און זייערע קיילעכיקע, דינע איידעלע רוקנס פלאַטערן פון אויבן מיט דעם ציטער פון יונגע מיידלשע בריסטעלעך, ווען זיי ווערן צום ערשטן מאָל געלאַסטשעט פון די איידעלע, דינע פינגער־שפּיצן פון אַ יונגלינג, אין באַזונדערע, פאַנאַנדערגעטיילטע, ווייכע, צאַרט־ציטעריקע, וואַסער־ליניעס, אין וועלכע דער גרויסער, טיפער, בלויער ים־שפּיגל האָט זיך געוויייקט — דאָרט וואו די שיף, וואָס האָט מיך געבראַכט אַהין פון ניו יאָרק, איז געשטאַנען ווייט אייניקע אַליין אינמיטן ים און האָט אויף מיר געוואַרט.

אַ רירנדיקע שיינקייט ביז גאָר, פאַרמאָגט דער אינזל! מיט זיינע פּרעכטיקע וויינגערטנער און אויסטערלישע בלומען אַ ים, קען ער אַנטרינקן און שיכור מאַכן אַ גאַנצע וועלט!

איך בין נישט געווען אַליין. מיך האָט באַגלייט אַ מיידל פון ניו יאָרק, אַ העכסט אינטעליגענטע און סימפּאַטישע ביז גאָר, און אירער אַ נאָענטער פריינט, אַ בלאָנדער בחור, אויך פון ניו יאָרק, אַ פאַנאַטישער אידישיסט און אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער, און איך האָב ביידע זאַכן נישט ליב...

איך האָב מיט זיי צו ערשט זיך באַקענט פאַרנדיק אויף דער „מאורעטניא”. ווען די שיף איז אַנגעקומען קיין מאַדעראַ, האָבן מיר אין דרייען זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ רייזע־עקסקורסיע מיט אַן אויטאָמאָביל איבער דעם פּרעכטיקן אינזל, זיך געטיילט מיט די הייסע איינדרוקן, וואָס דער קאָלירפולער און פאַרביק־רייכער אינזל האָט אויף אונז געמאַכט און זיך געזעטיקט מיט דער אויסטערלישער שיינקייט, וואָס האָט זיך מיט יעדער שפּאַן ערד פאַר אונז אַנטפּלעקט! די פרוכטבאַרקייט פון דעם אינזל און די אויסטערלישע קאָלירן פון די בלומען, האָט אונז אַלע דריי פאַר׳כישופ׳ט!

מיר האָבן זיך אַנגעשלאָגן דאָרט אויף פילע שלאַנקע פּאָרטוגעזערינס מיט מאַט־ברוינע פּנים׳ער און טונקלברוינע אויגן, פון וועמענס שיינקייט מיר זיינען געווען שטאַרק איבעראַשט און פאַרכאַפּט. די שלאַנקייט זייערע האָט געררייצט, און עס איז געווען שווער די אויגן פון זיי גאָר אָפּצורייסן!

אַ ווילד־חידוש איז אונז אַלע דריי געווען דאָס פאָרן דאָרט מיט שליטנס, געשפּאַנט מיט אָקסן: בעת קיין סימן פון שניי אויף די גאַסן פון אינזל האָט מען אין ערגעץ נישט אַנגעזען. אין דרויסן איז געווען עכט זומערדיק. די זון האָט געוואַרעמט די ערד מיט אירע לאַנגע פאַלמע שטראַלן און אויבן איז געהאַנגען אַ בלויער הימל און האָט זיך געוויייקט אין בלוילעכער ווייכקייט —

און מיט אַמאָל זעט איר איין אַז מענטשן גאָר פאָרן מיט שליטנס! עס האָט באמת אויסגעזען קאָמיש! אָבער ווען איר געפינט דערנאָך אויס די סיבה דערפון, הערט די זאַך אינגאַנצן אויף צו זיין קאָמיש.

מען פאָרט דאָרט נישט מיט קיין פערד און וועגענער, ווי ביי לייטן, נאָר מיט שליטנס, געשפּאַנט מיט אָקסן, דערפאַר ווייל דער אינזל איז אַ בערגיקער און די גאַסן לויפן דאָרט דורכאויס באַרג־אַרויף און אַראָפּ גליטשען זיך די פערד מיט די וועגענער אויף די ברוקירטע גאַסן, און עס פלעגן דעריבער פאַרקומען גאָר אָפטע אומגליקן.

נאָר טשיקאַווע איז עס געווען סיי ווי. דאָס אויג איז נישט צוגעוואוינט געווען צו אַזאַ סאָרט פאַרקערטקייט...

אָבער דאָס אַליין איז ווייט נישט אַלץ. איר קענט דאָרט אויך זען אַ טוצן אַנדערע חידושים. אָבער נישט אויף אַלע פון זיי, וועל איך דאָ זיך אָפּשטעלן.

דער עיקר איין וואָס איך בין געווען פאַראינטערעסירט דאָרט צו אויסגעפינען: איז פון וואָס לעבן די מענטשן?

וויין און בלומען, זיינען פאַר זיך צוויי גוטע זאַכן. מ'קען זיך דאָך אָבער נישט זיך אַוועקזעצן און קייען בלומען, ווען מ'איז הונגעריק... אויך קען מען נישט זיצן און האַלטן אין איין טרינקען וויין כסדר...

איר דאַרפט וויסן זיין, אַז אַ חוץ וויין און בלומען, און אַ פּאָר נישטיקע מעבל־פאַבריקלעך, אויך געוויסע סאָרטן האַנט־אַרבעטן, ווי אַ שטייגער: אויסנעריי, שטיקערייען און נאָך אַנדערע קלייניקייטן, פאַרמאָגט מאַדעראַ קיין שום אַנדערע אינדוסטריע נישט. און הגם דאָס לעבן־מיטל קאָסט דאָרט זייער ביליק, דאַרף מען אָבער אַלץ פונדעסטוועגן האָבן געלט אויף צו קענען זיך קויפן עפּעס... טאָ וואו נעמט די באַפעלקערונג געלט?

דאָס אויסצוגעפינען דאַרף אייך קיין סך נישט נעמען. פאַר אַלעמען געפינט איר דאָרט אויס, אַז דער גרעסטער טייל פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג אויפן אינזל, לעבט אין גרויס דחקות... איך האָב באַזוכט אַ צאָל היימען און האָב זיך גוט איינגעקוקט ווי אַזוי מען לעבט דאָרט. די אָרעמקייט האָט געשטאָכן די אויגן...

אויך געפינט איר דאָרט אויס, אַז די הויפּט־שפּייזן מיט וועלכע די באַפעלקערונג פונעם אינזל נערט זיך, זיינען יענע וועלכע וואַקסן אויס־שליסלעך אויפן אינזל, וואָס דאָס פאַרמאָגט דאָרט כמעט אַ יעדער זיין אייגנס... סיידן איינער איז אַ פאַרמעגלעכער און האָט גענוג געלט אויף זיך

איינצוקויפן די אַלע יענע אַרטיקלען, וועלכע וואַקסן נישט אויפן אינזל און ווערן אַהין אימפּאָרטירט פון אויסלאַנד, הויפּטזעכלעך פון אַמעריקע.

אַלזאָ, נישט די פּרעכטיקע ווייגגערטנער, אויך נישט די אויסטערלישע בלומען, וואָס וואַקסן דאָרט לרוב, אויך נישט די פּיצינקע מעבל־פאַבריקלעך און די קינסטלעכע שטריקערייען, גיבן געגוג חיונה דער דאָרטיקער באַפעלקערונג פונעם אינזל. נאָר וואָס דען — די טוריסטן! די „טוריסטן־אינדוסטריע״ איז די סאַמע וויכטיקסטע אויף דעם אינזל!

יעדן טאָג קומען נייע שיפן צו פאָרן אַהין און ברייינגען מיט זיך אַ שטראָם פון פרישע פּאַסאַזשירן פון ענגלאַנד, פון דייטשלאַנד, און די באַפעלקערונג לעבט דאָרט ממש אויף דורך דעם. יעדע נייע שיף וואָס באַווייזט זיך דאָרט, ווערט באַגעגענט ביים ברעג ים פון מחנות מענטשן, ווי פויגלען, מענער און פרויען, אַלטע און יונגע, און זיינען גרייט אייך צו דינען אויף וואָס פאַר אַ אופן איר ווילט נאָר אַליין. די טוריסטן ווערן פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג געטראָגן, ממש אויף די הענט... מען חנפה׳ט זיך צו אים, מען שמייכלט צו אים, מ׳טראָגט אים אונטער, מ׳דערלאַנגט אים, און דער רייכער פאַרשוועגדערישער טוריסט ווייסט גאָר אַליין נישט, ווי גוט ס׳איז אים דאָרט! ער ווערט איינפאַך משוגע פאַר וואוילטאָג דאָרט און ער ווייסט נישט וואָס ער זאָל גאָר דאָרט אַזעלכעס איינקויפן פאַר זיין געלט.. ווייל אַלץ וואָס געלט נאָר קען קויפן, קריגט ער דאָרט... די שענסטע מיידלעך, די בעסטע וויינען, קורץ: ער קריגט דאָרט אַלצדינג וואָס זיין טוריסטישע האַרץ גלוסט... מיט דעם כח פון זייערע רייכע קעשענעס, צווינגען די רייכע פאַרשווענדערישע טוריסטן די דאָרטיקע זיך־פרידלעכע, רואיקע באַפעלקערונג, צו ווערן אויסגעלאַסן און פאַרדאָרבן...

אין ערגעץ האָב איך נישט געזען אַזוי פיל היימלאָזע, פאַטערלאָזע קינדער, וואָס רייסן שיער אָפּ די אַרבל, בעטנדיק נדבות ביי אייך, ווי אויף די גאַסן פון אינזל מאַדעראַ... אַפּנים אַז דאָס איז דער אָפּיציעלער פּרייז, וועלכן די באַפעלקערונג פונעם פּרוכטבאַרן אינזל, צאָלט די רייכע, פאַר־שווענדערישע טוריסטן, פאַר דעם ביסל „פדיון״ וואָס זיי ברייינגען זיי...

די צאָל יונגע מיידלעך, אין עלטער פון זיבעצן־אַכצן יאָר, וועלכע וואַרטן אָפּ מיט זשעדנעקייט ביים ברעג ים יעדע נייע אָנקומענדיקע שיף, מאַכט אויף אייך אַ שוידערלעכן איינדרוק... עס איז דאָ אַ געפאַר, אַז מיט דער צייט, זאָל דער פּרוכטבאַרער, פּרעכטיקער אינזל זיך פאַרוואַנדלען אין

אַזאַ סאָרט „גיהינום״, אַז אַן אַנשטענדיקער מענטש וועט מורא האָבן זיך צו באַווייזן דאָרט...

אויף די דאָרטיקע בית־עולם׳ס, וואו עס ליגן באַהאַלטן אין דער ערד אַ סך יונגע לעבנס, קראַנקע, וועלכע זיינען געקומען אַהין דאָרט זיך היילן פון פאַרשידענע לענדער פון דער וועלט, מיט דער האָפענונג אַז דאָרט וועלן זיי פיליכט ווערן געזונט, האָבן געמאַכט אויף מיר אַ זייער שווערן, פיינלעכן איינדרוק...

איר לייענט די אויפשריפטן, וועלכע זיינען אויסגעקריצט אויף די קאַלטע, שטיינערנע מצבות און געפינט דאָרט נעמען: ענגלישע, דייטשע, רוסישע, אַמעריקאַנער, פראַנצויזישע, און זעלטן באַגעגנט איר דאָרט אַ אידישן נאָמען. איך ווייס נישט, צי דערפאַר ווייל אידן קרענקען ווייניקער פון אַנדערע פעלקער, צי דערפאַר ווייל אידן שרעקן זיך צו פאָרן ערגעץ אין דער פרעמד און קלייבן אויס בעסער צו שטאַרבן ביי זיך אין דער היים...

איך האָב לסוף פאַרבעטן מיינע צוויי מיט־שפּאַצירער, אַז זיי זאָלן אַריינגיין מיט מיר טרינקן אַ גלאָז מאַדעראַ וויין. דעם טעם פון אמת׳ן גוטן מאַדעראַ וויין, פילט איר ערשט, ווען איר טרינקט אים דאָרט, טאַקע אין מאַדעראַ גופא.

די שלאַנקע פּאָרטוגעזערין מיט די טונקל־ברוינע אויגן און פיל־רייצנדיקן בוזעם, האָט ווי זיך גערייצט מיט אונז אויף איר אייגענעם צעקאַליעטשעטן ענגליש, בעת זי האָט די פלאַש מיט וויין צום טיש דערלאַנגט, אַז ערשט איצטער וועלן מיר אויסגעפינען דעם אמת׳ן טעם פון מאַדעראַ וויין!

און זי איז פולשטענדיק געווען גערעכט, די שלאַנקע פּאָרטוגעזערין מיט דעם מאַט־ברוינעם פנים! דעם וויין וועלכן איר טרינקט דאָרט אין מאַדעראַ, איז אַ גאַנץ אַנדערער פון דעם מאַדעראַ־וויין, וואָס איר טרינקט אין פּאַריז, ניו יאָרק, אָדער לאָנדאָן...

אַרויסגייענדיק דערנאָך אויף דער גאַס, האָבן מיר צופעליק זיך געטראָפן מיט אַן אָנגעזעענעם אידישן פירער און זשורנאַליסט, דער „קאָפּ״ פון די רעוויזיאָניסטן, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ מחנה פריילעכע טוריסטן, וועלכע זיינען אָנגעקומען מיט אַ צווייטער שיף.

לאַנג זיך אָפּשטעלן מיטן גאַסט, האָבן מיר נישט געקענט, עס איז שוין

געווען שפעט און מיר האָבן געדאַרפט זיין שוין צוריק אויף דער שיף. מיר האָבן איבערגעלאָזט דעם גאַסט מיט דער פריילעכער מחנה טוריסטן און אַוועקגעאיילט גיכער צו דער שיף...

אַ שעה שפעטער, זיינען מיר אַלע דריי שוין געשטאַנען אויף דעם דעק פון דער שיף פונעם צווייטן קלאַס און האָבן אַריבערגעקוקט צום פרוכטבאַרן אינזל, וואָס איז זיך פאַרגאַנגען אין טונקעלע, ווייכע, זיידענע שאָטנס, מיט ציטעריקער, פאַרנאַכטיקער ביינקשאַפט... שאַרפע בלומען־ריחות, האָבן זיך געטראָגן פונעם ברעג אַרויף צו דער שיף... אויפן הימל האָבן פיצינקע שטערנדלעך זיך באַוויזן און האָבן גענומען פינקלען אין טיפן ים אַריין... לאַנגזאַם האָט די „מאורעטאַניא" זיך פאַרקירעוועט, און איז אָפּ פונעם פרוכטבאַרן, פרעכטיקן אינזל!

אַדיע, מאַדעראַ!

„פאָלקס־צייטונג", מערץ 27, 1936, לאָס־אַנדזשעלעס.

# זינאָווי קאָמפּאַנייעץ

## אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר

דער יובילייַ פון אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר, און בכלל פון אַ אידישן קינסטלער, מעג ער וואוינען אין תל אביב אָדער אין מאָסקווע, אין פּאַריז אָדער אין ניו יאָרק, טאָר נישט ווערן פאַרשוויגן. בפרט אַז דער נאָמען פונעם יובילאַר איז פון אַ דינאַסטיע וואָס גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדעם דעם אידישן טעאַטער־און מוזיק־וועזן, טאָר ער אַוודאי נישט ווערן פאַרשוויגן. ווען איר וועט עפענען די בענדער פון זלמן זילבערצווייג'ס אידישן „טעאַטער־לעקסיקאָן", וועט איר דאָרט אין די קאָלומס געפינען דערמאָנט דעם נאָמען קאָמפּאַנייעץ.

און דער יובילאַר וועגן וועלכן עס גייט אָט די רייד איז דער באַוואוסטער סאָוועטיש־אידישער קאָמפּאָזיטאָר זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, וועלכער לעבט אין מאָסקווע און זיין פינף־און־זיבעציקסטער יובל איז לעצטנס געפּראַוועט געוואָרן. דערוואוסט האָב איך זיך די דאָזיקע נייעס פון דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נומער ניין, 1977. דאָס האָט מיר תיכף

געגעבן אַ שטויס זיך אַוועקזעצן און אָנשרייבן אַן אַרטיקל וועגן דעם יובילאַר, אַ קאַלעגע, כאָטש ער וואוינט אין מאָסקווע און איך אין — ניו יאָרק.

די אידישע נגינה און מוזיק, די זינגעוודיקע און די אינסטרו־מענטנדיקע, איז נישט אָנגעוויזן אויף דעם אָדער יענעם לאַנד, אויף דעם אָדער אַ צווייטען אידישן ישוב אַליין, נאָר אויף אַ סך לענדער און אויף אַ סך אידישע ישובים. אומעטום וואו עס זיינען פאַראַן אידן, דאָרטן לעבט און בליט דער אידישער ניגון אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדער פאָרם. דער אידישער ניגון ווייסט נישט פון קיין גרענעצן, פאַרבאָטן, פון קיין „מען־טאָר־ניט״: ער לאָזט זיך פראַנק און פריי הערן, און ווען מען דאַרף — אויך אין פינצטערע קעלערן און פאַוויטינידיקע בוידעמער. דער אידישער ניגון איז אַ דערהויבנדיקער, אַ דערמאָנענדיקער, אַ בטחונ׳דיקער, אַ מונטערנדיקער, אַ וועקנדיקער און אַ רופנדיקער.

נישטאָ קיין צייט אין אידישן לעבן, אין דער אידישער געשיכטע, ווען דער אידישער ניגון איז אויף אַ מאָמענט אפילו אַנשוויגן געוואָרן; דער אידי־שער ניגון שווייגט נישט און שלאָפט נישט, און גייט קיינמאָל נישט אַרונטער פון די אידישע פאָלקס־ליפּן. אין די סאַמע גרויזאַמסטע און פינצטערע טעג אפילו אונטער דער דייטשישער גזלנ׳ישער ממשלה, אונטער היטלער׳ס פינצטערע מאַכט, האָבן אידן נישט פאַרגעסן זייער ניגון. די פאַרשידענע געטאָ־לידער, געטאָ־געזאַנגען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן בעת דער מערדערישער דייטש איז געשטאַנען מיט דער ביקס און האַק, מיט דער דובינע און אייזערנעם קאַנטישק איבערן אידישן קאָפּ — אפילו דעמאָלט האָט דער אידישער ניגון זיך נישט דער׳שראָקן און דעם רוצח׳ישן דייטש געשפּיגן אין פּנים אַריין — דורכן געזאַנג פון „זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״ און „אני מאמין״...

יאָ, דער אידישער ניגון איז אַן אַלטער, אַזוי אַלט און אויסגעפּרואווט ווי „ישראל סבא״. אין זיין פיל צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט, האָט דער אידישער ניגון אַוודאי אָנגענומען פאַרשידענע קאָלירן, טענער און פאָרמען קנייטשן און בויגנס, אָבער ער איז קיינמאָל נישט אַוועק פון זיין תוך און פון זיין שורש, ער איז געבליבן ביי זיין אייגענעם „קלסתר־פּנים״. איר קענט דעם אידישן ניגון, ווען אפילו ער איז דאָ און דאָרט, אין דעם לאַנד, געכאַפּט געוואָרן אין דער „מעשה״, מיט אַביסעלע „פרעמד״ פאַרב און קאָליר,

קנייטש און בויג, נישט פאַרבייטן מיט קיין אַנדערן, מיט אַ נישט־אידישן ניגון.

ווי שוין באַמערקט, ווערן די דאָזיקע שורות געשריבן אין שייכות צום אידישן קאָמפּאָזיטאָר זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, וועלכער זיצט אין מאָסקווע און גייט דאָרט אָן מיט זיינע שאַפונגען פון אידישער נגינה, פון אידישער מוזיק.

קודם, אַ פּאָר ווערטער אויף צו באַקענען דעם לייענער מיט אייניקע ביאָגראַפישע פּרטים פונעם דאָזיקן אידישן קאָמפּאָזיטאָר, דערנאָך וועל איך אַריבערגיין צו זיינע שאַפונגען, וועגן זיין דרך אין דער אידישער נגינה און מוזיק, וועגן זיין באַדייט פאַר דער אידישער נגינה און מוזיק.

די יעניקע וואָס זיינען אַביסל באַקאַנט מיט דעם גאַנג פונעם אידישן טעאַטער, ספּעציעל מיט די פאַרצווייגטע אידישע טעאַטער־משפחות, אידישע טעאַטער־דינאַסטיעס, ווי, למשל, די „אַדלער־דינאַסטיע״, די „קאַמינסקי־דינאַסטיע״, די „טאָמאַשעווסקי־דינאַסטיע״, האָבן אַוודאי אויך געהערט און געלייענט וועגן דער „קאָמפּאַנייעץ־דינאַסטיע״: פונעם טאָפּלטן אָרט וואָס די דאָזיקע פאַרצווייגטע טעאַטער־משפחה האָט פאַרנומען סיי ווי טעאַטראַלן און סיי ווי מוזיקער. ווען איך זאָל אָנהויבן אויסרעכענען יעדן איינעם פון זיי, וואָס דער און יענער האָט געטאָן אין אידישן טעאַטער וואָלט איך געדאַרפט האָבן אַ סך מער פּלאַץ ווי איך קען זיך עס דאָ פאַרגינען. וועל איך דעריבער עס מאַכן אַזוי קורץ ווי מעגלעך, כדי איך זאָל האָבן גענוג פּלאַץ פאַר דעם סאַמע וויכטיקסטן.

ווען זינאָווי קאָמפּאַנייעץ איז אין עלטער פון ניין יאָר געקומען צופאָרן צו זיינעם אַ פעטער, אויך אַ מוזיקער, אין דער צאַרישער הויפּט־שטאָט פּעטערבורג, אין יאָר 1911, שטודירן מוזיק, איז עס געווען פּונקט צוויי יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער אידישער „געזעלשאַפט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אידישער פאָלקס־מוזיק״, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער לייטונג און השפּעה פון אַזעלכע באַרימטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס ווי שלמה ראָזאָווסקי, משה מילנער, י. שאַליט, צייטלין, אַלעקסאַנדער קריין, יואל ענגעל, מיכאַאיל גנעסין. די שמועסן און אַקטיוויטעטן אַרום דער אידישער פאָלקס־מוזיק דעמאָלט זיינען געווען צווישן די סאַמע לעבעדיקסטע אין דער צאַרישער הויפּט־שטאָט. ריחות פון דער אידישער פאָלקס־מוזיק, האָבן אויך אָנגעשמעקט די אַרומיקע נישט־אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס האָבן דערפילט איר טעם און גאָרע פאָלקס־שיינקייט.

דער יונגער זינאָווי קאָמפּאַנייעץ האָט זיך געשמאַק צוגעהערט צו די אַלע שמועסן, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען וועגן דעם אויפלעב פון דער אידישער פאָלקס־מוזיק און דער טעם איז אים טיף אַריין אין די ביינער און דאָרט פאַרבליבן ביז צו דער צייט ווען ער איז רייף געוואָרן און האָט אָנגעהויבן אַליין אַרויסצוגעבן פון זיך זיינע אייגענע מוזיקאַלישע פּירות. אין אַלץ וואָס ער האָט ביז איצט געשאַפן פילט זיך דער טעם און דער ריח, וואָס דאָס אידישע פאָלקס־ליד צוזאַמען מיטן אידישן פאָלקס־ניגון האָבן אין אים פאַרפלאַנצט. דער קוואַל פונעם אידישן פאָלקס־ליד און אידישן פאָקלס־ניגון, שטייט אָפן פאַר אים; ער פילט זיך מיט אים היימיש, ווי אין דער היים ביי זיך. דער אָפּקלאַנג פונעם אידישן פאָלקס־ניגון ליגט אויף דער „שפּיץ־פען" ביי אים; ער קומט ביי אים אַרויס געלייטערט און שטאַרק באַ'טעמ'ט. ער ווייסט געגוי ווי מיט אים אָנצוגיין, ווי אים אויסצושנירלען, און ווי אַזוי אים אַרומצוהעפטן מיט פּאַסיקע מוזיקאַלישע אָרנאַמענטן.

איך וויל נישט אַז ביים לייענער זאָל זיך שאַפן דער איינדרוק, אַז זינאָווי קאָמפּאַנייעץ שעפּט פונעם גרייטן, — בשום־אופן נישט; ער איז דורכאויס אַן אָריגינעלער אידישער קאָמפּאָזיטאָר, וועמעס שאַפונגען טראָגן דעם חותם פון אַ באַגאַבטן און העכסט־טאַלאַנטירטן אידישן מוזיקער. אויף דעם זאָגן עדות אַלע זיינע ביז אַהעריקע שאַפונגען סיי די געזאַנגלעכע און סיי אינסטרומענטאַלע. צווישן זיינע אינסטרומענטאַלע ווערק ווערט אומעטום שטאַרק געלויבט זיין „ראַפּסאָדיע", וואָס ער האָט געשאַפן פאַר אַ קלעזמערישן אָרקעסטער.

אָבער מיר זיינען מער באַקאַנט זיינע לידער פון פאַרשידענע אידישע פּאָעטן צו וועלכע ער האָט געשריבן מוזיק. צווישן די דיכטער צו וועמעס לידער קאָמפּאַנייעץ האָט געשאַפן מוזיק געפינען זיך ש. האַלקין, איזי כאַריק, איציק פעפער, משה קולבאַק, י. דאָברושין, א. קושנעראָוו, משה טייף, א. ווערגעליס. אַ באַזונדערן שטאַרקן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט זיינע צען באַאַרבעטע פאָלקס־לידער, פאַר שטימע און פּיאַנאָ, וואָס זיינען דערשינען אין 1963, אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטער". — אַ באַאַרבעטונג, וואָס דאַרף אַ קאָמפּאָזיטאָר אָנפילן מיט שטאַלץ. די פּיאַנאָ־באַגלייטונג איז אַזוי געטריי צום פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער פון די צען פאָלקס־לידער, אַז עס ווילט זיך ממש אויסקושן זיי — פאַר זייער פּשוט'קייט און גלייכצייטיק קינסטלערישער מוזיקאַלישקייט. איר דערקענט תיכף דעם

קאָמפּאָזיטאָר, ווער ער איז און וואָס ער איז, וואָס ער וויל אונז זאָגן און וואָס ער איז אויסן. ער איז נישט אויסן צו ווייזן אונז „סתם" מוזיק. הויפּנס נאָטן, אַקאָרדן, נאָר צו שאַפן מיט זיי אַ פּאָרטרעט, אַ שפּיגל פון דער נשמה פונעם פאָלקס־ליד און פאָלקס־ניגון, אין וועלכן מען קען זען — און נאָך מער פילן — די נשמה פונעם פאָלק. דאָס איז אַ דערגרייכונג, אַן אויפטו פון אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר, וואָס דערלאָזט נישט דאָס אידישע פאָלקס־ליד און דעם אידישן פאָלקס־ניגון פאַרטרונקען ווערן מיט הויפּנס נאָטן און גלאַט אָנגעוואָרפענע אַקאָרדן...

צווישן די סאַמע נייעסטע אידישע לידער צו וועלכע זינאָווי קאָמפּאַנייעץ האָט געשריבן מוזיק וואָס איך האָב געפונען אָפּגעדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" און ליגן איצט פאַר מיינע אויגן, זיינען א. ווערגעליס׳עס דריי לידער: „אַ אידישער וואַלס", „וואַרעמע ווינטן" און „שטיי אויף, מיין שטעטעלע". איך מוז דאָ זאָגן, אַז איך בין שטאַרק גערירט געוואָרן פון לעצטען ליד, ווייל נישט בלויז „רעדט" דער טעקסט אַליין, נאָר אויך די מוזיק: עס איז ווי די ווערטער און די מוזיק וואָלטן צוזאַמען געבוירן געוואָרן. נישט קיין סענטימענטאַלע טענער האָט דאָ קאָמפּאַנייעץ געשאַפן, נאָר ריינע געשטאַלטיקע קלאַנגן, אידיש־יאָרדיקע טענער, קלאַנגען וועלכע לייגן זיך געשמאַק אויפן אויער — אַ ניגון, וואָס דערציילט אייך אויף אַ מוזיקאַלישן שטייגער דעם פולן אינהאַלט פונעם ליד. ביידע, סיי דער טעקסט, סיי דער ניגון זיינען געטרייע „קינדער" פונעם אידישן לעבן, פון דער אידישער טראַגעדיע, וואָס זינגען ווייטאָגדיק אַרויס דעם אידישן צער, דעם אידישן אומגליק, וואָס איז אינמיטן העלן טאָג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט באַפאַלן דעם אידישן פאָלק...

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַ באַגריסונג, לכבוד אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר, וואָס שטייט שוין באַלד פופציק יאָר ביי דער „קוזניע" פון דער אידישער נגינה און מוזיק — אַ מוזיק־שאַפער מיט אַן אייגענעם פנים, אַן אייגענע האַנט, און אַ קוואַליקן טאַלאַנט.

„מאָרגן פרייהייט", יאַני 8, 1978, נ.י.

# די „וואַנט"

## רייזע מאָטיוון

דער וועג וואָס פירט אייך צו דער היסטאָרישער „וואַנט", וואָס איז באַוואוסט אין דער גאָרער וועלט מיטן העברעאישן נאָמען „כותל־מערבי", אַ זכר פונעם פרעכטיקן בית־המקדש וואָס אידן האָבן אַמאָל אויפגעשטעלט — איז דורך האַלב טונקעלע געשלענגלטע געסלעך מיט צעקרומטע שטיינערנע טרעפּ, וואו די זון זעט זיך אַרויס נאָר דורך זייטיקע לעכער און שפּאַרונעס און די לופט איז דאָרט אַזאַ, אַז מ'קען אַוועק'חלש'ן...

דער שאַרפער גערוך וואָס טראָגט זיך דאָרט פון אַלע זייטן פון די פעטע פאַרשטונקענע שעפּסענע פליישן, וואָס הענגט אויף די באַלקעס פון די טירן פון יעדער אַראַביש קלייטל, קריכט אין נאָז אַריין ווי שטאַרקער כריין און לייגט זיך זייער שווער... עס איז שרעקלעך צו אָטעמען גאָר אַזאַ לופט... איר מוזט זיך פאַרשטעלן די נאָז מיט אַ טיכל... אַנדערש ווערט איר דאָרט קריגן אַזאַ „קאַטאַר", פון וועלכן איר האָט קיינמאָל אין אייער גאַנץ לעבן נישט גע'חלומ'ט...

אַ חוץ דעם האָט איר דאָרט אויך זייער אַ סך אויסצושטיין פון דער ענגשאַפט און גרויסן געווירבל פון מענטשן, וואָס פּלאָנטערן זיך פאַר אייערע פיס און שאַרן זיך ווי די מייז אין די האַלב טונקעלע, פינסטערע לעכער, וואָס זיינען אָנגעפּאַקט מיט קליינע אַראַבישע שטיבעלעך און קלייטעלעך און שמוץ אַ סך. גאָר שנעל קענט איר דאָרט נישט גיין. איר מוזט גיין די גאַנצע צייט מיט פאַמעלעכדיקע טריט און זיך אויסהיטן נישט אַרויפצוטרעטן אויף קיינעם. זייער אָפט ברעכט דאָרט אויס אַ קריג צוליב דער דאָזיקער ענגשאַפט.

עס קומען אייך אַנטקעגן פאַרשידענע פּנים'ער אין כל'ערליי אָנטועכצן: אַ פעטער גלח מיט אַ ווייסער גראָבער שטריק אַרום גאַרטל; אַ באָרוועסער אַראַבער מיט אַ שווערן לאָגל וואַסער אויף די פּלייצעס; אַ יונגער שעיך אַן אויסגעפּוצטער; שלאַנקע אַראַבקעס מיט גרויסע קרוגן אויף די קעפּ; אַלערליי אידן — בוכאַרער, תימנ'ער, און ספרדישע; יעדער גייט אָנגעטאָן אויף זיין אייגענעם שטייגער; דער אויסזען פון זיי, איז אויך אַן אַנדערער; אויסגעפּוצטע אַמעריקאַנער טוריסטן, ענגלישע און אויך טוריסטן פון

אַנדערע לענדער. מען שלעפּט זיך דורך די האַלב פינסטערע שמוציקע לעכער; ווער עס גייט באַטראַכטן די „וואַנט״, און ווער ערגעץ אַנדערש וואו...

מיט שטילע געמאָסטענע ציטעריקע טריט און מיט בענקשאַפט אין האַרצן האָב איך פּאַוואָלינקע געשפּאַנט אַזוי לאַנג, ביז איך בין ענדלעך אָנגעקומען צום אָרט וואו די „וואַנט״ געפינט זיך. עס איז געווען האַלבער טאָג שוין, קיין סך מענטשן האָב איך גראָד דאָרט דאַן נישט געטראָפן: בלויז עטלעכע געציילטע אַלטע, גרויע ספרדישע בעטלער אין זייערע כאַראַקטעריסטישע טראַנטעס; און ביי אַ קאַרגן צענדליק פרעמדע באַזוכער, טוריסטן פון אַמעריקע, ניו־יאָרקער, שיקאַגאָ׳ר.

די בעטלער מיט קראַנקע אויגן זיינען אַלע געווען אויסגעזעצט אָן אַ זייט פון דער „וואַנט״ אויף דער ערד מיט אָפענע הענט און האָבן געבעטן נדבות ביי די געסט. קיינער אָבער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. ווייל די גרויע מאָכיקע שטיינער פון דער „וואַנט״, האָט יעדן איינעם פאַרכאַפּט. עפּעס אַ הייליקייט אַזאַ קוקט אַראָפּ פון דער גאַנצער „וואַנט״, וואָס נעמט אייך דורך ווי מיט אַן עלעקטריע נאָדל און רופט ביי אייך אַרויס אַ מאָדנעם געפיל, וואָס איז שווער אים אייך איבערצוגעבן מיט דער פּען. עס נעמט זיך וועבן אַרום אייך אַ הייליקע שטימונג; איר בלייבט שטיין די גאַנצע צייט אַ שטומער איינגאַנצן אָן לשון און רעדט צו קיינעם קיין איינציק וואָרט נישט אַרויס.

איר שטייט שטיל. אין לויף פון עטלעכע מינוט צייט, וויקלט זיך מיט גרויס שוואונג פאַנאַנדער פאַר אייך אַ ברייטער היסטאָרישער ליילעך און עס שפּיגלט זיך אָפּ פאַר אייערע אויגן די גרויסע אידישע טראַגעדיע וואָס איז די אידן באַפאַלן נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד, פון זייער ערד...

טיף אין מיין האַרץ האָט אַ פּראָטעסט אַרויסגעשריען נישט נאָר קעגן דער אַמאָליקער הערשאַפט פון רוים, וואָס האָט די גאַנצע טראַגעדיע אויף אונזער קאָפּ געבראַכט, נאָר אויך קעגן דער איצטיקער ענגלישער רעגירונג, וואָס שטערט און דערלאָזט נישט דעם אויפבוי פון דער אידישער היימלאַנד און לאָזט נישט די אידן פריי אַריינוואַנדערן צו זיך אין זייער אייגן לאַנד.

באַטראַכטנדיק ווייטער אַזוי די גרויע מאָכיקע שטיינער, האָב איך זיך געגעבן אַ דערמאָן: אַז גאַנצע דרייצן אימפּעריעס האָט די דאָזיקע אַלטע

„וואַנט״ שוין ביז איצט איבערגעלעבט און זי שטייט נאָך אַלץ אַ גאַנצע, אַ לעבעדיקע. און אויב מיין האַרץ נאַרט מיר נאָר נישט אָפּ: וועט די דאָזיקע „וואַנט״ נאָך אַמאָל אויסגעלייזט ווערן פון אירע גוי׳אישע הענט ווען אידן וועלן ווערן די פולשטענדיקע באַלעבאַטים פון זייער אייגן לאַנד און וועט נישט דאַרפן מער אויסשטיין קיין באַליידיקונגען, סיי פון די אַראַבער, און סיי פון די „קולטורעלע״ ענגלענדער...

דער פאַרדראָס אויף ענגלאַנד איז גרויס דערפאַר, וואָס נישט נאָר ווערן די אַראַבער אויפגעהעצט פון פאַרשידענע אַראַבישע פּאָליטישנס אין לאַנד און פילע אייראָפּעאישע רעגירונגען, וואָס האַלטן אָן פאַר דעם צוועק דאָרט זייערע ספּעציעלע אַגענטן, נאָר ווערן געהעצט אויך פון ענגלאַנד זעלבסט נישט ווינציקער ווי פון וועמען עס איז אַנדערש... איר וועט געפינען גענוג ענגלענדער צווישן די רעגירער פון לאַנד, וואָס סימפּאַטיזירן אָפן מיט די אַראַבער און גיבן זייער הסכמה צו דער גרויסער העצע וואָס ווערט פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד צווישן די אַראַבער געגן דעם אַריינקום פון די אידן.

די מעשים פון די הערן לאָורענס, ליוק און סטאָרס, זיינען גאַנץ גענוגנדיקע באַווייזן פאַר דעם. מען דאַרף זיי גאָר נישט גיין ווייט זוכן. יעדער איינער וואָס אינטערעסירט זיך מיט דעם אויפבוי פון ארץ ישראל ווייסט עס...

די טיר וואָס דער מופטי האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געלאָזט אויסהאַקן ביי דער „וואַנט״ אַלס אַ „דורכגאַנג״ פאַר די אַראַבער צום הייליקן „מעטשעט״ זייערן וואָס געפינט זיך אויבן, איז געווען מיט דער הסכמה פון דער רעגירונג. וואָלט די ענגלישע אַדמיניסטראַציע געווען אידן־פריינטלעך גענוג, וואָלט זי די הסכמה אויף די טיר דעם מופטי קיינמאָל נישט געגעבן. וואָרום גענוג צרות ביז איצט האָט דער דאָזיקער „אומשולדיקער״ דורכגאַנג די אידן שוין פאַרשאַפט...

די זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן שוין, ווען איך האָב זיך געקליבן צו פאַרלאָזן דעם היסטאָרישן אָרט. דער הימל האָט אויסגעזען שטאַרק בלוי און אַ מאָדנע פאַרנאַכטיקע לויטערקייט האָט זיך געהאַלטן אין שפּרייטן אויבן. איידער איך האָב אַ פוס געשטעלט, האָב איך מיט די פינגער מיינע פרום די גרויע מאָכיקע שטיינער פון דער „וואַנט״ אָנגערירט און זיי געלאַסטשעט אַ מינוט און מיר איז פון דעם דערנאָך געוואָרן אַזוי גרינג אויף מיין נשמה און

עפעס ווי אַ באַרואיקנדיקער מיט שטילע טריט דורך די זעלביקע שמאָלע האַלב טונקעלע געשלענגלטע געסעלעך מיט די צעקרימטע שטיינערנע טרעפּ געצויגן צוריק אין שטאָט אַריין צו מיין האָטעל.

„פאָלקס־צייטונג", אפּריל 24 1936, לאָס־אַנדזשעלעס

# אַ באַזוך ביי טשאַרלי טשאַפּלין

אין דרויסן איז געווען אמת׳ער זומער. איך זאָג אמת׳ער — ווייל דער קאַליפאָרניער זומער האָט גאָר אַן אַנדער טעם ווי דער ניו־יאָרקער. פון ניו יאָרק ווילט זיך אַנטלויפן זומער, אָבער פון קאַליפאָרניע ווילט זיך נישט אַוועקפאָרן אפילו זומערצייט. סיידן מ׳וואוינט דאָרט אַ לענגערע צייט און עס ווילט זיך אַביסל אָפּרישן, דורכלופטערן — פאָרט מען זיך ערגעץ דורך. ווייטער איז קאַליפאָרניע אַן אמת׳ער „גן־עדן" דאָס הייסט, אַ גן־עדן אויף דער ערד, וואָס קיין בעסערן ווינקל קען מען זיך גאָר נישט ווינטשן. אַ חוץ דעם, וואָס דער קאַליפאָרניער הימל זעט אויס טיפער און בלויער ווי דער ניו־יאָרקער, זעט ער אויך אויס מילדער און צאַרטער, און ער ציט און מאַניעט צו זיך, ווי אַ פרישער קוואַל, און די קאַליפאָרניער זון איז אויך מער שטראַלנדיקער, מער גאָלדיקער, און מער לאַטשענדיקער, ווען זי קושט אייערע באַקן. אויך די קאַליפאָרניער ווינטעלעך זענען מער פרישער, ווי ניי־געבאָרענע גרעזעלעך, און גלעטן ווי מיט זיידענע רוישן אייער הויט.

מיר זיינען געזעסן אַ קליינע גרופּע מענטשן: צוויי פרויען און צוויי מענער — דער באַוואוסטער בינע־און פילם־שטערן, ריטשאַרד קאַנטי, זיין פרוי, די באַקאַנטע בינע־און פילם־שוישפּילערן, רוט סטאַרי, די אידישע פאָלקס־זינגערן, חנה׳לע סטראַמבערג, און דער שרייבער פון די שורות — אינמיטן פון אַ שיינעם גאָרטן, אַ מיניאַטור פּאַרקל, מיט פאַרשידנערליי בלומען אוןביימער וואו עס איז געשטאַנען אַ ספּעציעלער טישל מיט פרישע טיי, פרוכטן, ביסקיטס און נאָך אַנדערע דערקוויקענישן. אין קורצן, עס איז געווען גאָר פיין איינגעאָרדנט — אויפן עכטן האָליוואודער שטייגער, וואָס נאָר באַרימטע „מואווי־סטאַרס" קענען זיך פאַרגינען אַזאַ ראַסקאַש... די

נאַטור אַרום אונז איז געווען פול מיט פאַרבן. די בלומען האָבן געשמעקט פאַר׳שיכור׳נדיק, און די לויטערע לופט איז געווען פול מיט געזאַנג פון פאַרשידענע פייגעלעך, וועלכע האָבן לוסטיק און פריי אַרומגעטאַנצט פון איין בוים אויף דער אַנדערער.

וועגן וואָס, אַ שטייגער, האָבן די פייגעלעך אַזוי שיין געזונגען? אַוודאי פון ליבע! אַזוי האָב איך מיר פאַרגעשטעלט. נאָר ווער קען עס אַקוראַט וויסן? קיין צו גרויסער „עקספּערט״ איבער פייגעלעך בין איך נישט — איך בין אפילו קיין קליינער „עקספּערט״ אויך נישט. צו וואָס לייקענען? איך ווייס נאָר איין זאַך. כ׳האָב שטאַרק ליב פייגעלעך — בפרט די וואָס קענען שיין זינגען!

דער הונט באָבאָ, וועלכער איז געלעגן אָן אַ זייט, האָט זיך גאָר מחיה געווען, וואָס די באַלעבאַטים פונעם הויז מיט זייערע צוויי געסט פון ניו יאָרק, זיינען יענעם טאָג געבליבן אינדערהיים. זיין ברוינע פלושענע פעלץ, האָט זיך ממש צעגאַנגען פון נחת, ער האָט יעדן איינעם געקוקט אין די אויגן אַריין און האָט זיך צוגעהערט צו אַלץ וואָס מ׳האָט גערעדט. ער האָט מסתמא פאַרשטאַנען זייער ווינציק, אָבער ער האָט געגעבן דעם איינדרוק אַז ער פאַרשטייט אַלץ און האָט זיך צוגעהערט סיי ווי. וועט איר דאָך אַוודאי זאָגן, אַז דאָס איז די טבע פון יעדן קלוגן הונט, וועל איך זיך מיט אייך נישט שפּאַרן. איך בין אַ גאָר קנאַפּער בקי אין הלכות הינט. אָבער איין זאַך וויל איך אַז איר זאָלט וויסן וועגן באָבאָ׳ן: ער איז — לאַכט נישט! — זייער אַ מוזיקאַלישער כלב, הויפּטזעכלעך האָט ער ליב געזאַנג! זינגט פאַר אים וואָס פאַר אַ מעלאָדיע איר ווילט נאָר אַליין, און אויב ער כאַפּט עס נישט אויף מיטן ערשטן מאָל, כאַפּט ער עס אויף מיטן צווייטן מאָל, און ער זינגט־מיט מיט אייך נאָטע ביי נאָטע.

באָבאָ האָט ביי מיר אויסגענומען נישט בלויז מיט דעם אַליין, נאָר ער האָט בכלל געהאַט צו מיר אַ באַזונדערן מזל, וואָרום איך מוז זיך דאָ פאַר אייך מודה זיין, אַז איך האָב נישט ליב קיין הינט! ס׳איז אפשר נישט שיין אויסצוזאָגן, ספּעציעל ווען הינט זענען איצט אַזוי שטאַרק אין דער מאָדע, אַז ס׳האָט שוין אָנגעשפּאַרט אַזש אין דער שוסטערשער גאַס, ווי — רויכערן אַ שטייגער! וועלכע פרוי רויכערט עס נישט היינטיקע צייטן? אַמאָל האָט בלויז גערויכערט די אַריסטאָקראַטישע דאַמע, די שוישפּילערן, טענצערן, זינגערן, מאָלערן, היינט רויכערט יעדע שמענדריקיכע... איך קער זיך אום

צוריק צום ענין — הינט. פונעם אמת קען איך נישט אַוועקגיין. צו וואָס שפּילן זיך אין באַהעלטעניש? איך האַלט לגמרי נישט פון דער מאָדע — הינט. איך האָב נישט ליב קיין הינט! איבערהויפּט קען איך בשום אופן נישט פאַרגעסן, אַז ווען איך בין אַלט געווען זיבן יאָר האָט אַ הונט מיך אַ ביס געטאָן! פון דעמאָלט אָן, איז ביי מיר פאַרבליבן אַ שינאה צו הינט...

נאָך דער געשמאַקער פרישער טיי און צובייסעכץ, איז מען נאָך אַלץ געזעסן און געשמועסט. די רייד האָבן זיך געדרייט אַרום די פּאַסירונגען אין דער פילם־וועלט (דאָס איז די הויפּט טעמע פון וואָס מענטשן ריידן אין האָליוואוד!). די גוט באַרימטע פילם שטערן, לאַנאַ טוירנער, האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצוטרעטן אין אַ געוויסן פילם און עס האָט פאַראורזאַכט אַ קאָכעניש אין דער גאַנצער האָליוואודער פילם קאָלאָניע.

עס פירט זיך, אַז ווען אַ פילם־שטערן זאָגט זיך אָפּ אויפצוטרעטן אין אַ געוויסע בילד, וואָס די פילם־פירמע, מיט וועלכער ער, אָדער זי, איז פאַרבונדן, לייגט פאָר, איז לויטן קאָנטראַקט, הערט דער באַטרעפנדיקער, אָדער די באַטרעפנדיקע, פילם־שטערן אויף צו קריגן זיין אָדער איר געהאַלט, ביז אַ געוויסער צייט. אַזאַ אָפּמאַך עקזיסטירט צווישן די מייסטע שטערן און די פילם־פירמעס אין האָליוואוד. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס רופט געוויינלעך אַרויס אַ פאַרדרוס — יאָ אָפּמאַך אָדער נישט אָפּמאַך! — ביים פילם־שטערן און אויך ביי זיינע, אָדער אירע, פאַך־קאָלעגן, די באַלעבאַטים אָבער פון די פילם־פירמעס טענה'ן: קאָנטראַקט איז — קאָנטראַקט!

דאָס זעלבע פּאַסירט אויך מיט מוזיקער, סצענאַריאָ־שרייבער, דירעקטאָרן, רעזשיסאָרן, פּראָדיוסערס און די אַנדערע, וועלכע האָבן צו טאָן אין האָליוואוד מיט דער פילם־וועלט. אַ געוויסער אָנגעזעענער סצענאַריאָ־שרייבער, מיינער אַ גוטער באַקאַנטער, וועמעס נאָמען איך קען דאָ צוליב געוויסע טעמים נישט דערמאָנען, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שרייבן אַ „סצענאַריאָ" אויף אַ געוויסער טעמע, וואָס די פילם־פירמע, מיט וועלכער ער האָט געהאַט אַ קאָנטראַקט, האָט אים פאָרגעלייגט, ווייל עס האָט אים אויסגעזען צו לעכערלעך און שרעקלעך אומרעאַליסטיש, האָט ער צוליב דעם פאַרלאָרן אַ שיין ביסל שכירות. אָט דאָס איז האָליוואוד.

איז זיצנדיק און שמועסנדיק אַזוי האָט זיך אין גאָרטן באַוויזן זייער אַ חשוב'ער גאַסט, וואָס איז געקומען אומדערוואַרט. ער איז פאַרבייגעפאָרן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט צו זאָגן „האַלאָ", דעם באַלעבאָס און דער

באַלעבאָסטע, מיט וועמען ער חבר'ט זיך און זיי שפּילן צוזאַמען אָפּט טעניס. דער חשוב'ער גאַסט איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי דער וועלט־באַרימטער טשאַרלי טשאַפּלין!

צו וואָס לייקענען? עס איז געווען העכסט אַנגענעם זיך צו באַ־געגענען פּנים אל פּנים מיט דעם דאָזיקן וועלט־פענאָמען! טשאַרלי טשאַפּלין וואָלט אפשר געווען מיט צען קעפּ העכער, ווען ער וואָלט זיך געפונען צווישן אַקטיאָרן אין דער ענגלישער, פראַנצויזישער, איטאַליע־נישער אָדער רוסישער פילם קאָלאָניע אפילו, נישט בלויז מיט זיין טאַלאַנט און קונסט אַליין, נאָר אויך מיט זיין אינטעליגענץ און וויסן, בפרט — אין האָליוואוד!

דריי זאַכן האָבן אויפן ערשטן קוק מיר אַ גלאַנץ געטאָן פאַר די אויגן: זיין קינסטלערישער גרויער קאָפּ, וואָס איז אַביסל צו גרויס פאַר זיין קליינעם גוף און אויך זיינע מילדע אויגן, וועלכע זענען פול מיט געבעט, און זיין קלוגער קינדערישער שמייכל, וואָס רעדט ווייך אַראָפּ פון זיינע סענסועלע ליפּן. די דאָזיקע דריי דימענסיעס פון טשאַרלי טשאַפּלינ'ען זיינען גאַנץ גוט קענטיק און אַנזעעדיק אויך אויפן לייוונט אפילו, אָבער ווייט נישט אַזוי ווי אין לעבן! דער געבעט פון זיינע אויגן, ווען איר שטייט פון דער נאָענט, גיט אייך אַ פאַרגיי אין דער נאָז אַריין, ווי ניינציקער בראַנפן! אַזעלכע תפילה'דיקע אויגן, קענען ווייך מאַכן אפילו אַ שטיין...

נאָכדעם ווי דער גרויסער פילם־קינסטלער איז געזעסן אַ ווייל, האָט ער זיך אויפגעהויבן און האָט אַ זאָג געטאָן צו די באַלעבאָטים: „פאַרגעסט נישט, — קינדער, מאָרגן אויפדערנאַכט צו קומען אין צייט, און ברייינגט אויך מיט אייערע צוויי ניו־יאָרקער געסט!" עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ צוגרייטונג פון אַ פּריוואַטער פּרעמיערע פון טשאַפּלינ'ס נייסטן פילם „לאַימלאַיטס" (בינע ליכט), וואָס ער האָט געלאָזט איינאָרדענען אין אַ האָליוואודער טעאַטער אויף צו ווייזן פאַר אַ פאַר הונדערט איינגעלאַדענע פריינט און קאָלעגן פון דער פילם קאָלאָניע. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָט די זאַך גאַנץ גוט געשמעקט! ווער וואָלט זיך דען אָפּגעזאָגט פון אַזאַ געלעגנהייט? מ'דאַרף דאָך זיין משוגע נישט צו וועלן גיין צו אַזאַ פייערלעכן יום־טוב, ווי אַ פּרעמיערע!

עס איז געווען אַ שבת אָוונט, פּונקט אַכט אַזייגער צו דער מינוט, האָט זיך דאָס ליכט אין טעאַטער אויסגעלאָשן און אויפן זילבערנעם עקראַן האָט

זיך אָנגעהויבן צו שנירלען און פאַרנאַנדערוויקלען אַ בילד פון קאָמעדיע, סאַטירע, ראָמאַנס און טראַגעדיע, וואָס האָט מיט איר ריינער עכטער קונסט ממש פאַרכאַפּט דעם אָטעם. איר האָט גלייך אויפן אָרט געפילט אַז מיט דעם דאָזיקן פילם וועט האָליוואוד זיך אויסקויפן גאָר אַ סך פון אירע שווערע גרויסע זינד, וואָס זי איז אַלע יאָרן באַגאַנגען — און באַגייט — קעגן דער פילם־קונסט. מיט יעדן מאָמענט איז אייך קלאָרער געוואָרן, אַז „לאַימלאַיט״ וועט נאָכאַמאָל באַשטעטיקן דאָס, וואָס ס׳איז שוין נישט איינמאָל געזאָגט געוואָרן, — אין וואָרט און אין שריפט — אַז האָליוואוד קען זיך פאַרמעסטן מיט די בעסטע פילם־סטודיאָס אין דער וועלט — זי דאַרף נאָר וועלן! אָי פאַרוואָס באַווייזט זי זיך אַזוי זעלטן מיט אַ קינסטלערישן פילם, בלייבט אַ קשיא...

יאָ, „לאַימלאַיט״ איז אַ פּערל נישט בלויז אין דער אַמעריקאַנער פילם־קונסט, נאָר אין דער פילם־קונסט בכלל! עס איז אַ מייסטער־פילם אין פולן זין פון וואָרט: אַ ברילאַנט פון אַ גאָר הויכן קינסטלערישן גראַד; אַ סימפאָניע פון שוישפּיל און רעזשי, דראַמע און מוזיק, פון פאַרטראַכטקייט און פאַרקלערטקייט, וואָס דערהויבט אייער געמיט, רופט אַרויס באַוואונדערונג — ס׳איז אַ פילם, וואָס וועט מאַכן געשיכטע אין דער וועלט פון קינעמאַטאָגראַפיע!

„לאַימלאַיט״ איז נישט קיין אויסנאַם אין דער געשיכטע פון טשאַפּלינ׳ס פילם־קאַריערע, פון זיין פאַרשטיין און פילן די פילם־קונסט טיף אין זיינע ביינער, אין זיין אָטעם און אין יעדן באַזונדערן אבר זיינעם, אָבער דאָ, איצט, אין עלטער פון 63 יאָר, און נאָך פערציק יאָר, וואָס ער פאַרנעמט זיך, מייסטנס אין האָליוואוד, מיט שאַפן און פּראָדוצירן פילמס, קומט ער ווי אַ קינסטלער, וואָס האָט דערגרייכט דעם אַלימפּ סיי אין זיין קינסטלער קאַריערע און סיי אין דער פילם־קונסט!

זאָל דאָ גלייך באַמערקט ווערן, אַז טשאַרלי טשאַפּלין האָט אַליין נישט בלויז אָנגעשריבן דעם סיפּור־המעשה פון „לאַימלאַיט״, נאָר ער האָט אויך אַליין באַאַרבעט די סצענאַריאָ, אַליין קאָמפּאָנירט די מוזיק, אַליין פאַרפאַסט די ווערטער פון די לידער, וואָס ער זינגט דאָרט, אַליין רעזשיסירט דעם פילם, אַליין צוגעגרייט די באַלעט־טענץ — און דערצו נאָך, אַליין פינאַנסירט די גאַנצע פּראָדוקציע פונעם פילם.

קאַלווערא, דער העלד פון דער טראַגי־קאָמעדיע „לאַימלאַיט״, אַ געוועז־

זענער באַרימטער קאָמיקער פון דער ענגלישער וואָדעוויל־בינע. ווערט פון טשאַפּלינ׳ען פאַרוואַנדלט אין אַ ליד, וועמעס סטראָפן עס זענען אָנגעפילט מיט רירנדיקע מענטשלעכע געפילן און איבערלעבונגען, אַ ליד אָן וועלט־פּראָבלעמען, אין וועמעס סטראָפן עס זיינען ניטאָ קיין שום אידעאָלאָגישע אויסטייטשונגען, אָבער פילט דאָך אייך אָן מיט אַזויפיל גלויבן, מיט אַזויפיל ליבשאַפט און אָפּטימיזם, מיט קאַמף פאַר אַלץ וואָס איז שיין און דערהויבן.

נאָך דער פאַרשטעלונג אין טעאַטער, האָט דער גרויסער קינסטלער פאַרבעטן דעם גאַנצן עולם צו זיך אַהיים אויף אַ „סעודה״ און ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז עס טאַקע געווען אַן אמת׳ע „סעודה״. די „סעודה״ איז פאָרגעקומען איז דרויסן ביים קינסטלער אין פּרעכטיקען גאָרטן, אונטערן פרייען הימל, וואָס איז געווען באַלויכטן פון ספּעציעלע פּראָזשעקטאָרס, וואו עס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט טישלעך און ביינקלעך, ווי אין אַ נאַכט־קלוב, און אַ שטאַב פון לאַקייען האָבן באַדינט די געסט. דער בעל־הנשף איז מיט יוגנטלעכע טריט אַרומגעגאַנגען צווישן די געסט, ווי אַ וואוילער גוטמוטיקער מחותן אויף אַ רייכער חתונה און האָט מיט יעדן איינעם געשטעקט הענט, געשפּאַסט איינפאַך, פּשוט, נישט געבלאָזט זיך: האָט אויסגעהערט יעדן איינעמס קאָמפּלימענטן מיט אַ וואַרעמען שמייכל, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ קינדס פּנים, ווען מ׳גיט אים אַ מתנה. די „סעודה״ האָט זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. דער גאָרטן איז געווען געפּאַקט מיט די סאַמע אָנגעזעענסטע האָליוואודער „סטאַרס״ רעזשיסאָרן, שרייבער, מוזיקער און פּראָדוצירער.

אָבער דעם אמת׳ן טשאַפּלינ׳ען, האָב איך ערשט דערקענט מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען איך האָב ווידער אַ דאַנק מיינע פריער דערמאָנטע פריינט, די קאַנטיס, געהאַט די געלעגנהייט נאָכאַמאָל צו זיין ביים גרויסן קינסטלער אין שטוב, ווען קיין סך מענטשן זענען דאָרט נישט געווען און נישט בלויז האָט ער, טשאַפּלין, זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גאָר אויסער־געוויינלעכן אינטערעסאַנטן באַרעוודיקן מענטשן, נאָר אויך פאַר אַ גאָר אויסערגעוויינלעכן ברייטן, ליבן, האַרציקן מענטשן, וואָס איז ממש אַ זעלטנהייט צווישן אַקטיאָרן, שרייבער, זינגער, מוזיקער, מאָלער און קינסטלער.

וואָס איז שייך טשאַפּלינ׳ס אינטעליגענץ און באַהאַוונטקייט, וויל איך דאָ זאָגן, אַז אַ חוץ טעאַטער, מוזיק, ליטעראַטור, מאָלעריי, האָט ער מיך נישט

ווייניקער איבעראַשט מיט זיין באַהאַוונטקייט אין פּאָליטישע און געזעל־שאַפטלעכע פּראַגן, סאָציאָלאָגיע און פילאָזאָפיע, וואָס הלואי אויף אַ סך אַקטיאָרן, מוזיקער, מאָלער, זינגער און שרייבער געזאָגט געוואָרן!

פון די אַלע רייד און שמועסן אויף מיין צווייטן באַזוך ביי טשאַפּלינ׳ען איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס ער, טשאַפּלין, אויף דער פראַגע „צי ער איז אַ איד אָדער ניין?״, — האָט אַלעמאָל איין ענטפער: איך בין אַ מענטש!״ די סיבה פאַרוואָס ער איז קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען מיט קיין קלאָרן ענטפער „יאָ אָדער ניין״, האָט דורכאויס צו טאָן מיט טשאַפּלינ׳ס אייגנאַרטיקן קוק אויף דער וועלט אויפן לעבן, אויפן מענטש און אויף זאַכן בכלל.

טשאַפּלינ׳ס טעזע איז אַזאַ. מיר לעבן איצט אין אַ צייט און אין אַ וועלט, ווען נאַציאָנאַליזם, ביי יעדן פאָלק אויפן ערד־קוגל אָן אויסנאַם, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ענג האַרציקן פינסטערן שאָוויניזם און בלוטיקן פאַשיזם, און דעריבער האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער געהערט נאָר צו איין פאָלק — מענטש! אין צענטער פון דער וועלט, ווי פונעם לעבן בכלל, האַלט טשאַפּלין, — דאַרף שטיין דער מענטש! דער מענטש איז העכער איבער אַלץ און אַלעמען!

איז דאָס אַ שטאַנדפּונקט וואָס איינער קען אים אָננעמען און אַ צווייטער נישט, אָבער מ׳קען עס בשום אופן נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. וואָרום קיינער קען נישט אָפּלייקענען, אַז דער ענג־האַרציקער נאַציאָנאַליזם אינעם געשטאַלט ווי ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אין די לעצטע דריי צענדליק יאָר, האָט באַנקראָטירט. עס וועט מוזן קומען אַ גאַנץ נייער כוח, וואָס זאָל קענען צוציען דעם אמת׳ן ליבעראַלן מענטשן צו זיך — דעם ליבעראַלן מענטשן, וואָס שטייט אייזן־פעסט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז דער מענטש שטייט העכער איבער אַלץ און אַלעמען, איבער אַלע אידעאָלאָגיעס, און שטאַט־מלוכות, אָדער וועלכע עס איז אַנדער פאָרם פון מלוכות, רעזשימען און סיסטעמען...

עס איז איצט שטיל אין שטוב וואָלט איך געזאָגט כאָטש פון דער שטאַטישער ראַדיאָ־סטאַנציע הערן זיך וואונדערלעכע טענער פון טשייקאָווסקי׳ס פּרעכטיקע פערטע סימפאָניע און איך לייען דאָס אויפגע־שריבענע, און אַזאַ בענקשאַפט גייט אויף אין מיר אי נאָך יענעם גאָלדענעם מילדן זומערדיקן נאָכמיטאָג אין גאָרטן ביים די קאָנטיס, און אי נאָכן צווייטן

וויזיט ביים גרויסן אַרטיסט טשאַרלי טשאַפּלין, אין וועמעס קונסט־פּולן פּאַלאַץ איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע ביז גאָר אינטערעסאַנטע שעה׳ן.

ניו־יאָרק, 25־טער מערץ, 1954.

„די שטימע״, מאי 15, 1954, מעקסיקאָ.

# מנשה אונגער

## אַ טרער אויף זיין פרישן קבר

כאָטש דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע, ווי דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער לעבן, איז איין גרויסער „הו־האַ״, אַ זשומענדיקער „פּיף־פּאַף״, אַ לעבן פון „נישטאָ קיין צייט״, אָבער אַז איך בין געזעסן מיט מנשה אונגער׳ן האָב איך עס נישט געפילט. ער איז נישט געווען פון די האַוועדס, לויפערס, יאַגערס און פאַרכאַפּערס. מנשה אונגער האָט נישט געוואָלט פאַרכאַפּן די גאַנצע וועלט נאָר פאַר זיך אַליין. ער האָט געהאַלטן, אַז די וועלט איז גרויס גענוג פאַר אַלעמען. און ווייל אַזוי, איז מיט אים געווען אַ נחת־רוח צו פאַרברייגנען.

צווישן דעם גרויסן „שטאַב״ שרייבער פון „טאָג״, אין דער צייט ווען איך בין דאָרט געווען איינער פון די דרויסנדיקע מיטאַרבעטער, אָדער ווי עס האָט געהייסן „פּיטשור־שרייבער״, אַ קימאַ־לן פון צוואַנציק יאָר, אין דער ראָל פון אַ מוזיק־קריטיקער און האָב אויך אויף די זונטיק־זייטן געשריבן גרויסע סעריעס וועגן וועלט־באַרימטע מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָרן, קאָנצערט־ און אָפּערע־זינגער, חזנים, וועגן באַרימטע האָליוואודער „שטערן״, און אויך אַרטיקלען אונטער פאַרשידענע פּסעוודאָנימען — פריער אונטער עדלינ׳ען, דערנאָך אונטער דינגאָל׳ן, ווי די רעדאַקטאָרן, שפּעטער אַ קורצע צייט אונטער „דאַנציס גדולה״, איז מנשה אונגער געווען פון די סאַמע געציילטע מיט וועמען איך האָב זיך געפילט נאָענט. אפשר דערפאַר, ווייל מיר האָבן זיך נאָך געקענט פון ארץ־ישראל...

מנשה אונגער איז געווען אַ רבי׳נס אַ זון (זיין טאַטע איז געווען דער זשאַבנער רבי), און ער האָט כל־ימיו געשריבן וועגן רביים און חסידות,

אָבער זיין שרייבן — אי וועגן רביים אי וועגן חסידות — איז געווען לחלוטין אַנדערש פון אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אויך גע׳עסק׳ט מיט דעם. בעת די אַנדערע, האָבן געשריבן אויסגעקלערטע און אויסגעקליגטע מעשיות און מאמרים וועגן רביים און חסידות, „אויפן הימל אַ יאַריד״, האָט מנשה אונגער געשריבן וועגן רביים און חסידות אויף דער היימישער ערד — אַזוי נאַטירלעך און לעבעדיק, היימיש און אייגן, ווי פרישע וואַסער וואָס שפּראָצט אַרויס פון אַ היימישן קוואַל.

מנשה אונגער האָט זיך אַרויסגעהויבן, ווי געזאָגט, מיט הונדערט קעפּ העכער פון אַלע די, וועלכע האָבן זיך אויך גע׳עסק׳ט מיט שרייבן וועגן רביים און חסידות. ער האָט נישט געשריבן ווי אַ חסיד אַ שרייבער, נאָר ווי אַ שרייבער אַ חסיד. נישט ווי אַ רבי׳נס אַ זון, נאָר ווי אַ זון פון אַ רבי׳ן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ שרייבער מיט אַ פּאָעטישע פּען, ווי אויף צו באַזינגען די רבי׳אישע און חסידישע וועלט.

„דער בנעימות׳דיקער מנשה אונגער״, אַזוי האָבן אים טייל פון אונז גערופן, בעת מיין זיין אין ארץ־ישראל. און אַזוי האָב איך וועגן אים תמיד געפילט, סיין ווען ער האָט ביי מיר געוואָלט דערגיין דעם מקור פון דעם אָדער יענעם חסידישן ניגון, און סיי אין זיינע געזעלשאַפטלעכע שמועסן מיט מיר. אַ וואָך פאַר זיין פּטירה האָב איך אים צופעליק באַגעגנט אויף איסט בראָדוויי: ער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים געבן דעם אַדרעס פון אונזערן אַ בשותפות׳דיקן „חסיד״, איינער פון די זעלטענע אידישע לייענער און נגינה־שלינגער אין מעקסיקאָ, וואו סיי מ. אונגער און סיי איך זיינען עטלעכע מאָל געווען, — ער מיט לעקציעס און איך מיט קאָנצערטן.

איך וויל איצט בלויז פאַרצייכענען ריין פּערזענלעכע איינדרוקן — דאָס און נישט מער. די אַלע יאָרן וואָס מיר האָבן זיך געקענט, איז ער מיר נאָענט געוואָרן, הן ווי אַ מענטש און הן ווי אַ אידישער שרייבער. איך האָב געפילט אַ היימישן טעם אין זיין זאַפטיקן שרייבן, אין זיין אמת׳דיקן אידישן סטיל און זומערדיקער רואיקייט; אַ רואיקייט, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אין שטילע נגינה׳דיקע טענער.

איבערהויפּט האָב איך גרויס הנאה געהאָט פון מנשה אונגער׳ס עסייען וועגן די פאַרשידענע רביים, רבי׳אישע הויפן און חסידות אין אוקראַינע, אַ לאַנד, וואָס כאָטש דורכגעווייקט מיט גאַנצע טייכן אידישן בלוט, ליגט עס אָבער גאָר טיף אין מיינע ביינער... גאַנץ מעגלעך, אַז מיין הנאה פון מנשה

אונגער׳ס מחיה׳דיקע עסייען איבער אוקראַינישע רביים, רבי׳אישע הויפן און חסידות, שטאַמט אויך דערפון, וואָס איך בין נישט בלויז אַ זון פון אַ טאַטן, אַ טשערנאָבלער חסיד, נאָר איך אַליין פיל זיך אויך ווי אַ חסיד — אַמאָל פון דעם און אַמאָל פון יענעם אוקראַינער רבי׳ן, אָדער רבי׳אישן הויף, אַ שטייגער: ווי דער טאַלנער הויף, וואו נגינה איז געווען אַ גאָר וויכטיקער באַשטאַנד־ענין; אָדער דער מאַקאַראָווער רבי, ביי וועמען דער ניגון איז געווען דער אָטעם, דער לייב־און־לעבן, און „כחומר ביד היוצר״; צי דער טריסקער רבי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אוהב־נגינה. און וואָס עפּעס נאָר נגינה אַליין? וואו איז די שיינקייט, די דערהויבנקייט, די יום־טוב׳דיקייט, ווי דאָס גאָרע פייער, צינד־און־ברען, וואָס דער חסיד׳יזם האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט?!

גאָר קיין קליינעם חלק אין מיין פאַרליבטקייט אין חסידות, האָט אויך געהאַט דער ריין מענטשלעכער מאָמענט, אָדער ווי אַנדערע רופן עס אַן סאָציאַלער מאָטיוו, וואָס איז געקומען אינאיינעם מיטן געבוירן, אויפשטייג און פאַרשפרייטונג פון דער חסידישער באַוועגונג: דאָס אַננעמען זיך פאַרן אָרעמען מענטשן; דאָס איינשטעלן זיך פאַר דעם בעל־מלאכה, פאַר דעם בעל־עגלה; דאָס אַרויסהויבן דעם פראָסטאַק, דעם שטומפּיקן עברי־שטאַמלער, דעם פשוט׳ן תהילים־זאָגער; דאָס דערמוטיקן אַנטקעגנשטעלן זיך די נגיד׳ישע לייט, די גביר׳ישע־אַרונטערקוקערס, אָדער — די אָנגעבלאָזענע משכילים און גרויסהאַלטערישער אינטעליגענץ...

מנשה אונגער האָט נישט איינמאָל אָט דעם ריין־מענטשלעכן מאָמענט. דעם סאָציאַלן מאָטיוו, אַרויסגעבראַכט און באַלויכטן אין זיינע הונדערטער עסייען, וואָס האָבן אָנגעפילט זיינע ביז איצטיקע צען דערשינענע ביכער. דאָס איז אַ וועזנטלעכער שטריך אין דער חסידישער באַוועגונג, וואָס אפילו דער אָרטאָדאָקסישער מאַרקסיסט קען נישט אָפּלייקענען אָדער מינימיזירן. דער בעש״ט, דער באַשאַפער און גרינדער פון חסידות, האָט אַלעמען געהאַט אין זינען: יעדער איז ביי אים געווען פון גלייכן יחוס, פון זעלביקן „צלם־אלוקים״...

ביי אָט דער שיטה, אַז יעדער איד איז פון גלייכן יחוס, פון זעלביקן „צלם־אלוקים״, האָט זיך אויך געהאַלטן מנשה אונגער. ער האָט זיך נישט געהאַלטן גאווה׳דיק, פאַרריסן, מחמת ער איז אַ רבי׳נס אַ זון, אָדער דערפאַר ווייל ער איז אַ שרייבער, און אַ באַליבטער ביי אַ גרויסער צאָל אידן, נאָר

דורכאויס ווי אַ מענטש מיט אַלע מענטשן צוגלייך. דאָס איז געווען זיין הנהגה, וואו און מיט וועמען ער האָט זיך נישט געפונען. דער טאָן פון זיין ריידן איז געווען אַ מחיה׳דיקער, אָנגענעם פאַרן אויער צו הערן. ער האָט זיינע ווערטער, וועלכע עס האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט פון זיינע ליפּן, אונטער דער באַגלייטונג פון אַ ווייכן, גוטמוטיקן שמייכל, וואָס האָט זיך שטענדיק געוויקלט אַרום זיין מויל, געציילט, ווי מען ציילט פּערל.

איך קען זיך נישט דערמאָנען, וואו אין תל־אביב, אין וועלכער שטוב, איך האָב צום ערשטן מאָל מנשה אונגערן באַגעגנט: צי ביי דר. ראַפּאַלקעסן, דער שפּעטערדיקער מיניסטער אין דער ישראל רעגירונג ניר, וואָס איז אין די דרייסיקער יאָרן געווען דער זאַמל־פּונקט פון אַלע „אידישיסטישע״ שרייבער, אָדער אין דער היים פון משה ערעמען? איך געדענק אָבער ווי היינט, וואָס פאַר אַן אָנגענעמען איינדרוק ער האָט גלייך געמאַכט אויף מיר. מיר האָבן זיך דערנאָך אויך עטלעכע מאָל געטראָפן אין ירושלים און פלעגן זיך אויך באַגעגענען ביים באַוואוסטן העבראַייאישן לירישן דיכטער יעקב פיכמאַן, „דער בעסאַראַבער״, ווי מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן.

אַוודאי האָט די אידישע נגינה בכלל, און די חסידישע נגינה בפרט, געהאַט אַ גרויסן חלק אין מנשה אונגער׳ס און מיין נאָענטקייט. אונזערע מייסטע שמועסן האָבן זיך כסדר געוויגט אויף די רעלסן פון דער חסידישער נגינה: עס איז געווען אומפאַרמיידלעך. ער פלעגט זיך תמיד דערמאָנען אָט אין דעם, אָט אין יענעם חסידישן ניגון; אָט אין אַזאַ פאַל, אָט אין אַ צווייטן פאַל; אָט אין דעם קנייטש, אָט אין יענעם קנייטש, אָדער עס פלעגט זיך צווישן אונז אַנטוויקלען אַ הייסער וויכוח, וועגן די פּוילישע און אוקראַינישע חסידישע ניגונים: ווער שטייגט וועמען אַריבער און וואו שטעקט צווישן זיי דער חילוק?

צו מנשה אונגער׳ס פאַרליבטקייט אין דער אידישער נגינה בכלל איז נישט געווען קיין שיעור. ער האָט זיך פונקט אַזוי מחיה געווען מיט אַ גוט שטיקעלע אידישן האַרציקן בעל־תפילה׳שן־נוסח, אָדער חזנות, ווי מיט אַ געשמאַקן חסידישן ניגון. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון חזן פּינטשיק׳ס „רזא דשבת״, און, זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין צו מאַכן די באַמערקונג, אַז ער האָט אויך געהאַלטן פון מיין „הנני״, וואָס איך האָב מיט צוויי יאָר צוריק רעקאָרדירט.

יאָ, חבל, חבל על דאבדין — די אידישע ליטעראַטור האָט געליטן אַ

גרויסן שאָדן, די חסידות־פּאַרשונג האָט אָנגעוואוירן איר געטרייסטן באַזינגער, איך אַליין — האָב פאַרלוירן אַ נאָענטן, אַ האַרציקן פריינט.

„אידישע קולטור", אויגוסט־סעפּ. 1969, נ.י.

# „די ברידער אשכּנזי"

אויף דער קאַנווע פון אַ ברענענדיקער קנאה צווישן צוויי צווילינג־ברידער, פאַרשאַרפטע ליבע־פּלאָנטערס, האַרבע קאָנפליקטן צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, באַלעבאָס און אַרבעטער, עקספּלואַטאַציע און פּראָפיטן, אינדוסטריעלער פאַרמעסט און האַלדז־שניידנדיקער קאָנקורענץ, סוחר'ישע שווינדעלרייען און געלט־גייציקע יעגערייען, אַרומגעזוימט מיט אַלט־היימישן אידישן שטייגער, לערנער און פּראָסטאַק, עושר און אָרעמאַן, יחוס און פּשוט'קייט, פאַרביסן מיט רשעות'דיקער און אַנטיסעמיטישער באַהאַנדלונג פון סיסטעמען און רעזשימען, וואָס הייבט זיך אָן פאַנאַנדערוויקלען אין די זעכציקער יאָרן פון אַכצנטן יאָרהונדערט און ציט זיך ביזן זיבעצנטן יאָר פונעם איצטיקן יאָרהונדערט, האָט דער טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער י. י. זינגער, געמאָלן זיין גרויס ווערק, איינער פון די סאַמע בעסטע רעאַליסטישע ראָמאַנען איז דער ליטעראַטור „די ברידער אשכנזי". די נעץ אויף וועלכער דער מחבר שפּילט אויס זיין אידישן רעאַליסטישן ראָמאַן, איז אויסגעשפּרייט איבער אַלט־פּוילן אונטער דער מאַכט פון די באַלשעוויקעס, וואָס זיינען געקומען ווי „וועלט באַפּ־רייער", און דערנאָך אין דער „באַפרייטער" אַנטיסעמיטישער זעלבסט־שטענדיקער נייער פּוילן. די אַקס אַרום וועלכער י. י. זינגער'ס ווערק דרייט זיך, געפינט זיך אין דער אַלטער האַלב פּוילישער, האַלב־דייטשמערישער און טיילווייז רוסיפיצירטער שטאָט לאָדזש, מיט אירע גרויסע און קליינע וועב־פאַבריקן, וואָס איז געווען די צושטעלערן פון מאַנופעקטור נישט בלויז פאַר דער גרויסער רוסישער אימפּעריע אַליין, נאָר אויך פאַר געוויסע טיילן אין רוסלאַנד.

אַוודאי האָב איך „די ברידער אשכנזי" אויך געזען שפּילן אויף דער בינע

פונעם אידישן קונסט טעאַטער אין ניו־יאָרק — דראַמאַטיזירט און רעזשיסירט פון מאָריס שוואַרצ׳ן, וואָס איז, כידוע, געווען דער דירעקטאָר פון אידישן קונסט־טעאַטער. די אויפפירונג איז, לויט מיין מיינונג, געווען אַ גאָר־גאָר פיינע, כ׳וואָלט אפילו געזאָגט אַ געניאַלע, אַזוי אויך דאָס שפּילן פון דער גאָרער טרופּע מיט די צוויי העכסט־טאַלאַנטפולע אידישע שוישפּילער מאָריס שוואַרץ און סעמועל גאָלדינבורג בראש. די דראַמאַטיזאַציע, אויף ווי ווייט איך ווייס, איז געמאַכט געוואָרן פון מאָריס שוואַרצ׳ן, אונטער דער אויפזיכט פונעם מחבר אַליין. צי דער מחבר איז אינגאַנצן געווען צופרידן פון מאָריס שוואַרצ׳עס דראַמאַטיזאַציע, ווייס איך נישט, אָבער אויף דער בינע האָט עס אויסגעזען געראָטן.

סעמועל גאָלדינבורג האָט געגעבן אַ באמת ווירטואָזישן פּאָרטרעט פון יעקב־בונימ׳ען, פּונקט ווי מאָריס שוואַרץ האָט אויסגעצייכנט אויסגעשפּילט זיין שמחה־מאיר — צוויי פאַרשידענע כאַראַקטערן, אין אויסזען און קוק אויפן לעבן. מען האָט גרינג געקענט אָנטאַפּן דעם חילוק צווישן די צוויי צווילינג־ברידער, וואָס י. י. זינגער האָט אַזוי קינסטלעריש אויסגעקנאָטן און אויסגעפורעמט. די דאָזיקע אויפפירונג האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם נישט בלויז אויף די טעאַטער־צושויער, האָט אויך געלייגט אַ טיפן חותם אויף דער געשיכטע פונעם אידישן קונסט־טעאַטער. זי האָט זיך איינגעקריצט ביי יעדן איינעם טיף אין זכרון — אַ פאַרשטעלונג, וואָס איר איינדרוק — און איינפלוס אויפן אידישן טעאַטער אין אַמעריקע — וועט נישט אָפּגעמעקט ווערן פונעם אידישן קונסט טעאַטער, מען וועט אַלעמאָל דערמאָנען די פאַרשטעלונג פון „די ברידער אשכנזי״.

וויל איך דאָ פאַר קיין פאַל נישט מאַכן קיין שום פאַרגלייכן פון דער אויפפירונג פון „די ברידער אשכנזי״ אין אידישן קונסט־טעאַטער, און דער איצטיקער אויפפירונג פון „די ברידער אשכנזי״ אין דער פאָלקס־בינע, אונטער יוסף בולוואָס רעזשי און זיין אופן שפּילן די ראָל פון שמחה־מאיר. עס איז דורכאויס איבעריק און נישט נויטיק דאָ צו ציען וועלכע עס איז פּאַראַלעלן, וואָרום די איצטיקע פאַרשטעלונג אין דער פאָלקס־בינע שטייט לגמרי אויף איר אייגענע פיס, אינגאַנצן אויף אַן אייגענעם באָדן, און איז אַבסאָלוט אַ יש פאַר זיך אַליין — הן מיט דער רעזשי, הן מיט שפּילן פונעם אַנסאַמבול, און הן מיט דער דראַמאַטיזאַציע פון ליובאַ קאַדיסאָן.

אָבער וואָס עס דאַרף דאָ יאָ געזאָגט ווערן איז: די דראַמאַטיזאַטאָרן

האָט פונעם גרויסן אידישן רעאַליסטישן ראָמאַן אויסגעדראַמאַטיזירט אַ ראָל ספּעציעל פאַר בולאָוו׳ן, צוגעשניטן און אַנגעמאָסטן פאַר זיין פאַרנעמיקן, שפּרודלדיקן טאַלאַנט — אַ ראָל, וואָס קיין שום אַנדערער אידישער אַקטיאָר, לויט מיין מיינונג, וואָלט נישט געקאָנט אַזוי הויך־קינסטלעריש, פאַרטרעטיש־וויִרטואָזיש, קרעפּטיק־שוישפּילעריש, ריטמיש און בויגעוודיק, געניאַליש אויסשפּילן, ווי דאָס האָט ביי דער פּרעמיערע אָדער פּרעסע־נאַכט, אַרטיסטיש דעמאָנסטריט און באַוויזן יוסף בולאָוו. אַזוי טעאַטראַליש אויסאַרקעסטרירן אַ ראָל, מיט אַזוי פיל קרעשטשענדאָס און אַבליגאַטאָס, פאַרטיסימאָס און פּיאַניסימאָס — דאָס קען נאָר באַווייזן אַן אמת׳ער געניאַלער קינסטלער.

און אַ דאַנק יוסף בולאָוו׳ס גרויספאַרנעמיקן שפּילן זיין ראָל, האָט ער באַווירקט דעם גאַנצן אַנסאַמבול, וואָס איז ריטמיש מיטגעגאַנגען מיט אים און די גאַנצע פאָרשטעלונג האָט געקלאַפּט ווי אַ זייגער. אויב דאָ און דאָרט, האָט דער אָדער אַ צווייטער מיטגליד פונעם אַנסאַמבול, מער אָדער ווינציקער, אויסגעצייכנט זיך אין זיין אָדער איר ראָל, מיט דער פאָרשטעלונג, אָבער ווי אַ גאַנצע האָט עס נישט געהאַט צו טאָן. דער היי־יאָריקער פאַרמעסט פון דער פאָלקס־בינע, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, איז אַ פאַרנעמיקער לכל הדעות. איך האָב ביז היי־יאָר אין דער פאָלקס־בינע, לויט מיין מיינונג, נישט געזען קיין אויפפירונג, וואָס זאָל זיך וויקלען אין אַזאַ טעמפּאָ, ווי די איצטיקע פאָרשטעלונג פון די „ברידער אשכנזי״. מ׳דאַרף בפירוש קאָנען נאָכגיין אַזאַ ריטמישע טעאַטער־טעמפּאָ, לויפיקע קערעוודיקייט, וואָס איז געווען אויסגעהאַלטן פון אָנהויב ביזן סוף. איבערהויפּט אין דער פאָרם ווי די פּיעסע איז געשטעלט געוואָרן, וואָס הייבט זיך אָן פון סוף פון דער מעשה און גייט אויף צוריק צום סאַמע אָנהויב פון דער געשיכטע, פונעם טאָג ווען דער צווילינג איז געבוירן געוואָרן. און איך מוז דאָ באַמערקן, אַז כאָטש דער עקזאַמען איז געווען זייער אַ שווערער איז אָבער דער אַנסאַמבול פון דער פאָלקס־בינע דורכגעגאַנגען אים אויף פולע הונדערט פּראָצענט — און נאָך מיט אַן עודף, אַזאַ גאַנג און שטייגערונג פון אַן אויפפירונג זעט מען נישט צו אָפט אויף אַ בינע, — בפרט אין אַ דראַמע, וואָס ווערט נישט פאַרטומלט און פאַרבראַזגעט פון רוישנדיקע פאַרקאָלירטע טענץ, פון שרייענדיקער מוזיק, און אויך נישט פון קיין פאַרבלענדטע דעקאָראַציעס.

געוויס וואָלט די איצטיקע אויפפירונג אין דער פאָלקס־בינע אַרויסגעקומען טויזנט מאָל מערער גערעאַטענער און געשיקטער אויף אַ „דריי־בינע", ווי אויף דער ענגער בינע פון קליינעם טעאַטערל אין דער „פּאַרוועטס" געביידע, מיט אַ מינימום דעקאָראַציעס, וואָס מ'דאַרף זיך אָנשטויסן און פאַרשטיין אויפן וואונק, וואָס און וואו עס קומט פאָר, וואָס דער און יענע אַריינקום און אַרויסגאַנג מיינט און דאַרף הייסן. אָבער אפילו מיט דעם מינימום־שבמינימום דעקאָראַציעס, געמאָלן פון הערי באָום, און אויך די באַגרענעצטע ליכט־עפעקטן, אונטער דער אויפזיכט פון בערנאַרד סאָוער, האָט דאָס ענגע קליינע בינעלע געשיקט און טעאַטראַליש געשטראַלט.

און יוסף קאַמינסקי'ס געלעגנהייט־מוזיק איז דורכאויס געווען אין כאַראַקטער פון דער אויפפירונג. דער קאָמפּאָזיטאָר יוסף קאַמינסקי האָט נישט געזוכט איבערצושטייגן דעם אָדער יענעם שטעל אין דער פאָרשטעלונג, ווי דאָס איז, ליידער, דער פאַל מיט אַ סך אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן. עס פילט זיך אין דער מוזיק אַן ערנסטער צוגאַנג מצד דעם קאָמפּאָזיטאָר און אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר שרייבן געלעגנהייט־מוזיק פאַרן טעאַטער, און עס איז דעריבער אַרויסגעקומען ווי אַן אינטערעגאַלער טייל פון דער פאָרשטעלונג.

און דאָ בלייב איך שטיין פאַר אַ דילעמע: דאָס פּלאַץ דערלויבט מיר נישט אָפּצושטעלן זיך אויף יעדן איינציקן שוישפּילער פונעם אַנסאַמבול. איך מוז אָבער אַרויסטיילן דעם דין־זיידענעם שפּילן פון מנשה אָפּענהיים, אין דער ראָל פון חיים־אלתר, וואָס ער שפּילט סטראַדיוואַריש־אויס מיט זעלטענע איידעלע ניואַנסן; ווי אויך די אַנגעזעענע ראָל פון פריווע, וואָס ווערט זייער גערעאַטן דורכגעפירט פון צפּורה שפּייזמאַן; די אויסגעצייכנטע אַקטריסע ראַקוועל יאַסיפאַן, וואָס שפּילט די ראָל פון גערטרוד, וואָס האָט חתונה מיטן פעטער יעקב־בונים, געשפּילט פון נאָרמאַן קרוגער. וגם, דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן די נעמען פון: מאָריס אַדלער, אין דער ראָל פון אברהם־הערש, ז'ער טאַטע פונעם צווילינג־בנים; יהושע זעלדיס, מינאַ קערן, וויליאַם מענטש, בען פייפלאָוויץ, מאַרעק וואַרשאַווסקי, לידאַ קורץ, עלי פּאַטראָן, מעקס פּאָלאַק, רובין אַנראָו, חיים זיידנוואַרם, טעד גרעין, ראָבערט גאָלדסטיין און ספּעציעל רוט עלען. זאָלן דאָ אויך דערמאָנט ווערן

די נעמען פונעם בינע־פּאַרוואַלטער הערי פּרייפעלד; קאָסטיומען — באָב דעמאַראַ, און טעכנישע אויפזיכט — ליובאַ קאַדיסאָן.

קורץ, מיינע פריינט, „די ברידער אשכנזי" איז אַ העכסט־פּאַר־מעסטנדיקע אויפפירונג, אַ אידישע טעאַטער־פאָרשטעלונג, וואָס דאַרף געזען ווערן סיי צוליב דורכאויס אידישן אינהאַלט, סיי צוליב יוסף בולאָוו'ס אויסגעצייכנטער רעזשי, הן צוליב דעם פיינעם שפּילן פונעם אַנסאַמבול פון דער פאָלקס־בינע — ועל כולם: צו זען בולאָוו'ן ווירטואָזיש אויסשפּילן די ראָל פון שמחה־מאיר — נישט ער שפּילט זי, נאָר ער שווימט אין איר, ממש ווי אַ פיש אין וואַסער. איך גראַטולירט האַרציק דער פאָלקס־בינע מיט איר קינסטלערישער אויפפירונג.

„קענעדער אָדלער", יאַנ. 1 1971, מאָנטרעאַל.

# תל אביב

## רייזע־מאָטיוון

ביים ראַנד פון די בלויע וואַסערן פונעם מיטלענדישן ים, אין האַרץ פונעם נאָענטן אָריענט, אין שכנות'שאַפט מיט עכטן אַראַבישן קויט און שמוץ, וואָס האָט באַזעצט דאָס לאַנד פאַר גאַנצע דרייצן־יאָר־הונ־דערט, האָבן אידן אויסגעבויט אַ ווייסע שטאָט, ווי אַ ווייסער חלום, אין וועמענס רעאַליטעט עס איז שווער צו גלויבן פון ווייטן נישט זעענדיק זי, די איינציקע דורכאויס אידישע שטאָט אויף דער וועלט, תל־אביב!

שיין איז תל־אביב, ווי קיין אַנדער שטאָט אויף דער וועלט. אַ הערלעכע שיינקייט, וועלכע גיסט זיך איבער פון קאָליר צו קאָליר, ליגט דורכאויס אויסגעגאָסן איבער דער איינציקער אידישער שטאָט אויף דער וועלט, וועמענס זויבערע גאַסן מיט די ווייסע ליכטיקע הייזער, גלאַנצן גאָלדיק אונטער דער אייביק גאָלדענער ארץ ישראל זון און די גאַנצע שטאָט טיקט זיך אין אַ ים פון גאָלדענע שפּריצן.

תל־אָביב איז אַלט אינגאַנצן אַ פאָר און צוואַנציק יאָר. אָבער ווי פיין זי זעט אויס! וואָס פאַר אַ פראַכטפולע אידישע שטאָט!

אַן אייביקער פרילינג הערשט דאָרט. אַזוי פיל יונגע מענטשן זיינען דאָרט פאַראַן. אַזוי פיל פרייד געפינט איר דאָרט. מען ווערט דאָרט דוכט זיך אויף דאָס ניי באַשאַפן, ניטאָ קיין איין מענטש דאָרט, וואָס זאָל נישט שפּירן די פרייד פון בויען, די פרייד פון שאַפן און פון דעם אומגעהייערן אידיש לעבן וואָס וואַקסט אַרויס דאָרט.

תל אביב איז די איינציקע שטאָט אויף דער וועלט, וועלכע אידן האָבן אַליין מיט זייערע הענט אויסגעבויט און האָבן זיך נישט באַזעצט אין הייזער, וואָס פרעמדע הענט האָבן פאַר זיי צוגעגרייט. אַליין די ליים און די ציגל מיט די אייגענע הענט אויסגעקנאָטן. די טירן מיט די פענסטער מיט די אייגענע הענט אַריינגעשטעלט. אַליין, אָן דער הילף פון פרעמדע הענט, האָבן אידן גרויסע מויערן אויסגעבויט, און פון אַ באַרג זאַמד אין אַ ליכטיקער, זויבערער אידישער שטאָט מיט פּראַכטפולע גאַסן און וואונדערלעכע אַלייען, ווי די פּראַכטפולע ראָטשילד אַלייע, פאַרוואַנדלט.

און נישט גלאַט שיינע מויערן האָבן אידן אויסגעבויט, נאָר לעבן יעדער הויז אַ גאָרטן מיט בוימער און בלומען, האָט יעדער איד געפלאַנצט. די ליבע צו דער שיינער נאַטור אַמאָל ביי אידן, האָט דאָרט צוריק אויפגעלעבט און מיט דער גרעסטער זאָרגפעלטיקייט גיט יעדער איד אַכטונג אויף זיין גאָרטן מיט דער ליבע צו אַן אייגן טייער קינד, אַ בן־יקיר, וואָס האָט זיך נאָך פילע יאָרן אַרומוואַנדערן אין דער פרעמד צוריקגעקערט אַהיים צו טאַטע־מאַמע . . .

תל־אָביב איז די אַנגענעמסטע און פרידלעכסטע שטאָט אויף דער וועלט. עס איז וואונדערבאַר צו לעבן אין איר. איבער איר איז אויס־געשפּרייט אַן אייביקער בלויער הימל, און די שאַרפע ריחות פון די גאָל־דענע אָראַנזשן, וועלכע פילן אָן די לופט, וואָס וואַקסן אין די נאָענטע אידישע דערפער אַרום, פאַר׳שיכור׳ן אייך.

אויגן־בליציק איז געוועזן דער אויפקום פון תל אָביב. כמעט איבערנאַכט איז אויסגעוואַקסן אַ ליכטיקע, שיינע אידישע שטאָט. און דאָך, אַלץ וואָס איר זעט דאָרט אין דער נייער אידישער שטאָט, די גאַסן, די הייזער, די אַלייען, דער גאַנצער אויסלייג פון דער שטאָט, איז געטאָן געוואָרן פּלאַנמעסיק און אין פולער אָרדענונג. וואָרום אַלץ וואָס די נייע און איינציקע דורכאויס אידישע שטאָט אויף דער וועלט אונטערנעמט, ווערט אין פאָראויס גוט

דורכגעטראַכט, אויסגעמאָסטן און אויסגעפּלאַנעוועט און עס שטימט צום האָר.

די ליבע פון די אידן צו דער איינציקער דורכאויס אידישער שטאָט, איז גאָר אין לשער. מען פאַרגעטערט זי, מען האָט זי ליב ממש ווי אַן אייגן קינד!

און עס איז גאָר קיין וואונדער נישט, ווייל וואו נאָך ערגעץ לעבט זיך דעם אידן אַזוי פריי, ווי אין תל־אָביב! וואו נאָך ערגעץ איז דאָס אידישע לעבן אַזוי געשמאַק און באַ׳טעמ׳ט, ווי אין דער איינציקער דורכאויס אידישער שטאָט אויף דער וועלט!

אַז איר שפּאַצירט איבער די תל־אביב׳ער זויבערע גאַסן אונטער דעם אייביק בלויען ווייכן ארץ־ישראל הימל, וואָס טיקט זיך כסדר אין בלויע ווייכע שלייערן, און קוקט פאַר׳חידוש׳ט אויף די שיינע פון דרויסן פיין באַפּוצטע געמויערטע שטיבער, וואָס גיסן זיך איבער פון קאָליר צו קאָליר: ליכטיק־בלויע, העל־גרינע, שניי־ווייסע, אין פאַרשידענע סטילן, אין דער פאָרמע פון שיפן און אַנדערע, מיט שיינע באַפּוצטע, ליכטיקע באַלקאָנען צו דער פראָנט גאַס, וועלכע מינען זיך אונטער דער אייביק גאָלדענער ארץ־ישראל זון, ווערט אייער האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד אַ סך און טרערן שפּאַרן זיך פון די אויגן... איר ווייסט גאָר נישט אויף וואָס פריער קוקן! אייערע אויגן בלאָנדזשען אום שיכור׳ערהייט צווישן רייכע אויסגעפּוצטע מאַגאַזינען, שיינע אויסגעפּוצטע רעסטאָראַנען, רייכע קאַפעען, בליציקע אויג־פאַרכאַפּנדיקע עלעקטרישע שילדן, קיילעכיקע שטאָטישע קיאָסקן, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעקלעפּט העכסט מאָדערנע אַפישן, באַשריבן פון אַלע זייטן מיט פיר קאַנטיקע קוטשעראַווע אידישע בוכשטאַבן, שיינע גרויסע אויטאָבוסן, ווייכע פאַעטאָנען, טעקסיס, רייכע לימאָזינס, און מענטשן! אַך, ווי לעבעדיק דאָרט איז אין דער נייער אידישער שטאָט! מיט וואָס פאַר אַ יוגנטלעכקייט זי באַוועגט זיך דאָס! ווי היימיש אַלצדינג זעט אייך דאָרט אויס: די שפּראַך, די רייד, די מענטשן!

גרויס איז דער חשק ביי יעדן איינעם צו לעבן דאָרט. ווייל איר פילט דאָרט, ממש ווי אַ ניי געבוירענער. תל־אָביב האָט אַלעמען צוגעצויגן צו זיך, ווייל גוט איז צו לעבן אין איר לויטערער סביבה. עס לעבט זיך דאָרט עפּעס אַזוי גרינג, אַזוי פריי, אַזוי געמיטלעך. דאָס לעבן דאָרט איז ביז גאָר קאָלירפול, פאַרביק, און די לופט איז דאָרט אַזאַ שטימונגספולע, אַזאַ

ליבעספולע, אַזאַ געלייטערטע אַטמאָספערע, און אַזעלכע לויטערע צאַרטע, פריידיקע טעג, און שטילע, שטימונגספולע, פאַרביינקטע פאַרנאַכטן, און וואונדערלעכע, הערלעכע זון אונטערגאַנגען!

עס איז ביז גאָר גרינג דאָרט צו פאַרטראַכטן עפּעס. קינסטלער קענען אין תל־אָביב גאָר אַ סך אויפטאָן. אין אַזאַ געלייטערטע, ליבעספּולער אַטמאָספערע, אין אַזאַ לויטערער, שטימונגספולער סביבה, און אונטער אַזאַ אייביק בלויען הימל, שאַפט זיך. ווייל עס דיינקט זיך דאָרט אַזוי גרינג, איר ווערט באַהערשט פון אַזעלכע יוגנטלעכע, אינספּירירנדיקע געדאַנקען און שטימונגען, וואָס דערהויבט אייך.

תל־אָביב איז איינגעטיילט אויף קוואַרטאַלן, ווי יעדע גרויסע שטאָט אין אַמעריקע, אָדער אייראָפּע, מיט הויכע גרויסאַרטיקע נעמען און זיינען באַוואוינט פון לויטער אידן: פּוילישע, דייטשעשע, רוסישע, אונגאַרישע, אַמעריקאַנער, קאַנאַדער, בוכאַרער, ספרד׳ישע, תימנ׳ישע, אויסטראַלישע — איר האָט דאָרט ממש אַ רעגנבויגן פון כל׳ערליי אידן! און צוזאַמען מיט דעם אויך — אַ רעגנבויגן פון כל׳ערליי לשונות! ווייל וויפיל אידן — אַזוי פיל לשונות... דערפאַר די קינדער אָבער וואָס ווערן דאָרט געבוירן, זיי אַלע רעדן שוין נאָר איין שפראַך און דאָס איז: העברעאיש!

און די נעמען וואָס די גאַסן פון תל־אָביב טראָגן פרום אויף זיך, זיינען פון די שענסטע, פון די חשוב׳סטע, פון אונזערע מענטשן פון דער אידישער געשיכטע — סיי דער אַלטער און סיי דער נייער.

אויך האָט תל־אָביב, די איינציקע דורכאויס אידישע שטאָט אויף דער וועלט, באַערט אירע גאַסן מיט די נעמען פון פילע באַרימטע רעוואָלוציאָנערע פירער, באַגרינדער פון סאָציאַלע אידעען, ווי: משה העס, פערדינאַנד לאַסאַל, באַראָכאָוו, סירקין, און נאָך פילע אַנדערע.

אָט די אַלע, סיי יענע פון דער אַלטער אידישער געשיכטע, ווי: רבי שמעון בן־יוחאי, רבי עקיבא, יונה הנביא, סיי די שפּעטערדיקע, ווי: דער רמב״ם, יהודה הלוי, און די נאָך שפּעטערדיקע: דער בעל שם־טוב, דער ווילנער גאון, און סיי די נאָענטע צו אונז שוין, ווי הערצל, אחד־העם, ביאַליק, פרישמאַן, מענדעלע מוכר ספרים, פרץ, שלום־עליכם — אָט די אַלע צוזאַמען האָבן געקראָגן זייער תיקון אין דער איינציקער דורכאויס אידישער שטאָט!

תל־אָביב שטייט נישט איינזאַם אַליין אין איר שטח. עס רינגלט איר

אַרום צענדליקער נייע פּאַרשטעטלעך, ליכטיקע אידישע פונקטן, מיט שווייס און מי אויסגעבויטע, באַגרינטע און באַפּלאַנצטע, מיט רייכע פּרדסים און גרינס־גערטנער, וואָס גרינען אידיליש אונטער דעם אייביק בלויען ווייכן ארץ ישראל הימל, מיט זויבערע ווייסע, דאָרפישע שטיבלאַך, מילך און הינערווירטשאַפטן, וועלכע מינען זיך אונטער דער אייביק גאָלדענער ארץ־ישראל זון. פון אַלע זייטן אַרום שפּראָצן אַרויס די דאָזיקע אידישע פּאַרשטעטלעך. מיט בענקעניש אין זייערע אויגן קוקן זיי אַרויף צו דער איינציקער דורכאויס אידישער שטאָט און פאַרגינען איר איר רום און טייערן נאָמען, וואָס זי טראָגט אין דער גאַרער וועלט.

ווייל תל־אָביב איז די מאַמע פון אַלע שטעט און דערפער פון לאַנד. זי איז די האַרינטע פון דעם גאַנצן אידישן ישוב. זי טראָגט דעם גאַנצן יאָך אויף זיך פון לאַנד. פאַר אַלצדינג זאָרגט זי: פאַר קולטור, טעאַטער, אָפּערע, סימפאָנישע קאָנצערטן, ביכער, צייטונגן, זשורנאַלן, פאַרלאַגן און אויך פאַרן געזונט פונעם גאַנצן ישוב. איר איינפלוס אויף דעם ישוב, איז אין לשער. זי גיט דעם טאָן פאַר אַלצדינג. אויך די רעגירונג אין ירושלים, הערט זיך צו צו אירן אַ וואָרט.

איך האָב געמאַכט אָפטע שפּאַצירן איבערן לאַנד. אָבער צו לאַנג אַוועק זיין פון תל־אָביב, האָב איך נישט געקענט. איך האָב זי ליב באַקומען, ווי מען באַקומט ליב אַ מיידל! איך האָב זיך גאָר נישט געקענט אָנזעטיקן גענוג מיט איר. ווייל וויפיל איך האָב נישט געטרונקען פון אירע זיסע קוואַלן, אַלץ מער נאָך האָב איך געגלוסט. ווייל איך האָב געפונען אין איר אַ היילונג און ביז גאָר זעלטענע טרייסט פאַר מיין פאַרוואונדעט אידיש האַרץ, וואָס איז דורכגעלעכערט ווי אַ זיפּ פון אידישע צרות, פון אידישע ליידן און פיין...

תל־אָביב, מיין איינציקע דורכאויס אידישע שטאָט!

„פאָלקס־צייטונג", אַפּריל 3, 1936, לאָס־אַנדזשעלעס.

# אַ באַזוך אין „אַרטעף״ טעאַטער

דאָס דאָזיקע אַרטיקל גייט נישט אַריין אין מיין סעריע „אינטערוויוס מיט באַרימטע אידישע פּערזענליכקייטן פון דער אידישער בינע״, וועלכע איך שרייב איצט ספּעציעל פאַר די „אידישע וועלט״. דאָס אַרטיקל איז סתם זיך געשריבן וועגן „אַרטעף״ און וועגן דער נייער פּיעסע, וועלכע „אַרטעף״ פירט איצט אויף.

עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז דער „אַרטעף״ איז נישט נאָר דער איינציקער אידישער אַרבעטער קונסט טעאַטער אין אַמעריקע. נאָר דער איינציקער אידישער קונסט טעאַטער אין ניו יאָרק איצט בכלל.

דער „אַרטעף״ פילט אויס איצט דעם ליידיק־געוואָרענעם פּלאַץ פון מאָריס שוואַרצ׳ס קונסט טעאַטער און אויך דעם ליידיק־געוואָרענעם פּלאַץ פון דער אַנסאַמבל־טרופּע, וועלכע יוסף בולאָוו האָט דעם פאַראַיאָריקן סעזאָן געגרינדערט.

ביידע, אי שוואַרץ, אי בולאָוו, האָבן נישט געקענט אַנגיין מיט זייער אַרבעט און וואַנדערען איצט אַרום — שוואַרץ אין אייראָפּע, און בולאָוו — אין סאַוט־אַמעריקע.

דער אַרטעף, אַלזאָ, איז אַזוי אַרום געבליבן דער איינציקער ערנסטער טעאַטער אין ניו־יאָרק, וועלכער גיט זיך אָפּ מיט קונסט.

ער האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען, סיי אויף בראָדוויי, סיי צווישן אידן. זיין שפּילן האָט אויסגענומען ביי דער אידישער אינטעליגענץ, אַזוי גוט ווי צווישן די ברייטע אידישע מאַסן, וועלכע שטיצן דעם „אַרטעף״ און העלפן אים, אַז ער זאָל קענען אַנגיין מיט זיין קינסטלערישער אַרבעט.

דער „אַרטעף״ איז נישט קיין שטיף־קינד מער ביי אונז, נאָר אַ חשוב׳ער קולטור־צווייג אין דעם אידישן קולטורעלן לעבן פון דער גרויסער אידישע ליטעראַטור, די אידישע דראַמע, און איבערהויפּט די אידישע פּראָלע־טאַרישע ליטעראַטור, די אידישע דראַמע. ווייל דאָס איז דאָך אייגענטליך דער וועג, וואָס דער אַרטעף האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט. אויף אָט דעם וועג גייט ער, און אויף אָט דעם וועג בויט דער אַרטעף זיין גאַנצע עקזיסטענץ און זיינע קינסטלערישע דערפאָלגן.

דער גרעסטער קינסטלערישער דערפאָלג, וואָס דער אַרטעף האָט ווען

יאָ געהאַט, איז געווען דער פּאַראַיאַריקער סעזאָן מיט „רעקרוטען״. אָט דער פּראַכטפולער ספּעקטאַקל. האָט עס אַוועקגעשטעלט דעם אַרטעף אויף זיין קינסטלערישן הויך און פּאַרדינטן פּלאַץ, וועלכן ער פאַרנעמט איצט אין דער אידישער און טעאַטער וועלט בכלל.

דער בריליאַנטענער ספּעקטאַקל האָט צוגעצויגן די אויגן פון די גרעסטע קינסטלער אויף בראָדוויי. די ענגלישע פּרעסע האָט זיך גאַרנישט געקענט אָפּלויבן גענונג פון דעם קאָלירפולן ספּעקטאַקל און דער פּראַכטפולער רעזשי פון בענאָ שניידער און אויך פון דעם האַרמאָנישן שפּילן פונעם אַרטעף־אַנסאַמבל און פון איינצלנע אַקטיאָרן. ווי: גאָלדע ראַזלער, ס. לעווין, י. וועליטשאַנסקי, מ. פרידמאַן, ליובא רימער און נאָך פילע אַנדערע.

אַזאַ פּאַראַנטוואָרטליכע צייטונג ווי די „ניו־יאָרק טיימס״ האָט אָפּגעדרוקט אַ ספּעציעלן באַגייסטערטן אַרטיקל וועגן „רעקרוטן״ און וועגן דעם אַרטעף־קאָלעקטיוו אין איינער פון אירע זונטאָג־אויסגאַבן. און דאָס האָט געמיינט גאָר אַ סך פאַרן אַרטעף. וואָרום די „טיימס״, דאַרפט איר וויסן זיין, איז נישט פון יענע צייטונגען, וואָס וואַרפט זיך סתם אין דער וועלט אַריין מיט אַרטיקלען. באַזונדערס מעג מען עס זאָגן אויף אַ זונטאָג־אויסגאַבע פון דער „טיימס״.

„רעקרוטן״ איז פון אַרטעף געשפּילט געוואָרן נאַכט־איין, נאַכט־אויס, און יעדעס מאָל האָט אַ נייער שטראָם פון פרישע מענטשן עס געקומען זען. אייניקע האָבן „רעקרוטן״ געזען צו צווייַ און צו דריי מאָל. איך אַליין האָב „רעקרוטן״ געזען אַ גאַנצע פינף מאָל. דאָס איז געווען אַ מוסטערהאַפטע ספּעקטאַקל פון רעזשי און שוישפּיל.

די נייע פּיעסע וואָס דער אַרטעף פירט איצט אויף. הייסט „האָנטש, פאָנטש און דזשאָול״. עס איז אַ פּיעסע, וואָס וועט אַלעמען געפעלן. עס איז אַ „מכל טוב״ פּיעסע, עס איז פאַראַן אין איר אַלץ. איר דאַרפט נאָר קומען זי זען. מען ווייזט אייך אויף דער בינע ווי די זינדיקע עלען סטריט האָט אַמאָל אויסגעזען, אַ בילד פונעם אַמאָליקן אידישן לעבן אויף דער איסט־סייד, מיט אַ דרייסיק־פערציק יאָר צוריק. איר זעט פאַר זיך אויף דער בינע טיפּן און געשטאַלטן אַזוינע, וואָס אַז איר וועט גוט זוכן, קענט איר זיי אויך היינט געפינען.

פאַרשטייט זיך, אַז די היינטיקע פּראָסטיטוטקעס פון בראָדוויי, זיינען

נישט די, ווי אַמאָל פון עלען סטריט. און די היינטיקע פּאָליטישנס און רעדל־פירער, דזשאַדזשעס און לאָיערס, זיינען אַ היבש ביסל אַנדערש ווי די אַמאָל פון דער איסט־סייד, וועלכע דער שרייבער פון בוך, סעמועל אָרניץ, האָט געקענט און זיי געשילדערט אין זיין בוך.

אין תוך אָבער האָט זיך זינט דעמאָלט קיין זאַך נישט געענדערט. דאָס וואָס די היינטיקע פּראָסטיטוטקע טראָגט אַן אַנדער קליידל, מאַכט איר נישט פונדעסטוועגן פאַר אויס פּראָסטיטוטקע. זי איז אַלץ די זעלביקע פּראָסטיטוטקע, נאָר מיט דעם איינציקן אונטערשייד וואָס זי טראָגט אַן אַנדער קליידל.

און די היינטיקע פּאָליטישנס און רעדל־פירער, דזשאַדזשעס און לאָיערס, וועלכע פוצן זיך פאַר אייך אין פעדערן, זיינען, פאַרשטייט זיך, די זעלביקע ווי די פון אַמאָל, נאָר מיט דעם איינציקן אונטערשייד וואָס די היינטיקע גייען שענער אָנגעטאָן, זיינען מער געבילדעט און פאַרמאָגן מער פאַרדאַמטע ראַפינירטקייט.

אָבער ווייטער איז אַלץ ווי אַמאָל.

צוליב פּאָליטיק און צוליב פּערזענליכער אַמביציע און אַ הויכער קאַריערע, קען אויך היינט פּאַסירן אַז מ׳זאָל פאַראורטיילן אַן אומשולדיקן מענטשן צום עלעקטריק־טשער, אָדער מ׳זאָל איינעם פאַרשיקן אין פּריזאָן אַריין צוליב אַ בלבול וואָס מ׳האָט אויף אים אויסגעטראַכט, אויב נאָר דאָס איז אַ מיטל אויף דערוויילט ווערן צו אַ העכערן אַמט, אָדער אויב דאָס קען העלפן, אָדער פאַרקערט — שטערן אַ פּאָליטישן קאַמפּיין; אַרויפּזעצן, אָדער אומוואַרפן אַ פּאָליטישן קעגנער...

פּאָליטישנס טוען געוויינליך אַלצדינג אין דער וועלט, זיי וועלן זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין מיטל, אויב נאָר דאָס קען פירן צו דער דערוויילונג פון זייערן אַ מענטש פאַר אַ העכערן אַמט...

דאָס זעלביקע איז אויך מיט וועלן אָנהאַלטן אַ געוויסן אַמט. אויב, לאָמיר זאָגן, אַ געוויסער אורטייל קען ברייינגען שאָדן דעם ריכטער, אָדער דער פּאַרטיי, דאַרף מען זען דעם אורטייל צוריקווייזן. אויב ווידער פאַרקערט, דאַרף מען דעם אורטייל נאָך מער באַשטעטיקן און זען, אַז מען זאָל אים וואָס גיכער דורכפירן.

אָט אַזוי איז דאָס און שוין.

מיר אַלע ווייסן גאַנץ גוט וואויל, אַז דער איינציקער פאַרדינסט פון

אונזער עקס־עקס פאַרשטאָרבענעם פרעזידענט, מר. קאַלווין קולידזש, וואָס האָט געפירט צו זיין דערוויילונג צוערשט אַלס וויס־פּרעזידנעט און דערנאָך פּרעזידענט פון אַמעריקע, איז געווען דאָס: וואָס בעת ער איז געווען גאָווערנאָר פון מאַסאַטשוסעטש סטייט, האָט ער געהאָלפן דאָרט צו צעברעכן דעם גרויסן פּאָליס־סטרייק אין באָסטאָן.

און דאָס שעמט מען זיך נישט אַריינצושטעלן אין די אַמעריקאַנער סקול־ביכער, אַלס אַ גרויסן און זייער וויכטיקן אויפטו מצד זיין מאַיעסטעט, דעם געוועזענעם גאָווערנאָר פון מאַסאַטשוסעטש און שפּעטער — פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

און ווי ווייט איז דאָס פון זיין אַ סטרייק־ברעכער, פון לאָזן שפּאַלטן מענטשישע קעפּ, ביז צו פאַראורטיילן אַן אומשולדיקן מענטשן צום עלעקטריק־טשער ווען דאָס פירט צו דער דערוויילונג פאַר אַ העכערן אַמט ?

ביי מיר איז אַ סטרייק־ברעכער, און יענער וואָס פאַראורטיילט אַן אומשולדיקן מענטשן צום טויט, פּונקט דאָס זעלבע. איך פאַראַכטע זיי ביידן . . .

„חאָנטש, פאָנטש און דזשאַול״. ווערט פונעם אַרטעף אויפגעפירט און געשפּילט אויסגעצייכנט. כאַווער־פאַווער האָט די זאַך דראַמאַטיזירט פון ענגלישן. ווייל דאָס בוך איז לכתחילה געשריבן געוואָרן אויף ענגליש. די דראַמאַטיזאַציע איז נאָך מיין מיינונג, אַ געלונגענע. און בענאָ שניידער, דער רעזשיסאָר פון אַרטעף, צייכנט זיך אויך דאָ אויס מיט זיין פיינער רעזשי, ער האָט געשאַפן אַ גאַנץ קאַלירפולן, לעבעדיקן ספּעקטאַקעל.

און די סצענע, וועלכע ווייזט אייך אויף דער בינע „עלען סטריט״, איז אַ העכסט געלונגענע. עס ליגט אין איר אַ סך גוטע רעזשיסאָרישע אַרבעט. דאָס שפּילן פונעם אַרטעף־אַנסאַמבל האָט אויסגעצייכנט האַרמאָנירט מיט דער רעזשי או מיט מ. זאַלאַטאַראָוו׳ס פּראַכטפולער דעקאָראַציע.

איך וויל דאָ אין דער ערשטער רייע דערמאָנען די, וועלכע צייכענען זיך באַזונדער אויס מיט זייער שפּילן — זיי זיינען: מ. גאָלדשטיין, ליובא רימער, וועליטשאַנסקי, גאָלדע ראָזלער, איינע פון די אָנגעזעענסטע שוישפּילערינס פון אַרטעף, זי נעמט שטאַרק אויס ביים עולם מיט איר שפּילן, ש. נאַגאַשינער, ס. לעווין, דינה דרוט, אַ יונגנטליכע אַקטריסע, זי פירט דורך איר זייער גוט. א. באַבאַד, מ. פרידמאַן, ט. טאַדרינא, א. קאַהן, ל.

פריילאַך, בענדער א. האַראַוויץ און ס. אַניספעלד. אַ באַזונדערן שטאַרקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט די אַקטריסע שרה זילבערבערג, וועמען איך זע צום ערשטן מאָל שפּילן. די ראָלע פון עטעל וואָס זי שפּילט איז אפילו אַ גאַנץ קליינע, אָבער איר זעט פאַר זיך אויף דער בינע אַ באַגאַבטע שוישפּילער.

„אידישע וועלט", יאַנ. 6, 1936, פילאַדעלפיע.

# אוירווינג בערלין

## צו זיין 75טן געבוירנטאָג

צווישן דער אַמאָליקער און דער היינטיקער ניו־יאָרקער אידישער איסט־סאַיד ליגט אַ מהלך־רב. די אַמאָליקע ניו־יאָרקער אידישע איסט־סאַיד האָט געברויזט מיט אידישער לעבן, אידישער קולטור, ליטעראַטור, באַוועגונגען, טעאַטערס, פאַרלאַגן, ספרים־ און ביכער־געשעפטן, רעדאַקציעס, צייטונגען, ליטעראַרישע זשורנאַלן, ליטעראַרישע קאַפעען, פאַרשידענע שרייבער־גרופּעס.

און פּונקט ווי דער גייסטיקער פּרצוף פון דער אַמאָליקער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד האָט זיך געביטן, אַזוי האָט אויך איר פיזישער אויסזען זיך געביטן. אַ סך פון די אַמאָליקע גרויע, פינצטערע, צוזאַמענגעדריקטע טענעמענט־שטיבער זיינען אַראָפּגעריסן געוואָרן און אויף זייער אָרט האָט מען אויפגעשטעלט ריזיקע אַפּאַרטמענט־הייזער — גאַנצע שטעט האָט מען דאָרט אויפגעבויט, אַנהויבנדיק פונעם איסט־ריווער, ביז צו גרענד סטריט, איסט בראָדוועי. עס איז נישט מער כמעט צו דערקענען די אַמאָליקע ניו־יאָרקער אידישער איסט־סאַיד.

אָבער וואָס מען זאָל סיי וועגן דער אַמאָליקער און סיי וועגן דער היינטיקער ניו־יאָרקער אידישער איסט־סאַיד נישט זאָגן און שרייבן, איינס איז קלאָר: זי האָט — און אויף אַ סך געביטן! — געשלאָגן טיפע וואָרצלען הן אינעם אַמעריקאַנער אידישן לעבן און הן אינעם אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער לעבן. איר וועט אירע וואָרצלען געפינען אין דער ליטעראַטור,

טעאַטער, פילם, מוזיק, מאַלעריי, סקולפּטור, אין קינסטלערישן, געזעלשאַפטלעכן, סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

די אַמאַליקע ניו־יאָרקער אידישע איסט־סאַיד איז געווען איינער פון די פאַרביקסטע קאַליידאָסקאָפּן פון אַמעריקע. איר השפּעה וועט נאָך לאַנג, לאַנג געוועלטיקן אויף גאָר אַ סך געביטן — דער עיקר אויפן קולטורעלן פעלד.

איך וואָלט געקענט גאָר אַ סך דערציילן פון דער אַמאַליקער ניו־יאָרקער אידישער איסט־סאַיד. אָבער דאָס איז אַ באַזונדערע טעמע פאַר זיך — אַ גרויסע און וויכטיקע טעמע!

דאָ וועל איך זיך אָפּשטעלן נאָר אויף איין געביט — ריכטיקער, אויף איין מענטשן, וואָס האָט אַ גאָר נאָענטע שייכות צו דער אַמאַליקער ניו־יאָרקער אידישער איסט־סאַיד: זיין נאָמען איז אירווינג בערלין!

זוכט נישט אירווינג בערלינ׳ען אין דער אָריגינעלקייט פון זיין מוזיק, איר וועט אים דאָרט נישט געפינען; זוכט אים אינעם אירווינג בערלינ׳ישן אויסגעאַרבעטן סטיל, כאַראַקטעריסטישן קנייטש, סענטימענטאַלן קרעכץ, אין איינפאַכן כאַראַקטעריסטישן טאָן, און אין די סאַמע פּשוט׳סטע שבפּשוט׳סטע „ליריקס״. דאָ וועט איר אים געפינען; דאָ ליגט דער שליסל סיי צו אירווינג בערלינ׳ס גרויסן — יאָ, בפירוש גרויסן! — מוזיקאַלישן געבוירענעם טאַלאַנט, סיי צו זיין פּערזענלעכקייט.

מען דאַרף בפירוש האָבן אַ גרויסן מוזיקאַלישן טאַלאַנט צו קענען צוקייען און פאַרדייען „פרעמדע״ מאָטיוון אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן ווערן „אייגענע״, ווי עס האָט עס קונציק באַוויזן אָט־דער נישט מוזיק־קענער און נישט נאָטן־לייענער!

פון אָט־דעם־אַ „קוק־ווינקל״ האָב איך זיך אָוועקגעזעצט שרייבן מיין קורצע עסיי לכבוד אירווינג בערלינ׳ס 75־טן יובל (ער איז געבוירן געוואָרן דעם 11טן מאַי, 1888) — אַ בפירוש־פאַרדינטער יובל לכל־הדעות!

עס וועט גאָרנישט העלפן די אַלע אויסלאַכערס, אָפּשפּעטערס, נאָז־דרייערס, ציניקערס און באַרעדערס: אירווינג בערלין פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין דער אַמעריקאַנער פּאָפּולערער מוזיק!

דער פאַקט אַליין, וואָס אירווינג בערלין האָט קיינמאָל נישט געלערנט, קיינמאָל נישט שטודירט קיין מוזיק און ער קען אַפילו נישט לייענען קיין נאָטן, ווי ער אַליין האָט דאָ ערשט נישט לאַנג צוריק, נאָכאַמאָל און

נאָכאַמאָל, דערקלערט בפני כל עם־ועדה אין אַן אינטערוויו (וואָס איז געווען געדרוקט, דאַכט זיך, אין דער „ניו־יאָרק טיימס״, אָדער אין דער „ניו־יאָרק פּאָסט״, איך קען זיך נישט דערמאָנען) — אָט־דער פאַקט אַליין באַווייזט סיי וועד אירווינג בערלין איז, און סיי — צום טויזנטסטן מאָל: וואָס געבוירענער טאַלאַנט באַדייט!

ווי אַזוי־זשע פאַרט שרייבט ער זיין מוזיק? ער רופט אַריין זיין מוזיקאַלישן סעקרעטאַר־סטענאָגראַפיסט, ער זינגט פאַר אים פאַר די מעלאָדיע און ער פאַרצייכנט.

אירווינג בערלין קען נישט קיין מוזיק און קען אַפילו נישט לייענען קיין נאָטן! אָבער וואָס וואָלטן אויסגעשטודירטע קאָמפּאָזיטאָרס, גרויסע מוזיק־קענערס און נאָטן־פּרעסערס נישט אַוועקגעגעבן פאַר קענען אָנשרייבן בלויז אָט־די איינע קאָמפּאָזיציע, אָט־דאָס איינציקע ליד: „גאָד בלעס אַמעריקאַ״!

אמת, איר וועט מיט אייערע קענטענישן גרינג אָנווייזן, אַז די ערשטע פּאָר טענער פון דער מעלאָדיע צו „גאָד בלעס אַמעריקאַ״ שטאַמען פון דער מוזיק צום רוסיש־צאַרישן הימן: „באָשע צאַריאַ כראַני״. ריכטיק! אָבער טאַקע נישט מער ווי די ערשטע פּאָר טענער, — דאָס איבעריקע איז אינגאַנצן שוין דעם קאָמפּאָזיטאָרס — דורכאויס: אירווינג בערלינ׳יש!

עס קען זייער זיין, אַז ווען אירווינג בערלין וואָלט נישט געווען קיין איד, און ווען ער וואָלט נישט געווען קיין זון פון מזרח־אייראָפּייאישע (פון דרום־רוסלאַנד!) אידיש־אימיגראַנטישע עלטערן, מיט וועמען ער איז צוזאַמען געקומען קיין אַמעריקע אין עלטער פון פינף יאָר, דער אינגסטער פון אַכט קינדער, און וואָלט נישט פאַרפאַרן און זיך באַזעצט אויף דער אַמאָליקער געדיכטער ניו־יאָרקער אידישער איסט־סאַיד, — קען זייער זיין, אַז ער וואָלט אפשר זיין באַרימט־געוואָרענע ליד אָנגעהויבן מיט אַנדערע טענער.

איך בין זיכער, אַז ווען אַן אַמעריקאַנער, און נישט דווקא נאָר פון טעקסאַס אָדער אַריזאָנאַ, פון אייאָוואַ אָדער נעבראַסקאַ, נאָר אַפילו אַ ניו־יאָרקער אַמעריקאַנער, וואָס איז נעענטער מיט אייראָפּע און אייראָפּעאישע מענטשן, וואָלט זיך געזעצט שרייבן מוזיק צו אַזאַ ליד ווי „גאָד בלעס אַמעריקאַ״, וואָלט ער קיינמאָל נישט אָנגעהויבן מיט אָט־די פאַר טענער, מיט וועלכע עס האָט אָנגעהויבן אירווינג בערלין.

אָבער „עפּעס״ האָב איך אַ געפיל, אַז ווען אַן אַנדערער, נישט אוירווינג בערלין, וואָלט אָנגעשריבן די מוזיק צו דעם ליד, וואָלט עס קיינמאָל נישט געוואָרן אַזאַ גרויסער דערפאָלג — שיער נישט דער צווייטער הימן נאָך דער אַמעריקאַנער אָפיציעלער הימנע!

און ווייסט איר פאַרוואָס? קיין שום אַמעריקאַנער, בן־אַמעריקאַנער אַפילו, קען באין־אופן נישט אַריינפאַלן אין אַזאַ טיפער התפּעלות און מיט אַזוי פיל חסיד׳ישן ברען און פייער לוחות׳דיק אויסזינגען: „גאָט בענטש אַמעריקע! באַהיט או באַשיץ זי!״, ווי דאָס קען אַ איד, אין וועמענס אָדערן עס פליסט דער מאַרטירער־וועג פון הונדערטער דורות פאַרפאָלגונגען, פּאָגראָמען און דיסקרימינאַציעס.

איך האָב זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף „גאָד בלעס אַמעריקאַ״ נישט בלויז דערפאַר, ווייל דאָס איז אוירווינג בערלינ׳ס „קרוין־ווערק״, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס דאָס דאַזיקע ליד האָט ביז איצט שוין אַריינגעבראַכט שווערע הונדערטער טויזנטער דאָלער, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט ברייטהאַרציק אַוועקגעשיינקט צו די אַמעריקאַנער „סקאַוטס״, אינגלעך און מיידלעך.

און אַז איך האָלט שוין דערביי, וויל איך דאָ אויך דערמאָנען וועגן נאָך אַ פיל גרעסערער און נאָך מער ברייטהאַרציקער מתנה פון אוירווינג בערלין. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אויף בראָדוועי און איבער גאַנץ אַמעריקע מיט גרויס דערפאָלג געשפּילט געוואָרן זיין מוזיקאַלישע אָפּערעטע, „דהיס איז דהי אַרמי״, וואָס איז געווען געבויט אויף זיינס אַ פּאָפּולער ליד, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעשריבן נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — זייענדיק אַ סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דאָס דאַזיקע שפּיל האָט אַריינגעבראַכט אַרום צען מיליאָן דאָלער, און דער מחבר האָט דאָס גאַנצע געלט אַוועקגעשיינקט דער אַמעריקאַנער אַרמיי פאַרן „רעליף־פאָנד״!

עס איז פונקט ווי אוירווינג בערלין, וועמעס אידישער נאָמען איז ישראל, דער זון פון אַריבערגעקומענע אידיש־אימיגראַנטישע עלטערן פון אַ טאַטן אַ חזן, וואָס האָט געהייסן משה ביילין, און דאָס איז געווען דער אָריגינעלער נאָמען, האָט נישט אַנדערש ווי געוואָלט, דורך אָט־די צוויי גרויסע מתנות, מיט „עפּעס״ באַצאָלן דעם לאַנד, נאָכדעם ווי ער און זיינע אידישע עלטערן, און נאָך מיליאָנען אַנדערע אידישע עלטערן, ווי זיינע, און זייערע קינדער, האָבן דאָ געפונען אַ מקום־מנוחה.

אָבער דער „צינז״, וואָס אוירווינג בערלין האָט „געצאָלט״ צו אַמעריקע, לייגט זיך אויס אַ סך גרעסער: ער האָט אויף זיין קאָנטע היפּשע עטלעכע דערפאָלגרייכע לידער, ווי: „אַלעקסאַנדערס רעגטאַים בענד״, „אָ, האַו אַי העיט טו געט אַפּ אין דהי מאָרנינג״, „עי פּריטי גוירל איז לאַיק עי מעלאָדי״, „אָל עלאָן״, „ראַשען לאַלעביי״, „בלויו סקאַיס״, „איסטער פּאַרעיד״, „ווהאַיט קריסטמעס״, „סעי איט ווהיט מיוזיק״, וואָס וועלן קיינמאָל נישט אַרויסגיין פון דער „מאָדע״ און וועלן אויף שטענדיק פאַרבלייבן אינעם פּאָפּולערן אַמעריקאַנער געזאַנג־רעפּערטואַר.

אוירווינג בערלין האָט, אַחוץ דער פריער־דערמאָנטער מוזיקאַלישער אָפּערעטע „דהיס איז דהי אַרמי״, אויך געשריבן נאָך אַנדערע דערפאָלגרייכע מוזיקאַלישע אָפּערעטעס, ווי: „לואיגיאַנאַ פּוירטשעס״, „דהי קאָקאָנאַטס״, „עז טאַוזענדס טשיר״, „פּעיס די מיוזיק״.

דער עיקר דערפאָלג, ווי שוין באַמערקט, פון אוירווינג בערלינ׳ס מוזיק באַשטייט אינעם בערלינ׳ישן אויסגעאַרבטן סטיל, כאַראַקטעריסטישן קנייטש, סענטימענטאַלן קרעכץ, און אין פּשוט׳ן פּאָפּולערן פאָלקסטימלעכן טאָן. די מערסטע מאָטיוון ביי בערלינ׳עז זיינען אַ כעמישער „מישמאַש״ פון אַמעריקאַניש־נעגערשע טענער, און אויך פון נישט ווינציק אידישע, רוסישע און אוקראַינישע אָפּקלאַנגען. פון אָט־דעם מוזיקאַליש־כעמישן „מישמאַש״, וואָס אוירווינג בערלין האָט גוט צעקייט און פאַרדייעט אַזוי, אַז ס׳איז געוואָרן זיין „אייגנס״, איז טיילווייז אַרויסגעוואַקסן די „דזשעז״ און „סווינג״־מוזיק, וואָס האָט אויך „אַנגעריסן״ און פאַרכאַפּט גאַנץ אייראָפּע און די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

אוירווינג בערלין איז פון זיינע לידער און מוזיקאַלישע אָפּערעטעס געוואָרן אַ מיליאָנער. ער האָט אויך זיין אייגענעם מוזיק־פאַרלאַג, וואָס פירט־אָן מיט ריזיקע געשעפטן. צי ער קען אַ נאָטע מער צי וויניקער אָדער גאָרנישט, זיין נאָמען וועט פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער פּאָפּולערער מוזיק, מיט וועלכער ער האָט באַרייכערט די פאָלקס־קולטור פון אַמעריקע.

דעם שפּרונג, וואָס דאָס אידישע אימיגראַנטן־אינגל וועלכער האָט זיך אויסגעוואָלגערט אויף די ברעגעס פון איסט־ריווער, וואו ער האָט ליב געהאַט זיך צו שפּילן, און דער עיקר אויף טשערי סטריט, וואו ער האָט געוואוינט מיט זיינע עלטערן, און אויף דער באַוערי, וואו ער האָט

געשטעלט זיינע ערשטע זינגערישע טריט און אויך זיינע קאָמפּאָזיטאָרישע טריט מיט אַ ליד „מאַרי פּראָם סאַני איטאַלי" אין די ביליקע שענקען, אָדער סאַלונען, האָט געמאַכט, ביז צו זיין איצטיקן שטאַנד, איז אַ גוואַלדיקער. אָבער אוירווינג בערלין איז געבליבן ביי זיין געוויינלעכער פּשטות, נישט בלויז ווי אַ פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר, נאָר אויך ווי אַ מענטש.

און דאָס איז נאָך אַ מעלה זיינע, וואָס איז ווערט צו געדיינקען.

„זאמלונגען", הארבסט, 1963, נ. י.

# סעמועל גאָלדינבורג — דער בינע־ווירטואָז

**נינאַ'ן**

איך האָב קיין מורא נישט צו זאָגן, אַז פון אַלע גרויסע אידישע אַקטיאָרן, די אַזויגערופענע „סטאַרס" אין אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער, איז סעמועל גאָלדינבורג געווען מיין „ראַמאַן". ער איז אינגאַנצן געווען כולו־אַקטיאָר, כולו־טעאַטער, — פון די שפּיץ־פינגער ביזן קאָפּ. דערצו איז ער אויך געווען מוזיקאַליש, אַ גראַדואירטע, פון דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע און האָט געקענט ביידע זאַכן: אי זינגען (ער האָט פאַרמאָגט אַ ווייכע באַריטאָן־שטימע), אי שפּילן פּיאַנאָ.

אויף סעמועל גאָלדינבורג'ן קען מען באמת זאָגן, אַז ער איז געווען אַן אַקטיאָר „בחסד־עליון"! ווער קאָן פאַרגעסן זיין שפּילן אין אידישן קונסט־טעאַטער די אויסגעסקולפּטירטע ראָל „יוד זיס", פון פויכטוואַנגער'ס פּיעסע „יוד זיס"! אָדער די אויסגעמאָדולירטע ראָל פון „שמחה־בונים" אין „ברי־דער אשכנזי" — אויך אין אידישן קונסט־טעאַטער! וואָס פאַר אַ טעאַטער־געשטאַלטן, אויסגעפורעמטע טעאַטער־פיגורן, אומפאַרגעסלעכע טעאַטער־פּאַרטרעטן! וויפיל שוישפּילערישע וויטאַליטעט און טאַלאַנט ער האָט אין זיי אַריינגעלייגט!

איך פּרוביר זיך דערמאָנען: ווען האָב איך גאָלדינבורג'ן צום ערשטן מאָל געזען אויף דער בינע? אָ, יאָ, אין „אַרטש סטריט טעאַטער", אין פילאַדעלפיע, וואו גאָלדינבורג איז געווען ממש אַ „גאָט"! געשפּילט האָט ער דעמאָלט אין אַרציבאַשעוו'ס באַרימטן דראַמאַטיזירטן ראָמאַן „סאַנין". אַך! ווי „ממזר'יש" ער האָט אָפּגעשפּילט די ראָל פון אַרציבאַשעוו'ס העלד

„סאַנין״, דורך וועמען דער מחבר האָט פּרובירט אָפּשפּיגלען די „שטימונג״ נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע, פונעם יאָר 1905, אין רוסלאַנד. „סאַנין״ איז לאַנגע יאָרן נישט אַרונטער פון דער אידישער בינע אין אַמעריקע, אָבער קיינער האָט נישט אַזוי ווירטואָזיש אויסגעשפּילט סאַנינ׳עו, ווי גאָלדינבורג! עס איז געווען אינגאַנצן זיין ראָל, ווי פאַר אים געוואָרן געשאַפן. איר האָט פאַר זיך געזען סאַנינ׳עו מיט אַלע קליפּערלעך...

גאָלדינבורג האָט געהאַט דעם געבוירענעם טאַלאַנט, מיט וועלכן ער האָט געקאָנט שפּילן וואָס ער האָט געוואָלט, וועלכע ראָל מ׳האָט אים נישט געגעבן, און אין וועלכער פּיעסע ס׳איז אים צו דער האַנט געקומען. אַלץ איז פאַר אים געווען אַ סחורה: פּינסקי, הירשביין, שלום עליכם, י. ד. בערקאָוויטש, ה. סעקלער, לעאָן פּויכטוואַנגער, ראָמען ראָלאַן, טאָלסטאָי, גאָרקי, סטרינדבערג, איבסען, דאָסטאָיעווסקי, טשעכאָוו דימאָוו, קאָברין, ליבין, גאָטעספעלד און ... קאַלמאַנאָוויטש, פריימאַן, סיגאַל, ער האָט זיך אויסגעטויגט אין אַלץ, איר האָט אים געגלויבט, אַלץ איינס וואָס פאַר אַ ראָל ער האָט נישט געשפּילט!

קענט איר זיך דערמאָנען הירשביינ׳ס פּיעסע „אַ מעשה׳לע פון אַמאָל״, וואָס איז אין די דרייסיקער יאָרן אויפגעפירט געוואָרן אין „סעקאָנד עוועניו טעאַטער״, אויף סעקאָנד עוועניו, אין ניו יאָרק, מיט לאַזאַר וויינער׳ס מוזיק, אין וועלכער גאָלדינבורג האָט געשפּילט די ראָל פון „אליהו הנביא״? געדייקנט איר מיט וויפיל מיסטישקייט, פאַרהוילנקייט און פרומער אַנזאָגעוודיקייט עס האָט אַ וויי-געטאָן מיט זיין באַווייזן זיך אויף דער בינע? יעדע מינע זיינע און מאַניפעסטאַציע איז געווען אויסגעקנאָטן מיט דעם אויסגעי׳חלומ׳טן געשטאַלט פונעם לעגענדאַרישן „אליהו הנביא״, וועלכער איז אַ דאַנק גאָלדינבורג׳ס שפּילן געוואָרן דער צענטראַלער פּונקט, דער הויך פון הירשביינ׳ס איידל-אויסגעשפּינטער מעשה׳לע וואָס ער האָט אַזוי טרעפלעך אַ נאָמען געגעבן „אַ מעשה׳לע פון אַמאָל״! עס האָט פון גאָלדינבורג׳ס פּרעזענטאַציע פונעם „אליהו״-געשטאַלט, געשמעקט מיט פאַרצייטישקייט, לעגענדאַרישקייט, אמת׳ע מעשה׳דיקייט און אידישע-פאַנטאַסטישקייט.

ווען גאָלדינבורג האָט אָנגעהויבן זינגען דאָס ליד „געווען אַמאָל אַ איד מיט אַ אידענע״, איז מיטאַמאָל ווי אַ בלויער חלום אויף דער בינע אויפגעגאַנגען און זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילער, טרויערדיקער נאָגנדיקער

זיסקייט פון דער גאַרערע „אליהו הנביא״־געשטאַלט. נישט זיין סאַמעט־ווייכע באַריטאָן־שטימע האָט דערביי געשפּילט די ראָל, נאָר בפירוש די האַלב־געדעמפטע טענער און די האַלבשטימינקייט האָט דער עיקר געווירקט. דאָס האָט דער מנגן אין גאָלדינבורג׳ן אונטערגעזאָגט דעם געשאַפענעם נוסח, דעם געהעריקן סטיל און מעטאָד: אַזוי און נישט אַנדערש דאַרפסטו זינגען אָט דאָס ליד!

איך ווייס נישט אויב סעמועל גאָלדינבורג האָט דאָס דאָזיגע ליד רעקאָרדירט; אויב נישט איז אַ גרויסער שאָד! איך הער גאַנץ אָפט דאָס דאָזיגע ליד, סיי פון אידישע און סיי פון נישט־אידישע זינגער און זינגערנס, אויף קאָנצערטן (אייניקע זינגער און זינגערנס האָבן דאָס דאָזיקע ליד אפילו אַריינגעזונגען אין דיסקן), אָבער קיינער פון די אַלע זינגערס, וואָס איך האָב געהערט סיי אויף קאָנצערטן און סיי אויף פּלאַטן, האָט נישט געכאַפּט דער ריכטיקן „שניט״, נישט פון די ווערטער און נישט פונעם ניגון, דעם טיפן מיין וואָס ליגט סיי אינעם טעקסט און סיי אין דער מוזיק באַהאַלטן. זיי זינגען עס עלעהיי „ביי מיר ביסטו שיין״, אָדער ווי נאָך אַ ליד אין זייער אויפגעכאַפּטן רעפּערטואַר, אָפּגעזונגען און שוין, קיינער פון זיי קומט נישט אפילו נאָענט צו גאָלדינבורג׳ס אופן געזאַנג פון „געווען אַמאָל אַ איד מיט אַ אידענע״!

סעמועל גאָלדינבורג האָט נישט געגאָלטן סתם ווי אַ זינגער, נאָר ווי אַן אַקטיאָר, וואָס האָט געהאַט אַ ווייכע באַריטאָן־שטימע און האָט געקאָנט שיין זינגען — הגם איך האָב אים בפירוש אויך געזען שפּילן אין אָפּערעטס! קודם איז ער געווען אַן אַקטיאָר, און דערנאָך אַ זינגער. און געזונגען האָט ער נישט מיט דער שטימע, נאָר מיט זיין זינגעוודיקער מנגנ׳ישקייט, איינגעבאָרענער ראַפינירטקייט, אינטעליגענץ און גוטן געשמאַק.

ביי מיר אין זכרון האָט זיך איינגעקריצט אַ נאַכט אין סאַראַטאָגאַר ספּרינג, ניו יאָרק, נאָך אַ גרויסן קאָנצערט פאַרן „האיאַס״, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען סעמועל גאָלדינבורג מאַלי פּיקאָן, מרדכי ירדני און די פּיאַניסטקע סאָניאַ איידעם, האָבן מיר ביידע, גאָלדינבורג און דער שרייבער פון די שורות, זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר, וואָס האָט געדויערט ביז שפּעט פאַרטאָג. דער הימל איז געווען אַ זעלטן־אויסגעשטערנטער, איבער סאַראַטאָגאַ איז געהאָנגען אַ טיף־בלויע שטילע זומערדיקע נאַכט, און די ריחות פון די אַרומיקע וועלדער, גערטנער און סעדער, האָבן געשמעקט

מיאַטענדיק פאַר׳שיכור׳דיק. קיין סך מענטשן אויף די גאַסן האָט מען נישט געזען, דער עולם איז שוין לאַנג אַוועק שלאָפן. דער קאָנצערט איז אַריבער דערפאַלגרייך און גאָלדינבורג׳ן האָט זיך בשום־אופן נישט געגלוסט צו גיין שלאָפן, ער האָט געוואָלט שפּאַצירן און שפּאַצירן...

סעמועל גאָלדינבורג איז געווען אַ מענטש מיט הויכער בילדונג און קולטור, ער האָט גערעדט עטלעכע שפּראַכן: רוסיש, פּויליש, דייטש, ענגליש, און האָט אויך אַ סך געלייענט. ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער רוסישער און פּוילישער ליטעראַטור און אויך, פאַרשטייט זיך, מיט דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט געהערט צו די סאַמע אינטעליגענטסטע אידישע שוישפּילער אין אַמעריקע. ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַנוצט מיט קיין גראָבע רייד. זייענדיק אַזויפיל יאָרן אויף דער בינע או האָבנדיק צו טאָן מיט פאַרשידענע אַקטיאָרן, אימפּרעסאַריאָס, פאַרוואַלטערס, צווישן זיי אַ סך גראָב־הויטיקע כאַראַקטערס און נישט ווינציק אַמעראַצים, האָט ער אָבער באַוויזן אַז מען קען, אויב מ׳וויל נאָר, בלייבן אַן אינטעליגענטער מענטש און נישט פאַרלירן דעם „קלסתר־פּנים״.

גאָלדינבורג איז געשטאָרבן בעת ער האָט געשפּילט אינעם באַרימטן „ראָלאַנד־טעאַטער״, וואָס האָט זיך געפונען אין דער געדיכטע אידישע בראָנזוויל, די „ירושלים ד׳אַמעריקע״. ער האָט געליטן פון אַ שוואַך האַרץ און דער טויט האָט אים געפּאַקט פאַר דער צייט. דער „ראָלאַנד־טעאַטער״ האָט זיך צוליב גאָלדינבורג׳ס טויט, חלילה, אויף קיין איין נאַכט נישט צוגעמאַכט, ווייל — די שאָו מאַסט גאָ אָן״! — די טעאַטער־שפּיל מוז אָנגיין! אַזוי זאָגט זיך אַן אַמעריקאַנער ווערטל — און אַזוי איז עס געווען...

„מאָרגן פרייהייט״, אָקט. 15, 1974, נ. י.

## אַ „האָראַ”

ברומען שטימען זיך פאַנאַנדער,
און עס פלאַקערט אויף אַ
טאַנץ!
הענט אויף אַקסלען פלינק פאַר־
וואָרפן —
טראָגט זיך בראַוו אַ מענטשן־קראַנץ!

ציט דער טאַנץ זיך צום אין־סוף,
און ווען ס'פאַלט ווער מיד פון קאָן —
באַלד אַ צווייטער אויף זיין אָרט,
און דער טאַנץ גייט ווייטער אָן!

„אידישער קעמפּער”, מאי 31, 1935, נ. י.

## זאָל גיין ווי ס'גייט*!

זאָל גיין ווי עס גייט —
קיינמאָל נישט זאָרגן,
פריילעך, מאַטיע, פריילעך! —
צום טייוועל מיט'ן מאָרגן.

זאָל גיין ווי עס גייט —
אַ טרער נישט פאַרגיסן,
אַ טאַנץ און אַ שפּרונג —
און ווייטער געניסן.

פילאַדעלפיע, דעצעמבער, 1928.

זאָל גיין ווי עס גייט —
גאָרנישט זאָל דיך אַרן,
להכעיס די שונאים —
זאָל זיי דער קאָפּ דאַרן.

זאָל גיין ווי עס גייט —
נישט אַלץ איז געלט,
נאָר איינמאָל, מאַטיע,
לעבט מען אויף דער וועלט.

„פאָרווערטס”, יאַנ. 13, 1929, נ. י.

*) מיין ערשטע געדרוקטע זאַך.

# עס זינגט דער ים!

זינגט דער ים פריילעך מונטער,
און די כוואַליעס זינגען מיט:
שפּילן פידלען, פלייטן, אַבאַס,
און אַ פּויק קאַכט און זידט.

ברומען טשעלאָס, מורמלען באַסן,
אַ סיפמאָניע — אַ קלאַס!
פּערל קלאַנגען זיך אין זאַצן,
ריטמיש, קײלעכיק — אַ פּאַס!

זינג־זשע ים דער ניגון אויס וואָס
העכער, שענער קלינגען זאָל,
און איר, כוואַליעס, נישט געשוויגן,
הערן זאָל מען אײער קול!

ס׳וועלן מענטשן אײער וואונדער,
טראָגן פלאַמיק און צעהעלט:
אַזאַ ניגון נישט געהערט נאָך,
אַ סימפאָניע — אַ וועלט!

„מאָרגן פרייהייט״, נאָוו. 14, 1976, נ. י.

# וואוהין?

גרויע הימלען,
דולע טעג.
שווערער לעבן, —
דאָרן־וועג . . .

דאָ אַ וואָרעם,
דאָרט אַ שפּין.
גייסט אַהער און —
גייסט אַהין.

וואוהין? . . .

„נויאָרקער וואָכנבלאַט״, אויג. 25, 1939, נ. י.

# יונגע יאָרן

יאָרן, יאָרן, יונגע יאָרן,
ווי אַ חלום זע איך אײַך,
ביי דער אַלטער וואָסערמיל,
וואו עס פליסט אַ גרינער טײַך.

נישט מיט בלומען, רויטע קאַרשן,
זײַנען מײַנע טעג געבעט,
נאָר מיט פראָסטן ברויט און קנאָבל,
מיט אַ קאַלטן טרונק פאַרגלעט.

יאָרן, יאָרן, יונגע יאָרן,
שוואַרצע שאָטנס אין מײַן בליק,
שוידערטעג מיט בלוט פאַרלאָפן, —
דאָך, וואו נעם איך אײַך צוריק? . . .

„פרייער ארבעטער שטימע״, נאָוו. 1, 1971, נ. י.

## פרייד

ס'קוועלט אין מיר אַ זעלטן
פרייד היינט,
כ'ווייס נישט וואָס מיט זיך
צו טאָן ?
כ'וואָלט אַנטלאָפן ווי אַ בין איצט
ווייט אין פעלד דאָרט צווישן מאָן !

ס'איז מיין ברוסט מיט זילבער־
טענער,
אָנגעגעאָסן ווי אַ כוס !
זינגט אין מיר אַ ליבעס־ניגון, —
בענק איך שטיל נאָך עפּעס וואָס . . .

„אידישע וועלט", סעפּ. 2, 1934, פילאַדעלפיע.

## אַ ניגון

זיץ איך שטיל אַליין ביים ים,
קומט אַ ניגון באַלד צו פליען,
הער איך ווי ער זינגט אין מיר
און די טענער נעמען גליען.

כאַפּ איך גיך דעם ניגון אויף,
טראָג אים ווי מען טראָגט אַ תורה,
און עס ברענען מיינע טריט,
ווי אַן אָנגעצונדן מנורה.

כ'האָב אַן אוצר אין מיין האַנט,
הייב איך אַן מיט זיך צו טענה'ן,
און דער ניגון טיף אין מיר
ברומט און הייבט־אָן פריידיק שיינען.

„זאַמלונגען", האַרבסט, 1972, נ. י.

## ביים טייכל . . .

שטיל האָט דאָס וואַסער, פון
טייכל געזשומעט.
געזונגען אַ קול האָט —
אַ לידל פון אומעט...

— ווער ביזטו, דו מיידל —
פנים מיט חן,
וואָס טוסטו ביים טייכל —
דאָ איינע אַליין ? . . .

— כ'ליב דאָס טייכל —
דאָס וואַסער, דאָס שטילע.
כ'ליב דאָ צו זינגען —
צו גאָט אַ תפילה . . .

„דער אַמעריקאַנער", יוני 13, 1929, נ. י.

# בלויער פון אַ שטערן

## צו חנה׳לעס ערשטן יאָרצייט

כ׳האָב געהאַט אַ דימענט,
ווי צו מיינע יאָרן,
בלויער פון אַ שטערן —
האָב איך אים פאַרלאָרן.

קוק איך אויס די אויגן,
זוך אין אַלע עקן,
אפשר וועל איך זען דאָרט —
וואו דעם דימענט שטעקן ?

גיי איך ווייט אַוועק,
צווישן פעלדער קאָרן,
ערגעץ זינגט אַ פויגל —
ווי צו מיינע יאָרן . . .

„מאָרגן פרייהייט״, מאַי 16, 1976, נ. י.

# ווער וועט זייען . . .

ווער וועט זייען,
בלייבן וועט אַ קליינער דור;
ס׳ווערן שיטערער די רייען,
וואָס אַמאָל, פון יאָר צו יאָר.

ס׳פאַלן ביימער, גרויסע, קליינע,
צווייגן ברעכן זיך אויף האַלב;
וואָס־זשע זיין וועט פאַרט דער סוף גאָר, —
ווען וועט קומען שוין די שוואַלב ? . . .

ס׳לויפט די צייט אַ שרעק, אַ גוואַלד זיך,
און די יאָרן לויפן־מיט;
אַ, ווי לאַנג דער שיער צו וואַרטן, —
קוים דאָס בלוט נאָך קאָכט און זידט ! . . .

„זאַמלונגען״, פרילינג, 1977, נ. י.

# דער אַלטער קלעזמער *

קלעזמאַרימלעך, טייערע,
האַרציקע ברידער!

שפּילט מיר אַ זמר׳ל, —
שטיל אָן גערודער.
צוזינג:

שפּילט אַ „געזעגונגס״
מיט האַרץ און מיט מיין!
אויך איך האָב געפידלט, —
איצט רופט מען מיך גיין...

געשפּילט האָב איך פיל
און נאָך מער געמיינט;
געהאָפט און גע׳חלומ׳ט, —
דאָס האַרץ האָט געוויינט...
צוזינג...

קלעזמאַרימלעך, טאַטעלעך,
זעט, האַלט זיך נישט גרויס:
נישט לאָזט פון זכרון
מיין נאָמען אַרויס...
צוזינג...

אָפּגעשפּילט אַ לעבן,
דאָס פידעלע שווייגט;
זי הענגט שטום אויף דער וואַנט, —
מיטן סמיק ביי דער זייט...
צוזינג:

*) מוזיק פון מחבר פון ליד.

„זאַמלונגען״, ווינטער, 1967, נ. י.

# ביים ים

כ׳שטיי ביים ים און זע די כוואַליעס,
ווי זיי יאָגן, איילן שנעל,
בריינגען גרוסן פון מיין ליבסטער,
ווי אַ היילונג פאַר דער זעל.

זייט געדאַנקט, איר כוואַליעס, ליבע,
פאַר די גרוסן שיינע מיר,
גוט צו שטיין אַזוי און הערן
ליבע ווערטער, ווי ביים טיר.

זאָגט איר, כוואַליעס, אַז איך בענק שטאַרק, און עס ציט מיך דאָרט אַהין,
וואו עס נעסטלט מיין געליבטע, —
זינגט אַ ניגון שטיל און דין...

„זאַמלונגען״, פרילינג, 1977, נ. י.

# די יום־כיפור מלחמה

ערגעץ ווייט אין מדבר־סיני,
צווישן הייסן זאַמד און שטערן,
ליגט אַ בערגל שטיל פאַרטייעט,
דורכגעווייקט פון לעצטע טרערן.

צוויי סאַלדאַטקעס יונגע, בראַווע,
פונעם סיני־קבר וואַכן,
שומרים׳דיק געטריי זיי היטן,
שונא׳ס טריט פון קאַיראָס שליאַכן!

„ווייַן נישט מאַמע״, בעט זיך איינע.
„גוט צו שטאַרבן״, זאָגט די צווייטע.
אַז שום מורא פאַרן שונא, —
איידער קנעכט זיין בעסער טויטע...

ס׳איז אַזוי באַשערט אונז שטאַרבן.
פון די שולן און די בעטן,
פאַרן לאַנד זיך אָפּגעבן, —
שטיל געבענטשט מיט טאַטנס גלעטן.

אייביק גליען אין זכרון,
קיינמאָל וועט פאַרגעסן ווערן,
פון יום־כיפור די מלחמה —
טייכן בלוט און הייסע טרערן...

„אַלגעמיינער זשורנאַל״, דעצ. 21, 1973, נ. י.

# ביים טייך

עס ליגט דער טייך שטיל פאַר׳חלומ׳ט,
אַלץ אַרום איז פול מיט סוד.
עס רוט די ערד, עס רוט דער הימל,
ס׳רוט דער אַקער און דער ראָד...

שטערן מיניען זיך אין וואַסער,
ס׳טליען בערג אין זילבער־בלוי.
וואַסער צערטלט קילע בלעטער,
און עס פאַלט אַ פרישער טוי.

איך זיץ ביים טייך אין שטילן אומעט,
אַ בענקשאַפט וויקלט מיך אַרום.
איך הער אַ קול — אַ זיסן ניגון:
ער רופט צו מיר: „מיין ליבסטע, קום!״

„זאַמלונגען״, ווינטער, 1967, נ. י.

# ירושלים

ירושלים, ירושלים,
שטאָט פון ליכט און קדושה;
דיינע בערג זיי היטן דיך ווי שומרים —
ביסט די קרוין פון אונזער ירושה!

נישט די סיריער און נישט די רוימער,
נישט די שטאַרקע ענגלאַנד
האָבן נישט געקענט אָפּמעקן פון פאָלק
דעם זכרון פון דער „וואַנט״ ...

ירושלים, ירושלים,
שטאָט פון תורה און מסורה;
ליכט פון אמונה און לאַנגן חלום —
שטאָט פון יושר, קדושים און גבורה!

„אַלגעמיינער זשורנאַל״, מערץ 26, 1975, נ. י.

# ווי אַ שפינער

ווי אַ שפינער שפינט זיין וואַל,
אַזוי שפין איך שטיל מיין ליד,
אַ געוועב פון וואָרט און קלאַנג,
שפין און שפין און ווער נישט מיד.

נישט קיין ווערטער סתם איך זינג,
יעדער אות מיט גאָלד צו גלייך.
אויך דער ניגון איז נישט פּראָסט,
לויטער ווי אַ קלאָרער טייך.

ס'איז מיין תפילה האַרצגעפיל,
אָפּגעהיט ווי ריינסטער שטאָף,
מיט כוונה אויסגעבעט,
און זי ציט זיך צום אין־סוף ...

„פרייער אַרבעטער שטימע״, יוני 1, 1972, נ. י.

## אַלע טאַנצן *

צו זינג:

אַלע טאַנצן, אַלע טאַנצן, אַלע טאַנצן!
טאַנצט אַ מיידל, טאַנצט אַ בחור,
און עס ציטערן די ווענט!

טאַנצט אַ זיידע, טאַנצט אַ באָבע —
און מען האַלט זיך פאַר די הענט!
צו זינג:

טאַנצן ביימער, חיות, פייגלען,
באַרג און טאָל אַ קאַרהאָד!
טאַנצט אַ חתן, טאַנצט אַ כלה —
און מחותנים אין אַ ראָד!
צו זינג...

שרה, רבקה, יאַנקל, שמערל,
אַלע טאַנצן אין אַ קאָן!
דער אַ פאַלקע, דער אַ טשאַ־טשאַ —
און אַ ווערוועריק מיט אַ האָן!
צו זינג...

טאַנצט אַ ציגל, טאַנצט אַ בעקל,
און אַ קאַטשקע אין דער מיט!
שפרינגט אַ העזל, פייל פון בויגן —
לאָזט מיך אויך אַריין אין מיט!
צו זינג...

ניו־יאָרק, 1968.

*) מוזיק פון מחבר פון ליד.

## אַ זמר׳ל *

**חנה׳לען**

רעפריין:

לאָמיר אַלע זינגען: איינס, צוויי, דריי!
אַ זמר׳ל, אַ זמר׳ל, אַיי, אַיי, אַיי!
לאָמיר אַלע זינגען: איינס, צוויי, דריי!
אַ זמר׳ל, אַ זמר׳ל, אַיי, אַיי, אַיי!

שבת, שבת, ס׳איז דאָך אַ מחיה!
ליכטיק פריילעך, אַ נשמה אַ נייע!
יאַ־באַ־באַם! אוי, וויי!
זינגט־זשע אַלע מיט מיר דעם זמר׳ל!
רעפריין...

יום־טוב, יום־טוב, פאַר אַלעמען גלייך!
ששון־ושמחה, פאַר אָרעם און רייך!
יאַ־באַ־באַם! אוי, יאַ־באַ־באַ־באַ־באַם־באַם־באַם!
זינגט־זשע אַלע מיט מיר דעם זמר׳ל!
רעפריין...

שלום, שלום, אויס מיט מלחמות!
זאָל שוין זיין ישועות און נחמות!
יאַ־באַ־באַם! אוי, וויי!
זינגט־זשע אַלע מיט מיר דעם זמר׳ל!
רעפריין...

*) מוזיק פון מחבר פון ליד.

# ביים ברעג ים

ראָגן כוואַליעס צו דעם ברעג,
אייליק, שוימיק און פאַרשטייט,
ווי טשופּרינעס זילבערנע,
טראָגן גרוסן פון דער ווייט.

זיצן מענטשן ביים ברעג ים,
גרייט צו הערן עפּעס־וואָס
צי פון דאָרטן, צי פון וואַן,
צי אַ מעשה פון אַ שלאָס . . .

זיץ איך ווי פאַר׳חלומ׳ט זיך,
קוק פאַרגאַפט צום שטראָמענוועג,
און באַטראַכט די כוואַליעס שטיל,
ווי זיי שאַרן זיך צום ברעג.

„פרייע אַרבעטער שטימע״, פעב. 1, 1972, נ. י.

# בענקשאַפט

נינא׳ן

טליעט שטיל אַ פונק,
לאָזט קיין קעלט נישט צו,
וואַרעמט האַרץ מיר ליב —
שטילער פונק ביסטו !

אָ, צעשטראַל זיך, פונק,
ווי די זון בייטאָג,
זאָל דיין פייער גלי —
ליכטיקן מיין נאָג !

זיי אַ שליח מיר,
זאָג איר אַז איך בענק,
און דערצייל איר אַלץ —
וואָס איך טו און דענק !

נ. י. 1967

# חזן פינטשיק

שטייענדיק מיטביידע פיס אין די כוואַליעס פון דער אידישער ליטורגיע, קען איך עדות זאָגן, אַז ס'איז נישט געווען און עס וועט נישט זיין מער קיין צווייטער פינטשיק אין דער חזנישער וועלט. קיינער פאַר אים האָט נישט באַוויזען צו שווימען אַזוי טיף אין די וואַסערן פון דער חזנישער נגינה, ווי ער. ער האָט געקענט אַלע קנייטשן, תנועות, באַהאַלטענע קעמערלעך, בויגן, שניטן און קערן פון די אידישע נוסחאות אויף וועלכע ער האָט געבויט זיין אייגנאַרטיקן סטיל, זיינע אייגנאַרטיקע שטייגערס אין דער חזנישער קונסט. ער האָט דעם חזנישן רעטשיטאַטיוו דערהויבן צו די העכסטע הויכן, ווי קיינער פאַר אים האָט עס נישט באַוויזן. די אַרכיטעקטאַנישקייט פון זיינעם אַ רעטשיטאַטיוו, קען מען צוגלייכן מיט די פיינסטע מוזיקאַלישע ווערק וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פון די באַגאַבסטע קאָמפּאָזיטאָרס אין דער וועלטלעכער מוזיק־ליטעראַטור.

פינטשיק איז געווען דער זאַגעוודיקסטער זינגער־חזן ביי אידן. דערצו האָט ער כסדר געשעפּט פון די אייגענע קוואַלן. ער האָט נישט געזונגען מיט קיין פרעמדן מויל, נאָר דורכאויס מיט אַ כשרן אידישן מויל, וואָס האָט געהאַט אַ מיליאָן אידישע טעמען. פון קליינווייז־אָן, ווען ער איז געווען אַלט פערצן יאָר, און איז צום ערשטן מאָל צוגעגאַנגען צום עמוד אַ פּרייטיק־צו־נאַכטס אין זיין געבוירן־שטעטל זשיוויטאָוו, לעבן קיעוו, און האָט זיך געשטעלט דאַוונען אַ „קבלת שבת”, איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו אים דער שטעטלדיקער חזן, ר' מיכל, ביי וועמען ער, פינטשיק, האָט געזונגען אַלט, און האָט צו אים געזאָגט: „פינטשיק, דו וואַקסט אַ כלי, דאַרפסט נישט זיין קיין משורר אין כאָר, ביסט אַ געבאָרענער חזן און וואַקסט אַ גרויסער זאָגער”.

און ווי ריכטיק ער האָט געטראָפן! פינטשיק איז געווען איינער פון די גרעסטע זאָגערס אין דער חזנישער וועלט — אַ זאָגער, וואָס האָט דערוואַרעמט און צענומען אידישע הערצער אומעטום וואו ער האָט געדאַוונט. אַפילו אין אַזאַ לאַנד ווי דרום־אַפריקע, אַ אידישער ישוב וועמענס מערהייט באַשטייט פון „קאַלטע ליטוואַקעס”, וואָס זיינען געוואוינט געווען צו אַן אַנדער מין דאַוונען און חזנישע־שטייגערס — אַפילו די „קאַלטע ליטוואַקעס” אין דרום־אַפריקע זיינען געשפּרונגען פון דער הויט ווען זיי

האָבן דערהערט פּינטשיק׳ס דאַווענען, בעת זיין דאָרטיקן וויזיט. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט אַנדערע לענדער וואו פּינטשיק האָט געדאַוונט און אָפּגעגעבן קאָנצערטן, ספּעציעל אין ארץ ישראל, אין די דרייסיקער יאָרן בעת מיין אַנוועזנקייט דאָרט, ווי אויך אין מעקסיקאָ, אַרגענטינע, אורוגוואי, בראַזיל.

אַנשטאָט „במה מדליקין״, וואָס די ליטווישע אידן און דרום אַפריקע און אומעטום זיינען געוואוינט צו הערן זינגען לויטן „נוסח אשכנז״, האָבן זיי געהערט און זיך געקוויקט מיט פּינטשיקס אייגנאַרטיקן באַרימט געוואָרענעם קלאַסישן רעטשיטאַטיוו „רזא דשבת״ וואָס ווערט געזאָגט אין די שולן פרייטיק־צו־נאַכטס פון אידן וואָס דאַווענען לויטן „נוסח ספרד״.

דער ניגון איז די נשמה פון אַ פאָלק. דורכן ניגון הערן מיר אויפציטערן יענע סטרונעס, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין די טיפסטע קעמערלעך פון אַ פאָלקס־געפילן און איבערלעבונגען. און רעדנדיק פון פאָלקס־געפילן און איבערלעבונגען, דאַרף דאָ באַטאָנט ווערן, אַז פון אַלע צווייגן אין דער אידישער מוזיק און נגינה, פאַרנעמט דער ניגון מיטן וואָרט דעם אויבנאָן, און בפרט דער ניגון מיטן תפילה־וואָרט — חזנות.

ווען חזן פּינטשיק איז אין יאָר 1927 געקומען צופאָרן קיין אַמעריקע, האָט ער געמאַכט אַן אמת׳ע איבערקערעניש, ממש אַ רעוואָלוציע אין דער היגער חזנישער־וועלט. עס האָבן געלעבט נאָך די „לייבן״ פון דער חזנישער וועלט: קוואַרטין, ראָזנבלאַט, רויטמאַן, חגי, הערשמאַן, און אַ גוטע צענדליק נאָך אַנדערע גרויסע חזנים, מיט וועלכע מ׳האָט זיך געדאַרפט קענען פאַרמעסטן. די דאָזיקע דערמאָנטע חזנים זיינען נישט געווען קיין „שיפּע־זיבעלעך״; יעדער איינער פון זיי האָט פאַרמאָגט זיינע הייסע חסידים. פּינטשיקס חזנות אָבער האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער טעם, אַן אַנדער פּנים, אַ חזנות פול מיט חידושים און אַ קאָמבינאַציע פון אַן אויסערגעוויינלעכן לאַסטשענדיקן, לירישן טענאָר פון „בעל־קאַנטאָ״ שניט, מיט ווייכע סאַמעטענע טענער; אַ קרישטאָל־ריינער געזאַנג, ווי ריינער גינגאָלד, אַ האַרציקער זינג־זאָגער — פּלוס אַ וואונדערלעכער אויסטייטשער פון תפילה׳דיקן וואָרט און העכסט באַגאַבטער ליטורגישער רעטשיטאַטיוו־קאָמפּאָזיטאָר.

פּינטשיק׳ס בליציקע איינפאַלן, וואונדערלעכע מוזיקאַלישע געדאַנקען און איבעראַשנדיקע אָריגינאַליטעט, האָט ביי אַלעמען, סיי ביי מנגנים און

סיי ביים אַלגעמיינעם עולם־דאַוונערס, ליבהאָבער פון חזנישע געזאַנגען, אַרויסגערופען גרויס התפּעלות. ער האָט געבראַכט צום עמוד די פיינסטע ניואַנסן און שאַטירונגען פון אידישע געפילן, מיסטישע שטימונגען, מחשבות און רעיונות, און אַן עכטע רעליגיעזע פּאַרקלערטקייט. ער האָט פאַר דער אידישער ליטורגישער נגינה אויפגעעפנט אַ סך נייע גוסטן, פאַלן, קנייטשן און מאָדולירונגען.

פינטשיק׳ס „קרוין־ווערק" איז געוואָרן זיין וואונדערלעכער־שבוואונ־דערלעכער „רזא דשבת", אַ ווערק וואָס האָט נישט זיין גלייכן אין דער גאָרער אידישער ליטורגישער מוזיק־ליטעראַטור. ער הייבט אָן זיין „רזא דשבת" מיט אַן אָנהויב פון שטילע נישט־אויסזאָגנדיקע טענער פון „אתקינו סעודתא" און לאָזט זיך באַלד אַוועק אין דער „מרחקים אַריין" פון האַלב־מיסטישע נאָך נישט אויסגעטראָטענע מוזיקאַלישע־סטעזשקעס, וואו מלאכים נעמען שוועבן און איר הערט ממש די „טריט" פונעם אַנקומענדיקן שבת, ווי ער נידערט אַראָפּ אויף דער ערד און ווי „די מלכה־שבת" לאָזט זיך אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פון די אידישע שטעט און שטעטלעך, אומעטום וואו אידן זיינען צעזייט און צעשפּרייט. טרעפּ נאָך טרעפּ, פאַל נאָך פאַל, קייקלט זיך דער רעטשיטאַטיוו און זיין נגינה׳דיקייט פילט אָן די גאַרע לופט און דערגרייכט אַזש ביז צום הימל אַרויף...

אַ צווייטער רעטשיטאַטיוו פינטשיקס, וואָס איז פּונקט אַזוי רייך אין מוזיקאַלישע אידישע ניואַנסן און נגינה׳דיקע חידושים, וואו איר פילט דעם טעם פונם „עומר" ממש אויף די ליפּן, ווי אַ פרישע פרוכט פונעם בוים, איז דער „רבונו של עולם" פון „ספירה", וואָס וועט פאַרבלייבן אַ קלאַסיש־ווערק אין דער אידישער נגינה־ליטעראַטור. דער ריח פון די ווערטער, ווי זיי זיינען נגינה׳דיק אויסגעטייטשט, קאָמפּאָזיטאָריש באַקליידט און האַרציק אויסגעזינגען דורך פינטשיק׳ס כשרן אידישן מויל, פאַרגייט אייך אין די „נאָז־לעכער" ווי נייניציקער בראָנפן. און אַזוי אויך מיט זיין רעטשיטאַטיוו „מה נאמר", וואו דער גאנצער תמצית פונעם ימים־נוראים׳דיקן דאַוונען און דער גאָרער גייסט פון ימים־נוראים, ליגט אויסגעגאָסן אויף אים. קיין שענערן חלק דער ימים נוראים׳דיקער־סימפאָניע, האָט פינטשיק נישט געקענט צוטיילן, ווי אָט דער געשאַפענער רעטשיטאַטיוו זיינער — לויט זיין סטרוקטור און אַרויפקלעטערן צום הימל מיט די מתוודה׳דיקע טענער פון געבעט און דערציילערישקייט, פון שטיין פאַרן רבונו של עולם...

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם שבת־צו־נאַכטס אין תל־אביב, אין יאָר 1931,ביים ברעג ים, אויף רחוב גאולה, ביים דר. יהודה קויפמאַן אין שטוב מיטן גערטנדל אין דער פראָנט און אָפענע פענסטער צו דער גאַס, וואו עס זיינען געזעסן אַ גרופּע געסט, צווישן זיי ראַווניצקי און ביאַליק. און נאָכדעם ווי אַלע האָבן מיט אָפענע מיילער און אויערן אויפן גראַמאָפאָן אויסגעהערט פּינטשיק׳ן זינגען דעם „מה נאמר״, איז ביאַליק אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל און האָט מיט גרויס התפעלות אויפן הויכן קול אַ זאָג־געטאָן: „אוי, גוואַלד! ביי וועלכער אומה־ולשון זאָגט מען אַזוי: מה נאמר לפניך יושב מרום, ומה נספר לפניך שוכן שחקים? ווייזט מיר אָן נאָך אַ פאָלק אַזאַ אויף דער וועלט!״ פון ביאַליק׳ס אויגן האָבן געשפּריצט פייערדיקע פונקען, וואָס אַזעלכע זעט מען נאָר ווען מען ווערט אָנגעצונדן מיט גרויס באַגייסטערונג.

די דאָזיקע דריי אָקאָרשט־דערמאָנטע ליטורגישע רעטשיטאַטיוון פּינטשיק׳ס — „רזא דשבת״, „רבונו של עולם״ און „מה נאמר״ — זיינען ריינע מוסטערן פון עכט קלאַסישע אידישער ליטורגישער נגינה. זיי „רעדן״ צום אידישן האַרץ און צו דער אידישער נשמה מיט אַזאַ הייליקן ציטער און פייער, אמת׳דיקייט און פאַרוואָרצלטקייט — אַ זינג־זאָגעוודיקער געזאַנג פון וועלכן עס קלינגט־אָפּ גאַנצע דורות אידיש־לעבן און אידיש־דאַוונדיקע פרומקייט. עס איז דאָס געזאַנג פון אַ פאָלק, וואָס האָט גבורה׳דיק געקעמפט און מיט ימ׳ען בלוט באַצאָלט פאַר זיין תורה, פאַר זיין אמונה, פאַר זיין גרויסן אויסדויער און אייגענער מחשבה — אַ געזאַנג, וואָס וועט אייביק קלינגען, עד סוף כל הדורות...

חזנות ביי אידן האָט פון תמיד אָן געשפּילט — און שפּילט נאָך איצט — אַ גרויבע ראָלע. חזנות איז די „אידישע דראַמע״, וואָס וועט קיינמאָל נישט אויסגעשפּילט ווערן. עס וועלן זיך אַלעמאָל געפינען אידישע אויערן אויף צו הערן אַ געשמאַק „שטיקעלע״ חזנות. די „ראָלן״ אין דער דאָזיקער „דראַמע״, ווערן פון יעדן גרויסן חזן אַנדערש אויסגעשפּילט. פּינטשיק האָט די דאָזיקע „ראָלן״ אויסגעשפּילט נישט בלויז אַנדערש, נאָר האָט אויך צוגעגעבן גאָר אַ סך זיין אייגנס. וואָס האָט אים אַוועקגעשטעלט אין סאַמע צענטער פון אָט דער גרויסער אידישער „דאַוונדיקער דראַמע״.

צו דעם אַלעמען האָט פּינטשיק פאַרמאָגט אַ „הדרת פּנים״, וואָס האָט אים געהאָלפן טראָגן זיין „חזנישע קרוין״ און איבער אַלעמען געהאַלטן

פאַר׳כישופ׳ט. ווי וואונדערלעך עס האָט זיך ביי אים געגראַמט דאָס היימישע האַרציקע אידישע תפילה־וואָרט מיטן געשמאַקן אידישן תפילה־ניגון. ער איז געווען — און וועט בלייבן — דער שענסטער בויער פון אָט־די צוויי גרונטן פון דער אידישער נגינה, דער פיינסטער מאָלער פון אידישן תפילה־וואָרט מיטן אידישן תפילה־ניגון, דער גרויסער אַרכיטעקט פון אידישן ליטורגישן רעטשיטאַטיוו.

לעת־עתה קומט מיר אָן זייער שווער צו שרייבן וועגן מיין ליבן און נאָענטן חבר, פריינט, קאָלעגע און בעל־עצה פינטשיק, וואָס איז פּלוצלינג פון דער וועלט אַוועק. מיין פריינטשאַפט מיט אים האָט אָנגעהאַלטן אַרום פערציק יאָר און איך האָב אים ליב געהאַט ווי מיין אייגן לעבן. פונקט ווי ער איז געווען דער איינציקער ביי מיר ווען איך האָב געוויזן מיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען, סיי רעטשיטאַטיוון און סיי לידער, אַזוי בין איך געווען דער איינציקער ביי פינטשיקן ווען ער האָט געוויזן זיינע פאַרשידענע קאָמפּאָזיציעס. נישט אַלע ווייסן אַז פינטשיק האָט געשריבן מוזיק צו גאָר אַ סך לידער פון אידישע דיכטער, צווישן זיי: פּרץ, לוצקי, אַלמי, לייוויק און נאָך אַנדערע. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס אידישע פּאָעטישע וואָרט, און טאָמער איז עפּעס נישט געווען קלאָר אים האָט ער זיך ניט געשעמט ביי מיר צו פרעגן. פּרצ׳עס קינדער־ליד „קעצעלע שטיל״, האָט ער באַטעמט מיט אַ העכסט־געראָטענעם ניגון, אָבער מען דאַרף זיין אַ גרויסער קינסטלער צו קענען אַרויסברענגען אים. עס איז נישט קיין „כינקע־פינקע״ ניגון, נאָר אַן עכט־קינסטלערישער ניגון, גוט פאַרטראַכט און פיין צוגעפּאַסט — אויפן שטייגער ווי מען שרייבט מוזיק צו דיכטערישע לידער ביי „לייטן״...

יאָ, אייביק וועל איך אין מיין האַרצן טראָגן זיין ליבן נאָמען, פונקט ווי די אידן פון דער גרויסער שול אין לענינגראַד קענען אים נישט פאַרגעסן און האָבן בעת מיין זיין דאָרט אין יאָר 1963 די ערשטע זאַך ביי מיר זיך אויסגעפרעגט „וואָס מאַכט פינטשיק״. זיי קענען אים נישט פאַרגעסן זיין דאָרט דער חזן במשך פון דריי יאָר: „אוי, ווי מיר וואָלטן געוואָלט כאָטש נאָך איינמאָל הערן דאַוועגען אים!״. פאַרשטייט זיך, אַז פונקט אַזוי וועל איך אים אויך נישט פאַרגעסן...

חבל על דאבדין...

„קענעדער אָדלער״, פעב. 12, 1971, מאָנטרעאָל

# פון כל נדרי ביז נעילה!

יום־כפור, וואָס ווערט אָנגערופן „שבת שבתון" — דער שבת פון אַלע שבתים — און ווערט פאַררעכנט פאַרן הייליקסטן מעת־לעת אין אידישן לעבן, איז אַ שווערער מעת־לעת פאַר יעדן גלויביקן אידן, און בפרט פאַרן שליח־ציבור — פאַרן חזן. אַחוץ דעם, וואָס איז אַ מעת־לעת פון גרויסער אידישער קדושה, פון גאַלע רוחניות, פון אַ הייליקער גייסטיקער אידישער מאַניפעסטאַציע, איז עס אויך אַ מעת־לעת פון אומגעהויערן גייסטיקן פאַרמעסט פון לייטערונג, וואָס דערגייט צו דער העכסטער אָנשטרענגונג. אינעם דאָזיקן מעת־לעת קומט פאַר די גאָט־דערנענטערונג אין איר סאַמע העכסטער און געלייטערטסטער פאָרם. דער לייטערונג־פּראָצעס קומט נישט אָן גרינג. ער הויבט זיך אָן יום־כפור פאַרנאַכט מיט „כל נדרי" און פאַרענדיקט זיך מיט „נעילה", וואָס איז דער קלימאַקס פון דער גאַנצער לייטערונג און דערגרייכט צום העכסטן רעליגיעזן עקסטאַז און פון פולסטער קדושה. דער גוואַלטיקער חשק אינעם דאָזיקן מעת־לעת ביי אידן צו קומען וואָס נעענטער אין באַרירונג מיט גאָט רופט אַרויס און דערגייט צו די סאַמע טיפסטע איבערלעבונגען.

אין הימל, ווערט דערציילט, זיינען פאַראַן אַ סך היכלות, וואָס מ'דאַרף זיי עפענען מיט פאַרשידענע שליסלן. אָבער דער בעסטער שליסל פון אַלע, איז — נגינה!

מיטן כוח פון נגינה קען מען עפענען נישט בלויז איינעם, נאָר אַלע טויערן פון די היכלות אין הימל!

איז קיין חידוש נישט דעריבער, וואָס ביים דאַווענען בכלל, און יום־כפור בפרט, פאַרנעמט דעם אויבנאָן דער חזן. ער, דער שליח־ציבור, דריקט אויס אין טאָן און קלאַנג די גרונט־געדאַנקען און געפילן פון די תפילות, וועלכע ווערן געזאָגט און געדאַוונט אינעם דאָזיקן שטאַרק פאַרהייליקטן מעת־לעת.

דער יום־כפור'דיקע מחזור איז אַ ביז גאָר רייכער קוואַל פון פאַר־שידנאַרטיקע תפילות. דער אמת'ער חזן, וואָס ווייסט דעם טייטש פון די ווערטער, און אויב ער האָט נאָך דערצו אַ פּאָעטישן פונק, ווערט שטאַרק פאַרכאַפּט און באַווירקט פון דער רעליגיעזער דיכטונג, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט אידישע ווייען און בענקשאַפטן, מיט אידישע ליידן און האָפענונגען,

מיט אידישער גבורה און מאַרטירערטום, אויסדויער און גלויבן. ער דאַרף גאַרנישט שווער האָרעווען אויף צו געפינען אַ פּאַסיקן ניגון פאַר דער אָדער יענער תפילה — עס זינגט זיך און זאָגט זיך אַליין...

אַ סך פייערלעכע מאָמענטן פאַרמאָגט אין זיך דער יום־כפור׳דיקער דאַוונען, אָבער די מייסטע דריי פייערלעכסטע מאָמענטן זיינען: כל נדרי, עבודה און נעילה.

כל נדרי!

וואָס פאַר אַן אויסטערלישער, פּרעכטיקער ניגון! אין דער גאַנצער וועלט וועט איר נישט געפינען זיין גלייכן! פונקט ווי די נאַכט פון כל נדרי איז איינע פון די טיפסטע מאָטיוון אינעם אידישן לעבן, אַזוי איז אויך דער ניגון פון כל נדרי דער סאַמע טיפסטער און הייליקסטער ביי אידן. און וואָס עפּעס נאָר ביי אידן? דער דאָזיקער ניגון פאַרמאָגט עפּעס אין זיך, וואָס מוז רירן יעדן איינציקן באַזונדער וואָס הערט אים. בענקשאַפט, צער און אַ רירנדיקע שיינקייט זיינען אריינגעשפּינט געוואָרן אינם דאָזיקן אויסטערלישן ניגון: אַ הייליקער ציטער און טרויער טראָגט זיך פון זיינע טענער. קיינער ווייסט נישט ווער דער מחבר זיינער איז, פונקט ווי קיינער ווייסט נישט וואו ס׳איז דער קבר פונעם גרעסטן נביא אין דער געשיכטע ביי אידן און דער מענטשהייט בכלל — משה רבנו. אָבער דער מענטש וואָס האָט דעם ניגון פון כל־נדרי באַשאַפן, איז נישט אַנדערש געווען, ווי געבענטשט פון גאָט אַליין!

און וואָס פאַר אַ פייערלעכע בילד דער מאָמענט ווען כל נדרי ווערט געזאָגט שטעלט מיט זיך פאָר!

אַ בימה אין מיטן שול, מיט פּאַטריאַרכאַלישע בערד, — די זקנים פון דער שול — מיט ספר־תורהס אין די הענט, דער חזן אין דער מיט, און ביי די זייטן אַרום — די מתפללים. ווייסע טליתים, ווייסע קיטלען, אַלע שטייען אויף די פיס, אָפענע מחזורים, פייערלעכע בליקן — קדושה!

וואָס פאַר אַ שיינע קאָלירפולע קאָמבינאַציע פון מוזיקאַלישן קלאַנג און מאַלערישער בילדלעכקייט און דעם אידישן ריטואַל! ס׳אַראַ פּרעכטיקע סצענע!

עס איז באַוואוסט, אַז די נישט־אידישע וועלט פאַרהערלעכט דעם כל־נדרי מאָטיוו נישט ווייניקער, ווי אידן. די גאַנצע וועלט איז באַקאַנט מיט אים, האָט געהערט אים זינגען אָדער שפּילן. אָבער דער ריכטיקער כל־נדרי

ניגון, זיין אמת׳ער טעם איז נישט ווען מ׳הערט אים זינגען אָדער שפּילן פון אַ קאָנצערט בינע, נאָר יום־כּפור ביינאַכט אין שול, ווען בוכשטעבלעך מיליאָנען אידן איבער דער גאַנצער וועלט לעבן אים איבער, הערן זיך איין מיט אַלע זייערע חושים. דאָרט, אין שול, קען מען ערשט פילן דעם גאַנצן תמצית פון דער כל־נדרי מעלאָדיע אין איר פולן באַשאַף!

דער ניגון פון כל נדרי פאַרנעמט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן און אָריגינעלן אָרט אינעם אוצר פון דער אידישער נגינה און מוזיק. ער איז לחלוטין אַנדערש פון אַלע אַנדערע אידישע מאָטיוון און מעלאָדיעס. דער עיקר טאָן זיינער איז גאָרנישט פון קיין געבעט, נאָר גיכער פון אַ געזאַנג. עס הערן זיך דאָרט אַפילו וויינענדיקע טענער, אָבער עפּעס טראָגן זיי אין זיך דעם כאַראַקטער פון אַן אָנגעזאַמלטן און שטאַרק קאָנצענטרירטן פאָלקס־געפיל און דער פאָלקס־סטרונע. עס איז דאָ אין אים אַן אויסעראָרדנטלעכער קראַפט, אַ זעלטענער כוח, און נאָך אַ זעלטענער כישוף, אַ כעמישער געמיש פון פּאַטאָס און אַלטן אידישן בטחון, פון טיפן גאָט־באַנעם און אייביקן גלויבן פון העכסט דערמאָנענדיקע און מאָנענדיקע טענער, פון זאָגנדיקע און שטאַרק אַרויסרופנדיקע קלאַנגען, וואָס פאָדערן אַרויס די וועלט צו משפט און רעכענונג, און די גאַנצע מענטשהייט צום „יום־הדין״.

ס׳איז באַקאַנט, אַז אַ סך אַוועקגעגאַנגענע וועלט־באַרימטע אידישע קינסטלער, מוזיקער, פּאָעטן, קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע האָבן זיך דערווייטערט פונעם אידישן לעבן און פונעם אידישן גלויבן, האָבן אונטער דעם איינפלוס און ווירקונג פון דער פּרעכטיקער אויסטערלישער כל־נדרי מעלאָדיע געשאַפן זייערע מאָנומענטאַלע ווערק. זיי האָבן דערפילט דעם קאָלעקטיוון אָטעם, וואָס האָט געפונען זיין טיפסטן אויסדרוק אינעם כל נדרי ניגון. יעדער איד טראָגט אים טיף ביי זיך אין האַרצן. די אידישע נשמה פלאַטערט און ציטערט אויף פאַרן מינדסטן קלאַנג זיינעם. ער איז די קרוין פון אַלע אידישע ניגונים!

יעדן יום־כּפור ביינאַכט, ווען מיר הערן זיך צו צו דעם ניגון פון כל־נדרי, שפּירן מיר, אַז אַ נייער לעבן גייט אויף אין אונז, אַז מיר ווערן אויפסניי געבאָרן. שאַרף איינהערנדיק זיך צו אים, ציען מיר אים אַריין אין זיך. ער ווערט אַריינגעגלידערט אין אַלע אונזערע אברים, אַריינגעפילט אין אַלע אונזערע חושים, אַריינגעגליווערט אין אַלע אונזערע בלוטן, אין אונזער גאַנצן לייב־און־לעבן.

אַנטאָן רובינשטיין, וואָס האָט נישט בלויז פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער רוסישער מוזיק, נאָר איז אויך געווען איינער פון די גרעסטע פּיאַניסטן אין זיין צייט און איז געווען דער גרינדער פון דער ערשטער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע אין צאַרישן פּעטערבורג, האָט אונטער דעם איינפלוס און ווירקונג פונעם כל־נדרי ניגון אָנגעהויבן זיך צו פאַרנעמען אין זיין מוזיקאַלישן שאַפן מיט נאַציאָנאַל־אידישע היסטאָרישע און ביבלישע טעמעס.

צו דערמאָנען בלויז זיין ביבלישע אָפּערע „משה", „די מכבייער" און נאָך אַנדערע מוזיקאַלישע שאַפונגען מיט אַ נאַציאָנאַל־אידישן אינהאַלט. אין רובינשטיינס ווערק בכלל וועט איר געפינען זייער אַ סך אידישע מאָטיוון און געזאַנגען.

דער רוסיש־אידישער שרייבער ר. איליש גיט איבער אין זיינע זכרונות וועגן רובינשטיינען די פאָלגנדיקע אינטערעסאַנטע באַמערקונג זיינע וועגן דעם ניגון פון כל־נדרי:

„די תפילה פון כל־נדרי איז מיר תמיד געווען זייער טייער, סיי צוליב איר אויסטערלישן אינהאַלט, וועלכער האָט נישט זעלטן געדינט ווי אַן אויסרייד פון פאַרשיידענע באַשולדיקונגען קעגן די אידן, און סיי צוליב דער וואונדער־שיינער מעלאָדיע, וואָס מ'ווייסט נישט פון וואַנען זי שטאַמט, כאָטש עס איז קיין ספק נישט, אַז זי געהערט צו זייער אַ ווייטן פּעריאָד, ווייל זי האָט נישט איר גלייכן אַפילו צווישן די מוזיקאַלישע שאַפונגען פון די נאָענטסטע דורות.

„דאָס איז עפּעס אייגנאַרטיקס, אָריגינעלס און צוגלייך מיט דעם אויך זייער מעלאַדיש און מוזיקאַליש. עס איז קיין צווייפל נישט, אַז דער שאַפער פון דער דאָזיקער מעלאָדיע, ווער ער זאָל נישט זיין, האָט באַזעסן אויסערגעוויינלעכע מוזיקאַלישע פעאיקייטן מיט אַ גרויסן קאָמפּאָזיטאָרישן טאַלאַנט".

נישט ווייניקער פאַרכאַפּט פונעם פּרעכטיקן כל־נדרי ניגון איז אויך געווען דער גרויסער דייטשיש־אידישער ליריקער היינריך היינע.

עס ווערט דערציילט, אַז היינריך היינע האָט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן זייער שטאַרק געקרענקט. אין אַ שיינעם טאָג איז צו אים געקומען מיט אַ באַזוך דער באַרימטער דייטשיש־אידישער קאָמפּאָזיטאָר פעליקס מענדעלסאָן, וועלכער איז געווען זיינער אַן אינטימער פריינד. היינע איז

געלעגן אַ האַלב־פּאַראַליזירטער אין בעט. ווען ער האָט דערזען אַריינקומען זיין פריינט, האָט ער זיך מיט אים שטאַרק דערפרייט. און נאָך איידער מענדעלסאָן האָט באַוויזן צו געפינען אַ פּלאַץ וואו זיך אַוועקצוזעצן, האָט היינע, כאָטש ער איז שוין געווען ווייט פון אידישקייט, אים צוגערופן און אים געוויזן אין לוח, אַז עס איז היינט יום־כפור, און געבעטן ער זאָל פאַר אים אויסשפּילן דעם פּרעכטיקן כל־נדרי מאָטיוו, וועמעס הימלישע קלאַנגען, קלאַנגען פון געבעט און געוויין, פון פרייד און האָפענונג, פון צער און פּיין, פון גבורה און גלויבן, האָבן ביי היינען אַרויסגערופן די האַרציקסטע און לירישסטע געזאַנגען.

יאָ, דער כל־נדרי־מאָטיוו, וואָס איז דער מאָטיוו פון דורות גאַנצע, קען איטלעכן באַאיינפלוסן און באַווירקן, ער ווירקט אויך אויף פרעמדע, אויף דער נישט־אידישער וועלט...

איך קום איצט צום צווייטן פּייערלעכסטן מאָמענט אינעם יום־כפור׳דיקן דאַווענען — די עבודה.

דער דאָזיקער מאָמענט פון דער עבודה־צערעמאָניע יום־כפור בייטאָג צו מוסף, לעבט אויף פאַר די מתפללים די גאַר אַלטע צייטן פון בית־המקדש, ווען דער כהן־גדול, מיט די בני־אהרן, פלעגן שטיין בעזרה, און דאָס פאָלק פלעגט „צעגיין" פון „פחד". דאָס כורעים פאַלן, דאָס נאָכזינגען פון די מתפללים מיטן חזן דעם ניגון פון דער עבודה, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיינע פאַרשידנאַרטיקע איבערגאַנגען, דערמאָנט אָן דעם לוויים־געזאַנג פון בית־המקדש, אין דעם פראַכטפולן ווייטן עבר...

אין דער צערעמאָניע פון דער עבודה שטעקט אַ גוואַלדיקע שטיק פאָלקס־קונסט אַרומגעזונגען מיט גרויס רעזשיסאָרישער פאַרנעמבאַרקייט. עס איז דאָ אין דעם אַזויפיל פּאָזע, זשעסט, ליניע און קאָליר, סקולפּטאָרישקייט פּלוס מוזיקאַלישקייט, און רעליגיעזן פייער, וואָס רייסט און אימפּאָנירט גאַר שטאַרק. די פייערלעכקייט פונעם געזאַנג פאַרמאָגט אין זיך אַזעלכע פליגלען און דערהויבנדיקע טענער, וואָס פאַרטראָגן אייך ממש אין הימל אַריין...

דער ליכטיקער בייטאָג מיט דער זון, וואָס שטראַלט דורך די גרויסע שול־פענצטער אינעווייניק אַריין, איז אַזוי צוגעפּאַסט צו דעם דאָזיקן מאָמענט און האַרמאָנירט אַזוי שטאַרק מיט דעם גאַנצן געזאַנג, ווי אַ ליכטיקער צווילינג אין פרילינג!

דער חזן, וואָס שטייטביים עמוד, אַרומגערינגלט מיט זיין כאָר, פילט זיך דעמאָלט, ממש ווי אַ כהן־גדול...

און אַצינד קום איך צום דריטן פייערלעכסטן מאָמענט אינעם יום־כפור׳דיקן דאַוונען — נעילה.

ווער קען זיך עס גאָר פאַרמעסטן אָפּצושילדערן די פייערלעכקייט און די הייליקע שטימונג, וואָס עס הערשט אין שול ביים זאָגן נעילה?

נעילה!

אַזויפיל דורות פון מיליאָנען אידן איבער גאָר דער וועלט האָבן אין דער דאָזיקער הייליקער שעה געמישט מיט פייערלעכקייט אַריינגעזיפּצט זייערע תחנונים און בקשות אין די תפילות ביים סוף פונעם יום־כפור׳דיקן מחזור! און דערפאַר לייגט אין זיי דער חזן אַריין אַזויפיל האַרץ און נשמה און פּראוווט אויסטייטשן מיט ניגון יעדן אות!

דער עפּילאָג פון דער גרויסער מענטשלעכער דראַמע, וואָס רופט זיך „יום־הדין״, איז פול מיט לייטערונג און שטייגונג, וואָס קיין שום רעזשיסאָר אין דער וועלט קען עס נישט באַווייזן אויסצופורעמען. גאָר גרויס איז דעמאָלט די שפּאַנונג ביי אַלע מתפללים, אָבער, נאָך פיל גרעסער איז זי ביים חזן וואָס איז מיט לייב־און־לעבן טיף אַריינגעטאָן אין דער ראָלע פון זיין הייליקער שליחות...

אַ וואונדערלעך בילד ביז גאָר!

דער טאָג קערט זיך אָפּ. די זון פאַרגייט. עס פאַלט צו די נאַכט. דורך די קאָלירטע שויבן פון די פענצטער רייסט זיך אַ ציטעריקע בין־השמשות־ליכט, וואָס שלאָגט זיך אָפּ אויף די ווענט פון שול, וועלכע „צעגייען״ זיך ממש און גליען מיט ציטעריקער הייליקייט. איבער די קעפּ פון די מתפללים, וועלכע געפינען זיך אַלע אויף די פיס, שוועבט אַ פאַרכטיקייט. פונעם צעעפנטן אָרון־קודש, פון וועלכן די ספר־תורהס שיינען אַרויס מיט זייערע שימערירנדיקע גאָלד־באַפּוצטע ווייסע זיידענע מענטעלעך, ווי ציטערדיקע וואָרקענדיקע טויבן, ווייעט אַ געטלעכקייט: און אין מיטן פון אָט דעם הייליקן עקסטאַז, הערט זיך אַ קול פונעם חזן: — שערי שמים פתח!

עפן פאַר אונז אויף דיינע טויערן פונעם הימל...

ווי אַ שאַרפער חלף, וואָלט איבערגעשניטן די לופט, אַזוי ווירקט דעם חזנ׳ס אויסגעשריי אויפן גאַנצן עולם, וואָס זעט אויס ווי איין שטיק פייער. דער דיל אונטער די פיס קאָכט און זידט — זינגט!

שוין גלייך פון אָנהויב, ווי נאָר דער חזן הויבט אָן דעם ספּעציעלן גוט־באַרימטן פייערלעכן ניגון מיט וועלכן דער „קדיש" פון נעילה ווערט אויסגעזונגען, ווערן די אָנגעצונדענע הערצער פון די מתפּללים נאָך מער אָנגעצונדן און זייערע געלייטערטע נשמות ציען זיך צום הימל אַרויף, ווי פלאַמיקע זיילן. זייערע קעפּ באַוועגן זיך, ווי ביימער אין אַ וואַלד. און ווי דאָס רוישן פון אַ וואַסער־קוואַל, וואָס קומט פון אַ הויכן באַרג אַראָפּ, אַזוי זשומען זייערע קולות, וועלכע מישן זיך אויס מיטן חזנ׳ס קול, וואָס צעגייט זיך אין לייטערונג, און אין גאָט־דערנענטערונג.

— נבואה שעריך!

לאָז אונז אַריין אין דיינע טויערן, צעזינגט זיך ווידער דער חזן מיטן הייליקן, פייערלעכן נעילה־נוסח. דער קול זיינער ציטערט אי פון גרויס אָנשטרענגונג, אי פון שרעק, טאָמער וועלן זיך די טויערן פונם הימל באַלד פאַרמאַכן און זיין שירה וועט נישט דערגרייכן צום כסא־הכבוד ... דאָס טאָר באין־אופן נישט געשען! ער מוז אָנווענדן אַלע זיינע כוחות אויף צו ברענגען די תפילות אין צייט און צום ריכטיקן פּלאַץ, וואו זיי זאָלן זיך אויסמישן מיט דער שירה פון דער פמליא־של־מעלה...

די תפילות גיסן זיך, סיי ביים חזן און סיי ביי די מתפּללים, פון די הערצער אַרויס מיט געבעט און געוויין, וואָס פאַראייניקט זינט דורות אַלע אידן פונעם ערד־קיילעך. דער לעצטער שיין פון ציטערדיקן בין־השמשות־ליכט פאַרשווינדט פון די ווענט. עס איז נישטאָ מער קיין שפּור פונעם ליכטיקן טאָג. געבליבן איז דאָס עלעקטרישע ליכט, וואָס בליצט און כישופ׳ט דאָס אויג מיט די ווייסע טליתים, איבער וועלכע עס ציטערן שטיל דינע, אויסגעצויגענע שטראַלן, ווי פון דער זון בייטאָג.

דאָס בילד איז אַזוי פאַרכאַפּנדיק שיין, אַזוי צויבערנדיק און ערנסט אַז זי ווערט אַ קוואַל פון נאָך טיפערן גלויבן אין — גאָט! און מיט אים אין — לעבן! ווייל זיי ביידע, גאָט און לעבן, זיינען נישט אָפּצוטיילן איינס פון צווייטן...

—רינתי היום תהא בכתרך קשורה!

מיין געזאַנג זאָל זיין הייַנטיקן טאָג אָנגעקניפּט אין דיין קרוין, בעט זיך רחמימ׳דיק דער חזן ביים רבונו של עולם...

דאָס האַרץ קלאַפּט. פאַר די אויגן — דער אָפענער אָרון־קודש! עס בליאַסקען זוניק די מענטעלעך פון די ספר־תורהס. אינעווייניק, אין אָרון־

קודש, ברענט אַ „נר־תמיד״, ווי אַן עפּל, מיט אַ רויטלעכן שיין, ווי פון אַ שפּיץ־בוים, אויף די ווייסע זיידענע מענטעלעך! ביי די טרעפּ פון ביידע זייטן אַרויפצוגיין צום אָרון־קודש ברענען צוויי גרויסע זילבערנע מנורות! עס איז די לעצטע שעה! קיין סך צייט איז שוין נישט געבליבן! די שעה פון רחמים, פון געבעט קומט צו איר סוף! עס קומט פאַר אַ פּאַרמעסט, אַ לעצטע מינוט אָנשטרענגונג — אַ געראַנגל פון כוחות...

וואָס פאַר אַ צונויפגוס פון ווערטער און קלאַנגען! וואָס פאַר אַ קאָמבינאַציע פון פּאָעזיע און מוזיק!

אָבער כדי עס צו פילן דאַרף מען זיין נישט בלויז אַ פאַרליבטער אין דער אידישער ליטורגיע און אין אידישער נגינה, נאָר מען דאַרף אויך האָבן „גאָט און האַרצן״...

אין לויטערן נעילה־גוסט זינגט און קלינגט אָפּ דאָס געזאַנג פונם חזן, וועלכער קלעטערט ווי אויף אַ לייטער פון איין תפילה צו דער צווייטער — גלוסטנדיק צו פאַרבינדן דעם הימל מיט דער ערד. דערביי ווערן די הערצער פון די מתפּללים דורכגעדרונגען נישט בלויז מיט פּחד און אימה פאַר דעם באַשעפער, נאָר אויך מיט ליבשאַפט און גאַרונג צו אים. פון די אַלטע טראַדיציאָנעלע נוסחאות ווייעט מיט געזאַנג פון דורות, וואָס שטרייכט אונטער די פייערלעכקייט, די דערהויבנקייט און פאַרכטיקייט פונעם הייליקן מאָמענט. סודות׳דיקע און טיף־שווייגנדיקע שטייען די ספר־תורהס אינם אָפענעם אָרון־קודש און הערן זיך צו צו יעדן אייניקן שאָרך און זאַפּן איין אין זיך די פייערלעכע נעילה־קלאַנגען...

די דראַמע, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן מעת־לעת, האָט זיך געענ־דיקט.

יעדער ווייזן אָטעמט מיט דערהויבונג, מיט נשמה לייטערונג, מיט באַגער נאָך פרייען ווילן, נאָך פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נאָך ווילן טאָן בלויז גוטס...

ווי שוין געזאָגט, יום־כפּור איז אַ ביז גאָר שווערער מעת־לעת, אָבער פול מיט לייטערונג און התרוממות!...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, פעב. 15, 1953, נ. י.

# דער זינגער ריכאַרד טאַובער

די צוויי באַליבסטע זינגער אין פאַר־היטלעריסטישן דייטשלאַנד און עסטרייך, סיי אויף דער אָפּערעטען־און קאָנצערט־בינע און סיי אויף דער ראַדיאָ און אויף רעקאָרדס, זיינען געווען די צוויי אידן יאָזעף שמידט און דער נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענער ריכאַרד טאַובער. דער לעצטער איז געווען באַרימט נישט בלויז אין דייטשלאַנד און עסטרייך, נאָר איבער דער גאַנצער וועלט. די דייטשן האָבן טאַובער׳ן גערופן דער „דייטשער קארוזאָ״ און די עסטרייכער האָבן אים גערופן דער „עסטרייכישער דזשאָן מעקאָרמיק״. אָבער דער אמת איז, אַז ער איז געווען ער אַליין — ריכאַרד טאַובער, דער פיינסטער, ראָמאַנטישער, לירישער טענאָר זינגער, וואָס האָט געפאַנגען אַלעמענס הערצער, איבערהויפּט די הערצער פון פרויען. זיין דערפאָלג אַלס זינגער צווישן פרויען איבער גאָר דער וועלט האָט נישט צו זיך קיין גלייכן. ער איז געווען דער „רודאָלף וואַלענטינאָ״ פון דער אָפּערעטע און קאָנצערט־בינע, פון דער ראַדיאָ און רעקאָרדס.

באַזונדערס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן איין ליד זיינס פאַר וועלכן מען וועט אים שטענדיק געדיינקען. דאָס איז „דיין איזט מיין גאַנצעס הערץ״ („מיין האַרץ איז אינגאַנצן דיינס״) פון איינער פון פראַנץ לעהאַר׳ס אָפּערעטעס. ער האָט דאָס ליד געזונגען מער ווי 15 טויזנט מאָל. אין אַמעריקע איז דאָס ליד באַוואוסט אונטערן נאָמען „יורס איז מאַי האַרט עילאָן״ און איז דאָ זייער שטאַרק פּאָפּולער.

ריכאַרד טאַובער איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ זינגער און דאָס וואָס מען רופט אָן אין אַמעריקע אַ „שאָומען״. זיין שטימע איז נישט געווען קיין צו גרויסע, אָבער זי האָט פאַרמאָגט אַ נאַטירלעכע שיינקייט. ער איז געווען אַ מייסטער אין אַרויסברייינגען ניואַנסן, דינקייטן, צאַרטע געפילן, און ער האָט פאַרמאָגט אַ מאַגנעטישע בינע־פערזענלעכקייט, וואָס האָט אַלעמען באַצוואונגען. מ׳פלעגט אים צוגלייכן צו שאַליאַפּינ׳ען און מערי גאַרדען, וועלכע האָבן מיט זייער אַרטיסטישן כוח און בינע־פערזענלעכקייט ווייט אַריבערגעשטיגן אַנדערע זינגער מיט אַ סך גרעסערע שטימען.

אויף זיין לעצטן קאָנצערט דאָ אין קאַרנעגי האָל מיט אַ יאָר צוריק האָט ריכאַרד טאַובער צום טויזנטסטן מאָל באַוויזן וואָס עס הייסט צו זיין אַ

זינגער. עס איז איבעריק גאָר צו זאָגן, אַז דער גאַנצער זאַל איז געווען אויס־פאַרקויפט און מענטשן זיינען אויך געזעסן אויף דער בינע. עס זיינען געקומען אים הערן נישט בלויז אַן עולם מוזיק־ליבהאָבער, נאָר אויך זינגער, מוזיקער, אַרטיסטן פון טעאַטער און אַקטיאָרן פון האָליוואוד. מ׳האָט דאָרט געזען מאַרלין דיטריך און נאָך אַ סך אַנדערע. ריכאַרד טאַובער איז געווען נישט בלויז אַ זינגער, נאָר אויך אַ שול פאַר זינגער. פון זיינעם אַ קאָנצערט האָט מען אַ סך געלערנט. ער איז באמת געווען דאָס, וואָס אַלען דאַונז, דער באַרימטער מוזיק־קריטיקער פון דער „ניו־יאָרק טיימס״, האָט וועגן אים געשריבן, אַז „ער איז געבוירן געוואָרן נישט בלויז מיט אַ שטימע, נאָר מיט אַ ליד אין מויל״.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט טאַובער׳ן זינגען אין בערלין, אין יאָר 1928. דערנאָך האָב איך אים ווידער געהערט מיט צוויי יאָר שפּעטער אין ווין. מען קען זאָגן, אַז אין פאַר־היטלעריסטישן דייטשלאַנד און עסטרייך איז נישט געווען קיין הויז, וואו עס האָט זיך נישט געפונען ריכאַרד טאַובער׳ס רעקאָרדס. און צי דאָס איז געווען אַ קאָנצערט, אַן אָפּערעטע, אַן אָפּערע, וואו ריכאַרד טאַובער איז אויפגעטראָטן, איז שטענדיק געווען איבערגעפּאַקט. מען האָט אים ממש אויף די הענט געטראָגן דאָרט. ווער וואָלט זיך עס דעמאָלט געריכט, אַז די זעלביקע מענטשן וועלן שפּעטער פאַרוואַנדלט ווערן אין בלוט־דאָרשטיקע חיות, אין פּשוט׳ע מערדער און וואַלד־גזלנים, וואָס וועלן אויסמאָרדן מיליאָנען מענטשן, צווישן זיי זעקס מיליאָן אידן? האָט זיך ריכאַרד טאַובער דעמאָלט פאַרגעשטעלט, אַז עס וועט קומען אַ צייט און ער וועט דאַרפן אַנטלויפן אי פון דייטשלאַנד און אי פון עסטרייך קוים מיטן לעבן און זיך ראַטעווען קיין ענגלאַנד? ווען עמיצער זאָגט עס אים דעמאָלט, וואָלט ער זיך אויסגעלאַכט. אַזאַ ליבע צו אַ קינסטלער ווי די דייטשן און עסטרייכער האָבן אַרויסגעוויזן צו ריכאַרד טאַובער׳ן האָב איך נאָך אין ערגעץ נישט באַגעגנט.

איך קען נישט פאַרגעסן די באַגייסטערונג פון מיין בערלינער באַגלייטערן, וואָס איז געגאַנגען מיט מיר צו טאַובער׳ס קאָנצערט, ווען איך האָב בלויז געקענט פון רעקאָרדס. זי איז מיר געווען אַזוי דאַנקבאַר פאַר דעם, אַז זי האָט איינפאַך נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט מיר. עס איז געווען פרילינג־צייט, די לופט האָט געזונגען, געמאַניעט און אויפן האַרצן איז געווען פריילעך. עס איז געווען מיין ערשטע רייזע איבער אייראָפּע. פאַר אַ

יונגן בחור פון 19 יאָר איז עס אַ גוואַלדיקע איבערלעבונג. בערלין איז דעמאָלט נאָך געווען אַ שטאָט, וואו מענטשן האָבן געקענט פריי לעבן און הנאה האָבן. ס׳האָבן דעמאָלט געוואוינט אין בערלין אַ סך אידישע קינסטלער און שרייבער אַריבערגעקומענע פון פוילן און רוסלאַנד. דוד בערגעלסאָן, דניאל טשאַרני, יעקב לעשצינסקי און נאָך אַ סך אַנדערע. אין בערלין האָב איך זיך דעמאָלט אויך באַקאַנט מיט אַלעקסאַנדער גראַנאַך׳ן. ער איז דאָס געווען דער „שדכן" צווישן מיר און מיין באַגלייטערן, וואָס איז געגאַנגען מיט מיר צו טאַובער׳ס קאָנצערט. זי איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר 18־19, אַ שוועסטער פון איינער פון גראַנאַך׳ס געליבטע. מיט עכטער דייטשער העפלעכקייט, און איך וואָלט אויך צוגעגעבן מיט עכטער דייטשער אונטערטעניקייט, האָט זי זיך צו מיר באַצויגן. עפּעס שקלאַפעריש ליגט אין דער נאַטור פון דער דייטשער פרוי, וואָס אַפּעלירט און איז צום האַרצן פון געבוירענעם דייטש, אָבער נישט צו אַ יונגן מענטשן, וואָס קומט פון אַמעריקע . . .

דער זאַל, וואו דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען, איז געווען איבערגע־פּאַקט. מענטשן זיינען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אַ קליינינקייט: דער ליבלינג פון גאַנץ דייטשלאַנד זינגט! איך האָב געקוקט אויף די פּנים׳ער פון די מענטשן, בין אַנגעשטעקט געוואָרן מיט דער באַגייסטערונג, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער לופט. און אָט ווערט פינסטער אין זאַל און טאַובער באַווייזט זיך אויף דער בינע — מאַמעלעך מיינע! ס׳אַראַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן עס האָט אויסגעבראָכן! די ווענט פון זאַל האָבן געקראַכט . . . אַ גאַט קען מען שענער נישט אויפנעמען . . . און ווען ער האָט געעפּענט דאָס מויל און האָט אָנגעהויבן צו זינגען, האָט זיך מיין באַגלייטערן געהאַלטן אין איין הויבן פונעם פּלאַץ. דאָס פּראָגראַם איז באַשטאַנען מערסטנס פון גוט־באַוואוסטע און פּאָפּולערע לידער פון שוביערט, מאָצאַרט, שומאַן, יאָהאַן שטראַוס און אַנדערע. אָבער ווען עס איז געקומען צו לעהאַר׳ס לידער, אויף וואָס דער עולם האָט די גאַנצע צייט געוואָרט און אין וועלכע טאַובער האָט זיך אַמשטאַרקסטן אויסגעצייכנט, און אויך צוליב זייער סענטימענטאַלקייט, איז אַ ציטער אַריבער איבערן גאַנצן זאַל, ווי אַ פייער וואָלט זיך אָנגעצונדן און איטלעכן פאַרברענט. אַזוינס האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געזען. מיין באַגלייטערן איז דערנאָך אַהיים געגאַנגען ממש אַ פאַר׳שיכור׳טע . . .

יאָ, אַ גאָט איז טאַובער געווען ביי דער דייטשער און עסטרייכישער יוגנט. ער האָט זיי פאַר׳שיכור׳ט מיט זיין ווייכער, לירישער שטימע, אויסער־געוויינלעכער טעכניק, און מיט זיין אַריינדרינגען אין דער נשמה פון אַ ליד. ער האָט געגעבן דעם איינדרוק, אַז ער זינגט אָן שום אָנשטרענגונג, לייכט, די טענער גיסן זיך אַליין פון האַלז ווי פּערל, כאַטש נעם און קלייב זיי אויף. ער האָט אויך געגעבן דעם איינדרוק, אַז ערגעץ אין רעזערוו האָט ער נאָך שטימע, אַ סך מער ווי ער גיט. אין דעם איז באַשטאַנען זיין הויפּט כח ווי אַ זינגער. צו קענען באַשאַפן אָט די דאַזיקע אילוזיע ביי אייך, דאַרף מען זיין אַ געבוירענער קינסטלער פון זעלטענעם קאַליבער. ער איז נישט אַרויס־געגאַנגען זינגען אויף גאָט׳ס באַראָט. יעדע פראַזע איז ביי אים געווען אויסגערעכנט, געוואויגן און געמאָסטן; יעדער עפעקט איז געווען גוט פאַרזיכטיק אויסגעפּלאַנירט מיט אינזשינערישער גענויקייט. אָבער ווען ער האָט געזונגען, האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז אַלץ וואָס ער טוט קומט ביי אים ספּאָנטאַן — די פראַזירונג, דער קנייטש, דער ניואַנס, דער בויג, דער קאָליר פון טאָן, די שטימונג, אַז אַלץ ווערט פון אים באַשאַפן זייענדיק אויף דער בינע. און ווי אַנדערש יעדעס ליד האָט ביי אים געקלונגען ! ס׳אַראַ טיפע איבערלעבונג און ציטער פון געפיל; עס האָט זיך אייך אויסגעוויזן, אַז ער נוצט צופיל „טריקס״, אָבער איר האָט אים געמוזט פאַרגעבן, ווייל ער איז געווען אַ זינגער בחסד עליון...

אין עלטער פון בלויז זעכצן יאָר, האָט ער שוין דיריגירט אַן אָרקעסטער. ער איז געווען נישט בלויז אַ זינגער, נאָר אויך אַ דיריגענט און אַ קאָמפּאָזיטאָר. אין מלחמה־צייט, ווען ער האָט זיך געפונען אין ענגלאַנד, האָט ער אין לאָנדאָן דיריגירט אַן אָפּערעטע „די פריילעכע ראָזאַלינדאַ״, און האָט אויך דיריגירט מיטן לאָנדאָנער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער. ער איז געווען אַ באַגאַבטער מוזיקער און האָט אָנגעשריבן עטלעכע ווערטפולע קאָמפּאָזיציעס און לידער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין אייניקע פילמס און האָט אַליין פאַרפאַסט אַן אָפּערעטע, וואָס ער האָט לעצטנס אויפגעפירט איבער גאַנץ ענגלאַנד.

ריכאַרד טאַובער איז געבוירן געוואָרן אין לינץ, עסטרייך. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ מוזיקער. זיין „דעביוט״ האָט ער געמאַכט אין מאָצאַרט׳ס באַרימטער אָפּערע „די צויבער־פלייט״. ער האָט דערנאָך געזונגען אין די גרעסטע אָפּערע הייזער פון דייטשלאַנד און עסטרייך:

דרעזדען, בערלין, וויען, זאַלצבורג. שפּעטער האָט ער אײנגאַנצן זיך געווידמעט צו אָפּערעטעס, דער קאָנצערט־בינע און דעם פילם. זיין גרעסטן דערפאָלג האָט ער געהאַט אין פראַנץ לעהאַר׳ס אָפּערעטעס. די מוזיק אָפּערעטעס האָבן אים געמאַכט אַ שם איבער דער גאַנצער וועלט.

ווען היטלער איז אין 1933 געקומען צו דער מאַכט, האָט ער פאַרלאָזן דייטשלאַנד און האָט זיך באַזעצט אין ענגלאַנד. נאָך צוויי יאָר אָפּזיין אין ענגלאַנד איז ער געוואָרן אַן ענגלישער בירגער. זיין לעצטער קאָנצערט דאָ מיט אַ יאָר צוריק, האָט איבערגעלאָזן אַ טיפן רושם. צו עטלעכע און פופציק יאָר האָט זיין שטימע נאָך געקלונגען פונקט ווי איך האָב אים געהערט אין בערלין. זיין פּלוצומדיקער טויט (ער איז אַלט געווען 55 יאָר) האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער, ספּעציעל אין די מוזיקאַלישע קרייזן, ווייל אַזעלכע זינגער ווי ריכאַרד טאַובער ווערן נישט געבוירן יעדן טאָג...

„דער טאָג״, אַפּריל 10, 1948, נ. י.

# פריץ ריינער — דער נייער דיריגענט פון מעטראָפּאָליטן

פריץ ריינער, דער נייער אידישער דיריגענט פון מעטראָפּאָליטן אָפּערא הויז, איז נישט קיין פּנים חדשות אין אַמעריקע. ער האָט דאָ אָנגעפירט מיט די גרעסטע סימפאָנישע אָרקעסטערס אין לאַנד. אָבער זיין אַריינקומען אין מעטראָפּאָליטן אָפּערא הויז, האָט אין די מוזיקאַ־לישע קרייזן פון אַמעריקע אַרויסגערופן גרויס צופרידנקייט. זעלטן אַז אַ דיריגענט זאָל זיין אָנגעמאָסטן אַזוי פאַר דער מעטראָפּאָליטן, ווי פריץ ריינער. זיין פּלאַץ האָט שוין פון לאַנג געדאַרפט זיין דאָרט. ווינציק אָפּערע־דיריגענטן ווי פריץ ריינער זיינען פאַראַן אין אַמעריקע און אויף דער וועלט בכלל.

עס איז נישט גרינג צו דיריגירן אַ סימפאָנישן אָרקעסטער, אָבער נאָך אַ סך שווערער איז צו דיריגירן אַן אָפּערע. דאָס איז אַ מתנה, וואָס נישט יעדער דיריגענט, מעג ער זיין דער גרעסטער, פאַרמאָגט. דאָס איז אַ

באַזונדערע ברכה פון גאָט — און פריץ ריינ:ער איז איינער פון די ווינציקע דיריגענטן, וואָס זיינען געבענטשט מיט איר.

אָפּערע איז שוין אַן אַלטע, איינגעפונדעוועטע קונסט און ביז גאַר אַ וויכטיקער בוים. די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס האָבן זיך מיט דעם דאָזיקן צווייג פאַרנומען. אַנדערע האָבן זייער גאַנצן מוזיקאַלישן טאַלאַנט אים אָוועקגעשיינקט. זיי האָבן קיין אַנדער זאַך ווי דאָס נישט געשאַפן. די אָפּערע־ליטעראַטור איז אַ רייכע און ביז גאַר אַ קאַלירפולע. זי איז פאַר־שידן אין פאָרם און אין אינהאַלט. זי האָט פון דער צייט וואָס זי איז געבאָרן געוואָרן, דורכגעמאַכט פאַרשידענע עוואָלוציעס און רעוואָלוציעס. פאַרשידענע עפּאָכעס שפּיגלען זיך אין איר אָפּ. מ׳דאַרף האָבן אַ ספּעציעלן חוש אויף צו קענען ווערן דער אויסטייטשער פון דעם דאָזיקן וואונדער־לעכן צווייג אין דער מוזיקאַלישער קונסט.

פריץ ריינער האָט צוערשט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אין דער אָפּערע. ער איז אַלט געווען בלויז אַכצן יאָר, ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל אָוועקגעשטעלט דיריגירן די אָפּערע „קאַרמען״ אין דער בודאַפּעסטער אָפּערע. דער עקזאַמען איז געווען אַ שווערער און אַ פּלוצלונגדיקער, ער איז געקומען אומגעריכט צוליב דער קראַנקהייט פונעם שטענדיקן דיריגענט, אָבער ער איז אַרויס אַ זיגער. ער האָט מנצח געווען מיטן ערשטן אויפטריט. גאַנץ בודאַפּעסט האָט גערעדט דערפון. אַזאַ טריאומף פון אַ יונגן דיריגענט, האָט זיך קיינער אין דער אונגאַרישער הויפּט־שטאָט נישט פאָרגעשטעלט!

און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז געקומען נאָך אַ גרעסערע איבעראַשונג. אין עלטער פון פינף־און־צוואַנציק יאָר, איז ריינער פאַרבעטן געוואָרן צו ווערן דער דיריגענט פון דער קעניגלעכער אָפּערע אין דרעזדן, דייטשלאַנד. די דאָזיקע נייעס האָט אַרויסגערופן אַן אמת׳ע סענסאַציע איבער גאַנץ אייראָפּע :׳י צוליב דעם, וואָס אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן זיינען פריער געשטאַנען די קאָריפעיען פון דער דייטשער מוזיק, ווי: וועבער, וואַגנער, און אי צוליב ריינער׳ס יוגנטלעכקייט און אויך וואָס ער איז אַן אויסלענדער און נאָך דערצו אַ איד. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַלעמאָל טיף געוואָרצלט אין דייטשלאַנד, אפילו דעמאָלט ווען שיער נישט די גאַנצע וועלט איז געווען פאַר׳שיכור׳ט פון איר קולטור...

אַכט יאָר איז ריינער געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן אין דרעזדן. אין יאָר

1922, האָט ער דערפילט אַ שווערע שטיקנדיקע לופט אַרום זיך און ער האָט פאַרלאָזט דייטשלאַנד. נאָך אייניקע קורצע באַזוכן אין פאַרשידענע שטעט פון איידאָפּע, וואו ער איז אויפגעטראָטן אַלס גאַסט־דיריגענט מיט סימ־פאָנישע אָרקעסטערס און אָפּערע קאָמפּאַניעס, האָט ער באַקומען אַן איינלאַדונג פון אַמעריקע צו ווערן דער דיריגענט פון דעם סינסינעטי׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער. דעם טאָג וואָס ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, וועט ער אייביק בענטשן. דאָ האָט ער נישט בלויז פרייער אָפּגעאָטעמט, נאָר ער האָט אויך געקראָגן די מעגלעכקייט אויף אַרויסצואווייזן זיין פולן טאַלאַנט און זיין גאַנצן מוזיקאַלישן וויסן.

ניין יאָר איז ריינער געווען פאַרבונדן מיטן סינסינעטי׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער. זיין נאָמען איז שנעל באַקאַנט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד. עס האָט לאַנג נישט געדאַרפט געדויערן, אַז ער זאָל פאַרנעמען אַ פּלאַץ צווישן די אָנגעזעענסטע דיריגענטן פון אַמעריקע. זיינע גאַסט־אויפטריטן דאָ, אַ חוץ דעם סינסינעטי׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער, מיט פאַרשידענע סימפאָ־נישע אָרקעסטערס, האָבן אומעטום אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג. זיין שטיין אויפן „פּאָדיום" דריקט שטענדיק אויס אַזויפיל זיכערקייט אין דער אַרבעט, אַזאַ קלאָרע אַריינדרינגונג אין יעדן ווערק, וואָס פאַרכאַפּט נישט בלויז דעם פּשוט׳ן צוהערער, נאָר אויך דעם מבין און מוזיק־קענער.

נאָך סינסינעטי, איז ריינער געוואָרן דער דיריגענט פונעם פּיטסבורג׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער. גאַנצע צען יאָר איז ער דאָרט אָפּגעשטאַנען. ער האָט דעם פּיטסבורג׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער דערהויבן צו איינעם פון די פיינסטע אין לאַנד. ווער פון די גרויסע דיריגענטן עס איז דאָרט אויפ־געטראָטן אַלס גאַסט, האָט דערנאָך זיך אויסגעדריקט, אַז די שפּילערס פון דעם פּיטסבורג׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער, קענען זיך צוגלייכן מיט די פון די באַרימסטע סימפאָנישע אָרקעסטערס אין אַמעריקע.

אויפן פּיטסבורג׳ער סימפאָנישן אָרקעסטער זאָגט מען דאָס זעלביקע, וואָס עס ווערט געזאָגט אויפן פילאַדעלפיער, באָסטאָנער און ניו־יאָרקער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, אַז ער זינגט.

ווי אַן אָפּעראַ־דיריגענט האָט ריינער צוערשט אין אַמעריקע באַוויזן זיין מייסטערשאַפט אין פילאַדעלפיע, וואו ער האָט אין משך פון צוויי סעזאָנען דיריגירט אַזעלכע באַרימטע אָפּערעס, ווי: „טריסטאַן", „דער ראָזענ־קאַוואַליער", די „מייסטער־זינגער", „פאַלסטאַף", „פיגאַראָ׳ס חתונה", און

נאָך אַנדערע, מיט אַ טרופּע פון באַרימטע זינגערס צוזאַמען מיט דעם באַרימטן פילאַדעלפיער סימפאָנישן אָרקעסטער. דאָס האָט ריינער׳ן אויפגעהויבן אַזוי הויך, וואָס זייער ווינציק דיריגענטן פון אָפּערע קענען זיך דערמיט באַרימען.

זינט דעמאָלט האָט די פאַרוואַלטונג פון מעטראָפּאָליטן אָפּערע הויז אין ניו יאָרק נישט אויפגעהערט צו טראַכטן פון אַנגאַזשירען ריינער׳ן אַלס דיריגענט פאַרן גרעסטן מוזיק־טעמפּל פון אָפּערע אין דער וועלט. אָבער עס איז געווען שווער אַריינצובאַקומען אים. אַזוי גיך אָבער ווי מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ער האָט רעזיגנירט פון זיין פּאָסטן אין פּיטסבורג, האָט עדוואַרד דזשאָנסאָן, דער גענעראַל־פאַרוואַלטער פון מעטראָפּאָליטן אָפּערע הויז, נישט פאַרלוירן קיין צייט און ס׳איז געשלאָסן געוואָרן דער „שידוך״. צווישן די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס וועט צוגעשריבן ווערן דזשאָנסאָנ׳ען, וועט אויך אָט דער אויפטו זיינער דערמאָנט ווערן מיט גרויס אָנערקענונג. קיין בעסערן אויסוואַל, ווי אָנצושטעלן ריינער׳ן, האָט ער גאַרנישט געקענט מאַכן. דאָס איז אַ דערגרייכונג פון ערשטן גראַד. דער פּרעסטיזש צו האָבן ריינער׳ן אַלס דיריגענט אין מעטראָפּאָליטן אָפּערע הויז, איז פון אַ ספּעציעלער פּריווילעגיע.

פריץ ריינער איז פון די געציילטע באַרימטע דיריגענטן, וואָס גלויבט זייער שטאַרק אין דער אָפּערע־קונסט. אָפּערע איז אַ סך גרינגער צו פאַרשטיין ווי סימפאָנישע מוזיק, ווייל עס איז טעאַטער. אָפּערע איז דער טויער צו דער מוזיקאַלישער וועלט. פון אָפּערע קען מען אויך אַ סך לערנען, נישט קוקנדיק דערויף וואָס אַ סך האַלטן די דאָזיקע קונסט שוין פאַר אַן אָפּגעלעבטע. אָפּערע וועט מיט דער צייט ווערן נאָך מער באַליבט, ווי איצטער. די צאָל באַזוכער פון אָפּערע וועט מיט יאָרן וואַקסן און גרעסער ווערן.

פריץ ריינער איז טיף אין דעם איבערצייגט. ווייל ער האַלט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין בעסערע זאַך פון דראַמע מיט מוזיק, פון קאָמעדיע מיט מוזיק און פון מוזיקאַלישע ספּעקטאַקלען. דער עולם גאַרט נאָך אַזעלכע פאָרשטעלונגען.

פערציק יאָר פון זיינע זעכציק יאָר לעבן האָט פריץ ריינער אָפּגעגעבן דער מוזיק, ער איז אויסגעבונדן מיט אַלע אירע פאַזען און קנייטשן. פון קליינערהייט־אָן האָט ער געפילט אַ תשוקה צו מוזיק. ער איז געבוירן

געוואָרן אין בודאַפּעסט און דער טאַטע זיינער, אַ געשעפטסמאַן, האָט געהאָפט, אַז דער זון זיינער וועט אויסוואַקסן אַן אַדוואָקאַט, אָבער דער גורל האָט געוואָלט עפּעס אַנדערש — און ער האָט אויסגעפירט. כדי אָבער צופרידן צו שטעלן דעם טאַטן זיינעם, האָט פריץ געלערנט ביידע זאַכן. פאַרשטייט זיך, אַז זיין האַרץ און נשמה איז געלעגן אין דער קאָנסער־וואַטאָריע. דאָרט האָט ער געפילט זיין צוקונפט און די האָפענונג אויף צו ווערן אַ באַרימטער מוזיקער.

„דער טאָג״, פעב. 19, 1949, נ. י.

# שאָפּען — דער זינגעוודיקער קאָמפּאָזיטאָר

## געווידמעט דעם אָנדענק פון פלאָרענס קאָלמאַן

דאָס וואָס מאָצאַרט איז פאַר דער גרויסער סימפאָנישער ליטעראַטור, איז שאָפּען פאַר דער נאָך פיל גרעסערער פּיאַנאָ ליטעראַטור.

און פּונקט ווי מאָצאַרט, האָט אויך שאָפּען געוואוסט פונעם סוד, ווי אַזוי צו מאַכן זיין מוזיק נישט בלויז פאַר אַ קלינגעוודיקער, נאָר אויך פאַר אַ זינגעוודיקער.

שאָפּען, ווי מאָצאַרט, האָט זיך נישט פאַרמאָסטן אין זיין מוזיק אויף קיין שום אַנדער זאַך, ווי בלויז אונז צו געבן דאָס האַרץ און די נשמה פונעם מענטשן.

ביידע האָבן זייער ציל פולשטענדיק דערגרייכט.

די וועלט פייערט איצט דעם הונדערט־יעריקן יאָרצייט פון פרעדעריק שאָפּען, פוילנס נאַציאָנאַלן מוזיקאַלישן זשעני און איינער, וואָס האָט דער מוטער פון אינסטרומענטן — די פּיאַנאָ — געווידמעט זיין גאַנצן שאַפונגס־טאַלאַנט, אַחוץ זיין טאַלאַנט אַלס ווירטואָז פונעם דאָזיקן אינסטרומענט.

עס טרעפט זעלטן, אַז אַ פּיאַנאָ־קאָנצערט זאָל דורכגיין אָן שאָפּען׳ס אַ קאָמפּאָזיציע. איך האַלט, אַז אַ פּיאַניסט, וואָס דערלויבט זיך אַזוינס, מוז עפּעס פעלן אין זיין נשמה.

פרעדעריק שאָפּען׳ס „קליינע״ זאַכעלעך: נאָקטורנס, עטיודן, פּרעליודן,

קראַקאָוויאַקן, פּאָלאָנעזן, מאַזורקעס, ראָנדאָס, באַלאַדן און נאָך און נאָך, שפּיגלען אָפּ אַלע קאָלירן און פאַרבן פון אַ ווינקל פון דער וועלט, וואָס איז דורכאויס אייגנאַרטיק און נישט צו פאַרבייטן אויף קיין שום אַנדער טייל פון דער וועלט.

ווער נאָך האָט באַוויזן צו מאָלן פאַר דער וועלט די פּוילישע קאָקעטישקייט, ווייכקייט און פאַר׳חלומ׳טקייט, ווי שאָפּען ? ווער נאָך האָט באַוויזן איבערצוגעבן דער וועלט דאָס פּוילישע האַרץ מיט דער נשמה, ווי שאָפּען ? פון וועמעס נאָך שאַפונגען פילט די וועלט אַרויס דעם פּוילישן געמיט אין אַלע זיינע פאַזן, ווי פון שאָפּענ׳ען ?

אַ געמיש פון פויערשן רייץ און פריצישער עלעגאַנטקייט; פון געזונטן ערדישן באַגער און געאיידלטער ראָמאַנטישקייט; פון שווערן פּויערשן וואָגן און לייכטן פאַיעטאָן מיט גומענע רעדער; פון אויסגענייטן שיקסע־קליידל און אויסגעפּוצטער באַרישניע מיטן ווייסן זאָנטיק: דער גאַנצער חן און קאָליר, צער און ווייטאָק, פרייד און געלעכטער, יאָך און שטאָלץ, קאַמף און באַזיגטקייט, קיום און דראַנג פונעם פּוילישן פאָלק — שיינט רעגנבויגנדיק אַרויס פון די קלאַנגען פון שאָפּענ׳ס מוזיק.

ווען שאָפּען האָט פאַרלאָזן זיין היים און זיין געבורט־לאַנד מיט דער כוונה אַרויסצוגיין אין דער ברייטער וועלט אַריין, וואוהין ער האָט געהערט, האָט ער מיטגענומען מיט זיך אַ פלעשל מיט פּוילישער ערד. דורך דער ווירקונג פון דער פּוילישער ערד, איז ער אַרויסגעקומען מיט גאַנץ אָריגינעלע שאַפונגען, וועמעס טענער מ׳האָט קיינמאָל פריער נישט געהערט.

שאָפּען איז אָבער געקומען נישט בלויז מיט אייגענע געפילן און געדאַנקען ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט גלייך פאַרכאַפּט די פּאַריזער קונסט־וועלט און די קונסט־וועלט בכלל; און נישט בלויז ווי אַ גרויסער פּיאַנאָ־ווירטואָז, וועלכער האָט אַלעמען שטאַרק אימפּאָנירט און באַגייסטערט, נאָר אויך ווי אַ מענטש, וואָס האָט מיט זיין מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט אַלעמען פאַר׳כישופ׳ט.

גאָר אַנדערש האָבן געקלונגען שאָפּענ׳ס קאָמפּאָזיציעס פאַר פּיאַנאָ ווי די, וואָס מ׳האָט אין יענער צייט געהערט שפּילן. די נייקייט, די פרישקייט און די אָרגינאַליטעט, האָט אַ ווייע געטאָן אין פּנים אַריין, ווי פרישע פרילינג־ווינטעלעך, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך וואונדערלעכע מיאַטנע

זאַפּטן. ער האָט מיט זיינע שאַפונגען אַן איינציקן אינסטרומענט געמאַכט צו רעדן פּיל־שטימיק.

פּונקט אויך אַזוי איז געווען זיין שפּילן, וואָס האָט גערעט צום האַרצן און צו דער נשמה. עס האָט זיך געפילט אַ וואַרעמקייט, אַ הייסע ליידנשאַפט און אַ אינטימע פאַרבינדונג צווישן אים מיטן אינסטרומענט, וואָס איז ווי פאַר אים באַשאַפן געוואָרן.

דער אַראָמאַט פון דער פּוילישער ערד, פּוילישע לאַנדשאַפטן, וועלדער, פעלדער, טייכן, אַזיערעס, האָט סיי דורך שאָפּען׳ס אָריגינעלע קאָמפּאָזיציעס און סיי דורך זיין וואונדערלעכן שפּילן, זיך פעדערדיק צעטראָגן איבערן גאַנצן ערד־קויל. דער נאָמען שאָפּען האָט אָפּגעקלונגען ווייט און ברייט.

און היינט, פּונקט ווען מ׳לערנט חומש, קען מען זיך נישט באַגיין אָן „בראשית״, אַזוי קען זיך אַ סטודענט פון פּיאַנאָ נישט באַגיין אָן שאָפּען׳ען.

פאַרשטייט זיך, עס האָבן קיינמאָל נישט געפעלט און עס פעלן אויך נישט איצט קיין מענטשן, וואָס דרייען מיט דער נאָז אויף שאָפּען׳ען. עס געפעלט זיי נישט, וואָס ער איז צו צאַרט, צו זיס, צו סענטימענטאַל און צו פאַר׳חלומ׳ט.

אָבער גראָד אָט־די אַלע זאַכן גיבן צו זיין מוזיק אַ באַזונדערן טעם, וואָס וועט אייביק לעבן, אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט עקזיסטירן.

שאָפּען איז איינער פון די שענסטע לירישסטע קאָמפּאָזיטאָרס אין דער געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער מוזיק. ער צייכנט זיך אויס מיט דער אינטענסיווקייט פון זיין לירישער עקספּרעסיע אויפן זעלביקן שטייגער, ווי זיין באַליבטסטער קאָמפּאָזיטאָר מאָצאַרט, וועמעס „רעקוויעם״ ער האָט אָנגעזאָגט אַז מ׳זאָל שפּילן אויף זיין לויה.

ביז איצט האָב איך דאָ גערעדט וועגן דער פרייידיקער זייט פונעם לעבן פון געניאַלן קאָמפּאָזיטאָר. כ׳וועל איצט זיך, אין קורצן, אָפּשטעלן אויף דער טראַגישער זייט פון זיין לעבן — פון זיין קראַנקהייט און ליבעס.

אַ טיפער טרויער האָט אַרומגעכאַפּט דער גאַרער וועלט, ווען שאָפּען איז געשטאָרבן. וואָרום ער איז געווען אַזוי יונג — 39 יאָר! שוין צו 17 יאָר האָבן זיך ביי אים באַוויזן די ערשטע סימנים פון זיין קראַנקהייט — שווינדזוכט. אָבער זיין גייסט איז דורך דעם נישט געבראָכן געוואָרן. ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין איינגעבאָרענעם לוסט צו לעבן, צו שאַפן און צו ליבן,

ביזן לעצטן טאָג. יעדע ליבע האָט אים געבראַכט נייע איבערלעבונגען, נייע געפילן און — נייע אַנטוישונגען. זיינע שאָפּונגען זיינען פול מיט טיפע אַקצענטן פון ליבעס־באַגער און ליבעס־טרוימען. די סאַמע קאָמפּלי־צירטסטע ליבע, וואָס שאָפּען האָט געפּירט, איז געווען מיט דער באַרימטער פראַנצויזישער ראָמאַנען שרייבערן, זשאָרזש סאַנד. די דאָזיקע ליבע האָט אָנגעהאַלטן אַכט יאָר.

צוויי פּאַסירונגען, וואָס האָבן זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף שאָפּען׳ס שוואַכן געזונט־צושטאַנד, זיינען געווען — איינע, די ידיעה אַז זיין טאַטע איז געשטאָרבן, און די צווייטע, דער איבערברוך וואָס איז פאָר־געקומען אין דער ליבע צווישן אים מיט זשאָרזש סאַנד. ער איז שוין דעמאָלט געווען גוט קראַנק און זיין סוף האָט זיך געהאַלטן אין דער־נענטערן.

וועגן דער ליבע פון שאָפּען׳ען מיט זשאָרזש סאַנד האָט מען זייער אַ סך געשריבן. זי איז אויך געווען דער געשפּרעך נישט בלויז פון דער פּאַריזער קונסט־וועלט, נאָר פון דער קונסט־וועלט בכלל. מ׳האָט זיך געהאַלטן אין איין וואונדערן, ווי אַזוי די דאָזיקע פולשטענדיק־קעגנגעזעצטע כאַראַק־טערס האָבן זיך געקענט פאַרליבן ? עס האָט געהייסן, אַז צוויי באַזונדערע וועלטן האָבן זיך באַגעגנט — איינער דער היפּוך פון דער צווייטער.

שאָפּען איז, פונדעסטוועגן, נאָך אָט־די צוויי פאַלן, אַרויסגעטראָטן אויף קאָנצערטן אין פּאַריז און אין ענגלאַנד, אָבער דער טויט האָט שוין געלויערט הינטער זיינע פּלייצעס. דעם 17־טן אָקטאָבער, 1849, איז שאָפּען געשטאָרבן. די גאַנצע וועלט האָט באַוויינט דעם געניאַלן, זינגעוודיקן קאָמפּאָזיטאָר, וואָס וועט אייביק לעבן און וועמעס הונדערטסטער יאָרצייט עס וועט געפייערט ווערן אין לויף פונעם גאַנצן יאָר.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט“, נאָוו. 11, 1949, נ. י.

# אידיט פּיאַף — די פּאַריזער זינגערן

**חנה׳לען**

פאַר אַ נייעם אַרטיסט, פון יעדן מין, איינצובייסן ניו־יאָרק, איז נישט קיין גרינגע זאַך. אויף יעדן געביט טרעפט מען דאָ די סאַמע בעסטע און ערשט־קלאַסישע קינסטלער. און קומט אַ נייער פּנים, אַ זינגער, אַ שפּילער, אַן אַקטיאָר, אַ טענצער, וואָס ער זאָל נישט זיין, מוז עס זיין גאָר אַזוינס און אַזעלכס. היינט ווען איינער קומט קיין ניו יאָרק און רופט אַרויס אַ פוראָר, אַ סענסאַציע מיטן ערשטן אויפטריט נישט בלויז ביים אַלגעמיינער עולם, נאָר אויך ביי די קריטיקער, מיינט עס גאַנץ פּשוט, אַז דער באַטרעפנ־דיקער קינסטלער, איז פּרימאַ שב׳פּרימאַ.

אידיט פּיאַף, די געוועזענע פּאַריזער גאַסן־זינגערין, האָט מיט איר ערשטן אויפטריט אין ניו־יאָרק באַוויזן די דאָזיקע קונסט! איר ערשטער אַרויסטריט אויף דער בינע פונעם היגן „פּלעיהאָוז טעאַטער״ האָט אַרויס־גערופן אַזאַ סענסאַציע, וואָס האָט זיך צעקלונגען איבערן גאַנצן לאַנד. פון אומעטום האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אָנבאָטן מיט אויפטריטן. פון טעאַטערס, פון נאַכט־קלובן, פון וואָדעוויל־הייזער און קאָנצערט־זאַלן. אַזאַ „בהלה״ אויף אַ זינגערן, האָט ניו־יאָרק שוין לאַנג נישט איבערגעלעבט.

אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט אידיט פּיאַפּ׳ס כוח? וואו ליגט איר דערפאָלג? פאַרוואָס נעמט זי אַזוי שטאַרק אויס ביים עולם? איז עס איר שטימע? אָדער איר אופן פון זינגען? צי וואָס זי זינגט?

איך האָב איר געהערט צוויי מאָל און זי איז מיר ביידע מאָל געפעלן געוואָרן.

אידיט פּיאַף איז אַ זינגערן אָן אַ שטימע, אָבער אַ זינגערן! יעדער אבר, זינגט אין איר. עס זינגט אַ האַרץ, וואָס קען מאַכן אַ שטיין צום וויינען. פון וואַנען עס נעמט זיך צו איין מענטשן אַזויפיל געפילן, הויב איך נישט אָן צו וויסן. זי צעגייט זיך ממש פון געפילן, ווי די אַמאָליקע „בעלי־תפילות״ אין די קליינע שטעטלעך פון אוקראַינע און פוילן. עס איז נישט קיין געזאַנג, עס איז מער גערעדט ווי געזונגען, אָבער אַ ריידן, וואָס זינגט און זינגט זיך אַריין גלייך אין האַרצן צו אייך. אַמאָל דאַכט זיך אייך, אַז זי זינגט אינגאַנצן נישט, נאָר זי שעפּטשעט אָדער שרייט אויס עפּעס אַ טיפן ווייטיק, אַ באַהאַל־

טענעם צער, אַ געוויסע דערשלאָגנקייט, אָבער עס איז פּאַרט מוזיק. אַזוי האָט געמוזט זינגען דער פּרימיטיווער מענטש, און אַזוי מוז אויך זינגען אַ מענטש, וואָס האָט אין זיינע יונגע יאָרן און טעג אַ סך געליטן, אַ סך איבערגעלעבט און איז דורכגעגאַנגען דעם גהינום אויף דער וועלט...

די לידער און באַלאַדן, וואָס אידיט פּיאַף זינגט, זיינען נישט פון געוויינלעכן סאָרט. זיי דערציילן פון שווערע איבערלעבונגען, פּראָטעסט, ליידן, אַנטוישונג, הונגער, נויט, אָרעמקייט, ליבע, ליידנשאַפט און בענק־שאַפט. און ווי פּרעכטיק די דאָזיקע גאַמע פון מענטשלעכע געפילן און איבערלעבונגען ווערט פון איר אויסגעטייטשט אין מאָלערישע טענער! ס'אַראַ ניואַנסן זי פאַרמאָגט! און ווי שנעל זי באַווייזט עס איבערצוגיין פון איין שטימונג אין דער אַנדערער, פון איין גוסט צום צווייטן! יעדער ליד, יעדער באַלאַדע — אַ בילד! ווערטער און טענער העפטן זיך אַרויס אין פיגורן, אין געשטאַלטן און — אַך, ווי זיי רעדן!

אידיט פּיאַף איז אַ געוועזענע גאַסן־זינגערן. זי האָט זיך דערצויגן אויף די גאַסן פון פּאַריז. און וואָס אַ גאַסן־זינגערן אָדער גאַסן־זינגער גייט דורך, דאַרף מען קיינעם נישט דערציילן. און ביז מען ווערט אַ גאַסן־זינגער אָדער גאַסן־זינגערן, לעקט מען אויך נישט קיין „האָניק". פּאַר וואָוילטאָג לאָזט מען זיך נישט אויף די גאַסן זינגען. עס איז די ביטערע נויט וואָס טרייבט אַ דערוואַקסענעם מענטשן און אַמאָל אויך אַ יונגן קינד אויף דער גאַס אַרויס צו נעמען זיך זינגען...

אידיט פּיאַף האָט אַזוי לאַנג געזונגען אויף די גאַסן פון פּאַריז, ביז מען האָט איר דערהערט און מ'האָט איר געבראַכט צום ערשטן מאָל אויפצו־טרעטן פאַר אַן עולם אין אַ פּאַריזער נאַכט־קלוב. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ פּשוט'ן סוועטער מיט אַ צעקנייטשטער קליידל און די האָר נישט פאַרקעמט. דער עולם האָט געקוקט אויף איר פּנים מיט די שאַרפע שטריכן, גרויסע שוואַרצע אויגן און געדיכטן קאָפּ האָר, מ'האָט געוואַרט: וואָס וועט די גאַסן־זינגערן אַזוינס טאָן? נאָכדעם אָבער ווי זי האָט אָפּגעזונגען דאָס ערשטע ליד, האָט דער גאַנצער עולם ממש געגאַפט. פון דער בינע האָט איר זינגען געקלונגען אינגאַנצן אַנדערש. גלייך ווי קיינער פונעם פּאַריזער עולם וואָלט פריער קיינמאָל איר נישט געהערט. איר דערשיינונג אויף דער בינע איז געווען פאַרן עולם אַן אמת'ע אַנטפּלעקונג.

די נייעס וועגן אידיט פּיאַף'ס זינגען אינעם נאַכט־קלוב האָט זיך שנעל

צעטראָגן איבער גאַנץ פּאַריז. עס זיינען געקומען הערן איר נישט בלויז דער אַלגעמיינער עולם, נאָר אויך קינסטלער, שרייבער, מוזיקער, זינגער און אַרטיסטן פון דער טעאַטער־און פילם־וועלט. איר נאָמען איז געגאַנגען פון מויל צו מויל און מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן איר פּאָפּולאַריטעט. מען האָט גענומען ריידן פון איר, ווי אַ שטערן וואָלט זיך באַוויזן אין מיטן העלן טאָג. דיכטער און מוזיקער האָבן גענומען פאַרפאַסן ספּעציעלע לידער פאַר איר. „דאָס קינד פּיאַף", האָבן די פראַנצויזן גענומען איר רופן, ווייל זי איז קליין געוואַקסן און דין ווי אַ ברעטל.

פון די בינעס אין פאַרשידענע נאַכט־קלובן און קאָנצערט־זאַלן איבער פאַרשידענע טיילן פונעם לאַנד, איז אידיט פּיאַף דערנאָך אַנגעקומען אין די פראַנצויזישע פילמען און עס האָבן זיך אויך באַוויזן אירע ערשטע פּלאַסטינקעס, וואָס דער עולם האָט געכאַפּט ווי „מצה־וואַסער". דאָ אין אַמעריקע, זיינען באַלד נאָך איר ערשטן אויפטריט, די ערשטע וואָך פאַרקויפט געוואָרן ניינצן טויזנט קאָפּיעס פון אירע דריי אַלבאָמען רעקאָרדס. די געוועזענע גאַסן־זינגערן האָט אַנגעהויבן צו פאַרדינען מיליאָנען פראַנק אַ יאָר פון אירע אויפטריטן אין נאַכט־קלובן, קאָנצערט־זאַלן, מואוויס און פּלאַטן. און איר קומען שפּעטער קיין אַמעריקע האָט איר אַריינגעבראַכט אַ גרודע מיט שווערע טויזנטער דאָלאַרס און האָט איר פאַרמעגן נאָך רייכער געמאַכט. די געוועזענע גאַסן־זינגערין פאַרגינט זיך איצט צו האָבן דינסטן מיט באַדינער און אפילו אַ ספּעציעלן כינעזישן קוכער. אָבער זי איז געבליבן ביי די זעלביקע געפילן, ווי ווען זי האָט צוערשט אַנגעהויבן צו זינגען.

אידיט פּיאַף קען פאַר קיין פאַל נישט פאַרגעסן דאָס, וואָס זי האָט דורכגעלעבט אַלס קינד. זי האָט זיך נישט בלויז דערצויגן און געוואָרן אַ זינגערין אויף די גאַסן פון פּאַריז, נאָר זי איז אויך געבאָרן געוואָרן אויף אַ פּאַריזער גאַס. די מאַמע אירע האָט זיך נישט געקענט פאַרגינען צו נעמען אַן איזוואָשטשיק אָדער אַ טעקסי אויף צו־צופאָרן צום שפּיטאָל ווען זי האָט גענומען גיין צו קינד, נאָר זי האָט זיך געלאָזט גיין אַהין צופוס. אויפן וועג איז זי געבליבן שטעקן אין האָט געהאַט דאָס קינד אויפן מיטן גאַס. אַ פּאַריזער זשאַנדאַרם איז געווען אידיט'ס „הייבאַם". פון דעמאָלט אָן האָבן זיך אַנגעהויבן אירע צרות.

ווען די קליינע אידיט איז אַלט געווען צוויי חדשים, האָט זיך די מאַמע

אירע אין אַ שיינעם טאָג אויפגעהויבן און איר איבערגעלאָזט צוזאַמען מיט איר מאַן. נישט טראַכטנדיק קיין איין מינוט, האָט דער טאַטע געכאַפּט די קליינע אידיט און איר אַוועקגעטאַסקעט צו אַן אַלטער באָבע און איז אַליין אויך דערנאָך פאַרשוואונדן געוואָרן. די אַלטע באָבע האָט זיך געניאַנטשעט מיט דער קליינער אידיט׳ן, ביז זי איז געוואָרן דריי יאָר אַלט. דערנאָך האָט זיך פּלוצלונג פון דער העלר הויט אונטערגערוקט אַ צרה — די קליינע אידיט איז ראַפּטאָם בלינד געוואָרן. דאָקטוירים זיינען געווען איבערצייגט, אַז זי וועט שוין אַזוי פאַרבלייבן איר גאַנץ לעבן. די איינציקע, וואָס האָט נישט אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז אידיט וועט אַמאָל צוריק אָנהויבן זען די ליכטיקע וועלט, איז געווען די אַלטע באָבע, וואָס איז געווען זייער אַ גלויביקע.

אין לויף פון פיר יאָר צייט, איז די אַלטע באָבע מיט איר בלינד אייניקל, געגאַנגען יעדן טאָג אין דער קירכע אַריין, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון אַ געוויסן הייליקן, בעטן ביי גאָט, אַז איר אייניקל זאָל צוריק זעעוודיק ווערן. זי האָט אויך געהייסן דעם קינד, אַז זי זאָל תפילה טאָן, ביז די גוטע מלאכים אין הימל וועלן זיך אָננעמען פאַר איר און זי וועט צוריק אָנהויבן זען. פיר יאָר צייט זיינען אַוועק, ביז אין איין שיינעם טאָג איז געשען דער נס: אינעם טאָג, וואָס דער הייליקער איז געבאָרן געוואָרן, וועמעס נאָמען די קירכע האָט געטראָגן, וואו די באָבע מיטן אייניקל האָבן יעדן טאָג תפילה געטאָן, ווערט אין דער ביאָגראַפיע פון דער באַרימטער זינגערן דערציילט, לויט אַ משפחה־לעגענדע, האָט זי פּלוצלונג צוריקגעקראָגן די ליכטיקע שיין אירע און האָט אָנגהויבן צוריק זען. דעם קינדס אויגן האָבן פּלוצלונג זיך געעפנט און זי האָט דערזען די ליכטיקע וועלט!

אָט די דאָזיקע איבערלעבונג און אויך אַנדערע איבערלעבונגען, וואָס זי האָט שפּעטער אַלס זינגערן אויף די גאַסן פון פּאַריז דורכגעמאַכט, האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין איר שטייגער־זינגען, וואָס נעמט אַזוי שטאַרק אויס. אין דעם באַשטייט איר דערפאָלג. זי זינגט פון די טיפענישן פון האַרצן און לייגט אַריין אינעם געזאַנג אַ סך פון איר נשמה, וואָס איז דורכגעוועבט מיט טרערן און געוויין, מיט שווערע ליידן און יסורים...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", אַפּריל 6, 1951, ג. י.

# לודוויג זאַץ — דער גרויסער טראַגיקער פון דער אידישער בינע

פונקט ווי אין דער אידישער פּאָעזיע אין דער וועלט פאַרנעמען די אידישע פּאָעטן פון אַמעריקע אַן אויבנאַניק אָרט, פּונקט אַזוי פאַרנעמען די אידישע שוישפּילער פון אַמעריקע דעם סאַמע פּראָמינענטסטן פּלאַץ אין אידישן טעאַטער פון גאַר דער וועלט. דווקא און גראָד אויפן האַרטן שטיינערנעם באָדן פון אַמעריקע האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אי אַ רייכע אידישע פּאָעזיע, אי אַ קרעפטיק־באַדייטנדיקע אידישע דראַמאַטורגיע, אי אַ נעץ פון צענדליקער אידישע טעאַטערס, אי אַ קרייז פון שפּרודלדיקע אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס און אי אַ שלל פון די סאַמע טאַלאַנטפולסטע אידישע אַקטיאָרן, וואָס דער אידישער טעאַטער אין גאַר דער וועלט האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן.

עס איז נישט שייך צו מאַכן קיין פאַרגלייכונגען, אָבער וויפל יעקב פּ. אַדלער׳ס, דוד קעסלער׳ס, זיגמונט מאָגולעסקאָ׳ס, בערטאַ קאַליש׳עס, סאַראַ אַדלער׳ס, קעני ליפּצינ׳ס, מאָריס שוואַרצ׳עס, פּאול מוני׳ס (מוני וויייזנפריינד), צילי אַדלער׳ס, בערטאַ גערסטנ׳ס, יעקב בן־עמי׳ס, לודוויג זאַצ׳ס, מאַלי פּיקאָנ׳ס, סעמועל גאָלדינבורג׳ס, אַנאַ אַפּעל׳ס, לאַזאַר פרידי׳ס, בינאַ אַבראַמאָוויטש׳עס, מנשה סקולניק׳ס, אהרן לעבעדעוו׳ס, מיכאַל מיכאַלעסקאָ׳ס, מיכל ראָזענבערג און נאָך און נאָך, קען מען געפינען אין דער געשיכטע פונעם גאַרן אידישן טעאַטער אין דער וועלט — מחוץ אַמעריקע ?

צווישן דראַמאַטורגן ווידער איז דאָס זעלביקע: ז. ליבין, לעאָן קאָברין, אָסיפּ דימאָוו, ה. לייוויק, ה. סעקלער, פּרץ הירשביין. עס דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן אַפילו די נישט־ערשט־ראַנגיקע דראַמאַטורגן, ווי הערי קאַלמאַנאָוויטש, וויליאַם סיגל, לואיס פריימאַן, וועמעס פּיעסן, אָפּערעטעס, קאָמעדיעס זיינען אַלעמאָל געווען און זיינען נאָך ביזן היינטיקן טאָג צווישן די סאַמע פּאָפּולערסטע און געשפּילטסטע אין דער גאָרער אידישער טעאַטער־וועלט.

און אַז איך האָב שוין דאָ דערמאָנט אַמעריקאַנער אידישע דראַמאַטורגן, דאַרפן געוויס אויך דערמאָנט ווערן די אַמעריקאַנער אידישע טעאַטער־

קאָמפּאָזיטאָרס, ווי הערמאַן וואָהל, פּרץ סאַנדלער, יוסף רומשינסקי, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי, שלום סעקונדאַ, אַברהם עלשטיין, וועלכע פאַרנעמען אַ גאַר אַנגעזעענעם אָרט אין דער אידישער טעאַטער־מוזיק.

יאָ, דער וואונדער פונעם פאַנאַנדערבלי פונעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, פונעם שלל טאַלאַנטפולע אידישע אַקטיאָרן וואָס אַמעריקע האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן, איז פונקט אַזאַ גרויסער ווי דער וואונדער פונעם פאַנאַנדערבלי פון דער אַמעריקאַנער אידישער ליטעראַטור. ווער ווייסט? אפשר האָבן מיר געמאַכט אַ טעות! מעגלעך, אַז דער האַרטער שטיינערנער באָדן פון אַמעריקע איז גאָרניט געווען אַזוי האַרט און שטיינערדיק, ווי אונז האָט זיך אויסגעדאַכט? ! עס קען זייער זיין, אַז מיר האָבן צוליב אָט דעם־אָ „קוק" אונזערן, דורכגעלאָזן גאָר אַ סך וויכטיקע זאַכן, וועלכע מיר וואָלטן געקענט אויפטאָן — און נישט אויפגעטאָן...

איינס איז קלאָר: מיר זיינען געפערלעך גלייכגילטיק צו אונזערע אויפטואונגען און דערגרייכונגען דאָ. מיר זיינען פונקט אַזוי אויך גלייכגילטיק צו אונזערע בויערס און שאַפערס מכל־המינים אויף די פאַרשידענע קולטור־ און קונסט־געביטן.

אָט איז, אַשטייגער, געוואָרן צען יאָר זינט יוסף אָפּאַטאָשו, איינער פון די זיילן וואָס האָט באַרייכערט און געהאָלפן שאַפן און באַרימט מאַכן די אַמעריקאַנער אידישע ליטעראַטור, איז געשטאָרבן, און איך הער נישט, אַז מען זאָל ביי אונז אויף דער היגער אידישער גאַס בכבוד'יק פאַרצייכענען אָט־די דאָזיקע וויכטיקע דאַטע — דורכצופירן אַ יאָרצייט־פייערונג, ווי ביי „לייטן"?

אָט איז, ווידער, שוין געוואָרן 20 יאָר, זינט ס'איז פון דער וועלט אַוועק דער באַרימטער אידישער טראַגיקער פון דער אידישער טעאַטער־בינע, לודוויג זאַץ — און שאַ! קיין איין וואָרט אפילו איז ביז איצט אין ערגעץ נישט דערמאָנט געוואָרן. פאַרוואָס? פאַרוואָס אַזאַ געפערלעכע גלייכגילטיקייט, אַזאַ קאַלטע נאַכלעסיקייט? גוואַלד געשריגן!...

פונקט ווי די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע איז אויך דער אידישער טעאַטער נישט געבוירן געוואָרן אין קיין רייכע „טעאַטער־פּאַלאַצן", נאָר אין ענגע קעלערן און בוידעמער, וואָס מ'האָט גערופן „האַלס", „טאַנץ־זאַלן", אַרום וועלכן עס האָבן זיך געקלעפּט נישט אַלעמאָל דווקא דורכאויס אינטעליגענטע און קולטורעלע מענטשן. פאַרקערט, די גרעסטע צאָל פון

זיי, יונגע מענער און פרויען, זיינען געווען עמך־מענטשן, פאָלקס־מענטשן, פשוט׳ע שאַפּ־אַרבעטער, וועלכע האָבן געהאַט אַ נאַטירלעכע תשוקה, אַ געפיל פאַר דער בינע. אַ סך פון אָט־די פשוט׳ע פאָלקס־מענטשן האָבן זיך מיט דער צייט אַרויסגעוויזן פאַר גרויסע בינע־קינסטלער. אייניקע פון זיי זיינען ביים אידישן טעאַטער אויך געוואָרן אמת׳ע אינטעליגענטן. די טעאַטער־בינע האָט זיי אויסגעאיידלט, האָט זיי געמאַכט פאַר קולטור־מענטשן. זיי האָבן געקראָגן דרך־ארץ פאַרן אידישן וואָרט, פאַרן אידישן שרייבער — און פאַרן אידישן עולם...

אָבער ווייט נישט אַלע זיינען געגאַנגען אָט־דעם דאָזיקן באַרג־אַרויפיקן גאַנג. די וואָס האָבן געהאַט דעם חשק און דעם ווילן דערצו, האָבן זיך אַרויסגערוקט אין פראָנט און האָבן מיט דער צייט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ מזרח־אָרט אינעם אידישן טעאַטער. זיי האָבן זיך אין דער ערשטער ריי, פאַרשטייט זיך, אָנגעפאַנגען צו אינטערעסירן זיך מיט דער בעסערער אידישער דראַמע און דער אידישער ליטעראַטור בכלל. ביסלעכווייז זיינען זיי געוואָרן זיילן פונעם אידישן טעאַטער און מ׳האָט זיך אָנגעהויבן מיט זיי רעכענען. אַדאַנק זיי האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַרויסשיילן אַ בעסער אידיש טעאַטער, וואָס האָט גענומען אָפּקלינגען אויך איבער דער ברייטער אידישער וועלט. עס איז געבוירן נישט איינ:ער, נאָר עטלעכע אידישע קונסט־טעאַטערס אין אַמעריקע — צווישן זיי דער מאָריס שוואַרץ אידישער קונסט־טעאַטער, וואָס האָט אַריינגעשריבן איינעם פון די גלאָררייכסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פונעם אידישן טעאַטער אין דער וועלט. די השפעה וואָס דער מאָריס שוואַרץ אידישער קונסט־טעאַטער און די אַנדערע בעסערע אידישע טעאַטערס האָבן געהאַט אויפן אידישן טעאַטער־געביט אין אַמעריקע, האָט געפירט צו דעם אַז עס זאָל דאָ אַרויסוואַקסן אַ קאַדרע אידישע שוישפּילער, וואָס האָבן זיך געשאַפן אַ נאָמען איבער דער גאָרער אידישער וועלט. צווישן די האָט דער נאָמען לודוויג זאַץ פאַרנומען אַ ספּעציעל אָרט.

פאַרוואָס אָט־דער קוואַליקער אידישער שוישפּילער, וואָס איז געווען פאַררעכנט ווי דער גרעסטער טראַגיקער פון דער אידישער בינע, האָט זיך דווקא גערופן מיט אַ נישט־אידישן נאָמען, ווייס איך נישט. אָבער אַפילו ווען ער וואָלט זיך גערופן מיט אַ כינעזישן אָדער פראַנצויזישן נאָמען, וואָלט ער אַלץ געבליבן דער אידישער שוישפּילער מיט דעם דורכאויס אידישן

טאַלאַנט און אַלע זיינע אידישע חנ׳ען וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ער איז געווען אַן אַנזאַמלונג פון אידישן שוישפּיל, פון אידישער מימיק, זשעסט און קנייטש. אַלצדינג אין אים האָט גערעט אידישלעך, מיט אַן אינעווייניקסטן געפיל פון דורות׳דיקן ירושה־אַנוואוקס. יעדער כאַראַקטער איז ביי אים אַרויסגעקומען ממש סקולפּטאַריש. ער האָט זיך געקענט אָרגאַניש אַריינגלידערן אין יעדן איינעם פון זיינע העלדן, וואָס ער האָט פאַרגעשטעלט אויף דער בינע. אַ סך מאָל האָט ער ממש פון גאָרנישט געמאַכט אַ יש; פון אַ שטרויענעם־העלד — אַ צאַפּלדיקן מענטשן. ער האָט געהאַט דעם כוח אויסצופורעמען אַ כאַראַקטער ביז צום דנאָ. ער איז געווען אַ קינסטלער פון פאַרביקע תנועות און ליכטיקע מאַניערן, מיט ריטמישע זשעסטיקולאַציעס און מוזיקאַלישע באַוועגונגען, ביי וועמען יעדעס וואָרט, דאָס ליטעראַרישע ווי דאָס טאָג־טעגלעכע, האָט געהאַט זיין תמצית...

לודוויג זאַץ איז געווען דער גרעסטער געווינס פאַר דער אידישער בינע. ער האָט געקענט אַרויס׳כישופ׳ן פון זיין טאַלאַנט וואָס נאָר ער האָט געוואָלט: מוזיק, ריטם, מימיק, באַוועגונג, לשון, טאָן, קנייטש, בויג, געדריקטן אָטעם, צער, וויטיק, פרייד, פאַרדראָס, טרערן, געלעכטער, לעבן — אַלצדינג! וואָס האָט לודוויג זאַץ דען נישט געקענט אויפטאָן מיט דער שפּרודלדיקער כלי פון זיין טאַלאַנט? ער האָט געקענט אויסשפּילן אויף אַלערליי „סטרונעס" פאַרשידענע ניגונים!

ווער, אַשטייגער, קען עס פאַרגעסן ווי פון ווייסן פּערלמוטער־אויסגעשניצטן מעלאָדישן אַלטיטשקן זיידן, וואָס האָט זיך גאָר טיף אַריינ־געזונגען אין האַרצן, ווי מאָצאַרט׳ס אַ סימפאָניע, פון יעדן טעאַטער־צושויער, אין פּרץ הירשביינ׳ס „אַ פאַרוואָרפן ווינקל"? וואָס פאַר אַ ים מיט אַרטיסטישן חן עס איז געלעגן אויסגעגאָסן אין אָט־דער ראָלע זיינער! וויפיל שוישפּילערישע וויטאַליטעט, וויפל אַקטיאָרישע ווירטואָזיטעט! סאַראַ מוזיק! סאַראַ פּאָעזיע! סאַראַ קלאַפּן פון אידישן אָדער! מיט וויפל דינע שטריכעלעך און איידעלע ניואַנסן ער האָט פון דער בינע־אַראָפּ געשילדערט אָט־דעם טייערן ליבן אַלטיטשקן!

קיינער האָט לודוויג זאַצ׳ן נישט אַרויסגעבראַכט — ער האָט זיך אַליין אַרויסגעבראַכט. ער איז געווען פון די ווייניק אידישע אַקטיאָרן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם וועג און שטייגער. ער האָט קיינעם נישט נאָכ־געקרימט, ער האָט קיינעם נישט געזוכט נאָכצומאַכן, נאָכצורעדן, נאָכצו־

באַמקען — ער האָט כסדר און אומעטום געשפּילט און רק געגעבן — זיך. ער האָט אין אַ קורצער צייט איינגענומען די פעסטונג, וואָס רופט זיך אידיש טעאַטער. דער נאָמען לודוויג זאַץ איז געוואָרן אַ שם־דבר אין אידישן טעאַטער אין אַמעריקע און איבער גאָר דער וועלט. ער איז געקומען דורכאויס מיט אייגנס, מיט אייגענעם גאָב און אַן אייגענעם פּנים — אַ פּנים־חדשות, וואָס האָט אַ פּאַרטיקער, אַן אויסגעהאַמערטער, ער האָט נישט געדאַרפט ערשט ווערן — ער איז געווען ! ווי אַ שטערן פון הימל איז ער אַראָפּגעפאַלן אויף דער אידישער בינע און זיינע פונקען האָבן זיך צעצונדן אין אַ רעגנבויגן פון קאָלירן, וואָס האָט אַלעמען פאַר׳כישופ׳ט. עס האָט זיך באַוויזן אַ אידישער שוישפּילער־טראַגיקער פון אַ ברייטן ראַזמאַך און טיפן פאַרנעם: אַ שוישפּילער־טראַגיקער, וואָס ווירקט מיט יעדן ציטער זיינעם, יעדער אבר זיינער רעדט און זאָגט, זינגט און רופט ביי אייך אַרויס די טיפסטע איבעראַשונג. דערצו אַזוי אידישלעך, אַזוי אָריגינעל, אַזוי שפּאַגלניי, און גאָר איבערצייגנדיק.

אָבער ווי יעדער טאַלאַנט איז אויך לודוויג זאַץ נישט געווען אינגאַנצן ריין פון „פּגימות״. אַ קינסטלער מוז האָבן אַן אידייע, אַ ציל. אָן אַן אידייע און אָן אַ ציל, קען דער גרעסטער קינסטלער זיך נישט באַגיין. ווייל לודוויג זאַץ האָט פאַרמאָגט אָט־דעם גרויסן קינסטלערישן כוח אויסצופורעמען פון גאָרנישט אַ יש — גראָד אָט־דער כוח זיינער האָט אים אַראָפּגעפירט פון וועג. ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אויף דעם דאָזיקן געניאַלן כוח זיינעם און עס האָט אים נישט געאַרט וואָס ער שפּילט — אַבי ער שפּילט טעאַטער . . .

עס קאָן זיין, אַז דער צו־ראַשיקער דערפאָלג האָט לודוויג זאַצ׳ן שטאַרק פאַרדרייט דעם קאָפּ. דאָס טעאַטער איז וואָס ווייטער פאַר אים געוואָרן נישט מער ווי אַ קוואַל פאַר לויב־געזאַנגען, צו זען זיין נאָמען מיט וואָס גרעסערע עלעקטרישע אותיות אויפן שילד אינדרויסן ביים אַריינגאַנג פון טעאַטער און אויף צו פאַרדינען אַ סך געלט. זעט אויס, אַז זיין קולטורעלער באַגאַזש איז נישט געווען שטאַרק גענוג צו קאָנען זיך אַנטקעגנשטעלן די צעשטערערישע כוחות, וואָס האָבן שנעל מקצר געווען סיי זיין טאַלאַנט און סיי זיינע יאָרן. עס איז שווער געגוי צו זאָגן, צי דאָס איז געווען דורכאויס זיין אייגענע שולד אָדער די שולד פון דער סביבה — אין און אַרום דעם אידישן טעאַטער. דאָס איז נישט אינגאַנצן אויסגעשלאָסן. מחמת ווי אין

יעדער אַנדערער בראַנזשע, קלעפּן זיך צו געוויסע מענטשן, וואָס פּאַסן זיך לחלוטין נישט אַריין און מיט זייער אַנוועזנקייט מאַכן זיי קאַליע די אָדער יענע בראַנזשע און פירן אויך, נישט איין טאַלאַנטפולן מענטשן, אַרונטער פון וועג. יעדנפאַלס, די לעצטע יאָרן אינעם אידישן טעאַטער זיינען פאַרן געניאַלן קינסטלער לודוויג זאַץ נישט געווען קיין איבעריק פריילעכע. ער האָט זיך געדרייט זיגזאַגיש אַהין און אַהער, ביז ער האָט זיך אין זיין וועג אינגאַנצן פאַרלאָרן. געבליבן איז פון זיין אַמאָליקן טאַלאַנט נישט מער ווי איינצלנע צעשאָטענע פונקן, וואָס האָבן זיך געשווינד געהאַלטן אין אויסלעשן צוזאַמען מיט זיין געזונט. דער גרויסער טראַגיקער פון דער אידישער בינע איז אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעבעדיקער טראַגעדיע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ טיפן רחמנות צוזאַמען מיט אַ טיפן פאַרדראָס. דער מענטש האָט נאָך לאַנג געקענט אי אַליין לעבן און אויך אַזוי פיל לעבן געבן דעם אידישן טעאַטער, אָבער די צעשטערערישע כוחות זיינען געווען שטאַרקער פון אים...

אָבער ווי גייט דאָס ווערטל: פלעקן קען מען געפינען אַפילו אויף דער זון... לודוויג זאַץ איז בפירוש געווען אַ געניאַלער אידישער אַקטיאָר און ווי אַזעלכער וועט ער אויך געדענקט ווערן און בלייבן אין דער געשיכטע פונעם אידישן טעאַטער — און נאָך מער אין דער געשיכטע פונעם אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער.

„אידישע קולטור״, נאָוו. 1964, נ. י.

# זאַוועל זילבערטס

## אַ טרער

די רייען פון אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און דיריגענטן אין אַמעריקע, מער נאָך ווי די רייען פון אידישע שרייבערס, ווערן וואָס אַמאָל שיטערער. עס קומען נישט צו קיין נייע אידישע שרייבערס — פון באַרימטהייטן איז אָפּגערעדט. קיין קאָראַלניק׳ס, שמואל ראָזענפעלד׳ס און אויך אַזעלכע קאָמפּאָזיטאָרס און דיריגענטן ווי דער פאַרשטאָרבענער זאַוועל זילבערטס, ווערן נישט געבוירן יעדן טאָג. דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע איז נאָך

נישט טיף גענוג איינגעוואָרצלט, און עס וועט נעמען לאַנגע יאָרן ביז עס וועט זיך דאָ באַווייזן אַ צווייטער קאָראַלניק, אַ ראָזענפעלד, אָדער אַ זאַוועל זילבערטס.

פון די בלאָטעס אין ווייס־רוסלאַנד, איז דער פאַרשטאָרבענער קאָמפּאָזיטאָר געקומען צו דער אידישער נגינה און מוזיק און האָט געלאָזט הערן זיין טאָן. ער איז געווען איינער פון די ערשטע אידישע מוזיקערס אין צאַרישן רוסלאַנד און פוילן, וואָס האָט זיין גאַנצן מוזיקאַלישן טאַלאַנט און מוזיקאַלישן וויסן אַוועקגעגעבן דער אידישער נגינה און מוזיק, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן ערשט פאַנאַנדערצובליען.

זאַוועל זילבערטס איז נישט פאַרבלענדט געוואָרן פון דעם פרעמדן שיק־און־גלאַנץ, ווי דאָס רוב פון די אידישע מוזיקערס, וועלכע האָבן געלערנט אין די רוסישע און אויסלענדישע קאָנסערוואַטאָריעס. שטודירנדיק די ווערק פון מאָצאַרט׳ן, באַכ׳ן, הענדל׳ען, בעטהאָוו׳ען, טשייקאָווסקי׳ן און נאָך אַנדערע גרויסע וועלט־באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרס, איז זיין אייגענער קוואַל, דער קוואַל פון דער אידישער נגינה און מוזיק, דורך דעם נישט פאַרשטעלט געוואָרן. אדרבה: וואָס טיפער ער האָט זיך געגראָבן אין די פרעמדע קוואַלן, אַלץ מער האָט ער זיך דערגראָבן צו די אייגענע טענער און קלאַנגען, מאָטיוון און ניגונים, וועלכע האָבן געוואָרצלט טיף אין דער אידישער נשמה, אין דער אידישער טראַדיציע און אין דעם אידישן לעבן.

מאָצאַרט׳ס „רעקוויעם״ האָט ביי זאַוועל זילבערטס׳ן אַוודאי אַרויסגערופן אַ סך הייליקע געפילן, ווייל עס איז איינע פון די לירישסטע, טיף־רירנדיקסטע און נשמה׳דיקסטע ווערק אין דער גאַנצער מוזיק־ליטעראַטור. אָבער פונקט אַזעלכע הייליקע געפילן האָבן ביי זאַוועל זילבערטס׳ן אַרויסגערופן די דורות׳דיקע באַ׳טעמ׳טע אידישע נוסחאות. און זייענדיק דורכגענומען מיט די דאָזיקע געפילן, האָט ער נאָך זיין אויסשטודירן אין דער קאָנסערוואַטאָריע, מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט און וויסן און יונגנטלעכער באַגייסטערונג זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די קוואַלן פון דער אידישער נגינה און מוזיק און פון דאָרט אַרויסגעטויכט פאַרשידענע פערל.

פעטערבורג, מאָסקווע, וואַרשע, לאָדזש, בערלין, שטעט וואו זילבערטס האָט שטודירט מוזיק און אָנגעפירט דאָרטן מיט פאַרשידענע כאָרן, האָבן געהאַט נאָר אַן אויסערלעכע ווירקונג אויף אים, אינערליך אָבער, איז ער פאַרבליבן דורכגעדרונגען מיט קאַרלין, דאָס קליינע שטעטעלע, וועלכע

ליגט ערגעץ לעבן פינסק, אין ווייס־רוסלאַנד, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן און האָט איינגעזאַפּט אין זיך די טענער פון דער שול, דאָס געזאַנג פון דורות, און פון זיין טאַטן דעם האַרציקן בעל־תפילה, וועלכער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצוציקלען די טיפע פאַרוואָרצלטע אידישע ניגונים, אידישע תנועות און קנייטשן. אויך אָפּקלאַנגען פון דעם סטאָלינער „הויף״, וועמעס התלהבות האָט געהאַט אַ שם נישט נאָר אין ווייס־רוסלאַנד, נאָר אויך איבער גאַנץ אוקראַינע, וואו עס זיינען געווען פאַרזייט סטאָלינער שטיבלעך, האָבן אויף אַ שפּרודלדיקן אופן אַרויסגעקוואָלן און אַרויס־געזונגען פון זילבערטס׳ן און שפּיגלען זיך אָפּ אין זיינע ווערק.

איר וועט נישט געפינען ביי זילבערטס׳ן קיין איין קאָמפּאָזיציע מיט אַ משכיל׳ישן אונטער־טאָן, נאָר אין יעדן ווערק זיינס פילט זיך דער חסידישער פייער, דער חסידישער ברען, דער בטחון־טאָן, וואָס האָט אָנגעצונדן אידישע הערצער און אַריינגעבראַכט פרייד און חיות אין אידישע היימען, ליכט און האָפענונג, וואָס האָט געשטאַרקט דעם גלויבן אין גאָט און צוטרוי צום מענטש. ניט קיין טרוקענע מאַטעמאַטישע טענער, נאָר דער ריינער אידישער מעלאָס גייט דורך ווי אַ רויטער זיידענער שנור אַלע זיינע ווערק. זילבערטס האָט גאַנץ גוט געוואוסט וואו עס קוועטשט דעם אידן, וואו עס טוט אים צום מערסטנס וויי און מיט וואָס פאַר וואָס אַ טענער אים צו היילן און פאַרהיילן זיינע וואונדן.

זאָוועל זילבערטס איז געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר נישט נאָר פון ליטורגישער נגינה, נאָר האָט אויך געשאַפן מוזיק צו די דיכטער און פּאָעמעס פון היינטיקע העברעאישע און אידישע דיכטער. ער איז געווען אין דער היים סיי אין דער אַלטער רעליגיעזער פּאָעזיע און סיי דער נייער מאָדערנער העברעאישער און אידישער פּאָעזיע. ביאַליק׳ס אַ ליד אָדער אַ פּאָעמע איז פאַר אים געווען נישט ווייניקער איספּירירנדיק ווי אַ קאַפּיטל תהלים אָדער אַ תפילה פון דאַוונען. דאָס זעלביקע איז אויך פאַר אים געווען אברהם רייזענ׳ס אָדער לייוויק׳ס אַ אידיש ליד אָדער פּאָעמע.

עס דאַרף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז צווישן זילבערטס באַליבטסטע אידישע דיכטער איז פאַרעכנט געווען אברהם רייזען, גאָר אַ היפּשע צאָל פון זיינע געשאַפענע קאָמפּאָזיציעס, האָט ער געשריבן אויף רייזענ׳ס טעקסטן. ער האָט געפילט אַ גוואַלדיקע נאָענטקייט צו רייזענ׳ס לידער, ווי צו קיין שום אַנדערן אידישן דיכטער.

צווישן די אַרויסגערופֿנסטע ווערק, וועלכע זילבערטס האָט געשאַפֿן, דאַרפֿן דאָ דערמאָנט ווערן: „על נהרות בבל", „אַחינו כל בית ישראל", „הבדלה", „מנהג חדש" פֿון ביאַליק'ן און „יעקב'ס חלום", אַ קאַנטאַטע, צום טעקסט פֿון אברהם רייזען. די דאָזיקע ווערק שפּיגלען אָפּ דעם גרעסטן טייל פֿון זילבערטס מוזיקאַלישן טאַלאַנט. די גוסטן פֿון די דערמאָנטע קאָמפּאָזיציעס זיינען האַרמאָניש ענג־צונויפֿגעגאָסן געוואָרן מיט די טעקסטן.

גאָר אַנדערש קלינגט ביי זילבערטס'ן דער אידישער געוויין פֿון „על נהרות בבל" — אַן איכה־געוויין — ביז צו דעם אידישן געוויין פֿון „אחינו כל בית ישראל" — אַ געוויין פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, פֿון אַ פֿאַלק, וואָס טרינקט זיך, ווענעס טענער שרייען אַרויף ביז צום הימל...

און אַוודאי קען מען נישט צוגלייכן די פֿרומע טאַטע־ און זיידע־טענער, וועלכע באַגלייטן דעם הבדלה־טעקסט, מיט די שפּילעוודיקע, פֿאַרשייטע טענער צו ביאַליק'ס „מנהג חדש". דאָ האָט זילבערטס באַוויזן די קונסט אַרויסצווייזנגען די נאַטירלעכע איינגעבוירענע שטיפֿערישקייט פֿון דעם באַרימטן שפּרודלדיקן העברעאישן דיכטער מיט אַ זעלטענער קלאָרקייט און געשליפֿנקייט, ווענעס טענער שימערירן מיט אַ זילבערדיקן גלאַנץ!

בכלל, האָט זילבערטס אויסגעמיטן שווער־באַלאַדנקייט אין זיינע קאָמפּאָזיציעס. ער האָט בטבע ליב געהאַט דעם ריינעם מעלאָדישן, חדוה'דיקן קלאַנג און אויך צו שפּילן זיך מיט טאָן־אַרטן און וואַריאַירונגען. דער זינגעוודיקער פֿערז האָט דאָמינירט אין אַלע זיינע שאַפֿונגען. געזאַנג אין געווען דאָס געבאָט פֿון זיין טאַלאַנט. ער האָט זיך געהאַלטן ביים אַלטן כלל, אַז מוזיק מיינט געזאַנג — און נישט עפּעס אַנדערש!

יאָ, די אידישע נגינה און מוזיק האָט פֿאַרלאָרן אַ וויכטיקן אידישן קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז ביי זיין לעבן שוין געווען קינסטלעריש אָפּגעשאַצט. זאַוועל זילבערטס וועט אונז שטאַרק אויספֿעלן. ער וועט פֿעלן נישט נאָר דער אידישער נגינה און מוזיק, נאָר בכלל דער אידישער וועלט. זילבערטס איז נישט נאָר געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, נאָר אויך אַן אָנגעזעענער לערער פֿון חזנים. ער האָט דערצויגן צוויי דורות חזנים, וועלכע האָבן פֿון אים געלערנט די אמת'ע קונסט פֿון חזנות און נוסח־התפילה. ער וועט אויך פֿעלן די זינגערס פֿון דעם „זילבערטס געזאַנג פֿאַראיין", פֿון וועלכן ער איז לאַנגע יאָרן געווען דער מוזיקאַלישער לייטער

און דיריגענט. די זינגערס האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט, ווייל ער האָט זיי באַגייסטערט און אָנגעשטעקט מיט ליבע און ענטוזיאַזם צום אידישן ליד, צום אידישן וואָרט, צו דער אידישער נגינה און מוזיק.

זילבערטס וועט אויך שטאַרק אויספעלן דעם חזנים־פאַרבאַנד פון אַמעריקע און קאַנאַדע, פאַר וועמען ער האָט אַ סך קאָמפּאָזיציעס געשאַפן און וועמעס דיריגענט ער איז לאַנגע יאָרן געווען און איז אויפגעטראָטן מיט אַ כאָר פון הונדערטער חזנים, די גרעסטע אין דער וועלט, אויף קאָנצערטן אין די גרעסטע אודיטאָריעס פון ניו־יאָרק.

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, מערץ 10, 1950, נ. י.

## אויף די וועגן פון דער אידישער נגינה און מוזיק

אין מיין סעריע אינטערוויועז, וואָס איך האָב דורכגעפירט מיט צוויי מנינים אידישע שרייבער (די אונטערוויועז זיינען קודם געווען געדרוקט אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, דערנאָך אין 1956, איז אַ מנין־אינטערוויועז אַרויס אין בוך־פאָרם, און דער צווייטער מנין־אינטערוויועז ליגט ערגעץ פאַרפאַקט אין אַ פּעקל און וואַרט אויף אַ „תיקון״). אויף דער טעמע: „וואוהין גייט די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע״, וואָס איז געווען דער לייט־מאָטיוו, דער עיקר פון אַלע פראַגעס וואָס די טעמע האָט אַרומגענומען האָט איינער פונעם ערשטן מנין, אַ גאָר, גאָר באַרימטער נאָמען סיי אין דער אידישער ליטעראַטור און סיי אין דער וועלט־ליטעראַטור (אייזיק באַשעוויס־זינגער), אויף דער פראַגע „וואוהין גייט די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע ?״ צווישן אַנדערס געענטפערט „זי גייט דאָרט וואו דאָס פאָלק גייט״.

מ׳קען, פאַרשטייט זיך, דאָס זעלביקע אויך זאָגן, וועגן דער אידישער מוזיק אין אַמעריקע: „זי גייט דאָרט וואו דאָס פאָלק גייט״, אָבער איך בין נישט מסכים מיט דעם. נישט די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, און נישט די אידישע מוזיק אין אַמעריקע גייען דאָרט וואו דאָס פאָלק גייט, נאָר דאָרט וואו מ׳פירט זיי...

לאָמיר טאַקע זען און באַטראַכטן: וואוהין גייט זי, אויב זי גייט ערגעץ,

די אידישע מוזיק אין אַמעריקע און אויף וועלכע וועגן אין אַמעריקע האָט זי אָנגעהויבן צו גיין ? ווער זיינען געווען אירע אָנהייבערס, און פון וואָס פאַר אַ קאַליבער ? מיט וואָס וועלן זיך אונטערשיידן די ראשונים פון די וואָס וועלן קומען נאָך זיי — און אויף ווי ווייט וועט זיי דער ענין אידישער נגינה און מוזיק אָנגיין, ווי טיף וועט זיין זייער אינטערעס ? וועלן זיי אויך זיין גרייט איינלייגן וועלטן, צו „פּאַקן און מאָזלען” ווי די, וואָס האָבן אין אַמעריקע אָנגעהויבן די אידישע מוזיק ? וואָס פאַר אַ פּנים וועט דאָ די נייע געשאַפענע אידישע נגינה און מוזיק האָבן ? ועל כולם וואָס פאַר אַ צוקונפט האָט די אידישע נגינה און מוזיק אין אַמעריקע ?

איך ווייס נישט, אויב איך וועל קענען ענטפערן אויף אַלע פראַגעס, אָבער איך וועל פּרואוון. איך וואָלט אויך זייער שטאַרק געוואָלט דורכפירן אַ סעריע אינטערוויען מיט אידישע מוזיקערס, אויפן זעלביקן אופן ווי איך האָב דורכגעפירט די סעריע אינטערוויען מיט אידישע שרייבערס. אָבער, צום באַדויערן, האָב איך איצט נישט די צייט און נישט די כוחות, און אפשר פעלט מיר דער ברען און די אַמביציע, וואָס איך האָב געהאַט ביים שרייבן די אינטערוויען מיט די צוויי מנינים אידישע שרייבערס מיט צוועלף אָדער פופצן יאָר צוריק. אַ שאָד.

וועל איך זיך דאָ, דעריבער, באַנוגענען בלויז מיט אָנוואַרפן עטלעכע אַלגעמיינע געדאַנקען און באַטראַכטונגען, שטריכן און מאָמענטן, קורצע אַנאַליזן און באַמערקונגען, וועגן מצב אין דער צוקונפט, דעם פּראַגרעס און רעגרעס, וועגן דעם נעכטן, היינט און מאָרגן פון דער אידישער נגינה און מוזיק אין אַמעריקע, און דערנאָך פּרובירן אונטערציען אַ סך־הכל.

מעגלעך, אַז מיין סך־הכל, וועט נישט אַלעמען געפעלן. און אפשר אויך נישט מיינע קורצע אַנאַליזן און באַטראַכטונגען בכלל. אָבער — צי דעם בין איך שוין צוגעוואוינט זינט יענעם טאָג, ווען איך האָב גענומען די פּען אין דער האַנט און געוואָרן אַ שרייבער וועגן דער אידישער נגינה און מוזיק... ווי לאַנג איז דאָס שוין ? אַ קימא־לן פון דריי־צענדליק יאָר ... איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ גאָר יונגער בחור. כ׳האָב אויסגעקליבן די אידישע נגינה און מוזיק, ווייל ... די אידישע נגינה און מוזיק האָב איך אין זיך טיף איינגעזויגן אינאיינעם מיט דער מאַמעס מילך...

כ׳וויל דאָ קלאָר מאַכן, אַז איך האָב זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט אויף דער טעאָרעטישער זייט פון דער אידישער מוזיק, נאָר דער עיקר און מער

פון אַלצדינג אויף איר שורש, איר ווערט, איר באַטייט, איר טעם, איר אייגנ־אַרטיקייט, איר קוואַליטעט, איר פאַרנעם, איר אַריינדרינג, איר קולטור־טרעגערישקייט, איר דערהויבנקייט, איר יום־טוב׳דיקייט, איר התלהבות, איר פייאיקייט צו וועקן און מאָנען, איר מאַי קאַ־משמע־לן און איר ראָל אינעם אידישן לעבן, אין דער אידישער געשיכטע, אין דער אידישע קולטור — דאָס און נאָר דאָס האָט מיך אינטערעסירט. דאָס איז געווען — און געבליבן — דער עיקר פון מיין קוק אויף דער אידישער נגינה און מוזיק.

אַצינד ווען מיר אַ שפּאַן־טאָן, אויב נישט צום סאַמע אָנהויב, איז אָבער געגוג נאָענט צום אָנהויב פון דער אידישער נגינה און מוזיק אין אַמעריקע. מעגלעך אויך, אַז אינעם גאַנג פונעם שרייבן, וועל איך דאַרפן אָנרירן איין לאַנד אָדער אַ צווייטע, אָבער טאַקע בלויז אָנרירן, — ווייל איך וויל זיך באַגרענעצן צו מיין טעמע.

אין אָנהויב איז אין אַמעריקע אויפן אידישן מוזיקאַלישן געביט, ווי עס זאָגט זיך אין „בראשית״, געווען חושך. דערנאָך האָט צוביסלעך אָנגעהויבן ווערן ליכטיק. עס האָט גענומען צייט ביז עס האָבן זיך באַוויזן סימנים פון לעבן, פון געוויקסן, שפּראָצונגען, גרינסן, זאַנגען — קודם קאָרענע, דערנאָך ווייצענע — און שפּעטער האָבן אָנגעהויבן אויפגיין די סאַמע באַטעמטסטע צייטיקע פּרוכטן. עס איז געווען אַ לאַנגער פּראָצעס, ווייל דער באָדן איז דאָ געווען נישט בלויז אַ הוילער און אַ פּוסטער, נאָר פאַרזייט מיט הרודעס פון האַרטע שטיינער...

לאָמיר געדענקן, אַז די גאָר ערשטע אידישע אימיגראַנטן, וועלכע זיינען געקומען קיין אַמעריקע, האָבן מיט זיך געבראַכט גאָר אַ קנאַפּע נגינה־ און מוזיק־קולטור, ווי בכלל אַן אָרעמען קולטור־באַגאַזש. ערשט ווען די פלאַמען פון פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד, ספּעציעל אין אוקראַינע, האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן, נאָך די דריי בלוטיקע פּאָגראָמען וואָס אין אָדעס, זשיטאָמיר, קעשעניעוו, און אַ גרויסע כוואַליע אידישע אימיגראַנטן פון דער פינצטערער צאַרישער מלוכה, ווי פון גאַנץ מזרח־אייראָפּע, האָט זיך אַ לאָז געגעבן צו די ברעגעס פון דער גאָלדענער מדינה, איז געקומען אַן אויפלעבונג סיי אין דער אידישער ליטעראַטור, סיי אין דער אידישער נגינה און מוזיק, סיי אין דעם אידישן טעאַטער און אין דער גאַרער אידישער קולטור.

אָבער מען מוז אויך געדענקען, אַז דער אידישער אימיגראַנט פון מזרח־

אייראָפּע, אפילו דער סאַמער פּשוטסטער, איז קיין אַמעריקע מיט קיין לײדיקע הענט נישט געקומען. יעדער איינער, װער מער און װער װייניקער, האָט מיטגעבראַכט אַביסל „גייסטיקע שפּייז", אַ פּאַרזיי, פון ליבשאַפט צו דעם אָדער יענעם געביט, אַ צוגעבונדקייט צו דער אָדער יענער זאַך. װי שװער עס איז אינעם פרעמדן לאַנד אין אָנהויב די צופּאַסונג, דאָס איינלעבן זיך צוגעגאַנגען, האָט אָבער דער אידישער אימיגראַנט פון מזרח־אייראָפּע, ספּעציעל דער אידישער אימיגראַנט פון רוסלאַנד און אוקראַינע, נישט געקענט לעבן מיט קיין „ברויט אַליין" ... ער האָט ביטער געקעמפט פאַר זיין טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ, אָבער ער האָט אויך געפונען צייט, נישט קיין סך אפשר, אויף צו לייענען אַ בלאַט, אויף צו גיין הערן אַ מגיד, הערן אַ לעקציע, הערן אַ חזן, אַ זינגער, הנאה האָבן פון מאָריס ראָזענפעלד'ס אַ ליד, און גיין אין אַ אידישן װאָדעװיל, אין אַ אידישן טעאַטער.

ביסלעכװייז, ביסלעכװייז האָט דער מזרח־אייראָפּייאישער אימיגראַנט אין אַמעריקע אָנגעהויבן אויסברייטערן זיין קולטור, בויען און שאַפן אַלץ גרעסערע װערטן און זיך אַריינגעלאָזט אין העכערע פאָרמעסטן. די אידישע ליטעראַטור האָט דאָ אָנגעהויבן װאַקסן, און אַזוי אויך דאָס אידישע טעאַטער, דאָס צייטונג־ און זשורנאַל־װעזן. די אידישע מוזיק איז, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּגעשטאַנען. מיט דער צייט האָט זיך דאָ דער גאַנצער אידישער קולטור־פראָנט געביטן, עס האָבן אויפגעשיינט פאַרשיידענע ליכטער, װאָרט־זאָגערס, פּאָעטן, דערציילער, ראָמאַניסטן, דראַמאַטורגן, פּובליציסטן, זשורנאַליסטן, דערציער, פּעדאַגאָגן, קולטור־טוערס, קאָמפּאָזיטאָרס, אַקטיאָרן, רעזשעסאָרן, דיריגענטן, מוזיקערס וכדומה.

ליכטיקע טעג און ליכטיקע צייטן אינעם אידישן לעבן פון אַמעריקע זיינען אויפגעגאַנגען. די אידישע נגינה און מוזיק האָט זיך צעװאַקסן, זיך פונאַנדערגעבליט אויפן געביט פון געזאַנג, פון קאָמפּאָזיציע, פון קאָנצערט, פאָרנעם און קװאַליטעט. פון אַזעלכע האַלב־פאָלקסטימלעכע, האַלב־טעאַטראַלישע אידישע לידער, װי „אַ בריװעלע דער מאַמען" און „דאָס טלית'ל" (שמולעװיטש), װאָס דער אידישער עולם האָט דאָ אָנגעהויבן זינגען אויף אַלע ראָגן, אויף אַלע שמחות, אויף אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן־פאַרזאַמלונגען, ביז דאָס אידישע טעאַטער־ליד „דאָס פּינטעלע איד" (אַרנאָלד פּערלמוטער־הערמאַן װאָל); פון „קום צו מיר אין חדר'ל" (מיכל געלבאַרט), ביז „די צװיי ברידער" (יעקב שייפער); פון „תנחום" (סאַלאָמאָן גאָלוב), ביז

„אַ מעשה פון אַמאָל" (לאַזאַר וויינער); פון „קום, ישראל'יקל אַהיים" (יוסף רומשינסקי); פון „מיין שטעטעלע בעלז" (אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי), ביז „די אידישע לעגענדע" (וולאַדמיר חפץ); פון „איך וויל נישט גיין אין חדר" (יוסף טשערניאַווסקי), ביז „ראש השנה לאילנות" (לעאָ ליאָוו); פון „דריי אינגעלעך" (נ. זאַסלאַווסקי), ביז „דער באָבעס חלום" (משה ראָוך); פון „מיר וועלן זיין" (אברהם עלשטיין), ביז „וויג־ליד" (יוסף אַחרון); פון „מיידל, מיידל האָב מיך ליב" (פנחס יאַסינאָווסקי), ביז „שמע ישראל" (לייב גלאַנץ); „זינג, נשמה זינג" (אברהם בינדער"), ביז „רזא דשבת" (פּ. פּינטשיק); פון „יעקבס חלום" (זאַוועל זילבערטס), ביזן קאַפּיטל תהילים „מזמור לדוד" (יוסף ברוידי); פון „אַ פּאַסטוכל אַ טרוימער" (יעקב ראַפּאָפּורט), ביז דער פינף בענדיקער „אַנתּולוגיה חזנית" (גרשון אפרת); פון „אייביק" (שלום סעקונדאַ), ביז „טיהר רבי ישמעאל עצמו" (זאַוול קוואַרטין); פון „מאַי־ליד" (מאיר פּאָזנער), ביז „שיבנה בית המקדש" (ישראל שאָר); פון „דער גאַסן פויקער" (הענעך קאָן), ביז „אַשמנו" (דוד רויטמאַן); פון „דער שניידער" (פּאָול העלד), ביז „רחם נא" (יאָסעלע ראָזנבלאַט); פון „געלע בלעטער" (יואל חיות), ביז „יום כיפור צו מנחה" (העניך לעפקאָוויטש); פון „אשא עיני" (מרדכי ירדני), ביז „די נייע הגדה" (מאַקס העלפמאַן); פון „אויסגע־מאַטערטע פון שטורעם" (ראובן קאָסאָקאָוו), ביז „אייביק פאַלק" (ז. וויינפּער); פון — ווער קען דאָס אַלצדינג אויסרעכענען ? און וואָס איז מיט די אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציעס, וואָס דער און יענער קאָמפּאָזיטאָר האָט געשאַפן ? זייער צאָל איז ווייט, ווייט נישט קיין קליינע !

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען נישט מער ווי אַנגעוואָרפענע מוסטערן. צווישן איין אָנגעוואָרפענעם מוסטער און דעם צווייטן, געפינען זיך גרויסע צאָלן אָפּגעדרוקטע קאָמפּאָזיציעס פון אַלע שניטן, קאָלירן און פאַרנעם. היינט, וויפיל אַנגעשריבענע קאָמפּאָזיציעס ליגן אין די שופלאָדן ? איך בין זיכער, אַז זייער צאָל וואָלט דערגרייכט אין די גאָר, גאָר הויכע ציפערן ! מ'קען ביי אַזעלכע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, ווי: מיכל געלבראָט, יעקב שייפער, לאַזאַר וויינער, וולאַדימיר חפץ, לעאָ ליאָוו, זאַוועל זילבערטס, מאַקס העלפמאַן, אברהם בינדער — בלויז ביי זיי אַליין קען מען אָנציילן צענדליקער און צענדליקער קאָמפּאָזיציעס, געדרוקטע און אין מאַנוסקריפּט.

ווער זיינען עס געוועזן די, וועלכע האָבן פונעם אָנפאַנג ביז צו אונזערע

טעג, באַנוצט זיך מיט די קאָמפּאָזיציעס פון אָט די אַלע דערמאָנטע און נישט־דערמאָנטע קאָמפּאָזיטאָרס? דער ענטפער ליגט פון אויבנאויף: די אַלע אידישע פאָלקס־כאָרן, געוועזענע און די איצטיקע, קאָנצערט־זינגערס, ראַדיאָ־זינגערס, רעקאָרדינג־אַרטיסטן, און אויך נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע זינגערס, פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן ליב צו פאַרציען אַ ליד, אַ ניגון, איבערן גאָרן לאַנד פון אונזער גרויסער אַמעריקע. די צאָל אידישע פאָלקס־כאָרן, קאָנצערט־זינגערס, ראַדיאָ־זינגערס, רעקאָרדינג־אַרטיסטן אין אַמעריקע, דאַרף באַמערקט ווערן, איז ביז דאָ נישט לאַנג צוריק געווען אַ גאַנץ גרויסע. אויך די צאָל פון נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע זינגערס, פאָלקס־מענטשן, איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע, איז געווען אַ גאַנץ היפּשע. איך זאָג „געווען״, ווייל די צייטן און די אומשטענדן האָבן זיך געביטן. איך וועל קומען דערצו שפּעטער. דערווייל ווען מיר כאַפּן אַ קוק אויף די פּיאָנערן, אויף די ביז איצטיקע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס אונזערע, די בויערס און שאַפערס פון דער אידישער נגינה און מוזיק אין אַמעריקע: ווער זיינען זיי געווען, פון וואָס פאַר אַ מוזיקאַלישן טייג זיי זיינען געווען געקנאָטן — און אויך ווער זיינען די אַלע אידישע פאָלקס־כאָרן, קאָנצערט־זינגערס, ראַדיאָ־זינגערס, רעקאָרדינג־אַרטיסטן זיינען געווען?

ס'איז גאַנץ קלאָר, אַזוי קלאָר ווי דער טאָג ביים שרייבן אָט די שורות, אַז די אַלע אויבנדערמאָנטע און אויך נישט־דערמאָנטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, זיינען נישט אַרונטערגעפאַלן פונעם הימל אַראָפּ, נאָר האָבן געוואָרצלט טיף אינעם גאָרן אידישן לעבן, האָבן געהאַט נאָענטע שייכות'ן מיטן אידישן ליד, מיטן אידישן ניגון, און דער גאָרער אידישער קולטור. זייער צוגאַנג צו דער אידישער נגינה און מוזיק, האָט נישט אַרויסגעקוואָלן בלויז פון זייער מוזיקאַלישער קענטעניש און מוזיקאַלישן טאַלאַנט אַליין, נאָר דער עיקר דערפון, וואָס אָרגאַניש איז די אידישע נגינה און מוזיק זיי גאָר, גאָר שטאַרק אָנגעגאַנגען. עס איז ביי זיי נישט געווען דער ווילן בלויז צו שאַפן סתם מוזיק צו ווערטער, צו לידער דערפאַר, וואָס זיי זיינען געשריבן מיט אידישע אותיות, נאָר דער עיקר צו שאַפן מוזיק אידישע צו דורכאויס לידער אידישע — דאָס איז געווען זייער הויפּט כוונה! צו דערהויבן און אַרויסהויבן דעם אידישן ניגון, דעם אידישן קלאַנג, צו באַרייכערן דערמיט נישט בלויז דאָס אידישע ליד, די אידישע פּאָעמע, נאָר די גאַנצע אידישע קולטור! זיי זיינען געווען אַן אָרגאַנישער טייל פונעם

אידישן לעבן, פון דער אידישער סביבה, פון די אַלע זוכענישן און פּאַרלאַנגען, אַספּיראַציעס און אידעאַלן, נאַציאָנאַלע און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען.

אין וועלכן אידישן ווינקל פון אַמעריקע מען זאָל זיך נישט קערן, קומט אויס זיך אָנצושלאָגן אויף די גרויסע, מוזיקאַלישע בייטראַגן פון די פריער אויסגערעכנטע קאָמפּאָזיטאָרס. צי דאָס זיינען די אידישע פאָלקס־כאָרן, אַרבעטער־כאָרן, נאַציאָנאַלע כאָרן, ווי למשל: די אַלע פאָלקס־כאָרן פון דער לינקער באַוועגונג, די אַרבעטער־רינג כאָרן, די פאַרבאַנד־כאָרן, דער אידישער קולטור־כאָר, דער זאַוועל זילבערטס געזאַנג־פאַראיין — זיינען זיי נישט בלויז „באַשיכט" געוואָרן מיט דער מוזיק פונעם גרעסטן טייל פון די פריער־דערמאָנטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, נאָר האָבן די כאָרן געבויט און זיי דיריגירט במשך פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן. מיכל געלבאַרט, יעקב שייפער, לאַזאַר וויינער, זאַוועל זילבערטס, וולאַדמיר חפץ, לעאָ ליאָוו, מאיר פּאָזנער, מאַקס העלפמאַן, האָבן גאַנצע שטיקער פון זייערע לעבנס, ענערגיע, האַרץ און נשמה אַריינגעלייגט אין די אידישע פאָלקס־כאָרן פון אַמעריקע — אָט די פאָלקס־כאָרן, וועלכע האָבן מיט זייערע קאָנצערט־אויפטריטן אין די גרעסטע קאָנצערט־זאַלן פון לאַנד, געבראַכט אַזויפיל פרייד און באַגייסטערונג, יום־טוב און דערמונטערונג! דאָס זעלביקע אויך די דיריגענטן, וואָס זיינען געקומען צו די אידישע פאָלקס־כאָרן שפּעטער, ווי משה ראַוך, דער דיריגענט פונעם ניו־יאָרקער אידישן פילהאַרמאָנישן כאָר, יהודה מאַלעק, דער איצטיגער דיריגענט פונעם באַנייטן אַרבעטער־רינג־כאָר אין ניו־יאָרק, וואָס זיינען מיט לייב־און־לעבן אַריינגעטאָן אין זייער אַרבעט.

אַזעלכע כאָראַלע ווערק, אַשטייגער, ווי מיכל געלבאַרט'ס קאָנטאַטע „מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע" (י. ל. פּרץ), יעקב שייפער'ס אָראַטאָריע „די צוויי ברידער" (י. ל. פּרץ), לאַזאַר וויינער'ס קאָנטאַטע „אַ מעשה פון אַמאָל" (י. גויכבערג), לעאָ ליאָוו'ס „ראש השנה לאילנות" (יהואָש), וולאַדימיר חפץ'עס „די אידישע לעגענדע" (ח. נ. ביאַליק), מאַקס העלפמאַנ'ס „די נייע הגדה" (איציק פעפער), זאַוועל זילבערט'ס „יעקב'ס חלום" (אברהם רייזען), משה ראַוכ'ס „דער באָבע חלום" (א. גאָלדבערג), און אַזעלכע קלענערע כאָר־אַרבעטן, ווי: מאיר פּאָזנער'ס „מאַי־ליד" (מ. סאַרעריוועס), אברהם עלשטיינ'ס „מיר וועלן זיין" (יעקב מאַרינאָוו), ראובן

קאָסאַקאָוו׳ס „אויסגעמאַטערטע פון שטורעם״ (אברהם ליעסין), יואל חיות׳עס „געלע בלעטער״ (אפרים אויערבאַך), האָבן באַרייכערט די גאָרע אידישע מוזיק־ליטעראַטור נישט נאָר אין אַמעריקע אַליין. די גרונט־טענער און מאָטיוון פון אָט די אויסגערעכנטע כאָראַלע ווערק, שטאַמען פון די שורש׳דיקע קוואַלן, פונעם אָריגינעלן אידישן טראָפּ, אידישע נוסחאות, אידישע פאָלקס־לידער, חסידישע ניגונים — לויכטן אין זייער אייגענעם ליכט, קלינגען אין זייער אייגענעם קלאַנג, זינגען זיך אין זייער אייגענעם געזאַנג. איר פילט אין זיי דעם אידישן גוסט און גייסט, דעם אידישן מהות, פאַרטראַכט און קלער.

און — צי דאָס זיינען די אָרטאָדאָקסישע שולן, קאָנסערוואַטיווע צענטערס און רעפאָרם־טעמפּלען אין אַמעריקע — וועט איר צווישן די שאַפערס אויך פון אָט דעם צווייג פון דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור, געפינען די נעמען פון: אַ זאַוועל זילבערטס, לעאָ ליאָוו, לאַזאַר וויינער, מאַקס העלפמאַן, אברהם עלשטיין, ראובן קאָסאַקאָוו, אברהם בינדער, וועמעס ווערק פאַרנעמען, אויב נישט דעם אויבנאַן, איז אַ גאָר אַנגעזעעען אָרט. שוין יאָרן לאַנג ווי לאַזאַר וויינער פירט אָן מיטן כאָר פון איינעם פון די סאַמע אָנגעזעענסטע רעפאָרם־טעמפּלען אין ניו יאָרק. אויך דער פאַרשטאָרבענער מאַקס העלפמאַן האָט יאָרן לאַנג אָנגעפירט מיט אַ כאָר אין איינעם פון די אָנגעזעענסטע קאָנסערוואַטיווע טעמפּלען אין נואַרק. אַזוי אויך זאַוועל זילבערטס, לעאָ ליאָוו, ראובן קאָסאַקאָוו, אברהם בינדער, וולאַדימיר חפץ. זיי זיינען קיינמאָל נישט אַוועק פונעם שורש, און אויב אפילו יאָ, האָט עס נישט לאַנג געדויערט — זיי זיינען אַלע צוריקגע־קומען . . .

אַוודאי האָבן זיך געפונען אייניקע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט, זיי האָבן געמיינט, אַז מ׳קען פון דער לופט שעפּן מוזיק . . . אַנדערע, ווידער, האָבן זיך פאַרמאָסטן צו שאַפן „אַלאַ״־שובערט, „אַלאַ״־מאָצאַרט, „אַלאַ״־מוסאָרגסקי, אָבער עס האָט לאַנג נישט גענומען און זיי האָבן איינגעזען זייער טעות . . . מ׳קען פון דער לופט, ווי שוין באַמערקט, נישט שעפּן קיין מוזיק, פונקט ווי אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז אויסגעוווייקט אינעם אידישן מעלאָס, ווי אינעם אידישן לעבן בכלל, וואָס שטעקט מיטביידע פיס אינעם אידישן ניגון, קען נישט שאַפן ווי די דערמאָנטע „אַלאָס״ . . .

זאָל דאָ געזאָגט ווערן לשבח פון די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַז זיי זיינען אין אַלע זייערע שאַפונגען, אפילו אין די אויסגעשפּראָכענע לידער, וועלכע האָבן באַזונגען דעם „קאָמיוג״ און דעם „קאָלכאָז״, די פּאַרטיי און די רויטע אַרמיי, פונעם אידישן מוזקאַלישן שורש נישט אָוועקגעגאַנגען. איך רעד דאָ נישט פון אַזעלכע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס פון פאַר דער רעוואָלוציע, ווי אַ משה מילנער, אַן אַלעקסאַנדער קריין, וועלכע האָבן זיך מיט זייער גאַנצן וועזן געפונען אונטערן איינפלוס פון דער „פּעטערבורגער געזעלשאַפט פאַר אידישער פאָלקס־מוזיק״, וואָס זיי האָבן אין יאָר 1908 געהאָלפן גרינדן צוזאַמען מיט יואל ענגעל, יוסף אַהרון, שלמה ראָזאָווסקי, נאָר אפילו די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן שאַפן שוין נאָך דער רעוואָלוציע, ווי אַ לייב יאַמפּאָלסקי, איינער פון די באַגאַבסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, דער מחבר פון וועלט־באַרימטן אידישן „וויג־ליד״, אויף איזי כאַריקס ווערטער: „ס'איז קיין ברויט אין שטוב ניטאָ״, און נאָך אַנדערע דאָרטיקע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס פון זיין קאַליבער — זיינען נישט אָפּגעטראָטן פונעם אידישן קוואַל, פונעם ריינעם אידישן מעלאָס, פונעם אמת'דיקן אידישן, האַרציקן ניגון, וואָס איז דורכגעווייקט מיט דעם אידישן גוסט, געשמאַק און טעם. אדרבה! גייט אַרויס און קויפט די פּלאַטע מיטן אָקאַרשט־דערמאָנטן „וויג־ליד״, געזונגען פון סידאָר בעלאַרסקי, אָדער פונעם שרייבער פון די שורות און פון נאָך אַנדערע אידישע זינגערס — און איר וועט הערן אויף ווי ווייט אידישלעך דער דאָזיקער ניגון קלינגט! ווי טיף ער שטעקט אין דער אידישער נגינה, און וויפיל אידישע נשמה עס ליגט אין אים!

וועגן דער נייער מוזיק, וואָס ווערט געשאַפן אין ישראל, וועל איך רעדן שפּעטער.

צוריק צו די שאַפערס און אויסטרעגערס פון דער אידישער נגינה און מוזיק אין אַמעריקע. מיר האַלטן ביי די אידישע קאָנצערט־אַרטיסטן — ווער זיינען זיי געווען? וואָס זיינען זיי אויסן געווען? איז זייער צוגאַנג צום אידישן ליד, צום אידישן ניגון געווען ניט מער ווי אַ פּרנסה'דיקער, אָדער האָבן זיי אויך געהאַט אַ נאָענטע שייכות, אַן אינעווייניקסטן אינטערעס, אַ קרובה'שאַפט און אַ נשמה'דיקע צוגעבונדקייט צום אידישן ליד, צום אידישן וואָרט, צום אידישן קלאַנג, טאָן און ניגון?

ס'איז קיין ספק נישט, אַז די אַלע אידישע קאָנצערט־זינגערס, ראַדיאָ־

זינגערס, רעקאָרדינג־אַרטיסטן אין אַמעריקע, וואָס איך האָב געקענט — און קען — זיינען נישט בלויז געווען — און זיינען — טיף־אידישלעכע מענטשן, נאָר זיי זיינען מיט לייב־און־לעבן געווען — און זיינען — אַריינגעטאָן אינעם אידישן ליד, ווי אינעם גאָרן אידישן קולטורעלן לעבן. ניין, איך האָב זיי נישט געקענט, — און קען זיי נישט — די אידישע קאָנצערט־זינגערס, ראַדיאָ־זינגערס, רעקאָרדינג־אַרטיסטן, ווי זייטיקע, נאָר ווי דורכאויס אינעווייניקסטע, ווי געטרייע שומרים, ווי אמת׳ע פאַרליבטע, וואָס האָבן זיך געשפיגלט — און שפיגלען זיך — אין יעדן אידישן אות פונעם אידישן ליד, אין יעדער אידישער נאָטע פונעם אידישן ניגון, מאָטיוו און מעלאָדיע. איך קען עדות זאָגן, אַז יעדער איינער פון די אידישע קאָנצערט־זינגערס, ראַדיאָ־זינגערס, רעקאָרדינג־אַרטיסטן, וואָס איך האָב דאָ אויפן געדאַנק, האָט דעם אידישן ליד און דעם אידישן ניגון געדינט מיט אומגעהייערער איבערגעגעבנקייט און גרייטקייט אויף קרבנות.

איך וועל אָנהויבן מיט די, וועלכע זיינען דאָ געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָבן פאַרלייגט די „נעצן" פונעם אידישן דיכטערישע ליד און אָריגינעלן אידישן ניגון און דער „פאַנג" האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן: ניקאָלאַי זאַסלאַווסקי, פנחס יאַסינאָוסקי, חיים קאָטיליאַנסקי, מרדכי הערשמאַן, משה רודינאָוו, איזאַ קרעמער, יוסף ווינאָגראַדאוו, מאַקסים בראָדין, גדליה שיינפעלד, סידאָר בעלאַרסקי, עמאַ שייווער, סאָול מייזל (איצט אַ חזן אין קליוולאַנד), מאַשאַ בעניאַ, מאַרטאַ שלאַמאַ, מאיר שטיינוואָרצל, מישאַ ראַפּעל, חנה׳לע סטראָמבערג, מנשה אָפּענהיים, ראָוז מאַלאַוויסטאַ, לייב גלאַנץ, פּ. פינטשיק, שלום טאַנין, פריידעלע אוישער, מאַרט פרימאַן, רחל רעליס, בינא לאַנדאָוו, ברכה סקולניק, אינגריד ריפּינסקי, דוד עלען, שפרה לערער. דאָס זיינען די, וואָס איך האָב שטענדיק געהאַט — און האָב — אין אויג, ווייל דאָס פיינערע אידישע דיכטער־ליד און דער אָריגינעלער אידישער ניגון איז געווען — און איז — זייער ציל, זייער כוונה, און טאָג־טעגלעכער אַטעם. זיי האָבן זיך מיטן שענערן אידישן ליד און פיינערן אידישן ניגון אַרומגענומען, ווי מיט אַ געליבטער און אַ געליבטן ... אויף דער קאָנצערט־בינע, אויף דער ראַדיאָ, איבערן לאַנד, אויף היימישע שמחות און אַלערליי ימים־טובים — אומעטום איז דאָס ליטעראַרישע אידישע וואָרט פונעם אידישן ליד, דער אָריגינעלער און אמת׳דיקער קלאַנג פונעם אידישן ניגון, געווען ביי זיי אויף דער צונג ...

איך האָב ביז איצט געערעדט אויסשליסלעך וועגן דעם אידישן ליד אין אַמעריקע, און וואָס איז מיטן ישראל־ליד? ווי אַזוי האָט ער דאָ זיך אָנגענומען? ווער זיינען דאָ געווען זיינע ערשטע פאַרזייער און טרעגער אויפן היגן באָדן?

איך האָף, אַז דער לייענער וועט מיר מוחל זיין, וואָס אַרום אָט דעם־אָ ענין, וועט מיר אויסקומען צו דערמאָנען אויך מיין נאָמען. איך געדענק, אין די דרייסיקער יאָרן, ווען איך בין צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל, האָב איך צווישן דער גרויסער צאָל אידישע זינגער אין ניו־יאָרק, געפונען בלויז איין זינגער, משה נאַטאַנזאָן, וועלכער האָט אין זיינע פּראָגראַמען אַריינגענומען אויך ארץ־ישראל לידער, אָדער ווי מ׳האָט דעמאָלט גערופן „פּאַלעסטינער לידער". מיין אָנהייבן דאָ זינגען אויף קאָנצערטן און גלייכצייטיק אויף דער ראַדיאָ אונטערן נאָמען „דער פּאַלעסטינער זינגער", מיט וועלכן ב. וולאַדעק האָט מיך געקרוינט (דאָס איז אַ קאַפּיטל, וואָס געהערט צו דער אידישער ראַדיאָ־געשיכטע אין אַמעריקע), מחמת דריי־פערטל פון מיינע אַלע פּראָגראַמען זיינען באַשטאַנען דורכאויס פון „פּאַלעסטינער לידער", און דערנאָך דאָס קומען אַהער פון דער תימנ׳ער זינגערין ברכה צפירה און איר מאַן נחום נאַרדי — האָט אָנגערעגט דעמאָלט דעם און אַ צווייטן אידישן זינגער, אָדער זינגערין, אַריינצונעמען אין זייערע פּראָגראַמען אַ פּאַלאַסטינער ליד. מיט דער צייט האָבן די ארץ ישראל לידער אָנגעהויבן צו ווערן פּאָפּולער. נאָך דעם אויפקום פון דער אידישער מדינה, זיינען ישראל־לידער געוואָרן אָבליגאַטאָריש פאַר יעדן אידישן און אויך נישט־אידישן זינגער — אויף אידישע קאָנצערטן.

אַצינד, קום איך צום עיקר פונעם ישראל־ליד. אַז די ערשטע לידער, וואָס מ׳האָט געשאַפן און געזונגען אין ארץ־ישראל, אָדער ווי עס האָט געהייסן פּאַלעסטינע, אין די קיבוצים און אין די שטעט, זיינען געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון רוסישע, פּוילישע און רומענישע מאָטיוון, פּונקט ווי גאָר אַ סך פון די איצטיקע נייע געשאַפענע לידער אין ישראל, וועלכע ווערן דאָרט און אומעטום אין דער וועלט געזונגען, פאַרמאָגן אין זיך היפּשע פּאָרציעס איינפלוס פון אַרמענישער, גריכישער, שפּאַנישער מוזיק. דאָס איז פאַר מוזיק־מבינים גאַנץ קלאָר. אָבער אַז סיי צווישן די סאַמע ערשטע, און סיי צווישן די איצטיקע נייע געשאַפענע לידער, פריער אין ארץ־ישראל, און איצט אין ישראל, געפינען זיך גרויסע צאָלן ניגונים פון אַ ריין תימנ׳יש־

אידישן־טאָן, תימנ׳יש־אידישן־קאָליר און טעם — אויך דאָס איז פאַר מוזיק־מבינים גאַנץ קלאָר. און אַט־די ניגונים און מאָטיוון, מיט אַ צולאָג פונעם גרויסן אומאויסשעפּלעכן נוסחאות־קוואַל, פאָלקס־ליד־קוואַל, חסיד׳יש־ניגונ׳דיקן־קוואַל, טאַנץ־קוואַל, ועל־כולם, דער טראָפּ־קוואַל און דער ליטורגישער קוואַל, וועלן מיט דער צייט, באַשטימט ווערן דער „אבן־פּנה״, דער גרונט־שטיין פון דער נייער ישראל׳דיקער מוזיק. לויט מיין מיינונג, וועט אַט דער סינטעז, ווערן איינער פון די גאָר גרויסע אידישע בייטראָגן צו דער גאָרער מוזיקאַלישער וועלט.

נו, איך האָב דאָ ביז איצט גערעדט וועגן די גרויסע אויפטואונגען, פאַרמעסטונגען און דערגרייכונגען פון דער אידישער נגינה און מוזיק אין אַמעריקע. אַצינד וואָלט מען באַדאַרפט פּרואוון ענטפערן אויף דער פראַגע: ווי עס האַלט איצט מיט דער אידישער נגינה און מוזיק אין אַמעריקע — וואוהין גייט זי ? איך וועל נישט ענטפערן אויף דער פראַגע באַזונדער, אָבער אינעם אויספיר פון מיין סך־הכל וועט דער לייענער געפינען מיין ענטפער אויף דער פראַגע.

אַז מיר זיינען אין דערמיט פון אַן איבערגאַנג־פּראָצעס אין גאַנצן אַמעריקאַנעם אידישן לעבן, דאָס ווייסן אַלע. עס גייט נישט בלויז אינעם לשון אַליין — דאָס איבערגיין פון אידיש אויף ענגליש, נאָר אַ סך מער און טיפער. די טראַנספאָרמאַציע איז אַזאַ שאַרפע, וואָס האָט נישט, דאַכט מיר, איר גלייכן אין דער אידישער געשיכטע ... נישט אין די נייע פאָרמען גייט עס, נאָר דער עיקר אינעם נייעם פּנים וואָס האַלט זיך אין אַרויסשיילן — אַ פּנים, פאַר וועלכן איך האָב, ליידער, נאָך דערווייל נישט קיין ריכטיקן נאָמען ... די דאָזיקע טראַנספאָרמאַציע, אגב, גייט דורך יעדער סעקטאָר פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן.

זייענדיק אויסגעבונדן מיטן אידישן לעבן אין אַמעריקע, קענענדיק עס נישט פון דרויסן, נאָר פון אינעווייניק, אַדאַנק מיין דירעקטן קאָנטאַקט אין משך פון יאָרן מיט כלערליי שיכטן אידן: די רעפאָרם־אידן דורך זייערע טעמפּלען; די קאָנסערוואַטיווע אידן דורך זייערע צענטערס; די אָרטאָדאָקסישע אידן דורך זייערע שולן און ישיבות, און די פאַרשיידענע, אַזוי־גערופענע, וועלטלעכע אידן — ווי די פאַרבאַנד־אידן, אַרבעטער־רינג־אידן, פּראָגרעסיווע אידן, וגם, די פאַרשיידענע ציוניסטישע אידן, די „וואַי״־אידן, בני־ברית־אידן, דורך מיינע קאָנצערט־אויפטריטן, מיין דאַווענען

ימים־נוראימס פאַרן עמוד אַט פאַר דעם סעקטאָר, אַט פאַר יענעם סעקטאָר, מיין האַלטן לעקציעס אויף מוזיקאַלישע טעמעס — בין איך געקומען צו דער מסקנה:

די צוקונפט פון דער אידישער נגינה און מוזיק הענגט אָפּ אין דער אויספורעמונג און געשטאַלטונג פונעם נייעם אידישן פנים אין אַמעריקע.

זאָגן מעג מען: עס וועלן באַשטימט קומען אַנדערע אידישע קאָמפּאָ־זיטאָרס, אפשר נאָך מער טאַלאַנטירטע פון די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, וועלכע האָבן דאָ געבויט און געשאַפן די אידישע מוזיק־ליטעראַטור, אָבער אָן דער טיפער איינגעוואָרצלטקייט, טראַדיציע, סביבה, אָנגעזאַפּטקייט מיט אידישקייט און היימישקייט מיטן קוואַל, ווי די פריערדיקע...

עס וועלן אַוודאי אויך אויפשטיין אַנדערע אידישע קאָנצערט־זינגערס, ראַדיאָ־זינגערס, רעקאָרד־אַרטיסטן, אפשר נאָך מער טאַלאַנטירטע פון די, וואָס האָבן דאָ אויסגעטראָגן דאָס אידישע ליד, דעם אידישן ניגון, אָבער אָן דער נשמה׳דיקער פאַרקניפּטקייט און צוגעבונדנקייט, אָן דער גרויסער ליבשאַפט, ווייט נישט פונעם זעלביקן טייג געקנאָטן, ווי די ראשונים...

עס וועלן דאָ געוויס אויך אויפשיינען אַנדערע אידישע כאָר־דיריגענטן, אפשר נאָך מער באַגאַבטע פון די, וואָס האָבן נישט בלויז דיריגירט מיט די אידישע פאָלקס־כאָרן, נאָר געהאָלפן זיין בויען, אָבער אָן דעם ברען, אָן דער פאַרקאָכקייט און התלהבות, ווי די ערשטע...

און עס וועלן דאָ מסתמא אויך אויפשפּראָצן אַנדערע אידישע פאָלקס־כאָרן, אפשר נאָך בעסערע און פלייסיקערע ווי די, וואָס זיינען געווען און וואָס זיינען נאָך דאָ, אָבער אָן דער גוואַלדיקער געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט, וואָס די אידישע מיידלעך און בחורים, פרויען און מענער, און אפילו זיידעס און באָבעס, האָבן געפילט צו די אידישע פאָלקס־כאָרן — אָט־די וואָס זיינען נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין שאָפּ גיך געלאָפן צו די פּראָבעס...

דעריבער דערלויב איך זיך צו האָבן מיינע ספיקות וועגן דער צוקונפט פון אידישער נגינה און מוזיק אין אַמעריקע — יעדנפאַלס אַט די אידישע נגינה און מוזיק אויף וועלכע איך, און אַנדערע ווי איך, האָבן זיך דערצויגן, און וואָס מיר האָבן אין זיך טיף איינגעזאַפּט, אינאיינעם מיט דער מאַמעס מילך...

„אידישע קולטור״, אקט. 1969, נ. י.

# פילהאַרמאָנישער פאָלקס כאָר

דאָס פאַר אַ ניגון — אַזאַ מענטש. זינג מיר אַ ניגון און איך וועל דיר זאָגן ווער דו ביסט!

ווען איך הער די אידישע פאָלקס־מענטשן פון פאַרשידענע אידישע פאָלקס־כאָרן אין אַמעריקע זינגען, הער איך נישט בלויז זייער געזאַנג נאָר אויך זייערע צילן, כוונות, אידעאַלען, פאַרלאַנגען, חלומות און געריכטע שטרעבונגען.

דערפאַר פאַרמאָגט דאָס געזאַנג פון די אידישע פאָלקס־כאָרן אַ ספּעציעלן זינגעוודיקן טעם, וואָס מען קען עס נישט געפינען אפשר ביי קיין שום פאָלקס־כאָרן ביי אַנדערע פעלקער. אַז אַ אידישער פאָלקס־כאָר, אַ שטייגער, זינגט אַ ליד וועגן שלום, האָט עס גאָר אַ ספּעציעלן קלאַנג. ס׳איז דאָך גוט באַוואוסט, וויפל אידן האָבן זיך אָנגעליטן פון מלחמות. דער גאַנג פון דער געשיכטע האָט עס נישט איינמאָל בלוטיק און גרויזאַם באַוויזן...

איך בין זיכער, אַז דער גאַרער עולם אינעם אָנגעפּאַקטן טאַון האָל, פאַריקן שבת אָוונט, וואו ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן דער יערלעכער קאָנצערט פון אידישן פילהאַרמאָנישן פאָלקס־כאָר, אונטער דער לייטונג פון דעם דיריגענט משה ראוף, האָט געפילט אַזוי ווי איך, פרייד און דעם אידעאַליזם וואָס האָט אַרויסגעזונגען פון די הערצער פון יעדן איינציקן זינגער אין כאָר. דער קאָנצערט איז געווען אַ געלונגענע דעמאָנסטראַציע פון האַרמאָנישער צונויפגוס פון וואָרט און קלאַנג, אָנגעפירט פון אַ געניטער קאָנטראָלינדיקער האַנט — אַ דעמאָנסטראַציע פון פיינעם, דערהויבנדיקן כאָר־געזאַנג!

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב זיך שטאַרק געשראָקן פאַר מענדעלסאָנ׳ס אָראַטאָריע „אליהו״. דאָס איז נישט קיין שפּילכעלע! מען דאַרף זיך אונטער־גאַרטלען צו קענען זינגען אַזאַ ווערק! אָבער — וואָס פאַר אַן אָנגענעמע איבעראַשונג! אמת׳ע פאַכמענישקייט און פּראָפעסיאָנעלקייט!

אַוודאי זיינען די זינגער פון כאָר געווען ווי אין דער היים ביי זיך, ווען זיי האָבן געזונגען די גרופּע לידער, ווי: פּרץ מאַרקיש׳עס „דעם גרעסטן בוים״, מוזיק פון יעקב שייפער, אָדער אברהם רייזענ׳ס ליד „מלחמה״, מוזיק פון מיכל געלבאַרט; מרדכי זעירא׳ס ליד, אין אַ אידישער איבערזעצונג

„קלינגען ווידער", אַראַנזשירט פאַר כאָר פון מאַקס העלפמאַן; צי „שיר העמק" אין אַ אידישער איבערזעצונג פון בער גרין, מוזיק פון מאַרק לאַוורי און יעקב שייפּער׳ס אַראַנזשירונג פון דעם פאָלקס־ליד „אַ ליבע אין אַן אומגליק", דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. כאָטש אינגאַנצן איז די מוזיק אויך אין דער אָפּטיילונג נישט געווען לייכט, אָבער טעכניש זיינען די לידער נישט שווער צום זינגען. עס האָבן געמאַכט אַ גאָר גוטן איינדרוק — געלבאַרט׳ס מוזיק צו אברהם רייזענ׳ס ליד „מלחמה" פאַר צוויי שטימען, געזונגען פון די אַלטן און די סאָפּראַנעס, אַ קאָמפּאָזיציע וואָס דאַרף, לויט מיין מיינונג, אָפּטער געזונגען ווערן פון די אידישע פאָלקס־כאָרן, סיי צוליב דעם טעקסט און סיי צוליב דער מעלאָדישער מוזיק; זעירא׳ס „קלינגען ווידער" — אַ פּרעכטיקע כאָר אַראַנזשירונג פון מאַקס העלפמאַן, און מאַרק לאַוורי׳ס „שיר העמק". יעקב שייפּער׳ס אַראַנזשירונג פון דעם פאָלקס־ליד „אַ ליבע איז אַן אומגליק", איז אַ פּערל אין דעם אוצר פון אידישן פאָלקס־געזאַנג!

אָבער מיין אויער, פאַרשטייט זיך, איז געווען אָנגעשטעלט הויפּט־זעכלעך אויף די צוויי גרעסערע ווערק: משה ראַוכ׳ס מוזיק צו פּרצ׳עס „אויב נישט נאָך העכער", לויט אַ דיכטערישער ווערסיע פון איטשע גאָלדבערג און פעליקס מענדעלסאָנ׳ס באַרימטע אָראַטאָריע „אליהו", צום אידישן טעקסט פון י. א. ראָנטש. דאָ האָט זיך געפילט פאַרמעסט צוזאַמען מיט דערגרייכונג, אי פון דעם דיריגענט און אי פון די זינגער.

צוערשט — וועגן משה ראַוכ׳ס מוזיק צו „אויב נישט נאָך העכער". דאָס איז, לויט מיין מבינות, משה ראַוכ׳ס סאַמע גרעסטער קאָמפּאָזיטאָרישער אויפטו! עס האָט זיך אים פולשטענדיק איינגעגעבן צו באַנעמען, אויפצוכאַפּן און צו זען די נשמה פון דעם טעקסט און אים אָנקליידן אין אַ מוזיקאַלישן מלבוש פון עכטע אידישע פאָלקס־טענער, וואָס לייגן זיך מחיה׳דיק סיי אויפן אויער און סיי אויפן שכל. עס איז דאָ אַ פאַרוואָס און אַ פאַרווען פאַר יעדן מין מאָטיוו, פאַר יעדן מין אַקאָרד און פאַרן גאַנצן געוועב פון דער קאַנטאַטע. און ווי פיין דער כאָר צוזאַמען מיטן סאָליסט, וויליאַם וואולף, האָבן דעם דאָזיקן גרעסטענעם מוזיקאַלישן געוועב אַרויסגעהויבן און דערהויבן! מיט וואָס פאַר אַן אַפּעטיט יעדע סעקציע באַזונדער פון כאָר האָט זיך איינגעביסן סיי אין די ווערטער און סיי אין דער מוזיק, ווי געטריי און איבערגעגעבן זיי האָבן די מוזיקאַלישע זאַצן איינגעשלונגען און אַרויסגעזונגען בקול־רם!

די גרונט־טענער וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר משה ראוך האָט אַריינ־געקייטלט אין דער מוזיק פון זיין קאָמפּאָזיציע ליגן דער עיקר אין דעם אופן, בעסער געזאָגט אין די מאָטיוון, סיי ווי מען פלעגט פאַרטאָג וועקן אידן, ספּעציעל אין די קליינע שטעטלעך, און אפילו אין די גרויסע שטעט, אַז זיי זאָלן אויפשטיין צו „עבודת־הבורא", צו גיין „זאָגן תהילים", אָדער אויפשטיין צו „סליחות", און סיי אין דעם סליחות׳־דיקן־גוסט, ווען דער בעל־תפילה צי דער חזן שטעלט זיך זאָגן „אשר בידו נפש כל חי" און דערגייט צום קלימאַקס פון „הנשמה לך". און ווען דער כאָר צעזינגט זיך חסידיש־מעסיק „אידעלעך דאַרפן געזונט, אידעלעך דאַרפן שלום", האָט דער פאָלקס־געזאַנג גענומען די אויבערהאַנט איבער די נוסח׳דיקע גוסטן און ס׳איז געווען ווי אַ פרישע כוואַליע וואָלט אויפגעגאַנגען — אַ פאָלקס־געזאַנג פון לויטערן חסידישן קוואַל, וואָס האָט געקוויקט דעם גומען!

קורץ: אַ געראָטענע קאָמפּאָזיציע לכל־הדעות, וואָס דאַרף דעם קאָמפּאָזיטאָר אָנפילן מיט שטאָלץ, אָבער אויך די זינגער צוזאַמען מיטן סאָליסט, וואָס האָבן די גאַרע קאָנטאַסטע אַזוי שיין און פּראָפעסיאָנעל געזונגען!

נו, וואָס נאָך קען געזאָגט ווערן וועגן פעליקס מענדעלסאָנ׳ס אָראַ־טאָריע „אליהו", וואָס איז שוין נישט געזאָגט געוואָרן? אַז דאָס איז אַ ווערק פון טיפע דימענסיעס, פון גרויסן מוזיקאַלישן פאַרנעם און איז ברייט־באַקאַנט אין דער גאַרער וועלט, איז אַ דבר־ידוע. דאָס איינציקע וואָס בלייבט צו טאָן איז זיך אָפּשטעלן אויף דעם אופן, ווי אַזאַ גרויס ווערק איז פאָרגעפירט געוואָרן פון אַ נישט־פּראָפעסיאָנעלן כאָר.

איך האָב שוין אין אָנהויב פון מיין אַרטיקל באַמערקט: עס איז נישט קיין שפּילכעלע צו פאַרמעסטן זיך זינגען מענדעלסאָנ׳ס „אליהו". עס זעט אָבער אויס, אַז דאָרט וואו עס איז דאָ ווילן און אידעאַליזם, איז נישט שייך צו ריידן פון טעכנישע שוועריקייטן אָדער פון אויסמיידן פאַרמעסטונגען? סיי דער דיריגענט און סיי די זינגער פון דעם כאָר האָבן באַוויזן איין זאַך: די שווערע אַרבעט, די אַנצאָליקע פּראָבעס זיינען ווערט געווען די רעזולטאַטן! איך חזר איבער נאָכאַמאָל: איך בין געווען אָנגענעם איבעראַשט פון דער פאַכמענישקייט, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן — און פילן — ביים זינגען מענדעלסאָנ׳ס מייסטערהאַפטע אָראַטאָריע! אַוודאי זיינען דאָ און דאָרט געווען קליינינקע טשעפּקעלעך, אָבער אין אַלגעמיין גענומען איז די גאַנצע

מוזיקאַלישע קאַנווע, אַרויסגעקומען מיט העכסט־געלונגען מיט אַלע אירע קאָלירן און ניואַנסן, מוזיקאַלישע פיגורן און מאַניפעסטאַציעס. די זינגער האָבן גערן און געטריי אויסגעפירט די אָנווייזונגען פון דעם דיריגענט, אָפּגעענטפערט אויף אַלע ניואַנסן און אַקאָרדן, מיט דער גרעסטער פּאַרזיכטיקייט און אָפּגעהיטקייט.

גרויס לויב פאַרדינט דער אַקאָמפּאַניסט יודזשין קוזמיאַק, וואָס האָט מיט זיין קינסטלערישער פּיאַנאָ־באַגלייטונג צוגעטראָגן אַ גאַר היפּשן חלק צום גרויסן דערפאָלג פונעם קאָנצערט, — אַ קאָנצערט, וואָס וועט בלייבן אַ לאַנגע צייט אינעם זכרון פון יעדן מוזיק־ליבהאָבער וואָס האָט אים בייגעוואוינט!

אויך דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן דער פידלער, לאָרענס גאָלדמאַן, וועלכער האָט צוגעטראָגן זיין טייל צום העכסט־געלונגענעם, גייסטרייכן קאָנצערט פונעם ניו־יאָרקער אידישן פילהאַרמאָנישן פאָלקס־כאָר.

„מאָרגן פרייהייט״, מאַי 27, 1966, נ. י.

# וולאַדימיר חפץ

## אַ טרער און אַן אָפּשאַצונג

די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן נישט מיט דער כוונה צו געבן אַ פולע אָפּשאַצונג וועגן דעם אַקאָרשט פלוצלונג־פאַרשטאָרבענעם באַרימטן אידישן קאָמפּאָזיטאָר און כאָר־דיריגענט וולאַדימיר חפץ. פאַר דעם דאַרף מען האָבן מערער צייט און אַ סך פלאַץ, ווייל וולאַדימיר חפץ האָט עס כשר פאַרדינט — הן ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, כאָר־דיריגענט, פּיאַניסט און אַקאָמפּאַניסט גם יחד.

צווישן דער פלעיאַדע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן און כאָר־דיריגענטן אין אַמעריקע איז וולאַדימיר חפץ געווען פון די, וואָס זיינען אַהער געקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געקומען פון רוסלאַנד דורכאויס אַ רוסיפיצירטער, אַן אמת׳ער „רוסאַק״ אין פולן זין פון וואָרט. זיין אידישער וויסן איז געווען אויפן „שפּיץ־מעסער״ און פון אידישער נגינה און אידישער

מוזיק האָט ער געהאַט גאָר קנאַפּע ידיעות. ער האָט אָבער זייער גיך זיך „אַסימילירט״ און איז מיט דער צייט געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן און פון די אָנערקענטסטע אידישע כאָר־דיריגענטן אין אַמעריקע.

חפץ׳עס ערשטער אַרויספאָר ווי אַ אידישער כאָר־דיריגענט איז געווען מיט דעם כאָר פון דער אַמאָליקער „אידישער קולטור געזעלשאַפט״, וואָס איז אָנגעגאַנגען מיט זיין געזאַנג היפּשע יאָרן שוין נאָך דעם אַפילו, ווי די דאָזיקע קולטור־אָרגאַניזאַציע איז אונטערגעגאַנגען. דער כאָר איז געבליבן און האָט געטראָגן דעם נאָמען „אידישער קולטור כאָר״ און האָט אַ פּאָר צענדליק יאָרן געלעבט און געווירקט אין זיין אייגענעם זכות, וועלכער האָט זיך געשאַפן אַ גוטן נאָמען אויף דער אידישער מוזיקאַלישער גאַס אין אַמעריקע. די יערלעכע קאָנצערטן, וואָס דער „אידישער קולטור כאָר״ פלעגט געבן אין טאַון־האָל, קאַרנעגי־האָל, זיינער געוואָרן אַ „שם־דבר״ און האָבן ביי אַלעמען אַרויסגערופן באַוואונדערונג — סיי מחמת דעם, וואָס דער כאָר איז געשטאַנען אויף זיינע אייגענע פיס אָן דער הילף פון פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, און סיי צוליב זיינע מוזיקאַלישע פאַרמעסטונגען.

צווישן זיינע גאָר גרויס פאַרמאָסטענע קאָנצערטן האָט זיך מיר טיף איינגעקאַרבט אין זכרון דער פיינער קאָנצערט אין קאַרנעגי־האָל מיטן אויפזינגען פון ה. לייוויק׳ס באַרימטער דראַמאַטישער פּאָעמע „דער גולם״, וואָס וולאַדימיר חפץ האָט געשריבן די מוזיק צו איר. עס איז דעמאָלט אויפגעטראָטן דער וועלט־באַוואוסטער אידישער אָפּערע־זינגער, מיין זייער חשוב׳ער אושאָמירער־זשיטאָמירער לאַנדסמאַן פון מיין באָבעס־צד, אַלעקסאַנדער קיפּניס ווי אַ סאָליסט. דער דאָזיקער קאָנצערט איז געווען און געבליבן אַ היסטאָרישע דאַטע צווישן די פאַרמעסטן און אויפטריטן פון די אידישע פאָלקס־כאָרן אין אַמעריקע — אַ קאַפּיטל אידישע מוזיקאַלישע קולטור געשיכטע, וואָס וואַרט אויף זיין תיקון און אויף זיין היסטאָריקער.

איך בין זיך דאָ מודה, אַז במשך פון די צוואַנציק יאָר צייט, וואָס איך האָב געשריבן גאַנצע סעריעס וועגן באַרימטע זינגערס, מוזיקערס, קאָמפּאָזיטאָרס, דיריגענטן, חזנות און חזנים אין „טאָג״, פלעג איך זייער אָפט און וואַרעם שרייבן וועגן אידישן „קולטור־כאָר״ און זיין דיריגענט וולאַדימיר חפץ. איך האָב געפילט, אַז סיי דער כאָר און סיי דער דיריגענט זיינען באַרעכטיקט צו אָט דער ספּעציעלער באַציאונג און וואַרעמקייט. נישט

זייענדיק פֿאַרבונדן מיט קיין פּאַרטיי, האָט דער כאָר און דער דיריגענט זיך פֿריי געקענט „צעפּירן" די הענט, זינגען און טאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט — מיט דער חבר׳ישער הילף פֿון די געטרייע זינגערס. ספּעציעל דאַרפֿן דאָ דערמאָנט ווערן די לאַנג־יאָריקע צוויי הויפּט־אָנפֿירערס פֿונעם כאָר: דער זינגער סאָל טיסמאַן און זיין פֿרוי גוטאָ. די דאָזיקע צוויי איבערגעגעבענע מענטשן זיינען געבליבן די הויפּט־אָנפֿירערס אויך נאָך דעם ווי דער „אידישער קולטור כאָר" האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק זיך פֿאַראייניקט מיט דעם „פֿאַרבאַנד" כאָר. פֿאַרשטייט זיך, אַז צוזאַמען מיטן אידישן קולטור־כאָר איז מיטגעגאַנגען אויך זיין דיריגענט, חפֿץ, וועלכער האָט מיט נייער און פֿרישער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט פֿון אָנפֿירן דעם בשותפֿות׳דיקן כאָר.

חפֿץ האָט נאָך אַ קורצער צייט זיך אַרויסגעוויזן צו ווערן איינער פֿון אונזערע שפּרודלדיקסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן אין אַמעריקע. צו דעם האָט ער פֿאַרמאָגט עפּעס, וואָס זייער ווייניק פֿון אונזערע היגע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן פֿאַרמאָגט דערפֿון — מוזיקאַלישן הומאָר. חפֿץ האָט נישט בלויז ליב געהאַט צו שרייבן נאָטן, נאָר אויך צו שפּילן זיך מיט הויפֿנס נאָטן, ווי אַ קינד שפּילט זיך מיט אַ פּילקע. איר דאַרפֿט בלויז הערן איינע פֿון אָט די צוויי זיינע מוזיקאַליש־שפּיל׳ןוודיקע הומאָרעסקעס, ווי „משה גנבה׳ט אַרבעס" אָדער „ציפּקע לויפֿט און ״האָוועט" אויף צו איבערצייגן זיך אין דעם. ער האָט געהאַט אַ גרינגע מוזיקאַלישע פּען און ער האָט געקענט טאָן מיט איר וואָס ער האָט געוואָלט. אויך זיינע אַראַנזשירונגען פֿון אייניקע פֿאָלקס־לידער זיינען געווען חידושים. ער האָט אין זיך פֿאַרמאָגט אַ סך געשמאַקע מעלאָדישע מאָטיוון, קאָליריקע האַרמאָניזאַציעס, פֿול מיט פֿאָלקסטימלעכע קנייטשן און האַרציקער נאַענטקייט. חפֿצ׳עס אַ קאָמפּאָזיציע, אַ כאָראַלע אָדער אַ סאָלאָ, האָט זיך געוואָלט הערן. דער מוזיק־ליבהאָבער, ווי דער מבין, האָט הנאה געהאַט אי פֿון זיינע מעלאָדישע מאָטיוון און אי פֿון זיינע מוזיקאַלישע איינפֿאַלן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען חפֿץ דער כאָר־דיריגענט, דער פּיאַניסט און דער אַקאָמפּאַניאַטאָר. דאָס זיינען דריי געביטן, וואָס יעדער פֿון זיי פֿאָרדינט אַ באַזונדערע אָפּשאַצונג. חפֿץ דער דיריגענט האָט אפֿשר נישט געגלאַנצט אַזוי ווי חפֿץ דער קאָמפּאָזיטאָר, פּיאַניסט אָדער אַקאָמפּאַניטאָר. אָבער ער האָט פֿון די זינגערס פֿונעם כאָר געענוי און פּינקטלעך אַלצדינג

אַרויסגעקראָגן וואָס ער האָט געוואָלט — און דווקא אָן די אויסערלעכע קערפּערלעכע עפעקטן און זשעסטן. ער האָט זיך געהאַלטן פשוט, אָבער אַלע מאָל מוזיקאַליש־קאָרעקט, פאַכמעניש־אויסגעהאַלטן — ריינער כאָר־געזאַנג, אָן שום פוצן.

חפץ דער פּיאַניסט, ווידער, פלעגט זייער אָפט אויפטרעטן אויף קאָנצערטן און האָט שטענדיק אויסגענומען ביים עולם. די פּיאַנאָ־קלאַווישן ביי אים האָבן נישט בלויז געשפּילט, נאָר פשוט געזונגען הינטער זיינע פינגער. ער איז נישט געווען קיין ווירטואָז, אָבער אַ העכסט־געראָטענער פּיאַניסט. עס קען זיין, אַז ווען ער וואָלט די אַלע יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט אָט דעם געביט אַליין, אפשר וואָלט ער געווען דערגאַנגען צו ווירטואָזיטעט אָדער כמו־ווירטואָזיטעט.

דערפאַר האָט חפץ גאָר שטאַרק זיך אויסגעצייכנט ווי אַן אַקאָמפּאַניסט — אַ געביט, וואָס האָט אים באַליבט און באַרימט געמאַכט סיי צווישן זינגערס און סיי צווישן שפּילערס פון אינסטרומענטן. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות קען עדות זאָגן, אַז ס'איז פאַר אַ זינגער באמת געווען אַ נחת־רוח צו שטיין אויף דער קאָנצערט־בינע און זינגען מיט חפצ'ן ווי אַ באַגלייטער אויף דער פּיאַנאָ. ער האָט מיט זיין שפּילן אין קיין פאַל נישט געזוכט „אַריבערצושפּילן" דעם זינגער, ווען אים „דעקן", כדי זיך אַרויסצואווייזן און אַרויסצושיינען, ווי עס איז, ליידער, אָפט די טבע פון מיינסטע אַקאָמפּאַניאַטאָרן. איך ווייס נישט פון נאָך אַ אידישן אַקאָמפּאַניאַטאָר אין ניו־יאָרק, מיט דעם אַבסאָלוטן אויסנאַם פון לאַזאַר ווײַנער, וואָס איז אַזוי אָפּגעהיט געווען מיט זיין אופן אַקאָמפּאַנירן, ווי חפץ.

„פרייע אַרבעטער שטימע", אויג. 1, 1970, נ. י.

# חנה אַפּעל — אַ קרעפּטיקער טאַלאַנט

דער „איגאַר ראָוז גאַרדן האָטעל", אין די קעטסקיל־בערג, איז צווישן דעם אידישן עולם אין ניו יאָרק און אומגעגנט געווען באַקאַנט סיי צוליב זיינע גאַסט־פּריינטלעכע באַלעבאַטים — דאָראַ און איסר איגער, און איידאַ און אייב ווייַנגאַרט — און סיי צוליב דעם וואָס אַהין פלעגן פאָרן פאַרברייַנגען זייער וואַקאַציע באַרימטע אידישע שרייבער, מוזיקער, אַקטיאָרן, זינגער, טעאַטער־דירעקטאָרן, רעזשיסאָרן וכדומה. צווישן אַנדערע האָט איר דאָרטן געקענט געפינען ה. לייוויק, יוסף ראָלניק, זישע וויינפער, וויקטאָר פעקער, מיכל ראָזנבערג, יהודה בלייך, מישאַ ראַפּעל, חנה׳לע סטראַמבערג, יעקב בערגרין, יוסף רומשינסקי, ציליע אַדלער, חנה אַפּעל און נאָך אַנדערע. און טאַקע אינעם „איגאַר ראָוז גאַרדן האָטעל" האָב איך זיך באַקענט מיט חנה אַפּעל, איינע פון די סאַמע אָנגעזעענסטע אידישע שוישפּילערינס אינעם אידישן טעאַטער, אַן אַקטריסע מיט ברייטע פלייצעס, וועלכע האָט די מייסטע יאָרן געשפּילט מיט מאָריס שוואַרץ׳ן אין זיין אידישן קונסט טעאַטער, וואו זי האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט, און מיט וועמען איך בין געבליבן פריינט ביז איר אַוועקגיין פון דער וועלט.

חנה אַפּעל האָט אין לויף פון איר טעאַטער־קאַריערע געשאַפן אַ ריי בינע־געשטאַלטן וועלכע לאָזן זיך נישט פאַרגעסן און האָבן סיי ביי די טעאַטער־קריטיקער און סיי ביי די אידישע טעאַטער־גייער אַרויסגערופן באַגייסטערונג. איך ווייס נישט אויב זי האָט ערגעץ־וואו געלערנט די טעאַטער־קונסט, איך צווייפל שטאַרק אין דעם, אָבער טאַלאַנט האָט זי געהאַט לרוב און טעאַטער האָט זי געקענט שפּילן ווי ווייניג איר גלייכן. מיר דאַכט זיך, אַז זי איז געווען אַ „רוי שטיק ערד", אָבער פון דעם מין ערד אויף וועלכער עס זיינען אויפגעגאַנגען און געוואַקסן פאַרשידענע געראָטענע זריעות — קורץ, אַ געבאָרענעם טאַלאַנט האָט זי געהאַט די רומענישע, די בוקאָרעשטער, וואָס די נאַטור אַליין קאָן פון זיך אַרויסגעבן. זי האָט גערעדט און געשפּילט אַזוי נאַטירלעך און היימיש, אַזוי מענטשלעך־לעבעדיק, אַז ווי גרויס אָדער ווי קליין די ראָל איז נישט געווען, האָט איר פאַר זיך אַלעמאָל געזען אַ קלאָר־אויסגעפורעמטן צאַפּלדיקן כאַראַקטער.

ווער עס האָט געזען חנה אַפּעל אין דער ראָל פון דער „טיקערין" אין מאָריס שוואַרצ׳ס אידישן קונסט טעאַטער, אין י. י. זינגער׳ס „יאָשע קאַלב", וועט זי געדענקען אַ לעבן־לאַנג. אַזעלכע אויסגעקנאָטענע פיגורן, אויסגע־האַמערטע טאַנאַציעס, לאָזן זיך בשום אופן נישט פאַרגעסן. זיי שניידן זיך טיף איין אין זכרון און בלייבן טיף אין אייערע ביינער. אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז זי איז געווען אַזוי גוט אַז מ׳האָט זי פּשוט געקאָנט „אויפעסן", זאָלט איר מיר גלויבן.

און פאַר דער דאָזיקער ראָל — קענט איר זיך דערמאָנען חנה אַפּעל׳ס ראָל, אין בערנאַרד שאָו׳ס באַרימטער פּיעסע „מאַדאַם וואָרענס פּראָפעשאָן"! אדרבא: גיט אַ קנייטש אייער שטערן און איר וועט זיך דערמאָנען וואָס פאַר אַ „מאַדאַם" זי איז געווען; איר האָט געפּילט אין יעדן שטריך, אין יעדן קער און ווענד אירן אַז זי איז די „קעניגן" פונעם רייכן „באָרדעל", וואָס האָט אויפגעריסן ווי אַ „באָמבע" און צוזאַמען מיט די לויב־געזאַנגען האָט מען פון בערנאַרד שאָו געריסן שטיקער פאַר זיין ברוטאַלער אָפנהאַרציקייט און נאַקעטן אמת. די פּוריטאַנער האָבן עס נישט געקענט פאַרטראָגן, מען האָט געשריען: נעמט דעם שמוץ אַרונטער פון דער בינע! אָבער די טעאַטער־וועלט האָט זיך נישט געלאָזט איבערשרעקן און מ׳האָט די דאָזיקע פּיעסע געשפּילט אויף אַלע בינעס פון דער וועלט — און אויך אויף דער אידישער. איך האָב געזען פאַרשידענע אידישע און נישט־אידישע אַקטריסעס אין דער דאָזיקער ראָל, אָבער קיינער האָט זיך נישט געקענט צוגלייכן צו חנה אַפּעל׳ס שפּילן פון דער „מאַדאַם". איר האָט געפילט אין איר אָנוועזנהייט אויף דער בינע, אַז דאָס איז זי — די מאַדאַם! אַזוי האָט זי גערעדט און אַזוי האָט זי געהאַנדלט און אַזוי האָט זי זיך אויפגעפירט. און חנה אַפּעל האָט זי נישט פאַרוואולגאַריזירט, נישט פאַרביליקט, נאָר איר געגעבן דעם ריכטיקן „תיקון" אין בלוט און פלייש.

אַז מאָריס שוואַרץ איז געווען אַ „קאַפּריזנער" טעאַטער־דירעקטאָר, איז געווען גוט באַוואוסט אין די אידישע טעאַטער־קרייזן. פלעגט זיך מאַכן, אַז מאָריס שוואַרץ און חנה אַפּעל האָבן זיך „צעווערטלט", און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אַז ער פלעגט דעם קומענדיקן סעזאָן חנה אַפּעל נישט אַנגאַזשירן. געדיינק איך, ווי דער באַוואוסטער טעאַטער־קריטיקער פון „מאָרגן זשורנאַל", דר. א. מוקדוני איז אַרויסגעקומען צו שוואַרצ׳ן מיט אַ טענה: ווי אַזוי האָט ער געוואַגט אַרויסצולאָזן פון זיין טרופּע אין אידישן

קונסט טעאַטער אַזאַ באַגאַבטע אַקטריסע?! און אַזוי האָט רעאַגירט די אידישע פּרעסע אין ניו יאָרק און אויף דער פּראָווינץ. מאָריס שוואַרץ האָט פּרובירט זיך פאַרענטפערן, אָבער ס׳איז געווען אַ שוואַכער „תירוץ״; מ׳האָט אים נישט געגלויבט. שטילערהייט האָט מען אין דער קאָפּע „ראַיאַל״ געשמועסט, אַז ס׳איז דערפאַר וואָס חנה אַפּעל לאָזט זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע...

יאָ, חנה אַפּעל איז געווען קלוג און שאַרף, ווי אַ חלף, דורכדרינגעוודיק און זעעוודיק. זי האָט קיין סך נישט גערעדט אָבער אַז זי האָט שוין גערעדט איז עס געווען קלוג, און זי האָט אַלעמאָל געטראָפן אין פּינטל אַריין. וואָס־וואָס — אָפּנאַרן האָט מען זי נישט געקאָנט.

דרך־אגב, אויב חנה אַפּעל האָט אין איר לעבן געהאַט ביטערע טעג, האָט איר גוטער, איידעלער מאַן, מאָריס ראָוז (ער איז געווען איר צווייטער מאַן) פאַריכט און פאַרגיטיקט מיט זיין געטרייקייט און איבערגעגעבנקייט צו איר. ער האָט זי באַהאַנדלט ווי זי וואָלט געווען אַ גראַפינע, אָדער די „ערשטע־לעידי״ פונעם אידישן טעאַטער. עס האָט זי ליב געהאַט ווי אַ פרוי און האָט אויך שטאַרק אָפּגעשאַצט איר טאַלאַנט, איר אָרט אויף דער אידישער בינע, איר חכמה און קלוגשאַפט. מר. ראָוז איז געווען אַ געשעפטסמאַן, אָבער ווייט פון דעם מין טרוקענע געשעפטסלייט, וועמען אַ חוץ געלט אינטערעסירט קיין זאַך נישט. ער האָט ליב געהאַט דעם אידישן טעאַטער, אידישע אַקטיאָרן, שרייבער, מוזיקער, זינגער, און איז געווען גאָר אַן אָפטער אַריינגייער אין קאָפּע „ראַיאַל״.

חנה אַפּעל׳ס וועלט איז, פאַרשטייט זיך, געווען די טעאַטער־וועלט. דאָס איז געווען דער עיקר פון איר לעבן. די בינע איז געווען איר היים, איר באַדן, איר „מלוכה״. אויף דער בינע האָט זי זיך באַוועגט מיט זיכערע טריט, איר מאַסיווער קערפּער האָט איר געפּאַסט — איבערהויפּט פאַר די ראָלן וועלכע זי האָט כסדר געשפּילט. זי האָט נישט געשפּילט קיין יונגע ווייבעלעך, נאָר אַלעמאָל אַ היימיש־באַלעבאָסטנדיקע פרוי, אַ מאַמע, אַ געטרייע איבערגעגעבנע אידישע פרוי, וועלכע האָט געהאָלפן דעם מאַן שלעפּן דעם שווערן פאַמיליע־וואָגן, דעם יאָך פון לעבן, פון זאָרג פאַר דער פּרנסה, פאַר די קינדער, פאַר דער שטוב און פאַר דער גאָרער אָרעמער ווירטשאַפט.

און טאָמער האָט זי אַמאָל געשפּילט אַ ראָל פון אַ רייכער דאַמע, פון אַן

אויפגעקומענער גביר׳טע, האָט זי די ראָל דורכגעפירט מיט אַזויפיל גראַטעסק, ווי מ׳וואָלט איר אָנגעטאָן אַ „כאַמאַס״, און זי האָט מיט דעם אַרויסגערופן האַרציקע געלעכטערס. זי האָט פאַרשטאַנען ווען זי דאַרף אַ מאַך־טאָן מיט דער האַנט, אַ הויב־טאָן מיט די אַקסלען און ווען דורכ־צושטעכן און דורכצושפּיזלען מיט אירע שאַרפע אויגן, מיט איר חלפ׳דיקן קוק. זי האָט געקענט זיין ביז גאָר סאַרקאַסטיש, בייסיג און שפּאַסיג, און אַלץ איז ביי איר אַרויסגעקומען געראָטן, צאַפּלדיק און לעבעדיק.

חנה אַפּעל איז געווען אַ גרויסער טאַלאַנט, פון די סאַמע קאַליבער־דיקסטע אידישע אַקטריסעס אין אידישן טעאַטער. אויף איר האָבן זיך דירעקטאָרן און רעזשיסאָרן געקענט פאַרלאָזן, אַז זי וועט איר ראָל דורכפירן בשלימות. דער דראַמאַטורג האָט נישט געהאַט קיין זאָרגן, אַז זי וועט אים קאַליע מאַכן די אָנגעשריבענע ראָל, דעם אָנגעמאָלענעם כאַראַקטער — צי דאָס איז געווען אַ דראַמע אָדער אַ קאָמעדיע. מיט אַזעלכע שוישפּילערינס ווי חנה אַפּעל האָט מען געקענט ווייט גיין און גאָר אַ סך אויפטאָן. זיי זיינען אַ מתנה פון גאָט פאַרן טעאַטער, פאַר דער בינע, פאַרן רעזשיסאָר, פאַר אַ טרופּע, און פאַרן פּיעסן־שרייבער. מען געפינט זיי נישט קיין סך, אַזעלכע אַקטריסעס „וואַלגערן״ זיך נישט אויף די גאַסן און מאַרקן; אויף אַזעלכע דאַרף מען לאַנג וואַרטן ביז זיי באַווייזן זיך. און אַז זיי באַווייזן זיך, זיינען זיי אַ גרויס געווינס פאַר יעדן טעאַטער.

„מאָרגן פרייהייט״, מערץ 11, 1975, נ. י.

# בערטאַ גערסטיין

## אַ טרער

בערטאַ גערסטיין האָט געהערט צו אַ קליינע כיתה באַרימטע אידישע אַקטריסעס, ווי ציליע אַדלער, חנה אַפּעל, בינא אַבראַמאָוויטש, מאָלי פּיקאָן, וואָס וועלן מיט גאָלדענע אותיות פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע פונעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

זי איז געווען אַ שוישפּילערן מיט אייגענע בינע־מאַניערן, בינע־שטריכן און טעאַטראַלישע־מאַניפעסטאַציעס. אַ מאַך מיט דער האַנט, אַ בליק מיט

אירע גרויסע אויגן, אַ הייב מיט די אַקסלען, אַ שטראַל מיטן פּנים, אַ קנייטש מיטן שטערן, אַ באַוועג מיטן קאָפּ, און עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ געשטאַלט, אַ בינע־פיגור, אַ לעבעדיקער מענטש, לויט דעם אָנגעגעבענעם פּראָגראַם־כאַראַקטער. דערצו האָט זי פאַרמאָגט אַ שאַרפן חיתוך־הדיבור, אַ זעלטן־קלאָרע דיקציע און אַ קול, ווי אַ זילבער־גלאָק. אין וועלכן ווינקל פון טעאַטער איר זענט געזעסן האָט זיך איר קול געטראָגן ווי אַ שופר. אַ ליכטיקער טאָן, ווי אַ פרישער קוואַל באַשטראַלט פון אַ צעהעלטער זון, איז געפלאָסן פון דער בינע אַראָפּ, וואָס האָט ממש געגלעט דעם אויער.

בערטאַ גערסטיין איז געווען דורך און דורך אַ אידישע שוישפּילערין, אפילו ווען זי האָט געשפּילט אויף דער אַמעריקאַנער בינע. זי האָט די אידישע געפילן נישט געקענט באַהאַלטן, עס האָט פון איר אַרויסגעציטערט די אידישע נשמה, ווי אַ סטרונע פון אַ טשעלאָ. זי האָט אַנדערש נישט געקענט זיין, ווייל זי איז געבוירן געוואָרן צו זיין אַ אידיש אַקטריסע און נישט עפּעס אַנדערש. דער אידישער טאָן איז טיף אין אירע ביינער געלעגן. זי האָט אים אומעטום געטראָגן אין האַרצען ביי זיך, זי איז מיט אַלע אירע רמ״ח אברים געווען אַ אידישע אַקטריסע.

זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז בערטאַ גערסטיינ׳ס אידיש האָט געהאַט אַלע אידישע טעמים, ווי זי וואָלט אָקאָרשט אַראָפּ פון דער שיף און מיטגעבראַכט איר היימישן געשמאַקן אידישן לשון, הגם זי איז געקומען קיין אַמעריקע אין עלטער פון עלף יאָר. זי האָט שטאַרק שטאַלצירט מיט איר קלאָרן זאַפטיקן אידיש ריידן, טאָן און קלאַנג. זי האָט געוואוסט אַז זי נעמט שטאַרק אויס דערמיט נישט בלויז ביי די אידישע טעאַטער־גייערס נאָר אויך ביי אירע אייגענע קאָלעגן.

איך ווייס נישט, ווי ווייט איר אינטעליגענץ איז געגאַנגען, און ווי הויך איר קולטור איז געווען, איך ווייס אָבער אַז ווען ס׳איז געקומען צום אַרויס־ברייגנען אַ ראָלע, אויסשפּילן אַ כאַראַקטער ביזן דנאָ און צום איבערגעבן דעם פולן תמצית פונעם טעאַטער־געשטאַלט אויף דער בינע וואָס זי האָט פאַרגעשטעלט, האָט זי נישט בלויז אַרויסגעוויזן אַ קלאָרע פאַרשטענדעניש און אַ בריליאַנטענעם שוישפּילערישן טאַלאַנט, נאָר אויך אַ קולטורעלן צוגאַנג און אַ טיף־פאַרקלערטע אינטעליגענץ. עס איז נישט געווען קיין שום איבערטרייבונג אין אירע טעאַטראַלישע־מאַניפעסטאַציעס: עס איז געווען ריין־זילבערדיק געוויקלט אַרום דעם אַקס פון דער דראַמע, אַ טיפע

פאַרטראַכטקייט צוזאַמען מיט אַ גאָרן אַריינלעב אין דער ראָלע, אין דעם טעקסט, אין יעדן בויג און מינע. אַזוי איז געווען איר אופן־שפּילן ווען זי האָט זיך געפונען אויף דער בינע מיט מאָריס שוואַרצ׳ן אין אידישן קונסט טעאַטער, און אַזוי איז געווען אויך איר שפּילן ווען זי האָט זיך געפונען אויף דער בינע מיט יעקב בן־עמי׳ן און אפילו ביי דזשייקאָבסן אין טעאַטער.

בערטאַ גערסטיין האָט געוואוסט דעם סוד פון קענען אויף דער טעאַטער־בינע אויסשווייגן אַ ־מאָמענט, אַ פּויזע, און אויך פון גאַנצע און האַלבע טענער, פון פאַרטיסימאָס און פּיאַניסימאָס, פון קרעשטשענדעס און מעזאָוואָטשעס. זי האָט גרינג געקענט איבערגיין פון אַ וואולקאַניש־דראַמאַטישן אויסברוך אין אַ ליריש־רירנדיקער שטילקייט אויף אַן אופן, וואָס נאָר באמת גרויסע קינסטלער קענען עס באַווייזן. זי האָט געוואוסט ווען צו הייבן איר טאָן, און ווען צו לאָזן אים פאַלן; ווען צו אויסברייטערן און צו פאַרטיפן די גאַמע, און ווען צו פאַרשמעלערן און אויסשעפּטשען די גאַמע ביז געדעמפּטקייט. איר טעכניק איז געווען אַן איינגעבוירענע, אַן אינווייניקסטע, אַ טיף־איינגעוואָרצלטע, אַ בירושה׳דיקע.

אַוודאי האָט בערטאַ גערסטיין שטאַרק אויסגעצייכנט זיך אין דער ראָלע פון יעקב גאָרדינ׳ס „מירעלע אפרת״, אָבער איך וועל זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן אויך אין דער ראָלע פון דער צאַרטער מירל אין ה. לייוויק׳ס פּיעסע „בעטלער״. אַ קליינע ראָלע אָבער זי האָט אַרויסגעשיינט ווי אַ דימענט! פּונקט אַזוי צאַרט און רירנדיק און פאַרכאַפּנדיק האָט אַרויסגעשיינט איר ראָלע פון חוה אין שלום עליכם׳ס „טביה״, און איר שרה אין „שבתי־צבי״! אָ, וויפיל אַקטיאָרישער טאַלאַנט, בינע־פּערזענלעכקייט, חן און טעאַטראַלישקייט, ליכט און צעשטראַלונג, קלאָר און ליניע! ס׳אַראַ שפע פון שוישפּילערישקייט און קינסטלערישקייט עס איז אין אָט־די דערמאָנטע ראָלן געלעגן: ס׳אַראַ אויסגעפּורעמטע טיף־באַנעמענדיקע צאַפּלדיקע כאַראַקטערן; ס׳אַראַ אומפאַרגעסלעכע בינע־געשטאַלטן!

און אָט, ערשט פאַראַיאָרן, אויף דער קליינע בינע פון דער אידישע „פאָלקס־בינע״ אין טעאַטערל פון דער „פּאָרוועטס״ געביידע, אין יצחק באַשעוויסעס דראַמאַטיזירטער דערציילונג „אין טאַטנ׳ס בית־דין שטוב״ — ס׳אַראַ אויפשטראַל, אויפבליץ אין דער ראָלע פון דער פרוי וואָס קומט צום רב אויסריידן איר ביטער האַרץ. וויפיל שוישפּילערישע וויטאַליטעט און

ווירטואָזיטעט זי האָט אין דער דאַזיקער ראָלע אַריינגעטאָן, ווי וואונדערלעך אויסגעשפּילט, ניין אויסגעזונגען — שוין אויף די עלטערע יאָרן ! אַפּנים, אַז ס׳איז טאַקע אמת, אַז אַקטיאָרן, אמת׳ע געבוירענע טאַלאַנטן, עלטערן זיך קיינמאָל נישט. איינמאָל טאַלאַנט — אַלעמאָל טאַלאַנט ! און דאָס האָט פּאַראַיאָרן בערטאַ גערסטיין בפירוש באַוויזן. זי האָט מיט איר אויסגעצייכנטן שפּילן ממש פאַרכאַפּט דעם גאַנצן עולם אין טעאַטער.

איצט האָט זי גענומען אַפּשייד — אַפּשייד פון דער בינע, אַפּשייד פון דער וועלט, אַפּשייד פון אירע קאָלעגן, אַוועק אין דער אייביקייט. און דאָס איז אַ שאָד . . .

„קענעדער אָדלער״, נאָוו. 3, 1972, נ. י.

# אָלאַ ליליט

ווען אָלאַ ליליט איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט זי דאָ געטראָפן גרויסע אידישע טעאַטער־שטערנס: ציליע אַדלער, מאָריס שוואַרץ, בערטאַ גערסטיין, לודוויג זאַץ, מאָלי פּיקאָן, סעמועל גאָלדינבורג, אַננאַ אַפּעל, מיכאַל מיכאַלעסקאַ, דזשעני גאָלדשטיין, אהרן לעבעדעוו, מיכעלע ראָזענבערג, הערמאַן יאַבלאָקאָוו, מנשה סקולניק, איזידאָר קעשיר, פּאָול באַראַטאָוו, יעקב בן־עמי, מנחם רובין, יצחק פעלד, היימי דזשייקאָבסאָן, לאַזאַר פריד, און נאָך, און נאָך. קורץ: ס׳איז געווען מיט וועמען צו גיין צום „טעאַטער־טיש״ !

היינט די טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס ! יוסף רומשינסקי, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי, אברהם עלשטיין, פילים לאַסקאָווסקי, איליאַ טרילינג, יאַשאַ קרייצבערג, הערי לובין, יודעלע בעלזער. און די דראַמאַטורגן: אָסיפּ דימאָוו, ה. לייוויק, הערי סעקלער, דוד פּינסקי, חנא גאָטפעלד, פּ. בימקאָ, ז. ליבין, פּרץ הירשביין, לעאָן קאָברין, ה. קאַלמאַנאָוויטש, וויליאַם סיגעל, לואיס פריימאַן.

הקיצור: עס האָבן נישט געפעלט קיין טאַלאַנטן אין און אַרום דעם אידישן טעאַטער. מ׳האָט זיך געדאַרפט גוט־גוט אונטערגאַרטלען צו פאַר־

מעסטן זיך מיט דער „פּלעיאַדע״ דאָ אויסגערעכנטע און נישט־אויסגערעכנטע אַקטיאָרן — ווער מיט אַ גרעסערן טאַלאַנט און ווער מיט אַ קלענערן טאַלאַנט, אָבער טאַלאַנטן!

אַלאַ ליליט איז מיט איר קומען קיין ניו יאָרק נישט געבליבן הינטערשטעליק: זי האָט מיט איר ערשטן אַרויסטריט גלייך גענומען דעם עולם. מ'האָט געזען פאַר זיך אַ טאַלאַנט, און נאָך וואָס פאַר אַ טאַלאַנט! אַלע האָבן צוגעגעבן, אַז דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע האָט צוגעקראָגן אַ נייעם טעאַטער־שטערן! אויף סעקאַנד עוועניו און אין „קאַפע ראָיאַל״, האָט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק: אַלע האָבן גערעט וועגן דער נייער אַקטריסע, וואָס די צוויי קינסטלער־באַלעבאַטים פון „סעקאַנד עוועניו״ טעאַטער, יוסף רומשינסקי און מנשה סקולניק, האָבן אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע.

וואַרשע. טאַקע מיט אָט דעם־אָ נאָמען „וואַרשע״ האָט געהייסן די אָפּערעטע, אין וועלכער אַלאַ ליליט האָט געמאַכט איר „דעביוט״ אויף דער בינע פאַרן אַמעריקאַנער אידישן עולם. אַפילו ווען זי וואָלט נאָר געזונגען דעם אייניציקן נומער פון דער אָפּערעטע דאָס ליד „וואַרשע״, וואָלט זי אַלץ פאַרבליבן אין זכרון פון יעדן אידישן טעאַטער־גייער און טעאַטער־ליב־האָבער. יוסף רומשינסקי האָט מיט זיין מוזיק צום ליד פאַרקערפּערט דעם גאַנצן וועזן, וואָס די נייע אַראָפּגעקומענע אַקטריסע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. ס'איז נישט געווען קיין פראַגע פון קיין שטימע, ווי גרויס אָדער ווי קליין, ווי הויך אָדער ווי טיף, און וואָס פאַר אַ שטימע, נאָר פון קענען אויסזינגען אַ ליד מיט אַזויפיל ניואַנסן — אַלאַ אידיט פּיאַף! — וויפיל אַלאַ ליליט האָט דעמאָנסטריט אינעם דערמאָנטן ליד „וואַרשע״!

ס'איז געווען אַ דורכאויס אייגנאַרטיקער געזאַנג און אויסטייטש פון אַ ליד, וואָס האָט ביי עולם אין טעאַטער — און אויך ביי די קריטיקער! — אַרויסגערופן גרויס התפעלות, אַפילו ביי די וועלכע זיינען קיינמאָל אין וואַרשע נישט געווען! און דאָס האָט געזאָגט אַ סך מער ווי די צוויי מחברים פון דער אָפּערעטע: בנימין רעסלער און מנחם (באַריישאַ).

ס'איז קיין ספק נישט, אַז יוסף רומשינסקי האָט מיט זיין מוזיק צו די ליריקס געטראָפן אין סאַמע „פּינטל״ אַריין. און ס'איז פּונקט אַזוי „אויך״ קיין ספק נישט, אַז אַלאַ ליליט האָט פערזאָניפיצירט דאָס ליד „וואַרשע״, ווי קיין שום אַנדערע אַקטריסע וואָלט עס אַזוי מאַלעריש־אָפּגעטאָקט נישט געקענט

אויסזינגען. נישט נאָר הער איך, נאָר איך זע ממש פאַר מיר יעדן קנייטש, יעדע מינע וואָס איז געגאַנגען מיט איר זינגען דאָס ליד. ס׳איז געווען אַ סינטעז פון געזאַנג און שוישפּיל פון ערשטן גראַד; אַ רעגנבויגן פון קאָלירן, מאַנעריזם און מאַניפעסטאַציעס. צוזאַמען מיטן קול וואָס האָט געזונגען איז אויך געקומען אַ זשעסט מיט דער האַנט, אין וועלכן עס איז געלעגן אַ ים מיט שוישפּילערישן טאַלאַנט און שוישפּילערישן חן.

און דאָך, און פאַרט, איז אָט די אייגנאַרטיקע טאַלאַנטירטע אַקטריסע אַלע יאָרן פון איר זיין אין אַמעריקע, געבליבן מחוץ דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן! זי איז קיינמאָל נישט געוואָרן קיין מיטגליד: מחמת די באַרימטע „פּראָבעס", וואָס זיינען געווען אַ מוז פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט ווערן אַ מיטגליד אין דער יוניע. די „עקזאַמענס" זיינען געווען אַן אָנווייטיקטע פּראַגע און אַ שאַנדע פאַר דער יוניע — און אָלאַ ליליט האָט געזאָגט: „ניין! איך וועל אָט די „אינקוויזיציע" נישט דורכגיין!"

וויפיל ראובן גוסקין, דער לאַנג־יאָריקער פאַרוואַלטער פון דער אַקטיאָרן יוניע האָט זיך ביי איר נישט געבעטן: „איר דאַרפט גאָרנישט טאָן, איר דאַרפט זיך בלויז באַווייזן אויף דער קליינינקער בינע פון דער יוניע פאַר די אַקטיאָרן". אָבער זי האָט געזאָגט: „ניין!" און אַזוי איז געבליבן.

אַז די „עקזאַמענס" זיינען געווען פון אַ ברוטאַלן „מין", וועגן דעם איז גאָר קיין פּראַגע נישט! אַקטיאָרן, וועלכע זיינען בייגעווען ביי די „פּראָבעס", האָבן זיך פשוט איזדיקעוועט. שאַ, וואָס דאַרפט איר מער! קענט איר זיך פאָרשטעלן אַ מער לעכערלעכע זאַך, אַז דער גרויסער קינסטלער מאָריס שוואַרץ איז „דורכגעפאַלן" ביי דער „יוניע־פּראָבע" — וואָלט איר זיך עס געגלויבט? מיט דער צייט האָט די אַקטיאָרן יוניע איינגעזען, אַז די דאָזיקע איזדעקישע איינפירעכץ טוט דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע קיין טובה נישט. אייניקע אַקטיאָרן, ווי יעקב מעסטל, אברהם טייטלבוים, יעקב בן־עמי, האָבן זיך פשוט געשעמט מיט אָט דער האַנדלונג און מ׳האָט געאַרבעט מעשים אַז דאָס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן — און מ׳האָט עס אָפּגעשאַפט. אָבער אָלאַ ליליט האָט נאָכדעם אפילו ווי מ׳האָט אַראָפּגענומען די „עקזאַמענס" פונעם „סדר־היום", נישט געוואָלט אַריינגיין און ווערן אַ מיטגליד פון דער יוניע. עס איז איר נישט אָנגעשטאַנען...

דר. א. מוקדוני, דער באַוואוסטער טעאַטער־קריטיקער, האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „איך בויג מיין קאָפּ פאַר אָלאַ ליליט, זי האָט געוויזן אַז זי פאַרמאָגט

כאַראַקטער און אַ שטאָלץ!״ אגב, דער שמועס וועגן אַלאַ ליליט איז פאָרגעקומען ביי אַ גלעזל טיי אין דר. מוקדוני׳ס וואוינונג אין מיאַמי ביטש, וואו אויך אַלאַ ליליט וואוינט שוין לאַנגע יאָרן זינט די צווייטע וועלט מלחמה האָט זיך געענדיקט. זי האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און האָט זיך געהאַט באַגעגנט מיט אַ פלאָרידער יונגערמאַן און חתונה געהאַט. זיי האָבן זיך באַזעצט אין מיאַמי ספּרינג, נישט ווייט פון מיאַמי ביטש, וואו זי וואוינט עד היום.

ווי יעדער בשר ודם, האָט אין איר לעבן אויך אַלאַ ליליט געהאַט אי פרייד אי לייד, — פריער אין וואַרשע דערנאָך אין ניו יאָרק. דער לעצטער קלאַפּ אין איר לעבן איז געווען דער סאַמע טראַגישסטער: דער מאַן, אַ געזונטער, אַ פרישער, איז איין טאָג אויפגעשטאַנען און אַוועק צו דער אַרבעט, ביי בוי־קאָנסטרוקציע, אָבער אַהיים איז ער שוין נישט געקומען צוריק — ער איז ביי דער אַרבעט דער׳הרג׳עט געוואָרן. דאָס איז פאַר איר געווען דער שטאַרקסטער קלאַפּ.

איך האָב אים געקענט: ער איז געווען אַ הויכער שיינער מאַן, שטאַרק געבויט, אַן אמת׳ער אַטלעט. איך האָב אַמאָל ביי זיי פאַרבראַכט אַן אינטערעסאַנטן „וויק־ענד״, כאָטש ער איז געווען ווייט פונעם אידישן לעבן, אַ קריסט, אָבער פון דער נאַטור אַן איידעלער מענטש מיט וואַרעמע געפילן און פיינע מאַניערן. מיר האָט דער דאָזיקער פאַל שטאַרק וויי געטאָן. דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר, חנה׳לע און איך, האָבן זיך באַגעגנט מיט אַלאַ ליליט איז געווען ביי אַ „קערמעשל״ פון אונזערע בשותפות׳דיקע פריינט, דאָראַ און מאַרק מייזעל. אַלאַ האָט מיר אַפילו דעמאָלט שטאַרק אויסגערעדט צוליב עפּעס אַ מיספאַרשטענדלעכן „אינצידענט״, אָבער מיר האָבן זיך מיט דער „הילף״ פון אַ פּאָר גלעזלעך „קאָניאַק״ איבערגעבעטן און מיר זיינען געוואָרן פריינט צוריק.

אונזער פריינטשאַפט איז אַ לאַנגע: זי האָט זיך אָנגעהויבן אין ניו יאָרק אויף דער ראַדיאָ און מיר פלעגן זיך אָפט טרעפן אין די סטודיאָס פון דער סטאַנציע „דאַבליו־אי־ווי־די״, וואו אַלאַ האָט זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע פּראָגראַמען און איך האָב אונטערן נאָמען: „דער פּאַלעסטינער זינגער״ געזונגען דריי מאָל אַ וואָך פּאַלעסטינער און אידישע לידער. די באַגעגענישן אין די סטודיאָס האָבן געהאַט זייערע פריידיקע מאָמענטן: מ׳איז געווען יונג, געזונט, אַמביציעז; עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז עס וועט אייביק אַזוי אָנגיין.

ווער מיר קוקן אויפֿן זייגער! מ׳האָט געלאַכט, געשטיפֿט, געזעסן לאַנגע שעה׳ן אין קאַפֿע „ראַיאַל״ מיט קאָלעגן: „הערמאַן, אַ קאַווע מיט קוכל! הערמאַן, אַ סענדוויטש! הערמאַן, אַ פּאָר רומענישע קאַרנעצלעך!״ די אַפּעטיטן האָבן געאַרבעט „אָווערטאַיִם״, מ׳האָט זיך מיט קיין זאַך נישט גערעכנט, קיין שום זאַך איז נישט געווען צופֿיל, אַלעמאָל צו ווייניק, מ׳האָט געוואָלט נאָך און נאָך, צו די קינסטלערישע אַמביציעס איז נישט געווען קיין גרענעץ...

יאָ, אַלע אין ניו יאָרק און איבערן לאַנד, האָבן געוואוסט ווער אַלאַ ליליט איז. קיין סך אַזעלכע טאַלאַנטירטע אידישע אַקטריסעס זיינען נישט געווען. עס זיינען געווויס געווען גרויסע טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, אָבער איין אַלאַ ליליט! איינע, ווייל דורכאויס אָריגינעל; איינע, ווייל קיינער האָט זיך מיט איר נישט געקאָנט פֿאַרגלייכן; איינע, ווייל זי האָט פֿאַרמאָגט אַ כּוח אויף דער בינע און דעם טאַלאַנט, וואָס האָט געהאַלטן געשפּאַנט אי דעם אינטעליגענט אי דעם מאַסאַוון מענטשן.

נישט קיין הויכע, פֿון מיטעלן וואוקס, אָבער אויף דער בינע איז זי אויסגעוואָקסן צו אַ קלאַסישער הויכקייט, צו אַ קלאַסישער פֿיגור, וואָס איז געווען באַשטראַלט מיט אַ סך פֿרויען־רייץ און טויזנט חנ׳עָן. זי האָט באַהערשט די בינע ווי זעלטן ווער; איר האָט געפֿילט אַז טעאַטער איז איר טעגלעכער ברויט; אַז אויסשפּילן אַ ראָלע אָדער אויסזינגען אַ ליד איז איר אָטעם און לעבן. זי האָט נישט געדאַרפֿט קיין סך: אַ צוק מיטן אַקסל, אַ מאַך מיט דער האַנט, אַ וואונק מיטן אויג, אַ באַוועג, אַ דריי, און איר האָט פֿאַר זיך געזען אַ לעבעדיקע געשטאַלט, אַ צאַפּלדיקן פּאָרטרעט פֿון אַ פּאַרשוין.

אַלאַ ליליט האָט אין זיך געהאַט אַ געוואַלדיקע צוציאונגס־קראַפֿט — אויף דער בינע און אין לעבן. עס איז געווען אַ פֿאַרגעניגן צו זען זי אויף דער בינע און העכסט אָנגענעם צו זיצן מיט איר און פֿאַרברייגנען, ריידן און שמועסן. קלוג, שאַרפֿזיניק, אַלעמאָל מיטן ריכטיקן וואָרט אויף די ליפּן, מיטן שכל׳דיקן געדאַנק, דערוואָקסן, אַנגעהויכט מיט צוויי קולטורן, מיט דער אידישער און מיט דער פּוילישער, מיט דערפֿאַרונגען פֿון ביידע בינעס, פֿריער די פּוילישע דערנאָך די אידישע, גרויס־שטאָטיש אין פֿולן זין פֿון וואָרט, מיט פֿיינע דערצויגענע מאַניערן, אַריסטאָקראַטיש, און דאָך פֿאָלקסטימלעך, מענטשלעך אין אירע רייד און אין איר גאַרער האַלטונג און אויפֿפֿירונג. נישט געווען קיין סך אַזעלכע צווישן די אַקטריסעס אויף

סעקאַנד עוועניו, דערפֿאַר האָט זי געהאַט פֿיל פֿאַרערער, אַלע האָבן זי ליב געהאַט און געזוכט איר חבר׳שאַפֿט און געזעלשאַפֿט.

איך שטעל זיך פֿאָר, ניין, איך בין זיכער, אַז ווען דער אידישער טעאַטער־ווען זון וואָלט איצט געווען אַזאַ ווי ער איז געווען, ווען ניו יאָרק וואָלט אויך איצט געהאַט דרייצן אידישע טאַטערס, ווי ווען אַלאַ ליליט איז געקומען קיין אַמעריקע, וואָלט זי באַשטימט געווען נאָך איצט אויף דער בינע און וואָלט פֿאַרנומען צוריק איר וויכטיקן פּלאַץ. איך האַלט, אַז עס וועט נאָך אַמאָל קומען אַן אויפֿלעבונג, אַ ישועה אויפֿן אידישן טעאַטער, אַ באַנייאונג אויף דער גאַנצער אידישער קולטור. וואָרום ווי קען זיין אידיש לעבן אָן טעאַטער, אָן מוזיק, אָן דעם געשפּילטן און געזונגענעם וואָרט ? !

אידן אין אַמעריקע בייִנקען נאָך איצט אויך נאָך אַ אידיש־געשפּילטן וואָרט, נאָך אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג, נאָך אַ געזונגענעם אידישן ליד; איך ווייס עס פֿון מיין אייגענער דערפֿאַרונג — איבערהויפּט זע איך עס אין מיאַמי ביטש, וואו די שורות ווערן געשריבן. דער קאַמף פֿאַרן אידישן טעאַטער, פֿאַרן אידישן ליד, מוז אָנגיין; מ׳טאָר נישט אויפֿגעבן די האָפֿענונגען, עס מוז קומען דער פֿאַרמעסט, דער ווילן. זאָלן אַזעלכע טאַלאַנטן ווי אַלאַ ליליט אונטערשפּאַרן אַ פּלייצע און נישט דערלאָזן אַז די ירידה זאָל ווערן גרעסער, נאָר פֿאַרקערט: דינען ווי אַ דאַמבע און ווי אַ ליכט־ווייזער פֿאַר אַ באַנייטן אידיש לעבן, אידיש טעאַטער, אידישע מוזיק און אידישע קולטור.

אַנו, אַלאַ ליליט, וואו ביסטו ערגעץ ? שטיי נישט פֿון דער ווייטנס ! דער אידישער טעאַטער דאַרף דיך האָבן ! פֿאַר טאַלאַנטירטע מענטשן איז אַלעמאָל דאָ פּלאַץ — אַפֿילו אין דער גרעסטער ענגשאַפֿט !

„מאָרגן פֿרייהייט״, יולי 6, 1978, נ. י.

# 25 געטאָ־לידער

(טעקסטן און מוזיק, צונויפֿגעשטעלט פֿון מלכה גאָטליב און חנה מלאָטעק. אילוסטראַציעס פֿון צירל וואַלעצקי. אַריינפֿיר פֿון י. מלאָטעק. אַרויסגעגעבן פֿון אַרבעטער רינג, 60 זייטן, ניו־יאָרק, 1968).

מיט לאַנג צוריק האָט די אידישע וועלט אָפּגעצייכנט דעם 25טן יאָר־טאָג פֿון מוסר־נפש'דיקן אויפֿשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ. ס'איז אַ יאָרטאָג וואָס טאָר נישט ווערן פֿאַרגעסן פֿון קיין שום לעבעדיקן מענטשן — און פֿון אידן בפֿרט. מען דאַרף דעם דאָזיקן יאָר־טאָג געדיינקען נישט בלויז צוליב דעם וואָס איז געשען מיט 25 יאָר צוריק, נאָר וואָס קען, לויט דער היינטיקער צערודערקייט פֿון דער וועלט און צעדרודלטער, מאַניאַקישע שפּיצן־קעפּ, אויך געשען מאָרגן און איבערמאָרגן.

אין דער גאָרער שוידער־ און חורבן־ליטעראַטור פֿון און וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה איז שווער צו געפֿינען עפּעס פֿון דעם מין לידער, פּאָעמעס און פֿאַרצייכענונגען וואָס מען געפֿינט אין דער אידישער ליטעראַטור — לידער, פּאָעמעס און פֿאַרצייכענונגען וואָס זיינען נישט געשריבן געוואָרן ערשט נאָכן פֿינצטערן מבול, נאָר אויף דער הייסער מינוט, בעת די פֿייערן האָבן געפֿלאַקערט און די וואַלד־גזלנים האָבן פֿון זייערע מאַשין־ביקסן געשאָסן. די לידער וואָס זיינען געשריבן געוואָרן (אַ סך פֿון זייערע מחברים זיינען נישט קיין פּען־מענטשן) אין די פֿאַרשידענע געטאָס, שטעלן מיט זיך פֿאָר שאַפֿונגען, וואָס וועלן קיינמאָל קיין אידיש אויג נישט לאָזן טרוקן. זיי וועלן אונז אייביק דערמאָנען אין די בלוטיקע טעג, ווען אַ „קולטורעל פֿאָלק", די „איבערמענטשן" פֿון דער וועלט, האָבן אין מיטן העלן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַראָפּגענומען דעם גרים, די שמינקע פֿונעם פּנים, און דער אמת'ער מערדער־פּרצוף האָט זיך אין זיין פֿולער גרויזאַמקייט אויפֿגעדעקט פֿאַר „גאָט און פֿאַר לייט". און איך מוז זאָגן, אַז היטלער און דייטשלאַנד זיינען ביי מיר אַ סינאָנים. ווער עס וויל מאַכן אַן אונטערשייד, זעט נישט דעם פֿינצטערן קעלער פֿון דער גזלנ'ישער דייטשישער נשמה.

געטאָ־לידער! מיר איז אַלעמאָל שווער געווען צו שרייבן וועגן די

כ׳ערליי געזאַמטע געטאָ־לידער, ווי וועגן פּאָעזיע בכלל. פונקט אַזוי איז מיר אויך שווער אָנגעקומען צו שרייבן וועגן די ניגונים צו די דאָזיקע לידער, ווי וועגן מוזיק בכלל. עס האָט מיר אַלעמאָל אויסגעפעלט דער ריכטיקער קאַמער־טאָן, ווייל דעם געוויינלעכן קאַמער־טאָן פאַר פּאָעזיע אָדער מוזיק, טאָר מען נישט און מען קען נישט אָנווענדן — נישט אויף די טעקסטן און נישט אויף די ניגונים וואָס זיינען צו זיי געשאַפן געוואָרן. דער צוגאַנג דאַרף זיין ווי צו געוויסע „פּיוטים״, וועלכע זיינען אין פאַרשידענע צייטן אין שייכות מיט כ׳ערליי גזירות, רדיפות, נגישות, בלוט־בלבולים, פּאָגראָמען אויף אידן אין פאַרשידענע לענדער פאַרפאַסט געוואָרן און זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין סליחות, מחזורים, סידורים, קינות. דאָס איז וועגן די טעקסטן. וועגן די ניגונים דאַרף מען זיך אויך אָפּגעבן אַ „דין־וחשבון״ — נעמלעך: ווען די פייערן ברענען קען מען זיך נישט אַוועקשטעלן זינגען „סערענאַדעס״, טראַכטן פון אָריגינעלע אָדער ריכטיק־צוגעפּאַסטע מעלאָדיעס, נאָר מען כאַפּט וואָס עס לאָזט זיך, וואָס עס קומט אונטער דער האַנט, וואָס עס פאַלט אַריין אין מויל, וואָס עס קלינגט אין אויער...

עס ליגט פאַר מיר אַ קליין ציכטיק ביכעלע מיט 25 געטאָ־לידער, וואָס דער בילדונג־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט צום 25טן יאָרטאָג פונעם מוסר־נפש׳דיקן אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ אַרויסגעגעבן. אַחוץ די טעקסטן און דער מוזיק, צזאַמענגעשטעלט פון מלכה גאָטליב און חנה מלאָטעק, פאַרמאָגט די ציכטיקע זאַמלונג אויך געראָטענע אילוסטראַציעס פון צירל וואַלעצקי, און טראַנסליטעראַציע. קומט געוויס אַ דאַנק דעם בילדונג־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, און ספּעציעל דעם באמת ענערגישן בילדונג־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, יוסף מלאָטעק.

מיטן אויסנאָם פון די צוויי לידער, „קדיש״ פונעם באַוואוסטן דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש, וואָס האָט זיך ביז איצט דערהויבן צו איינעם פון די רירנדיקסטע אידישע מקוננים איבער דעם גרויסן דריטן אידישן חורבן, און „באַבי יאַר״ פון שיקע דריז, וועלכער איז איינער פון די אָריגינעלסטע און זינגעוודיקסטע אידישע דיכטער אין היינטיקן רוסלאַנד, זיינען אַלע לידער פון אָט דער זאַמלונג דורכאויס געשריבן געוואָרן אין די פאַרשידענע אידישע געטאָס פון וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק, אין די טעג און נעכט, פאַרטאָגן און פאַרנאַכטן, ווען אידישע לעבנס זיינען ממש געהאָנגען אויף אַ האָר.

רירנדיקייט און האַרץ־ברעכנדיקייט קלינגען אַרויס פון יעדן ליד באַזונדער. ס׳איז אַ סך מער ווי פּאָעזיע; ס׳איז שטיקער „מחזור״, נשמה־אויסגאָסן — אַ געמיש פון פּחד און לעכצעניש; פון קלעמעניש און אויסגייענדיקייט; פון פרעגעענישן און מאָנונגען; פון שטומענישן און אויסשרייענישן; פון ביטערן פּאָטעסט און באַהאַלטענע האָפענונגען אויף ליכט, פרייהייט און אויסלייז; פון איינזעענישן און טוליענישן איינער מיטן אַנדערן; פון עת־צרה׳דיקן טיילן זיך מיטן זעלביקן ראַנגלענדיקן פינצטערן גורל, וואָס דער אכזר׳ישער דייטש, ימח שמו וזכרו, האָט גזל׳ניש אויפגעשפּילט איבער דעם אידישן קאָפּ.

ווען איר באַהעפט זיך מיט די ערשטע שורות פון כתריאל ברוידאָ׳ס ליד „געטאָ״, און איר קענט נאָך דערצו אויך זינגען דעם ניגון, ווי ער הויבט זיך אָן:

„מיר שטייען ביי די ווענט
מיט הערצער מיט פאַרקלעמטע,
מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט
ווי ביי אַ וויינענדיקער ווערבע, —

דערפילט איר תיכף, טאַקע מאָמענטאַל, דעם גרויסן פּחד, דעם פינצטערן גרויל און אומענדלעכן טיפן צער, וואָס אידן אין די געטאָס האָבן דורכגעלעבט.

אָדער אַז איר שלאָגט זיך אָן אויף פּסח קאַפּלאַנ׳ס ליד „רבקה׳לע די שבת׳דיקע״, סיי אויפן טעקסט און סיי אויף דעם ניגון:

„רבקה׳לע די שבת׳דיקע
אַרבעט אין פאַבריק,
דרייט אַ פאָדעם צו אַ פאָדעם,
פלעכט צונויף אַ שטריק.
אוי, די געטאָ פינצטערע,
דויערט שוין צו לאַנג,
און דאָס האַרץ אַזוי פאַרקלעמט
טוט איר אַזוי באַנג״.

קומט גלייך די פראַגע: אַוואו איז געווען די וועלט — די ברייטע, גרויסע וועלט ? וואָס האָט זי געטאָן צו די ביטערע ווײ־געשרייען, צו די יאָמערדיקע געוויינען, וואָס זיינען דורך פאַרשידענע וועגן, דורך שפּאַלטן און לעכער,

דערגאַנגען צו איר ? גאָרנישט ! דערפאַר האָט די „אוי, די גטעאָ פינצטערע" געדויערט אַזוי לאַנג; ווייל די „שיינע" וועלט איז צו איר געווען טויב און שטום . . .

און אַזוי ווערט אייער האַרץ צעבראָכן און אייער נשמה מיטגעריסן אויך פון די אַנדערע לידער אין דער דערמאָנטער זאַמלונג, ווי: כתריאל ברוידאָ׳ס „צי דאַרף עס אַזוי זיין ?"; ל. אָפּעסקינ׳ס „פּאַרוואָס איז דער הימל"; ישעיהו שפּיגל׳ס „מאַך צו די אייגעלעך"; ש. קאַטשערגינסקי׳ס „וואַרשע"; מרדכי געבירטיג׳ס „מינוטן פון בטחון"; הירש גליק׳ס „זאָג נישט קיינמאָל", און לאה רודניצקי׳ס „דרעמלען פייגלען אויף די צווייגן"; די דאָזיקע לידער וועלן דאַוונען פאַר אונז לדורות.

לאה רודניצקי׳ס „דרעמלען פייגלען אויף די צווייגן" איז איינע פון די צאַפּלדיקסטע געטאָ־לידער אין דער גאַנצער זאַמלונג, און די מוזיק צום ליד איז נישט בלויז איינע פון די פיינסטע קאָמפּאָזיציעס אין דער גאָרער זאַמלונג, נאָר אויך אמת׳דיקע אידישע נגינה פון סאַמע ריינסטן אידישן קוואַל — נישט מער די צוויי צונויפשטעלערס פון דער זאַמלונג, וואָס זיינען צוויי מוזיק־לערערינס, האָבן געמעגט און געדאַרפט וויסן, אַז דעם ניגון האָט דער טאַלאַנטפולער אידישער קאָמפּאָזיטאָר לייב יאַמפּאָלסקי אָריגינעל פאַרפאַסט צו איזי כאַריק׳ס ליד „ס׳איז קיין ברויט אין שטוב נישטאָ", עטלעכע יאָר פאַרן צווייטן וועלט־קריג. עמעצער אין דער געטאָ האָט דעם ניגון אַדאַפּירט. זאָג איך נישט, אַז מען טאָר נישט אַדאַפּטירן אַ ניגון פון איין ליד און אים צופּאַסן צו אַ צווייטן, אָבער דאָס דאַרף ווערן, פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער דאַרפן עס וויסן. עס איז געווען דער חוב פון די צוויי חשוב׳ע מוזיק־לערערינס, וואָס דאַרפן זיין באַהאַוונט אין אַזעלכע ענינים, צו מאַכן וועגן דעם אַ באַמערקונג.

אַחוץ דעם שוין דערמאָנטן אָנגעזעענעם קאָמפּאָזיטאָר ל. יאַמפּאָלסקי, זיינען מיר אויך באַקאַנט די קאָמפּאָזיטאָרס דוד בייגעלמאַן, לעאָן ווינער, רבקה באַיאַרסקאַ, און דער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר מרדכי געבירטיק. די אַנדערע נעמען זיינען מיר פרעמד, אָבער זיי דאַרפן דערמאָנט ווערן: מ. וועקסלער, יאַנקל קרימסקי, אַלעק וואָלקאָווסקי, יאַנקל טרופּיאַנסקי, א. ברודנאָ, באַסיע רובין.

איך וועל זיך דאָ עטוואָס לענגער אָפּשטעלן סיי אויף שיקע דריז׳ס ליד „באַבי יאַר", און סיי אויף רבקה באַיאַרסקאַס מוזיק צום דאָזיקן טעקסט. אַגב,

די קאָמפּאָזיטאָרקע איז, ליידער, דאָ נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן אין מאָסקווע.

לויט מיין מיינונג, האָט דער דיכטער שיקע דריז אין זיין ליד „באַבי יאַר" — דורך די אויסגעוויינטע אויגן פון אַ צעווייטאָקטער אידישע מאַמע וואָס קומט מיט אַ צעריסענעם האַרץ אויף דעם גרויסן יאָמערטאָל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „באַבי יאַר", הינטער קיעוו, זוכן די ביינדעלעך פון אירע צוויי קינדער, צוויי אינגלעך, יאַנקעלע און שלמה'לע, צווישן דעם ריזיקן מאַסן־קבר וואו עס ליגן באַהאַלטן נאָענט צו הונדערט טויזנט אידן, מענער, פרויען, קינדער, טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס, שוועסטער און ברידער, פעטערס און מומעס, גאַנצע אידישע משפחות, וועלכע די דייטשישע רוצחים צוזאַמען מיט זייערע מערדערישע אוקראַינישע אַרויס־העלפערס האָבן אכזריות'דיק אומגעבראַכט — אַ סך, אַ סך שטאַרקער, שאַרפער, טיפער און רירנדיקער אַרויסגעבראַכט די גרויסע אידישע טראַגעדיע, איידער יעווטושענקאָ אין זיין באַרימט־געוואָרענעם ליד מיטן זעלביקן נאָמען. וויפיל מאָל מיר איז אויסגעקומען צו זינגען דאָס דאָזיקע ליד, בלייבט שטענדיק דער עולם זיצן אַ שווייגנדיקער מיט אַ שטילקייט, וואָס וואַרפט אויף מיר אַן אַ פּחד. דערנאָך ערשט קומען די אַפּלאָדיסמענטן, וואָס וואָלטן, ווען מען פרעגט מיך, געדאַרפט אויסגעמידן ווערן. נאָך אַזאַ ליד, ווי נאָך אַן „א־ל מלא רחמים", טאָר מען נישט אַפּלאָדירן . . .

אמת, איך זינג „באַבי יאַר" נישט מיט רבקה באַיאַרסקאַס מוזיק, נאָר מיט אַ ניגון, וואָס איך האָב אַדאַפּטירט פון אַ איד מיטן נאָמען יוסף שאַפּיראָ, נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער, וואָס איז לויט מיין גוסט און מוזיקאַלישער מבינות אַ פיל־מער געראָטענע אידישע קאָמפּאָזיציע מיטן טראָפּ אויף אידישע.

איך קום צוריק צום אָנהויב פון מיין אַרטיקל: דער בילדונג־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג פאַרדינט אַ סך לויב פאַר אַרויסגעבן די דאָזיקע זאַמלונג. און די צוויי מוזיק־לערערינס, מלכה גאָטליב און חנה מלאָטעק, צוזאַמען מיט דער אילוסטראַטאָרין צירל וואַלעצקי, קומט אַ ספּעציעלער בוקעט־בלומען, פאַר צוגרייטן אָט־די ציכטיקע אידישע לידער־זאַמלונג.

„אידישע קולטור", אָקט., 1968, נ. י.

# מאָמענטן באַראַנקיאַ

די רייזע פון ווענעזועלאַ קיין קאָלאָמביאַ מיטן עראָפּלאַן נעמט נישט לאַנג. דער עראָפּלאַן פליט אַרויס פון קאַראַקאַס, די הויפּט־שטאָט פון ווענעזועלאַ, שטעלט זיך אויף אַ ווייל אָפּ אין מאַראַקייבאַ און איידער איר קוקט זיך אַרום זייט איר שוין אין קאָלאָמביאַ — אין באַראַנקיאַ.

וואָס דאָס איז פאַר אַ שטאָט האָב איך נישט געוואוסט, פונקט ווי איך האָב נישט געהערט פון אַזעלכע שטעט אין קאָלאָמביאַ ווי: קאַלי, מעדעלין, קאַרטאַכענאַ, אַרמעניאַ, פּערעיראַ, פּאָפּאַיאַן, קוקוטאַ. געוויס האָט יעדער איינער געהערט פון באָגאָטאַ, די הויפּט שטאָט פון קאָלאָמביאַ, אָבער — באַראַנקיאַ ? ווער האָט געהערט פון באַראַנקיאַ, וואָס שרייבן שרייבט מען: באַראַנקילאַ ? און אַז מ׳האָט שוין געלערנט געאָגראַפיע קען מען עס אַלץ געדיינקען ?

אינעם לעבן אָבער פונעם קאָלאָמביאַנער פאָלק, פאַרנעמט באַראַנקיאַ אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. ערשטנס איז זי איינע פון די פּאָר גרויסע שטעט אין קאָלאָמביאַ, צווייטנס פאַרמאָגט זי אַ וויכטיקן האַפן, וואו עס קומען אָן שיפן מיט אַלערליי סחורות, פּאַסאַזשירן, און דריטנס — וואוינען דאָרט אַ הייפעלע אידן פון די פופצן טויזנט אידן וואָס געפינען זיך אין קאָלאָמביאַ.

איך בין אָנגעקומען קיין באַראַנקיאַ פונקט צו מיטאָג. אַלע גאַסן זיינען בוכשטעבלעך ליידיק געווען. די געשעפטן, די בענק, די פאַבריקן, די אָפיסעס — אַלץ איז געווען פאַרהאַקט און פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער. דער עולם איז פאַרנומען געווען ביים עסן מיטאָג. כ׳האָב קוים געקענט קריגן אַ פּלאַץ אינעם רעסטאָראַן פון האָטעל דעל־פּראַדאָ, וואו איך בין פאַרפאָרן. די היץ אין דרויסן איז געווען אומדערטרעגלעך, אָבער אינווייניק אין רעסטאָראַן איז געווען קיל אַ מחיה. דערפאַר האָט דאָרט דאָס עסן געטויגט אויף כּפּרות. דאָס בעסטע אויף דער מעניו, איז געווען דער קאַלטער ביר. עס האָט מיך שטאַרק געדאַרשט און איך האָב געטרונקען מער ווי איך האָב געקענט.

אַחוץ דער שרפה׳דיקער היץ, וואָס האָט מיר ווי מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ דערלאַנגט אַ זעץ אין פּנים אַריין ביים אַרויסגיין פון עראָפּלאַן אויפן באַראַניקער לופט־פעלד, אַז איך האָב אַזש דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן,

איז וואָס מ׳האָט אין רעסטאָראַן דערלאַנגט צום טיש איז געווען אויסגעווייקט אין פעטס. כ׳האָב אין ווענעזועלאַ געהאַט דעם זעלביקן פּראָבלעם מיטן עסן — עס האָט נישט געטויגט. אויסער דעם וואָס אַלצדינג ווערט דאָרט געקאָכט אין פעטס, קאָכט מען נאָך דערצו אָדער צו געזאַלצן, אָדער צו זיס — און איך האָב ביידע זאַכן נישט ליב. אָבער פאַרפאַלן: כ׳האָב געמוזט עסן, ווייל איך האָב קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט.

יאָ, ס׳איז נישט גרינג פאַר אַן אַמעריקאַנער זיך צוגעוואוינען צו פרעמדע מאכלים — בפרט פאַר אַזאַ סענסעטיוון „פאַרשוין״ ווי איך בין... אָבער דאָס אַרומפאָרן איז אויף אַלץ מכפר. ס׳איז טאַקע זייער שווער אָבער שטאַרק אינטערעסאַנט. און כל־זמן מיינע אויגן וועלן זיין אָפן און מיינע כוחות וועלן מיך נישט פאַרלאָזן, וועל איך אָט דעם פאַרגעניגן קיינמאָל נישט אויפגעבן. דאָס זיין אַלעמאָל אָט אין דעם לאַנד, אָט אין יענעם לאַנד, צווישן נייע מענטשן, מיט נייע פּנים׳ער, נייע פּירעכצן, מאַניערן, מנהגים, מאַניפעסטאַציעס, איז ווערט כל־הגעלטין אין דער וועלט. נו, ליידט מען אַ ביסל — אין וואָס ? ס׳איז אָבער כדאַי !

אָט זע, קאָלאָמביאַ איז לאַטיין־אַמעריקע, פּונקט ווי ווענעזועלאַ, אָדער מעקסיקע, בראַזיל, אַרגענטינאַ, אורוגוואַי, פּערו, קאָסטאַריקאַ, פּאַנאַמאַ, גוואַטעמאַלאַ — דאָך איז יעדער לאַנד אַנדערש, און יעדער לאַטיין־אַמעריקאַנער פאָלק איז אַ באַזונדערע וועלט. אַלע ריידן זיי שפּאַניש, מיטן אויסנאַם פון אַ פּאָר לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער און אינזלען, וואו מ׳רעדט פּאָרטוגעזיש, אָבער טאַפּסט מיט די הענט ממש אַן די אַנדערשקייט. און ס׳איז אָט די אַנדערשקייט, וואָס רופט אין מיר אַרויס דעם כסדר׳דיקן נייגער צו פאָרן און צו פליען — נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

היינט וויפל איז ביי מיר ווערט אַז איך קוק נישט אָן די ניו־יאָרקער „פּנים׳ער״ פון די שטענדיקע פּאָרזיצערס, אייביקע סעקרעטאַרן, דעמאַגאָגן, קליינע דיקטאַטאָרלעך, וואָס רעדן פון „אידעאַליזם״ און מיינען נישט עפּעס אַנדערש, ווי מאַכט — מאַכט פאַר זיך, פאַר זייערע קינדער, אייניקלעך, קרובים און געליבטע, מיט וועלכע זיי שטאָפּן אָן די אָפיסעס פון די אידישע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און באַוועגונגען איבער וועלכע זיי באַלעבייסקווען אין אונזער אַמעריקע — דאָס אַליין איז דאָך ווערט מיליאָנען !

איך ווייס נישט פּינקטלעך וויפל אידן עס געפינען זיך אין באַראַנקיאַ.

איך ווייס נאָר אַז מער ווי צוויי קאָנצערטן האָב איך דאָרטן נישט געקענט געבן, ווייל עס האָט געהייסן אַז אַלע אידן פון באַראַנקיאַ — אַלע אידישע אידן! — האָבן שוין מיך געהערט זינגען. חוץ דעם, האָב איך זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף זייער צאָל, נאָר אויף דעם ווי זיי לעבן, פאַרברייינגען, ווי עס גייט זיי אין פרנסה, ווי עס האַלט ביי זיי מיט אידישקייט, מיט אידישער קולטור, דערציאונג, אידיש לשון, און ווי עס זעט ביי זיי אויס די צוקונפט. אָט די אַלע פראַגעס — מיט דער אויסנאַם פון פרנסה — קען מען פאַרענטפערן בלויז מיט אָט דעם איינעם זאַץ: אַך, וואָס פאַר אַ חורבן די צוויי וועלט־מלחמות האָבן געבראַכט אויף אידן! מער וויל איך נישט ריידן...

איך וויל נישט ריידן דערפאַר, ווייל ס׳איז נישט בלויז באַראַנקיאַ, דעם זעלביקן פנים האָבן אויך די אידישע ישובים פון גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע — און אויף די זעלביקע דרכים גייט אויך אונזער אידיש לעבן אין די שטאַטן. זאָל זיך קיינער נישט איינרעדן אַז ביי אונז איז בעסער אָדער אַנדערש. אויב ס׳איז ביי אונז אַ ביסל בעסער און אַנדערש — דערווייל — אין ניו־יאָרק, איז אָבער זיכער נישט בעסער און נישט אַנדערש אויף דער פּראָווינץ ביי אונז. ס׳איז דאָ אַ קנאַפּער חילוק צווישן באַראַנקיאַ, אין קאָלאָמביאַ, און מעמפיס, אין טענעסי, אין די שטאַטן, אָדער צווישן סאַן־כאָזע, אין קאָסטאַ־ריקאַ, צי גוואַדעלאַכאַראַ, אין מעקסיקאָ, צווישן בילעם, אין בראַזיל, און מאַראַקייבאָ, אין ווענעזועלאַ. ס׳איז אומעטום דער זעלביקער פנים, וואָס האָט שוין אַ גוטע העלפט פאַרלאָרן זיין אידישן אויסזען — דאָס איז קלאָר...

מיין שווערער געמיט נאָך מיין אָוועקפאָרן פון באַראַנקיאַ, האָט זיך גענומען פון צוויי קוואַלן: ערשטנס, איז די דאָזיקע עיר׳כע איינע פון די הייסטע אין קאָלאָמביאַ, מ׳דאַרף קענען אַריבערטראָגן אַזאַ חמימה. נאָך קאַראַקעס, אָדער מאַראַקייבאָ. אין ווענעזועלאַ, וואָס איז אויך נישט קיין שיפּע זיבעלע אין הילכות חמימה, מחמת צוליב דער זעלביקער סיבה פון איר נאָענטקייט צום עקוואַטאָר, אַז מ׳פאַלט אַריין קיין באַראַנקיאַ, ספּעציעל נאָך אין חודש יולי, איז ווי מ׳וואָלט איינעם גענומען און פּלוצלונג אים אַריינגעוואָרפן פון גן־עדן אין גיהנום אַריין. אמת, איך בין קיינמאָל אין גיהנום נישט געווען, אָבער איך שטעל זיך פאָר אַז קיין האַניק לעקט מען דאָרטן נישט. צווייטנס, האָט אויף מיר שטאַרק געווירקט די גרויע

וואָכעדיקייט פונעם אָרטיקן אידישן לעבן, וואָס האָט מיר ווילד געטאַנצט אין די אויגן אַריין...

איך ווייס נישט אויב די דאָרטיקע אידן פילן עס, ווי איך האָב עס געפילט — און איך האָב צו זיי קיין טענות נישט אויב זיי פילן עס נישט. ווייל וואָס פאַר אַ טענות קען איך האָבן צום קליינעם הייפעלע אידן פון באַראַנקיאַ, ערגעץ אין וויטן קאָלאָמביאַ, אַז נעמט אַזאַ שטאָט ביי אונז אין אַמעריקע, למשל, ווי מילוואָקי, וואָס פאַרמאָגט אַ אידישע באַפעלקערונג צווישן 30 און 35 טויזנט און אידישע צייטונגען קומען אַהין פון ניו־יאָרק אָן בסך־הכל: 75 „טאָגן" און 100 „פאָרווערטסן"! די דאָזיקע שטאָט, וואו ס'האָט אַמאָל געבליט אַ אידיש לעבן, איז, ווי אַ סך אַנדערע שטעט מיט אַן ענלעכער אידישער באַפעלקערונג אין אונזער אַמעריקע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „פושקע־שטאָט", אויף צו זאַמלען אַלערליי „פאָנדן" און נישט מער. פאַרשטייט זיך, אַז שולדיק אין דעם זיינען די אַלערליי מכל־הפאַרבן „רעדל־פירער" אונזערע, די זעלבסט־דערוויילטע „מנהיגים" אונזערע, ווייי צו אונז, וועמען די קולטורעלע זייט פונעם אידישן לעבן גייט אָן, ווי דער פאַר־אַ־יאָריקער שניי...

צוזאַמען מיט מיין אייגענעם דערפאָלג הן ווי אַ קאָנצערט־זינגער, הן ווי אַ חזן און אַ שרייבער, וויל איך אויך אומעטום זען און געפינען אַ שיין אידיש לעבן — אַ לעבן פון אידישן גייסט און קולטור, פון יום־טוב און טראַדיציע, פון באַציאונג און דרך־ארץ, פון פיינקייט און דערהויבונג, ווי מיר האָבן עס במשך פון גאַנצע דורות צום גרעסטן טייל געזען און געפונען אין מזרח און אין מערב אייראָפּע. די קלענסטע פעלערן אַפילו אויף דער זון פונעם אידישן לעבן רופן אין מיר אַרויס אַ פאַרדרוס און אַ ווייטיק, בפרט אַז איך דערזע פאַר זיך גאַנצע וואָלקנס...

יאָ, די צוויי וועלט־מלחמות האָבן געבראַכט דעם גרעסטן אומגליק אויף דעם אידישן פאָלק. זיי האָבן גענומען וואוילע, טייערע אידן פון די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, אוקראַינע, רוסלאַנד, גאַליציע, רומעניע, בעסאַראַביע, ליטע, לעטלאַנד און זיי מיט בלוט און פייער אַרויסגעריסן פון זייערע איינגעוואָרצלטע היימען און זיי אַריבערגעוואָרפן אין אַלע עקן פון דער וועלט, צווישן פרעמדע סביבות, פון וועלכע זיי האָבן זיך, וואו פריער און וואו שפעטער, געלאָזט באַאיינפלוסן; די אייביקע אידישע עקשנות האָט זיך גענומען ברעכן, נאָכלאָזן, זיך אונטערגעבן נישט בלויז צום „עגל־הזהב",

נאָר וואָס נאָך אַ סך ערגער איז — צו די אַרומיקע פרעמדע שטייגער־לעבנס, פּירעכצן, מנהגים, מאָדעס און נאָכקרימעניש. דאָ ליגט אונזער הויפּט טראַגעדיע...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, יוני 28, 1957, נ. י.

# אידישער קולטור־כאָר

היינטיקן שבת אָוונט, 13־טן מאַי, טרעט אַרויס דער אידישער קולטור־כאָר אויף זיין יערליכן קאָנצערט אין טאַון האָל, אונטער דער לייטונג פון דעם טאַלאַנטפולען מוזיקער און דיריגענט וולאַדימיר חפץ. ביי דער געלעגנהייט וועט אויך געפייערט ווערן דער צען־יאָריקער יובילײ פון חפץ'עס צוזאַמענאַרבעטן מיטן כאָר.

דער אידישער קולטור־כאָר האָט נישט הינטער זיך קיין שום אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אים שטיצן. דעריבער פאַרדינען די זינגער אַ גרויסן יישר־כח. אָבער נאָך אַ גרעסערן יישר־כח פאַרדינט וולאַדימיר חפץ, וואָס האָט דעם כאָר אַוועקגעשטעלט אויף די פיס. די אידישע „קולטור־געזעלשאַפט״, וואָס האָט דעם כאָר געגרינדעט איז שוין אַ „שוכן־עפר״, אָבער דער כאָר לעבט, זינגט און דערפרייט מענטשלעכע הערצער.

די אַרבעט פון אָנפירן מיט אַ אידישן כאָר איז נישט קיין לייכטע. עס פאָדערט זיך מצד דעם דיריגענט זייער אַ סך געדולד און פּיעטעט צו דער אַרבעט. איז ווען אַ דיריגענט אַרבעט־אָפּ צען יאָר מיט אַ כאָר, באַווייזט דאָס אויף דער גרויסער ליבשאַפט פונעם דיריגענט צום כאָר, און פאַרקערט.

אין דער סביבה פון אונזער אידישער מוזיקאַלישער וועלט איז וולאַדימיר חפץ אַ באַזונדער געשטאַלט, וואָס איז אויסגעטיילט פון אַלע איבעריקע דאָ. זיין פּלאַץ ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר שטעלט אים אַוועק אין אַן אייגנאַרטיקן ליכט. ער איז בלי ספק איינער פון די, וואָס האָט מיט זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען געגעבן אַ שטויס פאָראויס די שעפערישע באַמיאונגען אויף דעם אידיש־מוזיקאַלישן געביט.

חפץ, האָט אויף זיין אייגענעם שטייגער געזוכט צו געבן אונז מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע זאָלן אין דער ערשטער ריי אָפּשפּיגלען דורך

די געזונגענע לידער די שטימונגען און געפילן פון די היגע אידישע פאָלקס־מאַסן און אין דער צווייטער ריי ווערק פון ברייטע אידישע לייוונטן, ווי ביאַליק׳ס „די אידישע לעגענדע״ אין י. י. שוואַרצ׳ס איבערזעצונג, לייוויק׳ס „דער גולם״ און נאָך אַנדערע גרויסע אידישע פּאָעמעס, וואָס זיינען פּאַסיקע קאַנוועס פאַר גרעסערע מוזיקאַלישע שאַפונגען.

עס וועט דאָ זיין אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז איידער חפץ איז געקומען צופאָרן קיין אַמעריקע, איז ער געוועזן אַ רוסישער מוזיקער און האָט פון אידישע שאַפונגען ווינציק־וואָס געטראַכט. זיין שטיין מיטן כאָר האָט אים צוריקגעבראַכט צום קוואַל פון דער אידישער מוזיק. די ליבשאַפט צו די זינגער האָט אים אינספּירירט און האָט צוריקגעבראַכט אים געוויסע דערמאָנונגען פון זיין יוגנט, איידער ער איז אַריינגעטראָטן אין דער קאָנסערוואַטאָריע, וואו ער איז שטאַרק פאַר׳גוי׳אישט געוואָרן. אָבער אַזוי שנעל ווי ער האָט דאָ אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיטן כאָר, האָט זיך געעפענט ביי אים אַ קוואַל פון אידישער מוזיק, פון אידישע שאַפונגען אויף אידישע טעמעס.

אין דעם געזאַנג פונעם „גולם״ האָט זיך גאַנץ שאַרף און קלאָר אַרויס־געהערט דאָס שטילע רעליגיעזע נאָכזינגען און נאָכקלינגען פון אַ פּאַר־טאָגיק קאַפּיטל תהילים, פון טענער, מיט וועלכע אידן זיינען מעביר־סדרה, אָפּקלאַנגען פון פאַרשידנערליי פאָלקס־ניגונים, פאָלקס־מעלאָדיעס און טראַדיציאָנעלע אידישע נוסחאות. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַנדערע פון זיינע שאַפונגען.

גאָר אין אָנהויב איז פאַר חפצ׳ן שווער געווען אַרויסצורייסן זיך פון די נאָכקלאַנגען, וואָס די רוסישע מוזיק האָט אין אים איינגעפלאַנצט. דער סלאַווישער איינפלוס האָט אין אָנפאַנג זיך זייער גרינג געלאָזט מערקן ביי אים; אָבער וואָס אַ יאָר לענגער ער איז געשטאַנען מיטן כאָר, אַלץ מער אידישער איז ער געוואָרן.

איצט, צום צען־יאָריקן יובילייַ זינט זיין פאַרבינדן זיך מיטן כאָר, קומט ער מיט אַ באַגאַזש פון אידישע שאַפונגען, וועלכע זיינען אַ שטאָלץ פאַר יעדן אידישן מוזיקער און יעדן אידישן אינטעליגענטן מענטשן, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט, אַז די אידישע קולטור זאָל דאָ וואַקסן און באַרייכערט ווערן.

איך האָב די טעג געהאַט אַ געלעגנהייט צו זיין ביי אַ פּראָבע פון כאָר

און געהערט דעם אינטערעסאַנטן פּראָגראַם, וואָס ווערט צוגעגרייט פאַר דעם יובילײ־קאָנצערט. די ערשטע העלפט פונעם פּראָגראַם באַשטייט פון פאָלקס־לידער אין דער באַאַרבעטונג פון וולאַדימיר חפץ, וועלכער איז אַ מייסטער אויף דעם געביט. די אַנדערע העלפט באַשטייט פון אָריגינעל־געשאַפענע קאָמפּאָזיציעס, ווי ביאַליק׳ס „די אידישע לעגענדע״ און ביאַליסטאָצקי׳ס „אידן גייען״.

בעת אַן איבעררייס, האָב איך געכאַפּט אַ קורצן שמועס מיט חפץ׳ן וועגען זיין מוזיקאַלישער טעטיקייט אין אַלגעמיין און איבערהויפּט וועגן זיין אָנפירן מיטן כאָר.

„די יאָרן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיטן כאָר, זיינען די אינטערע־סאַנטסטע דערווייל, וואָס איך האָב געהאַט דאָ אין אַמעריקע״, האָט חפץ געזאָגט. „איך האָב אין ערגעץ נישט געפונען אַזאַ ליבע, אַזוי פיל איבער־געבנקייט, ווי פון דער גרופּע זינגער, מיט וועלכע איך באַגעגן זיך וואָך־איין וואָך־אויס. איך בין געווען פאַרבונדן מיט גרויסע בראָדקעסטינג־פירמעס אין אַמעריקע, אויך מיט געוויסע רעקאָרד־פירמעס, איך האָב געקראָגן גוט באַצאָלט און בין געקומען אַהיים, האָב איך אַן אַלץ פאַרגעסן. עס איז נישט געווען פון וואָס צו טראַכטן. טוסט דיין אַרבייט און מער גאָרנישט. אָבער אַז איך קום אַהיים פון אַ פּראָבע מיטן כאָר, האָב איך פון וואָס צו טראַכטן. עס ביינקט זיך נאָך די זינגער, עס ווילט זיך ווידער באַגעגענען מיט זיי. קיין זאַך איז פאַר מיר נישט צו שווער צו טאָן פאַרן כאָר, ווייל איך ווייס ווי די מענטשן שאַצן אָפּ יעדע זאַך, דער כאָר איז פאַר מיר אַ קוואַל פון באַגייסטערונג און אינספּיראַציע״.

אָט אַזוי האָט גערעדט צו מיר וולאַדימיר חפץ. אָט אַזוי פילט יעדער אידישער דיריגענט, וואָס פירט אָן מיט אַ אידישן כאָר. אַנדערש וואָלט נישט מעגלעך געווען אַזעלכע גוטע רעזולטאַטן, ווען נישט די גרויסע איבער־געגעבנקייט פון די דיריגענטן צו די כאָרן, וואָלט נישט מעגלעך געווען דורכצופירן אַזעלכע שווערע קאָמפּאָזיציעס ווי מען הערט ביי אונזערע כאָרן.

יאָ, צו זיין אַ דיריגענט פון אַ אידישן כאָר איז זייער שווער: אָבער די ליבע, וואָס אַ אידישער כאָר גיט דעם דיריגענט, שטייגט אַלצדינג אַריבער. מען קען עס נישט קויפן פאַר קיין געלט...

„דער טאָג, מאַי 12, 1944, נ. י.

# יצחק פעלד — דער „וואַרשעווער קאָמיקער"

יצחק פעלד איז אין אַמעריקאַנער אידישן טעאַטער געווען באַוואוסט אונטער דער פירמע: „דער וואַרשעווער קאָמיקער". פאַרוואָס גראָז „וואַרשעווער" ווייס איך נישט, סיידן אפשר צוליב זיין וואַרשעווער דיאַלעקט. אָבער יצחק פעלד איז געווען נישט בלויז אַ „וואַרשעווער" קאָמיקער, נאָר לויט דער מאָס פון זיין טאַלאַנט און שוישפּילערישער וויטאַליטעט האָט ער געקענט זיין אַן אוניווערסאַלער קאָמיקער. ער איז געווען אַ קאָמיקער פון ברייטן פאַרנעם, פון טיפן שניט, און דעריבער איז ער געווען אַזוי קענטיק־אַנזעעוודיק, ניכר׳דיק־קערנדיק, שטראַליג און בליציק, אַ „יחיד־במינו" אויף דער אידישער בינע.

יצחק פעלד איז געשטאָרבן ווען ער איז געווען נאָך אין די מיטעלע יאָרן. און דאָס איז אַ שאָד! אַקטיאָרן מיט אַזאַ טאַלאַנט און פון אַזאַ קאַליבער ווערן נישט געבוירן יעדן טאָג. פאַרן אידישן טעאַטער זיינען אַזעלכע קאַליבערדיקע שוישפּילער אַ גרויסער געווינס. אַקטיאָרן פון דעם „שניט" ווי יצחק פעלד, האָבן מכפּר געווען אויף אַ סך „זינד", אויף אַ סך „מינוסן" אין אידישן טעאַטער־וועזן — נישט בלויז אין אַמעריקע נאָר אומעטום.

שפּרודלדיק ביז גאָר איז געווען יצחק פעלד׳ס „אַמפּלוא". ער איז געווען אַ טעאַטער־קאָמיקער מיט ווייכע „שטעק־שיך", אַ לירישער־קאָמיקער מיט אַן אייגנאַרטיקן „חן־פינטעלע", בינע־פּנימ׳דיקייט, מיט גרינגער קערעוודיקייט, מיט אַן אינערלעכער קוועל־קוואַליקייט און פּיאַניסמאָדיקע־אַבליגאַטאָס. ס׳איז קיין חילוק נישט צי ער האָט געשפּילט אין אַ פּיעסע מיטן נאָמען „מאָטל פאַנטאָפל" (פון ה. קאַלמאַנאָוויטש), אָדער אין אַ פּיעסע מיטן נאָמען „די פריילעכע משפחה" (פון וויליאַם סיגל). אָבער איך געדיינק גאַנץ קלאָר, ווייל עס האָט מיר איינגעקריצט שאַרף אין מיין זכרון, פעלד׳ס אויסגעצייכנטע שפּילן אין ביידע פּיעסן, זיין „שווימען" אין זיי ווי אַ „פיש אין וואַסער", אויף דער טעאַטער־בינע, זיין געשיקטקייט, באַוועגלעכקייט, גרינג־פעדערדיקע טריט, זיין אַקטיאָרישקייט און שפּרודלדיקער טאַלאַנט.

ס׳איז מערקווירדיק: יצחק פעלד האָט געזונגען אין גאַנצן אָן אַ קול, אָן אַ שטימע, אַ דין־דין שטימעלע, ווי ביי אַ קינד, אָבער ס׳איז געווען אַזוי געשמאַק. אַזוי האַרציק און נשמה׳דיק, זיס און באַטעמ׳ט, אַז ס׳איז זיך

צעגאַנגען אין יעדן אבר. אַזוי אויך מיט זיין טאַנצן: ער איז בשום־אופן נישט געווען קיין אויסגעשטודירטער טענצער, אָבער אַז ער האָט געטאָן אַ שטעל אַ פיסל, איז עס געווען מלא־חן! זיין אינגליש־קליין, דין פיגורל, ריכטיקער, פיגורעלע, האָט פאַרמאָגט אַ סך גראַציע, טעאַטראַלישקייט, און זיין פּנים — ווייט נישט קיין „דאָן־זשואַניש". ער איז נישט געווען קיין ראָבערט טעילאָר אָדער קלאַרק געיבל, אָבער פול מיט אויסדרוק, מיט מענטשלעכער וואַרעמקייט און צאַפּלדיקייט, קלוגע ליניעס און קינדערישן שמייכל.

צי קענט איר, אדרבא, זיך דערמאָנען זיין באַ'טעמ'טן אויסזינגען די פּאָפּולערע טעאַטער־באַלאַדע „איציקל קלעזמער"? איז עס נישט געווען אַ פּערל! די עכטע אידישע קנייטשן און תנועות קלינגען איצט נאָך אין מיינע אויערן — און וועלן לאַנג נאָך קלינגען! ס'האָט אויסגעזען, ווי „איציקל קלעזמער" איז ספּעציעל פאַר אים געוואָרן באַשאַפן, ווי נאָר פאַר אים געבוירן. ער האָט די דאָזיקע טעאַטער־באַלאַדע (טעקסט: א. י. וואַלפסאָן) געזונגען מיט אַזויפיל געשמאַק און אידישן חן, אינווייניקסטע געפילן, טיף־מענטשלעכע געפילן, אַז איר וואָלט געשוואוירן אז „איציקל קלעזמער" איז נישט קיין אַנדערער, ווי יצחק פעלד!

איז אַ שאָד, וואָס אַזאַ גרויסער שוישפּילערישער טאַלאַנט איז פאַר דער צייט געשטאָרבן. דער אידישער טעאַטער האָט אין אים פאַרלוירן אַ גרויסן שוישפּילערישן כּוח, אַ „מאַרקע", וואָס האָט דעם אידישן טעאַטער געגעבן אַ ספּעציעלן אָנזען, אַ באַזונדערן קאָליר, אַ „חן־פּינטעלע" אין דער „קרוין" פונעם גרויסן רייסטער טאַלאַנטירטע אידישע אַקטיאָרן, וועלכער דער אידישער טעאַטער־וועזן האָט אַרויסגעבראַכט. דער אידישער טעאַטער איז געווען געבענטש מיט אַ ספּעציפישער „מזל־ברכה", מיט טאַלאַנט וואָס קיין שום טעאַטער־בינע אין דער וועלט האָט עס נישט געהאָט. אַ סך רויער מאַטעריאַל אפשר, אָבער וויפל טעאַטראַלישע־וואַגיקייט ס'איז אין אָט דעם רויען מאַטעריאַל געלעגן!

האָט פּאָול מוני פאַרענדיקט אַ דראַמאַטישע שול? האָט ער ווען אַריינ־געשמעקט אין אַ דראַמאַטישער אַקאַדעמיע? האָט מאָריס שוואַרץ געזען אַ דראַמאַטישע שול? האָט איזידאָר קעשיר, אברהם טייטלבוים, אַ לודוויג זאַץ, אַ יעקב בן־עמי, אַ יוסף בולאָוו, אַ מאָלי פּיקאָן, אַ אַננאַ אַפּעל, אַ צילי אַדלער, אַ בערטאַ גערסטיין, אַ בינא אַבראַמאָוויטש — האָבן אָט די אַלע אויסגערעכנטע ווען עס איז פאַרזוכט דעם „טעם" פון אַ דראַמאַטישער

שול ? אָבער ווי וואונדערלעך, ווי טאַלאַנטירט זיי אַלע האָבן געשפּילט טעאַטער ! ס׳אַראַ אויסגעצייכנטע טאַלאַנטן דאָס זיינען געווען ! פרעגט ביים געוועזענעם באַרימטן לאַנג־יאָריקן אַמעריקאַנער טעאַטער־קריטיקער פון דער „ניו־יאָרק טיימס״, ברוקס עטקינסאָן, ריכטיקער, לייענט, זייט מוחל, זיינע דריי ביכער: „בראָדוועי סקרעפּ בוק״, אָדער „וואָנס עיראַונד דהי סאָן״ און זיין נייעסטן בוך, „בראָדוועי״, וועט איר אויסגעפינען וואָס פאַר אַ טאַלאַנטן דער אידישער טעאַטער האָט פאַרמאָגט, און וואָס דער אידישער טעאַטער־וועזן אין אַמעריקע האָט געמיינט !

יצחק פעלד האָט נישט געהאַט קיין טעאַטער־שולונג, אָבער וואָס טויג מיר חכמות אַז ער איז געווען גאָלער טעאַטער ! עס האָט פון אים געשמעקט טעאַטער, ווי גוטער צימרינג, בינע, אַקטיאָר, טאַלאַנט לרוב, ווי אַ מילגרוים מיט ווייניקע קערלעך ! ער האָט געהאַט מער טאַלאַנט, ווי ער האָט געקענט פאַרטראָגן. זיין קליינער, כמעט אינגלשער גוף, האָט אונטער זיין גרויסן טאַלאַנט זיך געבויגן, עס איז פאַר אים געווען אַ צו שווערע „משא״, ער האָט זיך געקענט באַגיין מיט אַ ביסל ווייניקער טאַלאַנט, ספּעציעל פאַר די פּיעסן אין וועלכע ער האָט געשפּילט...

יצחק פעלד׳ס טעאַטראַלע דימענסיעס, האָבן אויף אַ דינעם אופן אַלעמאָל זיך אָפּגעשפּילט — אין דער טיף, אין דער ברייט און אין דער הויך. מיך האָט נישט אינטערעסירט דער „וואָס״ ער האָט געשפּילט, נאָר דער ווי אַזוי ער האָט געשפּילט. איך האָב ביי אים געזוכט און געפונען — טעאַטער — טעאַטער אין אַ פולער מאָס, און דאָס האָט מיך צופרידנגעשטעלט.

אַוודאי האָב איך זיך נישט איינמאָל געוואונטשן אים צו זען אין אַ פּיעסע פון בעסטן סאָרט, פון העכערן ליטעראַרישן ווערט, פון מער וועזנטלעכן פּאַרנעם, אָבער אַז איך האָב אים געזען שפּילן אויף דער בינע, בין איך זיך מודה־ומתודה, אַז איך האָב די אַלע זאַכן פאַרגעסן — ווייל זיין שוישפּילערישער טאַלאַנט האָט אַלצדינג אַריבערגעוואויגן, אַלצדינג „מכפּר״ געווען. זיין בינע־חן און בינע־מאַניערן האָבן אייך געמאַכט צו פאַרגעסן אין אַלע אייערע „טענות־ומענות״, וואָס איר האָט זיך געקליבן אַרויסצושטעלן — נישט בלויז פּערזענלעך, נאָר אויך אין דער עפנטלעכקייט, אין דער פּרעסע, אין זשורנאַלן.

איך ווייס נישט ווי הויך אָדער ווי טיף קולטורעל יצחק פעלד איז

געווען, אָבער ס'איז געווען מיט אים אָנגענעם צו פאַרברענגען, צו זיצן מיט אים ביי אַ טישל אין קאַפע "ראַיאַל" און שמועסן...

"מאָרגן פרייהייט", דעצ. 13 1974, נ. י.

# צווישן הימל און וואַסער

## רייזע מאָטיוון

אַ לויטערער טאָג ווי אויף באַשטעלונג. אַ בלויער הימל — אויבן, און אַ בלויער ים — אונטן. אינמיטן טראָגט זיך דער עראָפּלאַן פון דער פּאַן־אַמעריקען ליניע, ווי אַ זילבערנער פויגל, געשווינד און פעדערדיק. די ערד איז ווינציק פאַרן מענטשן, ער וויל פליען אין די הימלען. נישט גענוג וואָס ער האָט פאַרכאַפּט די ערד, וויל ער אויך פאַרכאַפּן די הימלען. דער מענטש האָט גרויסע אויגן און אַ פרעסערישן אַפּעטיט — ער וויל אַלצדינג איינשלינגען.

איז ווען זוכט עס דאָרט דער מענטש אין די הימלען, וואָס ער קען נישט געפינען אויף דער ערד? גאָט? — כע, גאָט איז אומעטום! מלאכים? אפשר! וואָס נאָך? אַ, יאָ — מענטשן! נו, פעלן דען אויס מענטשן? די ערד איז פול מיט זיי — הלוואי וואָלטן זיי נאָר געווען מענטשן!

נו, פלי איך שוין, הייסט עס, ווידער! זאָל זיין אין אַ גוטער שעה! אַי, ווילט זיך אַריבערפליען בשלום! אַי, ציטערט דאָס האַרץ! צו וואָס זאָל איך לייקענען? פאַר ווענען דאַרף איך דאָ אָפּשפּילן די "העלדן־ראָל"? איך האַלט, אַז דער אמת איז די בעסטע סחורה! אָבער — ווער דאַרף היינטיקע צייטן האָבן אַזאַ "סחורה"? ווער וויל עס דען הערן דעם אמת, אַ?...

מיין ערשטער אַריינפאַר אויף דער איצטיקער דריטע רייזע מיינער איבער דרום און צענטראַל־אַמעריקע איז קיין קאַראַקאַס, די הויפּט־שטאָט פון ווענעזועלאַ, אַהין טראָגט עס איצט מיך דער עראָפּלאַן. היינט איז מיטוואָך, דער 18־טער יולי, 1956 — נישט קיין געוויינטלעכער טאָג פאַר מיר. עס איז אַ טאָג צום געדיינקען, צום פאַרשרייבן, אַבי נאָר... אַלץ וועט אַריבערגיין בכי־טוב! ווארום עס איז נאָכאַלעמען, קיין קונץ נישט זיך אויפצוהויבן און פליען. עס איז לגמרי קעגן דער נאַטור פון מענטשן. עס איז

נאַטירלעך פאַרן מענטשן צו פאָרן מיט שיפן, מיט באַנען, אָבער פליען אויף עראָפּלאַנען, ווי אָדלערס און אַנדערע מינים פייגלען, וואָס הייבן זיך אויף פון דער ערד און לאָזן זיך אַוועקפליען ווייט און הויך, איז בפירוש צופיל...

דער מענטש מעג טאַקע וועלן דאָס טעלערל פון הימל, — און פאַרוואָס נישט? — אָבער ער טאָר נישט זיין קיין זולל־וסובא... וועלן איינגעמען די ערד — יאָ, דאָס מעג ער. ווייל די ערד איז דורכאויס געגעבן געוואָרן פאַרן מענטשן. אַי, ער נוצט זי אויס מער צום שלעכטן ווי צום גוטן, דאַרף מען דערצו עפּעס טאָן. וועלן אָבער אויך איינגעמען דעם הימל, אָדער די הימלען — דאָס נישט. ווייל דער הימל, אָדער די הימלען זיינען אַבסאָלוט געמיינט געוואָרן פאַר גאָט אַליין! דאָס איז זיין קעניגרייך, זיין גילדענע אימפּעריע — און קיינער קען עס נישט און טאָר עס נישט וועלן אַוועקנעמען פון אים!

בפרט אָבער אַז עס רייסן זיך אויף איינצונעמען די הימלען נישט בלויז צדיקים אַליין, נאָר אויך רשעים — אַזוינע וואָס מ'טאָר זיי אין קיין מענטשלעך שטוב נישט אַריינלאָזן, וואָס זיינען געבאָרענע רוצחים, מערדער, רויבער און שווינדלער, אָן שום רחמנות און גאָט אין האַרצן...

שטיל זיץ איך ביים קליינעם פענצטערל אין צענטער עראָפּלאַן און קוק אַרויס צום לויטערן דרויסן: עס פּילט זיך אַ מחיה! דער הימל, ווי שוין באַמערקט, איז שטאַרק בלוי, און אונטן דאָס וואַסער פונעם ים איז אויך פונקט אַזוי בלוי. דאָ און דאָרט באַווייזט זיך, ווי אַ גאַסט, אַ ווייסער וואָלקנדל, ווי באַשאָפן פון וווּיכן פוך, אַ געקנייטשטס, ווי דאָס פעלכעלע ביי אַ יונג שעפעלע. די זון ליכטיקט אַריין, ווי אַ לאַמטערנע, אַ צעהעלטע מיט אירע בלאַנדע שטראַלן, ווי דאָס בלאָנדע מיידל פון נעבראַסקאַ וואָס זיצט לעבן מיר אויף מיין לינקער זייט און פליט דאָס ערשטע מאָל אויף אַן עראָפּלאַן — אויף אַ קורצער וואַקאַציע קיין פּאָרטאָ־ריקאָ. פאַר דעם האָט זי צוויי וואָכן פאַרבראַכט אין ניו־יאָרק און איצט פאָרט זי אויף צוויי וואָכן קיין סאַן־וואַן — דאָס האַרץ פון פּאָרטאָ־ריקאָ. זי איז אַ סעקרעטאַרין אין אַ גרויסער פירמע און פאַרדינט גוטע געלט. גרעיס איז איר נאָמען.

גרעיס איז פון די געבענטשטע אַמעריקאַנער קריסטלעכע מיידלעך, וואָס אַרט זי נישט ווער דער מענטש איז וואָס זיצט לעבן איר. ער קען הייסן דזשאָן, מייק, אָדער — משה, צי איוואָן, עס גייט איר נישט אָן. אַ מענטש און שוין. פאַראַן אַ סך אַזעלכע קריסטלעכע מיידלעך אין אַמעריקע — געבענטשט זאָלן זיי זיין! דערצו איז זי באַשאָנקען מיט אַ פּנים, וואָס לאָזט

זיך אַזוי גרינג נישט פאַרגעסן. זי פירט מיט זיך דעם ריח פונעם נעבראַסקער פרישן גאָלדענעם קאָרן, וואָס שמעקט ווי דער בעסטער פּאַרפיום. אירע גרינלעכע אַגרוס־אויגן פּאַסן זיך שטאַרק צו איר בלאָנדקייט. זי איז ווי דער היינטיקער לויטערער טאָג אינדרויסן און עס איז אַ מחיה צו האָבן איר ביי דער זייט.

גרעיס שלינגט גאַנצע שטיקער דרויסן, זי האַלט זיך אין איין אַריבערבויגן איבער מיר און אַרויסקוקן דורכן קליינעם דיקן פענצטערל צום הימל. כ׳האָב איר פאַרגעלייגט אַז מיר זאָלן זיך בייטן מיט די ערטער האָט זי נישט געוואָלט. איר פּנים שטראַלט ווי אַ ליכט דער זון אַנטקעגן — צוויי שפּיגלען און איך אין אינדערמיט. יעדעס מאָל וואָס זי בויגט זיך אָן איבער מיר, פיל איך איר געשמאַקן אָטעם, ווי דער טעם פון גוטן שאַמפּאַניער. דער ריח פון איר פרישקייט, יוגנטלעכקייט, פון איר זאַפטיקן מיידלשן גוף, פאַרגייט מיר אין נאָז, ווי דער ריח פון פריש־אָנגעריסענע בלומען ערשט פונעם גאָרטן. זי איז אַזוי פאַר׳שיכור׳ט פונעם לויטערן דרויסן און פון איר ערשטער רייזע אויף אַן עראָפּלאַן, אַז זי פילט אַזש נישט ווי יעדעס מאָל וואָס זי בויגט זיך אָן איבער מיר צו קוקן דורכן פענצטערל צום גאָלדענעם דרויסן, רירט זי מיך אָן מיט איר צאַפּלדיקן מיידלשן בוזעם, וואָס ליגט באַהאַלטן הינטער אַ דין־ווייכער ווייסער בלוזע.

אָ, גרעיס, ווי שיין, ווי געשמאַק דו ביסט ! ס׳איז אַזוי אָנגענעם צו זיצן מיט דיר !

פונקט עלף אַזייגער אינדערפרי, האָט זיך דער עראָפּלאַן אויפגעהויבן און האָט פאַרלאָזט דעם איידלווייזלד לופט־פעלד אין ניו־יאָרק און ער טראָגט זיך זינט דעמאָלט, ווי אַ „מזמור״ ! אַ דע־לוקס־האָטעל אויף פליגלען ! און וואָס פאַר אַ אידעאַלער טאָג ס׳איז היינט צו פליען ! די מאָטאָרן רוישן אָבער עפּעס פאַרמאָגן זיי אָן אייגענע מוזיק. אַ סך מאָל הערסטו די מאָטאָרן, נאָר דו פילסט עפּעס נישט אַז דו פליסט, עס דאַכט זיך דיר אויס אַז דער עראָפּלאַן הענגט אין דער לופטן אויף אַ לאַנגער קייט, צוגעטשעפּעט צום בלויען הימל — און ער רירט זיך נישט פון אָרט. איך כאַפּ אַלע ווײַלע אַ קוק אַראָפּ אונטן צום ים: די לופט איז אַזאַ דורכזיכטיקע אַז מ׳קען זען די פעלדלעך וואָס חנ׳דלען זיך אויף זיין בוזעם, ווי זיידענע הערעלעך ווייך־געקנייטשטע אויפן ווייסן נאַקן פון אַ שיינער מיידל, אַ שטייגער, ווי גרעיס וואָס זיצט דאָ לעבן מיר און וועמעס לאַנג־געשאָרענע

האָר כוואַליען זיך גאָלדיק פונקט אין אַזעלכע ווייכע, זיידענע קנייטשעלעך, ווי דעם בלויען ים׳ס פעלדלעך אונטן דאָרט.

ווען אַלע טאָג פון יאָר וואָלטן געווען ווי דער היינטיקער און עס וואָלט זיך שטענדיק אַזוי געפלויגן גלאַטיק, וואָלט דאָס פליען געווען אַ „גן־עדן״! איך בין זיך דאָ מודה, אַז דאָס מאָל האָב איך זיך שטאַרק געשראָקן פאַרן פליען. פאַרוואָס ווייס איך נישט. ווער קען זיך עס דערביוען צו אַלע געפיל־קעמערלעך, וואָס דער מענטש האָט? מיטאַמאָל קריגסטו מורא — און שוין. איך חזר דאָ איבער, וואָס איך האָב שוין נישט איינמאָל געזאָגט: אַז אַ נאַרישקייט געלינגט איז עס נאָך נישט קיין באַווייז, אַז ס׳איז אַ חכמה. דאָס פליען אויף עראָפּלאַנען, האַלט איך, בפירוש פאַר אַ נאַרישקייט — אַ גרויסע נאַרישקייט! פליען זאָל מען בלויז דעמאָלט, ווען ס׳איז דורכאויס נויטיק — לית־ברירה! אָבער סתם אַזוי דאַרף מען עס האָבן אויף ניינציק כפּרות! וואָס איז די איילעניש? לאָזט זיך פון קיינעם נישט איינריידן: ווי גלאַטיק אַ פלי זאָל נישט אָפּגיין, האַלט מען די נשמה אין די הויפּנס. ס׳איז אַ ריינער נס — און שוין. קיין אַנדער וואָרט האָב איך נישט.

נו, אַוודאי, קיינער הייסט מיר נישט — איך הייס זיך אַליין. אַן אַרטיסט איז געגליכן צו אַ סאָלדאַט אין דער אַרמיי: מ׳רופט אים — גייט ער. אָדער ווי אַ פאָטשטאָווער צו פאָזשאַרנער פערד: ער דערהערט דאָס גלעקל — לויפט ער. אַן אַרטיסט איז נישט ביי זיך אין די הענט, ער איז אויסגעשטעלט צו פאַרשידענע אומשטענדן און קאַפּריזן. דערצו איז ביי מיר דער חשק צו פאָרן זייער גרויס. ער לאָזט מיר נישט אָפּ. ווי אַ הונגעריקער וואָלף קען איך מיך נישט געבנוג אָנזעטיקן מיט אַרומרייזן איבער דער וועלט.

ווי שוין געזאָגט: עס פליט זיך אַ מחיה! דער עראָפּלאַן טראָגט זיך צווישן הימל און וואַסער, ווי אַ זילבערנער אָדלער מיט זיינע פליגלען צעשפּרייט ברייט און מעכטיק און די אויגן כאַפּן אויף אַזעלכע מאָלערישע פאַרבן, אומבייט פון קאָלירן, סצענעס, טאָנאַרטן און וואַריאַציעס, ניואַנסן און קנייטשן, ביז צום פאַר׳כישופ׳ט ווערן. אַ זעלטענע פּאַנאָראַמע מיט פאַרשידענע גאַמעס פון פאַרב און מוזיק מיט וועלכע די נאַטור אַליין איז באַשאָנקען, פילן אַן דיין האַרץ און עס ווילט זיך דיר זינגען אויפן קול.

— פלי, פלי, מיין טייערער זילבערנער אָדלער! טראָג מיך העכער און העכער — ביז צום כסא־הכבוד!

ס׳איז אַזוי גוט אויף דער נשמה, אַז איך וואָלט די גאַנצע וועלט איצט אַרומגענומען און זי געטוליעט נאָענט צו זיך. ס׳איז יעדער מענטש וואָס איז נאָר אַ מענטש מיין ברודער תמיד, און איצט, זיצנדיק דאָ אין עראָפּלאַן — נאָך מער!

אָט, נאָך אַ ווײַלע, און מײַן זילבערנער אָדלער וועט זיך נעמען אַרונטערלאָזן אויפן לופט־פעלד פון סאַן־וואַן. מ׳זעט שוין פון ווײַטן אָן שפּורן פון פּאָרטאָ־ריקאַנער לאַנד. יאָ, באַלד וועט מיך גרעיס פאַרלאָזן און איך וועל בלײַבן אַליין. עס וועט אָן איר מיר זײַן שטאַרק מוטנע...

— איך וועל בענקען נאָך דיר! —האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן צו גרעיסן, וואָס איז פּונקט דעמאָלט געזעסן אַ פאַרטראַכטע. אירע גרינע אויגן האָבן זיך געגעבן אַ צעפּינקל, ווי צעשפּריצטע טראָפּנס פון אַ פאָנטאַן.

— דו מיינסט עס? — האָט זי אַ שטאַרק אויפגעהויטערטע מיך איבערגעפרעגט.

— געוויס!

— ווייסט וואָס, — האָט זי ענטוזיאַסטיש זיך אָנגערופן — שטעל זיך איבער נאַכט אָפּ אין פּאָרטאָ־ריקאָ, וועסט דײַן רייזע קיין ווענעזועלאַ פאַרזעצן מאָרגן!

— ניין, גרעיס, איך קען עס נישט צוליב אַ סך סיבות.

— אַ שאָד! — האָט זי מיט טיפער באַדויערונג שטיל פאַר זיך אַ זאָג געטאָן.

ביים געזעגענען זיך אין סאַן־וואַן, האָב איך גרעיס׳ן געפרעגט: „צי איך מעג איר אַ קוש טאָן?”

—דו מעגסט! — האָט זי מיט אַ האַלב פאַרשטיקטן קול געענטפערט.

דער פאַרנאַכט אויפן סאַן־וואַנער לופט־פעלד איז געווען אַן אויסער געוויינלעך־פאַרכאַפּנדיקער. פונעם אַרומיקן פרייען פלאַץ איינגעטונקען אין גרינסן ביים לופט־וואָקזאַל, האָבן געבלאָזן געשמאַקע מיאַטנע ווינטעלעך. אין דער קורצער צייט וואָס דער עראָפּלאַן האָט זיך אָפּגע־שטעלט אויף איבערצוכאַפּן דעם אָטעם אויף זײַן ווײַטערדיקן וועג קיין קאַראַקאַס, האָב איך אויספּייעט גוט צו באַטראַכטן נישט בלויז די פיין־אויסגעשטאַטעטע לופט־סטאַנציע, וואָס וואָלט אפילו געווען אַ שטאָלץ פאַר אַ סך גרעסערע לענדער ווי פּאָרטאָ־ריקאָ, נאָר אויך דעם אַרומיקן שטח. אָבער איך בין זיך דאָ פאַר אייך מודה, אַז צופיל אין קאָפּ אַריין איז עס מיר

נישט געקראַכן. מיר איז געלעגן אין זין גרעיס׳עס פּאַרלאָזן. איך האָב געפילט אַ שטאַרקע קאַלאַמוטנעקייט . . .

און אַט הייבט זיך דער עראָפּלאַן אויף און ער פליט שוין ווידער. דער הימל איז אַצינד איין גרויסער ים פון פאַנטאַסטישע מאַלערייען. די זון האַלט זיך שוין אין זעצן און מאָלט אַזעלכע פאַנטאַסטישע בילדער, צייכונגען אָו לענטעס, אַז עס בלענדט ממש דאָס אויג. די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך עס גאָרנישט פאָרשטעלן. עס איז אַ זעלטן־רואיקער מיט־זומערדיקער פאַרנאַכט, ווי אַ חלום. אַ קייט פון קאָלירנדיקע מאַניפעסטאַציעס געמאָלן מיט רעגנבויגנדיקע פאַרבן פון אַ געטלעכער האַנט וואָס קיינער אין דער וועלט קען עס נישט קאָפּירן, שווימען שאַמפּאַניעדיק פאַרביי דיינע אויגן און רופן ביי מיר אַרויס ממש אַ הייליקן ציטער און דו בלייבסט זיצן אין הוילער באַוואונדערונג. טאַקע נאָר די האַנט פון גאָט, דער מלך פון אַלע קונסטן איבער דער וועלט, קען אַזוינס באַווייזן! נאָר אים אַליין געהערן די טיפע סודות פון די דאָזיקע רעגנבויגנדיקע פאַרבן; בלויז ער אַליין ווייסט ווי אַזוי זיי צונויפמישן און צו נוצן! עס פלעכטן זיך איינע אין די אַנדערע קאָלירפולע לענטעס, ווי לייבלעכע ברידער מיט שוועסטער, און די צעפלאַמטע זון, ווי אַ גרויסע קיילעכדיקע בלום, גאָלדיקט פון ווייטן און נעמט ביסלעכווייז אָפּשייד פון טאָג.

אונטן, דאָרט אויפן ים — ס׳אַראַ פאַנטאַסטישער מאַסקאַראַד! עס טויכן פונעם ים אַרויס אַזעלכע האַלב־גרוילעכע זיילן, ווי הויכע סאָסנעס, אין איין ווינקל; אַלטע מאַסיוועביימער, ווי דעמבעס מיט אָפּגעבראָכענע צווייגן, אין אַ צווייטן ווינקל; און אין אַ דריטן ווינקל האָבן זיך פאַרמירט קופּעס געבונדענע גאַרבן, ווי זומער אויף אַ פעלד אין שניט־צייט; און אויך אַלערליי בלומען, געשטאַלטן, פיגורן — מיט איין וואָרט: אַ סימפאָניע, וואונדערלעך אָרקעסטרירט און פּרעכטיק אויסגעשפּילט. דעם ים אַליין, צוליב דער האַלב־טונקלקייט פון פאַרנאַכט, זעט מען נישט אָן. עס הערשט אונטן דאָרט אַ פאַרדרימלקייט פון וועלכער איך ווער אָנגעשטעקט מיט עפּעס אַ מאָדנעם געפיל פון אומרו — אַ געפיל פאַר וועלכע איך האָב נישט קיין ווערטער . . .

דער עראָפּלאַן פליט איצט, דאַכט זיך, אַ סך שנעלער, ווי ער וואָלט געוואָלט וואָס גיכער אַנטלויפן פון אַט דער גרוילעכער טונקלקייט, וואָס ווערט אַלץ געדיכטער און פאַרכאַפּט אַלץ טיפער דעם אַרום. די רייזע דאַרף

נאָך נעמען אַ גוטע שעה און די קאַלאַמוטנעקייט ביי מיר ווערט וואָס ווייטער גרעסער. ס׳איז מיר שטאַרק אומהיימלעך דאָ זיצן אַליין אָן גרעיס׳ן, פּרוביר איך זיך שטאַרקן מיט עפּעס און באַשטעל ביי דער שיינער סטואַרקע אַ פראַנצויזישן קאָניאַק . . .

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, פעב. 28, 1958, נ. י.

# „רעקרוטן״

איך בין געגאַנגען זען „רעקרוטן״, אַ געשיכטלעכע פּיעסע פונעם לעבן אין אידישן שטעטל מיט הונדערט יאָר צוריק, וואָס ווערט קינסטלעריש געשפּילט איצט פונעם איינציקן אידישן אַרבעטער קונסט טעאַטער אין אַמעריקע, „אַרטעף״, אין אַ קליין טעאַטערל אויף 48־טער גאַס, צווישן בראָדוויי און אַכטע עווענױ.

„רעקרוטן״ איז, נאָך מיין מיינונג, איינע פון די שענסטע דער־גרייכונגען פון דעם „אַרטעף״. אַזוי קינסטלעריש שפּילן טעאַטער ווי איך האָב זיי געזען אין דער פּיעסע, האָב איך נאָך ביז איצט דעם „אַרטעף״ נישט געזען. די פּיעסע איז אויפגעפירט געוואָרן און ווערט געשפּילט און דורכגעפירט אין עכטן הבימה־סטיל. אַ גאַלערייע פון איינדרוקספולע געשטאַלטן, גייען דורך פאַר אייערע אויגן אויף דער בינע און ווערן קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט פון יעדן איינציקן שפּילער אָן אויסנאַם.

גרויס רעזשיסאָרישן כח און בינע־וויסן האָט דאָ באַוויזן דער לאַנג־יאָריקער רעזשיסאָר פון „אַרטעף״ בענאָ שניידער. ער האָט דערגרייכט דורך „רעקרוטן״ צו אַ רעזשיסאָרישע מדרגה פון הויכן ראַנג. עס פאַרכאַפּט יעדן טעאַטער ליבהאָבער. די פיינע דעקאָראַציעס וואָס נ. זאַלאַטאַראָוו האָט געמאַלן פאַר דער שפּיל, העלפט שאַפן דעם וואונדערלעכן איינדרוק, וואָס מ׳טראָגט אַרויס פון דעם שיינעם קאָליר־רייכן ספּעקטאַקל.

די פּיעסע איז איינגעטיילט אין 3 אַקטן און 9 בילדער. די ערשטע צוויי סצענעס זיינען מיר נישט געווען געפעלן גאָר שטאַרק. עפּעס האָבן די שפּילער דאָ אַ קאַפּעטשקע צופיל שאַרזשירט. אָבער דערפאַר האָבן מיך די אַנדערע סצענעס איינפאַך איבעראַשט און מיך געהויבן אויף די פיס. איך בין

געווען אַנטציקט פון דעם פיינעם שפּילן פונעם אַרטעף־אַנסאַמבל און שטאַרק גערירט פון די לעבעדיקע אויסגעהאַמערטע פיגורן, וואָס האָבן באַטראָטן די בינע. מיט יעדער נייער סצענע איז מיין ענטוזיאַזם איבער דעם האַרמאָנישן מוזיקאַלישן צוזאַמענשפּיל פונעם אַרטעף־אַנסאַמבל און פון דעם פיינעם זיידענעם רעזשיסאָרישן געוועב און טעאַטראַלישן חן מיט וועלכן די גאַנצע זאַך איז אָנגעגאַנגען — געוואַקסן גרעסער און נאָך גרעסער, ביז איך האָב זיך אַבסאָלוט דערפילט אינגאַנצן אַ באַרוישטער!

די דריי שטאַרקסטע סצענעס אין דער שפּיל זיינען: די סצענע אין שענק, די סצענע ביים פרנס־חדש וועלוועל גוליעוואַטע (ה. בענדער) אין שטוב צווישן „קהל״ און די „פּאַרטאַטשעס״ אָנגעפירט פון נחמן דעם גרויסן, דעם שניידער־יונג (ש. לעווין), און די לעצטע סצענע אין דריטן אַקט ביים שטאָט־נגיד אין שטוב אהרן קלוגער (ש. אייזיקאָוו). דאָס זיינען, נאָך מיין מיינונג, די דריי שטאַרקסטע סצענעס.

אָבער אָן אַן ערך שיין און שטאַרק פּאַלקסטימלעך זיינען די צוויי האַרציקע סצענעס, ווי דאָס האַגעגענען זיך צווישן נחמן דעם שניידער־יונג און דעם חסיד פּינחס׳עס טעכטערל פרומעלע (ג. ראַזלער) ביינאַכט אויפן באַלקאָן. און די צווייטע סצענע ביים שניידער לייזער קריוואַשעי (י. וועליטשאַנסקי) מיט זיינע דריי שניידער־געזעלן (ש. לעווין, ה. ראָזען און י. שראַגין). סיי די ערשטע סצענע און סיי די צווייטע, ווערן מייסטערהאַפט דורכגעפירט פון די שפּילער.

י. וועליטשאַנסקי אַלס דער שניידער, שפּילט אויסגעצייכנט גוט זיין ראָל. און ש. לעווין שפּילט נחמן דעם שניידער־יונג מיט אַזאַ פשטות און אַזוי האַרציק־פּאָלקסטימלעך, גלייכצייטיק דעם געזונטן האַרעפּאַשניק, וואָס פילט אָן אייער האַרץ מיט לעבענס־פרייד מיט לוסטיקייט און בונטאַרישקייט.

אַ פיינעם איינדרוק מאַכט אויף אייך גאָלדע ראַזלער מיט איר שפּילן די ראָל פון פרומעלע. זי איז צאַרט, שעמעוודיק און איר דערקענט אויף איר קינדעריש פרומען פּנים, אַז זי איז שטאַרק־פאַרליבט אין נחמנ׳ען דעם שניידער־יונג! אין איר ביינקשאַפט נאָך אים, זינגט זי אַ ליבע־לידעל, אין שענסטן, אין פיינסטן פּאָלקס־טאָן. זי זינגט האַרציק און דער עולם אין טעאַטער ווערט דורכגענומען מיט עפּעס אַ וואַרעמקייט פון דעם מאָס חן, וואָס זי טראָגט אַריין אין דער ראָל!

מיר איז אויך געפעלן געווען ל. רימער אין דער ראָל פון דער שענקער׳ן, מ. פרידמאַן אַלס גבריאל שד, אַ איד אַ שיכור, ל. פריילעך אַלס חיים פלוט, א. הירשביין אַלס קצב־יונג און ט. טאַדרינאַ אַלס נחמנ׳ס בלינדע מוטער.

„אידישע וועלט״, נאָוו. 16, 1934, פילאַדעלפיע

# הענרי גרינפעלד

ווין אַ לאַנגע צייט, אַז איך טראָג זיך אַרום מיטן געדאַנק אָנצושרייבן אייניקע פראַגמענטן, עפּיזאָדן און געשטאַלטן פון דער אידישער ראַדיאָ־וועלט אין אַמעריקע, וואו עס האָט זיך געקאָכט און גע׳רעש׳ט מיט „סטאַרס״ און „סטאַרעלעך״ (שטערן און שטערנדלעך), מיט „פירמעס״ און „מאַרקעס״, נישט ווייניקער ווי מיטן אידישן טעאַטער דאָ . . .

איז דאָך איבער גאַנץ אַמעריקע, אָנהויבנדיק מיט ניו־יאָרק, פילאַ־דעלפיע, באַלטימאָר, וואַשינגטאָן, באָסטאָן, פּיטסבורג, קליוולאַנד, דעטראָיט, שיקאַגאָ, סעינט־לואיס, מיאַמי, סינסינעטי און לאָס־אַנדזשעלעס, געווען אַ נעץ פון אידישע ראַדיאָ־סטאַנציעס און אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען !

אין ניו־יאָרק אַליין זיינען געווען מער ווי אַ האַלבער טוץ אידישע ראַדיאָ־סטאַנציעס: דאַבעליו, אי. ווי. די., דאַבעליו. עף. עי. בי., דאַבעליו. על. טי. עיטש., דאַבעליו. עי. אַר. די., דאַבעליו. בי.ען. עקס., דאַבעליו. על. אַי. בי., דאַבעליו. בי. בי. סי., אַחוץ די צוויי ספּעציעלע וועכנטלעכע זונטאָק׳דיקע אידישע פּראָגראַמען אויף די צוויי גרויסע ענגלישע ראַדיאָ־סטאַנציעס: דאַבעליו. עם. סי. עי. און דאַבעליו. עם. דזשי. עם.

ווער קען דען איבערגעבן, וואָס אין ניו־יאָרק האָט זיך אָפּגעטאָן מיט די אַלע „פירמעס״ און „מאַרקעס״ אין דער אידישער ראַדיאָ־וועלט ! „די אידישע מאַמע״ (אסתר פעלד), „דער פּאַיאַץ״ (הערמאַן יאַבלאָקאָוו), „דער אידישער פילאָזאָף״ (ישראל לוצקי), „דער מייסטער־זינגער פון זיין פאָלק״ (משה אוישער), „דער אידישער טאַטע״ (יעקב אַלטמאַן), „דער פריילעכער חזן״ (יעקב מייסאַן), „דער בראָנזווילער זיידע״ (ברוך לומעט), „דער

אידישער טרובאַדור" (סימאָר רעכטצייט), „דער פריילעכער ליטוואַק" (בען געילינ׳), „דער טרוים־וועבער" (מאַקס ראָזנבלאַט), „דער פּאַרשטשיק" (דייוויד מעדאָף), „די צעלאַכעסניקעס (יהודה בלייך און צבי סקולער), „דאָס זינג־פייגעלע" (איזאַבעל וואַלטערס), „דער גאַסן־זינגער" (איסאַק גלאַדסטאָן), „די פאָלקס־זינגערן" (חנה׳לע סטראַמבערג), „דער זינגער־פּאָעט" (חיים טויבער), „פריידעלע די חזנ׳טע" (פריידעלע אוישער), „עני און בעני" (נחום סטוטשקאָף און העגריעטאַ שניצער), „דער אידישער ציגיינער" (מאַקס קלעטער), „דער פּאַלעסטינער זינגער" (מרדכי ירדני), און... ווער קען דען אַלעמען געדיינקען?

אָט די אַלע דערמאָנטע „פּירמעס" און „מאַרקעס" זיינען געווען פון די סאַמע פּאָפּולערסטע פון דער אידישער ראַדיאָ־וועלט אין ניו־יאָרק. אַחוץ זייערע אָפטע אויפטריטן, צוויי און דריי מאָל אַ וואָך, אַנדערע זיינען אויפגעטראָטן יעדן טאָג אויף דער ראַדיאָ, האָט יעדער איינער פון אָט די אויסגערעכנטע „פּירמעס" און „מאַרקעס" אויסגענוצט די פּאָפּולאַריטעט זיינע אָדער אירע און האָט פאַר זיך איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן קאָנצערט מיט גרויסע רעקלאַמעס אין אַ אידישן טעאַטער אָדער אין אַ גרויסן קאָנצערט־זאַל. און דער עולם? אוי, איז מען געקומען! אוי, איז מען געלאָפן, ווי אויף אַ בייז וואונדער, אַנקוקן פּערזענלעך דעם און יענעם פּאָפּולערן און באַליבטן „ראַדיאָ־פּיטשור", „ראַדיאָ־סטאַר", „ראַדיאָ־פּערזענלעכקייט"!

הכלל, עס האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק...

אייניקע פון אָט די דערמאָנטע „ראַדיאָ־פּירמעס" און „ראַדיאָ־מאַרקעס" האָבן זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט איינאָרדענען פאַר זיך איין קאָנצערט אָדער עטלעכע קאָנצערטן אין פאַרשידענע טיילן פון דער שטאָט: מאַנהעטן, ברוקלין, קוני־איילאַנד, בראָנזוויל, בראָנקס, נאָר זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער: זיי האָבן אויסגענוצט זייער פּאָפּולאַריטעט און באַשטעלט פאַר זיך ביי דראַמאַטורגן ספּעציעלע „פּיעסן", וואָס זיינען מיט גרויס דערפאָלג געשפּילט געוואָרן אין פאַרשידענע אידישע טעאַטערס איבער ניו־יאָרק: הערמאַן יאַבלאָקאָוו אין „דער פּאַיאַץ", אסתר פעלד אין „די אידישע מאַמע", פריידעלע אוישער אין „אַ חזנ׳דל אויף שבת", ברוך לומעט אין „דער בראָנזווילער זיידע", חיים טויבער אין „דער זינגער־פּאָעט", מאַקס קלעטער אין „דער אידישער ציגיינער".

אָ, מאַמעלעך, אָ, טאַטעלעך, וואָס עס האָט זיך אָפּגעקאָכט! ס'אַראַ גרויסע טעאַטער־דערפּאָלגן דאָס זיינען געווען! ספּעציעל די טעאַטער־פאָרשטעלונגען: „דער פּאַיאַץ", „די אידישע מאַמע", „דער זינגער־פּאָעט", און „אַ חזנ'דל אויף שבת"! הערמאַן יאַבלאָקאָוו איז ממש אויפגעריכט געוואָרן: ער איז איבערנאַכט געוואָרן אַ „טעאַטער־סטאַר" — און גלייך דערנאָך אַ טעאַטער־דירעקטאָר און אַן אייגענער טעאַטער־באַלעבאָס...

היינט די אידישע ראַדיאָ־אַנאָנסירער: נחום סטוטשקאָף, אָסקאַר גאָרין, מישאַ ראַפּעל, וויקטאָר פּעקער, צבי סקולער, בען באַסענקאָ, דוד אָפּאַטאָשו, מיכל גאָדשטיין, הערשל לעווין, אייב לאַימאַן, יעקב שעכטער, ראַבאַי קראָנבערג, מיכל לעוויצקי, אַרנאָלד דזשאָפּע, חנה ספּעקטאָר — אַ קליינינקייט עפּעס! זיי זיינען דאָך ביים אידישן ראַדיאָ־עולם געווען דאָס אויבערשטע פון שטויסל...

איצט, מיט דעם טויט פונעם לאַנג־יאָריקן פאַרוואַלטער פון דער סאַמע פּאָפּולערסטער אידישע ראַדיאָ־סטאַנציע נישט בלויז אין ניו יאָרק אַליין, נאָר איבער גאַנץ אַמעריקע, דאָבעליו. אי. ווי. די., הענרי גרינפעלד, איז געקומען פאַר מיר די צייט צו נעמען די פּען אין דער האַנט און איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָנשרייבן די לאַנג־געפּלאַנטע פראַגמענטן, עפּיזאָדן און געשטאַלטן פון דער אידישער ראַדיאָ־וועלט אין אַמעריקע — אַ וועלט, וואָס האָט אויך איר חלק צוגעטראָגן צו דעם אַלגעמיינעם אידישן קולטור־לעבן דאָ אין לאַנד, נישט געקוקט אויף אַלע אירע חסרונות...

איך טראַכט: זע נאָר! דווקא מיט הענרי גרינפעלד'ן, וועמעס צו גרויסער „חסיד" איך בין גראָד נישט געווען, אָבער דורך די אַלע יאָרן וואָס מיר האָבן זיך געקענט און מיין זיין פאַרבונדן מיט דער סטאַנציע, אַ קיילעכיקן פערטל יאָרהונדערט, זיינען מיר געווען אין פריינטלעכע און דרך־אַרצ'דיקע באַציאונגען — דווקא מיט אים הייב איך אָן מיין סעריע פראַגמענטן, עפּיזאָדן און געשטאַלטן פון דער אידישער ראַדיאָ־וועלט?

איז עס אַוודאי מאָדנע, נאָר מסתם איז דאָ אַ סיבה דערביי: אפשר דערפאַר, ווייל אונטער זיין „ממשלה" האָב איך אין אַמעריקע געמאַכט מיין „ראַדיאָ־דעביוט", און דאָס זאָל זיין דער אופן פון אויסדריקן אים מיין דאַנק. מעגלעך...

עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, זינגענדיק צוויי מאָל אַ וואָך, פרייטיק און זונטיק, אויף דאָבעליו. אי. ווי. די., און זומער־צייט, בעת וואַקאַציע, האָב

איך, פון מאָל צו מאָל, פאַרטראַטן די צוויי הויפּט־אַנאָנסירער און פּראָגראַמען־אָנפירערס פון דער סטאַנציע, צבי סקולער און בען באַסענקאַ; וגם אין משך פון פולע פינף יאָר, צווישן 1950 ביז 1960, רעדאַקטירט, באַאַרבעט און געשריבן די ענטפערס אויף די צוגעשיקטע בריוו פון די צוהערער וואָס „דער אידישער פילאָזאָף" (ישראל לוצקי) האָט פיר מאָל אַ וואָך: מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך און פרייטיק, באַהאַנדלט אויף זיין פּראָגראַם אויף דער זעלביקער סטאַנציע, די סאַמע העכסט־באַצאָלטע פּראָגראַם אין גאַנץ אַמעריקע, וואָס איז פּאַטראָנירט („געספּאָנסערט") געוואָרן פון דער באַוואוסטער אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלער פירמע „די קאַרניישאָן מילק קאָמפּאַני", און אויך יעדן דאָנערשטיק אין דער וואָך, געשריבן „די נייעס און אַ לייט־אַרטיקל" (פון מאָל צו מאָל אויך אַליין איבערגעגעבן די נייעס און געליינענט דעם „לייט־אַרטיקל" אויף דער ראַדיאָ) פאַרן זעלביקן „אידישן פילאָזאָף", און אויף דער זעלביקער סטאַנציע, פאַר זיין פּראָגראַם, וואָס איז, ווידער אַמאָל, פּאַטראָנירט געוואָרן פון אַ גרויסער אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלער „טונאַ־פיש" פירמע: „טשיקן אָף די סי", אַז עס זאָלן זיך אָנקלייבן קעגנזייטיקע „פּאַראיבלען", גערעכטע און אומגערעכטע. אַמאָל צוליב אַ ליד וואָס איך האָב געזונגען און ס'איז גרינפעלד'ן נישט געפעלן געוואָרן. אַמאָל צוליב אַ שאַרפן אויסדרוק אָדער שטעלונג וואָס איך האָב גענוצט אין די נייעס אָדער אין די „לייט־אַרטיקלען" פון די פּראָגראַמען פאַרן „אידישן פילאָזאָף" (פאַר מיר האָבן די זעלביקע צוויי פּראָגראַמען פאַרן „אידישן פילאָזאָף" צוגעגרייט דער טעאַטראַל און ראַדיאָ־אַנאָנסירער הערשל לעווין, דערנאָך דער שרייבער, געוועזענער מיטאַרבעטער פון „מאָרגן־זשורנאַל", און ווען דער „מאָרגן־זשורנאַל" האָט זיך צוגעמאַכט איז ער געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין „פאָרווערטס" און שפּעטער דער נייעס־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", משה עלבוים). אָבער ער איז מיר געווען אַ סך נעענטער און אָנגענעמער, ווי זיין נאָכפאָלגער, נאָרמאַן פורמאַן... ער איז פאַרט געווען אַ קולטורעלער מענטש, אַ מענטש מיט וויסן און אינטעליגענץ און, ווי שוין באַמערקט, מיר האָבן זיך באַצויגן איינער צום אַנדערן מיט דרך־ארץ...

איידער הענרי גרינפעלד איז אָנגעקומען אַלס פאַרוואַלטער פון דער ראַדיאָ־סטאַנציע דאַבעליו. אי. ווי. די., איז ער געווען דער פאַרוואַלטער פון דער רעקלאַמע־אָפּטיילונג אין „פאָרווערטס". איך ווייס נישט ווי

דערפאָלגרייך ער איז געווען אויפן דאַזיקן „פּאָסטן", אָבער ווי דער פּאַר־וואַלטער פון דאַבעליו. אי. ווי. די. האָט ער זיך גאָר שטאַרק אויסגעצייכנט. ער האָט די סטאַנציע אַוועקגעשטעלט אויף אַ פעסטן פינאַנציעלן באָדן, און ער האָט דעם „פּאָרוועטס־פּראָגראַם" דערהויבן אויף אַ הויכער מדרגה. דער „פּאָרוועטס־פּראָגראַם" האָט אונטער זיין אָנפירונג געקראָגן אַ „פּנים"; ביז אים איז ער געווען אַ צעשוואומענער פּראָגראַם מיט אַ סך „דעות" און „געשמאַקן".

ביי מיר איז קיין ספק נישט, אַז צו זיין דער פּאַרוואַלטער פון דאַבעליו. אי. ווי. די., האָט העגרי גרינפעלד'ן אַ סך בעסער „געשמעקט" ווי צו זיין דער אַנאָנסן־פּאַרוואַלטער פון „פּאָרוועטס". דאָ אויף זיין פּאָסטן אין דאַבעליו. אי. ווי. די., האָט ער זיך געפילט מער יום־טוב'דיק און ער איז אויך געווען מער אָנזעעוודיק. ער האָט געהאַט צו טאָן מיט אַרטיסטן, זינגער, אַקטיאָרן, מוזיקער, שרייבער, און עס האָט אים צוגעגעבן אַ סך פּרעסטיזש. ער האָט זיך, וואָלט איך געזאָגט, אַריינגעפּאַסט אין דער דאָזיקער „מלוכה", וואָס די סטאַנציע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. דער פּאָסטן האָט אים געפּאַסט, ער האָט אים געטראָגן ווי „בגדי מלכות"...

העגרי גרינפעלד האָט פאַרמאָגט אַקאַדעמישן וויסן, די געהעריקע קולטור, די נויטיקע מאַנירן, דעם פּאַסיקן שטעל צו זיין אַ פּאַרוואַלטער פון אַ ראַדיאָ־סטאַנציע. סוף־כל־סוף איז דאָך אַ ראַדיאָ־סטאַנציע נישט קיין פאַבריק, אָדער קליידער־געשעפט — און אַוודאי נישט קיין „גראָסערי־סטאָר"... אפילו ווען ער איז פון צייט צו צייט אַרויס פון די געהעריקע „האָלאָבליעס" און זיין פּנים איז געווען אָנגעכמורעט, בייז אַפילו, אָן אַ שמייכל, איז ער אָלץ געווען העגרי גרינפעלד דער קאָלעדזש־גראַדואירטער און דערצויגענער אַמעריקאַנער דזשענטלמען...

אויף צוויי מענטשן פלעגט ער אויסלאָזן זיין כעס: אויף דעם אַנאָנסירער מיכל לעוויצקי און נ. זאַסלאַווסקי, דער לאַנג־יאָריקער מוזיק־דירעקטאָר פון דער סטאַנציע, מחמת ביידע פלעגן אין דער שטיל אָפּטאָן „מיאוס'ע שטיקלעך" וואָס האָבן אים דערצאָרנט. מילא, אויף מיכל לעוויצקי'ן האָט מיך נישט געאַרט, אַזאַ מענטש איז ער געווען, אָבער אויף זאַסלאַווסקי'ן איז מיר תמיד געווען אַ חידוש, נאָר גיי מאַך איבער אַ מענטשלעכע נאַטור... ער איז געווען אַ באַגאַבטער מוזיקער און אַ וואונדערלעכער אַקאָמפּאַנירער, נאָר אַ מענטש מיט אַ „גראָב־הויטיקער" נאַטור... פאַר אַ „גראָשן" וואָלטן,

אי מיכל לעוויצקי אי זאַסלאַווסקי, אַוועקגעגעבן דעם טאַטן מיט דער מאַמע . . .

אַ סך זיינען געווען אונטערן איינדרוק, אַז הענרי גרינפעלד איז אַ שטרענגער מענטש, אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי אַן אויבנאויפיקער איינדרוק. ער איז געווען אַ שטרענגער, „ווייל", האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט, „איך מוז זיין שטרענג, אַניט וועט מען פאָרן אויף מיר רייטענדיק. יעדער איינער וועט קומען צו מיר מיט זיינע אומגעבעטענע עצות און רעקאָמענדירונגען: כאַניין וועט שיקן צו מיר זיינע פריינט; גוסקין וועט, ווידער, שיקן זיינע פריינט, און אַדאָלף העלד וועט טאָן דאָס זעלביקע, און די סטאַנציע וועט דערפון ליידן. איך מוז זען אָנצוהאַלטן די „פּאָליסי" פון איין מענטש־באַלעבאָס, פון איין מענטש־פּאַרוואַלטער, נישט פון קיין צען דעות . . .".

הענרי גרינפעלד, האָט, למשל, בשום אופן נישט געוואָלט צולאָזן קיינעם פון די אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרס, אַז זיי זאָלן האָבן צו טאָן מיטן „פאָרווערטס־פּראָגראַם". שענערס: ער האָט אפילו נישט גערן געהאַט צו לאָזן זינגען זייערס אַ טעאַטער־ליד. אפשר איז עס געווען זאַסלאַווסקי'ס איינפלוס: סוף־כל־סוף איז ער דאָך געווען דער מוזיק־דירעקטאָר פון דער סטאַנציע ! ער האָט געהאַט די דעה, כאָטש ער האָט זיך אָנגעפּרעגט ביי גרינפעלד'ן און האָט אַליין גאָרנישט געטאָן . . .

ווייס איך נישט, וואָס אַשטייגער אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי האָט וועגן דעם אויף גרינפעלד'ן געזאָגט, אָדער וואָס אברהם עלשטיין האָט וועגן דעם געטראַכט, איך ווייס אָבער וואָס יוסף רומשינסקי האָט וועגן דעם אויף גרינפעלד'ן געזאָגט ביי אַ טישל אין קאַפע „ראַיאַל", נאָר דאָס לאָזט זיך דאָ נישט איבערזאָגן . . .

הענרי גרינפעלד איז געקומען קיין אַמעריקע אין עלטער פון 9 יאָר און האָט צוזאַמען מיט הלל ראָגאָפּ'ן, דער לאַנג־יאָריקער פאַרוואַלטונג־רעדאַקטער און שפּעטער שעף־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", און אַדאָלף העלד, דער פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמייטעד באַנק, און פריער נייעס־רעדאַקטאָר און שפּעטער גענעראַל־פּאַרוואַלטער פון „פאָרווערטס", שטודירט אין ניו־יאָרקער „סיטי־קאַלעדזש", פון וועלכן ער האָט גראַדואירט אַלס יוריסט. פּונקט ווי זיינע צוויי קאַלעדזש־פריינט, האָט אויך גרינפעלד גערעדט און געשריבן אידיש און אין דער שטיל געשריבן פּאָעזיע —

אידישע און ענגלישע לידער. ער האָט מיר אַמאָל געגעבן זיינע לידער צו לייענען, קיין טיפע פּאָעזיע איז עס אַוודאי נישט געווען, אָבער אַ פּאָעטישן „פונק״ האָבן זיי פאַרמאָגט. צו אייניקע לידער האָט זאַסלאַווסקי פאַרפאַסט מוזיק און זיי זיינען אָפט געזונגען געוואָרן אויף דער סטאַנציע פון דער פיינער זינגערין, איזאַבעל וואַלטערס.

נו, 87 יאָר איז אַ גאַנץ וואוילע עלטער פאַר אַ מענטשן צו פאַרלאָזן די וועלט, דאָך באַדויער איך זיין אַוועקגיין, מחמת קיין אַנדערע הענרי גרינפעלד׳ס, אַ פּראָדוקט פון דער אַמאָליקער אידישע „איסט־סייד״, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די פריער־דערמאָנטע הלל ראָגאָף, אַדאָלף העלד, אַ מאיר לאָנדאָן, אַ סידני הילמאַן, אַ אברהם שיפּליאַקאָוו, אַ דר. אבא־הלל סילווער, אַ דר. שלמה גאָלדמאַן, אַ לואיס ליפּסקי און נאָך אַנדערע, וועלן שוין נישט געבוירן ווערן מער. די אַמאָליקע אידישע „איסט־סייד״ איז שוין איצט געשיכטע — אַ געשיכטע, וואָס האָט באַרייכערט און באַפרוכפּערט דאָס גאַרע אידישע לעבן אין אַמעריקע...

„אידישע קולטור״, אויג. — סעפּ. 1973, נ. י.

# אַ שטערן האָט זיך אויסגעלאָשן

## אַ טרער אויפן פרישן קבר פון ריטשאַרד טאָקער

די טרויעריקע נייעס אַז דער וועלט־באַרימטער אָפּערע־זינגער און חזן ריטשאַד טאָקער איז געשטאָרבן איז אָנגעקומען ווי אַן אומגעריכטער קלאַפּ. מ׳האָט געוואוסט אַז ריטשאַרד טאָקער האָט אַ „האַרץ־פעלער״ אָבער קיינער האָט זיך נישט געריכט אַז ער וועט אַזוי שנעל און פּלוצים פון דער וועלט אַוועקגיין.

אַ גרויסער שאָד!

זינגערס פון דעם קאַליבער, פון דעם שניט און געוואַנט, פון אַזאַ הויכער מדרגה זיינען היינט צו טאָג זייער ווייניק. אָבער נישט בלויז האָט די אָפּערע־וועלט געליטן אַ שרעקלעכן קלאַפּ, נאָר אויך די חזנ׳ישע וועלט, ווייל פאַר דער חזנ׳ישער וועלט איז טאָקער געווען נישט ריטשאַרד, נאָר

ראובן טאָקער, וועלכער איז געשטאַנען אויף חזנ׳ישע שטעלעס אין גרויסע שולן פון ניו יאָרק, ווי אין דעם „ברוקלין דזשואיש סענטער״, אויף איסטערן פּאַרקוועי, אין עדת ישראל אין די בראָנקס, אין דער גרויסער „גאַליציאַנער שוהל״ אין שיקאַגאָ און נאָך אין אַנדערע שטעט — און אויך אין די קעטסקיל־בערג און מיאַמי.

ריטשאַרד טאָקער האָט אויף יעדן קאָנצערט זיינעם געזונגען איינע אָדער צוויי חזנ׳ישע תפילות — אפילו פאַר די סאַמע אָפּגעפרעמדסטע אידן ערגעץ אין שטעט און שטעטלעך אין דער וועסט אָדער אין דער סאָוט. — טאָקער איז געווען אַ קינד פון דער איסט־סייד אין ניו יאָרק, וואו אידיש לעבן האָט אַמאָל געבליט אויף אַלע דעכער, אויף אַלע הויפן און אויף אַלע גאַסן. די אידישע איסט־סייד האָט אים געבוירן און דערצויגן, געכאָוועט און געפיטערט, און אים צוגעבונדן צום אידישן לעבן. ער האָט נישט געקענט פאַרגעסן זיין זינגען ווי אַ משורר ביים באַוואוסטן חזן און קאָמפּאָזיטאָר יהושע ווייזער ע״ה. ער האָט אים כסדר דערמאָנט און פאַרהערלעכט מיט אַ גוואַלדיקן דרך־ארץ.

ווען טאָקער פלעגט זינגען חזן ראַפּאַפּאָרט׳ס קאָמפּאָזיציע „אלו דברים״, האָט מען געפילט אַז ער איז זיך גאָר מחיה, אַז עס קומט אים צו דערפון אַ שטיק געזונט. דעם זעלביקן געפיל האָט מען געהאַט ווען מ׳האָט אים געהערט זינגען זאַוועל זילבערטס קאָמפּאָזיציע „והוא רחום״, פאַר וועמען דער טאַלאַנטירטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר האָט ספּעציעל אָנגעשריבן. אין אָט די צוויי פּרעכטיקע רעטשיטאַטיוון, האָט טאָקער זיך שטאַרק אויסגעצייכנט, מחמת ער האָט זיי ליב געהאַט, ווייל אויף זיי איז ער אויפגעהאָדעוועט געוואָרן.

אַוודאי האָט זיין זינגען אי אין מעטראָפּאָליטן און אי אין שולן צווישן אידן אַרויסגערופן הייסע וויכוחים. אָבער ווער, אַ שטייגער, האָט אים געקענט זאָגן דעות? ער האָט זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון אַזאַ גאָלדענער געלעגנהייט ווי זינגען אין מעטראָפּאָליטן — די מעקאַ פון אָפּערע־הייזער אין דער וועלט. אָבער ער האָט זיך אויך נישט געקענט אָפּזאָגן פון חזנות, ווייל עס האָט אים געצויגן צום ערשטן קוואַל — תפילה־געזאַנג.

עס זיינען פאַראַן דריי קלאַסן קינסטלער — אויף יעדן געביט. די וואָס ווייסן נישט פון זייער חיות; די וועלכע אַליין האָבן זיי גאַרנישט און קרומען זיך נאָך אַנדערע — און די וואָס קומען מיט זייער אייגענעם איך. די לעצטע

זיינען די אמת׳ע אַרטיסטן — און ריטשאַרד טאַקער האָט געהערט צו די לעצטע. ער איז געקומען מיט זיין אייגענעם איך: ער האָט נישט געזוכט ווי אַנדערע אָפּערע־טענאָרן, נאָכצומאַכן קאַרוזאָ׳ן אָדער ביאָרלינג׳ן; צי ווי אַנדערע באַסן נאָכצווזינגען שאַליאַפּינ׳ען אָדער עזיאָ פּינזא — און דעריבער האָט ער אַזוי שטאַרק אויסגענומען: ער איז געווען ער, און נישט קאַרוזאָ און נישט ביאָרלינג. אים האָבן אַלע האַלט געהאַט: די איטאַליענער, די פראַנצויזן, די שפּאַניער — פון אידן שמועסט מען נישט. אין איטאַליע האָט מען אים ממש אויף די הענט געטראָגן.

יאָ, אַ שטערן האָט זיך אויסגעלאָשן — אַ שטערן, וועלכער גייט נישט אויף צו־אָפּט. די איטאַליענער זיינען געווען זיכער, אַז ער איז אַ זייעריקער — און מיר אידן אַוודאי און אַוודאי האָבן געפילט אַז ער איז אַן אונזעריקער. אונזער ראובנ׳עלע! ער איז דורך און דורך געווען אַן אונזעריקער, מיט אַלע זיינע תנועות און קנייטשען. פון זיין שטימע, פון זיין קלאַנג און טאָן. איך פלעג אים גאַנץ אָפט באַוואונדערן פאַר זיין גרויסן אָפּשיי און דרך־ארץ פאַר די גרויסע חזנים, ווי הערשמאַן, פינטשיק, גלאַנץ, רויטמאַן, קוסעוויצקי. מ׳האָט געקענט אין אים אַרויסזען דעם געבוירענעם און ערלעכן קינסטלער ביי וועמען אמת׳ע קונסט, ריינער געזאַנג שטייט העכער פון פּערזענלעכע געפילן, אַז ער איז געווען פריי פון קנאה און נישט־פאַרגינעריי...

קענט איר זיך דערמאָנען אין טאַקער׳ס אופן זינגען די ראָל פון „ראַדאַמעס״ אין ווערדיס אָפּערע „אַאידאַ״? אָדער אין זיין זינגען אין דעם זעלביקן ווערדיס אָפּערע „לאַ פאָרזאַ דעל דעסטינאַ״? מיט וואָס פאַר אַ בריליאַנטענעם געזאַנג ער האָט אין אָט די צוויי אָפּערעס אַרויסגעשיינט! — די „בראַוואָס״ קלינגען מיר נאָך איצט אין מיינע אויערן און וועלן נאָך לאַנג קלינגען. אַזאַ געזאַנג לאָזט זיך נישט פאַרגעסן קיינמאָל נישט!

ערגעץ־וואו האָט טאַקער טיף אין זיינע ביינער געמוזט זיין אַ חסיד. ערגעץ־וואו האָט אין אים געציטערט אַ חסידישער „אָדער״ — ווייל זיין זינגען האָט פאַרמאָגט אמת׳ן חסידישן פייער, ברען און אמת׳ע התלהבות׳דיקייט. מ׳האָט אים געקענט קריטיקירן, אָבער קיינער האָט אויף אים נישט געקענט זאָגן, אַז ער איז אַ „פאַרעוועער זינגער״, אַז ער זינגט „קאַלט״, אָדער אַז ס׳פעלט אים „פייער״, הייליקער ציטער. ער איז, ווי תמיד, געווען „פאַר׳שיכור׳ט״ פון געזאַנג; ער איז אַלעמאָל געווען דורשטיק נאָך געזאַנג. און דאָס האָט אים מעגלעך געפירט צו זיין פריצייטיקן טויט; ער

האָט צופיל געזונגען, צופיל אַרומגעפלויגן, אַט דאָ, אַט דאָרטן; ער האָט נישט געטראַכט וועגן זיין געזונט, ער איז געווען צו „פאַרשווענדעריש" מיט זיינע כוחות...

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד!

„קענעדער אָדלער", פעב. 21, 1975, נ. י.

# דער אָפּערע זינגער, ראָבערט מעריל

עס איז געווען אַ העלער נאָכמיטאָג אונטער אַ לויטערן הימל שבועות־צייט אין די בערג.

אַ גרויסער טייל פון די געסט אין האָטעל זיינען אַוועק שפּאַצירן און אַנדערע זיינען געגאַנגען כאַפּן אַ בייטאָגיקן דרעמל.

איינער אַליין בין איך געזעסן אינדרויסן אויף דער גרויסער וועראַנדע און מיין אויג האָט זיך געטיקט אין אַ ים פון גרינס.

אַלץ איז געווען אַזוי ניי, פרישׁ, יונג, צאַרט, ווי די פרישע, יונגע, צאַרטע לייבעלעך פון ניי־געבוירענע קינדערלעך.

פון יעדן פלאַנץ איז אויפגעגאַנגען גאָט'ס אַ ניגון. די לופט איז געווען פול מיט טאָן־שאַטירונגען, ניואַנסן און קאָלירן.

שאַרפע ריחות האָבן מיט פאַר'שיכור'טע קולות זיך געטראָגן פון האָריזאָנט צו האָריזאָנט.

די עפּעל־ביימער, וועלכע זיינען געשטאַנען נישט ווייט פון דאָרט אין טאָל, באַזוימט מיט ווייסן צוויט, האָבן אויסגעזען ווי אויסגעפּוצטע כלות מיט קרענץ אויף זייערע קעפּ אונטער אַ בלויער חופּה.

די זון האָט געפלייצט מיט גאָלדענע שטראַלן, ווי אַ צעגליטער טייך איבער דעם גרינעם שטח. פייגעלעך האָבן צוויטשענדיק אַרומגעטאַנצט פון איין אָרט אויפן צווייטן.

נאָר פּלוצלונג האָט זיך שאַרף אַריינגעזונגען אַ קול, וואָס האָט זיך געגאָסן ווי פון אַ קלאָרן, פרישן, זויבערן קוואַל, געפלאָסן ווי אַ שימערירנדיק טייכל צווישן גרינעביימער אונטער אַ צעהעלטער זון.

דאָס קול האָט מיר געקלונגען זעהר באַקאַנט. איך האָב צוגעלייגט מיין

אויער נעענטער צו דער אָפּענער טיר פון דער האָטעל־לאָבי, וואו די ראַדיאָ האָט געשפּילט און איך האָב תיכף דערקענט די שטימע פון דעם יונגן אידישן באַריטאָן־זינגער ראָבערט מעריל פון ברוקלין, וואָס איז איצט איינער פון די יונגע „סטאַרס״ אין מעטראָפּאָליטן אָפּערע הויז.

עס איז געווען דער וועכענטליכער פּראָגראַם פון דער אַר־סי־עי וויקטאָר קאָמפּאַני, וואָס ווערט געבראַכט איבער דער ראַדיאָ יעדן זונטאָג נאָכמיטאָג פון צוויי ביז האַלב נאָך צוויי, אויף דער „ען־בי־סי״ ראַדיאָ סטאַנציע.

צו דעם דאָזיקן ראַדיאָ־פּראָגראַם הערן זיך איין מיליאָנען מענטשן פון גאַנצן לאַנד. עס איז אַ הויך־קולטורעלער מוזיקאַלישער פּראָגראַם. די אַר־סי־עי וויקטאָר קאָמפּאַני קען זיך עס פאַרגינען. זי האָט פון וואַנען. עס טרעטן אַרויס דאָרט די גרעסטע קינסטלער פון דער מוזיקאַלישער וועלט. ראָבערט מעריל איז איינער פון זיי.

ער טרעט אויף דאָרט ניט בלויז אַלס גאַסט־אַרטיסט, נאָר אַלס אַ שטענדיקער אָנטיילנעמער און אַלס הויפּט־„פּיטשור״ פונעם פּראָגראַם. און דאָס איז גאָר קיין קלייניקייט נישט.

איר דאַרפט וויסן זיין, אַז די אַר־סי־עי וויקטאָר קאָמפּאַני איז די גרעסטע מוזיק־פירמע אין דער וועלט, וואָס פּראָדוצירט און שטעלט צו די בעסטע גראַמאַפאָן־פּלאַטן, וועלכע באַשטייען פון די באַרימסטע קינסטלער, סיי זינגער, סיי שפּילער, און די באַרימסטע סימפאָנישע אָרקעסטערס, דיריגירט פון די גרעסטע דיריגענטן אין דער וועלט.

יענעם זונטאָג נאָכמיטאָג האָט ראָבערט מעריל, צווישן די אַנדערע נומערן אויפן פּראָגראַם, געזונגען דזשעראָם קוירנ׳ס באַרימט־געוואָרענע ליד „אָלד מען ריווער״, פון דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער אָפּערעטע „שאָו־באָוט״. עס איז אַ ליד וואָס איז באַרימט געוואָרן נישט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אין דער גאַנצער וועלט. „אָלד מען ריווער״ פאַרמאָגט אין זיך גאָר אַ סך נעגערשן קאָלאָריט און נעגערשן שטייגער. דאָס פאַרוואונדעטע האַרץ פונעם נעגער אַנטפּלעקט זיך דאָרט אויף אַ מערקווירדיקן אופן. איר פילט זיין צער, איר שפּירט זיין צאָרן. אָבער נישט יעדער קען עס זינגען. מ׳דאַרף עס קענען אַרויסברענגען.

חוץ דעם דאַרף מען האָבן די נויטיקע שטימע דערצו. עס פאָדערט זיך אַ קול פון גרויסן פאַרנעם מיט אַ סך געפיל, האַרץ, נשמה, מיט אַן עכטן

זינגערישן צוגאַנג און מוזיקאַלישער פאַרשטענדעניש. עס איז אַ ליד, וואָס לאָזט זיך טייטשן און אויסטייטשן.

ראָבערט מעריל האָט דאָס ליד געזונגען פּראַכטפול. זיין קלינגעדיקע שטימע איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר דעם. זיין טאָן פאַרמאָגט אין זיך ניט בלויז אַ פרישקייט, נאָר אויך אַ מעטאַלישקייט, וואָס איז זעלטן צו געפינען ביי נאָך אַזאַ יונגען זינגער (ער איז בלויז אַ פּאָר און צוואַנציק יאָר). זיין קול קלינגט אָפּ ווי אַ גלאָק אין אַ פרישן פרימאָרגן. דערצו איז ער געבענטשט מיט אַן איינגעבוירענעם זינגערישן געפיל, מיט אַ נאַטירלעכן מוזיקאַלישן חוש. ער שטרענגט זיך גאָרנישט אָן ביים זינגען. ער זינגט לייכט, זיין זינגען קלינגט שפּילעוודיק, ווי אַ שפּרודלדיקער קוואַל.

ווי אַ העלער שטערן האָט זיין נאָמען אויפגעלויכטן אויפן הימל פון אָפּערע געזאַנג.

דער ערשטער אַרויסטריט אין דער מעטראָפּאָליטן אָפּערע הויז איז פאָרגעקומען אין אַ שבת אָוונט, דעם 15־טן דעצעמבער, 1946. ער איז אויפגעטראָטן אין ווערדי׳ס באַקאַנטער אָפּערע „לאַ טראַוויאַטאַ״, וואו ער האָט געזונגען די ראָלע פון „זשערמאָנט״ — דער פאָטער פון דעם ליב־האָבער אַלפרעדאָ, וועלכער פּרוווט שטערן די ליבע צווישן אַלפרעדאָ און וויאָלעטאַ — און האָט גאָר שטאַרק אויסגענומען מיט זיין זינגען סיי ביים עולם און סיי ביי די קריטיקער.

מ׳האָט גלייך געקענט זען, אַז עס גייט אויף אַ נייער שטערן אין דער אָפּערע. חוץ דער וואונדערליכער באַריטאָן־שטימע פאַרמאָגט ער אויך אַן אָנגענעמע בינע־פערזענליכקייט. ביידע זאַכן זיינען ביז גאָר וויכטיק פאַר אַ בינע.

טאַלאַנט אַליין, זינגען אַליין, ווי וויכטיק דאָס זאָל נישט זיין, איז ווייניק — מ׳דאַרף האָבן אַ פיגור, אַן איינגעבוירענעם בינע־חן און בינע־פערזענליכקייט.

זינט יענעם אויפטריט זיינעם אויף די ברעטער פון דעם מעטראָפּאָליטן אָפּעראַ הויז, האָט ראָבערט מעריל זיך געשאַפן איינע פון די מערקווירדיגסטע קאַריערעס אויפן פעלד פון געזאַנג. ער איז גאָר שנעל געשטיגן, און ער טרעט אויף אויסער אין דער אָפּערע אויך אויף קאָנצערטן איבערן גאַנצן לאַנד. זיין אָנטייל אויף די אַר־סי־עי וויקטאָר קאָמפּאַני ראַדיאָ־פּראָגראַמען האָבן אים געשאַפן אַ גרויסן נאָמען. זיינע „פּלאַטן״

פאַרקויפט זיך אין די טויזנטער. ער זינגט אויך פּאָפּולערע אַמעריקאַנער לידער.

דער אַמעריקאַנער עולם, איבערהויפּט די יוגנט, איז משונה׳דיק פאַרליבט אין זיין זינגען. ער פאַרמאָגט דעם צויבער־שליסל וואָס אַפּעלירט צום האַרצן. ער ברענגט בילדלעכקייט, כאַראַקטער, שטימונג. מיט זיין זינגען העלפט ער צו פאַרפיינערן דעם מוזיקאַלישן געשמאַק פון מיליאָנען מענטשן איבערן לאַנד.

ראָבערט מעריל איז געבוירן געוואָרן אין ברוקלין, דער אידישסטער ווינקל אין אַמעריקע. עס לעבט דאָרט אַ געדיכטע אידישע באַפעלקערונג מיט שולן, ישיבות און תלמוד תורה׳ס און ווערט פאַרעכענט פאַר איינער פון די גרעסטע אידישע קהילות אין דער ריזיגער שטאָט ניו יאָרק. איר גייט דורך גאַנצע גאַסן וואָס זיינען דורכאויס באַוואוינט פון אידן. דאָס אידישע לעבן איז מער קענטיק דאָרט ווי אין וועלכן ס׳איז ווינקל פון ניו יאָרק. אַ ברוקלינער לאָזט זיך גרינג דערקענען, אַפילו אויב ער קען קיין אידיש נישט ריידן. עפּעס האָט ער געגנאָסן פון דער אידישער ברוקלין, אַ סך צי ווייניק.

זיינע ערשטע טריט אַלס זינגער האָט ראָבערט מעריל געשטעלט אויף אַ שול־בימה. ער האָט געזונגען אין פאַרשידענע כאָרן ביי פאַרשידענע חזנים. כאָר־דיריגענטן האָבן זיך געשלאָגן איבער אים. יעדער האָט געוואָלט האָבן אים ביי זיך. ער איז געווען באַוואוסט אַלס אַ וואַרעמער זינגערל און האָט געפילט וואָס ער זינגט. זיין זינגען האָט פאַרמאָגט אַ געוויסע שפּאַנענדיקייט. עס האָט זיך געגלוסט צו הערן. דער עולם פלעגט שטיין מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. ער האָט פאַרמאָגט דעם כוח געגנוי איבערצוגעבן דאָס, וואָס דער דיריגענט פון כאָר האָט מיט אים איינגעע׳חזר׳ט. דערצו איז ער אויך געווען זייער אַ געהאָרכזאַמער און האָט געפאָלגט וואָס מ׳האָט אים געהייסן.

ווען ראָבערט מעריל איז אַלט געווען 12 יאָר, האָט ער געמאַכט זיין ערשטן אַרויסטריט אַלס ראַדיאָ־זינגער. זיין מאַמע, וועלכע איז אַליין געווען אַ זינגערין, איז געווען זיין ערשטע מוזיק לערערן. אונטער איר אויפזיכט איז ער געוואַקסן און האָט זיך מוזיקאַליש דערצויגן. זי האָט אים געהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ. זי האָט די ערשטע געפילט, אַז איר זונדעלע וואַקסט אַ טאַלאַנט או זי איז אָנגעגאַנגען מיט אים זייער פאַרזיכטיק.

די דאָזיקע פאַרזיכטיקייט האָט אַ סך אַרויסגעהאָלפן אים אין זיין

קאַריערע. ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם פון טרעפּ צו טרעפּ. ער האָט נישט געריסן די שטימע, נישט געקראַכן אויף די גלייכע ווענט. ווען עס איז געקומען די צייט פון שווייגן, האָט ער געשוויגן. מיט גרויס געדולד האָט ער אויסגעוואַרט ביז וואַנען ער האָט געקראָגן זיין אמת׳ן קול, זיין פולע מענער־שטימע, און ער האָט דערנאָך געקענט אַרויסטרעטן אַלס סאָליסט מיטן אָרקעסטער פון „מוזיק האָל״ אין ראַדיאָ סיטי. דאָס איז געווען דער ערשטער שטויס אויפן וועג צו זיין איצטיקן דערפאָלג.

צו אידישע מוזיק־ליבהאָבער איז ראָבערט מעריל באַוואוסט נישט בלויז ווי אַ זינגער אין דער אָפּערע, נאָר אויך אַלס איינער, וואָס פלעגט זייער אָפט אַרויסטרעטן אַלס סאָליסט מיט אידישע כאָרן אויף קאָנצערטן אין טאַון האָל, קאַרנעגי האָל און אַנדערע קאָנצערט־פּלעצער אין ניו יאָרק.

דעם שרייבער פון די שורות האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון זיינער אַן אויפטריט מיטן „זילבערטס געזאַנג־פאַראיין״ אין טאַון האָל, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם באַוואוסטן קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט זאַוועל זילבערטס. ער האָט דעמאָלט געזונגען וואונדערלעך שיין, און דער עולם איז געווען פון אים שטאַרק באַגייסטערט.

אויך געדיינקט זיך מיר זיינער אַן אַרויסטריט אין בראַיטן ביטש, אונטערן פרייען הימל, אין אַ שיינעם זומער־אָוונט, נישט ווייט פון ברעג ים. עס איז געווען אַ דורכאויס אידישער עולם, וואָס איז זיך צונויפגעקומען צו העלפן זאַמלען געלט פאַרן רוסישן מלחמה־רעליף. ער האָט געזונגען קלאַסישע אַריעס און אויך אַמעריקאַנער פּאָפּולערע פאָלקס־לידער. צוזאַמען מיט אים זיינען אויך אַרויסגעטראָטן נאָך אַנדערע אַרטיסטן, צווישן זיי דער שרייבער פון די שורות — אין אַ גרופּע ארץ ישראל׳דיקע פאָלקס־לידער.

און זאָל דאָ אויך פאַרצייכנט ווערן, אַז ראָבערט מעריל האָט דעמאָלט געזונגען פאַר אַ העלפט פון זיין געווינלעכן פּרייז, און האָט מיט דעם צוגעטראָגן אויך זיין חלק הילף צום רוסישן פאָלק, וואָס האָט אַזוי בראַוו געקעמפט קעגן די היטלערישע האָרדעס.

„דער טאָג״, יוני 14, 1947, נ. י.

# תפלה־מוזיק פון אַלע גלויבנס

אונטער דעם נאָמען „מוזיק פון די גלויבנס", האָט די פאַרוואַלטונג פון „טאַון האָל", אויף 43טע סטריט אין ניו יאָרק, איינגעאָרדנט זעקס לעקציע־קאָנצערטן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַן אומגעהויערן אינטערעס אין דער מוזיק־וועלט בכלל, באַזונדערס אין דער אידישער.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון רעליגיעזער מוזיק אין אַמעריקע זיינען אַזעלכע זעקס לעקציע־קאָנצערטן פאָרגעקומען, וואו עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן רעליגיעזע מוזיק פון די דריי הויפּט־רעליגיעס: די אידישע, די קאַטוילישע און די פּראָטעסטאַנטישע. די „בכורה" איז אָפּגעגעבן געוואָרן דער אידישער רעליגיעזער מוזיק. וואָרום עס איז היסטאָריש שוין פון לאַנג באַוויזן געוואָרן, אַז די גאַנצע קירכלעכע מוזיק שטאַמט אָפּ פון דעם אידישן קוואַל. אויך איז דער אידישער רעליגיעזער מוזיק צוגעטיילט געוואָרן גאַנצע צוויי פולע אָוועטן. דאָס באַווייזט, אַז מען רעכענט זיך גאָר שטאַרק אין דער נישט־אידישער וועלט מיט דער אידישער רעליגיעזער מוזיק.

פּראָפעסער א. בינדער, דער אָנפירער פון כאָר אין דער „פרי־סינאַגאָג", איז געווען דער משגיח, אונטער וועמענס אויפזיכט די צוויי אָוועטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן. פּראָפ. בינדער קען דעם ענין גרינטלעך. שוין יאָרן־לאַנג אַז ער גיט זיך אָפּ מיט דעם. ער איז אויך דער פּאַרפּאַסער פון עטלעכע סימפאָניעס און אַ גאַנצע רייע אַנדערע מוזיקאַלישע ווערק. ער האָט אויך צוזאַמענגעשטעלט אייניקע לידער־זאַמלונגען.

פּראָפעסאָר בינדער איז אַ געבוירענער אַ ניו־יאָרקער. זיין פאָטער איז געווען אַ חזן אויף דער איסט סאַיד. ער איז אַלס קינד געווען אַ „משורר" אין כאָר און האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט אידישער נגינה. ער האָט אויך געלערנט אין אַ ישיבה צוזאַמען מיט ראַבאַי אבא־הלל סילווער.

מיט דער הילף פון אייניקע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס צו אידישע תפילות, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן אין פאַרשידענע צייטן ביי אידן, איז פּראָפעסאָר בינדער'ן געלונגען צו געבן אַ קלאָר בילד פון דער אידישער רעליגיעזער מוזיק. מען האָט לייכט געקענט זען דעם טיפן אונטערשייד פון דער אַלטער אידישער רעליגיעזער מוזיק, וועלכע איז געווען נענטער אין

גייסט צו די ביבלישע צייטן, און דער נייער מאָדערנער אידישער רעליגיעזער מוזיק, וועלכע געפינט זיך שוין אונטער פאַרשידענע פרעמדע איינפלוסן און עס פעלט אינגאַנצן דער אידישער טעם. אָפּקלאַנגען פון דאַנען און פון דאָרטן הערן זיך אין די שאַפונגען פון דער נייער מאָדערנער אידישער רעליגיעזער מוזיק, און מיט דער גאַנצער אויסגעפוצקייט אירע ווייעט אַ מאָדנע קאַלטקייט, בעת די אַלטע אידישע רעליגיעזע מוזיק מיט איר ווייניקער אויסגעפוצקייט קלינגט עכט און וואַרעמען אָן די נשמה.

ווען פּראָפעסאָר בינדער וואָלט זיך געהאַלטן בלויז ביי דער געשיכט־לעכער זייט פון דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער רעליגיעזער מוזיק און זיך צוריקגעהאַלטן פון מאַכן קאָמענטאַרן, וואָלט נאָך נישט געווען אַזוי שלעכט. אָבער אַז ביי פאַרשידענע מאָמענטן האָט זיך גענומען אַרויסווייזן אַ נייגונג אויף דער זייט פון דער נייער אידישער רעליגיעזער מוזיק, וועלכע קלינגט ערטערווייז קלויסטעריש, האָט עס אַרויסגערופן אַ פּאַרדרוס, כ׳קען זאָגן, אַז ביי מיין שכן, אַ גלח, וועלכער איז צופעליק געזעסן לעבן מיר, אויך אים איז בעסער געפעלן געווען די אַלטע רעליגיעזע אידישע מוזיק. דער נייער פעלט דער אידישער גייסט, און איך וואָלט געזאָגט — דער אידישער אָטעם. נישטאָ די פאַרוואַרצלטקייט וואָס מ׳פילט אין די טענער פון דער אַלטער אידישער מוזיק. אייניקע אידישע מוזיקער האָבן זיך מיט גוואַלד געריסן צו ווערן מיט „לייטן גלייך״, ביז מען איז פאַרקראָכן אין קלויסטער.

דער ערשטער, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן צו ווערן מיט „לייטן גלייך״, איז געווען דער באַרימטער חזן און מוזיקער סאַלאָמאָן דע־ראָסי, וואָס האָט געלעבט אין איטאַליעביים סוף פון 16־טן יאָרהונדערט אין דעם ערשטן העלפט פונעם 17־טן יאָר־הונדערט. סאַלאָמאָן דע־ראָסי האָט זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון די איטאַליענישע קאָמפּאָזיטאָרס און האָט געשריבן צו די תפילות אַזאַ סאָרט מוזיק, וואָס האָט קיין שייכות נישט געהאַט מיט דער שול. די אידישע געמיינדעס אין איטאַליע האָבן אָנהויב זיך געשראָקן און נישט געהאַט קיין חשק אַריינצובריינגען זיינע קאָמפּאָזיציעס אין די דאָרטיקע שולן. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער מוזיקער און איז אויך געווען דער ערשטער וואָס האָט איינגעפירט כאָר־געזאַנג אין די שולן.

שפּעטער איז געקומען סאַלאָמאָן ווערלצער. אויך ער האָט זיך פאַר־מאָסטן צו ווערן מיט „לייטן גלייך״. זיינע שאַפונגען געפינען זיך אַ האָר

נישט ווייניקער אונטער פרמעדן איינפלוס ווי דע־ראָסי׳ס. עס זיינען דערנאָך געקומען פיל אַנדערע, וועלכע האָבן אָנגענומען די זעלבע שיטה. און אַזוי איז מען געגאַנגען פון שטאַפּל צו שטאַפּל, ביז מען האָט זיך אינגאַנצן דערווייטערט פונעם אידישן קוואַל.

וואָס איז לעוואַנדאָווסקי׳ס „מעוז צור ישועתי״ אויב נישט אַ מעלאָדיע פון עפּעס אַ דייטשיש לידעל ? און וואָס איז זולצער׳ס „כי מציון״ ? מיר וואָלטן געקענט אָנווייזן אויף אַ גאַנצער רייע אַזעלכע שול־קאָמפּאָזיציעס . . .

עס איז באמת אַ שאָד, וואָס פּראָפעסאָר בינדער האָט אין זיינע צוויי לעקציע־קאָנצערטן אויסגעלאָזט די צוויי גרויסע פון דער חזנ׳ישער וועלט: ניסן בעלזער און זיידעל ראָוונער. ווי אַזוי ער זאָל זיך נישט באַציען צו זיי, האָט ער פונדעסטוועגן געקענט געפינען אייניקע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע וואָלטן געקענט אַריינגענומען ווערן אין דעם פּראָגראַם. פונקט ווי מען קען נישט שרייבן וועגן דער אידישער ליטעראַטור און זיך נישט אָפּשטעלן אויף מענדעלע׳ן, אַזוי אַז מען רעדט אָדער מען שרייבט וועגן דער ליטורגישער מוזיק ביי אידן, קען מען נישט פאַרבייגיין די צוויי דערמאָנטע חזנים. מיט וואָס איז ה. שאַליט׳ס „טוב להודות״ שענער — פון אידישער איז אָפּגערעדט — ווי ראָוונער׳ס „מזמור שיר ליום השבת״ ? אָדער מיט וואָס איז איזאַק אָפּענבאַכ׳ס „מכלכל חיים״ שענער, און ווידער אַמאָל, פון אידישער איז אָפּגערעדט, ווי בעלזער׳ס „מלוך״ ?

די צוויי רעפּרעזאַנטיווסטע אידישע ווערק זיינען געווען: דונאַיעווסקי׳ס „ושמרו״ און נאָוואַקאָווסקי׳ס „אָנה תבוא״. די דאָזיקע צוויי קאָמפּאָזיציעס זיינען געשריבן געוואָרן פאַר כאָר און סאָלאָ, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן פון חזן אהרן קאָטשקאָ און דעם כאָר פון „פּריי־סינאַגאָג״ אונטער דער דירעקציע פון פּראָפעסאָר בינדער. אָבער נאָך מער דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן שלמה קאַשטאַנ׳ס „כי כשמך״, וואָס איז נאָך פיל אידישער ווי די צוויי דערמאָנטע אידישע קאָמפּאָזיציעס. קאַשטאַן, וועמענס אמת׳ער נאָמען איז געווען וויינטרויב, איז געווען איינער פון די גרעסטע חזנים פון זיין צייט. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1781, אין דער שטאָט סטאַרי־קאָנסטאַנטין, אין אוקראַינע. צוליב זיינע רויטע האָר האָט מען אים געגעבן אַ צונאָמען „קאַשטאַן״. אונטער דעם דאָזיקן נאָמען איז ער באַרימט געוואָרן איבער דער גאַנצער אידישער וועלט.

די סעריע קאָנצעטערטן „מוזיק פון די גלויבנס״ איז, יעדנפֿאַלס, געווען אַ וויכטיקער אויפטו, און האָט איבערגעלאָזט אַ גוטן איינדרוק.

„פֿאָרווערטס״, פעב. 24, 1946, ג. י.

# „מוזיק ביי אידן״

## דער אָנדענק פון מיין מאַמע חנה

דער פֿאַדעם פון דער אידישער נגינה און מוזיק ציט זיך דורך יאָר־טויזנטער. עס איז באַוואוסט, אַז אידן געהערן צו די סאַמע מוזיקאַלישסטע ראַסן אין דער וועלט. פון די לוויים אָן אין בית־המקדש ביז צו די ניגונים פון חסידישע רביים און אידישע פֿאָלקס־לידער, ציט זיך דער גאָלדענער יחוס פון אונזער מוזקאַלישקייט און שעפערישקייט אויף דעם געביט.

מערקווירדיק אָבער איז דאָס, וואָס מיר האָבן אַזוי ווינציק ביכער וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון אונזער אידישער נגינה און מוזיק. עס נעמט זיך דערפון וואָס מיר האָבן זייער ווייניק שרייבער וועגן מוזיק. די אידישע פרעסע האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן שרייבער און קריטיקער אויפן געביט פון ליטעראַטור און טעאַטער, אָבער אויפן געביט פון מוזיק האָט זי קיין שרייבער און קריטיקער נישט אַרויסגעגעבן.

פֿאַר מיר ליגט אַ זעלטן אידיש בוך, „מוזיק ביי אידן״ *) פון י. ראַבינאָוויטש, אַ באַקאַנטער אידישער שרייבער און רעדאַקטאָר פון „קענעדער אָדלער״. אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, איז אַזאַ סאָרט בוך אין אידיש נאָך נישטאָ. עס איז דאָס ערשטע בוך געשריבן אין אידיש און פון אַ מענטשן אַ פֿאַכמאַן. צו דעם איז י. ראַבינאָוויטש אַ טאַלאַנטפולער שרייבער, וואָס שרייבט זייער לייכט און קלאָר, און יעדער איינער קען אים פֿאַרשטיין. איר געפינט דאָרט אין בוך קאַפּיטלען וועגן מוזיק ביי אידן אין דער אור־אַלטער צייט, אין די צייטן פון תנ״ך און תלמוד, וועגן טראָפּ־ניגונים, וועגן חזנ׳ישער מוזיק, וועגן פֿאָלקס־ניגונים, וועגן חסידישע געזאַנגען און תפילה־נוסחאות אין פֿאַרשידענע אידישע קהילות איבער גאָר דער וועלט.

---

*) אַרויסגעגעבן פון דער „איגל פּאַבלישינג קאָמפּאַני״, מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, 1940.

אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט נגינה און מוזיק ביי אידן ווערט אין דעם בוך באַהאַנדלט און קלאָר אַרומגערעדט לויט די סאַמע פאַרלעסלעכסטע קוואַלן.

ראַבינאָוויטש שטעלט זיך אָפּ אויף דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער אידישער נגינה און מוזיק, ער באַקענט אונז מיט אַ גאַנצע ריי שטריכן, אייגנטימלעכקייטן, די אידישע נגינה און מוזיק ווי אַן אייגנאַרט מיט אירע באַזונדערע וועגן און גענג. דעם מחבר פון בוך איז פולשטענדיק געלונגען צו באַהערשן דעם רייכן מאַטעריאַל, וואָס ער האָט פאַר דעם צוועק געזאַמעלט. בילדער פון אידישן לעבן, אין פאַרשידענע צייטן, ווערן אין פאַרבינדונג מיט דעם גאַנג פון דער אידישער נגינה און מוזיק מיט אַ קלאָרער פּרעציזקייט געמאָלן און אַרויסגעבראַכט פון ראַבינאָוויטש'ן.

נאָכן חורבן פון צווייטן בית־המקדש, ווען עס איז פאַרבאָטן געוואָרן יעדער סאָרט מוזיקאַלישע פאַרוויילונג און ס'איז איבערגעבליבן בלויז דאָס געזאַנג פון תפילה, פון לייענען די תורה, די נביאים, די פינף מגילות און דאָס געזאַנג פון לערנען. האַבנדיק דאָס אין זינען, איז ראַבינאָוויטש ביי זיך איבערצייגט, אַז „אָט די ביבלישע ניגונים און תפילה־נוסחאות קען מיט רעכט באַטראַכט ווערן ווי דאָס „לשון־קודש" פון אונזער ליטורגישער נגינה, ווייל וועגן זייער אָפּשטאַם איז מער קיין ספק נישטאָ, אַ דאַנק די אויספאָרשונגען פון אַ אידלזאָן און אַנדערע. אויב דאָ און דאָרט — שרייבט ער ווייטער — געפינט מען געוויסע לאָקאַלע שנויים, ענדערן זיי אָבער נישט דעם גרונט־כאַראַקטער פון די דאָזיקע אור־אַלטע אידישע ניגונים".

אַ גאָר גרויסן טייל פון זיין בוך האָט ראַבינאָוויטש געווידמעט דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן אידישן מוזיקאָלאָג פּראָפעסאָר א. צ. אידלזאָן, וואָס ווערט פאַרעכנט ביי אונז פאַר דעם גרעסטן פאָרשער פון דער אידישער נגינה און מוזיק.

ער באַקענט אונז נישט בלויז מיט זיינע ספּעציעלע מעטאָדן און אידלזאָנ'ס געניאַלע אויפטואונגען, נאָר וועגן, וואָס ער האָט באַנוצט ביים אויספאָרשן די אָריגינעלע קוואַלן פון דער אידישער נגינה און מוזיק.

„דאָס איז נישט בלויז — שרייבט י. ראַבינאָוויטש וועגן אידלזאָנ'ס ווערק — אַ זאַמלונג וועגן אַ ריזיקן מאַטעריאַל, נאָר אויך אַ וויסנ־שאַפטלעכער אַנאַליז פון זייערע עלעמענטן. דער פּועל־יוצא פון אָט דער אַרבעט איז געווען פאָלגענדער: אידלזאָנ'ען האָט זיך איינגעגעבן צו באַווייזן אָן יעדן ספק, אַז די גאָר אַרכייאישע טיילן פון סינאַגאָגאַלן געזאַנג — די

טראָפּ און תפילה־נוסחאות, ווי אויך געוויסע עלעמענטן אין די אַזוי־גערופענע „סקאַרבאָווע" ניגונים און אפילו אין וועלטלעכן אידישן פאָלקס־געזאַנג — ציען זיך פון וואָרצלען, וועלכע שטעקן אין אור־אַלטן ביבלישן און תלמוד׳ישן עבר. אין אָט דעם געזאַנג פון דעם וואַנדערנדיקן אידישן גלות־פאָלק דעקט זיך אויף דער גרעסטער וואונדער און אפשר אויך דער טיפסטער סוד פון אידישן קיום".

דער פּלאַץ דערלויבט מיר נישט זיך אָפּצושטעלן אויף יעדן איינציקן קאַפּיטל אין ראַבינאָוויטש׳עס עסייען: ווי „די שענסטע דערגרייכונג אינעם חזנ׳ישן שטייגער", „לאַזאַר סאַמינסקי׳ס „העברייאישער חלום"", „בעטהאָ־ווענס סוד" און „אַ מוזיקאַלישער „תיקון" פאַר אונזער מאָדערנעם ליד".

י. ראַבינאָוויטש טרעט גאַנץ שאַרף אַרויס קעגן סאַמינסקי׳ס אַנטי־פאָלקיסטישן איינשטעל" אין זיין בוך „מוזיק אָוו דהי געטאָ ענד דהי ביבל". די פראַגע פון: „איך נשיר את שיר ד׳ על אדמת נכר" — ווי זאָלן מיר זינגען דאָס געזאַנג פון גאָט אויף אַ פרעמדן באָדן, לאָזט סאַמינסקי׳ן נישט רוען. זי לאָזט נישט רוען אויך אַנדערע מוזיקער. אָבער קיינער ביי אונז פאַרנעמט זיך נישט אַזוי מיט איר ווי סאַמינסקי. ער האָט זייער פיל אויסצוזעצן קעגן גאָר וויכטיקע טיילן פון אונזער וועלטלעכן אידישן פאָלקס־געזאַנג און פאָלקס־מוזיק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין לויף פון גאַנצע דורות אידיש־לעבן זייענדיק אין גלות. סאַמינסקי׳ן ציט מער צו די סינאַגאַגאַלע געזאַנגען, צו די עלעמענטן פון דער רעליגיעזער אידישער מוזיק, ווייל ער איז איבערצייגט, אַז דאָרטן געפינט מען דעם סאַמע ריינסטן „העברעאישן מעלאָס".

אין אַנדערע ווערטער: ער שטרעבט צו אַ דורכאויס אידישער מוזיק, וואָס זאָל אינגאַנצן זיין ריין פון פרעמדע איינפלוסן. אפילו אַזאַ וועלט־באַרימטע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע ווי אחרונ׳ס „היברו מעלאָדי" (אידישע מעלאָדיע) געפעלט נישט סאַמינסקי׳ן. ווייל טעאָמאַטיש און טאָנאַליש איז זי געשריבן געוואָרן אין דעם גוסט פון דער וועלטלעכער אידישער פאָלקס־נגינה און פאָלקס־מוזיק.

„ווי אַ טיפּישן רענעסאַנסלער — שרייבט ראַבינאָוויטש וועגן סאַמינסקי׳ן — אינטערעסירט אים מער דער אָפּגעהיטער קלאַנג פון אידעאַליזירטן „העברעאישן מעלאָס", ווי דאָס געזאַנג פון דער לעבעדיקער אידישער ווירקלעכקייט, — יענע ווירקלעכקייט, וואָס מיט איר גאַנצער

גלות׳דיקער פאַרקריפּלטקייט איז איר פאַרצוג איבער דעם טויטן אַמאָל געגנוי, אַזוי ווי עס איז דער פאַרצוג פון דעם לעבעדיקן הונט איבער דעם טויטן לייב...״

דאָס מערקווירדיקע דערביי איז, וואָס סאַמינסקי איז נישט גלאַט אַבי־ווער אַ מוזיקער. אויסער דעם וואָס ער איז אַ באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר מיט אַ וועלט־נאָמען, איז ער געווען איינער פון די פּיאָנערן און גרינדער פון דער „געזעלשאַפט פאַר אידישער פאָלקס־מוזיק״, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין אַמאָליקן צאַרישן פּעטערסבורג אין יאָר 1908 — אַ ביז גאָר וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער אידישער מוזיק. אָבער פון סאַמע אָנהייב אָן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סאָרט ווידערגעפיל לגבי דעם וועלטלעכן אידישן פאָלקס־געזאַנג און פאָלקס־מוזיק, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גאָר שאַרפע פּאָלעמיק צווישן אים און דעם פאַרשטאָרבענעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־קריטיקער יואל ענגעל, וועלכער האָט שטאַרק פאַרטיידיקט די מאָדערנע מוזיק, די אַזוי־גערופענע „גלות־מוזיק״...

„ער חלומ׳ט — שרייבט ווייטער ראַבינאָוויטש וועגן סאַמינסקי׳ן — פון אַ ראַסע צירלעך־מאַנירלעכע „העברייער״ און עס פאַרשאַפט אים אַ נחת־רוח צו וויסן, אַז ער איז איינער פון זיי״.

נו, מיר דאַכט זיך, אַז ראַבינאָוויטש איבערטרייבט דאָ אַביסל די „שנאה״ פון סאַמינסקי׳ן צו דער מאָדערנער אידישער פאָלקס־נגינה און פאָלקס־מוזיק. אַז נישט אַלץ אין דער אידישער מוזיק איז דורכאויס אָריגינעל־אידיש, ווייסט יעדערער. אַז עס פאָדערט זיך אָן אָפּקלייב, דאָס איז אַ זיכערע זאַך. מען דאַרף נאָר נישט צוגיין אַזוי שטרענג צום ענין, ווי סאַמינסקי טוט עס. אָבער משפט׳ן אים דערפאַר, קומט אים נישט...

אויב אָבער ראַבינאָוויטש איז אויסערסט שאַרף אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן לאַזאַר סאַמינסקי׳ן, איז ער אָבער שוין צו מילד אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן אַ צווייטן לאַזאַר — לאַזאַר וויינער.

ראַבינאָוויטש שרייבט וועגן וויינער׳ן, אַז „אויף וויפיל ער גיט זיך אָפּ מיטן ספּעציפישן אידישן מעלאָס, איז עס נאָר, ווייל דאָס איז אויך (אונטערגעשטראָכן פון מיר — מ. י.) אַ זאַך, אָבער די הויפּט־זאַך שיינט ביי אים צו זיין אינגאַנצן עפּעס אַנדערש״.

און ווייטער זאָגט ער דאָרטן:

„וויינער איז נישט קיין „אידישלעכער״ איד און עס מאַטערן אים נישט קיין בענקשאַפטן. ער איז, פריער פאַר אַלץ און אחרי ככלות הכל, אַ מוזיקער מיט ריין־קינסטלערישע טענדענצן און ער זוכט דעם וועג צו זיך דורך אַלערליי פאַרפלאָנטערטע אומוועגן״.

וואָס מיינט „אַ מוזיק מיט ריין־קינסטלערישע טענדענצן״? דער אידישער מעלאָס קען נישט און טאָר נישט זיין „אויך אַ זאַך״, נאָר דאַרף זיין דער סאַמע עיקר פון אַלע עיקרים ביי אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר. אַ אידישער קאָמפּאָזיטאָר טאָר נישט קוקן אויף „דאָס ספּעציפיש אידישע״ בלויז ווי אויף „אַ באַזונדער סטיל״ און „אייגנאַרטיקער אידיאָם״. און אויב אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר „מאַטערן נישט קיין טראַדיציאָנעלע בענקשאַפטן״, מוז עפּעס זיין דער מער מיט אים...

די שענסטע עסיי אין ראַבינאָוויטש׳עס בוך איז די אָפּהאַנדלונג וועגן בעטהאָווען, וואָס טראָגט דעם נאָמען „בעטהאָווענ׳ס סוד״. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, איז זי, נאָך מיין מיינונג, אינגאַנצן אויסערן פּלאַץ אין אַ בוך. וואָס הייסט „מוזיק ביי אידן״.

„אייניקייט״, אָקטאָבער, 1944, ניו יאָרק.

# קאָלאָמביאַ און אירע מענטשן

## רייזע־מאָטיוון

ב. מקלי ותרמילי — מיט מיין שטעקל און מיט מיין זעקל, האָב איך צום דריטן מאָל זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ קאָנצערט־יאַזדע איבער דרום און צענטראַל אַמעריקע. מיין ערשטער אַריינפאָר דאָס מאָל איז געווען קיין ווענעזועלאַ, אַ לאַנד וואָס איז כדאי זי צו פאָרן אָנקוקן. פון דאָרט בין איך דערנאָך מיט מיין פּעקל לידער, אידישע און העברעאישע און תפילות אַריינגעפאָרן קיין קאָלאָמביאַ. מיין ערשטער אָפּשטעל איז געווען אין באַראַנקיאַ, דערנאָך מעדעלין, דערנאָך באָגאָטאַ, דערנאָך קאַלי, ווייטער מעדעלין, ווידער באַראַנקיאַ, דערנאָך קאַרטאַכענאַ, און אָבער אַמאָל באַראַנקיאַ. אַרום און אַרום האָב איך פאַרבראַכט צען וואָכן צייט אין קאָלאָמביאַ — זינגענדיק און זעענדיק.

מיטן וואָרט „זעענדיק״ מיין איך צו זאָגן, אַז אַחוץ מיין זיין פאַרנומען

מיט זינגען קאָנצערטן, שרייבען און דאַוונען די ימים־נוראים אין באָגאָטאַ, די הויפּט־שטאָט פון קאָלאָמביאַ, האָב איך געהאַט גענוג צייט אויף צו זען און זיך באַקענען מיטן לאַנד, וואָס איך האָב שטאַרק ליב געקראָגן. איך פיל איצט וועגן קאָלאָמביאַ, ווי זי וואָלט געווען מיינע אַ היים נאָך וועלכער איך בענק און וועל צוריק קומען. זי איז איינע פון די דרום אַמעריקאַנער לענדער, וואו איך וואָלט אויף אַ שטיקל צייט שטאַרק געוואָלט זיך דאָרט באַזעצן.

קאָלאָמביאַ איז נישט בלויז איינע פון די רייכסטע לענדער, רייך אין פאַרשידענע מינעס, מינעראַלן, אויל, קאַווע, באַנאַנעס, נאָר אויך איינע פון די שענסטע מדינות אין דרום אַמעריקע. בלויז צו די פאַראייניגטע שטאַטן אַליין פאַרקויפט קאָלאָמביאַ אַ יאָר קאַווע פאַר פינף הונדערט מיליאָן דאָלער. זי איז איינע פון די גרעסטע קאַווע־פּראָדוצירער און קאַווע־צושטעלער אין דער וועלט. און עס דאַרף דאָ נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז די קאָלאָמביאַנער קאַווע צייכנט זיך אויסערגעוויינלעך אויס מיט איר געשמאַקן טעם און אַראָמאַט. אין אַלגעמיין ביך איך נישט קיין קאַווע־טרינקער, צום בעסטן האָב איך הנאה פון אַ הייסער טעפּעלע קאַווע אינדערפרי צו פרישטיק, אָבער זייענדיק אין קאָלאָמביאַ האָב איך געהאַלטן אין איין זשליאָקען „טינטאָס" (קליינע טעפּעלעך שוואַרצע קאַווע), ווי אַ שיכור די בראָנפן . . .

קאָלאָמביאַ איז אויך אַ גרויס לאַנד, גרויס אין שטח, אָבער וועדליג איר שטח האָט זי אַ קליינע באַפעלקערונג — בסך־הכל דרייצן מיליאָן מענטשן, צווישן זיי אַרום פופצן טויזנט אידן. און ווען אַלץ וואָלט געגאַנגען כשורה, ד. ה., ווען דאָס לאַנד וואָלט געווען אַזוי עקאָנאָמיש אַנטוויקלט, לאָמיר זאָגן, ווי די פאַראייניגטע שטאַטן, אָדער קאַנאַדע, וואָלט די באַפעלקערונג ממש זיך געבאָדן אין גרויס וואוילטאָג. ס'איז אָבער נישט אַזוי. עס פעלט געוויס נישט קיין וואוילטאָג אין קאָלאָמביאַ, קיין רייכטום און קיין לוקסוס, אָבער דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג לעבט, ליידער, אין אָרעמקייט. אמת, עס דאַרף דאָ צוגעגעבן ווערן, אַז דער אָרימער קאָלאָמביאַנער ווייזט נישט אַרויס קיין צופיל אומצופרידנקייט מיט זיין גורל — צי דערפאַר ווייל ער האָט שטאַרק ליב דאָס לאַנד זיינס, אָדער מחמת דעם וואָס ער איז אַ „שמח בחלקו", ד. ה., ער באַנוגנט זיך דערמיט וואָס ער האָט, מיין איינדרוק איז אַזביידע זאַכן. איר דאַרפט הערן דעם קאָלאָמביאַנער, אָרעם אָדער רייך, אָבער אויפן רייכן איז מיר נישט אַזאַ

חידוש, אַרויסזאָגן די ווערטער: „איך בין אַ קאָלאָמביאַנער!" כדי צו דערשפּירן און פילן די גרויסע, טיפע, אמת'ע ליבשאַפט וואָס ער האָט פאַר זיין לאַנד!

איך בין זיך מודה, אַז ווי סענסיטיוו מיין אויער איז נישט צום וואָרט און קלאַנג, האָב איך נאָך פון אַ צפון־אמעריקאַנער נישט געשפּירט און נישט געפילט אַזאַ איבערצייגענדיקע גרויסע, טיפע, אמת'ע ליבשאַפט ביים אַרויסזאָגן די ווערטער: „איך בין אַן אַמעריקאַנער". אַנשטאָט דעם שפּיר איך און פיל הינטער דעם זאָג, אַז מער נאָך איידער די ליבשאַפט צום לאַנד גופא, איז פיל מאָל נאָך גרעסער די ליבשאַפט צו דער גרויסער פּראָספּעריטי פון לאַנד, מיט וועלכער דער צפון־אַמעריקאַנער שטאָלצירט מער פון אַלץ. עס קען זיין אַז ער פילט עס גאָרנישט, אָבער אָט דאָס איז עס. בעת אָבער דער קאָלאָמביאַנער זאָגט: „איך בין אַ קאָלאָמביאַנער!", פילט איר טאַקע אַז ס'איז אַן „אהבה שאינה תלויה בדבר", אַז ס'איז אַן אמת'ע און תוכ'יקע ליבשאַפט, וואָס קומט ביי אים פון די סאַמע טיפענישן פונעם האַרצן און דער נשמה. ווייל, וואָס־וואָס, קיין פּראָספּעריטי ווי אין די פאַראייניגטע שטאַטן, וועלכע פילט אונז אַלעמען אָן, מיט זייער ווייניק אויסנאַמען, מיט אַ שטאַרק פאַריסענעם שטאָלץ, לגבי אַנדערע פעלקער אין דער וועלט, פאַרמאָגט קאָלאָמביאַ נישט...

אַוודאי וואָלט קאָלאָמביאַ געטאָן זייער אַ קלוגע זאַך, ווען זי וואָלט געהאַלטן אַביסל ברייטער די טירן אָפן פאַר אויסלענדישן קאַפּיטאַל, ווי עס טוט איר שכן ווענעזועלאַ! און וואָס עפּעס נאָר קאַפּיטאַל? פאַרוואָס אויך נישט — אימיגראַציע? אויסלענדישער קאַפּיטאַל און אימיגראַציע זיינען צוויי וויטאַלע עלעמענטן, ווי לופט און וואַסער, אַפילו פאַר הויך עקאָנאָמישע אַנטוויקלטע לענדער — בפרט פאַר אַזאַ לאַנד ווי קאָלאָמביאַ, וואו די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג גייט צו פּאַמעלעך; אַ לאַנד, וואָס איז גרויס אין שטח, רייך אין נאַטור־אוצרות, און האַלט די טירן נישט צו ברייט אָפן סיי פאַר אויסלענדישן קאַפּיטאַל און סיי פאַר אימיגראַציע, און האָט אַזאַ קליינע באַפעלקערונג? אָבער גיי האָב צו עמעצן טענות, אַז מיר האָט אַ אַנגעזעענער קאָלאָמביאַנער, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט אין האָטעל טיקנדאַמאַ, אין באָגאָטאַ, בפירוש געזאָגט: „אַז אונז איז גוט אַזוי ווי עס איז, מיר ווילן נישט עפּעס אַנדערש!"

אָדער, אויף מיינער אַ פראַגע אין האָטעל נוטיבאַראַ, אין מעדעלין:

פאַרוואָס דער מעדעלינער קאַמערץ־קאַמער צעפּויקט נישט איבער דער וועלט די שיינקייט און דעם פּרעכטיקן רעזאָרט־אויסזען פון דער דאָזיקער שטאָט מיטן וואונדערלעכן קלימאַט, וואָס וואָלט צוגעצויגן טוריסטן פון אומעטום, דער עיקר פון צפון־אַמעריקע, האָט מיר דער מענטש ביי וועמען איך האָב עס געפרעגט, אַ זייער פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָן, גאַנץ פּשוט דערקלערט: אַז נישט דער מעדעלינער קאַמערץ־קאַמער און נישט די מעדעלינער בירגער זיינען להוט נאָך טוריסטן. בכלל האָלט עס זייער שוואַך אין קאָלאָמביאַ מיט טוריסטיק. און דאָס איז אַ שאָד. ווארום דאָס לאַנד איז באמת שיין און אַנגענעם — אי פאַרן אויג און אי פאַר דער נשמה. מיט דער „נשמה" האָב איך אין זין די קאָלאָמביאַנער מענטשן, וועלכע זיינען פון דער נאַטור וואַרעמע, האַרציקע און שפּילעוודיקע. דער קאָלאָמביאַנער האָט שטאַרק הנאה פון אַ גוטן וויץ און קען האַרציק לאַכן. מיט אַ גוטן וויץ, אָדער מיט אַ מעשה׳לע, קענט איר גרינג אים באַרואיקן אַפילו דעמאָלט, ווען ער ווערט אויף אייך אין כעס — און דאָס דאַרף אַ קאָלאָמביאַנער, ווי דאָס רוב לאַטיין־אַמעריקאַנער מענטשן, לאַנג נישט נעמען...

קאָלאָמביאַ איז אויך פאַררעכנט פאַר אַ קולטורעל לאַנד. עס ווערט געזאָגט, אַז דעם בעסטן שפּאַניש צווישן די לאַטיין־אַמעריקאַנער פעלקער ווערט גערעדט און געשריבן אין קאָלאָמביאַ. זי פאַרמאָגט אַ גרויסע אינטעליגענץ און צייכנט זיך אויס מיט אַ היבשער צאָל הויכע אַקאַדעמיקער, פּראָפעסאָרן, פּאָליטיקער, מוזיקער, זשורנאַליסטן און שרייבער. עס דאַרף דאָ באַטאָנט ווערן, אַז די קאָלאָמביאַנער פּרעסע שטייט אויף אַ הויכן ניוואָ, דערויף זאָגן עדות ספּעציעל די צייטונגען וואָס גייען אַרויס אין באָגאָטאַ און מעדעלין, די צייטונגען פון די דאָזיקע צוויי שטעט דאַרפן לחלוטין זיך נישט שעמען מיט זייערע „לייט־אַרטיקלען", לגבי אַ ניו־יאָרק טיימס, אָדער אַ ניו־יאָרק טריביון, אַחוץ זייער וואַזשנעם טאָן און סטיל, זיינען זיי אויך וואָגיק און שאַרפזיניק. איר פילט אַז די מענטשן וועלכע זיצן אין די רעדאַקציעס און שרייבן די „לייט־אַרטיקלען", פאַרמאָגן אַ סך וויסן און זיינען גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־פּאָליטיק, אַזוי גוט ווי אין די אַנדערע ענינים וואָס זיי באַהאַנדלען.

קאָלאָמביאַס אומאָפּהענגיקייט איז נאָך אַ גאָר יונגע — הונדערט און פופציק יאָר אַלט. אין דער געשיכטע מיינט עס פּונקט אַזוי פיל, ווי אַ טראָפּן אין ים. אָבער אין אָט די הונדערט און פופציק יאָר, האָט קאָלאָמביאַ אַדורכ־

געמאַכט, ווי דאָס רוב דרום און צענטראַל אַמעריקאַנער לענדער, קאַלטס און וואַרעמס. עס איז אַ געשיכטע פון שווערע קאַמפן און געראַנגלען מיט פרעמדע און אייגענע כוחות, מיט טונקעלע און ליכטיקע בלעטער, פון בלוט און פייער, פון גרויליקע און זוניקע מאָמענטן, פון מורא׳דיקע מפּלות און העראָאישע נצחונות. אָבער נאָך יעדן שווערן קאַמף און געראַנגל, האָט זי זיך צוריק אויפגעהויבן און ווידער זיך געשטעלט אויף די פיס און אַ האָפענונגספולע געגומען שפּאַנען ווייטער. דאָס איז די מערקווירדיקע וויטאַליטעט פונעם קאָלאָמביאַנער און זיין כאַראַקטער, צו וועמען איך האָב זיך גוט צוגעקוקט. עס זעט מיר אויס אַז אין זיין גרויסער טיפער ליבשאַפט צום לאַנד, געפינט דער קאָלאָמביאַנער זיין העכסטן גליק. די רעגירונג אָדער אַ צווייטע — קאָלאָמביאַ איז אייביק. דאָס איז דער הויפּט אַקס אַרום וועלכער דאָס לעבן פונעם קאָלאָמביאַנער דרייט זיך. עס איז דער סכום פון זיין גאַנצן דענקען און פילן, פון זיין אַבסאָלוטן זיין און עקזיסטענץ. אמת, אַ סך מאָל בין איך געווען איריטירט פון דער דאָזיקער צו „הייסער" ליבשאַפט מצד דעם קאָלאָמביאַנער צו זיין מאַמע־לאַנד — אַ ליבשאַפט וואָס גרעניצט זיך אָפט מיט אַן איבערטריבענעם פאַרשפּיצטן נאַציאָנאַליזם, וואָס דערגייט צו אַן אומצוטרוי און צייטנווייז אויך צו אַ האַס צום פרעמדן, צום נישט־געבאָרענעם קאָלאָמביאַנער, מעג ער אַפילו זיין אַ בירגער פונעם לאַנד, אָבער אָט דאָס איז עס. אגב, זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז אין דעם הינזיכט איז דער קאָלאָמביאַנער אויף דער לאַטיין־אַמעריקאַנישער ערד, געוויס נישט קיין אויסנאַם, אָ, ניין! און נאָך אַן אגב: מיט דעם דאָזיקן סמ׳יקן „מיקראָב" איז ביים היינטיקן טאָג אָנגעשטעקט כמעט יעדעס פאָלק, וואָס לעבט אויפן ערד־קוגל, פאַרפאַלן, ס׳איז אַזאַ צייט...

נו, יאָ עס וועט אַוודאַי אַמאָל קומען אַ צייט, ווען דער דאָזיקער פאַרשפּיצטער נאַציאָנאַליזם, וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן פון דער וועלט. עס וועלן מקויים ווערן די פייערדיקע רייד פונעם גרויסן נביא ישעיה: „לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה" — אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט אויפהויבן קיין שווערד און וועט מער נישט לערנען די קונסט פון מלחמה. דערווייל אָבער — פאַרוואָס זאָל קאָלאָמביאַ, צי אַן אַנדער לאַנד אין לאַטיין־אַמעריקע, אָדער ערגעץ אַנדערש־וואו, זיין אַן אויסנאַם ? ביז די דאָזיקע צייט וועט אַמאָל קומען, וועל איך זיך דערלויבן דאָ צו זיין זייער רעאַליסטיש, הגם איך בין אין תוך מער ראָמאַנטיקער איידער רעאַליסט, און

צוגעבן, אַז דער פּאַרשפּיצטער נאַציאָנאַליזם ביי אַ פֿאָלק, כאָטש ער איז מיר נישט שטאַרק צום האַרצן, אַבי נאָר ער ווערט נישט פֿאַרוואַנדלט אין קיין פֿאַרהאַסטן שאָוויניזם, איז אין דער איצטיקער שטאַרק רויבערישער און אימפּעריאַליסטישער וועלט, אַ גוטער „שוץ־מיטעל" און אַ „סגולה" אויף לאַנגע יאָרן — איבערהויפּט פֿאַר קליינע פֿעלקער. עס איז היינטיקע צייטן נישט גענוג פֿאַר אַ קליין פֿאָלק צו פֿאַרבאַריקאַדירן זיך אין זיין לאַנד ערגעץ אויף גאָט׳ס וועלט און מיט געוווער אַליין קעמפֿן קעגן זיין פֿאַרניכטונג, נאָר ער מוז אויך זיין אָנגעלאָדן, ווי דער וויזעוויוס, מיט דער גרעסטער מאָס פֿון נאַציאָנאַלן פֿייער, אַז קיין שום כוח אין דער וועלט זאָל אים נישט קענען אויסלעשן. אָט אין אַזאַ „שיינער" וועלט לעבן מיר עס היינט...

דער רייץ פֿון די קאָלאָמביאַנער גרינע לאַנדשאַפֿטן, הויכע בערג באַוואַלדיקטע מיט קוסטעס, טיפֿע טאָלן מיט פֿליושנע לאָנקעס, צווישן וועלכע עס שלענגלען זיך שמאָלע טייכן און סאַזשעלקעס, סעדער און גערטנער, פּלאַנטאַציעס און בלומען, וועלדער און געדיכטע דזשאַנגלס, פֿון איר פֿאַר׳כישופֿ׳טן ים־אויסגוס אין דער לעגענדאַרער האַפֿן־שטאָט קאַרטאַכענאַ, שטעט און דערפֿער, וואָס האָט געהאַלטן מיין אויג געשפּאַנט און זיך אַריינגעזונגען טיף אין מיין האַרצן, איז נישט פֿיל קלענער געווען ווי דער רייץ פֿון די שטאַרק שיינע קאָלאָמביאַנער פֿרויען מיט זייערע אינדיאַניש־שפּאַנישע הויטן און פּנים׳ער און בליאַסקענדיקע ציין, ווי פּערל, וועמען איך האָב געזען אויף די גאַסן שפּאַצירן מיט זאַפֿטיקע באַוועגונג, מייסטענס מיט לאַנגע צעלאָזענע האָר, ווי שוואַרצע זייד, איבער זייערע פּלייצעס, ווי רוסאַלקעס, מיט גלאַנציקע פֿייערן אין זייערע ברענענדיקע אויגן, ווי דאָס פֿייער פֿון ברענענדיקן ספּירט, און זינגענדיקע גלוסטענישן אין זייערע אָדערן. איך ווייס נישט פֿאַרוואָס, אָבער די קאָלאָמביאַנער פֿרויען זיינען אָן אַן ערך שענער פֿון די מענער. זעט אויס, אַז דער געמיש פֿון אינדיאַנישע און שפּאַנישע בלוטן האָט נישט געהאַט די זעלביקע ווירקונג אויף די מענער, וואָס אויף די פֿרויען. די קאָלאָמביאַנער פּרוּוו איז פֿון דער דאַזיקער מישונג אַרויסגעקומען מיט אַ זעלטענעם חן און רייצנדיקער שיינקייט. זי ליגט אויף איר אויסגעגאָסן, ווי אַ געזאַנג פֿונעם אויבערשטן. מסתמא שטעקט עפּעס דערין, צי דאָס האָט דירעקט צו טאָן מיט איינער פֿון די קוואַלן פֿון ביאָלאָגיע אָדער פֿיזיאָלאָגיע, דאָס קען איך נישט זאָגן. אָבער אין ראָמאַנטישקייט, אין שפּילן ליבעס, שטייגן די קאָלאָמביאַנער

מענער ווייט אַריבער די פּרויען. דאָס מיינט אַוודאי נישט אַז דער קאַלאַמביאַנער פּרוי פעלט ראָמאַנטישקייט, אָדער אַז זי איז נישט קאַפּאַבעל צו שפּילן קיין ליבעס. אָ, ניין! וואָס דען, זי איז צוריקגעהאַלטענער, ד. ה. זי דערלויבט זיך פיל ווייניקער פונעם מאַן, פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען פאַראַן געוויסע סיבות דערפאַר, אָבער דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך.

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב געפילט עפּעס אַ ביאָלאָגישע נאָענטקייט צום קאַלאָמביאַנער. אפשר דערפאַר, ווייל אין די אָדערן פון גאָר אַ סך קאַלאָמביאַנער מוז ערגעץ פליסן „אידיש בלוט" פון די צייטן, ווען די שפּאַנישע און פאַרטוגעזישע אַנוסים־פאַמיליעס האָבן אַנגעפילט דאָס לאַנד? ווער ווייסט... אָט זיינען אַ ריי נעמען פון סאַמאַראָדנע קאַלאָמביאַנער: מאָסעי, דייוויד, אוריאל, גבריאל, מרים, אסתר, שרה, איזאַק. איר געפינט די דאָזיקע עכט־אידישע נעמען נישט בלויז צווישן די קאַלאָמביאַנער אָרעמע און מיטל־קלאַס פאַמיליעס, נאָר אויך צווישן די סאַמע אָנגעזעענסטע קאַלאַמביאַנער משפחות, ווי די: גאַמעזעס, לאָפּעזעס, ראַמעזעס און פּערעצעס. אָדער מחמת גאָר פשוט: דער קאַלאָמביאַנער געפעלט מיר, ווייל איך האָב אין אים עפּעס דערפילט — עפּעס אַזעלכעס, וואָס איך האָב נישט קיין נאָמען דערפאַר: עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גערעדט צו מיין געפיל, צו מיין האַרץ און נשמה — איז דאָס אַליין דען נישט גענוג? צו וואָס זיך גריבלען? ער איז מיר, קודם, געפעלן מיט זיין וואַרעמקייט, האַרציקייט און זאַרגלאָזיקייט. ער איז מיר אויך געפעלן מיט דער ליבשאַפט, איבערגעבענקייט און פּאַטריאָטישקייט צו זיין לאַנד. און ער דאַרף נישט קיין פאַרמעגנס, ווייל, ווי שוין געזאָגט, ער איז אַ „שמח בחלקו!" ער הערט זיך אַ סך מערער צו צום נאַטירלעכן געזאַנג פון דער ערד, איידער צום קלאַנג פון זילבערנע דאָלאַרס, און ער איז מערער פאַרליבט אין די סאַמעט־גרינע בלעטער פון זיינע סעדער, גערטנער, פּלאַנטאַציעס, וועלדער און דזשאַנגלס, איידער אין זיינע גרינע פּאַפּירענע פּעזאָס, דער קאַלאָמביאַנער דרויסן האָט אַ מיליאָן און איין קאָלירן. די טעג זיינען לויטערע ווי קוואַלן, און די נעכט זיינען אָנגעלאָדן מיט כישוף און מאַנונג...

קאַלאָמביאַ האָט אַן אייגענעם קלאַנג און אַן אייגענעם ריטם. זי קען נאָך דערווייל זיך נישט באַרימען מיט קיין גרויסע סימפאָנישע ווערק, דער בעסטער און אויך שענסטער אויסדרוק פון איר מוזיקאַלישער נשמה, איז נאָך דערווייל געזאַנג — און וואָס קען נאָך זיין העכער, נענטער און טיפער

ווי דאָס געזאַנג פון אַ פאָלק? בפרט אַז דאָס געזאַנג איז אַזוי האַרציק צונויפגעגאָסן מיטן קאָלאָריט פונעם לאַנד, מיטן ריח פון דער ערד, מיטן געזונטן אינסטינקט פון די פאָלקס אָדערן, וואָס פליסט און וויברירט דורך די פאַרשידענע טענער און ריטימס, וואָס דו הערסט אומעטום אויף די גאַסן, אין די רעסטאָראַנען און קאַפעס, אין די הייזער און שטיבלעך, פון די שטעט און פון די דערפער. און אַז דער קאָלאָמביאַנער האָט שטאַרק ליב געזאַנג און מוזיק בכלל, וועגן דעם איז גאָר קיין פראַגע נישט. איך האָב עס געפילט אויף טריט און שריט, אומעטום וואו איך בין געגאַנגען און וואו איך בין געווען.

איך האָב דאָ ערגעץ באַמערקט, אַז די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון קאָלאָמביאָ גייט צו אויף אַ פּאַמעלעכדיקן אופן. פון דער צווייטער זייט דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז פאַר די לעצטע צוויי צענדליג יאָר האָט זי געמאַכט גרויסן פּראָגרעס אויף אַלע געביטן. קאָלאָמביאָ קען זיך איצט באַרימען נישט בלויז מיט אַן אייגענער טעקסטיל־אינדוסטריע, נאָר אויך מיט אייגענע לעדער־פאַבריקאַציעס, מעבל און נאָך אַנדערע אינדוסטריעס. און איר עקספּאָרט און אימפּאָרט האַנדל איז אויך נישט פון קיין קליינעם פאַרנעם. דערצו ווייזט דער קאָלאָמביאַנער בכלל אַרויס אַ מערקווירדיקע פעאיקייט צו פאַרשטיין און אויפנעמען זאַכן. ער דרינגט אַריין און צייכנט זיך אויס אין אַלע אונטערנעמונגען. אויף די גאַסן פון די גרויסע שטעט וואַקסן די צאָל הויכע געביידעס, וועלכע איבעראַשן אייך מיט זייער אַרכיטעקטאָנישקייט און פאַרנעם. זאָל דאָ, אגב, באַמערקט ווערן, אַז גאָר אַ היבשן חלק צום עקאָנאָמישן אויפשטייג פון לאַנד האָט צוגעטראָגן די אָרטיגע קליינע אידישע באַפעלקערונג, וואָס איז, ווי אומעטום, זשוואַוו, און געבענטשט מיט אַ סך איניציאַטיווע.

יאָ, קאָלאָמביאָ ווי אַ לאַנד, געפעלט מיר זייער. זי שפּאַנט מיט לאַנגזאַמע, אָבער זיכערע טריט צו אַ ליכטיקן מאָרגן. זאָל נאָר די איצטיקע רעגירונג מיטן דיקטאַטאָר־פּרעזידענט גענעראַל גוסטאַוואָ ראָכאַס פּינילאָ זיך נישט פאַרקערעווען אויף קיין קרומע וועגן, וועט אָט דער ליכטיקער מאָרגן זייער שנעל קומען. דאָס לאַנד איז רייך און שיין און האָט אַלע מעגלעכע פּאָטענצן אויף צו וואַקסן און אַנטוויקלען זיך. דער קאָלאָמביאַנער איז ווערט זיין לאַנד — זיין זינגענדיקע נשמה זאָגט עדות דערויף.

„קענעדער אָדלער", אַפּריל 28, 1957, מאָנטרעאָל.

# עסייען וועגן מוזיק

בעלנים אויף צו שרייבן מוזיק־קריטיק, און אויף מוזיקאַלישע טעמעס בכלל, האָבן מיר אפשר נישט ווייניק, אָבער אמת׳ע מוזיק־קריטיקער, און אמת׳ע שרייבער פון מוזיקאַלישע עסייען בכלל, האָבן מיר, ליידער, געציילטע. צווישן אָט די געציילטע, איבערהויפּט אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, רעכנט זיך, מיט רעכט, פּראָפעסאָר סאַלאָמאָן קאַהאַן פון מעקסיקאָ, וואָס איז אַ צוויי־שפּראַכיקער שרייבער: אַ אידישער און אַ שפּאַנישער. דערצו איז ער אויך אַ ליטעראַטור־קריטיקער און איינער פון די אָנגעזעענסטע פּובליציסטן אין מעקסיקאָ. זיינע ביז איצטיקע דערשינענע ביכער, סיי אין אידיש און סיי אין שפּאַניש, האָבן אים געשאַפן אַ נאָמען אין דער אידישער אַזוי גוט ווי אין דער שפּאַנישער ליטעראַטור וועלט. פּראָפעסאָר קאַהאַן איז אַ שריפטשטעלער מיט אַ רייכע ערודיציע, וואַרעמער פען און אייגענעם סטיל. דעריבער, יעדעס מאָל וואָס איך באַקום אַ נייעם בוך פון קאָלעגע קאַהאַן, איז ביי מיר אַ גרויסער יום־טוב.

די טעג האָט די פּאָסט מיר געבראַכט צוויי נייע ביכער אויף אַמאָל פון פּראָפ. סאַלאָמאָן קאַהאַן: איינעם אין אידיש, „מוזיקאַלישע עסייען״, און איינעם אין שפּאַניש, „באַסקעכאָס מוזיקאַלעס״ — מוזיקאַלישע עטיודן.

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך בין ווייט פון צו זיין אַ גוטער שפּאַניש־לייענער, אָבער מיט גרויס שוועריקייט קען איך פונדעסטוועגן דורכבראַדזשען אַן אַרטיקל, אַן עסיי, אַ ליד, אָדער אַפילו אַ בוך אין שפּאַניש און פאַרשטיין וואָס איך האָב געלייענט.

יאָ, איך האָב גאַנץ שווער געהאָרעוועט ביז איך האָב דורכגעבראַדזשעט פּראָפ. קאַהאַנ׳ס שפּאַנישן בוך, אָבער ס׳איז כדאי געווען. וואָרום נישט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק לייענט מען אַזעלכע פיינע ביכער אויף מוזיקאַלישע טעמעס. יעדער עסיי איז גוט דורכגעטראַכט און אָנגעפילט מיט מוזיקאַלישן און ליטעראַרישן וויסן און צייכנט זיך אויס מיט אַן אייגענעם צוגאַנג. די טעמעס וואָס פּראָפ. קאַהאַן באַהאַנדלט זיינען העכסט לעבעדיקע און שטאַרק פאַראינטריגירנדיקע. איר דאַרפט נישט מסכים זיין מיט דעם אָדער יענעם אויספיר זיינעם פון אַ מוזיקאַלישן ענין, אָבער איר פילט אַז ס׳איז דאָ וואָג און מאָס — און דער עיקר: טיפע פאַרשטענדעניש פאַר יעדער טעמע באַזונדער.

און וועגן פּראָפ. קאַהאַנ׳ס אידישן בוך „מוזיקאַלישע עסייען״, איז דאָך איבעריק צו זאָגן אַז איך האָב געהאַט גרויס הנאה צו לייענען און צו דערפילן דעם טעם פון יעדער עסיי אין דער פולער מאָס, די רייכקייט פון זיין לשון, די שיינקייט פון זיין סטיל און דעם קלאָרן אַנאַליז און אַריינדרינג פון יעדן ענין וואָס ער באַהאַנדלט. אינעם דאָזיקן בוך, אגב, ווידמעט פּראָפ. קאַהאַן עטלעכע קאַפּיטלען דער אידישער מוזיק און נגינה, איר צושטייער און בייטראָג: אידישע כאָר־דיריגענטן (לעאָ ליאָוו, לאַזאַר ווײַנער); אידישע פאָלק־זינגער (סידאָר בעלאַרסקי, מרדכי ירדני, עמאָ שייוועד, שרה־אסנת הלוי), און איינדרוקן פון חזנ׳ישער קונסט (קוואַרטין, לייב גלאַנץ, קאַפּאָוו־גאַגאַן). די דאָזיקע קאַפּיטלען זיינען געשריבן געוואָרן מיט אַ סך ערנסט, וואַרעמקייט און באַגייסטערונג. זיין פאַראינטערעסירטקייט אין אידישער מוזיק און נגינה, אין אידישע זינגער, כאָר־דיריגענטן, קאָמפּאָזיטאָרס, איז פּונקט אַזאַ טיפע, ווי אין דער נישט־אידישער מוזיק און נגינה, אָדער אין נישט־אידישע זינגער, כאָר־דיריגענטן, קאָמפּאָזיטאָרס.

פּראָפ. קאַהאַנ׳ס הויפּט־מעלה ווי אַ מוזיק־קריטיקער באַשטייט אין דעם, וואָס ער שרייבט נישט ווי אַ טרוקענער אַקאַדעמיקער, קאַלטער טעאָרעטיקער אָדער הוילער פּאַכמאַן, נאָר ווי איינער ביי וועמען דער געביט מוזיק־קריטיק ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קונסט־שאַפונג. ער ברענגט אַריין אין זיין שרייבן עלעמענטן פון דער פּאָעזיע און פון אַנדערע פאָרמען אין דער ליטעראַטור, ביישפּילן פון פאַרשידענע איינפלוסן וואָס גרויסע שרייבערס האָבן געהאַט אויף דעם אָדער אַ צווייטן קאָמפּאָזיטאָר, שייכות׳ן צו געוויסע קאָמפּאָזיציעס, סימפאָניעס, וואָס מאַכט יעדער עסיי אינטערעסאַנט און אינספּירירנדיק.

אויסצורעכענען דאָ יעדן קאַפּיטל, סיי אינעם אידישן, סיי אינעם שפּאַנישן בוך, וואָלט מען געדאַרפט אויספילן עטלעכע זייטן פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע״; וועל איך דעריבער זיך דאָ אָפּשטעלן און זאָגן צו מיין חשוב׳ן קאָלעגע: האַלט אָן דעם געביט מוזיק־קריטיק אַזוי הויך ווי ביז אַהער, און פאַרגעסט אויך ווייטער נישט אַריינצוברענגען דעם אידישן גייסט אין אייער מוזיקאַלישן שאַפן, ווי איר האָט עס דעמאָנסטרירט אין אייער איצטיקן נייעם שפּאַנישן בוך, נישט נאָר אינעם אידישן.

„פרייע אַרבעטער שטימע״, דעצ. 27, 1957, נ. י.

# ב. ריווקין — דער עסייאיסט און קריטיקער

איך האָב ב. ריווקינ׳ען געקענט, זינט איך האָב מיינע ערשטע טריט געשטעלט אַלס שרייבער אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״. ער איז געווען דער, וואָס האָט מיך, ווי אַ חדר־אינגל, גלייך פון מיכל געלבאַרט׳ס הויז, פאַר דער האַנט אַריינגעפירט אין צימער פון דעם רעדאַקטאָר, משה קאַטץ — אַ פרינץ פון אַ מענטש.

גוטע דריי פערטל, אויב נישט קיין פולע פיר פערטל, פון די לייט־אַרטיקלען אין דער „אידישע וועלט״, זיינען געווען געשריבן פון ב. ריווקינ׳ען. און דאָס זיינען נישט געווען קיין וואָסערדיקע לייט־אַרטיקלען, נאָר אמת׳ע עסייען, רייך מיט געדאַנקען, מיט בריליאַנטענע אַרויסזאָגונגען און בליציקע מעטאַפאָרן. אַנדערש האָט ב. ריווקין נישט געקאָנט שרייבן, אַט דאָס איז ער געווען.

ב. ריווקין האָט, ליידער, ביי זיין לעבן נישט זוכה געווען צו זען זיינס אַ בוך אָפּגעדרוקט — און ער האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצע ביבליאָטעק מיט פאַרשידענע אַרבעטן. ער האָט אַלעמען באַזונגען, נאָר זיך אַליין האָט ער פאַרגעסן.

ער איז געווען, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָרן זיין שטעלע אין דער „אידישע וועלט״, צוליב אַ סיכסוך מיטן אַרויסגעבער, ב. גינזבורג, דער סאַמע נויט־געליטענער אידישער שרייבער, ס׳איז נישט שייך צו זאָגן „נויט״: געווען טעג ווען ס׳האָט אין שטוב פשוט אויסגעפעלט אַ שטיקל ברויט — שוין נישט גערעדט פון באַצאָלן דירה־געלט. איך בין אַ לעבעדיקער עדות: איך בין געווען נישט בלויז זיין נאָענטער שכן אויף קראָטאָנאַ פּאַרק (אין די בראָנקס) נאָר אויך אַ גאָר אָפטער אַריינגייער אין זיין דירה. מינאַ, זיין פרוי, האָט זיך נישט איינמאָל באַוואַשן מיט טרערן, און איך האָב שטילערהייט אַריינגעלייגט מיין האַנט אין קעשענע און באַצאָלט אי דירה־געלט, אי „געליען״ אויף צו עסן. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן...

אין דער צייט, ווען די מייסטע שרייבער אונזערע האָבן זיך געיאָגט נאָך ש. ניגער׳ן, האָט ב. ריווקין זיך געיאָגט נאָך די שרייבער, און ווען ער האָט געפּאַקט אַ גוטן שרייבער האָט ער אים צענומען אויף פּיץ־פּיצלעך. ווער נאָך ביי אונז פון די אידישע קריטיקער האָט אַזוי פאַנאַנדערגעשרויפט ה.

לייוויק׳ן, ווי ב. ריווקין ? און אַז איר וועט לייענען טויזנט אַרטיקלען וואָס זיינען געשריבן געוואָרן וועגן דער „הבימה״, וועט איר געפינען כאָטש איינעם וואָס זאָל זיין ענלעך אויף דער סעריע אַרטיקלען, וואָס ב. ריווקין האָט אין דער „אידישע וועלט״ געשריבן וועגן דער „הבימה״ ? !

איר דאַרפט נישט מסכים זיין מיט אַלץ וואָס ריווקין האָט אין דער דאָזיקער סעריע וועגן דער „הבימה״ געשריבן, אָבער די ברילייאַנטענע אַרויסזאָגונגען, די בליציקע געדאַנקען, די שאַרפע אַנאַליטישע שניטן, וועלן אייך בלי־שום־ספק פאַר׳שיכור׳ן. זיין פען האָט ווי אַ פאַנטאַן געשפּריצט און געפּלאַסן נישט מיט קיין רייד, נאָר מיט שטיקער פייער, העל־זעעוודיקע חזיונות, און הויכע פאַרמעסטונגען אויף צו דערגרייכן דאָס סאַמע העכסטע.

ב. ריווקין איז ביי אונז דער איינציקער, וואָס האָט גלייכצייטיק געשריבן אי אין דער טיף, אי אין דער ברייט. זיין שרייבן ווייסט נישט פון קיין ענגע שמאָלע געסעלעך, נאָר פון ברייטע שליאַכן, פאַרנעמיקע טראַקטן און אויסגעפלאַסטערטע וועגן. ער איז געווען דער שרייבער נישט פון קיין פיצעלעך שטיבעלעך, נאָר פון האָריזאָנטאַלע און ווערטיקאַלע פעסטונגען — הויכע געביידעס, הימל־קראַצערס, מיט אַנזעעוודיגע פאַסאַדן, אויגן־אויפרייסנדיקע קאַרניזן, גרויסע טויערן און ברייטע פענצטער.

ריווקינ׳ס אַן עסיי, אָדער אַ קריטיק איבער אַ בוך, האָט זיך אפשר געלייגט שווער אויפן האַרצן, אָבער ער האָט מיט זיינער אַן עסיי אָדער אַ קריטיק איבער אַ בוך, צי איבער אַ שרייבער, אַ פּאָעט, אַ נאָוועליסט, פאַר אייך פאַנאַנדערגעשפּאַרט די ווענט און געעפנט דעם קאָפּ־שלאָס. צי איר האָט געוואָלט אָדער נישט, האָט איר געמוזט נעמען טראַכטן און קלערן, און וועלן נאָכאַמאָל דאָס געלייענטע איבערלייענען.

אַ טשיקאַווער שרייבער ביז גאָר איז ב. ריווקין געווען — און אויך אַ טשיקאַווער מענטש. ער האָט געקאָנט לאַכן און שמייכלען ווי אַ קינד, טרייבן קאַטאַוועס און זיך פאַרקייכן. ער האָט אויך ליב געהאַט שיינע פּרויען, פונקט ווי ער האָט שטאַרק ליב געהאַט מוזיק. ער איז אַמאָל געקומען אין דער געדיכטער אידישער בראָנזוויל מיך הערן זאָגן „סליחות״, און איז זיך אַזש צעגאַנגען פון נחת (אין אַן אַרטיקל אין „טאָג״).

קיינער וואָלט נישט געזאָגט אויף ריווקינ׳ען, אַז ער קען דערציילן פּשוט׳ע מעשיות, מעשיות וועגן באַלעגאָלעס (זיין טאַטע איז געווען אַ פורמאַן), טרעגערס און בעטלערס, און אַליין לאַכן פון דעם און הנאה האָבן.

ער האָט געקענט, ווייל אין אים האָט געלעבט אַן איינגעבוירענע קינדע־רישקייט; זיין באַגייסטערן זיך האָט געשטאַמט פון זיין קינדערשן קוואַל. ער האָט ליב געהאַט צו פראַווען שפּיצלעך, אָבער נאָר מיט נאָענטע מענטשן.

ב. ריווקין איז אויך געווען אַ גרויסער שווייגער, ער האָט געקענט אָפּזיצן ביי מיר אין שטוב אויף קראָטאָנאַ פּאַרק, דערנאָך אין פלאַשינג ווען ער פלעגט מיט זיין מינאַ'ן קומען צו גאַסט, גאַנצע שעה'ן און נישט אַרויסריידן קיין איין וואָרט. ער פלעגט האַלטן די אויגן פאַרמאַכט און עס האָט זיך אויסגעדוכט אַז ער דרימלט. אָבער אין דער אמת'ן איז ער געזעסן און געטראַכט, פאַרטיפט אין פאַרשידענע רעיונות, וואָס ער האָט דערנאָך מתקן געווען אין עסייען, קריטיקן און אַנדערע מינים ליטעראַרישע אַרבעטן.

ב. ריווקין איז אויך געווען אַן אויסערגעווענליכער פּובליציסט און שאַרפער פּאָלעמיקער. ער איז געווען אַ גרויסער געווינס פאַר אַ צייטונג, אָבער ער האָט נישט געקענט לעבן בשלום מיט קיין רעדאַקטאָרן. איבער־הויפּט האָט ער פיינט געהאַט קאַליקעס רעדאַקטאָרן, אָדער ווי ער פלעגט זיי רופן „בעל־מומים", „שטומע לעליעס"... ער האָט נישט געהאַלטן פון ש. ניגער'ן, אָבער ער האָט אים נישט מבטל געווען. „אַ קלוגער ליטוואַק, פלעגט ער זאָגן אויף ניגער'ן, אָבער ער פאַרמאָגט נישט קיין וואַר וואָרט, אַלץ וואָס ער שרייבט שרייבט ער מיט אַ כוונה, מיט אַ חשבון און אויסרעכענונג. ער וואָלט געדאַרפט זיין בעסער אַ בוכהאַלטער איידער אַ קריטיקער". ס'איז שאַרף געזאָגט, אָבער איך האָב די ווערטער גוט פאַרגעדיינקט און פאַרשריבן.

מינאַ, ריווקינ'ס פרוי, אַ דיכטערין, האָט שטאַרק אָפּגעשאַצט איר מאַן. זי האָט אים געהאָלפן טראָגן דעם יאָך פון זיין שווערער נויט; זי האָט געוואוסט אַז ריווקין איז איר מאַן און דאָס איז געווען איר שכר. ווער נאָך פון אונזערע אלמנות האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ גאַנצע ריי ביכער נאָכ'ן טויט פון זייערע פאַרשטאָרבענע מענער, ווי מינאַ באָרדאָ־ריווקין? ווער נאָך פון אונזערע שרייבער אלמנות איז געגאַנגען האַרעווען, באַדינען קראַנקע מענטשן אַלס „פּרעקטיקל נוירס", כדי צו פאַרדינען אויף ברויט און אָנזאַמלען אַביסל געלט אויף אַרויסצוגעבן ריווקינ'ס ווערק? ווער נאָך האָט געקלאַפּט אין די טירן אַזוי פון די כל־המינים אידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, אַז מ'זאָל איר העלפן שלעפּן דעם שווערן וואָגן פון אַרויסצוגעבן ריווקינ'ס פאַרבליבענע כתבים, ווי מינאַ, אָט די קליינע

שוואַכע פרוי, וואָס האָט זיך ביי דער מינדסטער זאַך געריוויטלט ווי אַ יונגע מיידל ?

די אַרויסגעגעבענע ביכער, צווישן זיי אויך מיטן שטעמפּל פונעם „איקוף״ פאַרלאַג וואָס האָט צוגעלייגט אַ האַנט, אַ דאַנק נחמן מייזיל און ז. וויינפּער, פאַרמאָגן אַ שלל מיט פאַרשידענע אַרומנעמענדיקע טעמעס, בריליאַנטענע עסייען, קריטיק און אויך פּובליציסטישע אַרבעטן פון באַדייטנדיקן ווערט. לייענענדיק די אַלע בענדער, פילט איר נאָכדעם, ווי איר וואָלט שפּאַצירט אין אַ גערדיכטן סאָד מיט אַלערליי פּרוכטן, דערקוויקן דעם גומען. איר האָט פאַר זיך אַ גאַנצן ים פון בליציקע געדאַנקען, שאַרפע פאַלן, הויכע פאַרמעסטונגען און אַנגעקוואָלענע רעזולטאַטן.

וואָלטן די דאָזיקע ביכער געווען דערשינען בימי־הבליאונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, וואָלטן זיי באַשטימט געווען געמאַכט אַ שטאַרקן רושם — טראָץ די אַלע „קלייזלעך״, „ליטעראַרישע קליקעס״, וועלכע האָבן זיך אַנגעפּלאָדיעט אויף דער אידישער ליטעראַרישער „עוועניו״. די בעסערע לייענער וואָלטן שוין געווען געפונען דעם וועג צו די דאָזיקע ביכער, ווייל קיין סך ריוווקינ׳ס האָט די ליטעראַרישע אידישע אַמעריקע נישט פאַרמאָגט.

„מאָרגן פרייהייט״, אויג. 15, 1976, נ.י.

# אַהרן קאָפּלאַנד

## צו זיין 75־טן געבוירנטאָג

עס ווערט אָנגעגעבן, אַז אהרן קאָפּלאַנד איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1900, אין ברוקלין. אַנדערע ווידער זאָגן, אַז ער איז געקומען אין אַמעריקע און איז געבוירן געוואָרן אין וויטעבסק — אין מאַרק שאַגאַל׳ס געבורט־שטאָט. אָבער וואָס איז דער חילוק ? ברוקלין, וויטעבסק — ער איז דאָ און וועט פאַרבלייבן אהרן קאָפּלאַנד: דער אָריגינעלער און סאַמע אָנערקענטער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר.

אהרן קאָפּלאַנד איז פון די געציילטע אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס האָבן געהאַט — און האָבן — אַ ציל — און דער ציל איז געווען און איז: צו

שאַפֿן אַן אייגענע אַמעריקאַנער מוזיק־ליטעראַטור! די דאָזיקע געציילטע אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרס האָבן געזוכט און זוכן פֿון זיך אָראָפּצואוואַרפֿן יעדן ביסל איינפֿלוס פֿון די פֿרעמדלענדישע קאָמפּאָזיטאָרס און פֿרעמד־לענדישער מוזיק. זיי האַלטן, און מיט רעכט, אַז אַמעריקע האָט אירע אייגענע מוזיק־וואָרצלען, אירע אייגענע מעלאָדיעס און קוואַלן פֿון וואַנען צו שעפּן איינפֿלוס און אינספּיראַציע. מ׳קען נישט זאָגן אַז דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן אויף פֿולע הונדערט פּראָצענט, אָבער זיי האָבן דעמאָנסטרירט אי פּאַרמעסט און אי רעזולטאַטן.

עס מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז ס׳איז נישט גרינג צו באַפֿרייען זיך פֿון דער פֿרעמדלענדיקער מוזיק און איינפֿלוס. גאַנצע דורות ליגן הינטער דעם, אוצרות פֿון פֿונדאַמענטאַלער מוזיק, וואָס וועט קיינמאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן. געניאַלע כוחות זיינען געווען אירע דערפֿינדערס, אירע שאַפֿערס, און קיין נייע כוחות אַזעלכע האָבן זיך דערווייל נישט באַוויזן. מ׳וועט דאַרפֿן וואַרטן לאַנג ביז עס וועט זיך באַווייזן אַ נייער באַך, אַ נייער בעטהאָווען, אַ נייער מאָצאַרט, בראַמס אָדער מענדעלסאָן. אָבער דאָס מיינט נישט, אַז מ׳דאַרף זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט און זאָגן: שוין! ניין, פּרוּוון און פּאַרמעסטונגען דאַרפֿן געמאַכט ווערן יעדן טאָג און אין יעדן לאַנד.

אַמעריקע, כאָטש זי פֿייערט איצט איר צוויי הונדערט יאָריקן געבורטס־טאָג, איז נאָך אַלץ אַ יונג לאַנד און קינסטלער טאָרן נישט אויפֿגעבן דעם ווילן און דעם געדאַנק פֿון באַשאַפֿן עפּעס נייעס, עפּעס אייגנס, עפּעס ווערטיגס. און דאָס טוען אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרס, יעדער איינער לויט זיינע כוחות און אויף זיין אייגענעם שטייגער.

אהרן קאָפּלאַנד איז איינער פֿון אָט די אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס האָט שוין ביז איצט געמאַכט זייער אַ ווערטפֿולן ביישטייער צו דער אַמעריקאַנער מוזיק — און מוזיק בכלל. זיינע קאָמפּאָזיציעס ווערן אָפֿט געשפּילט אויף קאָנצערטן — נישט בלויז אין אַמעריקע. ער איז שפּיציק אָבער אייגנאַרטיק: מאָדערניסטיש, אָבער ער פֿליט נישט צו הויך אין די הימלען; ס׳איז אַלעמאָל אָנגענעם צו הערן אים, ער האָט וואָס צו זאָגן — און זאָגט עס אויף אַ דורכאויס אייגענעם אופֿן.

אגב, צווישן קאָפּלאַנד׳ס שאַפֿונגען, געפֿינט זיך אויך אַ קאָמפּאָזיציע מיטן נאָמען „וויטעבסק״ — פֿון אַ נישט צו גרויסן באַדייט, בלויז דאָ און דאָרט לאָזט זיך הערן אַ אידישער טאָן, אַ אידישער שטריך, אַ פּערטל

אידישע מעלאָדיע, וואָס ער האָט געקאַנט גרינג „איינהאַנדלען" אויף דער אידישער איסט־סייד אין ניו יאָרק. דערפאַר זיינען זיינע אַלע אַנדערע קאָמפּאָזיציעס דורכאויס אַמעריקאַנישע שאַפונגען, פון אַמעריקאַנער „קאַנטרי מוזיק"־כאַראַקטער, אין גוסט און אין גייסט.

אַז אהרן קאָפּלאַנד געפינט זיך אויבנאָן פון די פּאַרמעסטנדיקע אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרס, וועגן דעם איז אָפּגערעדט. אַלע וועלן צוגעבן, אַז ער איז איינער פון די אַנגעזעענסטע אַמעריקאַנער מוזיקער מיט וועמענס שאַפונגען מען רעכנט זיך גאָר שטאַרק. זיינע קאָמפּאָזיציעס ווי „בילי דהי קיד", „ראָדעאָ", „דהי רעד פּאָני", „דהי טענדעד לענד", „אַפּפּאַלעטשיען ספּרינג", דערציילן וועגן דער שאַפער איז. מ׳קען זיך נישט טועה זיין אין די דאָזיגע קאָמפּאָזיציעס, מ׳פילט אין זיי דעם טעם און געווירץ פון אַמעריקע אויף אַלע אופנים. דאָס זיינען שאַפונגען, וועמענס ריטם און קאָליר ריידן פאַר זיך אַליין: זיי ריידן מיט זייער אייגנאַרט, מיט זייער לשון, קלאַנג און האַרמאָניע.

געוויס געפינען זיך קריטיקער און מוזיקער, וועלכע זיינען נישט צו שטאַרק באַגייסטערט פון קאָפּלאַנד׳ן. ער איז, זאָגן זיי, צו שאָנבעלדיק־שפּיציק, צו סטראַווינסקידיק — מאָדערניסטיש; אָבער דאָס איז דורכאויס זיין אופן פון שאַפן, זיין שטייגער פון דענקען און פילן — און ער האַלט אַז ער איז אַבסאָלוט גערעכט. ער איז שוין גערעכט דערמיט אַליין, גלויב איך, וואָס ער וויל לגמרי זיין אַנדערש. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, דער ריכטיקער וועג פון אַן אמת׳ן קאָמפּאָזיטאָר, וואָס וויל אַריינברענגען אין דער מוזיק־ליטעראַטור אַן אייגענעם לשון און סטיל, אַן אייגענעם מוזיקאַלישן דרך. אויב דאָ און דאָרט אַפילו, ווערט דער איינהייטלעכער פאָדעם איבער־געריסן, אָבער דער פאַסאָן ליידט דערפון נישט, די גאַנצקייט פונעם מוזקאַלישן בגד לאָזט זיך אָנטאָפּן און אָנזען. די כוחות וואָס קאָפּלאַנד לייגט אַריין אין זיינער אַ קאָמפּאָזיציע, זיינען מערקווירדיק־פילנדיקע און פאַרכאַפּנדיקע: זיי פאַרכאַפּן אייך אי מיט זייער קראַפט און פאַרב, און אי מיט זייער טאָן־שאַטירונגען.

„מאָרגן פרייהייט", אָקט. 12, 1976, נ.י.

# זישע ווײַנפּער

ש ויין דער נאָמען אַליין זישע, שמעקט מיט פשטות און פאָלקס־טימלעכקייט. און דאָס איז ווײַנפּער געווען: פשוט, האַרציק — און אַזוי אויך אין זײַן פּאָעזיע. די פשטות ליגט אויסגעגאָסן אויף אַלע זײַנע לידער. נישטאָ ביי ווײַנפּער׳ן קיין אויגן־גלאַצעניש, קיין הימל־דראַפּעניש; ער איז ערדיש, זאַפטיק מיט זײַן וואָרט, מיט זײַן קלאַנג — אַן אוקראַינער איד און דערצו אַ וואָלינער. די וואָלינער ווייכקייט נעמט דורך אַלע זײַנע לידער, פּאָעמעס און באַלאַדן.

וואו האָב איך אונטערוועגנס נישט באַגעגנט ווײַנפּער׳ן ? אומעטום ! אַט אין שיקאַגאָ; אַט אין וויניפּעג; אַט אין באָסטאָן; אַט אין מיאַמי; אַט אין מאָנטרעאַל; אַט אין ריאָ־דע־זשאַנעיראָ — און פון ניו יאָרק שמועסט מען דאָך נישט. ניו יאָרק איז דאָך געווען זײַן היים־שטאָט. כ׳פלעג אים זען אויף סעקאָנד עוועניו; אין בידערמאַנ׳ס בוך־געשעפט; אין קאַפע „ראָיאַל״, וואו ער איז געווען אַ שטאָם־גאַסט — און וואו נישט ? ער האָט זיך געמישט אי מיט די שרייבער, אי מיט די אַקטיאָרן — מיט אַלעמען אַ גוטער־ברודער, אַ פאַני־בראַט, נאָענט און היימיש.

איך געדענק נישט ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט ווײַנפּער׳ן, אָבער דאָס איז נישט וויכטיג. דער עיקר: מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן נאָענט איינער מיטן צווייטן, מיר האָבן זיך געפילט איינער דעם אַנדערן, ווי צוויי וואָלינער לאַנדסלייט — ער פון טריסק, און איך פון סלאַוועשנע, ער אַ חזנ׳ס אַ זון, און איך אַ חזנ׳ס אַ זון — און ווי קאָלעגן.

ווײַנפּער האָט ליב געהאַט שרייבער. דערפאַר האָט ער אַנגעשריבן צוויי בענד מיט פּאָרטרעטן פון אידישע שרייבער. ער האָט אויך ליב געהאַט אַקטיאָרן, דערפאַר האָט ער חתונה געהאַט מיט זיטאַ׳ן, זיטאָ האָט פאַרמאָגט חן געענוג אַז מ׳זאָל וועלן מיט איר חתונה האָבן, אַפילו ווען זי וואָלט נישט געווען קיין אַקטריסע — פריער אין ווין און דערנאָך אין ניו יאָרק, אָבער נישט דאָס בין איך אויסן.

ווײַנפּער׳ס נאָענטסטער חבר און קאָלעגע אין געווען דער דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, וועלכער איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין „פאָרווערטס״, אָבער זײַן נאָמען איז נישט דערשינען דאָרט, ווייל אַזוי האָט אב. קאַהאַן

געוואַלט . . . ער איז אויך נאָענט געווען מיטן דיכטער און פובליציסט אפרים אויערבאַך, אָבער צוליב דער צערינסקייט אויף דער אידישער קולטור־גאַס, האָבן זיי זיך ביסלעכווייז דערווייטערט איינער פונעם צווייטן. דאָך, ווען וויינפּער איז געשטאָרבן איז אויערבאַך, ווי אַן אָפּגעבריטער פון די בראָנקס געקומען צו דער לוויה. און הגם ער האָט זיך געהאַלטן פון דערווייטן, אָבער מ׳האָט געקענט אויף זיין פנים זען דעם טרויער . . . און ב. י. ביאַלאָסטאָצקי איז נישט בלויז געקומען צו דער לוויה, נאָר ער האָט אויך מיט וואַרעמע ווערטער אַרויסבאַגלייט זיין נאָענטן חבר און קאָלעגע — האַרציק און רירנדיק. . .

זישע וויינפּער האָט אומעטום וואו ער איז געקומען אַריינגעבראַכט אַ סך לעבן, פריילעכקייט און מונטערקייט. ער איז געווען אַ פליסיקער רעדנער און אַ גוטער מעשה־דערציילער, אַ וואַרעמער לעקטאָר, איינער וואָס האָט געקענט מיטרייסן און אָנצינדן אַן עולם. געשמאַקע רייד האָבן געטריפט פון זיינע ליפּן און זיינען געפאַלן אויף די אויערן פון די צוהערער, ווי טוי אין אַ ליכטיקן זומער־פרימאָרגן. זיינע לעקציעס זיינען געווען דורכגעפלאָכטן מיט משלים און מעשה׳לעך, מיט אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, סיי וועגן שרייבער און סיי וועגן פשוט׳ע עמך־מענטשן. זיין מעשה וועגן אַן אָרעמען אידישן באַסטאַנער שוסטער, וואָס ער פלעגט אָפט דערציילן, האָט געהאַט אַ שם איבער גאַנץ אַמעריקע. ער האָט געקענט אויסמאָלן און באַפּוצן אַ מעשה, וואָרים אַחוץ אַ דיכטער איז וויינפּער אויך געווען אַ שרייבער פון קורצע דערציילונגען, וועלכע ער פלעגט דרוקן אין „טאָג״, אָדער אין „מאָרגן זשורנאַל״, ווען די אידישע קולטור־גאַס איז נאָך נישט געווען פאַר׳סמ׳ט — אונטער זיין נאָמען און אויך אונטער פאַרשידענע פּסעוואָדנימען.

זישע וויינפּער איז געווען אַ פראַליפישער שרייבער און אַ פראָ־ליפישער מענטש. זיינע לידער האָבן נישט געדאַרפט האָבן קיין מוזיק, זיי האָבן זיך אַליין געזונגען. דאָך דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז צו וויינפּער׳ס לידער האָבן גאָר אַ סך אידישע קאָמפּאָזיטאָרס פאַרפאַסט מוזיק. עס האָבן געשריבן: פנחס יאַסינאָווסקי, סאָלאָמאָן גאָלוב, מיכל געלבאַרט, יעקב ראַפּאָפּאָרט, הענעך קאָן, מרדכי ירדני און נאָך אַנדערע. ווער, צוםביישפּיל, האָט עס נישט געהערט זינגען וויינפּער׳ס „טויבן שטייען ביי מיין פענצטער״? אָדער וויינפּער׳ס „פּאַסטוכל״? דער גרויסער אידישער

אָפּערע־זינגער פון מעטראָפּאָליטן אָפּערע, דזשאַן פּיערס, האָט דאָס „פאַסטוכל" אַריינגעזונגען אין אַן „אַר. סי. עי." וויקטאָר־פּלאַטע, באַגלייט פון אַ גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער! איך ווייס פון נאָך אַנדערע וועלט־באַרימטע אידישע זינגער און חזנים, ווי משה קוסעוויצקי, מישאַ אַלעקסאַנדראָוויטש, האָבן דאָס „פאַסטוכל" אויף פאַראייביקט אין דיסקן.

קום איך איצט צום קאַפּיטל: מיט וויינפּער'ן אין מיאַמי ביטש. יעדן ווינטער, ווי אַ ווינט, פלעגט וויינפּער קומען צו פאָרן, אָדער צו פליען, קיין מיאַמי ביטש, ווי דער שליח פונעם „איקוף", וועמענס גענעראַל סעקרעטאַר ער איז געווען. ער האָט אין יענע יאָרן געאַרבעט שווער, ביז ער האָט צונויפגעקלאַפּט די פאָנדן פאַר דער „איקוף"־קאַמפּאַניע. וויינפּער איז געווען אַ מאַדים אויף צונויפנעמען אַן עולם; אַפילו זיינע קעגנער האָבן אים ליב געהאַט, מחמת, ווי שוין באַמערקט, ער איז דורכאויס געווען אַ צוגעלאָזענער מענטש.

דער איקוף־באַנקעט, וועגן וועלכן איך שרייב דאָ, איז פאָרגעקומען אין אַ נייעם אויסגעפּוצטן „קעלער־זאַל" פונעם „וואַלדאָרף טאַוערס" האָטעל, וועמענס אייגנטימער איז געווען אַ היימישער „יאַט" פון בעסאַראַביע, אַ גרויסער ליבהאָבער פון אידישער נגינה, יאַנקעלע פּישמאַן, וועלכער איז גראָד נישט געווען קיין איקוף־מענטש, אָבער ער איז לאַנגע יאָרן געווען וויינפּער'ס אַ הייסער חסיד.

מיט אַמאָל טעלעפאָנירט מיר אין מיין האָטעל וואו איך בין איינ־געשטאַנען, נישט ווייט פונעם האָטעל „וואַלדאָרף טאַוערס", וויינפּער: „ירדני, טאַטעלע, ראַטעווע!" „וואָס האָט פּאַסירט?" האָב איך אַן איבער־געשראָקענער ביי אים געפרעגט. „איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר היינט אויף דער נאַכט (ס'איז געווען שבת־צו־נאַכטס) העלפן דורכפירן דעם איקוף־באַנקעט אַזוי שמחה'דיק ווי נאָר מעגלעך! עס זיינען היינט אינדערפרי אָנגעקומען צו יאַנקעלען אין האָטעל דריי געסט פון ניו יאָרק: נחום כאַנין, ראובן גוסקין און יעקב בערג, וויל איך זיי ווייזן ווער דער איקוף איז!" „וואָסזשע האָסטו זיך דערמאָנט אַ שעה פאַר ליכט־בענטשן?" „פרעג נישט קיין קשיות, נעם חנה'לען און קום צו גיין!"

צופעליק בין איך דעם דאָזיקן שבת־צו־נאַכטס געווען פריי און איך האָב וויינפּער'ס איינלאַדונג אָנגענומען. כאַנין, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם אַרבעטער רינג איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פונעם איקוף, דאָס האָבן

אַלע געוואוסט. און ראובן גוסקין, דער לאַנג־יאָריקער פּאַרוואַלטער פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניע אין אַמעריקע, איז נישט געווען פאַר אָדער קעגן דעם איקוף, אָבער ער האָט געטאַנצט לויט כאַנינ׳ס „דודקע״. און יעקב בערג, דער פּרעזידענט פון שלום עליכם אינסטיטוט, איז אויך געווען אַ קעגנער פונעם איקוף, נאָר נישט אַזאַ פאַרביסענער ווי כאַנין, אָבער ער האָט ליב געהאַט וויינפּער׳ן און איז צום באַנקעט יאָ אַריינגעגאַנגען — בעת כאַנין און גוסקין זיינען געבליבן אינדרויסן זיצן אויף דער טעראַסע...

ווי שוין געזאָגט, וויינפּער האָט געהאַט דעם כוח צוזאַמענצוברענגען אַן עולם. איז טאַקע דער קעלער־זאַל געווען איבערגעפּאַקט. די טעמע פון דער לעקציע איז געווען: „אידישע שרייבער אין אַמעריקע״. וויינפּער האָט זיך דער עיקר אָפּגעשטעלט אויף ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו, משה־לייב האַלפּערן, אייזיק ראַבאָי, ב. י. ביאַליאָסטאָצקי און נפתלי גראָס. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך חריפות און באַהאַוונטקייט אין דער אַמעריקאַנער אידישע ליטעראַטור און אירע שאַפער. מ׳האָט געקענט זען, אַז ער קען יעדן איינציקן פון די דערמאָנטע דיכטער און שרייבער, זייערע שאַפונגען און מהות׳ן, זייערע שוואַכע זייטן אַזוי גוט ווי זייערע מעלות און אויך זייערע פּערזענלעכע אויפפירונגען. ער האָט מיט קורצע שטריכן אויסגעמאָלן די שרייבער און דער עולם האָט שטאַרק הנאה געהאַט — אַ סימן: ווען ס׳איז געקומען צום „אַפּיל״, איז דער אָפּרוף געווען ביז גאָר אַ וואַרעמער.

נאָכדעם ווי דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט, בין איך דער ערשטער אַרויסגעקומען אויף דער טעראַסע און כאַנין האָט מיך אויפגענומען מיט אַ „ברוך־הבא״: „ווי קומט איר ירדני, אַ אידישער פאָלקס־זינגער, אַ חזן, אַ מיטאַרבעטער פון „טאָג״ צו די קאָמוניסטן? „איך האָב אים צוריקגע־ענטפערט אויף מיין אייגענעם אופן: „פריינט כאַנין, איך האָב נישט קיין מורא אַז אויב איך וועל זיצן ביי איין טיש מיט נחמן מייזל, מיט וויינפּער׳ן, אָדער מיט נאָוויק׳ן, וועט מען מיך אָפּ׳שמד׳ן. איך וועל בלייבן דער זעלבי־קער מרדכי ירדני מיט מיינע איבערצייגונגען און רעזערוואַציעס. איך האַלט, אַז אומעטום וואו מ׳רעדט אידיש, מ׳זינגט אידיש און מ׳פּראַוועט אידישע קולטור־שמחות, מעג איך און דאַרף זיך באַטייליקן — אַזוי זאָגט מיר מיין טיפער גלויבן אינעם אידישן וואָרט, אינעם אידישן קלאַנג, אין דער אידישער ליטעראַטור, אין אידישן פאָלק, אין זיין עקזיסטענץ״.

כאַנין האָט געשוויגן, אָבער גוסקין האָט געלאָזן פאַלן די פאָלגנדיקע

באַמערקונג: „מיט אַזאַ מאַנאַלאָג, ירדני, וואָלט אַן אַקטיאָר געקענט אויס־האַלטן דעם עקזאַמען אין דער אידישער אַקטיאָרן יוניע, אָבער איר זענט שוין פון לאַנג אַ מיטגליד, אָבער איך שטים מיט אייך נישט איין. גערעכט איז גענאָסע כאַנין!״

ווען וויינפּער איז אַ פאַרשוויצטער אַרויסגעקומען אויף דער טעראַסע אין דער באַגלייטונג פון אַ גרופּע חסידים, האָט כאַנין זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק. „נו״, האָט וויינפּער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, „מ׳וועט מירצעשעם בלייבן לעבן!״

ס׳איז געווען אַן אויסגעשטערנטער הימל, אַן אמת׳ע פרילינג־נאַכט. „קומט, ירדני, נעמט אייער חנה׳לען און לאָמיר אַ שפּאַציר־טאָן צו לינקאָלן ראָוד״. עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז לינקאָלן ראָוד מיט צוואַנציק יאָר צוריק, איז נישט געווען די לינקאָלן ראָוד וואָס איצט. דעמאָלט איז לינקאָלן ראָוד געווען נישט בלויז פאַנטאַסטיש, נאָר אויך פאַרכאַפּנדיק — דאַכט זיך, די שענסטע גאַס אין דער וועלט!

עך, וואו נעמט מען איצט דעם גוט־מוטיקן וויינפּער׳ן און יענעם געשמאַקן שפּאַציר? ! ווי אַ ווינט זיינען פאַרפלויגן די יאָרן, די זומערס און די ווינטערס, די טעג און חדשים און, מאַמעלעך! אַזויפיל נאָענטע מענטשן זיינען זינט דעמאָלט אַוועק פון דער וועלט — אַזויפיל...

„מאָרגן פרייהייט״, דעצ. 12, 1976, נ. י.

# דר. א. מוקדוני — מענטש, טעאַטער־און ליטעראַטור־קריטיקער

דר. א. מוקדוני איז געווען דער „פּאַטריאַרך״ פון דעם „געזינדל״ אידישע שרייבער, סיי פון די וואָס פלעגן צוליב זייער געזונט אויף די ווינטערס קומען צופאָרן קיין מיאַמי ביטש, און סיי פון די, וועלכע האָבן זיך אָדער צייטווייליק אָדער פּערמאַנענט זיך באַזעצט אין דער דאָזיקער זוניקער שטאָט. צווישן אַנדערע שלום אַש, י. י. שוואַרץ, דער לעבעדיקער, א. תלוש, ראובן אייזלאַנד, יעקב לעשטשינסקי, חנא גאָטעס־פעלד, אהרן צייטלין, יצחק בלום.

דר. מוקדוני איז געווען דער וואָרט־זאָגער, דער שטרענגער מאַנער, דער „קריגער" — און אויך דער בעסטער „מכניס־אורח" צווישן דער דאָזי־קער גרופּע שרייבער. אַ דירה — אַ סך אַ באַקוועמערע און אויך אַ רייכערע — האָט געהאַט שלום אַש, אָבער דער זאַמל־פּונקט איז געווען ביי דר. מוקדוני'ן. יעדן אַריבערגעקומענעם שרייבער פלעגט ער איינלאַדן צו זיך אויף „טיי מיט כיבוד", וואָס איז געווען אַן אינטימער „קבלת־פּנים".

ס'איז געווען אָנגענומען, אַז דר. מוקדוני איז אַ שטרענגער, נאָך מער אַ „בייזער" איד, אָבער אין דער אמת'ן איז ער געווען אַ העכסט־פריינטלעכער מענטש און דאָס וואָס מען רופט אין אַמעריקע אַ „דזשענטלמען". ער איז אַלעמאָל גרייט געווען צו טאָן יענעם אַ טובה — אפילו די וואָס האָבן אים אין געוויסע צייטן שטאַרק ווי געטאָן און באַליידיקט. וואָס קען נאָך זיין מער פון משה נאַדיר, וועלכער איז אים ממש „דערגאַנגען די יאָרן": דאָך, ווען משה נאַדיר, נאָך דעם ווי ער איז אַוועק פון דער „פרייהייט" און איז געווען אויף גרויסע צרות און האָט זיך גענויטיקט אין טובות פון דעם און פון יענעם, איז דר. מוקדוני, ווייס איך, געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָט אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט. איך ווייס אויך פון דר. מוקדוני'ס „טובות" און „חסדים", וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן די שרייבער י. י. שוואַרצ'ן און א. תלוש'ן.

אַוודאי ווייס איך, אַז דער טאָן שטעלט די מוזיק, און דר. מוקדוני'ס טאָן האָט געקלונגען שטרענג, און אפילו בייז, און דעריבער האָט מען אים געהאַלטן אי פאַר אַ שטרענגן און אי פאַר אַ בייזן. אָבער איך ווייס אויך, אַז ס'איז דאָ אַ „גרונט־טאָן", און דר. מוקדוני'ס „גרונט־טאָן" איז געווען אַ קאַוואַלערישער און אַן עכט־אייראָפּעאישער.

אַז דר. מוקדוני איז געווען אַ שם־דבר אין דער אידישער שרייבער־וועלט ווייסן אַלע. ער איז געווען דער ערשטער אידישער טעאַטער־קריטיקער — מיט'ן טראָפּ אויף „קריטיקער", וואָס האָט זיך באַוויזן אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד, וואָס האָט אויך אַריינגענומען גאַנץ פּוילן. זיינע אַרטיקלען וועגן טעאַטער זיינען געווען אייראָפּעאיש־געשריבן, פאַכמעניש, שטרענג־קריטישע און באַלויכטנדיקע. שפּעטער האָט ער אויך אָנגעהויבן שרייבן פּובליציסטיק, ליטעראַטור־קריטיק, פעליעטאָנען און אַנדערע מינים אַרטיקלען, שאַרפע און קלאָרע. ער איז געווען פאַררעכנט פאַרן צווייטן ליטעראַטור־קריטיקער, ספּעציעל אין אַמעריקע, נאָך ש. ניגער'ן. אַט דער

געפּיל, אָדער באַוואוסטזיין, אַז ער איז דער „צווייטער" און אַז דער ערשטער איז ש. ניגער, האָט געפירט צו שטענדיקע „מלחמות" צווישן די צוויי אָנגעזעענע שריפטשטעלער.

דר. מוקדוני׳ס קומען קיין אַמעריקע האָט אי געשראָקן אי דערפרייט די היגע אידישע טעאַטער־וועלט. ערנסטע אַקטיאָרן ווי מאָריס שוואַרץ, יעקב בן־עמי, יעקב מעסטעל, ציליע אַדלער, אַננאַ אַפּעל, איזידאָר קעשיר, סעמואל גאָלדנבורג, בערטאַ גערסטין, מאַרק שווייד און נאָך אַנדערע ווי זיי, האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר דר. מוקדוני׳ס קומען קיין אַמעריקע — אַדרבא! אָבער די אַנדערע, כאָטש אייניקע פון זיי גרויסע טאַלאַנטן, וועלכע האָבן אינזינען געהאַט מער זייערע אייגענע אינטערעסן איידער די אינטערעסן פון אידישן טעאַטער, איבערהויפּט די „סטאַרס", וואָס אַ סך פון זיי זיינען אַליין געווען די באַלעבאַטים פון די טעאַטערס, אַליין די רעזשיסאָרן און „דאָקטערס" פון די „פּיעסן", האָבן מוקדוני׳ן געדיינקט פון וואַרשע און לאָדזש און האָבן געוואוסט, אַז זיין קוק אויף טעאַטער איז אַ גאַנץ ערנסטער און אַז ער דערוואַרט און פאַרלאַנגט פון אַקטיאָרן און פונעם גאַנצן „טעאַטער־געזינדל" דאָס „טעלערל פון הימל".

איז דעריבער טאַקע אויסגעוואָקסן אַ גאַנצער באַרג מיט אומצופרידנ־קייטן און פאַרדרוסן צווישן אים און די אַקטיאָרן, דער עיקר צווישן אים און די „סטאַרס", צווישן אים און די באַלעבאַטים פון טעאַטער, צווישן אים און די רעזשיסאָרן, צווישן אים און די פּיעסן־צושטעלער, בעסער געזאָגט „פּיעסן־פאַבריקאַנטן", ביז עס איז דערצו דערגאַנגען, אַז די צייטונג, דער „מאָרגן זשורנאַל", וואו ער איז געווען איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער און האָט געשריבן זיינע טעאַטער־רעצענזיעס און טעאַטער־קריטיקן, איז געווען געצוואונגען אָפּצושטעלן דר. מוקדוני׳ס שרייבן וועגן טעאַטער. עס איז ניט געווען גרינג פאַרן רעדאַקטאָר דאָס צו טאָן. אָבער די „סטאַרס" און די באַלעבאַטים פון די טעאַטערס האָבן געסטראַשעט אַז זיי וועלן אָפּשטעלן די אַנאָנסן זייערע, וואָס איז געווען אַ וויכטיקער קוואַל פון איינגאַמע פאַר דער צייטונג.

איז דר. מוקדוני איינגאַנצן אַריבער צו שרייבן וועגן ליטעראַטור, וועגן ביכער און שרייבער, אַחוץ זיינע וועכנטלעכע פּובליציסטישע אַרטיקלען. סיי זיינע קריטיקן וועגן ביכער און סיי זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט שאַרפקייט און פּאָלעמישקייט, וועלכע האָבן אַרויס־

געראופן אַ סך „חילוקי־דעות", אָבער די לייענער פון „מאָרגן זשורנאַל" האָבן געהאַלטן פון זיין שרייבן — דער עיקר פון זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען, וועלכע דער דורכשניטלעכער לייענער האָט מער פאַרשטאַנען ווי זיינע ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען. בדרך־כלל האָט דר. מוקדוני געלעבט בשלום מיט דעם „מאָרגן זשורנאַל"־סטעף־שרייבער; בלויז צוויי שרייבער זיינען געווען אומצופרידן פון זיינע ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען: זיי זיינען געווען אפרים אויערבאַך און יעקב גלאַטשטיין. זיי האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן, טאָמער האָט אַמאָל דר. מוקדוני געזאָגט אַ גוט וואָרט וועגן אַן אַנדער שרייבער, דער עיקר וועגן אַ פּאָעט. יעקב גלאַטשטיין האָט ניט געקענט מוחל זיין דר. מוקדוני'ן דערפאַר וואָס ער האָט אַמאָל געשריבן אַז פּאָעטן טאָרן זיך ניט פאַרנעמען מיט ליטעראַטור־קריטיק; דאָס איז שטאַרק ניט געפעלן געווען יעקב גלאַטשטיינ'ען...

„איר ווייסט, ירדני", האָט מיר איינמאָל געזאָגט דר. מוקדני, „איך האַלט, אַז יעקב גלאַטשטיין קוילעט זיך אַוועק מיט זיין שרייבן ליטעראַטור־קריטיק: ס'איז ניט קיין קריטיק נאָר גיכער עסייאיסטישע־פּובליציסטיק". אָבער יעקב גלאַטשטיין האָט אים ניט געפאָלגט און ער האָט געשריבן „אויף טיש און אויף בענק", ווי דער דיכטער א. טאַבאַטשניק האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט אין זיין זשורנאַל „וואַגשאַל". דאָרט האָט א. טאַבאַטשניק זיך געבעטן ביי גלאַטשטיינ'ען: „שרייבט אַביסל וויניקער ר' יעקב; איר שרייבט אַזויפיל אַז איך קאָן אייך ניט אָניאָגן".

יאָ, דר. מוקדוני, ווי שוין באַמערקט, איז געווען דער „מאָנאַרך" פון דעם קרייז אידישע שרייבער אין מיאַמי ביטש — סיי פון די טוריסטן־שרייבער און סיי פון די תושבים־שרייבער, די צייטווייליקע אָדער פּערמאַ־נענטע. מיין זיין אין מיאַמי ביטש האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטן „סטאַטוס": איך בין יאָ און ניט געווען קיין טוריסט; יאָ און ניט געווען קיין שטענדיקער איינוואוינער פון מיאַמי ביטש. פופצן ווינטערס האָב איך „פאַר־בראַכט" ווי אַן „אַרבעטער": אויפטרעטנדיק אויף קאָנצערטן — דריי ווינטערס פאַר דער הסתדרות און ניין ווינטערס פאַרן אידישן נאַציאָנאַל פאָנד (קרן־קימת לישראל), און די לעצטע דריי יאָר בין איך געוואָרן אַ שטענדיקער „בירגער" פון מיאַמי ביטש, מיט אַן אייגענער דירה, אין אַ גרויסער קאָנדאָמיניום, גלייך אויפן ברעג ים, אויף אָושען דראַיוו. איך בין געווען געלאַדן צו אַלע „שמחה'לעך" ביי דר. מוקדוני'ן; אַמאָל פלעג איך

צוליב מיינעם אַן אויפטריט קומען שפּעטלעך און פלעג אַלעמאָל הערן: „אָ, איצט וועט מען אַ חוץ רייד אויך הערן אַביסל געזאַנג".

איך מוז צוגעבן, אַז ס'איז געווען שטאַרק אַנגענעם צו פאַרברייינגען ביי דר. מוקדוני'ן; עס האָט זיך געפילט אַ וואַרעמקייט, אַן אַריסטאָקראַטישע אַטמאָספערע, אַן אייראָפּעאישע לופט אין הויז. דערמאָנענדיק דאָ מיין זינגען, דאַרף איך באַמערקן, אַז בעת די יערלעכע קאָנצערטן, וואָס פלעגן במשך פונ'ם ווינטער איינגעאָרדנט ווערן, סיי לכבוד י. י. שוואַרצ'ן און סיי לכבוד א. תלוש'ן, מחמת קיין גרויסע גבירים זיינען זיי ביידע ניט געווען, און די פּאָר אַריינגענומענע הונדערט דאָלאַר איז זיי ביידן שטאַרק צונוץ געקומען — איז בראש פון די אַלע „קאָמיטעטן" אַלעמאָל געווען דר. מוקדוני. ער פלעגט אַנגאַזשירן די אַרטיסטן און אויך זען אַז פיל פון זיינע פריינט, פּאַרערער און באַקאַנטע זאָלן קויפן בילעטן צו די קאָנצערטן. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז אַלעמאָל געווען דער פאַרזיצער און דער עולם איז געקומען צוליב אים ניט ווייניקער ווי צוליב די אַרטיסטן אָדער צוליב די „חתנים"־שרייבער, אין וועמעס כבוד־וועגן די קאָנצערטן פלעגן איינגעאָרדנט ווערן.

אָט איז אַן אינטערעסאַנטער פאַל. יצחק ליבמאַן, דער רעדאַקטאָר פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", איז אַריינגעפלויגן אויף אַ קורצן באַזוך קיין מיאַמי ביטש און א. תלוש און איך, מיט דער הילף פון י. י. שוואַרצ'ן און חנא גאָטעספעלד'ן, האָבן איינגעאָרדנט פאַר אים אַ „קבלת־פּנים" אין אַרבעטער רינג צענטער, אויף וואַשינגטאָן עווענוי, אין סאַמע עק פון סאַוט־ביטש. דר. מוקדוני האָט זיך ניט באַטייליקט און קיינער פון אונז האָט זיך ניט געריכט אַז ער וועט קומען צו ליבמאַנ'ס „קבלת־פּנים": מחמת ליבמאַן האָט זיך דערלויבט אָנצושרייבן אַן אַרטיקל וועגן דר. מוקדוני'ן אין זיין „וואָכנבלאַט", וואָס איז גיכער געווען אַ „פּאָגראָם־אַרטיקל", אונטער אַ מורא'דיקן קאָפּ: „און דער מאָנסטער שפּאַנט און שפּאַנט". דאָס אַרטיקל האָט ליבמאַן אויך אַריינגענומען אין זיין בוך „אין ליכט פון צייט". דעם „ירגזון" ביי ליבמאַנ'ען האָט דר. מוקדוני אַרויסגערופן מיט זיין שאַרפער קריטיק איבער י. באַשעוויס'ן, וואָס איז דערשינען אין „מאָרגן זשורנאַל" דעם 1טן אַפּריל, 1951 — אַ קריטיק וועגן באַשעוויס'עס ראָמאַן די „פאַמיליע מושקאַט". דר. מוקדוני האָט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל: „זנות". איך ציטיר:

„פון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער איז זנות, זנות און זנות.
„און זינקען אין דעם שוידערלעכן זומפּ פון זנות טוען מענטשן פון אַ משפּחה, וואָס הייסט ,מושקאַט׳״.

ווייטער שרייבט דאָרט דר. מוקדוני וועגן באַשעוויס׳ן:

„איז יצחק באַשעוויס סתם אַ שרייבער?
„און מיר דוכט אַז ניין, מיר דוכט זיך, אַז ער איז בכלל אפשר גאָר קיין שרייבער ניט״.

אמת, ס׳איז געווען אַ שאַרפער „אורטייל״, אָבער ליבמאַנ׳ס „פּאָגראָם אַרטיקל״ אויף דר. מוקדוני׳ן איז, לויט מיין מיינונג, אַריבער אַלע גרענעצן. איך בין אַבסאָלוט ניט געווען איינשטימיק מיט ליבמאַנ׳ס טאָן און שאַרפן אָנפאַל אויף דר. מוקדוני׳ן. כאָטש ער האָט בפירוש פאַרדינט, לויט מיין מיינונג, אַ גוטן שנעל אין דער נאָז פאַר אַזאַ מין אַרונטעררייסן באַשעוויס׳ן, אָבער ס׳איז אים ניט געקומען אַזאַ אומקאַנטראָלירטער אָנפאַל אונטערן קאָפּ: „און דער מאַנסטער שפּאַנט און שפּאַנט״.

און דאָך איז דר. מוקדוני געווען גרויס געניוג צו קומען צו ליבמאַנ׳ס „קבלת־פּנים״, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן איבעררעאַשונג. ווען דער פאָרזיצער, חנא גאָטעספעלד, האָט געבעטן דר. מוקדוני׳ן אַרויפצוקומען אויף דער קליינער בינע און באַגריסן דעם גאַסט, האָט דר. מוקדוני זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און האָט באַגריסט דעם גאַסט מיט די וואַרעמסטע ווערטער, וואָס האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. מיט דעם האָט דר. מוקדוני באַוויזן זיין גרויסקייט, אַז ער איז ווייט פון צו זיין אַ קליינ־לעכער מענטש. איך האַלט, אַז דער דאָזיקער פאַל האָט געדאַרפט פאַר־צייכנט ווערן.

אַן עדות אויף זיין ברייטן, זעלבסטשטענדיקן צוגאַנג איז אַוודאי דער פאַקט, וואָס ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער דעלעגאַציע צום איקוף־קאָנ־גרעס אין פאַריז אין 1937, מיט אַלגינ׳ען, וויינפּער׳ן און אַנדערע.

ווי שוין באַמערקט, דר. מוקדוני האָט אָנגעהויבן מיט שרייבן דערציי־לונגען אָבער ער האָט שנעל איינגעזען, אַז דאָס איז ניט זיין זשאַנד. אַנשטאָט שרייבן דערציילונגען, האָט ער זיך אַ נעם־געטאָן שרייבן פּובליציסטיק, טעאַטער־און ליטעראַטור־קריטיק. זיין בוך וועגן י. ל. פּרץ, וואָס דער

„איקוף" האָט אַרויסגעגעבן, איז ניט נאָר אַ וויכטיקער צושטייער צו דער פּרץ־ליטעראַטור, נאָר אויך צום אידישן טעאַטער.

דר. מוקדוני איז געווען אויסגעבונדן מיט אַלע טעאַטער־מאַניפעס־טאַציעס. די בינע איז פאַר אים געווען ווי אַ לויטערער טייך; ער האָט געוואוסט יעדן שפּעלטעלע פון טעאַטער, פון דראַמע, אָפּערעטע, קאָמעדיע, רעזשי, דעקאָראַציע, די גאַרע טעאַטער־אָרקעסטראַציע. דר. מוקדוני האָט דער עיקר געשטעלט דעם טראָפ, דעם דגש־חזק, אויף דער אַקס אַרום וועלכן די פּיעסן האָבן זיך געוויקלט. ניט דאָס אויסערלעכע שפּילן פונעם אַקטיאָר האָט אים אינטערעסירט, נאָר דער אינערלעכער אַרויסשטראַל זיינער; די צאַפּלדיקייט פונעם כאַראַקטער. מ׳האָט אים ניט געקענט אָפּנאַרן מיט קיין צוגעדעקטן שמינק, מיט קיין איבערטריבענע העוויות; זיין אויג האָט אַלצ־דינג געזען און זיין אויער האָט אַלצדינג געהערט. דעריבער איז זיין קריטיק געווען אַ „חלפ׳דיקע", ער האָט געוואוסט אַז ער רעדט דאָס וואָס ער וויל. זיין אַפּעטיט פאַר טעאַטער איז געווען אַ צו גרויסער פאַר געוויסע אַקטיאָרן, רעזשיסאָרן, דראַמאַטורגן און טעאַטער־אונטערנעמער...

דר. מוקדוני האָט זיינע ידיעות וועגן טעאַטער ניט געשעפּט פונעם אַרבל אַרויס, נאָר פון וויסן דעם גאַרן טעאַטער־בנין, פון האָבן פאַר זיך גוטע מוסטערן פון די סאַמע ערשטע גריכישע ספּעקטאַקלען און פעסט־שפּילן ביז אַ סטאַניסלאַווסקי־טעאַטער, ביז אַ ריינהאַרדט־טעאַטער, ביז אַ „טעאַטער־קאָמעדי", אַ ווינער בורג־טעאַטער, אַ מייערכאָלד, אַ וואַכטאַנ־גאָוו, אַ גראַנאָווסקי, אַ מיכאָעלס, און אַקטיאָרן ווי מאָאיסי, קאַטשאַלאָוו, מאָסקווין, שילדקרויט, זוסקין וכדומה.

יאָ, ס׳פלעגט זיין העכסט אַנגענעם צו גיין שפּאַצירן מיט דר. מוקדוני׳ן איבער דער אַמאָליקער לינקאָלן־ראָוד, אין מיאַמי ביטש, וואָס האָט אויסגע־זען ווי אַ שטיק מאַרשאַלקאָווסקאַ אין וואַרשע. פאַרבייגייער פלעגן זיך אָפּ־שטעלן קוקן און טראַכטן: „ווער איז דער אויסטערלישער מאַן מיטן שטעקן און צעכוואַליעטן קאָפּ האָר און פיינעם שניפּס?" מ׳האָט געזען אַז עס גייט אַן אַריסטאָקראַט, אַ מענטש מיט אַן „עפּעס"...

דר. מוקדוני איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק אין חודש סעפּטעמבער, 1958. די לוויה איז פאָרגעקומען גראָד אין אַ זונטיק אויף סעקאָנד עוועניו אינעם „גרעמערסי טשאַפּל", אָבער דער עולם איז געווען אַ קליינער — אפילו ניט אַלע שרייבער פון ניו יאָרק. די סיבה, מיין איך, איז געווען וואָס דר. מוקדוני

האָט צו קיין שום „קרייזל״ ניט געהערט. אין 1958 זיינען נאָך געווען גענוג „ליטעראַרישע־קרייזלעך״ אין ניו יאָרק, אָבער דר. מוקדוני איז ניט געווען אין איינער פון זיי. דערצו איז ער נאָכן צומאַכן זיך פונעם „מאָרגן זשורנאַל״ געבליבן אָן אַן עמוד — און וואָס איז אַ שרייבער אָן אַן עמוד ? פונקט ווי אַ חזן...

„מאָרגן פרייהייט״, מערץ 27, 1977, נ.י.

# מנשה סקולניק — אַ טעאַטער־שטערן וואָס איז מער נישטאָ

מיינע ערשטע אַרבעטן וועגן מוזיק און טעאַטער — נישט נאָר וועגן אידישער מוזיק און אידישן טעאַטער, נאָר בכלל — האָב איך אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן אין דער פילאַדעלפיער פאַרשפרייטער אידישער טאָג־צייטונג „אידישע וועלט״ — אין אַ צייט, ווען איך האָב לגמרי נאָך נישט געוואוסט וואָס איך וויל. איך בין — ווי עס האָט געפּאַסט פאַר מיינע דעמאָלטיקע אַכצן אָדער ניינצן יאָר — „געפלויגן אין דער לופטן״ און נישט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ „פּלאַנעט״ איך זאָל זיך אָפּשטעלן... איך האָב געוואָלט זינגען, שפּילן טעאַטער, שרייבן, לערנען, אַרומרייזן — אַלצדינג אויף אַמאָל. איז אָט אין יענע יאָרן האָב איך זיך באַקענט מיט דעם שפּעטער באַרימטן אידישן און ענגלישן אַקאָרשט־פאַרשטאָרבענעם שוישפּילער מנשה סקולניק. די באַקאַנטשאַפט איז פאָרגעקומען טאַקע אין דער רעדאַקציע פון דער „אידישער וועלט״, אינעם נישט צו גראַמען חדר׳ל ביים רעדאַקטער משה קאַטץ, וואָס האָט מיך שטאַרק מקרב געווען — ווי מיט היפּשע יאָרן שפּעטער האָט מיך פונקט אַזוי מקרב געווען דער שעף־רעדאַקטאָר פון „טאָג״, וויליאַם עדלין, ווען איך בין געוואָרן דער אָפיציעלער מוזיק־קריטיקער און אויך אַ „פּיטשור״־שרייבער אין „טאָג״. פאַרוואָס די דאָזיקע צוויי רעדאַקטאָרן האָבן מיך אַזוי שטאַרק מקרב געווען, ווייס איך נישט, אָבער מסתמא האָבן זיי געהאַט זייערע סיבות. אפשר מחמת דעם, ווייל איך האָב גלייך פון אָנהויב אָן געהאַט מיין אייגענע מיינונג וועגן זאַכן, מענטשן און פּאַסירונגען און האָב זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון צו זאָגן

און שרייבן עס קלאָר און אָפנהאַרציק — אָן מורא טאָמער וועט עמיצן נישט געפעלן . . .

איך בין געזעסן, ווי שוין באַמערקט, מיטן רעדאַקטאָר משה קאַטץ און געמיטלעך געשמועסט וועגן עפּעס וואָס איך קאָן זיך איצט נישט דערמאָנען, אָבער איך געדענק, אַז אין מיטן פונעם שמועס איז אַריינגעקומען דער באַקאַנטער טעאַטראַל און דירעקטאָר פונעם פּאָפּולערן אידישן „אַרטש סטריט" טעאַטער אין פילאַדעלפיע, אַנשל שאָר און מיט אים — מנשה סקולניק. און אַזוי האָבן מיר, סקולניק און איך, זיך באַקענט. איך זאָג „באַקענט", ריכטיקער וואָלט געווען ווען איך זאָג דערפילט — יאָ, מיר האָבן זיך איינער דעם אַנדערן דערפילט און געבליבן גוטע פריינט. פאַר די לעצטע צען אָדער צוועלף יאָר צייט איז אונז אויסגעקומען צו זיין פאַרטראָטן אין דער עקזעקוטיווע פון דער אידישער „טעאַטריקל אַלייענס".

צוריק צום אָנפאַנג. מיט יאָרן שפּעטער, נאָך אונזער באַגעגעניש אין פילאַדעלפיע, אין יאָר 1935, אין ניו יאָרק, האָב איך טאַקע אין דער זעלביקער „אידישע וועלט" אָפּגעדרוקט מיין ערשטן אינטערוויו מיט מנשה סקולניק, וועלכער איז שוין דעמאָלט געשטאַנען אויפן שוועל צו זיין וועלט־בארימטקייט. כדי צו זיין פּינקטלעך, וועל איך דאָ אָנגעבן דעם טאָג ווען דער אינטערוויו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן: פרייטיק, דעם 26־טן דעצעמבער, 1935, אויף דער טעאַטער זייט פון דער „אידישע וועלט", מיט מנשה סקולניק׳ס אַ פאָטאָגראַפיע אין דער מיט (ער האָט שוין דעמאָלט געטראָגן זיין באַרימט־געוואָרענע „היטעלע"). דער קאָפּ פונעם אַרטיקל האָט זיך געלייענט: „וואוהין גייט דאָס אידישע טעאַטער ?" און אין קלאַמערן איז געווען אָנגעגעבן: פון דער סעריע „אינטערוויוס מיט באַרימטע אידישע פערזענלעכקייטן פון דער אידישער בינע".

מיין ערשטע גרויסע הנאה פון מנשה סקולניק׳ס שפּילן אויף דער אידישער בינע איז געווען אינעם אידישן פאָלקס־טעאַטער, וואָס איז פריער געווען דער איד. קונסט־טעאַטער צוזאַמען מיט מישאַ און לוסי גערמאַן אין ח. קאַלמאַנאָוויטשעס אַ פּיעסע: „אַזוי איז דאָס לעבן" — אין דרויסן פון טעאַטער איז געווען אַנאָנסירט: „אַזוי איז דאָס לעבן — מיט מנשה סקולניק". נישט ער, סקולניק, איז געווען דער „סטאַר" פון דער פאַרשטעלונג, נאָר דאָס פּאָרל „מישאַ און לוסי גערמאַן". אָבער — ווי גרויס ער, מנשה, האָט זיך דאָרטן אָנגעזען ! סאָראַ שטריכן פון שוישפּילערישן

טאַלאַנט, פון קוואַליקן באַהערשן די בינע, פון שפּרודלדיקע ניואַנסן און טעאַטראַלישן חן! מ׳האָט געזען, אַז עס גייט אויף אַ ליכטיקער שטערן אויף דער אידישער בינע! דער דריטער אין דער פאַרשטעלונג — אָבער ער שיינט אַרויס און ציט צו אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, אַלעמענס אויגן. יאָ, דאָס דאַכט זיך, איז געווען דער אָנהויב פון מנשה סקולניק׳ס שטייגן אין אידישן טעאַטער אויף סעקאָנד עוועניו, און דערנאָך אין ענגלישן טעאַטער אויף בראָדוויי. אמת, מ׳האָט גלייך פון אָנהויב אָן אָנגעפאַנגען צו האָבן טענות צו מנשה סקולניק׳ן: פאַרוואָס ער האָט, דאַכט זיך מער ווי עמיצער אַנדערש, אויף דער בינע גערעדט אַ געמיש פון אידיש מיט ענגליש. פאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט טענות־האָבער זיינען געווען, אין דער ערשטער ריי, די אידישע טעאַטער־קריטיקער און די אידישע שרייבער בכלל. ס׳טייטש: ווי דערלויבט זיך עס אַ אידישער אַקטיאָר, און נאָך אַ טאַלאַנט־פולער אַקטיאָר דערצו, אויף אַ אידישער בינע צו רעדן אַזאַ „קודרישן״ געמיש פון אידיש מיט ענגליש? זיין טענה׳ן צוריק, אַז ער רעדט די שפּראַך וואָס עס ריידן די אַמעריקאַנער אידן, האָט נישט געהאָלפן. די אידישע טעאַטער־קריטיקער, ווי די אידישע שרייבער, און די אידישע אינטעליגענץ בכלל, זיינען נישט געווען צופרידן דערפון. אמת, זיי האָבן גאָרנישט אויס־געפירט דערמיט, ווייל סקולניק האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס — ביז ער איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער ענגלישער בינע. איך וויל זיך איצט נישט אַריינ־לאָזן אין דעם: ווער ס׳איז געווען גערעכט און ווער עס איז געווען אומ־גערעכט; דאָס איז אַן ענין, וואָס לאָזט זיך דיסקוטירן און קען ברייט אַרומ־גערעדט ווערן — מיט אַ סך קאָנטראַ־פונקטן...

מנשה׳ס ערשטער דערפאָלג אויף דער ענגלישער בינע איז געווען אין „דהי פיפטה סיזאָן״. דער דאָזיקער דערפאָלג האָט אים אָוועקגעשטעלט אויף די פיס — אויפן וועג צו ווערן אויך אַ „סטאַר״ אויף בראָדוויי, נישט נאָר אויף סעקאָנד עוועניו. אָבער זיין אמת גרויסער טריאומף איז ערשט געקומען מיט קליפאָרד אָדעטס פּיעסע „דהי פלאַוערינג פּיטש״, אין דער ראָלע פון נח. דאָ האָט ער זיך שוין אַרויסגעוויזן הן ווי אַ באמת גרויסער שוישפּילער און הן ווי אַ טעאַטער פּערזענלעכקייט. די אַמעריקאַנער טעאַטער־קריטיקער אַן אויסנאַם האָבן אים שטאַרק געלויבט — און די אידישע טעאַטער־קריטיקער בתוכם. עס איז געווען אַ כשר׳ער פאַרדינטער לויב — לכל הדעות. מ׳האָט פאַר זיך געזען אַ פאַרטיפטן מנשה סקולניק —

אַ פּאַרטיפּטן אין דער טעאַטער־קונסט און אין זיין גאַרן וועזן. דאָס איז געווען אמת׳ע בינע־שאַפונג, ריינע בינע־מאַניפעסטאַציע און מלא־חנ׳עוו־דיקער שוישפּילערישקייט. זיין „נחת" וועט זיך לאַנג לאָזן געדיינקען.

מיין אַריינפיר צום פריער־דערמאָנטן אינטערוויו מיט מנשה סקולניק, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט", דעם 26־טן דעצעמבער, 1935, הייב איך אָן אַזוי:

„מנשה סקולניק איז דער טיפּישער און פּאָפּולערסטער אידישער קאָמיקער ביי אונז אין אידישן טעאַטער. ער האָט זיך קונה שם געווען ביי אונז אויף דער בינע מיט שפּילן ראָלן פונעם זעלביקן שניט און כאַראַקטער, וואָס טשאַרלי טשאַפּלין שפּילט אויפן לייוונט. מנשה סקולניק שפּילט אָט די ראָלן מיט אַ סך טאַלאַנט, מיט אַ סך בריה׳שקייט. ער שפּילט זיי תמימות׳דיק און באַ׳חנ׳ט. עס איז אַ גרויסער פאַרגעניגן צו זיצן אין טעאַטער און זען אים שפּילן אויף דער בינע.

„עס מאַכט נישט אויס וואָס דער אינהאַלט פון דער זאַך זאָל נישט זיין. וויכטיק איז מנשה סקולניק׳ס שפּילן, מיט איין קליינינקן שטריכעלע זיינעם, בויעט ער אויף פאַר אונז אויף דער בינע אַ וועלטעלע, אין וועלכער עס דרייט זיך אַרום אַ קליינטשיק שלים־מזל׳דיק מענטשעלע, וואָס לעבט זיין אייגענעם לעבן, איז טרוד מיט זיינע אייגענע חלומות, פירט זיך אויף, רעדט און האַנדלט אויף זיין אייגענעם שטייגער".

פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל דאָ נישט איבערדרוקן דעם גאַנצן אינטערוויו, ווי ער שטייט און גייט. איך וועל בלויז אַרויסנעמען פון אים אַ זאַץ דאָ, אַ פּאַראַגראַף דאָרט — און נישט מער.

ווען דער אינטערוויו איז געשריבן געוואָרן, האָט דעמאָלט מנשה סקולניק מיט גרויס דערפאָלג געשפּילט אינעם סעקאָנד עוועניו טעאַטער, אָדער ווי עס האָט פריער געהייסן קעסלערס טעאַטער, אין דער אָפּערעטע „פישל דער גערעטענער", צוזאַמען מיט דער באַרימטער אידישער אַקטריסע, אַלאַ ליליט. דער דערפאָלג פון דער אָפּערעטע איז נישט געלעגן אין איר אינהאַלט, נאָר דער עיקר אינעם שפּרודלדיקן שפּילן פון מנשה סקולניק און אַלאַ ליליט — און אין יוסף רומשינסקי׳ס מעלאָדישע מוזיק, וועלכער איז מיט רעכט באַטראַכט געוואָרן פאַרן מייסטער פון דער אידישער אָפּערעטע. מנשה סקולניק זאָגט דאָרט אינעם אינטערוויו וועגן רומשינסקי׳ן:

„וואָס אַמבאַלאַנגט מיך פּערזענלעך, האַלט איך, אַז איך האָב זייער פיל געוואונען פון דעם, וואָס איך האָב זיך פאַראייניקט מיט רומשינסקי׳ן. איך גלויב באמת, אַז מיין קאַריערע אין אידישן טעאַטער, פאַנגט זיך ערשט אָן. איך האָב לאַנג שוין זיך געגוויטיקט אין אַ מענטשן, ווי רומשינסקי. ער איז דער פּאַסיקער מענטש פאַר מיר. קיין בעסערן פון אים, האָב איך זיך גאָרנישט געקענט ווינטשן.

„רומשינסקי איז אַ חוץ דעם, וואָס ער איז אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, אויך אַ גרויסער „שאָומען", ווי מ׳רופט עס אויף ענגליש. ער קאָן דעם אידישן טעאַטער און איז מיט אים אויסגעבונדן. זיין וויסן העלפט מיר זייער אַ סך אַרויס. איך האָף, אַז מיט רומשינסקי׳ן, וועל איך אויפטאָן גאָר אַ סך אין אידישן טעאַטער".

ווייטער זאָגט דאָרט סקולניק אינעם אינטערוויו:

„עס קומט איצט אין טעאַטער אַריין אַן עלעמענט, וואָס איז דורכאויס אַמעריקאַניזירט און ער קומט נישט כדי זיך אויסצוואווינען, נאָר בפירוש זיך צו אַמוזירן. פינף־און־זיבעציק פּראָצענט פון מיינע באַזוכער, זיינען אַמעריקאַנער געבוירענע, אָדער אַמעריקאַניזירטע. זיי אינטערעסירן זיך מיטן אידישן טעאַטער אויף אַזוי פיל, וויפיל זיי אינטערעסירן זיך מיטן ענגלישן טעאַטער אויף בראָדוויי — און מיט טעאַטער בכלל. זיי אַרט נישט אויף וועלכער שפּראַך די אַקטיאָרן ריידן אויף דער בינע, עס אינטערעסירט זיי דער עיקר: דאָס שפּילן פון דער טרופּע און פון איינצלנע באַרימטע אַקטיאָרן — און איבערהויפּט מיט דער מוזיקאַלישער זייט פון דער זאַך. אויב די פּיעסע פאַרמאָגט אַ סך שיינע נומערן מוזיק — געפעלט עס זיי".

און אַט איז שוין דער מענטש אַוועק פון דער וועלט — אַוועק אין דער אייביקייט אַריין. ער האָט מיטגענומען מיט זיך זיינע טרויעריקע אויגן, זיין תמימות׳דיקן אויסזען, דעם אומשולדיקן שמייכעלע, זיין אויסגעפּורעמטן אָרעמען קליינעם מענטשעלע — און דעם גאָרן וועזן זיינעם. אַוועק מיט „האַק און פּאַק" — בלויז זיין געדעכעניש האָט ער איבערגעלאָזן דאָ — און דאָס וועט מען לאַנג געדיינקען, מ׳וועט געדיינקען דעם אָטעם פון זיין גרויסן טאַלאַנט, וואָס האָט געשפּרודלט ווי אַ רעגנבויגן — שוישפּילעריש, און די וואַרעמקייט פון זיין האַרצן, זיין פריינטלעכקייט און חבר׳ישקייט . . .

„קענעדער אָדלער", יוני 26, 1970, מאָנטרעאָל.

# אליקום צונזער — דער זינגער פון זיין דור

דער נאָמען אליקום צונזער קלינגט מיר אין די אויערן נאָך פון מיין קינדהייט־אָן. זיינע לידער זיינען אַריינגעזונגען געוואָרן אין מיר סיי פון דעם טאַטן, כאָטש ער איז געווען אַ פרומער בעל־תפילה, שוחט און גמרא־מלמד, און סיי פון דער מאַמען. איך געדיינק כמעט אַלע צונזער׳ס לידער — און נאָך מער די ניגונים: מחמת די ניגונים זיינען דאָך געווען און געבליבן דאָס האַרץ מיט דער נשמה פון די מערסטע לידער זיינע. פונקט ווי די לידער פון בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער, אברהם גאָלפאַדן זיינען איינגעבאַקן געוואָרן טיף אין האַרצן פון יעדן אידן — איבערהויפּט פון די אידן, וואָס האָבן געלעבט אין מזרח־אייראָפּע, אַזוי האָבן זיך די לידער פון אליקום צונזער זיך אַריינגעקאָרבט טיף אין זכרון פון יעדן איינעם מיט אַ אידישן געפיל, האַרץ און נשמה.

די בייטראָגן פון פאָלקס־פּאָעטן זיינען אַ באַדייטנדיקער טייל פון יעדער קולטור — ביי יעדן פאָלק אין דער וועלט. אַזוי אויך מיט פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס און נאָך אַנדערע פאָלקס־קינסטלער. דער פאָלקס־פּאָעט, פונקט ווי דער פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר, קען אָנשלאָגן אַמאָל אין אַ ליד, אָדער אין אַ קאָמפּאָזיציע, אַזאַ טאָן, אַזאַ נאָטע, וואָס קיין צען גרויסע אמת׳ע פּאָעטן אָדער קאָמפּאָזיטאָרס קענען עס נישט באַוויזן. מען קען זיך, פאַרשטייט זיך, גאָר אַ סך דינגען מיטן פאָלקס־פּאָעט בנוגע דעם פּאָעטישן ווערט פון זיינע לידער: דאָס זעלביקע אויך מיטן פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר בנוגע דעם מוזיקאַלישן ווערט פון זיינע ניגונים, אָבער אַז סיי דער פאָלקס־פּאָעט און סיי דער פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר דריקן־אויס די געפילן, שטימונגען, באַגערן פון דעם פאָלק — וועגן דעם קען קיין צווייפל נישט זיין. דאָס איז קלאָר ווי דער היינטיקער טאָג, בייב שרייבן אָט־די שורות.

יאָ, דער עיקר פון צונזער׳ס לידער זיינען געווען און געבליבן זיינע ניגונים. ס׳איז כדאי דאָ צו ברייגען אַ באַשטעטיקונג דערפון פון צונזער׳ן אַליין. אין איינעם פון זיינע לידער שרייבט ער:

„אויב איר לייענט אין ביכל מיינע לידער,
און די מעלאָדיע האָט מען אייך נישט איבערגעגעבן,
איז דאָס ווי אַ פאָטאָגראַפיש בילד, ליבע ברידער —
דאַכט זיך אַלעס ריכטיק, נאָר עס פעלט לעבן״.

יאָ, דאָס איז טאַקע דער ריינער אמת! מיר דאַכט זיך אָבער, אַז צונזער אַליין האָט זיך געטאָן דערמיט אַ גרויסע עוולה. עס איז טאַקע זייער ריכטיק, וואָס ער האָט דאָ געזאָגט, אַז די נשמה פון זיינע לידער זיינען די ניגונים וואָס ער אַליין האָט פאַרפאַסט, אָבער די טעקסטן האָבן ביי זיין צייטיקן עולם געשפּילט נישט קיין קלענערע ראָל ווי די ניגונים! ביידע, סיי די טעקסטן און סיי די ניגונים, האָבן זיך שטאַרק געפּאַסט איינע פאַר די אַנדערע. סיי די טעקסטן פון די לידער, סיי די ניגונים זייערע, האָבן ברייט געעפנט די מוחות און די הערצער ביי די אידישער צוהערער, וואָס האָבן זיי אויפגענומען ווי זייערע אייגענע ווערטער און ניגונים.

מען זאָגט און מען שרייבט ביי אונז, אַז די אידישע שפּראַך איז שוין אַלט אַרום אַ טויזנט יאָר און די אידישע ליטעראַטור איז שוין אויך אַלט אַ שיינע פּאָר עטלעכע הונדערט יאָר, אָבער ביז איצט האָב איך זיך נישט אָנגעשלאָגן אויף קיין איין ווערק, וואָס זאָל אויף אַ היסטאָרישן, קינסטלערישן אופן געבן אונז אַן אָפּשאַצונג כאָטש וועגן איינעם פון אָט־די וויכטיקע פאָלקס־פּאָעטן און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס — אַ שטייגער, ווי: בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער, אליקום צונזער, אברהם גאָלדפאַדן, מאַרק וואַרשאַווסקי, מרדכי געבירטיק! געלעגנהייט־אַרטיקלען דאָ־און־דאָרט זיינען נישט קיין פולע אָפּשאַצונגען, און פראַגמענטן זיינען נישט קיין גאַנצע ווערק... שוין־זשע זיינען נישטאָ ביי אונז די פּאַסיקע מענטשן פאַר אַזעלכע אַרבעטן, נאָר וואָס דען? עס הערשט ביי אונז אַ צעטומלעניש, אַ צעמישעניש, אַ משונה׳דיקער איינשטעל, אַז מיט קולטור מיינט מען דער עיקר — אַ דערציילונג, אַ ליד, אַ פּאָעמע, אַ ראָמאַן, אַ נאָוועלע, העכסטנס אַ דראַמע, אָבער — נגינה? געזאַנג? ווייסיך וואָס...

אָט גיט דער „אידישער קולטור־קאָנגרעס" און אויך דער „איקוף" אַרויס לעקסיקאָנען וועגן דער אידישער ליטעראַטור, אידישע שרייבער, ביכער מיט ראָמאַנען, דערציילונגען, עסייען, לידער, אַנטאָלאָגיעס, אָבער אַ לעקסיקאָן וועגן דער אידישער נגינה, וועגן אידישע זינגערס, אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, אידישע מוזיקערס וכדומה — אַ נעכטיקער טאָג! פון דעם האַלט מען ביי אונז נישט...

דעריבער איז ביי מיר זייער און זייער שטאַרק אָנגעלייגט די אומדער־וואַרטע דערשיינונג פון די צוויי בענד „אליקום צונזער׳ס ווערק", פון מרדכי שעכטער, וואָס דער „ייוואָ" אין ניו יאָרק האָט אַרויסגעגעבן. מען דאַרף זיין

אַזאַ פאַרליבטער אין דער גאַרער אידישע קולטור, ווי עס איז מרדכי שעכטער, כדי אַרויסצוברייינגען פאַר דער ליכטיקער וועלט אַזאַ גרעאַטענע אַרבעט און קולטורעלן אויפטו — אַ דערגרייכונג, וואָס פאַרכאַפּט ממש דעם מוח און דאָס האַרץ.

עס איז איבעריק דאָ צו דערציילן, אַז העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט איז דער נאָמען אליקום צונזער געווען פון די סאַמע פּאָפּולערסטע און באַליבסטע פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס ביי אידן אין צאַרישן רוסלאַנד, פּוילן, ליטע, לאַטוויע, עסטאָניע, פינלאַנד, בעסאַראַביע. ער איז געווען אַ פאָלקס־דיכטער, פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר, פאָלקס־זינגער, בדחן — גם יחד. ער האָט געהאַט אַ שיינע שטימע און האָט אויף פאַרשידענע אידישע שמחות און אַנדערע אונטערנעמונגען אַליין פאַרגעזונגען זיינע לידער. אייניקע פון זיינע לידער, אַ שטייגער, „אין דער סאָכע, ליגט די מזל־ברכה״, זיינען געווען און געבליבן עפּאָכע־מאַכנדיק און זיינען פון גרויס קולטור־היסטאָרישן ווערט. ער האָט קיין זאַך אין דעם אידישן לעבן פון זיין צייט, קיין איינע נייע אידישע באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס, קיין איין געזעלשאַפטלעכן פאַרמעסט אין זיינע לידער נישט אויסגעלאָזן. פּונקט ווי די מערסטע אידישע פאָלקס־דיכטער נאָך אים, האָט ער באַזונגען יעדע דערשיינונג, באַוויינט דעם אידישן גורל, די אידישע דאַליע, דעם פינצטערן אידישן גלות, דאָס שווערע אידישע לעבן אונטערן צאַר, די אַלערליי פינצטערע גזירות, פאַרפאָלגונגען, דיסקרימינאַציעס, דעם ווילדן אַנטיסע־מיטיזם, רעאַקציע, אַסימילאַציע, די אָרעמקייט, די קאָכלעפל, די גרענדע־פירערס, די מה־יפית׳ניקעס, די שתדלנים, דעם פאַנאַטיזם, די קלעריקאַלן.

ווי שוין באַמערקט, מען קען זיך אַ סך דינגען מיט די אידישע פאָלקס־דיכטער בנוגע דעם פּאָעטישן ווערט פון זייערע לידער, פּונקט ווי מען קען זיך גאָר אַ היפּש ביסל דינגען מיט די אידישע פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס בנוגע דעם מוזיקאַלישן ווערט פון זייערע ניגונים, אָבער אַז ביידע האָבן איבערגעלאָזט פיינע שפּורן, די פאָלקס־דיכטער אין דער אידישער ליטעראַטור, און די פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס אין דער אידישער נגינה — דאָס איז אַ זיכערע זאַך. אָן אַ בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער, אליקום צונזער, אברהם גאָלדפאַדן, וואָלט נישט געווען קיין יוסף רומשינסקי, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי און נאָך אַנדערע אין דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע. אָן אַזעלכע פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָרס ווי אַ זיידעלע ראָוונער, ניסע בעלזער און

זייער גלייכן, וואָלט נישט געווען קיין יואל ענגעל, אָדער אַ משה מילנער, אַ שלמה ראָזאָפּסקי, אַ אַלעקסאַנדער קריין, אַ לעאָ ליאָוו, אַ יעקב שייפער, אַ מאַקס העלפמאַן, וולאַדימיר חפץ און נאָך פיל אַנדערע ווי זיי.

בערל בראָדער, דער ערשטער פאָלקס־דיכטער וואָס איז געווען שטאַרק פּאָפּולער ביי אידן און מזרח־אייראָפּע, האָט פונקט אַזאַ שייכות מיטן אידישן טעאַטער ווי מיט דער אידישער ליטעראַטור. ער איז געווען דער „פאָטער״ פון די באַרימטע „בראָדער־זינגער״, וואָס האָבן געמאַכט געשיכטע אין דעם אידישן לעבן. בערל בראָדער איז אַרומגעפאָרן מיט זיין גרופּע „בראָדער־זינגער״ איבער שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע און אוקראַינע און האָט אומעטום, וואו אידן זיינען זיך צונויפגעקומען, אין אַכסניות, שענקען און שאַלאַשן, משמח געווען און דערפרייט אידישע הערצער מיט זיינע אייגענע פאַרפאַסטע טעקסטן און ניגונים. די מערסטע לידער זיינען זיינען געווען וועגן דעם לעבן פונעם אידישן פאָלקס־מענטש און זיינען געווען מער פון אַן אונטערהאַלטערישן איידער פון אַן אויפקלערערישן כאַראַקטער. ער האָט רעאַגירט אויף פאַסירונגען און איבערלעבונגען, אָבער ער האָט קיין סך נישט מאָראַליזירט. דער עיקר האָט ער געזוכט פאַרוויילונג, צו דערפרייען דאָס אידישע האַרץ, מיט עפּעס צו פאַרגיטיקן די אידישע נשמה. ער איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1815, און איז געשטאָרבן אין יאָר 1880.

וועלוול זבאַרזשער איז געווען דער צווייטער פּאָפּולערער פאָלקס־דיכטער ביי אידן, וואָס האָט אויך מער ווי אַלץ געזוכט מיט זיינע לידער און ניגונים צו פאַרוויילן דעם אידישן עולם. ער האָט געשריבן, אַחוץ אין אידיש, אויך אין העברעאיש. ער האָט די מערסטע ניגונים אַליין פאַרפאַסט, אָבער מען טרעפט ביי אים אויך אַ היפּש ביסל אויסגעבאָרגטע ניגונים פון פרעמדע קוואַלן. מען האָט אים געהאַלטן פאַר זייער אַ שאַרפזיניקן מענטש און גלייכוווערטל־זאָגער. ס׳האָט אים געצויגן צו אַ פריילעך־זאָרגלאָזן לעבן, און ער האָט ווינציק געהאַלטן פון אוניפאָרמירטקייט, איינשטעלערישקייט און פון „גיין אין שפּאַן״. ער האָט שטאַרק אויסגעלאַכט אומוויסנקייט און פאַרשידענע „זאַבאַבאָנעס״. זיין אמת׳ער נאָמען איז געווען ערנקראַנץ.

נאָך אָט־די צוויי, האָט זיך באַוויזן אליקום צונזער, וועלכער איז געקומען מיט אַן אייגענעם טאָן, מיט אַן אייגענעם צוגאַנג — אַ מער ערנסטערן און פיל ברייטערן, ווי די ערשטע צוויי. זיין כוונה איז דער עיקר געווען באַלויכטונג פון פאַסירונגען אין דעם אידישן לעבן, פון אַ מער אויפ־

קלערישן און מאַראַליזירנדיקן כאַראַקטער. דער ענין פאַרווײַלונג האָט ביי צונזער׳ן שוין נישט געשפּילט אַזאַ ראָל ווי ביי די אַנדערע צוויי. ער איז געווען מער נאַציאָנאַל־געשטימט, מער רעליגיעז און מער געצוימט פון די אַנדערע צוויי. ער האָט אין זיינע לידער, דער עיקר, געזוכט תכלית, געדאַנקען, מאָראַלישן ווערט און רעזולטאַטן. ער איז דורך־און־דורך משכיל׳יש אין זיינע לידער, אַנווייזעריש און וועג־ווייזעריש. עס האָט געפעלט די ווייכקייט, אָדער די לירישקייט פון זיינע צוויי פאַרגייער, דער עיקר פון וועלוול זבאַרזשער, אָבער ער איז געווען טיפער און ערנסטער פון זיי — און דערפאַר אפשר איז ער געווען פאָפּולערער פון די אַנדערע, מער אָנגענומען ווי די אַנדערע. אַזעלכע לידער, ווי די פריער־דערמאָנטע „אין דער סאָכע, ליגט די מזל־ברכה״, אָדער „דער פאָראָם״, זיינען געגאַנגען פון מויל צו מויל און זיינען געזונגען געוואָרן נישט בלויז אין דעם פאָריקן יאָר־הונדערט ווען זיי זיינען געשאַפן געוואָרן, נאָר זיי זיינען אויך געווען שטאַרק פאָפּולער און זיינען געזונגען געוואָרן מיט אַ סך יאָרן שפּעטער — שוין אין אונזערער יאָרהונדערט.

אין זיין גוט־דורכגעטראַכטער און פאַרטיפטער עסיי וועגן אליקום צונזער, ברייננט דאָרט מרדכי שעכטער, דער מחבר פון די צוויי בענד „אליקום צונזער׳ס ווערק״, אַן אויסצוג פון ש. ניגער, וועלכער שרייבט: „אליקום צונזער מיט זיינע לידער האָט פאַר דער פאָפּולאַריזירונג פון די אידייען פון זיין צייט אפשר מער אויפגעטאָן ווי די מאמרים פון די דעמאָלט־דיקע צייטונגען, וואָס די מאַסע פלעגט ווייניק לייענען און נאָך ווייניקער פאַרשטיין״.

ס׳איז קיין פראַגע נישט, אַז מרדכי שעכטער פאַרדינט אַ גאָר גרויסן „יישר־כוח״ פאַר אַרויסברייינגען אַזאַ מאָנומענטאַל ווערק, ווי די צוויי בענד „אליקום צונזער׳ס ווערק״ שטעלן מיט זיך פאָר. דאָס איז דער שענסטער מאָנומענט וואָס איין שרייבער האָט געקענט שטעלן אַ צווייטן פאַרדינסט־פולן שרייבער — אַ דיכטער פון זיין דור און פון זיין פאָלק. „דאָס פאָלק האָט זיינע לידער פאַרצוקערט און דעם מחבר אַליין געטראָגן אויף די הענט״, שרייבט מרדכי שעכטער אין זיין פרעכטיקער עסיי, וואָס געפינט זיך אין ערשטן באַנד: „אליקום צונזער — דער מענטש, זיין וועלט, זיין שאַפן״. פונקט אַזוי איז אויך אינטערעסאַנט אָנגעשריבן דאָס קאַפּיטל אין דעם צווייטן באַנד „מיין אייגן לעבן — צונזער׳ס אויטאָביאָגראַפיע״, וואָס אליקום

צונזער האָט קורץ פאַר זיין טויט אַליין געשריבן, און וואָס פאַרנעמט פּופּציק זייטן. סיי מרדכי שעכטער׳ס אָפּהאַנדלונג און סיי צונזער׳ס אייגן־געשריבענע אויטאָביאָגראַפיע זיינען מוסטערן פון ערנסטע אַרבעטן און פאַרמעסטונגען.

דער קוואַל פון אליקום צונזער׳ס מערסטע ניגונים איז נישט בלויז אַ היימישער, נאָר אויך אַ אידישער, צונזער׳ן האָט גאָר אַ סך אַרויסגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס ער איז אַלס אינגל געווען אַ משורר ביי אַ חזן. דערצו האָט אים אויך נישט ווייניק אַרויסגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע — אַ שטאָט, וואָס איז אין אַלע צייטן געווען באַוואוסט מיט אירע גרויסע חזנים. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרעמער סטאָליער און ער איז געשטאָרבן, ווען אליקום איז אַלט געווען עלף יאָר. ביז זיין נאָמען האָט אָנגעהויבן צו קלינגען סיי אַלס פאָלקס־דיכטער, סיי אַלס פאָלקס־זינגער און סיי אַלס בדחן, האָט ער זיך געגנוג אָנגעליטן. ער האָט דורכ־געמאַכט קאַלטס און וואַרעמס, אייגענע און פרעמדע צרות, ביז ער האָט פאַרלאָזט דאָס צאַרישע רוסלאַנד, און איז אין יאָר 1889 אָנגעקומען קיין אַמעריקע. אַ שטיקל צייט איז ער דאָ אויפגעטראָטן מיט זינגען זיינע לידער, און דערנאָך האָט ער געעפנט אַ קליינע דרוקעריי אין ניו־יאָרק און פון דעם געצויגן פרנסה. ער איז געשטאָרבן אין 1913.

איך וויל דאָ באַטאָנען, אַז מרדכי שעכטער האָט נישט בלויז געטאָן אַ „חסד של אמת" דעם פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר אליקום צונזער, נאָר האָט אויך געגעבן אַ בייטראָג דער גאָרער אידישער קולטור בכלל. וויפל מען זאָל נישט זיפּן די טעקסטן און די ניגונים פון אליקום צונזער׳ן, וועט מען אַלעמאָל קענען פון זיי עפּעס — און אפשר מער ווי עפּעס — אַרויסזיפּן. סיי דער אידישער דיכטער, סיי דער אידישער קאָמפּאָ־זיטאָר וועט שטענדיק געפינען עפּעס ביי צונזער׳ן, וואָס זאָל אים אָנרעגן צו שרייבן — דעם דיכטער אַ היסטאָרישע פּאָעמע אָדער ליד, און דעם קאָמפּאָזיטאָר אַ פאָלקסטימלעכע קאָמפּאָזיציע אין אַזאַ אָדער אַ צווייטער פאָרם.

מען קען זיך, ווי שוין פריער באַמערקט, גאָר אַ סך דינגען מיט צונזער׳ן בנוגע דעם פּאָעטישן ווערט פון זיינע לידער, אָדער מוזיקאַלישן ווערט פון זיינע ניגונים, אָבער נישט וועגן זיין קולטור־היסטאָרישן ווערט, זיין אָרט אין דעם אידישן לעבן — זיין פאַרנעם און דעם אָפּקלאַנג זיינעם. דאָס וועט

בלייבן אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין אַ אידישע קולטור, אידישע מוזיק, אידישע נגינה — מיטן לעצטן בין איך אויסן אידיש געזאַנג.

„זאַמלונגען", ווינטער, 1967, נ. י.

# דער עמק

## רייזע מאָטיוון

מיט דער באַן פון חיפה, בין איך אָנגעקומען פאַרנאַכט אין עין־חרוד. פון דאַנען האָב איך געדענקט דערנאָך צו מאַכן אַ שפּאַציר אין אַלע קבוצות, וואָס ליגן אין עמק. אויסגעקליבן האָב איך עין־חרוד דערפאַר, וואָס איך האָב געהאַט דאָרט מיינעם אַ פריינט פון אַמעריקע.

עס איז געווען האַלב טונקל שוין. אַ צאַרטע שטילקייט האָט זיך געהאַלטן אין שפּרייטן איבער די פאַרנאַכטיקע פעלדער פונעם עמק, וואָס האָט אָנגעפילט די לופט מיט שטימונג אַ סך.

די שטילקייט פון פאַרנאַכט האָט נישט נאָר זיך געהאַלטן אין שפּרייטן בלויז איבער די פעלדער אַליין, נאָר איז אויך געהאַנגען אויף די צווייגן פון די בוימער און האָט אויך זיך אָנגעשפּאַרט אויף די קעפּ פון די צייטיקע זאַנגען, וועלכע זיינען געווען רייף שוין פאַרן שניט.

הויך פון די סומנע גלבוע־בערג אַרונטער, האָט אַ בלויער פאַר־נאַכטיקער חלום זיך געוועבט, איינגעהילט אין אַ דינעם טולענעם שלייער, וואָס איז זיך פאַרגאַנגען אין אַן אומענדלעכער בענקשאַפט... סודות'דיקע רוישן פון שטילע זיידענע ווינטעלעך, האָבן זיך געטראָגן אויבן אין דער לופטן מיט פאַרנאַכטיקן אומעט און פאַרלאָרן זיך צווישן די טיפע גראָזן פון דער טויאיקער ערד, וואָס פלעגט זיי מיט אירע צעעפנטע ליפּן צודריקן צו זיך און פאַרטרינקען...

ערגעץ ווייט האָט אַ אידישער פּאַסטוך אויסגעשפּילט אויף זיין פאַנטאַס־טישער „דודע" פאַרשידענע אַראַבישע מאָטיוון. די אָריענטאַלישע טענער זיינען זיך צעגאַנגען איבערן גאַנצן עמק און האָבן אים שטילערהייט איינ־געוויגט, ביז ער האָט אָנגעהויבן איינצושלאָפן...

מיין פריינט פון אַמעריקע, איז געווען דער ערשטער מיך צו באַגע־

גענעץ און אָפּצוגעבן „שלום עליכם״. ער האָט דערנאָך מיך אַריינגעפירט אין גרויסן „עס־צימער״, וואו אַלע זיינען געווען פאַרזאַמלט און מיט יעדן דאָרט באַקאַנט. עס איז געווען פאַר מיר אַ גרויס איבעראַשונג, אין וואָס פאַר אַ גוטער שטימונג איך האָב אַלעמען געטראָפן. וואָרום איך האָב געהערט דערציילן, אַז דאָס שווערע לעבן אין דער קבוצה האָט די מענטשן אַזוי פאַר־האַרטעוועט, אַז זעלטן הערט מען זיי אַ לאַך טאָן...

עס איז אמת, אַז פון דעם וואָס איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן, איז קיין שווערער לעבן, ווי דער וואָס איז אין די קבוצות, קען דוכט מיר נישט זיין. מ׳דאַרף אָבער האָבן אין זינען, אַז די מערסטע פון אונזערע חלוצים קומען פון פוילן און ענלעכע לענדער, וואו מען פאַרפאָלגט אידן, און אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס זיי האָבן געהאַט דאָרט, איז דאָס לעבן אין דער קבוצה ממש פאַר זיי אַ גן עדן! איך האָב דאָס געהערט אַ סך מאָל איבער׳חזר׳ן.

איך בין זיך דאָ אָפן מודה ומתודה פאַר אייך, אַז איך וואָלט אין אַ קבוצה, ביי די איצטיקע שווערע באַדינגונגען, קיינמאָל נישט געקענט לעבן. און דאָך בין איך מקנא די דאָזיקע מענטשן, וואָס זיינען אַזוי פאַרקאָכט אין זייער גלויבן, אַז זיי פילן קוים די דאָרטיקע שוועריקייטן. עס איז ממש צו באַוואונדערן זייער אויסגעהאַלטנקייט, און זייער אומגעהויער אָפּערוויליקייט פאַרן לאַנד און פאַר זייער סאָציאַליסטישן אידעאַל.

ווען נישט זיי, וואָלטן מיר איצטער אפשר גאָר אינגאַנצן קיין עמק נישט געהאַט. די שווערע אַרבעט פון אויסצוטריקענען די זומפּן, איז דורכאויס אָפּגעטאָן געוואָרן פון זיי. געגוג יונגע לעבנס זיינען געפאַלן ביי דער דאָזיקער געפערלעכער אַרבעט. זיי האָבן געדאַרפט פירן אַ קאַמף אי מיט די אַראַבער אי מיט די געפערלעכע באַצילן, וואָס פלעגן פאַרשפּרייטן כל׳ערליי קראַנקהייטן איבערן לאַנד.

איצט שפּרייט זיך דער עמק אַ בליענדיקער און זעט אויס פון ווייטן ווי אַ גרינער פּליוש. עס וואַקסן דאָרט כל׳ערליי תבואות און פרוכטן. אַ נעץ פון קבוצות, עין־חרוד, תל־יוסף, בית־אלפא, גבע, ליגן אויסגעשפּרייט איבערן עמק, וואָס איז פון אַ רינג פון קראַנקע פאַר׳חלש׳טע זומפּן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די פרוכטבאַרסטע פלעצער אין לאַנד!

שפּעט אויפדערנאַכט האָט מיין פריינט און איך זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר צופוסנס פון די גלבוע־בערג. אויף די דאָזיקע בערג האָט שאול אין

קאַמף מיט די פּלישתּים זיין לעצטן שלאַכט אויסגעקעמפט און איז געפאַלן טויט דורך זיין אייגענעם שווערד...

עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע וואונדערלעכע שיינע נאַכט. איינע פון יענע ארץ ישראל נעכט, וואָס קען אַ מענטשן „משוגע" מאַכן, אַזוי שיין איז געווען. דער גאַנצער עמק האָט זיך געוויגט אין אַ זילבערנעם ים פון בלוילעכע זיידענע כוואַליעס, וואָס די לבנה האָט שפּע׳דיק געגאָסן גאַנצע צעברעס! דער הימל האָט אויסגעזען אַזוי לויטער און בלוי און אַ ליכטיקייט האָט זיך געשפּרייט אַזוי, וואָס איז געווען אַ זעלטנקייט צו זען גאָר אַזוינס!

מיין פריינט האָט מער שוין נישט געקענט זיך איינהאַלטן און האָט מיט אַמאָל הויך זיך צעזונגען. זיין קול, כאָטש ער איז געווען אַ גאַנץ שוואַכער זינגער, האָט אָפּגעקלונגען אָבער זייער שיין אין דער קלאָרקייט פון דער נאַכט און האָט זיך געקאַטשעט ווי אַ רייף פון טאָל צו די בערג — און דער־נאָך ווידער צוריק. פון די אַנדערע קבוצות, איז מען אונז אַנטקעגן געקומען. מ׳האָט זיך נישט געאיילט צו גיין שלאָפן, ווייל מאָרגן איז געווען שבת, און שבת איז דער טאָג ווען אין אַלע קבוצות רוט מען. מ׳האָט שנעל מיט מיר זיך באַקענט און מ׳האָט דערנאָך איבער אַ נייס ערשט זיך אַוועקגעלאָזט שפּאַצירן.

דער שפּאַציר האָט אָנגעהאַלטן כמעט אַ גאַנצע נאַכט. חברה האָבן באַין אופן נישט געלאָזט גיין שלאָפן. מ׳האָט געהאַלטן אין איין זינגען און טאַנצן, להכעיס דער צייט און די אַלע שוועריקייטן און שטערונגען, וועלכע ליגן אין וועג פון דעם אויפבוי פון דער אידישער היימלאַנד.

מ׳האָט גאַנץ ניש׳קשה׳דיק זיך לוסטיק געמאַכט אויפן חשבון פון דער ענגלישער רעגירונג, וואָס חנ׳דלט זיך צו די אַראַבער און מאַכן זיי אין דער שטיל כל׳ערליי קאָמפּראָמיסן און צוזאָגונגען...

אויך האָט מען גאָר אַ סך אָפּגע׳חוזק׳ט פון די בונדיסטן אין וואַרשע, וואָס דוכט זיך זיי נאָך אַלץ אויס, אַז זיי פירן דעם פּוילישן אידנטום, און גאָר באַזונדערס דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט פון פּוילן...

די צייט איז זיך געלאָפן. עס האָט אָנגעהויבן צו שאַריען אויף טאָג. דער גאַנצער עולם האָט מיט אַמאָל זיך דערפילט מיד און מ׳איז געגאַנגען אַלע שלאָפן. מיין פריינט און איך האָבן נאָך אַרומגעשפּאַצירט אַ קורצע ווײַלענקע. אָבער שפּעטער זיינען מיר אויך געגאַנגען שלאָפן.

אין דער פרי, האָט מיין פריינט מיר געפירט ווייזן, ווי גרויס זייער ווירטשאַפט איז, וויפיל קי זיי פאַרמאָגן, וויפיל הינער און פערד. ער האָט מיר אויך געפירט ווייזן, וואָס פאַר אַ פראַכטפולן וויין־גאָרטן זיי פאַרמאָגן, וויפיל בוימער און וואו די באַנאַנעס מיט די מאַראַנצן געפינען זיך און ווי גרויס דער שטח איז וואָסביידע פאַרנעמען.

מיין פריינט האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ „ספעץ״ אין אָט די אַלע זאַכן, מחמת ער האָט כסדר ביי דעם געאַרבעט. ספעציעל האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט אויפן וויינגאָרטן. ער איז געווען פאַרליבט אינעם וויינגאָרטן, ביז אַריבער די אויערן... אַזוי רעדט אַ געליבטער פון זיין באַשערטע, ווען ער האָט זי שטאַרק ליב!

זעענדיק אים אַזאַ באַגייסטערטן, בין איך אַליין שוין געוואָרן באַגייסטערט. און ווי קען מען עס נישט ווערן באַגייסטערט ווען דו ווייסט אַז ביז נישט לאַנג צוריק איז דאָס אַלצדינג געווען נישט מער ווי אַ ווייטער חלום? דער עמק וואָלט נאָך איצט אויך געווען פוילן, ווען נישט דער שטאַרקער כח פון די חלוצים, וואָס האָבן זייער לעבן אַוועקגעשטעלט דאָרט.

דער עמק איז דער שענסטער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון ציוניזם. מיט גאָלדערע אותיות דאַרף אָט דער דאָזיקער קאַפּיטל פאַרשריבן ווערן. די העראָאישקייט פון אונזערע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן אין די לענדער פון וואַנען זיי זיינען געקומען קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער קיינמאָל נישט אַריינגעטאָן, האָבן אַ דאַנק זייער נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין אויפגעשטעלט דעם שענסטן מאָנומענט אין לעבן פון דער אידישער יוגנט פון גאָר דער וועלט, מיט דעם וואָס זיי האָבן צוריק אויפגעלעבט דעם עמק!

זייט געבענטשט, אונזערע חלוצים!

„פאָלקס־צייטונג״, מאי 1, 1936, לאָס־אַנדזשעלעס.

# מלך ראַוויטש — אַ וועלט־נאָמען

מלך ראַוויטש איז געווען אַ באַרימטער נאָמען — אַ סך מער באַרימט ווי זיין שרייבן.

דער נאָמען איז אים אומעטום געגאַנגען פאָראויס; זיין שרייבן האָט אים קיינמאָל נישט געקאָנט אָניאָגן. ער איז געווען אַ דיכטער, אַן עסייאיסט, אַ מעמואַרן־שרייבער, אַ רײזנדער, אַ פּעליעטאָניסט און אַ שרייבער פון סתם אַרטיקלען, האַלב־פילאָזאָפישע, שמועסנדיקע.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך ראַוויטש'ן באַגעגנט אין וואַרשע. דאָס איז געווען זומער־צייט, אין 1928, מיין ערשטער אַרויספאָר איבער דער וועלט. גאַנץ וואַרשע האָט דעמאָלט געקלונגען מיט ראַוויטש'ס נאָמען. אַ חוץ וואָס ער איז געווען אַ פּראָדוקטיווער שרייבער אויף פאַרשידענע געביטן, איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון אידישן ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס האָט זיך געפונען אויף טלאָמאַצקע 13 — אַ שם־דבר אין גאַנץ פּוילן.

מלך ראַוויטש איז מער פון אַלץ געווען אַ פּאָעט, אָבער ער איז אויך געווען אַן אָרגאַניזאַטאָר, אַ גרופּן־צונויפשטעלער, און האָט צוזאַמען מיט די צוויי באַרימטע פּאָעטן פּרץ מאַרקיש און אורי־צבי גרינבערג אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל די „כאַליאַסטרע", וואָס האָט געקערט וועלטן אין וואַרשע און אין גאַנץ פּוילן. מ'האָט אין דעם זשורנאַל קיינעם נישט געשאָנעוועט, מ'האָט דאָרט ווייניק דרך־ארץ געהאַט פאַר עלטער, אָדער אָנערקענטע טאַלאַנטן; דער זשורנאַל איז געקומען איבערקערן די אידישע ליטעראַטור מיטן קאָפּ אַראָפּ; מתקן זיין אַן אַנדער ליטעראַרישע וועלט, אַן אַנדער אידישע ליטעראַטור, אַן אַנדער סאָרט אופן פון שרייבן פּאָעזיע וכדומה...

האָט זיך געטומלט. אין מיטן פון אָט דעם טומל איז געשטאַנען מלך ראַוויטש. וואָס איז שייך פּאָעטן זיינען פּרץ מאַרקיש און אורי־צבי גרינבערג געווען גרעסערע טאַלאַנטן פון מלך ראַוויטש'ן, אָבער דער איינדרוק האָט זיך באַקומען אַז ער, ראַוויטש, איז דער „קאָפּ" פון דער „כאַליאַסטרע".

ראַוויטשעס „נאַקעטע לידער" האָבן אויף אַ טייל לייענער געמאַכט אַן איינדרוק, אָבער נישט אויף אַלעמען. ער האָט געשריבן אי אין דער ברייט און אי אין דער לענג, ווי פּראָקלאַמאַציעס, דעקלאַראַציעס, און וואָס נישט. ער איז געווען באַרעדעוודיק, „פילאָזאָפיש" אין זיינע לידער, אָבער דער נאָמען מלך ראַוויטש איז אים בייגעשטאַנען און האָט געהאַט אַ ווירקונג.

אַזוי אויך מיט זיינע עסייען און פעליעטאָנען, פול מיט פסעוודאָ־פילאָזאָפישע רייד, אָבער אויך זיי האָבן ביי אַ טייל לייענער אויסגענומען, ווייל ער האָט געשריבן ווי אַ גרויסשטאָטישער און ווי אַן אויסלענדער. עס האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט דער ווינער סטיל.

צווישן ראַוויטש'עס אַרויסגעגעבענע ביכער האָבן זיך געפונען: „נאַקעטע לידער", „דער קערן פון מיינע לידער", „שפּינאָזע — פּאָעטישער פּרואוו", „מיין לעקסיקאָן" (צוויי בענד), „מענטשן ריידן צו מיר", רייזע־באַשרייבונגען און נאָך אַנדערע. וואו נאָר איר געפינט אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, אַן אַנטאָלאָגיע, וועט איר זיך אָנשלאָגן אויף ראַוויטש'עס נאָמען. ער האָט קיין איין זשורנאַל נישט דורכגעלאָזט, און קיין איינציקע אַנטאָלאָגיע נישט אויסגעלאָזט.

דערמאָנענדיק דאָ זיינע רייזע באַשרייבונגען. ער האָט אַמאָל געשריבן אַז ער און פּרץ הירשביין זיינען די צוויי מערסטע אַרומרייזנדיקע אידישע שרייבער. דאָס איז טאַקע אמת, אָבער נישט דער גאַנצער אמת. ווען איך האָב אים איינמאָל אין מעקסיקאָ צוגעשטעלט צו דער וואַנט: און וואָס איז מיט דר. חיים שאָשקעס, פּאַניע ראַוויטש ? און וואָס איז מיט ב. צ. גאָלדבערג, און, באַשיידנקייט אַן אַ זייט, מיט מרדכי ירדני ? וויפל מאָל, ראַוויטש, האָב איך אייך געטראָפן אָט אין דעם לאַנד, אָט אין יענעם לאַנד ? האָט ער געשמייכלט. און ראַוויטש האָט געקענט שמייכלען. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך אָנגענומענע פּאָזע, וואָס איז ביי אים מיט דער צייט געוואָרן אַ צווייטע נאַטור.

אַ שרייבער איז ער געווען בפה־מלא. ער האָט כסדר און אומעטום געשריבן, ער האָט קיינמאָל די פּען פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט. שרייבן איז געווען ראַוויטש'עס לעבן, זיין אָטעם.

צו מיין ערשטן קאָנצערט אין מאָנטרעאָל איז ראַוויטש געקומען מיט זיין פרוי רחל, און איך האָב אים דערפאַר שטאַרק געדאַנקט. אויף מאָרגן אינדערפרי איז ער מיך געקומען זען אין מאַונט ראָיאַל האָטעל; ער איז נישט געקומען אַליין נאָר מיט טענות: פאַרוואָס זינג איך נישט זיין ליד „איבער זיבן ים'ען" אַלע פערזן ? האָב איך אים געענטפערט, אַז איך האָב נישט ליב קיין צו לאַנגע לידער — מעגן זיי זיין געשריבן פון גאָט אַליין. איך ווייס נישט אויב מיין ענטפער האָט אים צופרידנגעשטעלט, אָבער ער האָט שטאַרק געלויבט מיין מוזיק. אגב, האָב איך די זעלביקע ליד אויך געזונגען צו זיין

„קבלת פנים”, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין ניו יאָרק. ער האָט נישט בלויז געהעדט אויף זיין „קבלת פנים”, נאָר אויך מיט דער הילף פון אַ פּראָזשעקטאָר געוויזן בילדער פון זיינע רייזעס אין דרום־אַפריקע, אויסטראַליע און דרום־אַמעריקע.

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב באַגעגנט ראַוויטש'ן איז געווען מיט אַ יאָר און אַ האַלב צוריק. ער האָט אויסגעזען מיד און דער שמייכל פון זיינע ליפּן איז שוין נישט געווען דער זעלבער. די יאָרן האָבן געטאָן זייערס.

איז אַ שאָד, וואָס אַזאַ פּראָדוקטיווער אידישער שרייבער איז געשטאָרבן. דריי און אַכציג יאָר איז טאַקע אַ פיינע עלטער, אָבער נישט פאַר קיין פּראָדוקטיוון שרייבער...

„מאָרגן פרייהייט”, סעפּ. 2, 1976

# חיפה

## רייזע־מאָטיוון

ווען די שיף — „מאַורעטאַניאַ” — האָט זיך געהאַלטן אין דער־נענטערן צו חיפה, איז נאָך געווען גאָר פרי. די זון איז נישט לאַנג געווען ערשט אַרויס פון איר „נאַכט־לעגער” אַ צעפלאַמטע און האָט מיט אירע גאָלדענע שטראַלן אַנגעוואַרעמט דעם ים, וואָס האָט זיך געוויגט פון אויבן און זיך געהויבן ווי אַ ליילעך.

דער כרמל באַרג איז געווען דער ערשטער זיך צו באַווייזן מיט זיין רונדיקייט און שאַרפן רוקן. ביז וואַנען איך האָב געשטעלט אַ פוס אויף דער טרוקעניש, האָט גענומען אַ לאַנגע צייט.

אַנדערש קען עס אָבער נישט זיין. איר מוזט צוערשט דורכגיין אַ פּאַספּאָרטן־רעוויזיע, דערנאָך הייבט מען אָן צו באַטאַפּן אייערע זאַכן און עס נעמט צייט ביז וואַנען איר זעט זיך אויף דער יבשה.

די באַנומענדיקע קולות פון די אַראַבער, וואָס האָבן מיך באַפאַלן פון אַלע זייטן און געריסן ביי מיר די זאַכן פון די הענט, האָבן מיך שטאַרק בייז געמאַכט. איך האָב זיי געטריבן פון זיך: איך האָב נישט געקענט פאַרטראָגן זייער ליאַרעמען און זייערע ווילדע געשרייען.

אָבער ווי נאָר איך האָב מיך באַפרייט פון די באַנומענדיקע קולות פון די אַראַבער און דערווייטערט זיך פונעם פּאָרט, האָב איך ביסלעכווייז זיך באַרואיקט און אַז איך בין געקומען אין האָטעל אַריין, האָט דאָרט געוואָרט שוין אויף מיר מיינער אַ נאָענטער פריינט, וואָס האָט מיך דערנאָך געפירט ווייזן די שטאָט.

דער ערשטער איינדרוק פון חיפה: אַ פּרעכטיקע שטאָט. די נאַטור, דער קלימאַט, די גאַנצע אומגעבונג איז דורכאויס אַזאַ, וואָס פאַרכאַפּט דאָס אויג.

איר האָט דאָרט פון איין זייט הויך אויבן דעם היסטאָרישן פּראַכטפולן כרמל באַרג, וואו עס האָט זיך אויפגעבויט אַ שיינער, ליכטיקער אידישער ישוב און טראָגט דעם נאָמען „הדר־הכרמל״; און פון דער צווייטער זייט אַראָפּ אונטן שלאָגט דאָרט טיף דער אָפענער בלויער מיטלענדישער ים, וואָס שיקט טאָג און נאַכט זיינע זוּיבערע כוואַליעס צום ברעג: אויף צו וואַשן דאָס נייע אידישע פאַרשטעטל, וואָס ליגט אויסגעבעט צופוסנס פונעם כרמל ביים ראַנד ים „בת־גלים״ — די טאָכטער פון די כוואַליעס! אַזוי הייסט דאָס פּרעכטיקע פאַרשטעטל און איז אַ טייל פון דער נייער חיפה, וועלכע האַלט זיך ערשט איצט אין אויפבויען.

הויך פונעם ים אַרויס הויבט זיך אויף די שטאָט מיט אירע גאַסן און שטיבער און ציט זיך ביז העט אַרויף אויבן צום רוקן פונעם כרמל, וואָס פון דאָרט זעט מען קלאָר די גרינע טאָלן אונטן פונעם פּראַכטפולן עמק, וואָס שפּרייטן זיך ווי טעפּיכער גרינע און פאַרנעמען אַ גרויסן שטח פונעם לאַנד; און דער טייך „קישון״ וואָס שלענגלט זיך ביי חיפה אונטן דאָרט און פאַלט גלייך אין ים אַריין.

אַז איר שפּאַצירט איבער די זויבערע גאַסן פונעם הדר־הכרמל, אָדער פון בת־גלים, קענט איר גאָר זיך נישט אָפּ׳חידוש׳ן גענוג פון דער נאַטור־רייכקייט און נאַטור־שיינקייט, וואָס רינגלט אַרום חיפה און די פּרעכטיקע בנינים, וואָס אידן האָבן דאָרט אויפגעבויט.

גאָר אָפּט וואונדערט איר זיך: וואו האָבן אידן זיך עס אַזוי שנעל אויס־געלערנט צו בויען אַזעלכע שיינע הייזער? און די גערטנדלעך מיט בלומען ביי יעדער שטוב!

עס זעט אויס אַז דאָס אַלץ האָבן אידן זיך אויסגעלערנט ערשט, ווען זיי זיינען אַריבערגעקומען אין ארץ־ישראל. וואָרום אין די לענדער וואו זיי האָבן פריער געוואוינט, האָבן זיי זיך קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן מיט פלאַנצן

בלומען און ענלעכע זאַכן. דער דורכשניטלעכער איד, איז שטענדיק געווען פאַרטאָן אין זוכן פרנסה און האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע „נאַרישקייטן".

ווי אַנדערש דען האָבן דאָס רוב אידן אין גלות זיך באַצויגן צו דער שיינער נאַטור ?

דער פּאָרט וואָס איז ערשט דאָרט נישט לאַנג צוריק אויפגעבויט געוואָרן, איז פאַר חיפה דער גרעסטער גליק. זינט דאַן האָט חיפה זיך פאַרגרעסערט אויף שיער נישט דריי מאָל אַזויפיל.

עס איז גענוג אַז איר זאָלט דורכשפּאַצירן דעם געשעפטלעכן טייל פון חיפה און אייער אויג וועט זיך דאָרט אָנשלאָגן אויף צענדליקער קאָנטאָרן, שיף־געזעלשאַפטן, פאַרשידענע טראַנספּאָרט־קערפּערשאַפטן, גרויסע וואַרע־הייזער, אָפיסעס, וואָס פאַרטרעטן פאַרשידענע אויסלענדישע פירמעס. עס גייט דאָרט אָן אַ ריזיקער האַנדל, צענדליקער נייע געשעפטן ווערן דאָרט געשלאָסן.

איר באַגעגנט אין חיפה די וויכטיקסטע פאַבריקן פונעם לאַנד, ווי: דער גרויסער „שמן"־פאַבריק, דער ריזיקער צעמענט זאַוואָד „נשר", דער באַרימטער ראָטשילד־מיל; און נאָך אַ סך אַנדערע וויכטיקע טיילן פון דער ארץ ישראל׳דיקער אינדוסטריע.

דער פּאָרט איז שטענדיק איבערגעפּאַקט מיט שיפן, וואָס קומען אָן אַהין פון אַלע עקן פון דער וועלט: פון יאַפּאַן, פון כינע, פון אינדיע, פון דרום אַפריקע, פון אויסטראַליע, פון אַמעריקע, פון אייראָפּע, פון איבעראַל. אַ שיף מוז דאָרט אָפט אַזוי לאַנג וואַרטן ווי דריי, אָדער פיר טעג כסדר אויפן אָפענעם ים, ביז וואַנען זי קען אַריינקומען אין האַפן זיך אויסלאָדן.

נאָך ירושלים און תל־אביב, איז חיפה די דריטע גרויסע שטאָט אין ארץ ישראל. ס׳איז אַ סברה אַז חיפה זאָל גאָר אינגיכן זיי צווייען אַריבעריאָגן. לויט דעם ווי די באַפעלקערונג האַלט זיך דאָרט אין איין פאַרגרעסערן זעט עס אויס צו זיין, זייער מעגלעך. זאָל נאָר די אידישע אימיגראַציע אין לאַנד ווייטער אַזוי אָנהאַלטן און חיפה וועט אָן ספק ווערן איינע פון די גרעסטע שטעט אין ארץ ישראל.

מ׳האָפט אויך, אַז מיט דעם וואוקס פון חיפה, וועט דער עמק גאָר אַ סך געווינען. ווייל חיפה ווען זי וועט האָבן אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג,

וועט זי קענען פאַרברויכן גאָר אַ סך פון די פּראָדוקטן וואָס דער עמק פּראָדוצירט.

און נישט בלויז דער עמק אַליין וועט פון דעם פּראָפּיטירן, נאָר דער גאַנצער אונטערשטער גליל וועט דורך דעם אויפלעבן. די פּרייזן אויף אַלע די פּראָדוקטן וואָס וואַקסן אין די פאַרשידענע קבוצות און קאָלאָניעס, סיי אין עמק, און סיי אינעם אונטערשטן גליל, וועט זיך העכערן און ווערן טייערער און די שווערע מי וואָס אונזערע חלוצים און קאָלאָניסטן לייגן אומעטום אַריין, וועט זיך דאַן אַ סך מער באַצאָלן ווי איצטער.

לאָמיר אויפבויען חיפה!

„פאָלקס־צייטונג", אַפּריל 17, 1936, לאָס־אַנדזשעלעס

# איציק מאַנגער'ס „מגילה" אויף בראָדוועי

איציק מאַנגער איז אַ סינטעז פון פּאָעזיע, טעאַטראַלישקייט, מוזיקאַלישקייט און פאָלקסטימלעכקייט — אַ זעלטענע קאָמבינאַציע אין איין מענטשן. מ'דאַרף לאַנג וואַרטן ביז אַזאַ אויסערגעוויינלעכער טאַלאַנט באַווייזט זיך אין אַ ליטעראַטור, מוזיק, מאַלעריי, סקולפּטור, טאַנץ וכדו'. מיט אַזאַ איינעם איז גרינג צו „גיין צום טיש" — ער לאָזט זיך קנעטן, בויגן, פורעמען, געשטאַלטיקן אין אַלערליי קינסטלערישע־מאַניפעסטאַציעס.

איציק מאַנגער האָט מיט זיינע „מגילה לידער", פּונקט ווי מיט זיינע „חומש־לידער", ווען זיי זיינען דערשינען, אַרויסגערופן באַוואונדערונג נישט בלויז ביים אינטעליגענטן אידישן לייענער, נאָר אויך ביי די אידישע ליטעראַטור־קריטיקער — דער עיקר ביי די וואָס האָבן אויערן און חושים אויף פאַר מוזיק, טעאַטראַלישקייט. כאָטש זיי האָבן געהייסן „מגילה לידער", האָט אָבער פון זיי אַ וויי־געטאָן מיט שבועות'דיקן גרינס, מיט פרישע קווייטן, וועמעס ריח עס איז זיך צעגאַנגען אין יעדן אבר.

אידישע קאָמפּאָזיטאָרס זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָרויפּ־געוואָרפן אויף איציק מאַנגער'ס לידער, ווייל זיי האָבן זיך מיט אים געפילט ווי פיש אין וואַסער. דער אמת'ער קאָמפּאָזיטאָר האָט נישט געדאַרפט ציען

קיין סטענגעס, האָט נישט געדאַרפט גיין זוכן קיין מעלאָדיעס, ער האָט דעם ניגון גלייך געפונען ווייל ער איז געלעגן גרייט אויף דער האַנט ביים אויפמיש פון יעדן ליד. און דעריבער איז ביי אונז מאַנגער געוואָרן איינער פון די סאַמע געזונגענדיקסטע אידישע פּאָעטן אויף די אידישע קאָנצערט־בינעס. עס האָט אַנדערש גאָר נישט געקענט זיין, ווייל מיט מאַנגער׳ס אַ ליד איז מען זיכער אַז מען וועט אויסנעמען סיי ביים אינטעליגענטן צוהערער און סיי ביים פשוט׳ן פאָלקס־מענטש, וואָס איז בדרך כלל ווייט פון פּאָעזיע, ווי הימל פון דער ערד...

און פונקט ווי דער אידישער קאָמפּאָזיטאָר, דער אידישער קאָנצערט־זינגער האָט אין מאַנגער׳ס לידער דערפילט און געפונען אַ קוואַל פון אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג, אַזוי האָט מיט דער צייט אויך דערשפּירט און טועם געווען דעם קוואַל פון טעאַטראַלישע פאַרמעסטונגען אין מאַנגער׳ס פּאָעזיע, באַלאַדן און לידער, דער אידישער רעזשיסאָר. און די „מגילה־לידער״ אויפפירונג איז איינע פון אָט די העל־זעלטענע טעאַטראַלישע פאַרמעסטונגען, וואָס האָט קודם געהאַט איר גרויסן דערפאָלג אין ישראל און איצט אין ניו־יאָרק, אויף בראָדוויי, אין דעם „גאָלדן״ טעאַטער, וועלכער געפינט זיך אין סאַמע האַרץ פון דעם באַרימטן אַמעריקאַנער טעאַטער־גאָרטל.

איך מוז דאָ גלייך זאָגן, אַז אַזאַ רעגנבויגנדיקע האַרמאָניע פון פּאָעטישן־וואָרט, מוזיקאַלישן קלאַנג, רעזשיסאָרן־פּאַרקלער און שוישפּי־לערישן טאַלאַנט, האָב איך ביז איצט, מיט דער אויסנאַם פון אַזעלכע טעאַטער פאַרמעסטונגען אין מאָריס שוואַרצ׳עס אידישן קונסט־טעאַטער ווי „לא תחמוד״, „קידוש השם״, „טביה דער מילכיקער״, „כעלעמער חכמים״ און „איד זיס״, אין אידישן טעאַטער נישט געזען. עס איז אַן אויפפירונג וואָס איז פול מיט שטיפערישקייט, אויף וועלכער עס ליגט אויסגעגאָסן אַ ים מיט אידישן חן און פאַרמאָגט אַ פערלדיקן־הומאָר, וואָס קוועלט אַרויס פון יעדן זאָג און זינג, קער און ווענד, ריר און באַוועג.

ס׳איז ביי מיר קיין ספק נישט, אַז דוב זעלצער, וועלכער האָט געשאַפן די מוזיק צו דער „מגילה־לידער״ אויפפירונג, איז אַ סך מער ווי בלויז אַ טאַלאַנטפולער קאָמפּאָזיטאָר. טאַלאַנטפולע קאָמפּאָזיטאָרן קען מען געפינען לרוב, אָבער קאָמפּאָזיטאָרן וואָס זאָלן דורכאויס פאַרשטיין די טעאַטער־בינע אָדער קאָנצערט־בינע, דעם זינגער, דעם שוישפּילער, דעם רעזשיסאָר, דעם

דראַמאַטורג, דעם ליריציסט, דעם סצענאַר, דעם מאָלער פון די דעקאָראַציעס, דעם בינע־טעכניקער, דעם באַלויכטער; קאָמפּאָזיטאָרן וואָס זאָלן אַבסאָלוט פאַרשטיין וואָס געזאַנג מיינט ווי אַזוי אַ ניגון דאַרף געשריבן ווערן; קאָמפּאָזיטאָרן וואָס זאָלן דורכאויס פילן די וואָרעמקייט, דעם אינסטרומענט איבער אַלע אינסטרומענטן, דעם מענטשלעכן קול — אַזעלכע קאָמפּאָזיטאָרן זיינען נישט קיין סך בנמצא.

זיך צוהערענדיק צום געזאַנג, צו דער אָרקעסטראַציע, צו די איינצלנע און אַלע צוזאַמענדיקע ניואַנסן און קנייטשן פון דער באַגלייטונג צו יעדן ליד, צו די אַריינפּירס, אינטערליודן, מאָדולירונגען, וועלכע וועגן איינס דאָס אַנדערע נישט אַריבער נאָר גיסן זיך אויף אַ וואונדערלעכן אופן צונויף אין אַ קינסטלערישן אחד, פיל איך דאָ ווי צו זאָגן, אַז דאָס איז אַ גאָר הויכע דערגרייכונג. דוב זעלצער פאַרדינט כשר מיין דאַנק און פאַרערונג! און דאָ קום איך צום רעזשיסאָר — שמואל בונים.

וואויל איז צו אים, וואָס אין זיינע גאָלדענע רעזשיסאָרישע־הענט זיינען אַריינגעפאַלן אַזעלכע צוויי טעאַטער־ברילִיאַנטן ווי איציק מאַנגער און דוב זעלצער. גלייכצייטיק דאַרפן זיי זיך פילן גאָר גליקלעך, וואָס דער גורל אויף אויסצואוועבן אָט דעם פיינעם, דין־דינעם, זיידענעם טעאַטער־געוועב, איז אויסגעפאַלן אויף אַ טיף־פילנדיקן און העל־באַנעמענדיקן טעאַטער־רעזשיסאָר, ווי שמואל בונים. ער האָט די פאַרשטעלונג דערהויבן צו אַ הויכן ווענד־פונקט פון רעזשיסאָרן־אויפטו אין דעם אידישן טעאַטער, וואָס וועט נישט בלויז אַריין אין דער אידישער טעאַטער־געשיכטע, נאָר וועט דינען ווי אַ קאָמפּאַס פאַר נייע פאַרמעסטונגען און מאַניפעסטאַציעס — פאַר אַ נייעם געבורט, וואָלט איך געזאָגט, פון דעם אידישן טעאַטער.

דער וואונדער פון דער דאָזיקער פּרעכטיקער פאַרשטעלונג וואַקסט נאָך מער גרעסער אויס, ווען מען זעט אַז נישט מער ווי זעקס אידישע אַקטיאָרן, נישט מער, שפּילן זי אויס אויף אַזאַ איידעלן קינסטלערישן אופן, מיט דינע שטריכן און פיינע ריטמישע באַוועגונגען, טאָן־קאָליר, געצוימטע זשעסטיקולאַציעס, שפּילעוודיקע מאַניערן און איינגעבאָרענעם טאַלאַנט. אַ ברכה אויף יעדן איינציקן פון זיי — און זיי זיינען לויט זייערע כאַראַקטער־אויפטריטן: לויפער, פאַסטריגתא, פאַנפאַסאָ — מייק בורשטיין; אחשורוש, פאַנפאַסאָ — מייק בורשטיין; אחשורוש, מרדכי, שניידער און סתם אַ איד — פסח בורשטיין; ושתי, זרש, פאַסטריגתאָס מאַמע, אַ אידענע — ליליען לוקס;

המן, אַלערליי אידן — זישא גאָלד; אסתר המלכה, אַ מיידעלע, אַ שניידערין — סוזאַן וואָלטערס; לויפער, ויזתא, אַ שניידער־יונג — אַריאל פורמאַן. זעקס אידישע אַקטיאָרן, אָבער — וואָס פאַר אַ פיינער אַנסאַמבל! ווי שיין, ווי קינסטלעריש ס׳איז זייער צוגאַנג! איר פילט עס אין זייער יעדן טריט און טראָט, זאָג און זינג!

דער אינגסטער צווישן אָט די זעקס אידישע שוישפּילער איז מייק בורשטיין, דער זון פון ליליען לוקס און פסח בורשטיין. איז ער איינער פון די גרעסטע געווינסן פאַרן אידישן טעאַטער. ער איז כולו מוזיק, כולו ריטם און כולו שוישפּילער. אַ טאַלאַנט בחסד עליון!

עס דאַרף דאָ אויך געזאָגט ווערן אַ וואָרט פון לויב צו דזשאָן דאַריען פאַר זיין העכסט־שפּילעוודיקע ענגלישע קאָמענטאַרן, און שלמה וויטקינען פאַר זיינע צימצום׳דיקע געלונגענע דעקאָראַציעס.

נישט ווייניק דאַנק פאַרדינען אויך די היגע פּרעזענטירער פון דער „מגילה״ פאָרשטעלונג: צבי קוליץ, סאַלאָמאָן סאַגאַל און עליס פּירס, די פּרוי פון דעם באַרימטן אָפּערע־זינגער, יאַן פּירס. ווי אויך דער גענעראַל־פאַרוואַלטער פון דער קאָמפּאַני לאָורענס ראָטמאַן, און דער אידישער פּרעסע־פאַרטרעטער בען ראָטמאַן, פאָטער און זון, וועמען עס איז געגאַנגען ממש אין לעבן אַריין אַריבערצוברענגען אַהער מאַנגער׳ס „מגילה״ — אַ פאָרשטעלונג מיט וועלכער דער אידישער טעאַטער מעג און דאַרף שטאָלצירן!

„קענעדער אָדלער״, נאָוו. 15, 1965, מאָנטרעאָל

## פעסטיוואַל פון וואָרט און קלאַנג

דער צווייטער אידישער טעאַטער־און מוזיק־פעסטיוואַל אונטערן נאָמען „אַנגעלאָדן מיט אַל דאָס גוטס״, דעם 21־טן אויגוסט, אויפן „מאָל״ פון סענטראַל פּאַרק, אין ניו־יאָרק, האָט סיי מיט זיין פּראָגראַם און סיי מיט דער צאָל מענטשן אַריבערגעשטיגן דעם ערשטן פעסטיוואַל פאַראַיאָרן. דערפאַרונג איז דער בעסטער רבי. די אונטערנעמערס פון דעם פעסטיוואַל, דער אַרבעטער רינג צוזאַמען מיט דער אידישער אַקטיאָרן

יוניאָן, זיינען דאָס מאָל געקומען גוט צוגעגרייט און דעריבער האָט דער הײ־יאָריקער פעסטיוואַל געהאַט אַ שענערן פּנים און דער רעזולטאַט איז געווען: איינע פון די שענסטע פייערלעכע דעמאָנסטראַציעס פאַרן אידישן וואָרט און קלאַנג.

מיר האָבן נישט קיין סך פריידיקע טעג אינעם אידישן לעבן פון אַמעריקע. דאָס אידישע ניו־יאָרק האָט זיך שוין לאַנג געניייטיקט אין אַזאַ סאָרט פעסטיוואַל, וואָס זאָל ווייזן, אַז דאָס אידישע וואָרט און דער אידישער ניגון לעבן נאָך, אַז די אידישע מאַסן זיינען נאָך נישט אין גאַנצן אַטראָפירט געוואָרן, אַז דער פאַרלאַנג צו הערן אַ פיין אידישן וואָרט, אַ האַרציקן אידישן ניגון, אַ וואָרט, וואָס זאָל נישט באַליידיקן, אַ ניגון, וואָס זאָל זיך לייגן מחיה'דיק אויפן אויער, — און דער אַרבעטער רינג צוזאַמען מיט דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן האָבן עס אויף אַ חשיבות'דיקן אופן באַוויזן.

אַוודאי טאָר אַזאַ קולטור־יום־טוב נישט ליגן אויף די פּלייצעס פון איינעם אָדער צוויי מענטשן, ער דאַרף אויסגעפירט ווערן פון אַ גרעסערן קאָמיטעט, פּונקט ווי די פּראָגראַם דאַרף וואַריאירט ווערן פון יאָר צו יאָר, אָבער דערווייל קומט דער קרעדיט דער עיקר צום אַרבעטער רינג ווי דער איניציאַטאָר, און נאָך מער צו זיין קולטור־דירעקטאָר יוסף מלאַטעק, וואָס האָט אַריינגעלייגט אַ סך כּוחות און ענערגיע צו אָרגאַניזירן דעם פעסטיוואַל, צוזאַמען מיטן פּרעזידענט פון דער אידישער אַקטיאָרן־יוניאָן, סימאָר רעכצייט. דער דאָזיקער קולטור־יום־טוב דאַרף נישט בלויז ווערן אַ סימבאָל פונעם אידישן קולטורעלן לעבן אין אַמעריקע, נאָר דאַרף אויך אַרומנעמען אַלע שיכטן פון דער אידישער אַמעריקע. מיר האָט בפירוש אויף אַזאַ אידישן טעאַטער־מוזיק, פאָלקס־מוזיק, דאָס אידישע דיכטער־ליד, אויך אויסגעפעלט דער צווייג פון דער אידישער ליטורגישער נגינה — אַ צווייג אינעם ראַם פון דער אידישער מוזיק, וואָס טאָר נישט פאַרזען ווערן, סיי מחמת זיין ראָלע דאָ אינעם אידישן לעבן און סיי מחמת דעם, וואָס ער איז דער הויפּטקוואַל פון דער גאָרער אידישער נגינה און מוזיק.

זייענדיק אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן, איז מיר וואויל באַקאַנט אי די צוגרייטונג פון דער פּראָגראַם און אי די צאָל מענטשן, וועלכע האָבן זיך געריסן צום „עמוד" אויפצוטרעטן אויפן פעסטיוואַל. סיי פאַרן פּרעזידענט פון דער יוניאָן און נאָך מער פאַרן הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכן פון פּראָגראַם, יוסף מלאַטעק, איז עס ווייט נישט געווען

קיין גרינגער ענין. מען קען נישט און מען טאָר נישט צולאָזן אַלץ און אַלעמען; מען דאַרף זיין שטאַרק איבערקלייבעריש ביי אַזאַ געלעגנהייט און פאַר אַזאַ עולם, ווען מען שיקט אַרויס אויף דער בינע. דער אַקטיאָר, דער זינגער, וואָס טרעט אַרויס, דאַרף טראָגן פונקט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי די, וועלכע שטייען אין דער שפּיץ הן פונעם פעסטיוואַל און הן פון פּראָגראַם. ווען אַ זינגער, למשל, גייט אַרויס זינגען אַ ליד פון אַ אידישן דיכטער, ווי אהרן צייטלין, מיט דער מוזיק פונעם קאָמפּאָזיטאָר שמואל בוגאַטש, טאָר ער זיך בשום אופן נישט דערלויבן, מיר־נישט, דיר־נישט, זיך „צע׳חזנ׳עווען״ מיט „דריידלעך״, וואָס האָבן נישט קיין שייכות נישט צום ליד און נישט צו דער מוזיק. אויף אַן אייגענעם קאָנצערט קען זיך יעדער איינער טאָן וואָס ער וויל, אָבער אויף אַזאַ קולטור־יום־טוב דאַרף מען זיך קאָנטראָלירן און אַרויסווייזן דרך־ארץ פאַר ציבור. דאָס איז געווען אַן אויסנאַמפאַל, פונקט ווי עס איז אויך געווען אַן אויסנאַמפאַל, בעת איינער פון די זינגערס האָט נאָך פאַרן אָנהייבן זינגען געהייסן דעם עולם פּאַטשן „פּאַטשע־פּאַטשע־קיכעלעך״. דיביידע פאַלן זיינען נישט געווען אין גוטן געשמאַק...

בדרך־כלל, איז די פּראָגראַם געווען אַן עכט־אידישלעכע, אַ האַרציקע, פונעם אָנהייב ביזן סוף: פון גאָלדפאַדן, לאַזאַר ווייַנער, שמואל בוגאַטש, וולאַדימיר חפץ, שלום סעקונדאַ, און די מוזיק פון די פאַרשטאָרבענע אידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרן, ווי יוסף רומשינסקי, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי, אַברהם עלשטיין, אאַז״וו.

דער יום־טוב פון דער אידישער קולטור האָט זיך געפילט נישט בלויז אויף דער בינע, נאָר אויך צווישן דעם ריזיקן פיל־טויזנטדיקן אידישן עולם, יונגע, אַלטע, מיטל־יעריקע און אַפילו קליינע קינדער. יעדער מאָל ווען די אָנפירערס פונעם פּראָגראַם, מרים קרעסין און סימאָר רעכצייט, האָבן דערמאָנט אַ נאָמען פון דעם אָדער אַ צווייטן אידישן אַקטיאָר, צי אַ זינגער, וועלכער האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן, האָט דער גרויסער עולם עס אויפגענומען מיט וואַרעמקייט און יראת־הכבוד.

זאָל אָט דער יערלעכער אידישער פעסטיוואַל פון וואָרט און קלאַנג, פון ליד און ניגון, ווערן אַ ליכט אויף צו באַלויכטן אונזער אידיש לעבן דאָ, און דער עיקר: צו ווייזן, אַז אידישע קולטור, אידיש ליד, אידישער ניגון, באַשטייען נישט פון קיין פאָלאָווע, פון קאַלאַטוכע, נאָר פון דורות׳דיקע

ווערטן, מיט וועלכע מיר דאַרפן זיך נישט שעמען אַרויסצוקומען נישט בלויז פאַרן אידישן עולם, נאָר אויך נישט פאַרן נישט־אידישן עולם אין אַמעריקע. הפקר׳דיק באַנוצט מען זיך מיטן אידישן וואָרט אויף אַ ביליקן אופן און מען פאַרשעמט אונז בפני כל עם ועדה. אַ יערלעכער אידישער פעסטיוואַל פון דעם מין, ווי אין סענטראַל־פּאַרק, איז אַ פיינע דעמאָנסטראַציע און איז אַ דערהויבונג פאַרן אידישן גייסט. עס איז אַ דערפרישונג און אַ יום־טוב.

„פרייע אַרבעטער שטימע״, אָקט. 31, 1969, נ. י.

# ראובן אַייזלאַנד

ראובן אייזלאַנד האָט זיך גערעכנט צווישן די שטילסטע מיטאַרבעטער פון „טאָג״. ער האָט געטאָן זיין שרייבערישע אַרבעט אויף אַ שטילן אופן און האָט זיך מיט קיינעם נישט געמישט. איבערהויפּט נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט די האַרץ־אַטאַקע, האָט ער זיך, ווי ווייט מעגלעך, געהיט פון אויפרעגונג. צו אייזלאַנד׳ן האָט מען אויך געקענט צורעכענען די שטילע מיטאַרבעטער, אַלעקסאַנדער זעלדין, ל. באַראַדולין, אַלטער עפּשטיין, מנשה אונגער, עוזיאל פליישמאַן, זיי האָבן נישט געטומלט. די טומלערס, אָדער די „פייער־לעשער״ ווי מ׳האָט זיי גערופן, פון „טאָג״־רעדאַקציע זיינען געווען א. גלאַנץ־לעיעלעס, מרדכי דאַנציס, יואל סלאָנים, וועלכע האָבן שטענדיק געזשומעט און געקאָכט זיך...

ראובן אייזלאַנד איז געווען אַ נייעס־שרייבער, אָבער ער האָט אויך געשריבן איין אַרטיקל אַ וואָך, אויף אַ טעמע וואָס ער אַליין האָט אויסגעקליבן. פון די מיטאַרבעטער וואָס האָבן געגראָבן און זיינען צום שטאַרקסטן אייפערזיכטיק געווען אויף אייזלאַנד׳ן, איז געווען משה שטאַרקמאַן.

אַלץ הייסט גראָבן און זיין אייפערזיכטיק! שטעלט אייך פאָר, ווען וויליאַם עדלין איז געשטאָרבן, האָט עס מיך שטאַרק אַנגערירט. איך האָב געוויינט פון גאַנצן האַרצן: ער איז געווען אויסערגעוויינלעך גוט צו מיר סיי ווי אַ רעדאַקטאָר און סיי ווי אַ מענטש. פּלוצלונג גיט שטאַרקמאַן צו מיר אַ זאָג: „ווייזט נישט אַזויפיל, ירדני, איך באַשטעל ביי אייך אַ „מלא״ אויף

נאָך צוויי קאַנדידאַטן— ב. צ. גאָלדבערג און ראובן אייזלאַנד. איך בין געוואָרן אַ פּאַרציטערטער: „שעמט זיך אין אייער ווייטן האַלז אַריין; דאָס פּאַסט פאַר אַ מאַרק־אידענע נישט פאַר קיין שרייבער!", האָב איך מיט פאַרדראָס געענטפערט אים. „שאַ, וואָס האָב איך דען געזאָגט ? איך וועל נאָך זיי נישט ווייִנען, ווי איר".

ראובן אייזלאַנד איז געווען אַ פּאָעט — און אַ גוטער פּאָעט. ער איז אַוודאי נישט געווען קיין מאַני לייב, אָדער ה. לייוויק, אָבער אַ פּאָעט. ער האָט געהאַט זיינע פאַרדינסטן, איבערהויפּט ווי אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער גרופּע „יונגע", וואָס האָט געשאַפן געשיכטע אין דער אַמעריקאַנער אידישער ליטעראַטור. ער האָט געשפּילט דאָרט אַן אָנגעזעענע ראָלע, געזאָגט דעות, אָנגעוויזן וואָס יאָ און וואָס נישט, געלערנט פּשט, געקנעלט מיט די קאָלעגן דעם ריכטיקן מיין פון פּאָעזיע — און מ'האָט זיך צו זיין מיינונג צוגעהערט. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ מבין פון פּאָעזיע, מחמת ער האָט געקענט גוט די העברעאישע פּאָעזיע, די פּוילישע און אויך די דייטשע. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ „טעאָרעטיקער".

קיין גרויסער אויפטוער אין דער פּאָעזיע איז אייזלאַנד נישט געווען, אָבער ער האָט איבערגעלאָזט אי אייניקע גוטע קורצע לידער, לענגערע פּאָעמעס, באַלאַדן, און אויך אַ בוך וועגן דעם „בראשית" פון די „יונגע", וועגן זייערע פאַרמעסטונגען און דערגרייכונגען. אין דעם דאָזיקן בוך „פרילינג", זיינען אויך פאַראַן אייניקע ביאָגראַפישע קאַפּיטלען סיי פון זיין אייגענעם לעבן, און איבערהויפּט וועגן דעם לעבן, כ'וואָלט געדאַרפט זאָגן שטורמישן לעבן, און מהות פון דער טאַלאַנטירטער פּאָעטעסע, אַנאַ־מאַרגאָלין.

אַנאַ מאַרגאָלינ'ס לעבן ציט זיך איבער פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן. זי איז געווען אַ באַגאַבטע פּאָעטעסע און צווישן אירע הייסע חסידים און אפשר מער ווי סתם „חסידים", זיינען געווען דר. חיים זשיטלאָווסקי און שפּעטער איציק מאַנגער. אינעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן קאַפּיטל ווערט אויך דערציילט, ווי אַזוי זי האָט זיך שפּעטער אינגאַנצן אָפּגעשלאָגן פון דער גאַס, פון קאָלעגן־שרייבער, און פון מענטשן בכלל. אייזלאַנד גיט אָן די סיבה וואָס זי איז געוואָרן שווער־לייביג, גאַנץ פּשוט, שטאַרק צעגאָסן און פעט, אָבער איך גלויב נישט אַז דאָס איז געווען די איינציקע סיבה. מסתמא זיינען געווען נאָך אַנדערע סיבות — טיפערע און

נשמה׳דיקע. ער דערמאָנט אָבער אַ סך פון אירע „ליבעס״, רעדט וועגן איר פאַרשייטקייט און צעבאַלעווטקייט, אָבער אַז זי איז געווען אַ טאַלאַנטירטע דיכטערן, וועגן דעם איז קיין שום ספק נישט.

אייזלאַנד איז נישט געשטאָרבן מיט אַמאָל, נאָר ביסלעכווייז. זיין האַרץ קראַנקהייט איז וואָס אַמאָל געוואָרן ערגער. פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרן שוואַכער און שוואַכער, ביז ער האָט שוין נישט געקענט אַריינקומען אין רעדאַקציע. זיין אַרטיקל פלעגט ער צושיקן מיט דער פּאָסט, וועגן קומען שרייבן נייעס האָט מער קיין רייד נישט געקענט זיין.

צווישן די מיטאַרבעטער פון „טאָג״ האָבן זיך געפונען איניקע, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז ער איבערטרייבט אַ סך מיט זיין קראַנקהייט. אָבער דאָס איז געווען סתם גערעדט, פּשוט׳ע רשעות אויב איר ווילט, וואָרום עס האָט נישט גענומען לאַנג און דער דאָקטאָר האָט פאַראָרדנט אים, אַז ער זאָל אַוועקפאָרן פון ניו יאָרק אין אַן אָרט וואו ס׳איז אַ וואַרעמער קלימאַט. און אַט אַזוי איז אייזלאַנד מגולגל געוואָרן קיין מיאַמי ביטש, וואו דער שרייבער א. תלוש, אַליין אַ האַרץ־קראַנקער, האָט אים געהאָלפן איינאָרדנען זיך.

די ערשטע פּאָר חדשים האָט זיך אייזלאַנד געפילט אין מיאַמי ביטש, ווי אויף אַ „פאַרשיקונג״. ס׳איז נישט געווען זיין סביבה, זיין עולם, זיין איסט בראָדוועי, זיין סעקאָנד עוועניו, זיין קאַפע „ראָיאַל״, זיין בידערמאַנ׳ס בוך־געשעפט. דערצו אַליין, אָן אַ ווייב, אָן קינדער, עלנט ווי אַ שטיין. וויפל מאָל קאָן מען שפּאַצירן הין און צוריק צום ים? און וואָס איז דאָס פּאָר אַ שפּאַצירן אַליין? און קיין סך גיין אויף די פיס קאָן מען אויך נישט, האָט דאָס לעבן אייזלאַנד׳ס געהאַט אַ טעם פון „חלשות״, ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט.

נו, האָט אים געטראָפן אַ גליק! ער האָט זיך באַגעגנט מיט אַן אלמנה, אַ גוטע נשמה, און זיי האָבן חתונה געהאַט. איז דאָס פאַר אים געווען אַ גרויסע ישועה, וואָרום די פרוי, אַ פּשוט׳ע, האָט אויף אים אַכטונג געגעבן, ווי אַ געטרייע מאַמע. זי האָט אים איינפאַך פאַרלענגערט דאָס לעבן, און ער איז איר געווען שטאַרק דאַנקבאַר דערפאַר. איידע איז ביי אים געוואָרן דאָס אויג פון קאָפּ. „אַי, ירדני, דאָס איז דאָך אַ שטילע טויב, אַן אבן־טוב!״. זי, איידע, האָט אים אָפּגעהיט ווי דעם קיסר, וואָרום זי איז שטאָלץ געווען מיט זיין נאָמען. מיסעס אייזלאַנד איז ביי איר געווען דער גרעסטער כבוד! זי האָט געוואוסט ווי אַזוי אָפּצושאַצן אַ שאַפערישן מענטש.

„אַי, ירדני, וואו נעמט מען יענע כוחות, ווען מיר, מאַני לייב, זישע לאַנדוי, דוד איגנאַטאָוו, און איך, האָבן געמיינט אַז מיר וועלן מיט אונזער געשריבענעם וואָרט איבערקערן די וועלט! מ׳האָט זיך אַרומגעקריגט: דוד איגנאַטאָוו מיט זישע לאַנדוי׳ן; איך מיט מאַני לייב׳ן; משה נאַדיר מיט אָפּאַטאָשו׳ן, אָבער ס׳איז געווען לעבעדיק! וואו איז דאָס אַלץ אַהינ־געקומען? פאַרשוואונדן, אַוועק מיטן ווינט!״.

„אָט דאָס איז עס, קאָלעגע אייזלאַנד, נישטאָ קיין אייביקייטן!״.

„מיר האָבן דאָך געמיינט, ירדני, אַז מיר וועלן קיינמאָל נישט שטאַרבן, ווי קומען מיר צום טויט?״

שטאַרבן מוז מען — און אייזלאַנד האָט געציטערט פאַרן טויט, ווי אַ יונג צווייגעלע פאַרן ווינט. ביי יעדער באַגעגעניש האָט ער נאָר גערעדט פונעם טויט. איינמאָל האָט ער פון דר. מוקדוני׳ן אין שטוב ביי אַ גלעזל טיי, אַריינגעכאַפּט אַ פּאַרציע דערפאַר, „געגוג אייזלאַנד צו ריידן פונעם טויט, רעדט בעסער פונעם לעבן!״.

„גיי, רעד נישט פונעם טויט, אַז עס רעדט זיך!״ האָט ער מוקדוני׳ן געענטפערט.

אַוודאי האָט דער וואַרעמער קלימאַט אין מיאַמי ביטש, דער אייביקער פרילינג, דער לויטערער הימל, דער שטענדיק בלויער ים, פאַרלענגערט דאָס לעבן אייזלאַנד׳ן. ער וואָלט אין ניו יאָרק שוין לאַנג אויף דער וועלט נישט געווען. אָבער אַז עס קומט די צייט פון שטאַרבן, קען אפילו מיאַמי ביטש נישט העלפן. אין מיאַמי ביטש איז טאַקע דאָס לעבן אַ סך גרינגער פון ווייטאָקן און אַנדערע צרות, אָבער קיין גאַראַנטיע אויפן לעבן איז מיאַמי ביטש נישט. אַז מ׳דאַרף גיין — גייט מען. דער מלאך־המוות, קיין מענטש זאָל פון אים נישט וויסן — ווייס נישט קיין חכמות, ער געפינט אויס יעדן איינעמס אַדרעס — און ער האָט אויך אויסגעפונען ראובן אייזלאַנד׳ס אַדרעס. ער האָט אים געפּאַקט אין אַ מיטן העלן טאָג — און אייזלאַנד איז איינס און צוויי געגאַנגען אַ גאַנג. וואָס האָט די גוטע איידע זיינע געקענט טאָן? גאָרנישט. זי האָט אים אָפּגעהיט ווי דאָס אויג, אָבער פונעם טויט האָט זי אים נישט געקענט אויסבאַהאַלטן. ניין...

ראובן אייזלאַנד, איינער פון דער דינאַסטיע „יונגע״, וועלכע האָבן פאַר דער אידישער פּאָעזיע אַזוי פיל אויפגעטאָן, האָט זיך געמוזט שיידן מיט דער וועלט, מיטן לעבן, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט...

אַך, ווי האַרציק ער האָט באַוויינט אינעם בוך „פון אונזער פרילינג״ זיין חבר און קאָלעגע מאַני לייב׳ן, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר דער „קרוין״ פון די „יונגע״! מאַני לייב׳ס טויט האָט שטאַרק געווירקט אויף אים — דאָס האָט אפשר געפירט צו אַ דערנענטערונג פון זיין אייגענעם טויט...

„מאָרגן פרייהייט״, יאַנ. 25, 1977, נ. י.

# מאַשאַ פייגעס

איך נעם אַרויס פון די שופלאָדן פון מיין זכרון דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד, מיט אַ פריילעכן סוף.

אַ סך פּאַסירונגען, בילדער, סעקרעטן, מאָמענטן, סצענעס, באַגעגענישן, ליגן באַהאַלטן אין די שופלאָדן פון מיין זכרון, וואָס בעטן זיך ביי מיר אַז איך זאָל זיי באַשרייבן, דערציילן. אָבער נישט וועגן אַלץ קאָן מען שרייבן און דערציילן, עס איז נאָך נישט געקומען די צייט, מ׳דאַרף אָפּקלייבן, און די אַנדערע באַהאַלטן אויף שפּעטער.

אָט נעם איך דעם עפּיזאָד מאַשאַ, וואָס האָט געטראָפן מיט לאַנגע־לאַנגע יאָרן צוריק, ווען איך בין געווען אַ אינגל פון אַ יאָר עלף אָדער צוועלף, אָבער אויסגעזען האָב איך ווי אַ בחור׳ל פון אַ יאָר פופצן — און דאָס האָט מיך שיער נישט געקאָסט מיין לעבן...

דערמאָנט האָב איך זיך אינעם דאָזיקן עפּיזאָד, מיט אַ יאָר צוריק, טאַקע זייענדיק אין מיאַמי ביטש, פון אַ באַגעגעניש פּנים־אל־פּנים מיט מאַשאַ׳ן.

ווער איז מאַשאַ? פון וואַנען קומט זי? וואָס האָט זי געטאָן? און וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך געהאַט מיט איר?

מאַשאַ איז געווען אַ סלאָוועשנער מיידל, פונעם זעלביקן שטעטל, וואו איך בין געבוירן געוואָרן. זי איז געווען אַ שיינע, מ׳קען זאָגן אפילו אַ קראַסאַוויצע. נאָך איצט, שוין אַ פרוי אין די אַכציקער, איז זי נאָך אַלץ אַ שיינע — נישט ווי זי איז געווען, אָבער אַ שיינע. זי האָט גאָרנישט פאַרלאָרן פון איר אַמאָליקן חן, מ׳קען נאָך איצט זען, אַז זי איז געווען אַ שיינע!

דריי חבר׳טעס זיינען זיי געווען: מאַשאַ פייגע׳ס, כייטשיק ברוך־אייזיק דעם שוחט׳ס, און בוזי כייטשיק׳ס — אָט די זעלביקע בוזי, וואָס דער נישט־

לאַנג פאַרשטאָרבענער אידישער שרייבער איציק קיפּניס, האָט זי באַמאָלן אין זיין בוך: „חדשים און טעג". פון די דאָזיקע דריי חבר'טעס איז מאַשאַ געווען אי די שענסטע אי די אינטעליגענטסטע. זי האָט גערעדט אַ פּליסיקן רוסיש און אַ פּליסיקן העברעאיש — און פון אידיש איז דאָך אָפּגערעדט. זי האָט אַ סך געלייענט און האָט געגעבן מיידלעך „אוראָקן" אין העברעאיש און רוסיש — דער עיקר אין רוסיש; העברעאישע לערער זיינען אין סלאַוועשנע געווען מער ווי רוסישע.

פון וואַנען מאַשאַ האָט געקענט גוט רוסיש, ווייס איך נישט. אָבער אַז זי האָט רוסיש נישט געשעפּט פון אַרבל, דאָס איז געווען קלאָר. זי האָט זיך געטראָגן ווי אַ „קורסיסטקע", אויב איר ווייסט וואָס דאָס האָט געמיינט אין צאַרישן רוסלאַנד, אָבער זי האָט פון זיך נישט געבלאָזן, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די מייסטע „קורסיסטקעס", וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען מיט פּאַריסענע נעזער און געדרייט זיך אויפן קאָרעק... מאַשאַ האָט זיך געהאַלטן פּשוט, ווי עס פּאַסט פּאַר פייגע וועלוול'ס אַ טאָכטער, צוגעלאָזן און אַנגענעם.

די בחורים, די אַזוי־גערופענע קאַוואַליערן, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום אָט די דריי דערמאָנטע מיידלעך זיינען געווען: מאָטל פּערלס, טאַקע מיינער אַן אייגענער שוועסטער־קינד; איציק קיפּניס, און לייבל ברוך אייזיק דעם שוחט'ס, וואָס האָט געקענט שפּילן פידל און פאַריכטן זייגערלעך. שבת בייטאָג, נאָכ'ן טשאָלנט, האָט מען זיי אַלע געקענט זען שפּאַצירן אין די „ליפּקעס" און הערן זינגען פאַרשידענע לידער. אויף די הויכע ליפּאָווע־ביימער האָבן אַרומגעטאַנצט אי פייגעלעך אי וועווריקעס. די פייגעלעך האָבן פריילעך געמאַכט דעם שפּאַציר־וועג, וואָס האָט געפירט צו די דערפער טכאָרין און בעהון. דעם דאָזיקן שפּאַציר־וועג מיט די הויכע ליפּאָווע ביימער, אַ מין אַלייע, האָט געפּלאַנצט דער אַלטער פּריץ, ווערנער, וואָס צו אים האָט געהערט האַלב סלאַוועשנע און אויך אייניקע דערפער. אין די שבתים האָבן די „ליפּקעס" געהערט צו די אידן, אין די זונטיקס — צו די קריסטן.

עס איז געווען אַן אידיליע, אָבער די דאָזיקע אידיליע האָט אָנגעהאַלטן ביז עס האָט אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אין סלאַוועשנע — טאַקע וואָס די היימישע פּויערים, אָט די מיט וועלכע מ'האָט צוזאַמען יאָרן־לאַנג געלעבט בשלום, האָבן אין אַ שיינער לבנה־נאַכט, אין מיטן פון חודש תמוז,

פאַרקאָכט ! מער ווי הונדערט אידן, מענער און פרויען, אַלטע, יונגע, האָבן באַצאָלט, אַן אַ פאַרוואָס און אַן אַ פאַרוועו, מיט זייערע לעבנס. ס׳איז געווען טראַגיש, קיינער האָט זיך די פּאָגראָמשטשיקעס נישט אַנטקעגנגעשטעלט; בלויז איינער, אלתר דער רימאַר, אָבער וועגן אים וועל איך דערציילן באַזונדער. פאַרוואָס באַזונדער ? ווייל ער איז געווען אַ יחיד־במינו אין סלאָוועשנע. אויף אַזאַ אידן, האָט מען געדאַרפט מאַכן אַ ברכה — נישט צוליב זיין געלערנטקייט אָדער פרומקייט, חלילה, נאָר צוליב זיין גבורה און אומדערשראָקנקייט, ער האָט נישט געוואוסט וואָס איז אַזוינס פּחדנות...

דער געבוי פון סלאָוועשנע איז געווען אַ העכסט מאָדנער: אויף איין און דער זעלביקער גאָס זיינען פון איין זייט געשטאַנען אידישע הייזער און אויף דער צווייטער זייט — קריסטלעכע הייזער; אַזוי ווי מען וואָלט זיך צונויפגערעדט. גאָר באַזונדער האָט זיך עס שטאַרק אָנגעזען אויף די צוויי גאַסן: דער אַנטאָנאָוויטשער און דער ליסטווענער, די צוויי לענגסטע גאַסן, נישט רעכנדיק דעם שליאַך. און טאַקע אויף דער ליסטווענער גאָס האָט געוואוינט מאַשאַ פייגעס, און אויך אויף דער זעלביקער גאָס אַרויף־צו־צו דער שיניצע, האָט געוואוינט דער פריער דערמאָנטער איציק נחום דער האַרבאַרס, אָדער איציק ליבקעס, — איציק קיפּניס. אויף דער ליסטווענער גאָס איז אויך געשטאַנען נישט ווייט פון נחום דעם האַרבאַר׳ס שטוב, די רויטע באַלניצע, און אַנטקעגן דער באַלניצע, דער גרויער וואָלאָסט, און אין טיל — די גרויע שקאָלע, מיטן גרינעם בלעכענעם דאַך.

איצט, אַז איר ווייסט שוין וואו מאַשאַ פייגע׳ס האָט געוואוינט, וועל איך אייך, אין קורצן, דערציילן, וועגן מיין אייגענער שייכות מיט איר. קודם זיינען מיר געווען שטיקלעך אייגענע, מחותנים: איר מומע עטל האָט חתונה געהאַט פאַר מיין פעטער הערשל, מיין מאַמעס ברודער. אויך האָט מיין עלטערע שוועסטער, חנה, גענומען „אוראָקן" ביי מאַשאַ׳ן — וועלכע ? רוסיש אָדער העברעאיש ? געדיינק איך נישט. דאָס איז צווייטנס. דריטנס, האָב איך סתם ליב געהאַט צו קוקן אויף מאַשאַ׳ן, טאַקע דערפאַר ווייל זי איז געווען אַ שיינע — און אָט די טבע צו קוקן אויף שיינע פרויען האָב איך אַלעמאָל געהאַט און האָב עס ביזן היינטיקן טאָג. איך האָב ליב שיינע פנים׳ער, שיינע געשטאַלטן — בפרט אינטערעסאַנטע פנים׳ער; עס קען אויך זיין שיינע מענער. מאַשאַ׳ס פנים האָט פאַרמאָגט אַ סך חן און האָט פאַרמאָגט אַ סך מאַגנעטיזם. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. עס האָט פּאַסירט, אַז איך

בין אין אַ שיינעם טאָג געקומען צופאָרן קיין אָוורוטש, וואָס איז געלעגן אַ צוואַנציק, אָדער פינף־און־צוואַנציק, ווערסט פון סלאָוועשנע. אָוורוטש איז געווען אונזער אויעזדנע שטאָט, און קעגן סלאָוועשנע האָט זי אויסגעזען ווי אַן עלעפאַנט קעגן אַ שעפעלע... געפאָרן בין איך, אייגנטלעך, קיין קאָראָסטין, צו מיין באָבע, מיין טאַטנ׳ס מאַמע, אָבער איך האָב זיך אָפּגעשטעלט איבערצונעכטיקן אין אָוורוטש.

די צייט איז געווען אַן איינשטעלערישע, מאַכטן האָבן זיך געביטן ווי מ׳בייט העמדער — איינע אַרויס און די צווייטע אַריין. עס איז געווען „פריילעך”, פרעגט נישט קיין פראַגעס. צו די פאַרשידענע מיליטערישע־מאַכטן האָבן אויך געבושעוועט פאַרשיידענע מערדערישע באַנדעס, וועלכע האָבן געלויערט אויף אידן פון אַלע זייטן. עס זיינען געפאַלן אידישע קעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס, אַלטע, יונגע, מענער, פרויען, בחורים, מיידלעך, און אויך קליינע קינדער. עס האָט געברענט אַ פייער: סטרוקאָווצעס, פּאָקאָליאָווצעס, בולאַכאָווצעס, זיינען געווען די וואַנגאַרד־ניקעס, די פאָראויסלויפער אין קאַמף מיט דער יונגער באָלשעוויסטישער מאַכט מצד די פּאָליאַקן — ערשט־קלאַסיקע רוצחים, וועלכע האָבן גע־מאָרדעט אידן, געשענדעט אידישע פרויען און מיידלעך, גערויבט און געפּלינדערט. די סטרוקאָווצעס האָט מען גערופן אויפן נאָמען פון זייער גענעראַל סטרוקאָוו. די פּאָקאָליאָווצעס אויפן נאָמען פונעם גרויסן דאָרף, וואָס איז געלעגן צווישן סלאָוועשנע און אָוורוטש — פּאָקאָליאָוו. און די בולאַכאָווצעס אויפן נאָמען פון זייער גענעראַל — בולאַק בולאַכאָוויטש.

אַז איך בין געקומען קיין אָוורוטש נישט אין דער ריכטיקער צייט, דאָס האָב איך אויסגעפונען, ווען איך האָב זיך געלייגט שלאָפן און אין מיטן דער נאַכט האָט פּלוצלונג, גאַנץ אומדערוואַרט, אויסגעבראָכן אַ מורא׳דיקע שיסעריי. און אַזוי ווי דאָס הויז וואו איך האָב גענעכטיקט איז געווען נישט ווייט פונעם וואָקזאַל, איז פרעגט שוין נישט וואָס פאַר אַ „חתונה” עס האָט זיך אָפּגעשפּילט! ווער די קעגנשטעלנדיקע אַרמיי איז געווען האָט מען געוואוסט, — דער באָלשעוויסטישער גאַרניזאָן, וואָס האָט געהיט אָוורוטש, אָבער ווער די אָנפאַלער זיינען געווען, דאָס האָט מען ערשט אויסגעפונען אינדערפרי ווען ס׳איז געוואָרן ליכטיק.

יאָ, גענעכטיקט האָב איך ביי מאַשאַ׳ס מאַמע, ביי פייגען וועלוול׳ס, וועלכע האָט שוין דעמאָלט געוואוינט אין אָוורוטש, — טאָקע צוליב מאַשאַ׳ן,

וועלכע איז געווען אַ גאַנצע „שישקע״: זי האָט געדינט אין „רעווקאָם״ (רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט). זי האָט געטראָגן אַ שיינעם מונדיר, וואָס האָט איר זייער געפּאַסט, מיט אַ קליינעם רעוואָלווער ביי דער זייט. באַלד ווי די שיסעריי האָט אויסגעבראָכן זיינען אַלע אין שטוב געווען אויף די פּיס, ווי סאָלדאַטן. די שיסערייען האָבן פאַרטויבט די גאַסן; עס האָבן זיך געהערט געשרייען, ליאַרמערייען, באַפעלן — היימישע און פרעמדע. דער אָנפירער פון דעם באָלשעוויסטישן גאַרניזאָן, איז געווען דער קאָמיסאַר דובראַווין, אַ געניטער פאַרטיידיקער, דאָס האָב איך געהערט פון מאַשאַ׳ן, וועלכע האָט דעם מונדיר אירן מיטן רעוואָלווער אין דער פינצטער שטיל ערגעץ פאַרוקט אין אַ לאָך, וואָס האָט געדינט פאַר אַ באַהעלטעניש. ענדלעך איז שטיל געוואָרן. ווער־ווען עס האָט באַזיגט, האָט מען נישט געוואוסט. אָבער וואָס טוט אַ נאַרישער אינגל ? אַט וועט איר הערן...

נישט טראַכטנדיק קיין סך, האָב איך אָן קיינעמס וויסן אין שטוב, זיך אַרויסגעכאַפּט אויף דער גאַס. דאָס אַלץ וואָס איך האָב באַדאַרפט: אַזוי שנעל ווי איך בין געווען פון יענער זייט טיר, האָט מיר גלייך אָפּגעשטעלט אַ רויטער אַרמייער מיט אַ ביקס: „אַ טי כטאָ ?״ ווער ביסטו? איך האָב פון שרעק געגומען פּלאָנטערן מיטן צונג. „קום מיט מיר !״ האָט ער מיר געגעבן אַ באַפעל. אַז איך בין אַריינגעקומען אַהין וואו ער האָט מיך אַריינגעפירט און איך האָב דערזען די „קאָמפּאַני״, איז מיר שטאַרק פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַחוץ פשוט׳ע מענטשן, פויערים, מענער און פרויען, עלטערע און מיטל־יאָריקע, האָב איך געזען עטלעכע פאַרשוינען, וואָס מ׳האָט נישט געדאַרפט זיין קיין גרויסער חכם צו דערקענען, אַז זיי זיינען געפאַנגענע בולאַכאָוועצעס, וואָס איך האָב אַזוי גוט געקענט נאָך פון עטלעכע אָנפאַלן זייערע אויף סלאָוועשנע ! אַריינגעפירט, צוגעמאַכט די טיר, ס׳איז געווען אַ גרויסע שטוב, און שוין...

איך דאַרף אייך נישט דערציילן, אַז ס׳איז דעמאָלט געווען אַ צייט ווען מ׳האָט זיך נישט צופיל צערעמאָניעט, די „משפטים״ זיינען געגאַנגען ווי פון זיך אַליין. באַלד איז געקומען אַן אויספרעגער, וואָס פון זיינע רייד האָב איך פאַרשטאַנען אַז מען פאַרדעכטיקט מיך אין זיין אַ יונגער „ראַזוועדטשיקל״, אַן אויסשפּירער. סיי די באָלשעוויקעס און סיי די אַנדערע מאַכטן, האָבן זיך באַנוצט מיט יונגע אינגלעך, אָדער מיידלעך אַלס אויסשפּירערס. אַיי, איך

האָב גע׳טענה׳ט צום אויספרעגער: „ווי קום איך צו די בולאַכאָווצעס ? איך בין דאָך אַ איד !״ רעד צום דאַשעק, און שוין...

נאָכדעם ווי דער אויספרעגער איז אַוועק, בין איך, גלייך ווי עמיצער וואָלט מיך געשטופּט, צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן פענצטער, וואָס איז אַרויס צו דער גאַס און האָב צו מיין איבעראַשונג דערזען אַ סלאָוועשנער אינגל, עלינקען נאָטע׳ס, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ „פּריוט״. איך האָב גענומען קלאַפּן אין די טאַפּליעס און שרייען צו אים: ,זאָג מאַשאַ׳ן, מאַשאַ׳ן׳, ער האָט מיך אַ ווילע אָנגעקוקט און אַ פּנים אַז ער האָט מיך פאַרשטאַנען, ווייל ער איז גיך אַוועקגעלאָפן. אין אַ שעה אַרום האָב איך דערזען אַריינקומען מאַשאַ׳ן מיט אַן אָפּיצער: „דאָס איז ער !״ האָט זי מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף מיר. און אַזוי בין איך געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט, וועגן דעם איז גאָר קיין פראַגע נישט...

אין דרויסן האָט מיך אי דער אָפּיצער אי מאַשאַ שטאַרק אויסגערעדט, אַז אַ צווייטן מאָל זאָל איך באַלד נאָך אַ שיסעריי נישט אַרויסלויפן אין דרויסן. איך האָב מיט פאַרטרערטע אויגן און אַן איבערגעשראָקענער ווי אַ גאַנז, געשאָקלט מיטן קאָפּ. „האָסט פאַרשטאַנען, מאָטעלע, וואָס דער אָפּיצער האָט דיר געזאָגט ?״ „אַוודאי האָב איך פאַרשטאַנען !״ איך האָב דערנאָך נישט געקענט שלאָפן עטלעכע נעכט; אָנשטאָט צו פאָרן קיין קאָראָסטין צו דער באָבע׳ן, בין איך צוריקגעפאָרן אַהיים קיין סלאָוועשנע צו דער מאַמען...

„מאָרגן פרייהייט״, דעצ. 8, 1977, נ. י.

# בנימין פישביין

צווישן דער צאָל אידישע אַרטיסטן און זינגערס מכל־המינים, וואָס זיינען במשך פון לאַנגע יאָרן אויפגעטראָטן אויפן אידישן ראַדיאָ אין אַמעריקע, מיט פאַרשידענע פּראָגראַמען, פאַרנעמט דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער אידישער שוישפּילער־קאָמיקער בנימין פישביין אַן אָנגעזעענעם אָרט.

אין לויף פון גוטע פינף און צוואַנציק יאָר איז בנימין פישביין וואָך־איין, וואָך־אויס אויפגעטראָטן אויף דער „פּאָרוועטס״ ראַדיאָ־פּראָגראַם — איינע

פון די עלטסטע און פּראָמינענטסטע אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען אין אַמעריקע.

בנימין פישביין ווי אַ שוישפּילער האָט נישט „איינגענומען" קיין וועלטן, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע „ראָזשינקע", וואָס האָט דורכאויס געהאַט אַן אייגענעם טעם. ער איז אויך נישט געווען קיין העלדישער מאַנספּאַרשוין, אָבער אָט דאָס „פּיגורקעלע" האָט באַזעסן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אימפּאָנירט. זיין קעלכעלע ווידער, האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם „טענדעלע", וואָס האָט געהאַט אַ געוויסן חן, פון אַ קאָמישן „שניט", האָט אַרויסגערופן אַ האַרציקן געלעכטער.

מיט אָט די דריי איינגעבאָרענע „אַטריבוטן" פלעגט בנימין פישביין שטאַרק אויסנעמען סיי ביי זיינע ראַדיאָ־צוהערערס און נאָך מער ביי זיינע קאָנצערט־באַזוכערס. ער איז אפשר נישט געווען קיין צו גרויסער „מקפּיד", קיין צו פיל איבערקלייבער אין הלכות „מאַטעריאַל": ער האָט אַלע מאָל געזוכט דאָס לייכטע וואָרט, דעם דורכשניטלעכן הומאָר, דעם גרינגן וויץ — אַלץ מיט דער כוונה אויף אויסצונעמען ביים עולם. דאָך פלעגט ער אויסגעצייכנט פאַרלייענען שלום עליכמ'ס „פּערל־גרויפּן".

ער איז אויך געווען געראָטן אין זיין קליין ראָל'כעלע דאָס „שמש'ל", אין דעם באַקאַנטן פילם דער „ווילנער באַלעבעסל", מיט משה אוישער'ן אין דער הויפּטראָלע. ער האָט די ראָלע דורכגעפירט אויף אַ גאָר חנ'עוודיקן אופן, וואָס האָט אים געוואונען אָנערקענונג. ער איז אין דער דאָזיקער קליינער ראָלע געווען קאָמיש און דער עולם האָט פון אים הנאה געהאַט. פּונקט אַזוי האָט ער אויך באַוויזן זיך אַרויסצוהייבן אין זיין קליינער ראָלע אין דעם פילם „יאַנקל דער שמיד" — מיטן זעלביקן משה אוישער אין דער שפּיץ־ראָלע.

וואָלט דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע געווען געלעגן אין מער קולטורעלע הענט, וואָלט מען פון אַזאַ שוישפּילער ווי בנימין פישביין מיט זיינע איינגעבאָרענע „אַטריבוטן" מיט דער הילף פון אַ טעאַטער־שול און אַ טאַלאַנטירטן רעזשיסאָר, געקענט אויסקנעטן אַ געראָטענעם אידישן אַקטיאָר.

ער איז געווען פון דעם מין שוישפּילערס, וואָס ווערן אין דער טעאַטער־וועלט באַצייכנט מיטן נאָמען „טיפּ" — איינער, וואָס קען זיך אויסצייכענען בלויז אין געוויסע ראָלעס און נישט מער.

די אידישע ראַדיאָ־וועלט האָט נישט געהאַט קיין סך בעסערן „מזל״, ווי דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקע. אויך זי איז אַריינגעפאַלן ווייט נישט אין קיין צוגעפּאַסטע הענט. מיט דער אויסנאַם פון אַ פּאָר ראַדיאָ־פּראָגראַמען, זיינען די מייסטע אידישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען געווען פון אַ „כאַפּ־לאַפּ״־כאַראַקטער, וואָס קיינער געדענקט זיי מער נישט — אַחוץ די אַרטיסטן, זינגערס, אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך אין זיי באַטייליקט.

בנימין פישביין האָט אָנטיילגענומען אין אַ סך און פאַרשידענע פּראָגראַמען אויף דער ראַדיאָ, אָבער געדיינקען וועט מען אים דער עיקר פאַר זיינע אויפטריטן יעדן זונטיק אינדערפרי אויף דער „פאָרווערטס״ ראַדיאָ־פּראָגראַם מיט זיין אָפּשפּיל־לייענען אַ קורצע הומאָרעסקע — יעדער מאָל פון אַן אַנדער אידישן שרייבער. ספּעציעל האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין משה נאַדיר׳ס, ב. קאָוונער׳ס (י. אַדלער) און משה נאַדעלמאַנ׳ס הומאָרעסקעס. פאַר די־אָ אויפטריטן וועט מען אים לאַנג געדיינקען — פונקט ווי דער גאַרער אידישער ראַדיאָ־עולם וועט אויך שטענדיק געדיינקען צבי סקולער׳ן אין זיין ראָלע פון דעם „גראַם־מייסטער״ אויף דער זעלביקער „פאָרווערטס״־פּראָגראַם; און ווי מען וועט שטענדיק געדיינקען בען באַסענקאָ׳ן פאַר זיין לייענען שלום עליכמ׳ען אויף דער זעלביקער ראַדיאָ־סטאַנציע במשך פון אַ צאָל יאָרן.

בנימין פישביין האָט זיך אויסגעצייכנט סיי מיט זיין אייגענעם, איינגעבוירענעם פּויליש־וואַרשעווער דיאַלעקט און סיי מיט זיין איינ־געמושטירטן „ליטווישן״ דיאַלעקט, וואָס האָט געקלונגען פונקט ווי ער וואָלט נאָכגערעדט יוסף בולאָוו׳ן, פון וועמען ער איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט. אַ השפּעה אויף אים האָט אויך געהאַט מיכל ראָזנבערג.

באַלד וועט ווערן אַ יאָר, אַז ער איז אַוועק — און ס׳איז אַפילו נישטאָ ווער עס זאָל פּראַווען זיין יאָרצייט. קיין קינדער האָט ער נישט געלאָזן, און זיין ווייב, קלאַראַ, וואָס אירע טעג זיינען געציילטע, ליגט אַ שווער־זינקנדיקע צוגעשמידט צום בעט פאַרטראַגן ערגעץ אין „רעיונות״, וואָס נאָר זי אַליין ווייסט פון זיי.

טראַגיש ? עס איז גאָר קיין וואָרט נישט. . .

„פרייע אַרבעטער שטימע״, אויג. 15, 1968, נ. י.

# באַגעגענישן מיט שלום אַש׳ן

פ אַרשטייט זיך, אַז די קרוין פון דער אידישער שרייבער־משפּחה, וואָס האָט אין פאַרשידענע צייטן געוואוינט און געלעבט אין מיאַמי ביטש, ווי דר. א. מוקדוני, י. י. שוואַרץ, דער לעבעדיקער (חיים גוטמאַן), א. תלוש, ראובן אייזלאַנד, האָט נישט געקענט זיין קיין אַנדערער ווי דער גרויסער אידישער שריפטשטעלער שלום אַש.

אַלע האָבן אַרויפגעקוקט צו אים, אַפילו דער שטענדיק בייזער דר. מוקדוני, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געפירט אַ „מלחמה" מיט ש. ניגער׳ן.ביידע האָבן זיך נישט געקענט פאַרטראָגן און עד־היום ווייסט מען נישט: ווער פון זיי איז געווען גערעכט ...

פאַרשטייט זיך אויך, אַז שלום אַש האָט געלעבט שענער און ברייטער פון די אַלע דערמאָנטע אידישע שרייבער אין מיאַמי ביטש, ווייל ער איז געווען דער רייכסטער פון זיי אַלעמען. ער האָט געוואוינט אין אַ באַקוועמער אייגענער דירה; געהאַט אַן אויטאָמאָביל, אין וועלכן ער האָט זיך געשפּיגלט ווי אַ קינד אין אַ צאַצקע; טייערע „חפצים"; אַ גרויסע ביבליאָטעק מיט אַנטיקן פון ספרים און ביכער; שיינעם מעבל, און אַ „סטאַק" פון טייערע פלעשער ווינען.

נישט אַלעמען האָט שלום אַש געלאַדן אַהיים צו זיך. דר. מוקדוני׳ן פלעגט ער איינלאַדן, אָבער נישט צו אָפט. דעם איינציקן, וואָס ער פלעגט איינלאַדן און אויך קומען באַזוכן אים אין זיין אָרימער דירה, ריכטיקער „גאַראַזש", איז געווען תלוש. צו תלוש׳ן האָט שלום אַש געהאַט אַ וואַרעמע באַציאונג; אפשר דערפאַר, ווייל ער איז געווען אי אַ גרויסער קבצן און אי ער האָט געהאַט אַ קראַנק האַרץ ...

עס דאַרף דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז נישט אַלעמאָל האָבן די צוויי געלעבט בשלום צווישן זיך. ביידע זיינען געווען שטאַרק קאַפּריזנע „דאַמעס", אי דער גביר, אפשר דער רייכסטער אידישער שרייבער אין זיין צייט, שלום אַש, אי דער קבצן־שבקבצן, א. תלוש ...

שלום אַש פלעגט קומען אָפט מיט זיין אויטאָמאָביל צו תלוש׳ן, מ׳פלעגט טרינקען אַ „לחיים" (אַמאָל פלעגט אַש ברענגען אַן אייגענע פלעשל „משקה") און דערנאָך פלעגט ער נעמען תלוש׳ן אין זיין אויטאָמאָביל אויף אַ

קורצער רייזע איבער פאַרשידענע געגנטן אין מיאַמי ביטש. אַמאָל פלעגט אַש „אויסנעמען" תלוש׳ן זען אַ „מואווי"...

ווי געזאָגט,ביידע זיינען געווען שטאַרק קאַפּריזנע „דאַמעס" און אַ סך מאָל צווישן איין „לחיים" און אַ צווייטן פלעגט פאָרקומען צווישן זיי אַ שאַרפער איבעררייד. אַש פלעגט אַריינזאָגן תלוש׳ן און תלוש איז אים נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער. תלוש איז נישט געווען פון די שעמעוודיקע און אַז מ׳האָט געדאַרפט אַריינזאָגן עמיצן האָט ער עס געטאָן.

נישט איינמאָל האָבן אָט־די שאַרפע איבערעדן געפירט צו אַ ברוגז, וואָס האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. און מערקווירדיק: דער איבערבעטער איז אַלעמאָל געווען אַש! ער פלעגט צוקומען מיט זיין אויטאָמאָביל צום קליינעם פענצטערל פון תלוש׳עס גאַראַזשעדיקן „פּאַלאַצל" און אַ פייף טאָן: „העי, בלאָנדער שאַיגאַץ, ביסט נאָך אַלץ ברוגז?" און תלוש פלעגט אַרויסקומען אַ צופרידענער פון אַש׳עס איבערבעטן זיך און טאָן אַ זאָג: „קומט אַריין, פריץ, איך האָב פאַר אייך די אמת׳ע „ביסל סחורה" — בראָנפן איינס אין דער וועלט!" און מ׳האָט זיך איבערגעבעטן צוריק.

איך האָב געקענט אַש׳ן אי פון ניו יאָרק און אי פון מיאַמי ביטש. אין ניו יאָרק האָב איך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט אים אין זיין זון׳ס (מאָ אַש) רעקאָרדינג סטודיאָ „אַש רעקאָרדס", פאַר וועמען איך האָב אַריינגעזונגען דריי אָדער פיר רעקאָרד (איך געדענק שוין איצט נישט) מיט ארץ־ישראל לידער פון מיין רעפּערטואַר. אַש׳ן זיינען די ארץ ישראל לידער שטאַרק געפעלן און ער האָט מיר געמאַכט קאָמפּלימענטן פאַר מיין זינגען. איבערהויפּט איז אים געפעלן געווען איין ליד „שיר העמק" (דאָס געזאַנג פון עמק, וואָס האָט אָריגינאַל געהייסן „באה מנוחה"). „איר האָט אַן עכטן אָריענטאַלישן קלאַנג", האָט ער מיר געזאָגט.

שפּעטער האָב איך באַגעגנט אַש׳ן אויף לינקאָלן ראָוד, אין מיאַמי ביטש. ס׳האָט געדאַרפט זיין אין חודש דעצעמבער. „אָ", האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ, „דאָס זייט איר דאָך דער פּאַלעסטינער זינגער יאַרדאַיני! האָט איר די צייטנס געזען מיין מאָ?"

„געזען".

„נו, ווי מאַכט ער אויס מיט זיינע רעקאָרדס?"

„נישט שלעכט".

„ווי מיינט איר, פראַנט יאַרדאַיני, ער וועט ווערן אַ לאָט?"

„איך ווייס נישט וואָס איר מיינט מיט דעם?"

„כ׳מאַין, צי ער וועט נישט דאַרפן לאָזן באַ מיר נאָך קאַ געלט?"

„דאָס ווייס איך נישט".

„איר ווילט עפּעס זען?", האָט אַש מיך פלוצלינג אַ פרעג געטאָן.

„אַ שטייגער, למשל?"

„קומט מיט מיר שפּאַצירן", האָט ער מיך אָנגענומען אונטערן האַנט, — „כ׳וועל אַך עפּעס וואַזן!"

און ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ גרויסן שוי־פענצטער פונעם „דאַבלדעי" בוך־געשעפט אויף לינקאָלן ראָוד און ווייזט מיר מיט דער רעכטער האַנט אָן:

„קוקצט נאָר אָן ווי מען צעלעגט זיך מיט די ווערק פון אַ אידישן שראַבער!"

דער גרויסער שוי־פענצטער איז געווען אויסגעלייגט מיט שלום אַש׳עס ביכער, צווישן זיי: „דער תהילים איד" („סאַלווייישאָן"), „דער נוצרי" („דהי נאַזאַרין"), „מערי", און, דאַכט זיך אויך די דריי ביכער „קידוש השם", „דאָס געזאַנג פון טאָל" און „דאָס שטעטל".

„וואָוס זוגט איר צו דעם?

„וואָס זאָל איך זאָגן? ס׳איז אָוודאי זייער שיין וואָס מען באַרימט זיך מיט אַ אידישן שרייבער, אָבער באַגייסטערט בין איך נישט".

„וואוע, איר האָט אויך צו מיר טענות? דער חיים ליבערמאַן האָט אַלעמען פאַר׳סמ׳ט! המנ׳ס מפּלה זאָל קומען אויף אים; ער איז מיין גרעסטער שונא!"

„ניין, איך האָב נישט צו אייך קיין שום טענות, איר קענט שרייבן וואָס איר ווילט, אָבער איך האָב מיר מיינע רעזערוואַציעס".

„אויב אַזוי, האָט מיר אַ גוטן טאָג, גוד באַי!" און ער האָט געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס, ווי מ׳זאָגט ביי אונז אין וואָלין, און איז אָוועק...

חיים ליבערמאַן איז געווען אַש׳ס גרעסטער קטיגור, ער האָט געשניטן פּאַסן פון אים, ביי יעדער געלעגנהייט וואו ער האָט נאָר געקענט. ער האָט אים ממש געלייגט אויף הייסע קוילן. עס וועט נישט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז ער איז אַש׳ן דערגאַנגען די יאָרן. אָבער חיים ליבערמאַן האָט געקראָגן זיין „המנ׳ס מפּלה" פאַר דעם וואָס ער האָט געטאַנצט לויט אב. קאַהאַנ׳ס „דודקע". דהיינו: ווען חיים ליבערמאַן האָט געוואָלט דרוקן

קאַפּיטלען אין „פאָרווערטס" פון זיין בוך „אין יאָמער טאָל", האָט קאַהאַן אים אָפּגעדאַנקט און געזאָגט „לא מיט אַ ספּאָדעק". קאַהאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן אין „פאָרווערטס" קאַפּיטלען פונעם בוך, וואָס חיים ליבערמאַן האָט געהאַלטן פאַר איינעם פון זיינע קרוין־ווערק.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם נאָכמיטאָג אין דער רעדאַקציע פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" אויף יוניאָן סקוועיר, וואו ער, חיים ליבערמאַן, איז געשטאַנען ווי אַן אָפּגעשמיסענער חדר־אינגל פאַרן רעדאַקטאָר פון זשורנאַל, יצחק ליבמאַן, און אויך פאַר מיר, דעם אומאָפיציעלן געהילפס־רעדאַקטאָר, און שפּעטער טאַקע אָפיציעלער רעדאַקטאָר — ווי חיים ליבערמאַן האָט געבעטן ליבמאַנ'ען, אַז ער וויל אָפּדרוקן די סעריע אָנגעשריבענע קאַפּיטלען פונעם בוך „אין יאָמער טאָל" און אַז ער איז גרייט צו באַצאָלן „מזומן" פאַר יעדן געדרוקטן קאַפּיטל.

און כך־הוה, אַזוי איז געווען. דאָס, גלויב איך, איז געווען ליבערמאַנ'ס שטראָף. אַש'עס „קללה" איז מקוים געוואָרן...

אגב־אורחא: מיט יאָרן שפּעטער, האָט צווישן הלל ראָגאָפ'ן, דעם שפּעטערדיקן רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", און דעם באַרימטן העברעאיש־אידישן שריפטשטעלער, איינער פון דער „גאָלדענער טראַיקע", אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור, זלמן שניאור, אויסגעבראָכן אַ סיכסוך צוליב דעם וואָס ראָגאָף האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן אין „פאָרווערטס" שניאור'ס שאַרפע פּאָלעמישע אַרטיקלען געגן יעקב גלאַטשטיין, א. גלאַנץ־לעיעלעס און ס. ליריק. אויך ער, שניאור, איז געקומען אין רעדאַקציע פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" בעטן ביי ליבמאַנ'ען פּלאַץ אין זשורנאַל פאַר זיינע דריי גרויסע אַרטיקלען (כ'האָב די געשריבענע כתב־יד'ן אין מיין באַזיץ), און אויך ער האָט באַצאָלט „מזומן" געלט פאַר דרוקן זיי. צי ליבמאַן האָט געהאַנדלט ריכטיק, סיי בנוגע ליבערמאַנ'ען און סיי בנוגע שניאור'ן, — דאָס איז אַ באַזונדערער ענין...

דעם איינציקן מאָל וואָס איך בין געווען ביי אַש'ן אין דער שיינער דירה אין מיאַמי ביטש איז געווען אויף אַן אינטימען „קבלת־פּנים" פאַרן גאַסט פון אַרגענטינע, דעם שרייבער ל. גרוזמאַן, רעדאַקטאָר פון „דער שפּיגל", וואָס איז אַרויס אין בוענאָס־איירעס. עס איז געווען אַ היימישער וואַרעמער „קבלת־פּנים", אָבער דר. מוקדוני האָט זיך אפשר נישט־ווילנדיק אַרויס־געכאַפּט מיט אַ באַמערקונג אויף אַש'עס חשבון און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ

„חתונה" פון „טי קאַזאַלאַ, יאַ קאַזאַלאַ", ביז עס איז געוואָרן גאַנץ „פריילעך" — איך מיין וואָס אַמאָל האָט זיך דער פייער מער צעפלאַקערט און דער „קבלת־פּנים" איז צעשטערט געוואָרן...

אַש האָט זיך שטאַרק געקאָכט ביז ער האָט דר. מוקדוני'ן אַרויסגעבראַכט פון געדולד און דער לעצטער האָט געכאַפּט זיין שטעקן מיט דער זילבערנער גאַלקע און — פּאַשאַל: אַוועק מיט אַ קלאַפּ פון טיר. דער עולם האָט זיך ביסלעכווייז גענומען צעגיין. אויך תלוש און איך האָבן שנעל געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און — וילך.

„קומט, ירדני, לאָמיר אַוועקגיין איידער עס ברעכט אויס אַ סקאַנדאַל!" — האָט תלוש מיר אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין.

שלום אַש האָט אויסגעזען ווי אַ צערייצטער טיגער; זיינע צוויי לאַנגע הענט זיינען געפלויגן און דער לופטן: אַט־אַט, וועט ער דערלאַנגען פּעטש עמיצן...

תלוש און איך האָבן זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

„מאָרגן פרייהייט", נאָוו. 23, 1976

# חזן ישראל בריא

דער פריצייטיק־פלוצלונג־פאַרשטאָרבענער חזן ישראל בריא ע"ה, איז מיר געווען נאָענט נישט בלויז דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ חזן בפה־מלא, אַ קינסטלער ביים עמוד, נאָר אויך אַ קינסטלער אין לעבן, אין זיין שטעל, אין זיין אויספוץ. אַז ער איז געגאַנגען אין גאַס, האָט מען געזען, אַז עס גייט אַ קינסטלער. מ'האָט אפשר געקענט מאַכן אַ טעות און נישט וויסן גענוי צי ער איז אַ שרייבער, אַ מוזיקער, אַן אַקטיאָר, אַ מאַלער, אָבער אַז דאָס איז נישט קיין פּשוט'ער „יאַנקל, זרח אָדער שמערל", אָדער ווי דער אַמעריקאַנער דריקט זיך אויס, „טאָם, דיק ענד הערי", דאָס איז געווען קלאָר. ער האָט פאַרמאָגט אַן אַ שיעור פּערזענלעכקייט, וואָס דאָס איז פאַר אַ קינסטלער אפשר אַזוי וויכטיק, ווי טאַלאַנט!

צווישן דער פלעיאַדע באַרימטע חזנים: יאָסעלע ראָזנבלאַט, מרדכי הערשמאַן, דוד רויטמאַן, קוואַרטין, קאַפּאָוו־קאַגאַן, פּינטשיק, גלאַנץ און

אַנדערע, האָט בריא פאַרנומען אַן אייגנאַרטיקן פּלאַץ. ער איז געווען אַ נחת־רוח צו הערן אים ביים עמוד דאַוונען. מ׳האָט אַ סך פון אים געלערנט. דאָס אַלטע, דאָס שטייגערישע אין חזנות, האָט אַרויסגעזונגען פון יעדן קנייטש זיינעם. ער איז אַליין אויך געווען אַ גרויסער שאַפער פון רעטשיטאַטיוון, אַחוץ זייענדיק אַ גרויסער חזן ביים עמוד. גראַדואירנדיק פון דער באַרימטער „זיידל ראָוונער־קאָנסערוואַטאָריע״, ביי וועמען ער האָט אין דער יוגנט געזונגען אַלס משורר, האָט ער געטראָגן טיף אין זיך דאָס עכט־טראַדיציאָנעלע, דאָס קוועלנדיקע און שפּרודלדיקע חזנות, וואָס האָט זיך במשך פון דורות אויסגעפורעמט און אויסגעקריסטאַליזירט אין גאָר אַ הויכער קונסט, וואָס איז געוואָרן, דער „שיר השירים פון די אידישע פאָלקס־מאַסן״ איבער דער גאַנצער וועלט!

פון ריישע, אַ קליין שטעטעלע אין גאַליציע, וואו בריא איז געבאָרן געוואָרן, ביז ניו־יאָרק, איז אַ ווייטער מהלך. דער וועג איז נישט אַלעמאָל געווען אויסגעלייגט מיט בלומען, אָדער מיט גרינע טעפּיכער... נישט גרינג איז געווען צו זיין אַ משורר ביי אַ חזן אין דער אַלטער היים, מ׳האָט געהאַט זייער אַ סך אויסצושטיין און אַריבערצוטראָגן. עס איז אָבער געווען ליב דאָס זינגען, דאָס שטיין אויף דער בימה, דאָס האַלטן דעם ביכל נאָטן אין די הענט, און ווער שמועסט נאָך אַז מ׳איז געווען אַ „סאָליסט״ — וואָס פאַר אַן איבערלעבונג!

אידן אַרום פלעגן שטיין מיט אָפענע מיילער, רייכע און אָרעמע, לומדים און פּראָסטאַקעס, סוחרים און בעל־מלאכות — און האָבן געשעפּט נחת! מ׳האָט געווישט די פּיאות, געגלעט די בערד פון תענוג, זיך צעגאַנגען ממש פון פרייד! „אַי, אַי, אַי, וואָס פאַר אַ טענאָר, וואָס פאַר אַ באַס, און וואָס פאַר אַ באַריטאָן! אַי, אַי, אַי, וואָס פאַר אַ סאָרפּאַנטשיק, אַן אַלטעלע!״ מען האָט נישט אויפגעהערט צו סמאַטשקען מיט די ליפּן נאָך יעדן זונג, נאָך יעדן זאָג, נאָך יעדן קנייטש, וואָס דער חזן, אָדער דער כאָר, אָדער דער סאָליסט, צי סאָליסטל, האָט אַרויסגעלאָזט! חזנות איז געווען די איינציקע מין נגינה, די איינציקע מין מוזיק, מיט וועלכער דער איד אין דער אַלטער היים, פון מזרח־אייראָפּע, האָט זיך געקוויקט און מחיה געווען! די שול איז געווען זיין טעאַטער, זיין אָפּערע, זיין סימפאָניע!

און אָט קומען אַריבער אַ ריי באַרימטע חזנים קיין אַמעריקע — צווישן זיי אויך בריא. אַמעריקע! אַ קליייניקייט! רייכע אידן, אידן מיט פעטע באַנק־

ביכלעך, וואָס קלאַפּן מיט די גראָבע טייסטערס אין דער לופטן, לאָזן זיך קאָסטן אויף חזנות שווערע טויזנטער דאָלערס אַ יאָר! איז דאָך גוט? אָ? טויג עס ערשט נישט... וואָס טויג דעם חזן, דעם אמת'ן חזן, נישט דעם געמלאכה'טן, דאָס געלט, דאָס פּעטע באַנק־ביכל, אַז די הערצער פון די אידן, וועלכע קומען אין שול אַריין אים הערן דאַוונען, זיינען ערגעץ אין קעלער, אָדער אויפן בוידעם... ווי לאַנג קען אַנהאַלטן דעם חזנ'ס ערנסטקייט און אויפריכטיקייט, זיין פאַרכטיקייט פאַרן עמוד, ווען אַרום אים הערשט אַזאַ גראָבער ציניזם, אַזאַ גראָבער מאַטעריאַליזם, אַזאַ הפקר'דיקייט אינעם אידישן רעליגיעזן און אינעם אידישן לעבן בכלל דאָ?! עס מוז זיך אויסוועפּן, אַפילו מען זאָל זיין געמאַכט פון אייזן...

ווי לאַנג קען אַ חזן, אַפילו דער סאַמע אויפריכטיקסטער, גיין קעגן דעם שטראָם? ווי אַזוי האָט דאָס האַרץ פון אַ בריא נישט געקענט פּלאַצן, ווען ער האָט צוגעזען ווי די סאַמע אָרטאָדאָקסיסטישע שולן און ישיבות יאָגן זיך נאָך משה אוישער'ן, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז פון אַן אומבאַדייטנדיקן אַקטיאָר געוואָרן אַ חזן; אָדער נאָך ריטשאַרד טאָקער'ן — נאָר דערפאַר, וואָס ער איז פון אַן אומבאַדייטנדיקן חזן געוואָרן אַן אָפּערע־זינגער און די גויים האָבן אים אַנערקענט, און אָט פאַר דעם־אָ באַצאָלט אים די גאַליציאַנישע אָרטאָדאָקסישע שול אין שיקאַגאָ עלף טויזנט דאָלער פאַר די ימים נוראים!...

קען נאָך זיין אַ גרעסערע צביעות, אַ גרעסערע הפקרות אינעם אידישן אָרטאָדאָקסישן לעבן, ווי די צוויי אויבנדערמאָנטע פאַקטן? וויפל חזנים, גוט־מיינענדיקע און ערלעכע חזנים, האָבן אַזעלכע האַנדלונגען מצד דער אָרטאָדאָקסיע אין אַמעריקע אַרונטערגעפירט פון גלייכן וועג און זיי איבערגעמאַכט געמאַכט פאַר ציניקער, פאַר אָפּנויגער און אָפּשפּעטער פון אַלץ, וואָס עס איז זיי געווען הייליק און טייער, נאָענט און ליב, אייגן, ווי דאָס אייגענע לייב?! דאָס קען נאָר וויסן און פילן איינער, וואָס לעבט אינעווייניק אין די רייען פון די חזנים און ווייסט וואָס קומט פאָר אין די מוחות און אין די הערצער פון די אמת'ע שליחי־ציבור...

פאַר אַ לייב גלאַנץ, איינער פון אונזערע באַדייטנדיקסטע חזנים, אַ חזן מיט אַן אייגענעם פּנים, מיט אַן אייגענעם פאַרנעם, און איינער פון אונזערע געלערנטסטע און אינטעליגענטסטע חזנים — פאַר אים איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין ניו־יאָרק, ווייל ער איז דורכאויס אַן עקשן און וויל בשום אופן

נישט ווערן קיין ציניקער, אָבער פאַר ביליקע „באַלאַגאַנעס״, איז יאָ פאַראַן פּלאַץ אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ און אומעטום...

יאָ, חוזק פּאַרט דאָ נאַשפּיץ, און ווער עס קען נישט מיטפּאַרן — ווערט איבערגעפּאַרן... בריא, כאָטש ער האָט אויסערלעך מיט אַלע כוחות זיך געריסן אַרויפצוכאַפּן אויפן „חוזק־וואָגן״ פונעם היגן אידישן לעבן, האָט אים אָבער אינווייניק טיף געפרעסן אַ וואָרים פון ווייטיק און פאַרדראָס וואָס האָט זיין לעבן אונטערגעשניטן, אונטערגעהאַקט פאַר דער צייט. וואָרום אין תוך איז בריא געווען און געבליבן אַ דורות׳דיקער חזן, אין וועמען די ליבע צום עמוד, צום אָרטאָדאָקסישן עמוד, האָט נישט אויפגעהערט צו ברענען אויף קיין איין מינוט! נישט ער איז געווען שולדיק אין זיין באַרג־אַראָפּ, נאָר דאָס היגע אידישע לעבן, וואָס איז דורכגעפרעסן מיט גראָבן ציניזם און געלט־גייציקייט...

חבל על דאבדין...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, דעצ. 22, 1950, נ. י.

# דער לעבעדיקער

דער לעבעדיקער (חיים גוטמאַן) איז געווען דר. א. מוקדוני׳ס אַ לאַנדסמאַן.ביידע זיינען געקומען פון קליינע שטעטלעך אין מינסקער גובערניע, אַ שטעטל לעבן אַ שטעטל: דר. מוקדוני פון לעכאָוויטש און דער לעבעדיקער פון פּעטריקאָוו, אָבער אין כאַראַקטער זיינען זיי געווען צוויי וועלטן.

דער לעבעדיקער איז געווען באַוואוסט פאַר אַ איד אַ חכם. קיין גרויסער „פּאַרשוין״ איז ער נישט געווען, עפּעס ווינציקער פון מיטעלן וואוקס, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אויסערגעוויינלעכע קלוגינקע אויגן און אַ קלוגן שמייכל. ער איז יאָרן לאַנג געווען אַ מיטאַרבעטער פון „מאָרגן־זשורנאַל״, וואו ער האָט רעדאַקטירט די זונטאָג׳דיקע הומאָריסטישע זייט און האָט אויך געשריבן אַ קאָלום, וואָס איז געלייענט געוואָרן וואו נאָר ס׳איז געווען אַ אידישער שרייבער — „אויפן ליטעראַרישן יאַריד״. דעם גרעסטן „חלק״ אינעם דאָזיקן קאָלום האָט אַריינגעכאַפּט ש. ניגער, וועמען דער לעבעדיקער

האָט גערופן „מײַן בעסטער קאָסטימער״. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין קאָלום, וואו ער האָט נישט „אַרײַנגעצימבלט״ זײַן „בעסטן קאָסטימער״, ש. ניגער׳ן. מסתמא האָט ער געהאַט זײַנע ליטעראַרישע חשבונות מיט ניגער׳ן, מחמת אויך ער, דער לעבעדיקער, האָט פון צײַט צו צײַט, אַ חוץ טעאַטער־קריטיק, געשריבן ליטעראַטור־קריטיק.

דעם לעבעדיקנס הומאָר איז באַשטאַנען פון שטילע שטעק־שיך־טריט־הומאָר, אָבער מ׳האָט די טריט געהערט פון ניו יאָרק ביז לאָס אַנדזשעלעס, פון באָסטאָן ביז וואַרשע, און פון ווילנע ביז תל־אביב. נישט איין גדול־בישראל (לייען: שרײַבער) האָט ביי אים אַרײַנגעכאַפּט דעם אמת׳ן „מפטיר־יונה״, אַז ס׳איז אים פאַרגאַנגען אין דער זיבעטער ריפּ — און אַלץ אויף אַ שטילן אופן מיט שטילע שטעק־שיך־טריט.

אגב, איינער פון דעם לעבעדיקנס זין, וואָס רופט זיך גודמאַן עיס, איז איינער פון די סאַמע העכסטע באַצאָלטע און באַוואוסטע וויצן־און־אַנעקדאָטן־שרײַבער אויף דער ראַדיאָ און טעלעוויזיע פאַר די סאַמע גרעסטע אַמעריקאַנער קאָמיקער. ער וואוינט אין האָליוואוד, און דעם לעבעדיקנס פרוי וואוינט אין מיאַמי ביטש.

פּראָפעסיאָנעלע אידישע פּאַרלייענער אויף אידישע קאָנצערטן און אַסיפות באַנוצן זיך גאַנץ אָפט מיטן לעבעדיקנס שטילע, קלוגע הומאָ־רעסקעס, וואָס איז כדאי אַז מ׳זאָל זיי איבערדרוקן: זיי זײַנען קורץ, קלוג און שאַרף. זיי רופן ביים לייענער אָדער ביים צוהערער אַרויס נישט קיין הירזשענדיקן געלעכטער, נאָר ווייכע שטילע געלעכטערס און שמייכלען.

אויב איך מאַך נישט קיין טעות, האָט דער לעבעדיקער די דאָזיקע סעריע הומאָרעסקעס געשריבן אין „קונדס״, אַ הומאָריסטישער זשורנאַל וואו משה נאַדיר האָט פאַרעפנטלעך זײַנע בעסטע שפּילעוודיקע הומאָ־רעסקעס און נאָך אַנדערע מינים אַרבעטן זײַנע — אַזוי גוט ווי חנא גאָטעספעלד און נאָך אַנדערע.

דאָס האָט נאָר געקענט אין ניו יאָרק געשען בימי הליטעראַטור־אויפבלי, ווען ס׳איז געווען אַנדערע צײַטן. איצט קען מען זיך נישט פאַרגינען דעם דאָזיקן פאַרגעניגן, און אפילו ווען מ׳זאָל זיך יע קענען פאַרגינען אַרויסגעבן אַזאַ זשורנאַל ווי דער „קונדס״, האָבן מיר נישט יענע שרײַבער פון אַמאָל — און נישט מיר לעבן אין אַ צײַט ווען מ׳קאָן פאַרטראָגן קריטיק. מיר לעבן איצט אין אַ בין־השמשות־צײַט.

דער לעבעדיקער, אָדער חיים גוטמאַן, האָט ליב געהאַט צו מאַכן אַ „לחיים״. „קומט, מרדכי״, פלעגט ער צו מיר זאָגן, „לאָמיר אַרונטערגיין טרינקען אַ לחיים!״. „אַרונטערגיין״ האָט געמיינט, נעמען דעם עלע־וועיטאָר אין „מאָרגן־זשורנאַל״ רעדאַקציע און אַריינגיין אין דערבייאיקן „סאַלון״ טרינקען אַ קאַלטע גלאָז ביר. און האָט דער לעבעדיקער אויסגעטרונקען אַ גלאָז ביר, איינע און אַ צווייטע, האָבן זיך די קלוגע אייגעלעך ביי אים צעשפּילט און פון מויל האָט גענומען שפּריצן ליטעראַרישע פּערל, חכמה, מיט קלוגע זאָגעכצן וועגן ליטעראַטור, וועגן טעאַטער, וועגן שרייבער, קריטיקער, קולטור־טוער און, קולטורעלע־קאַכלעפל.

ער האָט זיי אַלעמען געקענט און האָט גוט פאַרשטאַנען יעדן איינעמס האַנדלונג, קער און ווענד. צווישן איין „לחיים״ און אַ צווייטן, זיינען געפלויגן קלוגע ליטעראַרישע־שפּריצן, פונקן, שטיקער פייער גאַנצע...

מיט אַמאָל נעמט דער „מאָרגן־זשורנאַל״ און מאַכט זיך צו! וואָס הייסט ער האָט זיך צוגעמאַכט? ווי האָט געשריבן אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״ דר. מוקדוני? מ׳האָט דעם „מאָרגן זשורנאַל״ פּראָסט־פּשוט דערמאָרדערט! דער מערדער איז געווען אַ באַלעבאַטישער איד, אַ רייכער ריעל־עסטעיטניק, אַ געוועזענער באַנקראָטשיק, מיטן נאָמען מאָריס וויינבערג, דער אַרויסגעבער פון „טאָג״! און ווער האָט שפּעטער דערמאָרדעט דעם „טאָג״, אָדער דעם „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״? דער „פאָרווערטס״! אָן אמת׳ע „חד־גדיא״־מעשה, וואָס מ׳וועט נאָך אַמאָל שרייבן קאַפּיטלעך אַמעריקאַנער אידישע געשיכטע...

נאָכדעם ווי דער „מאָרגן זשורנאַל״ האָט זיך צוגעמאַכט האָט דער לעבעדיקער איינגעפּאַקט זיין פּעקל און האָט זיך אַריבערגעפּעקלט קיין מיאַמי ביטש. שאַ, שטיל, רואיג, פלעגט ער זיצן אין האָפמאַנ׳ס קאַפעטעריע, אַמאָל אַליין און אַמאָל מיט אַ חסיד, אָדער אַ גרופּע חסידים, אַ שטייגער, מ. חמץ, דער פאַרבאַנד־פאַרטרעטער פונעם דרום־דיסטריקט.

אגב־אורחא: דער פאַרבאַנד האָט אין מיאַמי ביטש אַ „ברענטש״ אויפן נאָמען פונעם לעבעדיקן: דער „לעבעדיקער צווייג״ — דער גרעסטער פאַרבאַנד־ברענטש אין גאַנץ אַמעריקע מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום פינף הונדערט מענטשן. דער דאָזיקער גרויסער צווייג ווערט אָנגעפירט פון אַ פּרעזידענט מיטן נאָמען יוסף צוקערמאַן, זייער אַן ענערגישער און

אַמביציעזער מענטש. די וויצע־פּרעזידענטן, איז די פּרוי פונעם נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם פיינעם אַקטיאָר מיכל גיבסאָן, — פּעני גיבסאָן.

פאַרוואָס דער לעבעדיקער האָט זוכה געווען, אַז מ׳זאָל אָנרופן אַ „פאַרבאַנד־צווייג" אויף זיין נאָמען, ווייס איך נישט. איך גלויב אַז דאָס איז געווען דער אויפטו פונעם פריער דערמאָנטן פאַרבאַנד־פאַרטרעטער, מ. חמץ, וואָס האָט ליב געהאַט שרייבער און איז געווען דורך און דורך אַ אידישער קולטור־מענטש.

בין איך אַוודאַי צופרידן, וואָס איינמאָל אַ חודש קומען זיך צונויף די מיטגלידער פונעם „לעבעדיקן צווייג" און דער נאָמען „לעבעדיקער" ווערט אָן צאָליגע מאָל דערמאָנט און איבערגע׳חזר׳ט. דאָס איז אַוודאַי אַ זכיה פאַר אַ אידישן שרייבער.

געדיינק איך אַמאָל אַ נאָכמיטאָג, אַז איך בין אומדערוואַרט אַריינ־געקומען אין האָפמאַנ׳ס קאָפעטעריע און האָב געטראָפן דאָרט זיצן דעם לעבעדיקן מיט אַ גרופּע חסידים. „זע נאָר ווער ס׳איז דאָ!", האָט ער אויסגערופן. „פון וואַנען האָט איר זיך געיאָוועט?" „פון קאָלאָמביע!" „אָט אַ מזל׳דיקער מענטש, ער האַלט אין איין אַרומפאָרן, היינט דאָ, מאָרגן דאָרט, ווען וועט איר שוין ווערן אַ לייט און אויפהערן אַרומפאָרן?" „איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ר׳ חיים!" האָב איך אים געענטפערט. „זייער גוט צו זען אייך, ירדני! אַ גלעזל ביר טרינקט איר נאָך?" „פאַרוואָס נישט?" „טאָ קומט־זשע מיט מיר, וועלן מיר אַריינגיין ערגעץ אין אַ בירניע און זיצן און שמועסן". „מיר דאַרפן נישט גיין ווייט, אָט איז גלייך לעבן דאָ אַ בירניע!".

מיר זיינען אין דער בירניע אָפּגעזעסן אַזוי גוטע עטלעכע שעה און געשמועסט. „וואָס־זשע טוט איר דאָ, ר׳ חיים?" „עט, מ׳שרייבט צו ביסלעך, קיין סך קאָן מען שוין נישט אויפטאָן". „פאַרוואָס?" „נישט אין אונזערע צייטן!", „אפשר־פאָרט?", „ווייס איך וואָס, וואו נעמט מען ערגעץ אַ משה נאַדיר, אַ חנא גאָטעספעלד, זאָל זיין אפילו אַ יעקב מאַרינאָוו? נישטאָ מיט וועמען צו גיין אין דער מלחמה אַריין?" „הייסט עס אַז איר האָט שוין אויפגעגעבן?", „כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, ירדני, ס׳איז נישט געווען וואָס אויפצוגעבן, זיצן אויף איסט בראָדוועי אין דער ליטעראַרישער קאָפעטעריע איז בעסער?"

דאָס איז געווען אונזער לעצטע באַגעגעניש. אין אַ קורצע צייט אַרום,

האָב איך געלייענט אין די ניו־יאָרקער אידישע צייטונגען, אַז דער לעבעדיקער (חיים גוטמאַן) איז געשטאָרבן...

„מאָרגן פרייהייט", דעצ. 5, 1976

# אויפן וועג קיין מאַראַקייבאָ

## רייזע־מאָטיוון



אַן אַמעריקען לופט־ליניע,
פלי נומער 516.
26־טער יולי, 1956.

אָפּגעזונגען אין קאַראַקאַס — און אָט פלי איך שוין ווייטער. וואוהין? קיין מאַראַקאַיבאָ! וואָס איז דאָס פאַר אַ ווענעזולאַנער שטאָט? זאָל מיך אַזוי וויסן אַ בייזע ווענטשערע... איך ווייס נאָר, אַז זי איז די צווייטע גרעסטע שטאָט פון ווענעזועלאַ, מיט אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער — צווישן זיי אַ הייפעלע אידן, וואָס וואַרטן איצט אויף מיין קומען. עס נעמט אַ שעה מיט 35 מינוט דאָס פאָרן פון קאַראַקאַס קיין מאַראַקאַיבאָ.

דער עראָפּלאַן טראָגט זיך ווי אַ וויכער אין דער לופט. ער שלינגט ווי אַ לויתן גאַנצע שטיקער לויטערן דרויסן. ביז איצט איז עס מיר מיט דער רייזע געגאַנגען זייער גוט — הלוואַי ווייטער אַזוי. אויב מיין איצטיקע רייזע איבער דרום און צענטראַל אַמעריקע אין משך פונעם קאָנצערט־טור, וואָס דאַרף געדויערן צווישן פינף, און זעקס חדשים, וועט אַזוי פיין אָנגיין וועל איך אפשר דעמאָלט ווערן אַ „חסיד" פון פליען. דערווייל אָבער האַלט איך עס נאָך אַלץ פאַר אַ גרויסער „נאַרישקייט" מצד מענטשן וואָס יאָגן זיך צו פליען, ווי צו אַ טאַנץ...

דער זייגער איז פונקט צען. מיר פליען שוין אַ שעה צייט. ניין אַזייגער אינדערפרי האָט דער עראָפּלאַן, ווי אַ ריזיקער אויסטערלישער פייגל, צעפּאָכעט זיינע מעכטיקע שטאָלענע פליגלען מיט אַ זשומעריי, ווי מיליאָנען בינען וואָלטן פון ערגעץ זיך מיט אַמאָל אַראָפּגעלאָזט אויפן קאַראַקאַסער לופט פעלד, און זיך אויפן פרישן פרימאָרגן אַוועקגעלאָזט פליען אין דער

ריינער לופט אַריין, וואָס האָט אויסגעזען זויבער ווי קרישטאָל. אַ בלויער הימל מיט אַ שמייכלדיקן פּנים.

זילבערדיק קוקט מילד אַריין דורך די קליינע פענסטערלעך דער דרויסן און פילט אָן דעם עראָפּלאַן מיט געמיטלעכקייט, וואָס שפּרייט רו צווישן דער קליינער צאָל פּאַסאַזשירן. עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר קומט אויס צופאָרן אין אַזאַ גרויסן עראָפּלאַן, וועלכער איז האַלב ליידיקלעך. איך זיץ איינער אַליין און קען זיך צעשפּרייטן ווי ביים טאַטן אין ווייַן־גאָרטן. אַן אַנדערש מאָל וואָלט עס מיך געאַרט, וואָס איך זיץ אייניקער אַליין און וואָס איז אַזוי ווייניק פּאַסאַזשירן, אָבער היינט אַרט עס מיך נישט.

מאַראַקאַיבאָ! איך קען שווערן, אַז מיינע אָבות־אבותינו זיינען נישט געווען דאָרט. און אפשר? ווער ווייסט? מאַלע וואו אידן האָבן נישט אָפּגעשפּאַרט! פון וואַנען בין איך אַזוי זיכער, אַז מיינע עלטער־עלטער זיידעס, באָבעס, פעטערס און מומעס, זיינען נישט געווען דאָרט? אַ?! אפשר זיינען זיי פון דאָרט שפּעטער מגולגל געוואָרן קיין רוסלאַנד, אין דעם קליינעם פאַרוואָרפענעם שטעטל סלאָוועשניע, וואָס ליגט אין דער אוקראַינישער וואָלין, וואו איך בין געבאָרן געוואָרן? וואָרום — וועמעס נאָך וואַנדער־שליאַכן זיינען אַזוי פול מיט געשלענגלטע וועגן און שטעגן, סטעזשקעס און סטעזשקעלעך, ווי דעם אידנ׳ס? ווער נאָך האָט אַזוי ברייט אין ווייט אויסגעמאָסטן און אויסגעשפּאַנט די טראַקטן, וועגעלעך, ראָוועס, בערג און טאָלן, טייכן און ימים פון דער גרויסער וועלט, אין מזרח און אין מערב, אין צפון און אין דרום, ווי דער איד? טאָ ווער, אַ שטייגער, קען עס עדות זאָגן, אַז מיינע אָבות־אבותינו זיינען אין מאַראַקאַיבאָ, נישט געווען אַמאָל?!

יאָ, עס איז גוט צו זיצן ביים עראָפּלאַן־פענסטערל און צו טראַכטן. אין מח גייען דורך אָן אַ שיעור געדאַנקען און בילדער. קאַליידאָס־קאָפּיש שווימען אַרויס פאַרשידענע מאָמענטן, איבערלעבונגען, באַגעגענישן, געשטאַלטן, נאָענטע און ווייטע עפּיזאָדן, גוטע און שלעכטע, אומעטיקע און פריילעכע, טראַגישע און קאָמישע, וואָכעדיקע און יום־טוב׳דיקע, טעג און נעכט, שוין לאַנג אָפּגעקילטע כמעט פאַרגעסענע, און אויך אַזעלכע, וואָס טראָגסט זיי אין האַרצן ביי זיך ווי אַן אייביקער אָנדענק, מיט וועלכן דו קענסט ווי אייביקע וואונדן וואָס ווילן זיך קיינמאָל נישט פאַרהיילן...

וואונדן! פּונקט ווי עס זיינען פאַראַן פאַרשידנערליי פריידן, אַזוי זיינען

אויך דאָ אַלערליי וואונדן. פאַראַן פריידן, וואָס דער מענטש איז אַליין די סיבה פון זיי, ד. ה., ער אַליין פאַרשאַפט זיי זיך — און פריידן, וואָס אַנדערע פאַרשאַפן אים. און מיט וואונדן איז אויך דאָס זעלביקע: וואונדן וואָס אַנדערע טוען אים אָן, און וואונדן וואָס ער אַליין פאַראורזאַכט זיי זיך. און זיי טוען צו מייסטנס ווײי באַזונדערס דעם איידעלן מענטשן מיט שטאַרקע סענסיטיווע געפילן. וויפל אָט אַזאַ מענטש זאָל זיך נישט אָנשטרענגען און פּרובירן צו זיין גוט און וואויל, איז ער פאָרט נישט בכח צו באַווייזן עס אין אַ פולער מאָס. ס׳איז שווער אינגאַנצן צו באַפרייען זיך פון דער איינגעבאָרענער רשעות — פונקט ווי ס׳איז אויכעט שווער אינגאַנצן צו באַפרייען זיך פונעם איינגעבאָרענעם עגאָאיזם. דער מענטש איז נאָך ווייט נישט ביי זיך אין די הענט. ער דאַרף נאָך אַ סך מיט זיך קעמפן, ביז ער וועט ווערן אַן אמת׳ער „לייט״...

נאָך אַ ווײַלענקע, וועט דער עראָפּלאַן אָנקומען קיין מאַראַקאַיבאַ. איך קען נישט די מענטשן וואָס דאַרפן מיר באַגעגענען דאָרט, אָבער צופיל באַזאָרגט וועגן דעם בין איך נישט. וואָרום איך פאָר דאָך נישט אַהין מיט זיי חתונה האָבן, נאָר פאַר זיי זינגען. איז אויך די אייגענע מעשה: וועט מיין זינגען זיי געפעלן איז מהיכא־תיתא, אלא־נישט — וועל איך זיך אויך נישט זעצן וויינען... ווער זאָגט עס דען, אַז מיין זינגען מוז אַלעמען געפעלן? וויל איך דעם אַלעמען געפעלן? גאָט איז מיין עדות אַז נישט, כ׳האָב קיינמאָל נישט געזוכט נישט מיט מיין זינגען און נישט מיט מיין שרייבן צו געפעלן אי יוקלען אי פּיווישן...

אָט האָב איך געזונגען אין קאַראַקאַס. איך בין זיכער, אַז צווישן די רווישיקע אַפּלאָדיסמענטן וועלכע זיינען אין זאַל נאָך מיין זינגען געפאַלן, זיינען אויך מסתם געווען מענטשן וועמעס הענט האָבן זיך נישט געהויבן צום קלאַפּן. און איך בין כלל נישט אויף זיי ברוגז, וואָרום אַזוי איז עס מיט יעדן קינסטלער, שרייבער, מוזיקער, מאַלער, קאָמפּאָזיטאָר, זינגער, שוישפּילער, טענצער — מעג ער זיין דער גרעסטער.

איך דאַרף דאָ באַמערקן, אַז איך האַלט זיך נישט פאַרן גרעסטן; איך בין לגמרי פריי פון אָט דער איינרעדעניש — דאָס איז ערשטנס. צווייטנס — האַלט איך כלל נישט פון אָנווענדן אָט די דאָזיקע טערמינאָלאָגיע אויף וועמען עס זאָל נישט זיין. איך האַלט, אַז מ׳קען אויף איינעם זאָגן „איינער פון די גרעסטע״, אָבער בשום אופן־ואופן נישט — „דער גרעסטער״. אויף

דעם דאָזיקן טיטל „דער גרעסטער", איז פאַראַן נאָר איינער — גאָט! ווייטער אָבער איז יעדער קינסטלער, שרייבער, זינגער, מאָלער, טענצער, סקולפּטאָר, שניצער, אַ קלאַס פאַר זיך. איינער מער איינער ווייניקער — דאָס און נישט מער.

דעם בעסטן קאָמפּלימענט פאַר מיין זינגען וואָס איך פיר מיט זיך פון קאַראַקאַס, און איך וועל אים לאַנג געדיינקען, איז פון וולאַדקען. איך דאַרף דאָ נישט דערציילן דעם אידישן לייענער ווער וולאַדקע איז. איר נאָמען אין שייכות מיט דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, איז ווייט און ברייט באַוואוסט אין דער גאַרער אידישער וועלט. גראַד האָט זיך אַזוי געמאַכט אַז אין דער זעלביקער צייט וואָס איך בין געקומען צופאָרן קיין קאַראַקאַס, איז פון ניו־יאָרק אויך אַהין געקומען וולאַדקע. עס טוט מיר לייד דאָ צו זאָגן, אַז אין ניו יאָרק איז אונז קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו באַקענען זיך, אָדער צו באַגעגענען זיך, ווייל — אָט דאָס איז ניו יאָרק! דער איז דאָ, און דער איז — דאָרטן. ווייל — רק מ'לויפט און רק מ'איז פאַרנומען...

נאָכן ערשטן העלפט פון מיין קאָנצערט, איז וולאַדקע אַריינגעקומען אין מיין אַפּרו־חדר און מיר אויסשטעקנדיק אַ האַנט, האָט זי ביים פאָרשטעלן זיך פאַר מיר געזאָגט: מיין נאָמען איז וולאַדקע. איך האָב אייך אין ניו יאָרק ביז איצט נישט געהאַט די געלעגנהייט זיך מיט אייך צו באַקענען, און האָב ביז איצט אויך נישט געהאַט די מעגלעכקייט אייך צו הערן זינגען, אַחוץ וואָס איך האָב געלייענט אייערע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס". וויל איך אייך זאָגן, פריינד ירדני, אַז נישט בלויז געפעלט מיר אייער זינגען, דער אופן ווי אַזוי איר טייטשט אויס אידישע און העברעאישע לידער, נאָר אויך אייער האַלטן זיך אויף דער בינע.

ס'איז געווען אַן אָנגענעמע באַגעגעניש.

„דער וועג", אַפּריל 6, 1957, מעקסיקאָ

# אחרי מות — אמת אמור!

עס זיינען פאַראַן ביי אידן פאַרשידענערליי פזמונים — אמת׳ע און פאַלשע, קלוגע און פאַרפירערישע, געזונטע און שעדלעכע. און מאָדנע: דווקא די פאַלשע, פאַרפירערישע און שעדלעכע פזמונים נעמען זיך אָן און פאַרשפּרייטן זיך פיל שנעלער, ווי די אמת׳ע, קלוגע און געזונטע פזמונים?

איינער פון די פאַלשע, פאַרפירערישע און שעדלעכע פזמונים, איז דער מילי־מיליאָסן־איבערגעקייטער פזמון: „אחרי מות — קדושים אמור", וואָס שטייט אין ערגעץ נישט געשריבן!

קיינער ווייס נישט, ווער ס׳איז זיין „דערפינדער" געווען, אָבער קיין „נאַר" האָט ער נישט געדאַרפט זיין. ער האָט אויך, לויט אַלע „וואַרשיינ־לעכקייטן", געמוזט זיין אַ „איד" אַ סוחר, אַ קרעמער, אַ ליוועראַנט, — פון דעם „סאָרט", וואָס מען „פרעגט" אויף זיי און, וואָס הלוואַי וואָלטן זיי נישט געווען! — אָדער גאָר אַ פּראַצענטניק, אַ וואָכערניק און אפשר טאַקע נאָך — אַן אַנזעצער...

איך האָב אַ חשד, אַז דער דאָזיקער „פּיפּיקער איד" איז אַ היפּש ביסל זינד און חטאים אין זיין טעגלעכן לעבן באַגאַנגען און, ווײַלנדיק באַוואָ־רענען זיך, ניט אַזוי מיט יענער וועלט (ווייל אַזאַ „איד" געוויינלעך פּייפט אויף יענער וועלט און האָט מיט גאָט אַ קנאַפּע שייכות!) ווי מיט דער וועלט, ציטערנדיק, אַז מ׳זאָל נאָכן טויט אויף דער וועלט ניט ריידן קיין שלעכטס אויף אים, איז אים איינגעפאַלן דער פזמון: „אחרי מות — קדושים אמור!" און דער ליגן, אין זיין פולער גרויסקייט, פאַלשקייט און פאַרפירערישקייט, האָט זיך שנעל אָנגענומען און זיך פאַרשפּרייט, ביז אַ גרויסער טייל מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז דאָס איז אַ „דין" פון דער תורה? אָבער עס הויבט זיך נישט אָן און עס לאָזט זיך נישט אויס...

אויך די מעשה ביי אונז מיט „שוכן עפר", איז אַ היפּש ביסל איבער־טריבן און איבערגעזאַלצן געוואָרן! עס וואָלט געווען זייער טרויעריק, ווען עס וואָלט ווירקלעך טאַקע געווען אַזוי, אַז יעדער איינער וואָס איז אַ „שוכן עפר", איז אַ — קדוש?

אַ שיינעם פּנים וואָלט די מענטשהייט געהאַט, ווען יעדער זשוליק,

יעדער פאַרברעכער, שווינדלער, אָפּנאַרער, גנב, אַנזעצער, פּראָצענטניק, וואָכערניק, בלוט־זויגער, עקספּלוטאַטאָר און קאַלטער גזלן, — שוין ניט ריידנדיק פון אַזעלכע מאַסן־מערדער, ווי אַ המן, אַ טאָרקוועמאַדאַ, אַ כמעל־ניצקי, אַ פּעטליורא, אַ בולכאַאָוויטש, אַ דעניקין, אַ מאַכנאָ, אַ זעליאָנאָוו, אַ סטרוק, אַ היטלער, ימח שמם וזכרם! — איז וויבאַלד ער ווערט נאָר אַ „שוכן עפר", איז ער שוין אַ „קדוש" און מ'טאָר קיין שלעכט וואָרט אויף אים נישט זאָגן און מ'טאָר אים נישט אויפוואָרפן זיינע חטאים?!

וואָס איז דאָס פאַר אַ משונה'דיקע לאָגיק? ווער האָט עס אויסגע־טראַכט? אין וועלכן „ספר־פּראַלניק" שטייט עס אַזוי געשריבן? און אויב עס שטייט אַזוי יאָ ערגעץ געשריבן, צי איז עס נישט די העכסטע צייט שוין צו רעווידירן אָט די משונה'דיקע לאָגיק? אַ שיינע מעשה! אַ מענטש וועט אָפּטאָן כל־דבר־אסור און, ווי נאָר ער גיט אַ מאַך צו די אויגן, אַזוי ווערט ער תיכף אַ — קדוש? אָט האָסטו דיר אַ געשיכטע.

זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר ווערן: נישט יעדער וואָס שטאַרבט איז אַ קדוש! נעמט זיך עס גוט אַריין אין קאָפּ! הערט אויף צו ליגנערן זיך און אַנדערע! פאַרפירט נישט קיין מענטשן!

אַ קדוש איז בלויז דער, וואָס קומט אום אויף קידוש־השם; איינער וואָס איז זיך מקריב פאַר אַ צווייטן; איינער וואָס לויפט ראַטעווען זיין חבר און באַצאָלט מיט זיין לעבן — און מאַלע וואָס נאָך?

סתם אַ מענטש, וועלכער שטאַרבט, איז נישט קיין מאַרטירער! וואָרום יעדער פון אונז, וועט, איבער־הונדערט־און־צוואַנציק־יאָר פון היינט, זיין אַ „שוכן עפר", אָבער קיין קדושים וועלן מיר צוליב דעם נישט ווערן. פאַר־פאַלן! שטאַרבן מוז יעדער איינציקער — עס איז אַ געזעץ, וואָס טרעפט יעדן לעבעדיקן באַשעפעניש און עס מיידט קיינעם, אָבער קיינעם נישט אויס!...

שרייב איך עס אַלץ אין שייכות מיט קאָלעגע ליבמאַנ'ס עסיי וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם „צייטונגס־מאַן", מרדכי דאַנציס, וואָס איז געווען געדרוקט אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" און האָט אַרויסגערופן פאַרשידנ־ערליי מיינונגען אויף דער אידישער גאַס — און דער עיקר צווישן די לייענער פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט".

פון דער גרויסער צאָל בריוו, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין רעדאַקציע פון „וואָכנבלאַט" אין שייכות מיט יצחק ליבמאַנ'ס עסיי, וואָלט מען געקענט

צוגויפשטעלן עטלעכע נומערן „וואָכנבלאַט". אָבער אַזאַ לוקסוס קען זיך דערוויייל נאָך דאָס „וואָכנבלאַט" נישט פאַרגינען. הגם דער מאַטעריאַל וואָלט אָפּגעשפּיגלט אַ שטיק פונעם אַמעריקאַנער אידישן לעבן!

די מייסטע בריוו־שרייבער, זאָל דאָ געזאָגט ווערן, זיינען אין תוך איינ־שטימיק מיט קאַלעגע ליבמאַנ׳ס העכסט־טרעפלעכן פּאָרטרעט פונעם פאַר־שטאָרבענעם „צייטונגס־מאַן", וועלכער „איז געווען דער טיפּסטער און קאָנסעקווענטסטער פאַרשטייער פון די אַמעריקאַניש־אידישע צייטונג־שרייבער פון זיין דור, — אַ טיפּיש און קאָנסעקווענטער פאַרשטייער וועלכער האָט מיט ברוטאַלן ציניזם און מיט שיעור־ניט קלאָונישער ווירטואָ־זיטעט, ניט אויפגעהערט צו „לייסטן" פאַר זיך — קודם כל — און פאַר אונזער צייטונג־אינדוסטריע ביזן לעצטן טאָג פון זיין זיבן־און־זעכציקסטן לעבן־יאָר. אָבער, מאָדנע, כמעט אַלע פון די בריוו־שרייבער פאַרענדיקן מיטן זעלביקן רעפריין: „שוכן־עפר", וואָס איז לויט דער מיינונג פונעם שרייבער פון די שורות — אַ פאַלש איינגעזשט׳ט „לידל", וועמעס „טענער" סטאַרטשען אַרויס, ווי פאַרסטריגעס פון אַ ביליקער קלייד...

פון אַלע בריוו, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט מיר געגעבן צו לייענען, האָב איך אויסגעקליבן איינעם — און דווקא פון אַ לייענער, וועלכער שטימט איין מיט קאַלעגע ליבמאַנ׳ען צום ווייניקסטנס, אָבער אויך אָט דער לייענער אפילו, פאַרגעסט נישט צו פאַרענדיקן זיין לאַנגן בריוו, וואו ער שטרענגט זיך אָן מיט אַלע זיינע כוחות צו פאַרטיידיקן דעם פאַרשטאָרבענעם „צייטונגס־מאַן", מיטן פאַלשן און פאַרפירערישן רחמנות־לידל: „שוכן עפר".

אַן אַדוואָקאַט וואָלט דעם דאָזיקן בריוו־שרייבער, מר. יוסף זילבער־שטיין, געשטעלט די פּשוט׳ע פראַגע: אויב איר, מר. זילבערשטיין, זיינט טאַקע אַזוי טיף איבערצייגט אין דער אומשולד פונעם פאַרשטאָרבענעם „צייטונגס־מאַן" און איר באַטראַכט די אַלע חטאים, וועלכע דער שרייבער יצחק ליבמאַן האָט אויסגערעכנט אויף אים אַלס אַ „ניט־עלעגאַנטע אַטאַקע", טאָ צו וואָס זוכט איר אַרויסצורופן רחמנות מיטן פאַלשן לידל „שוכן עפר", וועלכן איר חזר׳ט איבער עטלעכע מאָל אין אייער בריוו?

רחמנות בעט מען ביי אַ זשורי אָדער ריכטער, בלויז דעמאָלט, פאַר איינעם, וועלכער איז דעם פאַרברעכן באַגאַנגען און איז געפונען געוואָרן שולדיק, אָבער ווען איינער איז דורכאויס אומשולדיק — פאַר אים בעטן

נישט די אַדוואָקאַטן קיין רחמנות, נאָר פאָדערן פון דער זשורי און פונעם ריכטער אַבסאָלוטע גערעכטיקייט!

אייער איבער׳חזר׳ן עטלעכע מאָל דאָס פאַלשע לידל „שוכן עפר", וואָלט דער אַדוואָקאַט געזאָגט צום אויבנדערמאָנטן בריוו־שרייבער, איז אַ קלאָרער באַווייז, אַז די חטאים וועלכע דער שרייבער יצחק ליבמאַן האָט אויסגע־רעכנט אויף דעם פאַרשטאָרבענעם „צייטונגס־מאַן", זיינען נישט קיין אויסגעטראַכטע! נאָר וואָס דען? איר, מר. זילבערשטיין, האַלט, אַז „ס׳איז ניט שיין בודק זיין די ציצית פון אַ שוכן עפר", מעג דאָך אַן אַנדערער אויך האַלטן פונקט פאַרקערט!

דער אַדוואָקאַט וואָלט אויך געפרעגט ביים גוטן בריוו־שרייבער: פון וואַנען ווייסט ער עס אַזוי אויף זיכער, אַז „קיינער פון די געוועזענע געטרייע לייענער פונעם פאַרשטאָרבענעם, זיינען נישט געווען פאַר־אינטערעסירט צו געפינען חסרונות ועוונות אחרי מותו"? אפשר האָבן זיך געפונען אַ „פּאָר" לייענער, וועלכע זיינען גראָד יאָ געווען פאַראינטערע־סירט?

דער בריוו־שרייבער וואַרפט אויף פאַר יצחק ליבמאַנ׳ען, אַז זיין „אַטאַקע" אויפן פאַרשטאָרבענעם „צייטונגס־מאַן", שטאַמט פון „פּערזענ־לעכע תרעומות און פּרעטענזיעס" און ער באַנוצט זיך דערביי מיט אַן אַלטן אידישן ווערטל פון אונזערע חכמים: „בנפול אויבך אל תשמח".

עס טוט מיר לייד צו זאָגן דאָ דעם חשוב׳ן בריוו־שרייבער, אַז אין דעם פאַל שטים איך גראָד נישט איין מיט אונזערע חכמים... ווען היטלער, ימח שמו וזכרו, האָט אַנגעלייגט מיטן קאָפּ און ס׳איז געקומען די וויסטע מפּלה פון גאַנץ דייטשלאַנד, האָב איך זיך שוין גאָר, גאָר שטאַרק געפרייט!! און ווען מיינער אַ שונא, זאָל זיין אפילו אַ קלענערער ווי דער ימח־שמו׳ניק, נעמט איין אַ מיתה־משונה, שעם איך זיך אויך נישט צו פרייען! ווייל — צו וואָס זיין אַ היפּאָקריט? — נקמה איז זיס...

אָבער מער פון אַלץ האָט מיך פאַראינטערעסירט מר. זילבערשטיינ׳ס בריוו מיט עפּעס אַנדערש: די מעטאָדע וואָס דער אַמעריקאַנער אידישער „קורא־נכבד" האָט איבערגענומען פונעם אַמעריקאַנער קונה: „דהי קאַסטאָ־מער איז אָלוועיז ראַיט"!

צום ביישפּיל: מר. זילבערשטיין זאָגט בפירוש אין זיין בריוו, און ער חזר׳ט עס איבער עטלעכע מאָל, אַז „כאָטש איך בין אַ פּשוט׳ער לייענער, ניט

זייענדיק אין דער קאַטעגאָריע פון אַ פּראָפעסיאָנעלן שרייבער, נעם איך מיר דאָס רעכט צו רעאַגירן און פּראָטעסטירן״ א. אַז. וו., דערנאָך קומט ווידער עטלעכע מאָל די באַטאָנונג: „איך האָב דעם פאַרשטאָרבענעם דאַנציס׳ן פּער־זענלעך כמעט נישט געקענט, אַחוץ איינמאָל, מיט אַן אַכט־ניין יאָר צוריק, האָב איך אים געהערט ריידן אויף דער טריבונע פון קופּער־יוניאָן, לטובת ארץ־ישראל. פון דעם וועט זיין קלאָר, אַז איך האָב מיט דאַנציס׳ן ניט געהאַט קיין שום קרובה׳שאַפט, פּערזענלעכן אינטערעס און געמיינשאַפטלעכעס, איך בין צו אים לגמרי אַ פרעמדער״.

און דאָך, און פּאָרט, כאָטש מר. זילבערשטיין איז אַ „פּשוט׳ער לייענער״, און כאָטש „ניט זייענדיק אין דער קאַטעגאָריע פון אַ פּראָפעסיאָנעלן שרייבער״, און כאָטש ער האָט „דעם פאַרשטאָרבענעם דאַנציס׳ן פּערזענ־לעך כמעט נישט געקענט״, און כאָטש ער האָט קיין שום „געמיינשאַפט־לעכעס מיט אים נישט געהאַט״ און ער איז אים „לגמרי אַ פרעמדער״ — איז ניט געקוקט פונדעסטוועגן אויף דעם אַלעמען: נעמט ער זיך אַלע רעכט „צו רעאַגירן און פּראָטעסטירן״ און ער ווייסט אויך צו זאָגן, „אַז ער (דאַנציס) איז געווען אַ גלענצנדער און הויך־באַגאַבטער שרייבער, וועלכער האָט געשריבן אויף טעמעס, וואָס זיינען געווען אינטערעסאַנט און אַטעם־פאַר־כאַפּנד״ און, אַז „דאַנציס איז געוועזן אומדערשראָקן אין זיין גערעכטן קריטיסיזום (דער בריוו־שרייבערס אייגענער אויסדרוק און מיין קורסיוו — מ. י.), ווען ער האָט געזען שענדלעכקייטן אויף דער אידישער גאַס״ א. אַז. וו.

פרעגט זיך אַ פראַגע: אויב דו, „פּשוט׳ער לייענער״, נעמסט זיך דאָס רעכט „צו רעאַגירן און פּראָטעסטירן״, אַרויסצוזאָגן מיינונגען און געבן אָפּשאַצונגען איבער אַ מענטשן, וועלכן דו האָסט, ווי דו אַליין גיסט צו, „פּערזענלעך נישט געקענט״ און האָסט מיט אים קיין שום „געמיינשאַפט־לעכעס נישט געהאַט״, טאַ פאַרוואָס טאָר אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער אויך זיך נישט נעמען די זעלביקע רעכט אויף צו רעאַגירן, אַרויסצוזאָגן מיינונגען און געבן אַן אָפּשאַצונג, איבער אַ מענטשן, וועלכן דער שרייבער האָט פּערזענלעך גראָד יאָ געקענט און יאָ מיט אים געהאַט געמיינשאַפט־לעכעס ?! וואו איז דעמאָקראַטיע, מר. זילבערשטיין ?

איך וויל אויך פרעגן ביים חשוב׳ן בריוו־שרייבער נאָך אַ פראַגע: ווער דיינקט איר, ווייסט בעסער, וואָס עס טוט זיך אין דעם געקעכטס — די

באַלעבאָסטע, וועלכע גרייט צו דאָס געקעכטס, אָדער דער מאַן ? ווער איז אַ גרעסערער מבין צי איינער איז „אַ גלענצנדער און הויך באַגאַבטער שרייבער" — אַ „פשוט'ער לייענער", אָדער אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, וועלכער קען אַלע „שמד־שטיק" פון שרייבער־פאַך ? ווער קען מער עדות זאָגן צי דער אָדער יענער שרייבער „איז געווען אומדערשראָקן אין זיין גערעכטן קריטיסיזום" — אַ „פשוט'ער לייענער", אָדער אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, וועלכער איז אַ מבין אויף אַ „טשאַד" ? ווער ווייסט מער אויף וואָס פאַר אַן אופן די אָדער יענע טעמע ווערט צוגעשניטן פון דעם אָדער יענעם שרייבער — אַ „פשוט'ער לייענער", אָדער אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, וועלכער ווייסט וואָס עס טוט זיך אין אַ רעדאַקציע און איז אויסגעקאָכט מיט יעדן איינציקן שרייבער ?

ווייסט איר, מיין טייערער מר. זילבערשטיין, אַז בעת איר האָט אַזוי שטאַרק אָנגעקוואָלן פון דאַנציס'עס אַרטיקלען אויף „טעמעס, וואָס זיינען געווען אינטערעסאַנט און אַטעם־פאַרכאַפּנד", וואו ער האָט אויף אַ מעלאָדראַמאַטישן שטייגער געבראַבאַנעוועט קעגן די „ביוראָקראַטן", „קהל'שע קלימאַקעס", „טשינאָווניקעס" און „פּובליסיטי־פויקערס" אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע, — „שטאַרקע" אַרטיקלען מיט וועלכע ער האָט דעם נאַאיוון אידישן לייענער גענומען אויפן „זיכער" — איז ער אַליין, דער פאַרשטאָרבענער „צייטונגס־מאַן", געווען: דער גרעסטער ביוראָקראַט, דער גרעסטער טשינאָווניק, קהל'שע קלימאַקע און מער פון אַלץ — פּובליסיטי־פויקער, וואָס די אידישע שרייבער־גאַס אין אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן !

אויב איר ווילט נישט גלויבן דעם שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט געקענט דעם פאַרשטאָרבענעם „צייטונגס־מאַן" פון „צו האַוזע", אַרבעטנדיק מיט אים אין „טאָג" פאַר גאַנצע צוואַנציק יאָר צייט, טאָ פרעגט זיך, זייט מוחל, אָן ביי אַנדערע אידישע שרייבער — דער עיקר ביי משה שטאַרקמאַן'ען, אַ לאַנג־יאָריקער מיטאַרבעטער פון „טאָג", וועמען ער איז ממש דערגאַנגען די יאָרן, און ביי נאָך אייניקע „טאָג"־מיטאַרבעטער !

איך, גאָט צו דאַנקען, בין געווען אין אַ לאַגע צו זאָגן צום דאָזיקן פּובליסיטי־פויקער, וועלכער איז דורך עפּעס אַ צופאַל, פלוצלונג, געוואָרן דער „רעדאַקטאָר" פון „טאָג": — און ווען ער וואָלט אין תוך געווען אַ מענטש, וואָלט ער זיך דורך דעם דאָזיקן צופאַל געקענט געווען אויסקויפן אַלע זיינע זינד ! — „הענדס אָף" ! „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" (דאַטע אומבאַקאַנט), נ. י.

# צפת, די שטאָט פון אַמאָליקע מקובלים

די ענלעכקייט פון צפת אויף ירושלים איז ביז גאָר אַ מערקווירדיקע, סיי אין דער נאַטור שיינקייט, און סיי אין דער קדושה. די הויכע בערג וואָס הייבן זיך איבערביידע שטעט פון אַלע זייטן און מאַכן זיי אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, אונטערשטרייכן ביז גאָר די דאָזיקע ענלעכקייט.

אין דער אידישער געשיכטע, איז צפת געוואָרן באַרימט צוליב דעם, וואָס זי איז פאַר יאָרן לאַנג געווען אַ צענטער פון די מקובלים. אין צפת האָט זיך די קבלה אַנטוויקלט און פון איר האָט זי זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. די הייסע ליבע און די טיפע בענקשאַפט פון די פייערדיקע מקובלים צו ארץ ישראל, און איבערהויפּט צו צפת, איז געווען גאָר אין לשער!

אין זעכצנטן יאָר הונדערט האָט זיך צפת געפונען אויף אַ גאָר הויכער מדרגה. עס איז דערפאַר וואָס עס האָבן דעמאָלט געלעבט דאָרט, די גרעסטע אידישע גאונים. מענטשן, וועמענס איינפלוס אויפן אידישן לעבן, האָט זיך געצויגן ווייט אַריבער די גרעניצן פון ארץ ישראל.

צפת איז רייך אין אַלטע שולן און בתי מדרשים און איז איינגעוויקלט אין מאַסן לעגענדעס. עס ווערן דערציילט וועגן איר אָן אַ שיעור מעשיות, וואָס דאָס פאָלק טראָגט זיך מיט זיי אַרום. די קברים פון די סך צדיקים וואָס רוען אין איר, גיבן איר צו אַ ספּעציעלע הייליקייט אַזאַ און ביז גאָר אַ מיסטישן אויסזען.

צפת פאַרמאָגט דעם געזונטסטן קלימאַט אין גאַנצן לאַנד. די לופט איז דאָרט אַזאַ ריינע, אַזאַ לויטערע און אַזאַ געשמאַקע. זומער, ווען אומעטום איז שטאַרק הייס און מענטשן שוויצן, אַז עס איז אוממעגלעך גאָר אויסצו־האַלטן, איז אין צפת קיל און פריש און מחיה.

די הויכע בערג וואָס זעען אויס פון ווייטן, ווי קיילעכיקע יאַרמולקעס אויף די קעפּ פון פּאַטריאַרכאַלישע אידן, פון וואַנען עס בלאָזן פרישע, קילע ווינטעלעך אַלע ווײַלע, גיבן אייך דעם איינדרוק ווי מען וואָלט גענומען אומיסנע און זיי פון אַ זאַק אַלע מיט איינמאָל אויסגעשאָטן און זיי געלאָזן אַזוי ליגן דאָרט.

איך האָב געקלעטערט פון איין באַרג צום אַנדערן, און זיך ניט געקענט אָנזעטיקן גאָר גענוג מיט דער שיינקייט אַרום און די זיסע פאַר׳שיכור׳־נדיקע ריחות וואָס האָבן אין דער לופט זיך געטראָגן.

איך דערמאָן זיך, אָט שטיי איך אויף איינעם פון די הויכע גליל־בערג און קוק ווייט צו דרום זייט צו, וואו דער באַרימטער באַרג „תבור״ געפינט זיך. אויף דעם אָרט האָט דבורה הנביאה גאַנצע פערציק יאָר גע׳משפט דאָס אידישן פאָלק. פון דאַנען האָט זי אויך אָנגעפירט די גרויסע מלחמה קעגן סיסרא.

און אָט שטיי איך ווידער און קוק אַזוי אַריבער צו מערב זייט צו, וואו דער פּרעכטיקער באַרג „עצמון״ געפינט זיך. אויף דעם דאָזיקן מאַיעס־טעטישן באַרג, דערציילט אונז די לעגענדע, האָט ר׳ שלמה אַלקביץ פאַר־פאַסט זיין באַרימט געוואָרענעם שיר „לכה־דודי״, וועלכע איז פון די שענסטע רעליגיעז מיסטישע לידער ביי אונז. מיט דעם דאָזיקן שיר באַגעגענען מיר די „פרינצעסין שבת״.

מיר דאַכט זיך אַז שטייענדיק דאָרט אויף אַ שפּיץ אויף איינעם פון די פּרעכטיקע גליל־בערג, האָב איך קלאָר געזען פאַר זיך שוועבן דעם פּאָעטישן געשטאַלט פון ר׳ שלמה אַלקביץ מיט טיף פאַר׳חלומ׳טע פאַר־בענקטע אויגן. אין מיינע אויערן האָט אָפּגעקלונגען דער צויבערהאַפטער „לכה דודי״ געזאַנג, וואָס האָט זיך געגאָסן פון זיין זיסן מויל אַרויס. זיין מעלאָדישע שטימע האָט אָפּגעקלונגען ווייט אַריבער די בערג, און מיט גרויס באַגייסטערונג האָט זי זיך צעגאָסן!

די לעגענדע דערציילט אונז, אַז אַ געוויסער אַראַבער האָט זיך מתקנא געווען אויף דער גרויסקייט פון ר׳ שלמה אלקביץ און ער האָט אים גע׳הרג׳עט. פון שרעק האָט דער אַראַבער אים באַגראָבן אונטער אַ פייגנ־בוים ביי זיך אין זיין גאָרטן. דער בוים האָט גענומען צייטיק ווערן פאַר דער צייט און עס האָט אָנגעהויבן אַרויסצובערענגען די שענסטע און בעסטע פּרוכטן. דער וואונדער איז דערגאַנגען ביז צום פּאַשאַ פון שטאָט און ער האָט דעם אַראַבער געשיקט רופן צו זיך אויסצוגעפינען ביי אים די סיבה, וואָס דער בוים גיט אַזעלכע גוטע פּרוכטן פאַר דער צייט. דער אַראַבער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט גע׳הרג׳עט דעם אידישן „חכם״ אלקביץ און אים באַגראָבן אונטערן בוים, און דאָס איז די אורזאַך וואָס די פּרוכטן ווערן רייף פאַר דער צייט און זיינען אַזוי באַ׳טעמ׳ט. דער פּאַשאַ האָט געהייסן

דעם אַראַבער אויפהענגען אויף דעם זעלביקן בוים, און זייט דעמאָלט האָט דער בוים אויפגעהערט צו בליען און מער קיין פרוכט ניט געבראַכט.

ווי באַוואוסט, ווערט די דאָזיקע לעגענדע אויך דערציילט אויף ר׳ שלמה אבן גבירול, דעם גרויסן העברעאישן פּאָעט פון שפּאַניע. אָבער די דאָזיקע לעגענדע איז אין מויל פונעם פאָלק שטאַרק פּאָפּולער איבער אַלקביצ׳ן ניט ווינציקער ווי איבער אבן גבירול.

דאָס יאָר וואָס אַלקביץ איז געשטאָרבן איז ניט באַקאַנט. פונקט ווי עס איז ניט באַוואוסט אַקוראַט, ווען און וואו ער איז געבאָרן. מען ווייס אָבער, אַז ער איז געשטאָרבן אין אַ הויכן עלטער. זיין קבר געפינט זיך נאָענט לעבן די קברים פון דעם „הארי הקדוש״ און דעם „בית יוסף״, וואָס מען קען זען ביז היינטיקן טאָג אין צפת.

ניט ווייט פון צפת אין דעם דאָרף מיראָן, געפינט זיך אויך דער קבר פון רבן שמעון בן־יוחאי, די קרוין פון די מקובלים. אין טאָג פון ל״ג־בעומר קומען זיך צונויף מענטשן פונעם גאַנצן לאַנד אויפן קבר פון בן יוחאי. מ׳פּראַוועט דאָרט גאַנצע סעודות, עס שפּילן קלעזמער און דער עולם, דער עיקר פרומע אידן און חסידים, טאַנצן עטלעכע טעג כסדר. מען צעלייגט פייערן, מען שערט אָפּ יונגע קינדער די קעפּלעך; און עס קומט דאָרט פאָר אַ גרויסע שמחה לכבוד דעם גרויסן אידישן תנא.

יאָ, צפת, ווייס פון אַ סך שיינע לעגענדעס און רייכע פּאַסירונגען צו דערציילן. אָבער אַלץ פונעם אַמאָליקן לעבן. פונעם איצטיקן לעבן דאָרט האָט צפת גאָר ווינציק אייך צו דערציילן.

עס לעבן היינט צו־טאָג אין צפת אַן ערך פיר טויזנט אידן. אָרעם ביז גאָר. עס איז שווער אַזוינס זיך פאָרצושטעלן. די אַלגעמיינע אויפלעבונג פון לאַנד, האָט קיין צפת דערוויל נאָך ניט דעריגרייכט. דער פּאָגראָם פון 1929 האָט די שטאָט נאָך מער רואינירט און זי אינגאַנצן חרוב געמאַכט. אַ סך אידן האָבן זי פאַרלאָזט און זיך מער שוין ניט צוריקגעקערט. אַ גרויסע צאָל אידישע הייזער האָבן אין פּאָגראָם אָפּגעברענט. די אָרטיקע אַראַבער האָבן זיך נוקם געווען אין די צפת׳ער אידן מיט די גרעסטע רציחות. און עס וועט נאָך נעמען אַ היפּש ביסל יאָרן, ביז צפת וועט אַמאָל אויפגעריכטעט ווערן.

אין מיינע אויערן הערט ניט אויף צו קלינגען דער וויי־געשריי פון דעם יושב ראש פון דער צפת׳ער ועד הקהילה, מר. דוד שוב, צו דר. חיים ווייצמאַן, ווען ער איז געקומען אויף אַ זייער קורצן באַזוך אין צפת: „הכניסו

את עירנו במפת ארץ ישראל״ — ברענגט אַרויף אונזער שטאָט אויף דער לאַנד קאַרטע פון ארץ ישראל!

אויך הערט מיר ניט אויף צו קלינגען אין די אויערן אַ צווייטער ווײַ־געשריי צו דר. ווייצמאַן, וואָס איז געקומען פונעם מויל פונעם דירעקטאָר פון דער „אַנגלאָ־פּאַלעסטיין באַנק״ אין צפת, מר. זיידמאַן, אַ ליבער מענטש ביז גאָר: „הטבע הוא בעדנו, אבל המוסדות הלאומיים הם נגדנו״ — די נאַטור איז גראָד פאַר אונז, אָבער די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס זיינען קעגן אונז!

צפת קען גרינג אויפגעבויט ווערן. עס זיינען דאָרט פאַראַן אַ גרופּע מענטשן, וואָס זיינען מיט לייב און לעבן פאַראינטערעסירט, אַז צפת זאָל צוריק באַנייט ווערן און אויפגעבויט ווערן. אָבער וויבאַלד אַז קיין הילף קומט ניט פון דרויסן (פון ירושלים . . .), איז די גאַנצע מי פון דער איבערגע־געבענער גרופּע מענטשן אַרויסגעוואָרפן.

אַ פאַרלאָזענע, אַ פאַרשעמטע און אַ פאַרגעסענע פון אַלעמען, שטייט די אַמאָליקע צפת און וואַרט אויף אַ דערלייזער, וואָס זאָל קומען זי אויסלייזן, זי באַנייען און צוריק אויפבויען. מיט גרויס אומגעדולט וואַרט צפת אָט אויף יענעם גרויסן נס, וואָס האָט שוין געטראָפן ביז איצט מיט אַ סך אַזעלכע חרוב׳עווינקלען פון לאַנד. זאַמדיקע בערג, שטיקער וויסטע, קראַנקע זומפּן, וועלכע זיינען איבערנאַכט ווי דורך כישוף, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פרוכטבאַרע פעלדער, אין פּרעכטיקע שטעט און בליענדיקע דערפער און טאָלן!

„אידישער קוריער״, אַפּריל 30, 1939, שיקאַגאָ

# די אַמאָליקע אידישע בראַנזוויל

טויזנטער אידן מארבע פינות העולם, דער עיקר פון מזרח־אייראָפּע, פון רוסלאַנד, אוקראַינע, פוילן, ווייס־רוסלאַנד, רומעניע, ליטע, לעטלאַנד, עסטאָניע, פינלאַנד, גאַליציע, טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן, אָרעמע, קראַנקע, צעבראָכענע, נאַקעטע און באָרוועסע, מיט ליידיקע הענט, אָן אַ גראָשן געלט אין קעשענע, עלנט, אָן אַ שפּראַך, פרעמדע, געקומען קיין אַמעריקע, אינעם גאָלדענעם לאַנד, אינעם פרייען לאַנד, אינעם לאַנד פון גלייכהייט פאַר אַלעמען, און מ׳האָט אָנגעהויבן אויפצושטעלן געצעלטן: אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, באָסטאָן, דעטראָיט, באַלטימאָר, קליוולאַנד, מיט שווערער מי, פּיין און עלנטקייט.

אָט דאָס איז, אין איין קורצן משנה־זאַץ, די געשיכטע פון דער גרויסער אידישער אימיגראַציע אין אַמעריקע, פון איר אָנהויב ביז צו איר איצטיקער צעבליטקייט און צעשפּרייטקייט איבערן גאַרן לאַנד, וואָס ציילט היינט זעקס מיליאָן אידישע נפשות און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם רייכסטן און שטאַרקסטן אידישן ישוב אין דער וועלט.

מ׳דאַרף קיינעם נישט דערציילן וויפיל דער אידישער ישוב אין אַמעריקע (אַלע ווייסן עס, נאָר די פינסטערע אַנטיסעמיטן ווילן עס נישט וויסן) האָט ביז איצט צוגעטראָגן צום אַלגעמיינעם אויפבוי און וואוקס פונעם לאַנד — קאָמערציעל, אינדוסטריעל, פּאָליטיש, געזעלשאַפטלעך, קולטורעל, קינסטלעריש, ליטעראַטור, מוזיק, טעאַטער, יוריספּרודענץ, מעדיציניש, וויסנשאַפטלעך, און וואָס נישט ?

שרייב איך דאָ פאַר קיין פאַל ניט די געשיכטע פון די אידן אין אַמעריקע, און אפילו ניט בלויז פון דער שטאָט ניו־יאָרק אין איר גאַרן גרויסן פאַרנעם, נאָר פון איין באַרימטן ווינקל — אַ אידישער ווינקל, וואָס דורכאויס אידישע הענט האָבן מיט שווערער האָרעוואַניע, מיט אידישע כוחות און מוחות, אויפגעבויט און ער ליגט איצט אין אַשעס, חרוב־ונחרב: דער נאָמען פונעם דאָזיקן באַרימטן ווינקל איז בראַנזוויל.

בראַנזוויל ! ווער אין ניו־יאָרק איז נישט געווען באַקאַנט מיט בראַנזוויל — מיט דער אידישער בראַנזוויל ? איך זאָג אידישער „בראַנזוויל״, ווייל קיין אַנדער בראַנזוויל איז נישט געווען — און וועט שוין ניט זיין, מחמת יענע

אידן וועלכע האָבן געבויט בראָנזוויל זיינען שוין מער נישטאָ — און וועלן שוין מער ניט זיין. מחמת די היינטיקע אידן וואָס האָבן אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָרן אויפגעבויט סאָניסייד, וואודסייד, ריגאָ־פּאַרק, פּאָרעסט־הילס, גרעיט־נעק און נאָך אַנדערע שכונות אין לאָנג־איילאַנד זיינען נישט פונעם זעלביקן טייג, פונעם זעלביקן געוואַנט, פונעם זעלביקן שניט־אידן, וועלכע האָבן מיט יאָרן צוריק אויפגעבויט בראָנזוויל, באָראָ־פּאַרק, גרענד־קאָנקאָורס, אָדער די בראָנקס.

טויזנט מאָל ניין! די רייכע אויסגעשטאַטעטע צענטערס און טעמפּלען פון ריגאָ־פּאַרק, פּאָרעסט־הילס, אָדער גרעיט־נעק, זיינען נישט די זעל־ביקע שולן וועלכע אידן האָבן מיט יאָרן צוריק אויפגעבויט אין אַמאָליקן בראָנזוויל, אָדער באָראָ־פּאַרק. אין די פּאַלאַצדיקע צענטערס און טעמפּלען אין ריגאָ־פּאַרק, פּאָרעסט־הילס, אָדער גרעיט־נעק שפּילט מען בינגאָ, קאָרטן, מאַכט מען בעלער, און עס פּרעפּלען דאָרט ראַבאַיס מיט גלח׳ישע ביי־טענער, בעת אין די שולן אין בראָנזוויל און באָראָ־פּאַרק האָט מען געלערנט תורה, אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות, געזאָגט תהילים און עס האָבן גע׳דרש׳נט אידישע רבנים — רבנים אָן פּשרות, אָן וועלן נאָכטאָנצן די פּראָטעסטאַנטישע גלחים, נאָר „כדת־וכדין״...

נו, איך קען דאָ נישט אויסרעכענען און דערמאָנען די נעמען פון די אַריבער צוויי הונדערט אָרטאָדאָקסישע שולן און שולכעלעך וואָס בראָנזוויל האָט פאַרמאָגט, אָבער איך קען באין־אופן נישט פון מיין זכרון און פון מיינע אויגן אַרויסלאָזן אַזעלכע שולן וואָס האָבן גע׳שמ׳ט איבער גאַנץ ברוקלין און ניו־יאָרק ווי: די פּענסילווייניע עוועניו תלמוד תורה, די ניו־לאָטס עוועניו תלמוד תורה, און דער עיקר די סטאָן עוועניו תלמוד תורה, אויף סטאָון עוועניו לעם פּיטקין עוועניו — די „קאַרנעגי האָל״ פון בראָנזוויל פאַר די סאַמע באַרימטסטע חזנים, פּונקט ווי די רומענישע שול אויף ריווינגטאָן סטריט איז געווען פאַר די גרעסטע חזנים דער „קאַרנעגי האָל״ אויף דער „איסט־סייד״ אין ניו־יאָרק.

ווער אַשטייגער פון די גרויסע אַריבערגעקומענע חזנים פון אייראָפּע אין אַמעריקע האָט עס נישט געמאַכט זיין „דעביוט״ אין דער סטאָון עוועניו תלמוד תורה אין בראָנזוויל, אָדער אין דער רומענישער שול אין ניו־יאָרק?

אָנהויבנדיק פון יאָסעלע ראָזנבלאַט, זאַנוויל קוואַרטין, מרדכי הערש־מאַן, דוד רויטמאַן, משה שטיינבערג, בערעלע חגי, אליהו קרעטשמאַר,

קאַפּאָוו־קאַגאַן, משה קוסעוויצקי, שמואל וויגאָדאַ, ביז לייבעלע גלאַנץ, פּ. פּינטשיק און נאָך אַנדערע פון זייער קאַליבער.

די לעצטע צוויי חזנים, גלאַנץ און פּינטשיק, האָבן ממש באַהערשט בראַנזוויל; זיי האָבן זיך אַזויפיל אָנגעדאַוונט אין דער סטאָון עוועניו תלמוד תורה און אין בראַנזוויל בכלל מער ווי יעדער אַנדערער גרויסער חזן אין אַמעריקע. בראַנזוויל איז געווען זייער מלוכה, זייערע אידן. מ׳האָט דאָרט זיי ממש אויף די הענט געטראָגן.

יאָ, באַשיידנקייט אָן אַ זייט: אויך איך האָב געהאַט דעם כבוד צו מאַכן מיין ערשטן אויפטריט, מיין „דעביוט״ ווי אַ חזן אין דער סטאָון עוועניו תלמוד תורה און ס׳איז מיר אויך אויסגעקומען צו דאַוונען מער שבתים און ימים־נוראים׳ס אין בראַנזוויל איידער ערגעץ אַנדערש־וואו אין ניו־יאָרק.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם זומערדיקן שבת אין יאָר 1936, די האַרציקע בראַנזווילער אידן וואָס האָבן אָנגעפּאַקט די סטאָון עוועניו תלמוד־תורה, אַז ס׳איז נישט געווען אפילו וואו צו שטיין, די ערשטע רייע בענק זיינען געווען אויסגעזעצט מיט „מבינים״, „קריטיקער״, מיט „קאָמערטאָנס״ אין די הענט, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון חזנים, דיריגענטן, מוזיקער, מיט דעם מוזיק־קריטיקער פון „פאָרווערטס״ יוסף פּ. קאַטץ בראש, זינגער, משוררים; מ׳איז געקומען „בודק״ זיין מיין שטימע, מיין טאָן, מיינע מנגנ׳ישע — „ציצית״ און נוסח־התפילה.

איך האָב אַלעס געזען, מחמת דער הויפּט־דעה־זאָגער פון דער סטאָון עוועניו תלמוד תורה, מר. הערי הענדלער, וועלכער איז גאַנצע פערציק יאָר אָפּגעווען דער פּרינציפּאַל און דער קאָפּ פון דער תלמוד תורה, ווען קינד־און־קייט האָבן אין בראַנזוויל געקענט, איז באַשטאַנען דערויף אַז איך זאָל דאַוונען מיטן פּנים צום עולם — בלויז צו „ברכו״ און צו דער שטילער „שמונה־עשרה״ זאָל איך זיך אויסקערעווען מיטן פּנים צום מזרח־וואַנט.

ערשט מיט אַ פיר יאָר צוריק האָב איך אין מיאַמי ביטש ביי מיינעם אַ קאָנצערט באַגעגנט אָט דעם פּיינעם, איידעלען האַרציקן און וואַרעמען איד וואו ער האָט מיר שטאַרק געדריקט מיין האַנט און האָט דערביי אַ זאָג־געטאָן: „איך קען נאָך, חזן ירדני, אַלץ נישט פאַרגעסן אייער ערשטן פרייטיק־צו־נאַכט אין אונזער תלמוד תורה, אייער „קידוש״.

„יאָ״, האָב איך אים געענטפערט, „ס׳איז געווען אַ וואונדערלעכער דער־הויבענער שבת, וואָס איך וועל נישט פאַרגעסן אַזוי לאַנג ווי איך וועל

לעבן! זאָגט מיך איך בעט אייך, עלשטיין, דער וואָס האָט ביי אייך דיריגירט דעם גרויסן כאָר לעבט נאָך?" „ניין, מיין פריינט, ער לעבט שוין מער נישט, ער איז געשטאָרבן זייער יונג".

און איצט ליגט גאַנץ בראָנזוויל, די אידישע בראָנזוויל, אין אַשעס איינגעוויקלט אין קויט און שמוץ, חרוב־ונחרב, ווי נאָך אַ פּאָגראָם...

וואָס האָט פּאַסירט? עס האָט פּאַסירט מיט דער אידישער בראָנזוויל, אין ברוקלין, דאָס וואָס עס האָט מיט יאָרן צוריק פּאַסירט מיט דער אידישער האַרלעם אין ניו־יאָרק. דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם שיינעם געגנט דאָוגלעס בולוואַרד אין שיקאַגאָ, מיט דער צוועלפטער גאַס אין דעטראָיט, מיט די געגענטן סטראָבערי מענשאָן, ווינפילד אין פילאַדעלפיע, באָסטאָן, לאָס־אַנדזשעלעס, און נאָך אין אַנדערע גרויסע שטעט אין אַמעריקע.

עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין בראָנזוויל גאַנצע מחנות פון דער נעגערישער באַפעלקערונג צוזאַמען מיט פּאָרטאָריקאַנער, וועלכע האָבן ביסלעכווייז איבערגענומען די אידישע הייזער, די שולן, די געשעפטן, די גאַסן, ווי סטאָון עוועניו, פּיטקין עוועניו, ניו־לאָטס עוועניו, דומאָנט עוועניו, פּענסילווייניע עוועניו, בלעיק עוועניו, קורץ, גאַנץ בראָנזוויל. עס האָט לאַנג נישט גענומען און אַלצדינג איז געוואָרן חרוב־ונחרב. עס איז אַ ווייטיק אַזוי צו ריידן, אָבער פאַקטן זיינען פאַקטן, קיינער וועט עס נישט קענען אָפּלייקענען?

אַז איר קומט איצט אַריין אין בראָנזוויל, ווילט איר וואָס שנעלער פון דאָרט אַנטלויפן, די פענסטער פון די מערסטע הייזער זיינען אויסגעזעצט, פאַרקלאַפּט מיט ברעטער, די ווענט זעען אויס קויטיק און פאַרוואָרלאָזט, די קראָמען אויף דער אַמאָליקער רוישיקער רייכער און שיינער פּיטקין עוועניו זעען אויס ווי מצבות, פאַרהאַקט מיט אַלטע ברעטער, די טראָטואַרן זיינען פאַרוואַלגערט מיט אָנגעוואָרפענעם שמוץ, מיט אויסגעליידיקטע פלעשער פון בראָנפן און פושקעס פון ביר, צעבראָכן, צעלאָמעט; באַזעצט פון אַ באַפעלקערונג וואָס איר קענט אַנדערש נישט באַצייכענען ווי אָפּפאַל, די פאַרדאָרבנקייט שרייט אַרויס פון אַלע שפּאַלטן און לעכער, זנות און אויסגעלאַסנקייט, וואו שיכרות און אַלערליי פאַרטויבנדיקע נאַרקאָטיקס געוועלטיקן און באַהערשן די גאַסן, די צעבראָכענע שטיבער, אַז עס כאַפּט ממש אָן אַ שרעק.

פּיטקין עוועניו! ווער קען פאַרגעסן אַ שבת־צו־נאַכט, ווען אידן פון

פאַרשידענעם עלטער, מענער און פרויען, יונג און אַלט, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט שפּאַצירן, אָנקוקן די אַלערליי געשעפטן, די אויסגעפּוצטע שוי־פענצטערן! ס'אַראַ ענגשאַפט, ס'אַראַ געדרענג ס'איז געווען אויף די טראָטואַרן!

אַט שטייען גרופּעס אידן פאַר אַ גרויסן מוזיק־געשעפט, וואו מ'פאַרקויפט גראַמאַפאָנען, פּיאַנאָס, אַלערליי פּלאַסטינקעס. אינעווייניק אויף דער וואַנט פונעם שוי־פענסטער הענגט אַ גרויסער פּאָרטרעט פון חזן יאָסעלע ראָזנבלאַט, אויסגעפּוצט אין זיין חזנ'ישן־טראַכט.

אַביסל ווייטער אַוועק, נאָך אַ מוזיק־געשעפט וואָס פאַרקויפט די זעלביקע מוזיקאַלישע מכשירים און אינעווייניק אויף דער וואַנט פונעם שוי־פענסטער הענגט אַ גרויסע פּאָטאָגראַפיע פון חזן זאַנוויל קוואַרטין אויך אויסגעפּוצט אין זיין חזנ'ישן־קלייד.

נאָך ווייטער, ווידער, אַ מוזיק־געשעפט, וואו מ'זעט צוויי גרויסע פּאָרטרעטן פון די חזנים מרדכי הערשמאַן און דוד רויטמאַן אין זייערע חזנ'ישע בגדי־מלכות.

אינעם לעצטן מוזיק־געשעפט, וועלכער איז נישט ווייט פונעם ראָלאַנד־טעאַטער, זעט מען אין שוי־פענסטער די פּאָרטרעטן פון די סאַמע באַליבטסטע חזנים אין בראַנזוויל — פּ. פּינטשיק און לייבעלע גלאַנץ.

די גאַס, פּיטקין עוועניו, איז פול מיט אידישער נגינה, די לופט צעטראָגט איבער אַלע אַרומיקע גאַסן תפילה־געזאַנג: פּינטשיק'ס „רזא־דשבת" גייט נישט אַרונטער פון גראַמאָפאָן, טראָגט זיך נישט זיין זיס קול פון איין מוזיק־געשעפט, דערהערט זיך באַלד זיין געשמאַקער קול פון אַ צווייטן מוזיק־געשעפט. אַזוי אויך מיט לייבעלע גלאַנצ'ס באַרימטן „שמע־ישראל" פון דער צווייטער „קדושה", מיט הערשמאַנ'ס „ברוך ד' ביום", וואָס צעגייט זיך אין אַלע אברים. אָט זינגט יאָסעלע ראָזנבלאַט זיין „רחם נא" פון בענטשן. און קוואַרטין לאָזט זיך הערן מיט זיין באַרימטן „אבינו מלכנו". הכלל, ס'איז לעבעדיק אויף פּיטקין עוועניו! אידן כאַפּן זיך אַריין דער אין דעם מוזיק־געשעפט, יענער אין יענעם מוזיק־געשעפט און מ'האַנדלט איין פאַרשידענע פּלאַסטינקעס.

מיט אַמאָל גיט זיך אַ צעזינג קאַרוסאָ, און פון אַ צווייטן מוזיק־געשעפט לאָזט זיך הערן שאַליאַפּין. אָט פאַלט אין מיטן אַריין איזאַ קרעמער מיט אירע האַרציקע, געשמאַקע אידישע פאָלקס־לידער. און ראָזאַ ראַאיסאַ, די

ביאַליסטאָקער מיידל וואָס האָט אָנגעשלאָגן צו דער אָפּערע, איז אויך נישט אָבי ווער.

און אָט מיט אַמאָל צעשפּילן זיך אויף זייערע פידעלעך — מישאַ עלמאַן און יאַשאַ חפץ! קען עמיצער האָבן אויסצוזעצן קעגן זיי, אַז פּיטקין עוועניו איז דורכאויס אַ אידישע גאַס, איר קענט דאָרטן נישט געפינען קיין גוי אפילו אויף אַ „רפואה"...

און דעריבער האָט מען בראָנזוויל גערופן: „ירושלים דאַמעריקע"!

אָט זע איך אויף פּיטקין עוועניו דעם גרויסן פּרעמיער־טעאַטער, וואו מ'ווייזט די בעסטע פילמס און עס קומען דאָרט אויך פאָר גרויסע קאָנצערטן מיט די גרעסטע חזנים, אָפּערע־זינגער, ווירטואָזן, שאַליאַפּין, מישאַ עלמאַן, איזאַ קרעמער, ראָזאַ ראַאיסאַ, מאַטוסעוויטש.

אָט קען מען זען אַ גרויסע אַפישע מיט רויטן טינט, מיט אידישע און ענגלישע אותיות, וואָס זאָגט אָן אַ קאָנצערט פון יאָסעלע ראָזנבלאַט מיט דער פּאָפּולערער פאָלקס־זינגערן, חנה'לע סטראַמבערג. ביידנס פּאָרטרעטן ליכטיקן אַראָפּ פון דער אַפישע, ר' יאָסעלע ראָזנבלאַט מיט זיין שיינער שוואַרצער באָרד, און חנה'לע סטראַמבערג מיט איר זוניקן פּנים און בלאָנדן קאָפּ־האָר, ווי אַ קרוין.

און אָט שפּאַצירט אַרום אויף פּיטקין עוועניו, איינער פון די באַליבטסטע אידישע שוישפּילער אין אַמעריקע, מיכאל מיכאַלעסקאָ, וועלכער שפּילט אין אַ דערפאָלגרייכער אָפּערעטע אין ראָלאַנד־טעאַטער, דער שטאָלץ פון דער אידישער בראָנזוויל — אַ גאַנצער מיליאָן דאָלער האָט דער טעאַטער אָפּגעקאָסט!

און פון אָסקאַר גרינס האָפּקינסאָן־טעאַטער, אויף האָפּקינסאָן עוועניו לעם פּיטקין עוועניו, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט שפּאַצירן דאָס באַרימטע שוישפּילער־פּאָרל מישאַ און לוסי נערמאַן!

ביידע אידישע טעאַטערס ווערן נאַכט־איין, נאַכט־אויס אָנגעפּאַקט מיט בראָנזווילער אידן, מענער און פרויען, וואָס זיינען באַקאַנט אַלס גרויסע „נאַשערס" פון אידיש טעאַטער, ווי אויך פון אידישע קאָנצערטן.

עס דאַרף דאָ, איידער איך פאַרגעס, דערמאָנט ווערן, אַז דער אַראָפּברענגער קיין בראָנזוויל פון שאַליאַפּינ'ען, איזאַ קרעמער, ראָזאַ ראַאיסאַ, גרעגעאָרי מאַטוסעוויטש, מישאַ עלמאַן, און פונעם קאָנצערט אין פּרעמיער־טעאַטער פון יאָסעלע ראָזנבלאַט מיט חנה'לע סטראַמבערג, ווערט

אויף די אַפּישן אָנגעגעבן איינער מיטן נאָמען: הערי דעל. שפּעטער מיט יאָרן האָב איך אויסגעפונען ווער דער הערי דעל איז געווען און וויפל געלט ער האָט דערלייגט מיט אַרונטערברייינגען די דאָזיקע דערמאָנטע אַרטיסטן קיין בראָנזוויל. ער האָט געוואָלט ווערן אַ צווייטער סאָול יוראָק, אָבער ער האָט דעם בראָנזווילער אידישן עולם געגעבן פון דאָס שענסטע און פון דאָס בעסטע אין דער אַרטיסטישער וועלט.

אַט שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס הויז מיטן גרויסן גלעזערנעם גאַנעק אויף דיומאָנט עוועניו, וואו עס האָט געוואוינט חזן דוד רויטמאַן באַלד נאָך זיין קומען אַהער אין אַמעריקע.

יאָ, נישטאָ מער די אַמאָליקע בראָנזוויל...

צייטונג און דאַטע — אומבאַקאַנט.

# א. תלוש

ווי ס'איז געקומען צו א. תלוש'ן, צו אַט דעם געזונטן בלאָנדן וואָלגאָ־קאַצאַפּ מיטן פאַרברענטן פויערישן פּנים, אַ האַרץ־קראַנקייט, האָב איך נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. אָבער דער משגיח איבער קרענק, פרעגט זיך ביי קיינעם נישט אָן: ער דיסקרימינירט נישט...

תלוש (טאַלוש), ווי ראובן אייזלאַנד, און נאָך אַנדערע, האָט צוליב זיין האַרץ־קראַנקייט געמוזט פאַרלאָזן ניו יאָרק און אַריבערפּעקלען זיך קיין מיאַמי ביטש, וואו דער וואַרעמער קלימאַט האָט אים פּשוט אויפגעהאַלטן ביים לעבן. די פרוי מיט דער טאָכטער זיינען געבליבן וואוינען אין ניו יאָרק. די פרוי האָט געאַרבעט און די טאָכטער האָט געלערנט זיך אין ניו יאָרקער סיטי קאָלעדזש. איינמאָל אַ יאָר פלעגט די פרוי מיט דער טאָכטער קומען אים באַזוכן. מער ווי איינמאָל האָבן זיי זיך נישט געקענט פאַרגינען, מחמת די הוצאות. ס'איז אַוודאי נישט געווען קיין פאַמיליע־לעבן, אָבער אַזוי האָט דער ביטערער מזל געוואָלט...

דער נאָמען תלוש מיינט אַן אָפּגעריסענער, און אויך אַ וואַגאַבונד — און אַ וואַגאַבונד איז ער געווען פון זיין יוגנט אָן. ער האָט טאַקע אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט דעם דאָזיקן נאָמען. ער האָט אָנגעהויבן זיין וואַגאַבונדיע פון

רוסלאַנד, פון דער ווייטער וואָלגאַ, אַוועקגעשפּאַנט צופוס קיין דייטשלאַנד, פון דאָרט קיין פראַנקרייך, אין דער שווייץ, איטאַליע, פּאַלעסטינע, צוריק אין דער שווייץ, ווידער אין פּאַלעסטינע, אַן אמת׳ער נע־ונד׳ניק, וואָגלער. ווען ער האָט אין פּאַלעסטינע אַריינגעכאַפּט אַ שווערע פּאַרציע „מאַלאַריע״, בויענדיג, אַלס חלוץ, שאָסייען, הייזער, איז ער מיט אַן „אָקסן־שיף״, אָדער פראַכט־שיף, געקומען קיין אַמעריקע — און דאָ האָט ער אויך נישט געלעקט קיין האָניק...

תלוש איז געווען אַ שרייבער פון קורצע לירישע דערציילונגען. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן נאָך אין רוסלאַנד אויף רוסיש. זיין ערשטע דערציילונג וואָס האָט אויף זיך דערפילט דעם טעם פון אידישע אותיות, איז געווען אַן איבערזעצונג אין העברעאיש, וואָס דער באַרימטער העברעאיש־אידישער פּאָעט און נאָוועליסט, זלמן שניאור, מיט וועמען ער האָט זיך באַקאַנט אין דער שווייץ, האָט איבערגעזעצט און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. קומענדיק אין אַמעריקע איז זיין איבערזעצער פון רוסיש אויף אידיש געוואָרן מ. אָשעראָוויטש.

תלוש האָט געדרוקט זיינע דערציילונגען אין „טאָג״, אין „טאָגעבלאַט״, אין „פאָרווערטס״, אין „מאָרגן זשורנאַל״, וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזט, אַבי צו פאַרדינען אַ פינפערל אָדער אַ צענערל. ביי דעם האָט עס געהאַלטן: מער ווי פינף אָדער צען דאָלאַר, האָבן די אידישע צייטונגען דעמאָלט נישט געצאָלט.

סוף־כל־סוף, האָט זיך תלוש אויסגעלערנט אידיש און ער האָט אַליין אָנגעהויבן צו שרייבן זיינע לירישע דערציילונגען אין אידיש און מער נישט געדאַרפט אָנקומען צו קיין איבערזעצער. ער איז געוואָרן אַ שטענדיגער מיטאַרבעטער אין „מאָרגן זשורנאַל״, וואו ער האָט געדרוקט סיי קורצע דערציילונגען און סיי לענגערע נאָוועלן און ראָמאַנען. דערצו איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פונעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין: דער קליינער געהאַלט האָט אים געהאָלפן שלעפּן דעם יאָך פון פּרנסה, מחמת דער שטענדיקער געהאַלט פון „מאָרגן זשורנאַל״ איז נישט געווען גענוג.

דאָס לעבן אין מיאַמי ביטש איז נישט געווען גרינג פאַר תלוש׳ן. ער האָט אַליין געדאַרפט קאָכן, צוגרייטן עסן, ראַמען, אָבער ער האָט זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט. איינער אַ רייכער איד האָט פון זיינעם אַ גאַראַזש

איבערגעבויט אַ „שטיקל" צימער פֿאַר תלוש'ן, וואו מער פֿון אַ בעטל, אַ טישל, צוויי בענקלעך, אַ פּאָר כלים, אַ רעפּרידזשערעיטאָר, אַ קליינע ראַדיאָ, איז נישט געווען. אייניקע פּרויען, מיט וועלכע ער האָט אין פּאַרק ביים ים געשלאָסן באַקאַנטשאַפֿט, פֿלעגן אים ברענגען: די אַ שטיקל עוף; די אַ ביסל סופּ; די אַ לעפֿל געקעכטס; יענע אַן אָפּגעבאַקטן טאָרטל, קיכעלעך, קאָמפּאָט, פּרוכט. און אַ פֿלעשל בראָנפֿן איז ביי אים אַלעמאָל געשטאַנען אויפֿן טיש. תלוש האָט געקאָנט „מאַכן אַ כוסה", ווי עס באַדאַרף צו זיין. פּרויען האָבן אים ליב געהאַט אי צוליב זיין בלאָנדן קאָפּ האָר, אי צוליב זיין שיין זינגען רוסישע לידער.

זייענדיק עטלעכע יאָר דער סעקרעטאָר פֿון י. ל. פּרץ שרייבער פֿאַראיין, האָט תלוש געוואוסט פֿון אַלע „שטוקעס" פֿון די אידישע רעדאַקציעס און מיט די האַנדלונגען פֿון יעדן איינציקן שרייבער באַזונדער. ער האָט געוואוסט יעדן איינעמס שוואַכקייט און געמיינקייט, רשעות־דיקייט און קליינלעכקייט — און אויך די מעלות־טובות פֿון דעם און פֿון יענעם אידישן שרייבער. ביי יעדער געלעגנהייט פֿלעגט ער מיר דערציילן פֿאַרשידענע עפּיזאָדן און „הינטער קוליסן סצענעס", וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף די עקזעקוטיווע־פֿאַרזאַמלונגען פֿונעם שרייבער־פֿאַראיין: די מעלות און חסרונות פֿון די פּרעזידענטן פֿון שרייבער־פֿאַראיין; די אַלערליי פּירעכצן, אינטריגעס, רכילות'ן, און ער פֿלעגט תמיד פֿאַרענדיקן מיט אָט דעם רעפֿרעין:

„פֿאָלגט מיך, ירדני, אַנטלויפֿט פֿון איסט בראָדוועי, איר דאַרפֿט זיי האָבן אויף כפּרות. איר וועט אַלעמאָל געפֿינען פּלאַץ אין זשורנאַלן אויף צו דרוקן אייערע אַרטיקלען, ווייל מיר האָבן נישט צווישן אונזערע שרייבער אַזעלכע, וואָס זאָלן קענען שרייבן וועגן מוזיק אויף אַזאַ אופֿן ווי איר שרייבט. גיט אַ שפּיי אויף די איסט בראָדוועיער צייטונגען, כל־זמן איר זענט נאָך יונג און אייער האַרץ איז גאַנץ".

אין די בריוו און קאַרטלעך, וואָס תלוש פֿלעגט מיר פֿון צייט צו צייט שרייבן, האָט ער אַלעמאָל איבערגע'חזר'ט דעם דאָזיקן רעפֿרעין. ער האָט געטראָגן אַ האַס אויפֿן י. ל. פּרץ שרייבער פֿאַראיין און אויף אַ סך סטעף־מיטאַרבעטער פֿון די צייטונגען. זיינע פֿאַרדרוסן זיינען נישט געווען קיין אומזיסטע, נאָר גאַנץ באַרעכטיקטע. יעדער איינער וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט אין אַ צייטונג, אַפֿילו ווען בלויז אַ „פּיטשור־שרייבער", ווי איך בין

געווען אַלס מוזיק־קריטיקער, אין „טאָג״, ווייסט און איז באַקאַנט געווען מיט די אַלע אינעווייניקסטע קליינלעכקייטן, רשעות׳דיקייטן און גראָבענישן פון איינעם איבערן צווייטן. אפשר איז עס אַזוי געווען אויך אין די וואַרשעווער אידישע צייטונגען, אין ווילנע און אין לאָדזש, אין ריגע און אין קאָוונע, אין מינסק און אין אָדעס? איך ווייס נישט. אויב יאָ, האָבן מיר זיך נישט מיט וואָס איבערצונעמען. איך האַלט נישט אַז אַזוי האָט עס געמוזט זיין, עס האָט געדאַרפט און געקענט זיין אַנדערש — שענער, איידעלער, מאָראַלישער...

און אָט איז געקומען אַ צייט, ווען תלוש איז געוואָרן אַזוי שטאַרק אָפּגעשוואַכט, אַז ער האָט שוין מער נישט געקענט אַליין אויף זיך אַכטונג געבן. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין אָרעם „פּאַלאַצל״ און אַריינקלייבן זיך אין דעם „בלעקסטאָן״ האָטעל, אַ היים פאַר עלטערע און קראַנקע מענטשן. איבעריק צו זאָגן, אַז ער האָט זיך פון דער דאָזיקער סיטואַציע געפילט שטאַרק דערשלאָגן, אָבער ער האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. ער איז געווען שטאַרק פאַרביטערט און באַליידיקט, פול מיט פאַרדראָסן אויף דער אַרומיקער אידישער סביבה, אויף די אַזוי־גערופענע „קולטורניקעס״ און „קאָכלעפל״, וועלכע קוקן זיך נישט אום אויף קיין אָרעמען פאַרלאָזטן אידישן שרייבער...

אין אַ שיינעם טאָג, האָט תלוש אַן עלנטער אויסגעהויכט זיין נשמה און איז פּטור געוואָרן פון אַלע זיינע צרות. וואָס ס׳איז געוואָרן פון אַלע זיינע ביכער און מאַנוסקריפּטן, ווייס איך עד־היום נישט. נישטאָ ביי וועמען אָנצופרעגן זיך, בלויז אפשר ביי איינעם אַ אידן, גאָלדבערג, וועלכער האָט זיך אַלעמאָל מתעסק געווען מיט תלוש׳ן און האָט אים ווי ווייט מעגלעך אַרויסגעהאָלפן אי מיט געלט און אי מיט אַ גוט וואָרט.

דאַרף מען גיין אויפזוכן דעם דאָזיקן פיינעם אידן און פּרובירן ביי אים אויסגעפינען: וואָס איז געוואָרן מיט תלוש׳עס „ירושה״ — די ביכער און די מאַנוסקריפּטן?...

„מאָרגן פרייהייט״, דעצ. 19, 1976

# ווען דאָס מעסער ליגט דיר אויפן האַלדז

אין דער ניו־יאָרקער פאַרשפּרייטער און איינציקער נאָכמיטאָג־צייטונג „ניו־יאָרק פּאָסט״ פון 10־טן יולי 1971, איז אין איינעם פון די לייט־אַרטיקלען געווען אָנגעגעבן דער ציפער, אַז אין די ערשטע זעקס חדשים פונעם יאָר 1971 זיינען אין ניו יאָרק פאַרגעקומען 714 מאָרדן. נו, עס האָט געהאַלטן אויף אַ האָר, אַז איך זאָל ווערן דער 715־טער קרבן — טאַקע נישט מער ווי אַ האָר...

געשען האָט עס אויף אַזאַ אופן. עס איז געווען אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, איך האָב געדאַרפט עמיצען זען אין אַ גרויסער געביידע מיט פאַרשידענע ביוראָס, וואָס געפינט זיך אין סאַמע קאָך פון דער ריזיקער ניו־יאָרק. איך בין אַריין אין עלעווייטער און אַ קוועטש געטאָן דאָס קנעפּל מיטן נומער זיבן און גלייך נאָך מיר איז אויך אין עלעווייטער אַריין אַ יונגער נעגערשער בחור פון אַ יאָר דריי־פיר און צוואַנציק, מיט אַ רויט העמדל, און אַזוי גיך ווי די טיר האָט זיך צוגעמאַכט און האָט אָנגעהויבן צו פאָרן, האָב איך דערהערט אַ „ציק״, און איידער וואָס ווען איז דער חברה׳מאַן שוין געשטאַנען נעבן מיר מיט אַ מעסער אויף מיין האַלדז. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל, מחמת ס׳איז געווען אַ שטאַרק הייסער טאָג, גיין אָן אַ קראַוואַט מיט אַן אָפענעם קאָלנער, אַזוי אַז דער שאַרפער מעסער איז מיר פונקט געלעגן אויפן הוילן האַלדז. אַ שניט — און איך בין פאַרטיק...

דער עלעווייטער האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט; דאָס האָט דער חברה׳מאַן מיט דער צווייטער האַנט זיינער אַ דריק געטאָן דעם אָפּשטעל־קנעפּל און דער עלעווייטער איז געבליבן שטיין. „גיוו מיר יור מאָני!״ (גיב מיר דיין געלט), האָט ער אין אַ קאַלט־בלוטיקן טאָן באַפעלן. אַלצדינג אין מיר איז ווי אָפּגעשטאַרבן געוואָרן, אָבער איך האָב זיך נישט פאַרלאָרן — און דאָס האָט מיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, ווי די פּאָליציי און די דעטעקטיוס האָבן מיר דערנאָך געזאָגט. אין מייסטע פאַלן הייבט דער קרבן אָן צו שרייען מחמת איבערגעשראָקנקייט, אָדער צו באַרען זיך מיטן אָנפאַלער, דעמאָלט פאַרענדיקט זיך זייער טראַגיש פאַרן קרבן. דאָס איז איינס אַוועק. צווייטנס די מייסטע אָנפאַלער האָבן מורא טאָמער כאַפּט מען זיי, הרג׳ענען זיי דעם קרבן ווייל זיי ווילן נישט אַז מ׳זאָל זיי דערקענען.

נאָכדעם ווי איך האָב אים אָוועקגעגעבן דאָס געלט, עטלעכע און פופציק דאָלאַר, האָט ער זיך געהייסן אים געבן מיין האַנט־זייגערל, און דערנאָך מיין פינגערל. ווען איך האָב אַזוי גיך נישט געקענט אַראָפּנעמען דאָס זייגערל האָט ער אים מיט אַ שטאַרקן כוח געגעבן אַ רייס־אַראָפּ, אַז איך האָב געפילט ווי די האַנט פאַלט מיר אַרונטער. אָפּגעפּאַרטיקט זיך, האָט דער עלעווייטער פלוצלינג אָנגעהויבן צו פאָרן ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים זעקסטן שטאָק, און ווען די אויטאָמאַטישע טיר האָט זיך אויפגעעפנט, איז דער חברה׳מאַן ווי אַ מויז שנעל נעלם געוואָרן.

דאָס איז, אין קורצן, די געשיכטע פון אַ דערפאַרונג מיטן טויט...

נו, יאָ, שפּעטער איז געקומען די פּאָליציי (איך האָב דער פּאָליציי נישט גערופן, נאָר די פאַרוואַלטונג פון דער געביידע), מיט דעטעקטיווס, מ׳האָט זיך ביי מיר גענומען אויספרעגן, ווי אַזוי דער אָנפאַלער האָט אויסגעזען, ווי אַזוי ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן, צי ער האָט געטראָגן שוואַרצע ברילן, פון וואָס פאַר אַן עלטער ער איז געווען, ווי אַזוי האָט געקלונגען זיין ענגליש, צי בין איך זיכער אַז ער איז געווען אַ שוואַרצער און נישט קיין פּאָרטאָ־ריקאַנער, הכלל, מ׳האָט מיך געהאַלטן אין איין אויספרעגן. איך האָב זיך געבעטן אי ביי דער פּאָליציי און אי ביי די דעטעקטיווס, אַז מ׳זאָל מיך צו רו לאָזן, אַז איך וויל וואָס גיכער אַהיים גיין...

און איצט, זאָל איך זאָגן, אַז ווען איך בין אַהיים געפאָרן בין איך געווען רואיק? בשום אופן נישט. עס האָט אין מיר געציטערט יעדער אבר. איך בין געווען איבערגעשראָקן ווי אַ האָז, און כאָטש עס איז געווען הייס אין סאָבוויי, אָבער מיר איז געווען קאַלט, ווי אינמיטן ווינטער. דריי טעג האָט געדויערט ביז איך האָב זיך באַרואיקט. באַרואיקט? ווי קען מען זאָגן באַרואיקט, אַז דער גאַרער לעבן־קאָמפּלעקס אין אַמעריקע געפינט זיך איצט אין אַ „פינסטערן תהום״? הפקרות פייפט אין אַלע גאַסן איבער דער פיל־מיליאָניקער שטאָט ניו יאָרק, ווען קיינער שעמט זיך שוין נישט מער צו באַצייכענען אַלס „ווילדער דזשונגל״. און אַוודאי קען עס באַצייכענען אַזוי איינער, וואָס האָט אויף זיין אייגענער הויט געפילט דעם טעם פון טויט דורך אַ באַנדיטישן מעסער...

מענטשן פרעגן מיך: ווי אַזוי פילט איר? וואָס טראַכט איר פונעם אָנפאַלער? און איך אַליין פרעג זיך אויך: זאָל איך זיין אויפגעבראַכט אויף דעם דאָזיקן שוואַרצן מערדער־יונג, וואָס האָט דעם מעסער צוגעלייגט צו

מיין האַלדז? זאָל איך פאַרדאַמען און טראָגן אַ האַס אויף דער גאַנצער שוואַרצער באַפעלקערונג אין אַמעריקע, וואָס איז אַרויס פון די „האָלאָבליעס" און זענען געוואָרן צעיושעט און ווייסן נישט קיין גרענעץ, וואו די „פרייהייט" וואָס זיי זוכן צו געווינען הייבט זיך אָן, און וואו זי לאָזט זיך אויס? מוז עס די „שוואַרצע רעוואָלוציע" אין אַמעריקע, פּונקט ווי אין רוסלאַנד און נאָך אין אַנדערע לענדער, באַגלייט און דורכגעפירט ווערן מיט אָנפאַלן אויף אומשולדיקע מענטשן, מיט ראַיאָטן, רויבערייען און מאָרדן?...

צוריק צום גזלנ'ישן יונגאַטש, וואָס איז אינמיטן העלן טאָג באַפאַלן מיר און צוגעלייגט אַ מעסער צו מיין האַלדז. געוויס איז מיר אַ גרויסער שאָד די טעלעכע און פופציק דאָלאַר, און נאָך אַ גרעסערער שאָד איז מיר מיין האַנט־זייגערל און דאָס פינגערל. ניין, עס גייט מיר נישט אין דעם, כאָטש איך בין גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ גביר. אָבער — די שרעק! די געפאַר אַז אָט, אומזיסט און אומנישט, פאַרלירסטו באַלד דיין לעבן — אָט אין דעם גייט עס! און עס גייט אויך אין דעם, וואָס אַזאַ רוצח גייט אַרום אויף דער פריי? וויפל נאָך אַנדערע וועט ער באַפאַלן און באַרויבן, ביז מ'וועט אים כאַפּן? און אַז מ'וועט אים שוין כאַפּן — איז וואָס? מ'וועט אים איינזעצן אויף אַ יאָר אָדער צוויי, צי פינף אַפילו, דערנאָך וועט מען אים באַפרייען און ער וועט זיך נעמען צוריק צו זיין טייוולאָנישער אַרבעט...

יאָ, גאַנץ אַמעריקע, און באַזונדערס ניו־יאָרק, געפינט זיך איצט אין אַ הפקר'דיקן צושטאַנד! זייער ריכטיק האָט אַנומעלטן אויף דער טעלעוויזיע איינער אַ פּראָפעסאָר זיך אויסגעדריקט: „אַמעריקע איז קראַנק, שרעקלעך קראַנק!" דאָס איז דער ריינער אמת. אַמעריקע ווערט צעפרעסן דורך אַ בהלה פון רויכערן, אַלקאָהאָל, נאַרקאָטיקס, קאָרופּציע, שווינדל, רויבערייען און מאָרדן...

שטעלט אייך נאָר פאָר: בלויז אין די ערשטע זעקס חדשים פונעם יאָר 1971, אין דער שטאָט ניו־יאָרק אַליין — אַריבער זיבן הונדערט מאָרדן! היינט וואָס איז מיט דעטראָיט, קליוולאַנד, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, באָסטאָן, לאָס־אַנדזשעלעס און נאָך אַנדערע גרויסע שטעט אין אַמעריקע? עס וואַרפט דאָך אָן אַ מרה שחורה אויף יעדן בירגער פון לאַנד. די צאָל אָנפאַלן און רויבערייען אויף די גאַסן, אין די עלעווייטערס, אין די סאָבוויס, אין די לאָבים, אין די פּריוואַטע וואוינונגען, אין די באַנקן און נאָך אַנדערע

פלעצער דערגרייכט מסתמא אין די טויזנטער. און עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז ווייט נישט אַלע אַנפאַלן און רויבערייען ווערן געמאָלדן צו דער פּאָליציי. דער עולם איז איבערגעשראָקן און מ׳וויל זיך נישט פּאַרטשעפּן נישט מיט דער פּאָליציי און נאָך מער מיט די רויבער. ס׳הייבט זיך אָן אַ מעשה מיט אויספאַרשונגען, מיט גיין אין פּאָליציי־סטאַנציעס, אין דעטעקטיוו־ביוראָס, מיט קוקן אויף פאָטאָגראַפיעס, אפשר וועט מען דער־קענען די רויבערס — פאַר וועלכן מ׳קען דערנאָך באַצאָלן מיטן לעבן. לאָזט עס איבער צו די אָנפאַלערס: זיי פירן אַ „חשבון" און ווייסן אַלעמאָל וואו אייך צו געפינען, און אויף וועלכן אַדרעס איר וואוינט...

יאָ, מיינע פריינט, דער חילוק פון לייענען און הערן דערציילן פון אַן אָנפאַל דאָ און אַ מאָרד דאָרט, ביז מ׳פילט דעם מעסער אויף דעם אייגענעם האַלדז, צי רעוואָלווער ביים קאָפּ, אויפן ברוסט אָדער ביים שלייף, איז אַזאַ גרויסער ווי פון הימל ביז דער ערד! צו זען דעם טויט פאַר די אויגן איז גאָר עפּעס אַנדערש פון לייענען אָדער הערן דערציילן וועגן דעם...

איך האָב אין מיין שטעטל אין אוקראַינע אַלס יונגער אינגל דורכגעלעבט אַ בלוטיקן פּאָגראָם, דורכגעמאַכט פאַרשידענע באַנדיטישע אָנפאַלן, דערפאַרונגען מיט מערדערישע פּעטליוראָוצעס, בולאַכאָוצעס. כ׳האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען ווי בלוט, אידיש בלוט, האָט זיך אינמיטן העלן טאָג געגאָסן אויף די גאַסן און אין די שטיבער, אויף די הויפן און אין די גערטנער, ווי מ׳האָט גערויבט און געשאָסן, ווי מ׳האָט מיט די הוילע שווערדן און קאָסעס צעהאַקט, צעשניטן און צעפליקט פנימער פון יונגע און אַלטע, מענער, פרויען און קליינע קינדער. זינט דעמאָלט זענען שוין אַוועק אַ סך יאָרן, אָבער די שאַרפע קאַרבן וואָס די דאָזיקע פּאַסירונגען האָבן איבערגעלאָזט אין מיין נשמה זיינען נישט אַוועק — זיי זיינען דאָ מיט מיר און אין מיר, זיי גייען און פאָרן מיט מיר מיט ווי איך גיב זיך אַ ריר און אַ קער. נישט בלויז האָבן מיינע אויגן צוגעזען די דאָזיקע שרעקלעכע פּאַסירונגען, נאָר איך האָב עס געפילט אויף מיין אייגענעם גוף און טראָג דעם בלוטיקן צייכן פון דער שיכור׳ער קויל וואָס אַ צעיושטער פויער האָט אויף מיר אויסגעשאָסן אויף מיין רעכטער פוס עד־היום. און איצט, מיט אַזוי־פיל יאָרן שפּעטער: אַ מערדערישער אָנפאַל מיט אַ מעסער אויף מיין האַלדז...

טראַגיש, זייער טראַגיש... דאָס לעבן אין אַמעריקע האָט אָנגענומען אַ

שרעקלעכע הפקר׳דיקע פאָרם, וואָס... ווער ווייסט וואוהין דאָס קען פירן. נישט שייך צו וואַרפן די גאַנצע שולד אויף סאָציאַלע אומשטענדן, אָרעמקייט, אָדער אומוויסנקייט. איך בין זיך פאַר אייך מודה ומתוודה, אַז אין מיינע אויערן קלינגט עס ווי אַ פאַרטיידיקונג מצד די אַלע „עקספערטן״. אויך איך האָב געליטן הונגער און קעלט; אויך איך האָב געליטן פון אָרעמקייט; אויך איך האָב אַלס יונגער אינגל געלעבט אין שווערע אומשטענדן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערנאָך בעת די צוויי רעוואָלוציעס, די קערענסקי און די באָלשעוויסטישע, און בעת דעם בלוטיקן פּאָגראָם און רויב־ און מאָרד־אָנפאַלן מצד פאַרשידענע גזל׳נישע אַרמייען און קלענערע באַנדיטן־גרופּעס, אָבער קיין רויבער און מערדער, קיין שויבן־ברעכער און ראַיאָטן־מאַכער, בין איך און נאָך אַנדערע אידישע אינגלעך ווי איך, נישט געוואָרן! אָט דאָס איז מיין קאַטעגאָרישער ענטפער צו די פאַרשידענע האַלבע און גאַנצע „עקספערטן״, האַלבע און גאַנצע „סאָציאָלאָגן״, וואָס זוכן מיט אַלערליי מיטלען און באַווייזן, אין צייטונגען, זשורנאַלן און גראָבע ביכער, וואַרפן די גאָרע שולד אויף די סאָציאַלע אומשטענדן, אָרעמקייט אָדער אומוויסנקייט פון דער איצטיקער הפקר׳דיקער צייט אין אַמעריקע...

איך ווייס, אַז אַ סך וועלן מיט מיר נישט בלויז נישט מסכים זיין, נאָר וועלן מיך באַטראַכטן פאַר אַ רעאַקציאָנער, אַ פינסטערלינג; איינער וואָס וויל נישט קוקן דעם „אמת אין די אויגן״. אַרט עס מיך נישט. דער „אמת״, מיינע פריינט, האָט פאַרשידענע פּנימ׳ער, און איך מיין, אַז דער פּנים פון מיין „אמת״ איז דער ריכטיקער. איך האָב פיינט „פוילע תירוצים״ — איבערהויפּט ווען די „פוילע תירוצים״ ווערן באַנוצט אויף צו פאַרטיידיקן גזלנים מיט מעסערס, רעוואָלווערן, רויבערס, שטעכערס און מערדערס...

דער פאַקט, וואָס דער אָנפאַלער, רויבער און מערדער איז „נעבעך, אַ יתום״, אַ שוואַרצער, וועמען אַמעריקע האָט געהאַלטן פאַרשקלאַפט און עקספּלואַטירט, גיט אים נאָך נישט קיין „הכשר״ אויף צו נעמען אַ מעסער אָדער אַ רעוואָלווער אין דער האַנט און זיך אַרויסלאָזן איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק אָדער פון אַנדערע שטעט אין אַמעריקע און באַפאַלן, רויבן און מאָרדן אומשולדיקע מענטשן! אַ רוצח איז אַ רוצח — צי ער איז אַ שוואַרצער אָדער אַ ווייסער. און עס איז פאַראַן נאָר איין מיטל פאַר אַ רוצח:

אַראָפּהאַקן אים דעם קאָפּ... די פֿראַגע איז: ווער זאָל עס טאָן — דער פּריוואַטער בירגער אָדער די מלוכה?

יאָ, די דאָזיקע איבערלעבונג וועל איך לאַנג געדענקען; עס איז נישט קיין „קיי־און־שפּיי" איבערלעבונג. די שרעק איז אַ צו האַרבע, און עס בלייבט אַ טיפֿער קאַרב...

„די שטימע", אויגוסט 7, 1971, מעקסיקאָ

# לאָס־אַנדזשעלעס

## רייזע־מאָטיוון

לאָס־אַנדזשעלעס ווערט נישט אומזיסט פֿון אַלעמען באַצייכנט אַלס די „קעניגין פֿון פּאַסיפֿיק". זי האָט דעם נאָמען כשר פֿאַרדינט. אין אַמעריקע איז נישטאָ נאָך אַזאַ פּרעכטיקע שיינע שטאָט.

ברייטע, ליכטיקע גאַסן; ווייסע, זויבערע הייזער; פּראַכטפֿולע, שיינע אַלייען; וואונדערלעכע, שלאַנקע פּאַלמען; גאָלדענע, זוניקע טעג; לויטערע, בלויע הימלען, פֿאַרבענקטע, ליבעספֿולע פֿאַרנאַכטן; אויסטערלישע, סומנע בערג; פֿאַרביקע, פֿייערדיקע זון־אונטערגאַנגען; שטענדיקער זומער, אייביקער פֿרילינג — אָט דאָס איז לאָס־אַנדזשעלעס!

איך בין זיך מודה: אויף אַזאַ שענקייט האָב איך זיך נישט געריכט. עס איז אַ חיות צו וואוינען דאָרט. מיר דוכט זיך, אַז דאָס לעבן קען דאָרטן פֿאַרלענגערט ווערן אויף צוויי מאָל אַזויפֿיל, ווי אין ניו־יאָרק.

לאָס־אַנדזשעלעס איז איינגעטיילט אין קוואַרטאַלן, איינער שענער פֿונעם אַנדערן. אַזאַ רייכקייט און אַזאַ רחבות איז נישט צו געפֿינען אין קיין אַנדער שטאָט אין גאַנץ אַמעריקע. עס דוכט זיך אייך אויס, אַז אין יעדן הויז דאָרט וואוינט אַ מיליאָנער. דער שטח וואָס טיילט אָפּ איין הויז פֿון דעם צווייטן און די רייכע, פּריצישע אַריינפֿאָרס, מיט די שורות צעוואַקסענע פּאַלמען, וואָס זעען אויס ווי שלאַנקע, פֿאַרשייטע, יונגע פּוילישע פּאַניענקעס מיט פֿיין־פֿאַרקעמטע קעפּ, וואָס קוקן כסדר פֿאַר׳חלומ׳ט צום בלויען הימל אַרויף; און די גרינע, סאַמעטענע לאָנען, ווי מיט גרינע פּליושענע טעפּיכער אויסגעבעט, לעבן יעדן הויז, שאַפֿן ביי אייך אָט דעם איינדרוק.

אָבער דאַרף איך אייך דערציילן, אַז נישט אַלע איינוואוינער וואָס לעבן אין לאָס־אַנדזשעלעס זיינען פילם־מאַגנאַטן, אָדער סתם מולטי־מיליאָנערן? עס וואוינען אין אַ סך פון אַט די דאָזיקע רייכע, פּרעכטיקע היימען און פּאַלאַצלעך, אַלע אין מעקסיקאַנישן סטיל, אויך „מיטעלע" מענטשן און אפילו גאַנץ געוויינלעכע אַרבעטער. די נאַטור ווייסט נישט פון קיין אָרעם און רייך. אַלע געניסן דאָרט פון דער אויסערגעוויינלעכער נאַטור־שיינקייט און רייכער רחבות'דיקייט, מיט וועלכע די שטאָט איז געבענטשט. די לויטער, וואַרעמע טעג, וואָס שפּיגלען זיך, ווי שאַרפע באַיאָנעטן אַנטקעגן דער גאָלדענער קאַליפאָרניער זון און צעגיסן זיך איבער אַלע ווינקעלעך פון דער ערד, איבער בערג און טאָלן און איבער ברייטע פיין־אויסגעבעטע אַספאַלטענע שליאַכן, וואו עס לויפן מיליאָנען אויטאָמאָבילן אַ טאָג, וואַרעמט אָן יעדן איינעם גלייך. און דער בלויער הימל, וואָס ווייקט זיך כסדר אין דינע, ווייכע שלייערן און שפּרייט זיך ווי טול און ציט זיך פון איין ראַנד צום אַנדערן, קוקט אַרונטער צום אָרעמען ווי צום רייכן. אויך די קילע, פאַרבענקטע, ליבעספולע פאַרנאַכטן, וואָס פילן אָן די לופט מיט שטימונג און עס הערן זיך אין דער לופטן קול־דממה־דקה־טענער, פאַרשאַפן דעם אָרעמען בירגער, נישט ווייניקער נחת, ווי דעם גביר, דעם מאַגנאַט, און די פרישע ווינטעלעך, וואָס בלאָזן אַלע ווײַלע פון די בערג און צעגייען זיך אין דער לופט מיט אַזויפיל באַ'טעמ'טקייט, ווי רויטע קאַרשן אין מויל פון אַ פאַרליבטן, זעטיקט אָן און פאַר'כשופ'ט יעדן איינעם. דאָס זעלביקע איז מיט די פאַרביקע זון־אונטערגאַנגען וואָס מאַכן אונזערע הערצער אויפציטערן.

וואָס לענגער איך האָב פאַרבראַכט אין לאָס־אַנדזשעלעס, אַלץ מער פאַרליבט האָב איך זיך אין איר. עס איז וואונדערלעך צו לעבן אין אַזאַ שטאָט. פאַר קינסטלער — איז לאָס־אַנדזשעלעס ווי אַנגעמאָסטן!

דאָס אויג האָט זיך גאַרנישט געקענט אָנזעטיקן געננוג מיט די נאַטור־שיינקייטן און נאַטור־רייכקייטן, אין וועלכע די שטאָט איז איינגעטונקען. די ליכטיקע זויבערע גאַסן און די אויסטערלישע, סומנע בערג, וואָס נעמען אַרום ווי מיט אַ גאַרטל די גאַנצע שטאָט און הייבן זיך איבער קופּעס־ווייז, ווי מיידלשע קעפּ באַ'חנ'טע, וואָס פון זיי זעט מען די בליענדיקע טאָלן, וועלכע שלענגלען זיך גרינע אַרום דעם ברעג ים פונעם בלויען, פאַר'חלומ'טן פּאַסיפיק; און דאָס מיניען זיך פון די קאָלירן וואָס שלאָגן זיך

אָפּ אָן די בערג מיט דעם אומבייט פון טאָג, כישוף׳ט און פאַרכאַפּט ביי אייך דעם אָטעם. די שאַרפע ריחות פון די אָראַנזשן־גערטנער, פאַר׳שכור׳ן אייך ביז גאָר. איר גייט אַרום אַ באַרוישטער. איר געפינט זיך אין אַ מאָדנער געהויבענער שטימונג. אַן אויפגעלייגטער, פילט איר ווי יעדן איינעם אַרומכאַפּן און קושן!

דער קאָנטראַסט אין קלימאַט, די קאַלטע „איסט״ וועלכע איך האָב פאַרלאָזן, וואו טיפע שנייען האָבן באַדעקט די גאַסן און די ביטערע קעלטן האָבן זיך איינגעגעסן טיף אין די ביינער אַריין; דער קאָנטראַסט, די פּאַנאָראַמע פון דער זוניקער, אייביק בליענדיקער קאַליפאָרניע, און די נאַטור־רייכקייט, האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ ווירקונג, אַז איך וועל דעם איינדרוק קיינמאָל נישט פאַרגעסן. בייטאָג וואַרעמט אייך די זון אָן מיט אירע לאַנג פּאַלמע־שטראַלן, און אין אָוונט ווערט איר באַפרישט פון זיסע, מילדע ווינטעלעך, וואָס טראָגן זיך פון די בערג און פונעם ים אונטן.

אַז איר באַרייזט איניקע מאָל די שטאָט, שניידט דורך מיט אַן אויטאָמאָביל די ברייטע, ליכטיקע גאַסן און פּראַכטפולע, שיינע אַלייען, כאַפּט אַ קוק מיט די אויגן דאָ און דאָרטן, באַוואונדערט די שורות ביימער מיט די שלאַנקע פּאַלמען, וואָס שטייען אויסגעשטעלט אויף ביידע זייטן פון אַ גאַס אין סימעטרישע גלייכע ליניעס, ווי שורות סאָלדאַטן איינער קעגן איבער דעם אַנדערן, דוכט זיך אייך, אַז איר זענט ערגעץ אין אַ חלום־לאַנד. די פאַרבן און פאַרשידענע קאָלירן וואָס איר זעט פאַר זיך אָפּשפּיגלענדיק זיך אין דער לויטערער הויך, שאַפט אַ פאַנטאַסטיש בילד. עפּעס אויסטערלישעס איז פאַראַן אין דעם, און עס לאָזט זיך אין אַ ים פון שטאָלצע פּאַלמען מיט שלאַנקע מיידלשע העלזער און טיפע גרינע גראָזן, וואָס מיניען זיך אונטער די גאָלדענע שטראַלן פון דער אייביקער קאַליפאָרניער זון!

אין פרימאָרגן, ווען איר שטייט אויף, טראָגט זיך צו אייערע אויערן אַ געזאַנג פון פייגלען, וועלכע פאַרגייען זיך אין זיסע טרעלן. איר יאָגט זיך שנעל צום פענסטער, עפנט אים פאַנאַנדער — און בלייבט שטיין אַ פאַרגאַפטער! איר ווייסט נישט וואָס פריער צו טאָן מיט זיך: צי איר זאָלט שטיין און זיך איינהערן צום סימפאָנישן געזאַנג פון די פייגלען, צי איר זאָלט קוקן אויפן בלויען, ווייכן הימל, וואָס איז פאַרצויגן מיט זיידענע, דורכזיכטיקע, מיידלשע ראָזעווע טולן!

יאָ, לאָס־אַנדזשעלעס האָט מיך געפאַנגען! די הערלעכע פּאַנאָראַמעס

וואָס וויקלען זיך פאַנאַנדער יעדן טאָג דאָרטן פאַר אייערע אויגן אין פיל־פאַרביקע אויסטערלישע קאָלירן, הייבן אָן מיט אַמאָל צו פאַרנעמען אַ גרויסן פלאַץ אין אייער האַרץ, און אייך גלוסט זיך גאָר קיינמאָל נישט אַוועקפאָרן פון דאָרטן!

יעדער וואָס לעבט אין אַמעריקע, דאַרף כאָטש איינמאָל פאָרן באַזוכן די זוניקע שטאָט אין דעם גאָלדענעם שטאַט קאַליפאָרניע!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", יוני 16, 1939, נ. י.

# יעקב גאָרדין און דאָס אידישע טעאַטער

ווען מ׳רעדט און מ׳שרייבט ביי אונז פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור דערמאָנט מען אַלעמאָל אירע דריי „אָבות", די פונ־דאַמענטלייגער: מענדעלע, שלום־עליכם און פרץ. דאָס זעלביקע איז ווען מ׳רעדט און מ׳שרייבט ביי אונז אויך פונעם מאָדערנעם אידישן טעאַטער דערמאָנט מען אַלעמאָל אויך זיינע דריי „אָבות", די צעמענט־לייגער: אברהם גאָלדפאַדן, יעקב גאָרדין און פרץ הירשביין. דער ערשטער, אברהם גאָלדפאַדן, האָט געשטעלט דעם טאָן פאַרן אידישן מוזיקאַלישן ספעקטאַקל, אָפערעטע, פאַרס, ווי: „שולמית", „בר־כוכבא", „כישופ־מאַכער", „צוויי קוני־לעמעלס"; דער צווייטער, יעקב גאָרדין, האָט געמאָלן דעם וועג פאַר דער אידישער דראַמע און אויך מעלאָ דראַמע, ווי: „מירעלע אפרת", „גאָט, מענטש און טייוויל", „אלישע בן־אבויה", „דער פרעמדער", „שלמה שאַרלאַטאַן", „דער ווילדער מענטש", „כאַשע די יתומה", „די שחיטה", „דער מטורף", „די אמת׳ע קראַפט", „דער אומבאַקאַנטער"; דער דריטער, פרץ הירשביין, האָט אָנגעצייכנט דעם שליאַך פאַר דער אידישער אידיליע און קאָמעדיע, ווי: „גרינע פעלדער", „דעם שמיד׳ס טעכטער", „אַ פאַרוואָרפן ווינקל", „פוסטע קרעטשמע".

יעקב גאָרדין ווערט פון אַלעמען באַצייכנט אַלס דער „רעפאָרמאַטאָר" פונעם מאָדערנעם אידישן טעאַטער — אַ פאַרדינטער נאָמען לכל־הדעות. ביי „לייטן" וואָלט וועגן אַזאַ איינעם ביז איצט שוין אָנגעשריבן געוואָרן אַ צענדליק ביכער, צווישן זיי אויך אייניקע גרינטלעכע ביאָגראַפיעס, אויב

נישט מער. אָבער ביי אונז (איך האָב דאָ אויסשליסלעך אין זין אַמעריקע, די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואו יעקב גאָרדין האָט פּאַקטיש זיינע ערשטע טריט געשטעלט אַלס דראַמאַטורג און האָט דאָ באַוויזן אָנצושרייבן מער ווי 70 פּיעסן און איינאַקטערס) איז וועגן אָט דעם פּראָדוקטיוון אידישן דראַמאַטורג און „רעפאָרמאַטאָר" פונעם מאָדערנעם אידישן טעאַטער, אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, קוים דאָ אָנגעשריבן געוואָרן דריי ביכער: „אַ טאָג מיט יעקב גאָרדין", פון מאָריס ווינטשעווסקי, פאַרלאַג „מייזל עט קאָ.", ניו־יאָרק 1909; „יעקב גאָרדין צו זיין 100־סטן געבוירנטאָג", פון קלמן מרמר, פאַרלאַג „איקוף", ניו־יאָרק, 1953, און דער בוך וואָס איז איצט דערשינען: „די וועלט פון יעקב גאָרדין", פון זלמן זילבערצווייג, פאַרלאַג „אלישבע", תל־אביב, 1964.

אין אַלגעמיין האָבן מיר ביי אונדז (איך האָב דאָ ווידעראַמאָל אויסשליסלעך אין זין אַמעריקע, די פּאַראייניקטע שטאַטן) „אַ מאָגערע טעאַטער־ליטעראַטור". זייער ווייניק ביכער ווערן ביי אונז געשריבן פון און וועגן און אַרום דעם אידישן טעאַטער, דראַמאַטורגן, שוישפּילער, קאָמפּאָזיטאָרן, דראַמאַטורגיע, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע ביכער, לידער, ראָמאַנען, דערציילונגען, עסייען. זינט דעם יאָר 1930, דאָס הייסט, אַ קימאַט פון 34 יאָר, זיינען ביי אונז דערשינען נישט מער ווי אָט־די ביכער וועלכע האָבן צו טאָן מיט טעאַטער־ליטעראַטור: „דוד קעסלער און מוני ווייזנפריינט", פון מ. אָשעראָוויטש, ניו־יאָרק, 1930; „מאָריס שוואַרץ און דער אידישער קונסט־טעאַטער", פון א. ה. ביאַלין, פאַרלאַג „בידערמאַן", ניו־יאָרק, 1934; „אַלבאָם פון אידישן טעאַטער", פון זלמן זילבערצווייג, פאַרלאַג „איטשע וו. בידערמאַן", ניו־יאָרק, 1941; „הבימה", פון ר. בן־אַרי, פאַרלאַג „ל. מ. שטיין", שיקאַגאָ, 1941; „טעאַטער", פון נ. בוכוואַלד, פאַרלאַג „טעאַטער־קאָמיטעט", ניו־יאָרק, 1943; „אונזער טעאַטער", פון יעקב מעסטל, „פאָלקס־ביבליאָטעק", אַרויסגעגעבן דורך דער שרייבער־סעקציע ביים „איקוף", ניו־יאָרק, 1943; „קלאַנגען פון מיין לעבן", פון יוסף רומשינסקי, פאַרלאַג „א. י. בידערמאַן", ניו־יאָרק 1948; „יצחק־לייבוש פרץ און דאָס אידישע טעאַטער", פון דר. א. מוקדוני, פאַרלאַג „איקוף", ניו־יאָרק, 1949; „מיין לעבן אין טעאַטער", פון שלום פּערלמוטער, פאַרלאַג „איקוף", ניו־יאָרק, 1952; „צילי אַדלער דערציילט", פון צילי אַדלער, צוויי בענדער, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „צילי אַדלער פאַונדעישאַן און בוך־קאָמיטעט",

ניו־יאָרק, 1959; „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער״, פון זלמן זילבערצווייג ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון יעקב מעסטל, דריטער באַנד, אַרויסגעגעבן אונטער דער השגחה פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניע אין אַמעריקע, פאַרלאַג „אלישבע״, ניו־יאָרק, 1959; „אונזער דראַמאַטורגיע״, פון א. גאלדבערג, פאַרלאַג „איקוף״, ניו־יאָרק, 1961; „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער״, פון זלמן זילבערצווייג, פערטער באַנד, אַרויסגעגעבן אונטער דער השגחה פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניע אין אַמעריקע, פאַרלאַג „אלישבע״, ניו־יאָרק, 1963. דאָ האָט איר כמעט די גאַנצע טעאַטער־ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען ביי אונז אין אַמעריקע פאַר די העכער דריי־צענדליק יאָר.

אַז אידיש טעאַטער האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אינעם אידיש קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע, דאָס ווייסט יעדער איינער. נישטאָ קיין איין ווינקל וואו דער אידישער טעאַטער האָט נישט צוגעטראָגן אויף אַלע גרויסע אסיפות, מאַסן־פאַרזאַמלונגען, יובילייען, ליטעראַרישע יום־טובים, און וואָס נישט. דער אידישער טעאַטער האָט געהאָלפן בויען די אידישע יוניאָנס, אידישע לאַנדסמאַנשאַפטן, אידישע באַוועגונגען און כלערליי אַנדערע אידישע אינסטיטוציעס. וואָס פאַר אַ חסרונות מ׳זאָל נישט אָנווייזן אויפן אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, ווי קריטיש מ׳זאָל זיך צו אים נישט באַציען, וועגן אָבער זיינע מעלות, פאַרמעס־טונגען, אויפטואונגען און דערגרייכונגען אַריבער. און דעריבער האָט דער אידישער טעאַטער באַוויזן צוצוציען אַזאַ פאַרברענטן חסיד ווי זלמן זילבערצווייג, וואָס גייט אים נאָך פוס־טריט און לאָזט אים נישט אַרויס פון אויג שוין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט.

איך ווייס נישט צי זלמן זילבערצווייג אין זיין אָקאָרשט דערשינענעם בוך „די וועלט פון יעקב גאָרדין״, האָט זיך פאַרמאָסטן צו געבן אונז אַן אויסשעפּלעכע ביאָגראַפיע פונעם גרויסן אידישן דראַמאַטורג און „רעפאָר־מאַטאָר״ פונעם מאָדערנעם אידישן טעאַטער, צי נאָר אַ טיילווייזע, אָדער בלויז אַ פּראָפיל, אָבער אַז ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן אָנצושרייבן אַ ווערטיקן בוך, וועגן דעם איז גאָר קיין ספק נישט. זלמן זילבערצווייג איז נישט בלויז אַ פלייסיקער זאַמלער, נאָר אויך אַ פליסיקער שרייבער. ער איז אינגאַנצן דורכגענומען מיטן גייסט פונעם אידישן טעאַטער; ער איז באַקאַנט מיט אַלע זיינע שטעגן און וועגן, סטעזשקעס און שליאַכן. ער האָט דעם

פעלד פונעם אידישן טעאַטער דורכגעאַקערט פון אַלע זייטן, וואו נאָר ס׳איז פאַראַן ערגעץ אַ אידישער ווינקל אויף דער ערד. ער שרייבט דורכאויס פון אינעווייניק אַרויס, נישט פון דרויסן, נישט ווי קיין צוקוקער, נאָר ווי אַן אַרויסקוקער, איינער וועלכער טראָגט דעם אידישן טעאַטער טיף ביי זיך אין האַרצן, אין דער נשמה, אין מוח, און וואו ער גייט און שטייט. ער גיט אייך כסדר מער אינפאָרמאַציע איידער זיינע אייגענע אויסטייטשונגען אָדער קאָמענטאַרן. ער חקירה׳ט נישט, נאָר ער קומט כסדר אַרויס מיט פאַקטן. דערצו איז ער אויך אָפנהאַרציק, ער האָט נישט קיין מורא צו דערציילן דאָס וואָס עס דאַרף דערציילט ווערן, צו ברייינגען דאָס וואָס עס דאַרף געבראַכט ווערן פאַר דער געשיכטע פונעם אידישן טעאַטער. ער שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום זאַך, אפילו אויב דער אָדער יענער געבראַכטער פאַקט, דער אָדער יענער דערציילטער עפּיזאָד קען אים שאַדן ברייינגען, שאַטן צו פרנסה, אָדער פאַרלירן אַמאָל אַ פריינט צוליב דעם. איך ווייס עס פון אייגענער דערפאַרונג, ווייל מיר איז די לעצטע פאַר יאָר אויסגעקומען מיטצואַרבעטן מיט דעם דאָזיקן קוועקזילבערדיקן שרייבער און לעקסיקאָגראַף אינעם פאַרלאַג־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויסגעבן דעם דריטן און פערטן באַנד „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער״. דאָס איצטיקע בוך „די וועלט פון יעקב גאָרדין״ איז טאַקע אַרויסגעגעבן געוואָרן פון קאָמיטעט פאַרן „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער״, ווי אַ מתנה פאַרן רעדאַקטאָר זלמן זילבערצוייג אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר זיין לאַנג־יאָריקער, אומדערמידלעכער, פרייוויליקער אַרבעט.

די טעמע יעקב גאָרדין איז, נאָך מיין מיינונג, אַ צו־ברייטע קאַנווע, אַז מ׳זאָל זי קענען „דעקן״ אין איין בוך. עס איז אַ טעמע וואָס לאָזט זיך נישט גרינג אויסשעפּן. וואָרום יעקב גאָרדין איז אַחוץ אַ דראַמאַטורג אויך געווען אַ בעלעטריסט, אַן עסייאיסט, אַ פּובליציסט, אַ פעליעטאָניסט, אַ זשורנאַליסט, אַ לעקטאָר און אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון אַלצדינג וואָס האָט צו טאָן מיטן בראשית פונעם אידישן גייסטיקן, קולטורעלן, געזעלשאַפטלעכן פּאָליטישן לעבן אין אַמעריקע. ער איז געווען פאַרוויקלט אין אַנצייליקע שאַרפע פּאָלעמיקעס און ביטערע קאַמפן מיט די סאַמע אָנגעזעענסטע אידישע שרייבער, קולטור און געזעלשאַפטלעכע טוער פון זיין צייט. פּונקט ווי יעקב גאָרדין איז נישט געווען סתם נאָך אַ אידישער דראַמאַטורג, אַזוי איז ער אויך נישט געווען

סתם נאָך אַ אידישער שרייבער, סתם נאָך אַ אידישער קולטור און געזעל־שאַפטלעכער טוער, נאָר אומעטום און דורכאויס אַ פּערזענלעכקייט, סיי אין טעאַטער און סיי אין אַלצדינג וואָס ער האָט געטאָן — און דערצו אַ שטאָלצע, אומקאָמפּראָמיסלעכע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן צו זיך אַ סך קנאה־שנאה און וועלכער האָט אויך נישט געקענט אויף זיך פאַרליידן די קלענסטע קריטיק...

איז צו שרייבן וועגן אַזאַ קאָמפּליצירטער פּערזענלעכקייט דאַרף זיך אַ שרייבער גוט אונטערגאַרטלען... אינעם בוך „די וועלט פון יעקב גאָרדין" זעט מען טאַקע, אַז דער מחבר זיינער האָט זיך לאַנג געגרייט פאַר דער דאָזיקער שווערער אַרבעט און ס׳איז אים געראָטן. ער מאָלט פאַר אונז, קודם, יעקב גאָרדין דעם דראַמאַטורג, דעם מחבר פון העכער 70 פּיעסן און איינאַקטערס; דעם „רעפאָרמאַטאָר" פונעם מאָדערנעם אידישן טעאַטער; דערנאָך יעקב גאָרדין די שטאָלצע, אומקאָמפּראָמיסלעכע פּערזענלעכקייט; יעקב גאָרדין דעם עסייאיסט, דעם שאַרפן פּאָלעמיקער, דעם פּעכטער, בעלעטריסט, פּובליציסט, זשורנאַליסט, לעקטאָר, און יעקב גאָרדין דעם מאַן, דעם טאַטן, דעם פאַמיליע־מענטש. אין דעם אַלעמען האָט דער מחבר נישט בלויז אַריינגעלייגט אַ ים מיט אַרבעט, נאָר איר פּילט אויך די גאַנצע צייט ביים לייענען, ווי קלאָר און זאַכלעך ער האָט זיך פאַנאַנדערגעקליבן אינעם רייכן אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל, וואָס שטעלט צונויף דעם ווערטיקן בוך וועגן יעקב גאָרדינס לעבן און שאַפן. אַחוץ זילבערצווייגס פאָרשע־רישער און פאַרמעסטנדיקער אַרבעט, וועלכע פאַרנעמט איבער פופציק קאַפּיטלען, זיינען ביים סוף פונעם בוך אויך אָפּגעדרוקט יעקב גאָרדינ׳ס אַן אַרטיקל וועגן דער צוקונפט פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, וואָס איז געווען געדרוקט אין יאָר 1906 אינעם פעברואַר־נומער פונעם זשורנאַל „צוקונפט" אין ניו־יאָרק, און אויך אייניקע בריוו פון יעקב גאָרדין, מיט אַן אַריינפיר און באַמערקונגען פון משה שטאַרקמאַן. די בריוו זיינען געשריבן צו גאָרדינ׳ס משפחה, צו קאָלעגן־שרייבערס, ווי ב. גאָרין, לעאָן קאָברין, יעקב מילך, גרשם באַדער. נישט בלויז דערציילען די בריוו גאָר אַ סך, נאָר זיי גיבן זייער פיל צו צו דעם ווערט פונעם בוך.

יעקב גאָרדין האָט נישט בלויז געמאָלן דעם וועג פאַר דער אידישער דראַמע און מעלאָדראַמע, נאָר ער האָט אויך געלערנט אידישע אַקטיאָרן

דרך־ארץ סיי פאַר דער טעאַטער־בינע און סיי פאַרן טעאַטער־עולם. ער האָט דורך זיינע בינע־כאַראַקטערן געהאָלפן אידישע אַקטיאָרן זיך אויסצושטאַלטן, צו ווערן פערזענלעכקייטן, אַז די וועלט זאָל פון זיי אָנהויבן צו רעדן מיט אַ מענטשלעכן אידישן לשון, וואָס האָט ביסלעכווייז גענומען אַרויסרופן דרך־ארץ ביים אידישן טעאַטער־גייער. עס איז תחילת גאָרדינ׳ען אָנגעקומען זייער שווער צו פירן אַ קאַמף הן מיט די אידישע אַקטיאָרן וואָס זיינען געוואוינט געווען דורכאויס צו רעדן אַ דייטשמערישן אידיש און הן מיטן רויען אידישן טעאַטער־גייער, אָבער סוף־כל־סוף האָט ער מנצח געווען. יעקב אַדלער, זיגמונט מאָגולעסקאָ, באָריס טאָמאַשעווסקי, דוד קעסלער, בערטאַ קאַליש, קעני ליפּצין און נאָך אַנדערע באַרימטע אידישע שוישפּילער פון יענער צייט האָבן זיך נישט געלאָזט אַזוי גרינג איינבייסן און האָבן זיך באין־אופן נישט געוואָלט אונטערגעבן, אָבער נאָכדעם ווי זיי האָבן איינגעזען, אַז גערעכט איז ער, גאָרדין, נישט זיי, זיינען זיי ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַנדערע מענטשן און זיינען אויסגעוואַקסן אין עכטע גרויסע אידישע שוישפּילער. דער רעאַליסטישער טאָן האָט גענומען די אויבערהאַנט אויף דער אידישער טעאַטער־בינע אין אַמעריקע. אַנשטאָט פּאַפּירענע־העלדן, שטרויענע־כאַראַקטערן, האָט דער אידישער טעאַטער־גייער פאַר זיך דערזען עכטע צאַפּלדיקע מענטשן. די קאָנפליקטן זיינען נישט געווען קיין אויבערפלעכלעכע, נאָר אַרויסגעוואַקסענע פונעם לעבן. אַפילו אין זיינע דורכרייסן, דאָרט וואו ער האָט געהאַט צו טאָן מיט צוטראַכטענישן איז עס אָבער ביי גאָרדינען אַרויסגעקומען געניטע לייטיש און אָנשטענדיק.

רעדנדיק וועגן יעקב גאָרדינ׳ס ערשטער פּיעסע „סיביריאַ", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אינעם „יוניאָן טעאַטער" אין ניו־יאָרק, שרייבט זילבערצווייג, אַז „אויפן געוויינלעכן טעאַטער־באַזוכער האָט זי טאַקע נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק, אָבער זי האָט אָנגעהויבן ברייננגען אין טעאַטער אַזעלכע מענטשן, וואָס מען האָט פריער דאָרט נישט געזען". „... די אידישע אינטעליגענץ האָט אָנגעהויבן קומען אין טעאַטער און דער קרייז פון די טעאַטער־באַזוכער איז געוואַקסן". ער איז געקומען מיט אַן אייגענעם נוסח, מיט אַן אייגענעם טאָן, און מיט אַן אייגענעם שטעל. צו זיין זאָג וועט מען זיך פריער אָדער שפּעטער צוהערן און אים פאַרנעמען. ער איז געקומען סיי מיט אַן אייגענעם לשון און סיי מיט אייגענע סיוזשעטן — און

אפילו אין די פרעמדע סיוזשעטן וואָס ער האָט באַארבעט, האָט ער אָנגעטאָן אַ אידישן פּנים און זיי געגעבן אַ אידישן טעם.

זלמן זילבערצווייג ברענגט אין זיין בוך אַ בריוו צו יעקב גאָרדין פון דעמאָלטדיקן אָנגעזעענסטן מיט־אַרבעטער פון דער „ניו־יאָרק טאַימס״, סיימאָן סטראָנסקי, וואָס איז דאַטירט דעם 1־טן דעצעמבער 1903, אין וועלכן ער זאָגט: „איך וויל אייך זאָגן, אַז איך האַלט אייך פאַר איינעם פון די בעסטע מאָדערנע בינע־שרייבער, אַ מייסטער אין פאַך, וואָס קאָן פאַרגליכן ווערן מיט אייניקע היינטיקע דייטשישע דראַמאַטורגן. איך האָב אויפריכטיק געגלויבט, אַז אויב עס וואָלט געווען אַ מעגלעכקייט פאַר דער וועלט מחוץ דער געטאָ צו זען אייער קונסט, וואָלט איר געווען פאַרעכנט פאַר דעם פירנדיקן אַמעריקאַנער דראַמאַטורג״.

דער פּראָזשעקטאָר וואָס זילבערצווייג האָט אָנגעשטעלט צו באַלייכטן „די וועלט פון יעקב גאָרדין״, לאָזט קיין זאַך נישט דורך. איר גייט שפּאַן נאָך שפּאַן מיטן מחבר און איר קומט אַרויס פונעם שפּאַציר אַ באַרייכערטער דורך דער געשטאַלט, וואָס הייסט יעקב גאָרדין. עס איז אַן אויסערגעוויינלעכער שפּאַציר, פון וועלכן איר קומט צוריק אַ דערפרישטער און אַן אָנגעזאַפּטער, באַווירקט פון לעבן און שאַפן פון אַ גרויסער אידישער פּערזענלעכקייט. אויב אפילו דאָ און דאָרט פילט זיך אַ געוויסע איבער׳חזר׳ונג פון פאַקטן און באַמערקונגען אין דעם אָדער יענעם עפּיזאָד, קאַפּיטל, איז עס דערפאַר, וואָס דער מאַטעריאַל איז פריער געדרוקט געוואָרן אין אַ טעגלעכער צייטונג און דער מחבר האָט זיך נישט גענומען גענוג צייט דעם מאַטעריאַל נאָכאַמאָל איבערצוזיפּן און אויסצולייטערן — און דאָס איז באמת אַ שאָד. אַזעלכע ביכער דערשיינען ביי אונז נישט צו־אָפט, דאַרף מען דעריבער זיין מער אָפּגעהיט סיי מיטן סגנון און סיי מיטן לשון. וגם — דער טייל וואָס באַלויכט גאָרדינ׳ס שאַפן, וועגט היפּש מער אַריבער יענעם טייל וואו עס רעדט זיך וועגן גאָרדינ׳ס לעבן. עס וואָלט זיך געוואָלט וויסן אַ סך מער פון גאָרדינ׳ס יוגנט, פון גאָרדינ׳ס היימישן שטעטל וואו ער איז געבוירן, פון זיין נאָענטער משפחה, וואָס איז געוואָרן פון זיינע 13 קינדער, וואוהין זיינען זיי אַהינגעקומען, און נאָך און נאָך. אָבער דאָס זיינען אַלץ באַמערקונגען וואָס מינערן אויף אַ האָר נישט די ווערט פונעם בוך, וועלכער דאַרף זיך געפונען ביי יעדן אינטעליגענטן אידישן לייענער אויפן טיש.

„אידישע קולטור״, אָקט. 1964, נ. י.

# ימים נוראים און נגינה

דער גאַנגג פון דער אידישער נגינה איז נישט קיין געוויינלעכער, אָבער אַ קלאָרער און אינטערעסאַנטער.

אַ קלאָרער, ווייל ער לאָזט זיך זען, נישט נאָר הערן; אַן אינטערעסאַנטער, ווייל ער האָט כסדר געוואַנדערט.

פון דור צו דור, פון לאַנד צו לאַנד האָט די אידישע נגינה געשפּאַנט און זיך געהאַלטן אין באַנייען, אין אָננעמען זיך מיט פרישע זאַפטן, טענער און קלאַנגען. די אידישע נגינה איז אויך קיינמאָל נישט געגאַנגען אַליין, נאָר אַלעמאָל מיט עמיצן. עמיצער האָט זי געפירט, עמיצער האָט זי געטראָגן אין האַרצן ביי זיך, זי געטוליעט צו זיך ווי אַן אייגן קינד.

דעריבער, ווען מ׳פרעגט מיך: וואוהין גייט די אידישע נגינה? ענטפער איך: די אידישע נגינה גייט אַהין, וואו איינער וויל גיין. די אידישע נגינה איז אַן אָפענער בלאַט — אָפן פאַר יעדן איינעם לויט זיין געשמאַק, אינטעלי־גענץ און קולטור. מ׳דאַרף זיך צו איר נישט אָנשטריינגען, מ׳דאַרף זי נאָר ווען הערן — הערן און באַנעמען. די אידישע נגינה איז אויך אַ „סעזאָנע״: זי פאַרמאָגט איר פרילינג, איר האַרבסט, איר זומער און ווינטער.

און נאָך עפּעס: די אידישע נגינה לאָזט זיך גרינג בייגן און קערעווען, קנעטן און פורעמען. עס ווענדט זיך נאָר ווער די בייגער און קערעווער, קנעטער און פורעמער זיינען. אויב דאָס איז אַ משה מילנער, אַן אַלעקסאַנדער קריין, אַ יואל ענגעל, אַ יאַמפּאָלסקי, אַ יוסף אַחרון, אַ מאַרק לאַוורי, אַ פּאָול בן־חיים, אַ יעקב שייפער, אַ לעאָ ליאָוו, אַ זאַוועל זילבערטס און נאָך אַנדערע ווי די, איז איין זאַך; אויב אָבער דאָס איז אַ „יוקל־פּייוויש״, אַ „לעקיש־בער״ — איז אַ צווייטע זאַך.

ווי פלעגט זאָגן מיין מאַמע? אַז מ׳שטאַמט פון אַ קעצעלע מוז מען מאַכן: „מיאַו״...

פאַלט אַריין אַ אידישער ניגון, אָדער אַ שטיקל נוסח אין די הענט פון איינעם פון די פריער דערמאָנטע און זייער גלייכן קאָמפּאָזיטאָרס, באַקומט עס אַ פּנים און עס ווערט אַ יש; פאַלט אָבער אַריין אַ אידישער ניגון, צי אַ שטיקל נוסח אין די הענט פון איינעם וואָס איז אַ „לא יוצלח״, אַ גאַרנישט מיט אַ נישט, באַקומט זיך אַ חלשות, אַ קאַריקאַטור און אַ קאַלאָט שטרוי...

אָפּגעזאָגט דאָס, קען איך איצט צוגיין צו דער עיקר־טעמע פון מיין אַרטיקל.

מיר האַלטן אַצינד ביי ימים נוראים — אַ צייט פון חשבון הנפש מיט „גאָט און לייט״, מיט דער סביבה אין וועלכער מ׳לעבט, מיט וויעטנאַם, מיטן מיטעלן־מזרח, מיטן שלום אויף דער וועלט, און טאַקע מיט זיך אַליין אויך. וואָרים מ׳טאָר קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן זיך אַליין פונעם חשבון הנפש. נאָר אַזוי וועלן מיר קענען אַרויסקומען מיט אונזערע טענות צו אַנדערע...

ימים־נוראים ביי אידן איז אויך ענג פאַרבונדן מיט נגינה. ווי האָט געזאָגט ר׳ נחמן בראַצלאַווער? אויב מ׳קען מיט טרערן ברעכן מויערן, קען מען מיט נגינה עפענען טויערן. דער ניגון האָט אונז אַלעמאָל, אין אַלע צייטן, אין אַלע דורות, שטאַרק אַרויסגעהאָלפן אין געראַנגל פאַרן לעבן, פאַר אונזער עקזיסטענץ, אין געראַנגל מיט אונזערע שונאים, און אונזערע קאַמפן קעגן עקספּלואַטאַציע, אונטערדריקונג, פאַר גלייכבאַרעכטיקונג; אין אונזערע קאַמפן פאַר אונזערע אידעאַלן, פאַר פרייהייט פון וואָרט און געדאַנק, פאַר שענערע און בעסערע צייטן.

טאָ ווילט זיך מיר מאַכן אַ שטיקל חשבון הנפש מיט דער אידישער ליטורגישער נגינה אין אַמעריקע. וואו האַלטן מיר דאָ מיט איר, און וואָס פאַר אַ פּנים האָט זי איצט?

און נאָך אַ פראַגע ליגט מיר אויף דער צונג איצט, ביים שרייבן אָט די שורות: מיט וואָס אונטערשיידן זיך די איצטיקע טרעגער פון דער אידישער ליטורגישער נגינה אין אַמעריקע, ד. ה. די אַמעריקאַנער געבאָרענע חזנים פון די פריערדיקע טרעגער, פון די אַמאָליקע חזנים?

אויף דער פראַגע נומער איינס: ווי האַלט עס מיט דער אידישער ליטורגישער נגינה אין אַמעריקע איצט? דערויף קען איך דאָ ענטפערן מיט איין קורצן משנה־זאַץ: עס האַלט שוין באַלד נישט...

וואָס מיינט עס? עס מיינט גאַנץ פשוט: די דורות׳דיקע האַרציקע אידישע נוסחאות מכל המינים, פאַרלאָזן וואָס אַ יאָר מער און מער די היימישע אין טרערן־אויסגעווייקטע אידישע תפילות און אויף זייער אָרט האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען מאָטיוון און מעלאָדיעס, טענער און קלאַנגען, וואָס זיינען בפירוש גאַנץ ווייט פון צו זיין נייע אידישע ניגונים און נוסחאות, טענער און קלאַנגען, וואָס מ׳וויל אונז איינשמועסן אַז זיי זיינען,

טאַקע וואָס זיי דאַרפֿן זיין — אידישע ניגונים און נוסחאות. פּראָסט און פּשוט: זיי קלעפּן זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט...

ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג: זיי „קלעפּן" זיך נישט דערפֿאַר, מחמת זייערע שאַפֿערס, די קאָמפּאָזיטאָרס, לויט מיין מיינונג, הייבן נישט אָן צו פֿאַרשטיין דעם אמת׳ן זין, טעם און טייטש פֿון די טראַדיציאָנעלע אידישע תּפֿילות, זייער כּוונה און מיין, די צייט און די אומשטענדן וואָס האָט זיי געבראַכט צום לעבן, און דעם גאַרן אידישן שטייגער דאַוונען. מען דאַרף זיין געבאָרן דערמיט, דערצויגן דערמיט און פֿון קינדהייט־אָן האָבן געאָטעמט דערמיט. מ׳קען איבערנאַכט נישט ווערן קיין קאָמפּאָזיטאָר פֿון אידישער ליטורגישער מוזיק...

די „נייע" מאָטיוון און מעלאָדיעס, טענער און קלאַנגען, וואָס ווערן געשאַפֿן פֿון דעם אָדער פֿון יענעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר און אַמאָל אויך נישט־אידישן קאָמפּאָזיטאָר (איך וויל דאָ נישט דערמאָנען קיין נעמען, נישט פֿון די אידישע און נישט פֿון די נישט־אידישע קאָמפּאָזיטאָרס!), זיינען אַלצדינג אָבער נישט אידישדיק און אַוודאי און אַוודאי נישט נוסח׳דיק. זייער אַריינדרינג און אויך דערפֿאָלג אין די שולן, צענטערס און טעמפּלען, איז נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס גוטע פֿינף־און־זיבעציק פּראָצענט, אויב נישט העכער, פֿון די צוהערער, ד. ה. מתפּללים, די דאַוונער, זיינען גערעכט אין די שאַפֿערס פֿון די דאָזיקע „נייע" מאָטיוון און מעלאָדיעס, טענער און קלאַנגען...

און דאָ קום איך צו די איצטיקע טרעגער פֿון דער אידישער ליטור־גישער נגינה אין אַמעריקע, די איצטיקע אַמעריקאַנער געבאָרענע חזנים. ווער זיינען זיי און וואָס זיינען זיי? פֿון וואָס פֿאַר אַ „חדר" קומען זיי? וואו ליגן זייערע מעלות און וואו ליגן זייערע חסרונות?

אַז די איצטיקע אַמעריקאַנער־געבאָרענע חזנים אונטערשיידן זיך גאָר שטאַרק נישט בלויז פֿון די היימישע אַריבערגעקומענע חזנים פֿון יענער זייט ים, נאָר פֿון די ערשטע פֿריערדיקע אַמעריקאַנער־געבאָרענע חזנים — אַ שטייגער, ווי אַ לייבעלע וואַלדמאַן, אַן אַרעלע דיימאַנד, אַ ריטשאַרד טאָקער, אַ לייבעלע זעווין און זייער גלייכן, דאָס איז פֿאַר מיר אַזוי קלאָר ווי די זון וואָס שיינט איצט אַריין אינעם פֿענסטער ביים שרייבן אָט די שורות.

בעת אָט־די דערמאָנטע אַמעריקאַנער־געבאָרענע חזנים האָבן אַלס אינגלעך געזונגען ביי היימישע איינגעפּונדעוועטע חזנים און כאָרן — אַ

שטייגער, ווי ביי אַ חזן יהושע ווייזער, אָדער ביי אַ חזן זאַוול קוואַרטין, ביי אַ יאָסעלע ראָזענבלאַט, צי ביי אַ מאיר מאַכטענבערגן, אין כאַר, אָדער ביי אַ לעאָ ליאָוו׳ן אין כאָר, מיט די חזנים מרדכי הערשמאַן, אָדער דוד רויטמאַן, זיינען מייסטע איצטיקע אַמעריקאַנער־געבאָרענע חזנים נישט דורכגעגאַנגען דעם דאָזיקן „חדר״. אַ סך פון זיי זיינען געוואָרן חזנים ערשטנס דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געקענט דערגרייכן „בראָדוועי״, פון וואָס זיי האָבן גע׳חלומ׳ט, און צווייטנס — ווייל עס איז אַ גוט־באַצאָלטע פרנסה...

צום שבח אָבער פון די מייסטע איצטיקע אַמעריקאַנער־געבאָרענע חזנים דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז וואָס־וואָס — שטימעס האָבן זיי שיינע און מוזיקאַליש זיינען זיי אַלע. איר וועט צווישן זיי נישט געפינען קיין „אויסנווייניקסטע חזנים״, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די אַמאָליקע חזנים, כאָטש אייניקע פון זיי זיינען נישט בלויז געווען סתם גוטע חזנים, נאָר אויך אַפילו וועלט־באַרימט.

(אַ זייטיקע באַמערקונג: „אויסנווייניקסטע חזנים״ האָבן געהייסן אַזעלכע, וואָס האָבן קנאַפּ אָדער גאָר קיין מוזיק נישט געקענט. און אַזעלכע זיינען צווישן די אַמאָליקע חזנים געווען אַ סך, אָבער ווי שוין געזאָגט, חזנים זיינען זיי געווען גוטע און אַפילו וועלט־באַרימטע, מחמת זיי זיינען געווען געבאָרענע חזנים!).

די „צרה״ מיט די איצטיקע אַמעריקאַנער־געבאָרענע חזנים איז, וואָס זיי זיינען קנאַפּע אָדער גאָר קיין איבערקלייבערס נישט. עס אַרט זיי נישט און זיי נעמען זיך נישט די מי אויסצוגעפינען, פון וואַנעט עס שטאַמט דער אָדער יענער מאָטיוו, די אָדער יענע מעלאָדיע, אַבי עס זינגט זיך. און אַ חזן דאַרף בפירוש אַרויסווייזן אַ גוטן געשמאַק און זיין אַ שטרענגער איבערקלייבער, אַנישט האָט עס אַ פּנים פון חוזק.

אַ מאָטיוו פון „ראָק־ען־ראָל״ פאַר „לכה דודי״ טויג אויף כפּרות; אַ מעלאָדיע פון אַ וועסטרן „קאַו־באַי״ פאַר „בראש השנה״, אָדער „הבן יקיר לי״, טויג נאָך מער אויף כפּרות...

זאָג איך נישט, אַז יעדער אַמעריקאַנער געבאָרענער חזן קען און דאַרף זיין אַ קוואַרטין, אַ ראָזענבלאַט, אַ רויטמאַן, אַ הערשמאַן, אַ קוסעוויצקי, און אַוודאי נישט קיין פּינטשיק אָדער אַ גלאַנץ, אָבער ער טאָר זיך נישט דערלויבן אַוועקצושפּאַנען ערגעץ אין די „הרי־חושך״, זוכן און געפינען

דאָרט סתם מאָטיוון און מעלאָדיעס, טענער און קלאַנגען, וועלכע פאַרשוועכן בפירוש די אותיות פון די טראַדיציאָנעלע אידישע תפילות. דאָס תפילה־וואָרט איז נישט קיין ליד, הגם מ׳דאַרף זיין אויך אָפּגעהיט מיטן ניגון, וואָס מ׳שאַפט צו אַ ליד אָדער אַ פּאָעמע. אויב די אידישע ליטורגישע נגינה אין אַמעריקע וועט גיין ווייטער אויף דעם וועג, אויף וועלכן זי האָט זיך איצט פאַרנומען, וועט פון דער טראַדיציאָנעלער אידישער ליטורגישער מוזיק דאָ גאָרנישט בלייבן. און דאָס איז אַ שאָד. צופיל אידיש האַרץ, צופיל אידישע נשמה, דורות׳דיקער געבעט און געוויין, טרערן און פרייד, ליבע און הייס־בלוט, איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין די טראַדיציאָנעלע אידישע ניגונים און נוסחאות, אַז מ׳זאָל דערלאָזן דערצו, אַז זיי זאָלן פאַרשווינדן פון די היגע שולן, צענטערס און טעמפּלען...

די טראַדיציאָנעלע אידישע ליטורגישע נגינה האָט נישט בלויז געדינט די האַרציקע אידישע תפילות, נאָר איז אויך געווען אַ קוואַל פאַר די וועלטלעכע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און זייערע שאַפונגען צו גאָר אַ סך דיכטערישע לידער און פּאָעמעס פון אידישע פּאָעטן, וואָס האָבן באַרייכערט אונזער אידישע ליטעראַטור און די גאַנצע אידישע קולטור.

איצט, ימים־נוראים צייט, דאַרפן די היגע אַמעריקאַנער געבאָרענע חזנים זיך אָפּגעבן אַ חשבון הנפש און געדיינקען: די אידישע נגינה, סיי די ליטורגישע און סיי די סעקולערע מוזיק, איז קיינמאָל נישט געווען קיין סטאַטישע, נאָר אַלעמאָל אַ דינאַמישע. זי האָט זיך כסדר באַוועגט, כסדר געוואַנדערט און זיך אָנגענומען מיט פרישע זאַפטן, אָבער דורך די אַלע דורות און וואַנדערונגען האָט זי אָבער קיינמאָל נישט פאַרלאָרן איר אמת׳ן „קלסתר־פּנים", געדענקט עס, באַנייען זיך — יאָ, אָבער אינגאַנצן פונעם שורש, פונעם אייגענעם קוואַל, אין גאַנצן אויפגעבן דעם אייגענעם פּנים — דאָס נישט!

די פּאָן פון דער אידישער נגינה, טאָר נישט אַרונטערגעלאָזט ווערן, זי דאַרף פלאַטערן הויך ווי זי פאַרדינט, ווי עס קומט איר — לויט אירע יאָרן, לויט איר טראַדיציע!

„מאָרגן פרייהייט", סעפּ. 8, 1972, נ.י.

# 1
# וואָלף מערקור

ס ליגן ביי מיר אויפן שרייב־טיש צוויי אידישע ביכער וועגן און אַרום טעאַטער: „וועגט האָבן אויערן" פון וואָלף מערקור, און „מיין וועג .אַליין" פון חיה׳לע גראַבער.

דאָס ערשטע בוך איז געשריבן געוואָרן אין אַ האַלב־ביאָגראַפישן, האַלב־דערציילערישן, סאַטיריש־הומאָריסטישן טאָן, דאָס צווייטע — אין אַ דורכאויס ביאָגראַפישן מאַניער. און כאָטש ביידע ביכער האָבן אַ נאָענטע שייכות איינס מיטן צווייטן, אָבער אין תוך זיינען זיי אַנדערש — אַנדערש אין פאָרם, אין סטיל און לשון.

איך וועל אָנהויבן מיט וואָלף מערקור׳ס „וועגט האָבן אויערן".

איך ווייס נישט צי מיר האָבן נאָך איצט אין אַמעריקע אַ צווייטן אידישן שרייבער אַזאַ, וואָס זאָל זיך שפּילן אַזוי מיטן אידישן וואָרט, ווי דער שוישפּילער־שרייבער וואָלף מערקור. ער טוט מיטן אידישן וואָרט וואָס ער וויל, וואָס זיין האַרץ גלוסט. דאָס אידישע וואָרט איז ביי אים ממש „כחומר ביד היוצר"...

אָבער נאָך פיל וויכטיקער איז דאָס, וואָס דער שוישפּילער־שרייבער וואָלף מערקור פילט אָן זיין יעדן וואָרט־שפּיל מיט מיין און באַדייט, וואָס רופט ביי אייך אַרויס אי אַ שמייכל און אי אַ פאַרקלערונג. איר באַוואונדערט גלייכצייטיק אי דעם קלוגן וואָרט־שפּיל און אי דעם טיפן מיין. די וואָרט־דערפינדערישקייטן איז ביי מערקור׳ן אַזאַ עשירות׳דיקע, אַז דער קאָפּ ווערט אייך ממש שיכור פון דער אינאָוואַציע. איר ווערט דערפרישט פון די זעלטענע וואָרט־קאָמבינאַציעס, העכסט־געלונגענע מעטאַפאָרן, קלוגע אַפאָריזמען, קוועקזילבערדיקע ווערטלעך און שפּילעוודיקע טענער.

געוויס לעבן מיר איצט אין הרת־עולמ׳דיקע צייטן, אָבער אפילו אין אַזעלכע צייטן ווילט זיך אַ שפּיל־טאָן, אַ שטיף־טאָן און אַ לאַך־טאָן. עס ווילט זיך אָן אָפּפרישונג פון דעם אַלעמען וואָס קומט אויס צו לייענען, הערן אָן אַנדער טאָן, פילן אַן אַנדער צוגאַנג, אַן אַנדער וואַריאַציע, זען פאַר זיך אַן אַנדערן שליסל.

בימי משה נאַדיר, וואָלט וואָלף מערקור ביי אונז אפשר נישט אַרויס־

גערופן אַזאַ חידוש, ווייל דעמאָלט האָבן געלעבט און געווירקט נאָך אַנדערע אידישע שרייבער וואָס האָבן פאַרמאָגט שפּילעוודיקע פּענעס, ווי, אַשטייגער, דער לעבעדיקער, אָבער איצט, אַז אַלע ביי אונז שרייבן אַזוי אַנגעבלאָזן און אָנגעדראָלן, איז מערקור באמת אַ יחיד־במינו...

אַז וואָלף מערקור האָט נישט ליב קיין שטאַמפּאָווע מענטשן, קיין שאַבלאָנע מעשות, דאָס קען מען גלייך זען פונעם ערשטן בלעטל ווען מען הייבט אָן צו לייענען דאָס בוך. עס איז אים אויך דערווידער אויסגע־טראָטענע סטילן, אָפּגעבליאַקעוועטע ווערטלעך און אָפּגעריבענע זאָגעכצן. ער פּריִשט אייך אָפּ הן מיט זיין אייגענעם סטיל און הן מיט דעם אופן ווי ער זאָגט עס. משה נאַדיר׳ס השפּעה דאָמינירט זייער שטאַרק אין מערקור׳ן, אָבער די השפּעה דינט אים נאָר ווי אַ פונדאַמענט, ווי אַ באַזע — דאָס איבעריקע איז דורכאויס מערקור. בפרט אַז די טעמעס וועלכע מערקור רירט אָן זיינען אינגאַנצן אַ טייל פון אים — פלייש פון זיין פלייש, ביין פון זיין ביין.

מערקור איז אַ טייל פונעם אידישן טעאַטער — געוועזן און געבליבן. ער האָט מיט דעם אידישן טעאַטער דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרמעס. ער איז דורכגענומען מיט זיינע אַרויפן און אַראָפּן — פון זיינע ערשטע טריט אין אידישן טעאַטער אין גאַליציע, אָדער ווי עס האָט שפּעטער געהייסן פּוילן, ביז דעם אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, ווי אַן אויסגעבונדענער מיטן אידישן קונסט־טעאַטער, מיט אַקטיאָרן, דראַמאַטורגן, קאָמפּאָזיטאָרס, מוזיקער, רעזשיסאָרן, מאָלערס וכדומה. האָבנדיק זיין אייגענעם קוק אויף דעם אַלעמען, האָט ער אָנגעשטעלט און גענוצט זיין אייגענעם אינסטרומענט און האָט אינעם בוך „ווענט האָבן אויערן״ אויסגעשפּילט זיין אייגענעם ניגון.

ס׳איז אַ מאָטיוו מיט אַן אייגן פּנים, קלאַנג און טאָנאַציע. און דאָס איז דער גרעסטער שבח פאַר אַ שרייבער!

אָט איז אַ פּאַראַגראַף, מיט וועלכן מערקור הייבט אָן איינע פון זיינע הומאָרעסקעס „דער קבצן און דער קמצן״:

„אַמאָל... דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק... נאָר קיינער געדענקט נישט צי דאָס איז געווען לאַנג פאַר, אָדער לאַנג נאָך, לאַנג, לאַנג צוריק... דעמאָלט זיינען געווען צוויי ברידער... צווישן יענע צוויי ברידער, לאַנג, לאַנג צוריק, איז פאַרגעקומען עפּעס פּלאי־פּלאים, און עס איז שוין די

העכסטע צייט, אַז דאָס זאָל פאַרשריבן ווערן לדור־דורות און אפשר נאָך מער״.

אָט אַזוי־אַ, פשוט, אָבער מחיה׳דיק, זאַפטיק־מוזיקאַליש ווערט אויס־געשפּילט דער פּאַראַגראַף, וואָס לייגט זיך מחיה׳דיק־ווייך אויפן אויער. און דאָס איז דער שפּין־טאָן — דער פאָדעם מיט וועלכן די גאַרע קורצע הומאָרעסקע איז דורכגעוועבט. ס׳איז אַ טראַגיש־מעשה׳לע, וועגן צוויי ברידער, אַ רייכן און אַן אָרעמען, און וואָס עס פּאַסירט מיט זיי. אַ שטילער טאָן, אָבער ער רעדט הויך, נישט אויסגעצויגן, קורץ, זאַכלעך און צום פּונקט.

און אָט איז אַ סאַטיריש־אַפאָריזמיש ליד, וואָס הייסט: „אַ מענטש דאַרף האָבן פיס״:

„אַ מענטש דאַרף האָבן זיינע פיס
אויף וועלכע ער זאָל שטיין,
ער דאַרף האָבן צוויי רגלים
מיט וועלכע ער זאָל גיין.
ער דאַרף נויטיק זיינע פיס
אַמאָל צו לויפן גיך,
און האָבן דאַרף ער זיי געוויס
צו קענען טראָגן שיך.

„אַ מענטש דאַרף האָבן זיינע פיס,
אַן זיי איז ער נישט גאַנץ,
צו גיין אויף גוטע וועגן,
און אַמאָל צו טאָן אַ טאַנץ.
ער קען אַמאָל, אויב נויטיק,
זיך אַן הענט באַגיין,
נאָר ער מוז האָבן זיינע פיס
צו טראָגן זיך אַליין.

„אַ מענטש דאַרף האָבן אויך אַ קאָפּ
ער זאָל אַלץ פאַרשטיין,
נאָר ער קען אפילו אָפּט
זיך אָן אַ קאָפּ באַגיין.
עס איז זיכער און געוויס
אָפט געזען איך האָב
אַ מענטשן לויפן אויף די פיס
נאָר פשוט אָן אַ קאָפּ״.

נאָר די שענסטע טייל פון מערקור׳ס בוך זיינען די צוויי קאַפּיטלען: „זלמן קיכאָט און סאַנשטאָ מערקור״, און „פון האָראַדענקאָ ביז האָליוואוד״. אינעם ערשטן קאַפּיטל דערציילט מערקור ווי ער צוזאַמען מיט זלמן זילבערצווייגן זיינען אַרומגעפאָרן איבער אַמעריקע צו זאַמלען אַבאָנענטן פאַרן „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער״. איר זעט און פילט דעם גראָטעסק אין יעדער שורה פונעם דאָזיקן קאַפּיטל — מאָמענטן, עפּיזאָדן, פאַרדרייעניִשן, וואַנדלונגען, אָנשלאָגענישן, אָנטרעפונגען, באַגעגענישן, אָנקלאַפּעניִשן אויף „טויב־שטומע״ ווענט, אויף פאַרשלאָסענע טירן, מייסטעריש־קרום־שפּיגלדיק אָפּגעמאָלן, אַז עס כאַפּט אייך אָן אַ געלעכטער מיט אַ געוויין צוזאַמען. דאָס איז דאָך דער גורל פונעם אידישן בוך אין אַמעריקע אַלעמאָל געווען — און איצט נאָך מער. וועלכער אידישער שרייבער אין אַמעריקע, וואָס פאָרט אַרום פאַרקויפן זיינע ביכער האָט עס נישט דורכגעמאַכט? מען פּרוּווט זיך אַליין נאַרן, אָבער אָט דאָס איז עס דאָך. .

איך וויל נישט פאַרנעמען קיין סך פּלאַץ, אָבער איך וועל זיך דערלויבן צו ציטירן כאָטש עפּעס פונעם פאַרביק־שאַרף־געמאָלענעם פּאָרטרעט פונעם וועלט־באַרימטן אידישן אַקטיאָר אַלעקסאַנדער גראַנאַך, וואָס וועגן אים ווערט דערציילט אינעם שוין־דערמאָנטן צווייטן קאַפּיטל „פון האָראַדענקאָ ביז האָליוואוד״:

„גראַנאַך איז נישט געווען פון די שוישפּילער, וואָס זעען דאָס לעבן מיט פאַרמאַכטע אויגן... ער האָט נישט געהאַלטן פון בלויז „קונסט־לשם־קונסט״ טעאַטעריי. אים זיינען אָנגעגאַנגען ענינים פון דאגות, פון קאַמפן וואָס טעאַטער האָט, לויט זיין טעאָריע, געדאַרפט אַרויסברענגען, אַנאַליזירן און באַהאַנדלען, און אויך אויפן ערנסטן אופן געבן אַ תּיקון, קינסטלערישע אמת׳ן, אָפּשפּיגלען און שטעלן דעם אַרטיסטישן טראָפּ. זיין וואולקאַנישער כאַראַקטער האָט אים נישט דערלאָזט צו ווערן פלעגמאַטיש...״, „ער האָט כסדר און תמיד געאַרבעט איבער זיך און האָט געזוכט דערהויבונג און אַ וועג וואָס זאָל פירן צו אַ בעסערער און פרייערער וועלט״.

אינעם אָנהויב פונעם דאָזיקן קאַפּיטל, שרייבט דער מחבר: „איך פאַרצייכן בלויז עטלעכע פּרטים און פאַקטן וואָס דער קומענדיקער ביאָגראַפער וועט מעגלעך נוצן, ווי פאַרבן פון אַ פּאַליטרע, פאַרן גאַנצן פּאָרטרעט פון אַלעקסאַנדער גראַנאַך״.

דאָס איז אַוודאי זייער באַשיידן מצד מערקור׳ן. לייענט מען אָבער איבער דעם גאַנצן קאַפּיטל, זעט מען פאַר זיך אַן אויסגעקריצטן מאָנומענט, וואָס דער מחבר האָט געשטעלט אַ גרויסן און באַרימטן אידישן קינסטלער, וועמעס געשטאַלט עס וועט קיינמאָל נישט אַראָפּגיין פון די געשיכטע־בלעטער, סיי פון אידישן טעאַטער און סיי פונעם טאַטער אין דער וועלט בכלל.

געוויס געפינען זיך אין מערקור׳ס בוך אויך זאַכן און זאַכעלעך, וואָס זיינען נישט אין דער זעלביקער מאָס מיט די צוויי דערמאָנטע קאַפּיטלען, אָדער די קאַפּיטלען וועגן מאָריס שוואַרץ און אידישן קונסט־טעאַטער. אָבער אַזוי איז דער גורל פון יעדן בוך — נישט אַלצדינג איז פון גאַלע זייד...

צו מערקור׳ס פריערדיקע צוויי געראָטענע ביכער: „מערקוריאַזן״ און „די וועלט איז כעלם״, איז איצט צוגעקומען נאָך אַ דריט שפּרודלדיק בוך. עס לייענט זיך געשמאַק און הנאה׳דיק.

„אידישע קולטור״, דעצ., 1968,נ.י.

2

# חיה׳לע גראָבער

אין דער קונסט איז גוט אַז מען גייט אַליין. אָט דאָס בין איך. אַמאָל דערגייט מען ווייט, און אַמאָל בלייבט מען שטיין אויף אַן אָרט — און נישט אַ שפּאַן ווייטער. אַזוי איז דער גאַנג...

אַוודאי איז נישט גרינג צו שפּאַנען אין דער וועלט אַליין, אין אַ וועלט, וואו די גרעסטע מערהייט גייט מיטן שטראָם, האָט ליב צו גיין אויף אויסגעטראָטענע וועגן, וויל נישט און זוכט נישט קיין נייע וועגן, האָט גוואַלטיק מורא נישט בלויז פאַר נייע שליאַכן, נאָר אפילו פאַר זייטיקע סטעזשקעס, אָבער — ס׳איז פאַרט אינטערעסאַנט. אינטערעסאַנט, ווייל כאָטש נייע וועגן, און ספּעציעל זייטיקע סטעזשקעס, זיינען פול מיט געפאַרן, אָבער אַז מען איז שטאַרק גענוג שפּאַנט מען אַריבער די געפאַרן — און מען גייט ווייטער.

ווייטער — וואוהין? אָט דאָ ליגט דער „טשוואָק״! גיין אַליין, שפּאַנען

אַליין, צי אויף ברייטע שליאַכן, אָדער אויף זייטיקע שמאָלע סטעזשקעס, איז טאַקע זייער אינטערעסאַנט, אָבער — מ׳דאַרף האָבן אַ ציל! אָן אַ ציל, טויג נישט דאָס גיין, טויג נישט דאָס שפּאַנען. אָן אַ ציל מיינט קיין שום וועג, שליאַך, טראַקט, מעג ער זיין דער שענסטער, גאָרנישט.

אָן אַ קאָמפּאַס, טאָר אַ קינסטלער זיך נישט אַרויסלאָזן אויף קיין שום וועג — נישט בלויז אין דער פינצטער ביינאַכט, נאָר אפילו אין מיטן העלן טאָג, ווען די זון צעגייט זיך אין מילי־מיליאָסן שטראַלן. דער ציל ביים קינסטלער דאַרף נאָך אפשר זיין קלאָרער, ווי זיין טאַלאַנט. מיט טאַלאַנט קען מען אַמאָל פאַרבלאָנדזשען, אָבער אַז מען האָט אַ ציל, ווייסט מען וואוהין מען גייט, וואוהין זיך אַ קערעווע־טאָן, וועלכע טריט צו מאַכן...

אַז איר לייענט דורך חיה׳לע גראָבער׳ס צווייטן באַנד פון איר ביאָגראַפיע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מיין וועג אַליין״, קומט איר צו דער איבערצייגונג, אַז זי האָט געטאָן אַ גלייכע זאַך וואָס זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער „הבימה״, ווייל נאָר אַזוי איז זי געוואָרן אויסגעטיילט. ווען זי בלייבט מיט דער „הבימה״, וואָלט זי קיינמאָל נישט געוואָרן קיין חיה׳לע גראָבער! פאַראַן געוויסע קינסטלער, וואָס קענען זיך נאָר אַרויסזען און אַרויסהויבן אינדיווידועל.

אַוודאי איז פאַר חיה׳לע גראָבער׳ן דאָס אַוועקגיין פון דעם אַנסאַמבל, ווען די „הבימה״ האָט זיך געפונען אויף גאַסטראָלן אין ניו־יאָרק און עס האָט זיך אָנגעהויבן קאָלאָטען צווישן די שוישפּילער, דער האָט געצויגן אַהער, און דער האָט געצויגן אַהין; די חולאת פון „סטאַריזם״, האָט אויך גענומען טאָטשען יעדן איינעם פון די „הבימה״־שוישפּילער, און דער קאָלעקטיוו, וואָס איז מיט אַזויפיל אידעאַליזם און מסירת־נפש אויפגעבויט געוואָרן, האָט זיך גענומען ברעכן און שפּאַלטן, נישט געווען פון די גאָר גרינגע זאַכן. אָבער פאַר אַ שוישפּילערין מיט אַן אינדיווידועלן חוט־השדרה, איז עס געווען אַ גוטע געלעגנהייט צו נעמען אָפּשייד פון דער גרופּע און נעמען זיך בויען אַן אייגן ווינקל, אויפשטעלן אַן אייגן געצעלט — אָבער מיט וועלכע כלים?

און דאָס איז נישט געווען קיין גרינגער עסק. פון וואַנען הייבט מען אָן — און מיט וואָס? ווי אַזוי — און מיט וועמען?

עס האָט גענומען צייט, אָבער דער ענטפער איז געקומען — האָט געמוזט קומען! הויב אָן פון זיך אַליין! ווער דיין אייגן ווינקל, דיין אייגן

געצעלט, שטעל זיך אַוועק און בוי, שאַף. גיי דיין וועג אַליין, האָב נישט קיין מורא. קולטור האָסטו, טאַלאַנט האָסטו, אינטעליגענץ פעלט דיר נישט, געלערנט האָסטו, אַ קערעווע־טאָן קענסטו זיך, טאָ נעם זיך צו דער אַרבעט. נישקשה: דו וועסט נישט פאַרלאָרן גיין. און זי איז געגאַנגען — און דערגאַנגען. ווייל שוישפילער, און קינסטלער בכלל, ווי חיה׳לה גראַבער, ווערן נישט פאַרלאָרן.

זי האָט צוזאַמענגענומען אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט, אַלע אירע פיזישע און גייסטיקע כוחות, איר גאַרע בינע־דערפאַרונג, לערן־דערפאַרונג, אינטעליגענץ, טאַלאַנט, קולטור, מוזיקאַלישקייט, און האָט זיך געשטעלט אויפבויען איר אייגן ווינקל, איר אייגן געצעלט — אַ שווערער פּראָצעס, אָבער אַן אינטערעסאַנטער, אַ זעלבסט־הנאה׳דיקער און באַפרידנדיקער פּראָצעס. צוערשט האָבן זיך באַוויזן שמאָלע סטעזשקעס, און שפּעטער זיינען פון די שמאָלע סטעזשקעס אויסגעוואַקסן ברייטע שליאַכן, ווייטע טראַקטן, וואָס האָבן דער קינסטלערין געפירט פון איין שטאָט אין דער צווייטער איבער אַמעריקע — און דערנאָך איבער גאַנץ אייראָפּע, דרום־אַפריקע, דרום־אַמעריקע, אויסטראַליע, קאַנאַדע, ישראל, און ווידער אַמעריקע.

„מיין וועג אַליין״!

יאָ, אַליין איז די נשמה ריין, זאָגט אַ אידיש פאָלקס־ווערטל. אין וועג אַליין, אין דער קונסט אַליין — און ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ חיה׳לע גראַבער! נעמט מיך יאָ, נעמט מיך נישט, צי איך געפעל אייך יאָ, צי איך געפעל אייך נישט — אָט דאָס בין איך. מיט דעם קום איך צו אייך. דאָס פאַרמאָג איך.

און פאַרמאָגט האָט חיה׳לע גראַבער גאָר אַ סך, ווייל דורכאויס אייגנס: אַן אייגענעם ניגון, אייגענעם מאַניעריזם, אייגענע טאָנאַציע, אַן אייגן קול, און אַן אייגענעם אופן פון אויסשפּילן, אויסהעפטן אַ סצענקעלע, פון אויסוועבן אַ מעשה׳לע, פון אויסזינגען אַ ליד, אין אידיש אָדער העברייאיש, און אפילו אין פרט פון אויסזינגען אַ חסידישן ניגון.

חיה׳לע גראַבער האָט אַ סך מער ווי אַ שטימע — זי האָט געזאַנג! זי האָט עפּעס, וואָס אַ זינגער מיט אַ גרויסער שטימע האָט עס נישט: זי קען אויסזינגען אַ ליד, אויס׳דביקה׳ן אַ ניגון מיט אַ טאָן, וואָס זייער ווינציק זינגער פאַרמאָגן עס.

קורץ, חיה׳לע גראַבער איז לכתחילה ווי געבוירן געוואָרן אויף צו גיין

איר וועג אַליין — אין דער קונסט. נישט אין צווייען, נישט אין דרייען, נאָר דורכאויס אַליין — דאָ האָט זי באַוויזן איר אמת'ן טאַלאַנט, וואָס האָט זיך דעמאָנסטרירט אין פאַרשידענע אוזאָרן, קינסטלערישע מאַניפעסטאַציעס, באַגלייט פון כלערליי ניואַנסן, קאָלירן און אַטמאָספערישקייטן.

„מיין וועג אַליין״ איז נישט קיין „סך־הכל״ פון אַ לעבן אָדער פון אַ קאַריערע, נאָר אַ טיר, וואָס פירט אייך אַריין אין אַ שטוב מיט אַ סך אַלקערס, וואו אַ לעבן צוזאַמען מיט אַ קאַריערע הויבט זיך אָן אויסשפינען. איר זעט דעם שפראָץ, דעם קאַיאָר און דעם אויפגאַנג פון אַ לעבן און אַ קאַריערע וואָס הויבט זיך אָן אויסשפרייטן און וועבן אין ביאַליסטאָק און דערגרייכט דערנאָך ביז צו די ווייט־ווייטסטע ווינקלען פון דער וועלט, איבער אַלע פינף קאָנטינענטן.

מיידלשע חלומות און בינע־חלומות פלעכטן זיך, העפטן זיך אויס אָט אין האַרמאָניע, און אָט אין שאַרפע קאָנפליקטן; אָט נעמט די אויבערהאַנט דאָס יונגע פאַרליבטע מיידל, און אָט די גאַרע פאַרליבטקייט אין טעאַטער; אָט דערוואַכט שוין שפּעטער אין איר די רייפע פרוי, און אָט שוין די באַוואוסטזיניקע שוישפּילערין, וואָס איז פאַר'קנסט צו דער בינע מיט אַלע אירע חושים; אָט ציט זי צו דעם אָפּגעזונדערטן, שטיל־פאַרשלאָסענעם חדר אונטער פיר אויגן, און אָט ציט זי צו דער אָפענער בינע, וואו טויזנט פּאָר אויגן קוקן אויף איר, וועגן און מעסטן יעדע באַוועגונג אירע, איר יעדן קער, יעדע מינע; אַ קאַליידאָסקאָפּ פון זאַכן, פּאַסירונגען און מענטשן, וואָס מען געפינט זעלטן אַרום איין פּערזאָן.

און דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז, וואָס אין גאַרן בוך געפינט איר נישט קיין שמץ פון רכילות, סיי וועגן אירע געוועזענע קאָלעגן פון דער „הבימה״ און סיי וועגן קאָלעגן־שוישפּילער און מענטשן בכלל. עס קען זיין, אַז אַנדערע, און איך אפשר בתוכם, וואָלטן שטאַרק „אָנגעקוואָלן״, אַ שטייגער, ווען חיה'לע גראָבער וואָלט דערציילט, אַז זי האָט אַריינגעריבן אין דער מאָרדע אַריין דעם און יענעם גראָביאַנסקן אידישן „מנהיג״ פון דער אָדער אַ צווייטער אידישער אָרגאַניזאַציע, מיט וועמען איר איז אויסגעקומען צו קומען אין קאָנטאַקט, אָבער דאָס בוך וואָלט דערפון אַ סך פאַרלאָרן. דאָס גאַנצע בוך איז געשריבן געוואָרן אין אַ רואיקן, געצוימטן טאָן, לייכט, דאָ און דאָרט מיט אַ שפּרינקעלע הומאָר, און אַמאָל אויך מיט אַ טרויעריקן ניואַנס, אַ זעכצנטל פון אַ נאָטע דאָ, און אַ צוויי־און־דרייסיקטל דאָרט — אין

געציילטע ווערטער, אָן איבעריקע באַמערקונגען, זייטיקע אָפּנויגן, אַריינטייטשונגען, קלאָר, זאַכלעך און מענטשלעך. אַ בוך, וואָס שמעקט מיט קולטור, ראַפינירטקייט, פיינער דערציאונג און איידעלע מאַניערן.

געוויס דערציילט חיה׳לע גראַבער אויך וועגן מאָמענטן און עפּיזאָדן פון איר פּריוואַט לעבן, אָבער זי הויבט אויף דעם פאָרהאַנג נאָר אויף אַ העלפט. ווען זי דערציילט פון אירע ליבעס, טוט זי עס מיט אַ שטילער אָנצוהערעניש, מיט אַ וואונק — און נישט מער. דאָס איינע מאָל, וואו זי רעדט און דערציילט עטוואָס מער אָפענער און אויך עטוואָס מער לענגער, איז וועגן איר חתונה־האָבן און צוזאַמענלעבן מיטן באַוואוסטן אידישן און רוסישן שרייבער און פּובליציסט, וולאַדימיר גראָסמאַן, ווען זי דערמאָנט ביים נאָמען.

נאָכדעם ווי איר באַקענט זיך מיט דעם דאָזיקן פאַר איר ווייטיקדיקן עפּיזאָד, זעט איר איין, אַז עס האָט אַנדערש נישט געקענט זיין, אַז עס האָט צווישן די צוויי מענטשן געמוזט פירן צו אַ פונאַנדערגאַנג. אָבער ביים דערציילן אָט דעם עפּיזאָד, ווייזט חיה׳לע גראַבער נישט אַרויס קיין רוגזה, איר פילט נישט קיין בייזקייט, קיין שנאה צום מענטשן מיט וועמען זי האָט געלעבט — און געמיינט אַז זיי וועלן שוין צוזאַמען אויסלעבן די יאָרן...

פונקט אַזוי פילט זיך אויך נישט קיין רוגזה אין חיה׳לע גראַבער׳ס דערציילן, וועגן דער רשעות׳דיקער באַציאונג צו איר פון דעם אידישן זינגער סידאָר בעלאַרסקי, מיט וועמען זי איז אַ שטיקל צייט אַרומגעפאָרן פאַר׳ן אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד איבער אַמעריקע אויף אַ קאָנצערט־טורנעי; אַ רשעות, וואָס האָט איר געקאָסט אַ סך געזונט, אָבער זי טוט עס ווי פאַרבייגייענדיק, מיט אַ שטילן פאַרדראָס.

מיר געפעלט אויך ביז גאָר, וואָס חיה׳לע גראַבער ווייזט אַרויס אַ זכרון אויף צו געדענקען יענע מענטשן, וועלכע האָבן אין פאַרשידענע צייטן איר אַרויסגעהאָלפן און זיך באַצויגן צו איר מיט גרויס חסד. זי גיט אָן די נעמען סיי פון די באַוואוסטע מענטשן און סיי פון די פּשוט׳ע פאָלקס־מענטשן, פון וועלכע די וועלט האָט קיינמאָל נישט געהערט — און וועט נישט הערן.

לסוף וויל איך דאָ מאַכן אַ זייטיקע באַמערקונג: איך בין נישט אויסן צו שרייבן בלויז וועגן חיה׳לע גראַבער׳ס בוך אַליין, נאָר וועגן דעם גאַנצן גאַנג, וואָס הייסט חיה׳לע גראַבער — די קינסטלערין און דער מענטש.

„אידישע קולטור״, דעצ. 1968, נ. י.

# אַ געזאַנג צום לעבן

נאָך אָפּקרענקען צען וואָכן צייט אין צוויי שפּיטאָלן — „סאַוט שאָר" און „מאַונט סאַינאַי", אין מיאַמי ביטש — דורכגייענדיק דריי האַרץ־אַטאַקעס, איינע נאָך דער אַנדערער, — צוויי זייער געפערלעכע, מיין לעבן איז געהאַנגען ממש אויף אַ האָר — האָב איך זיך אַוועקגעזעצט שרייבן די־אָ שורות. איך שרייב זיי מיט דער האַנט, ווייל אויף צו קלאַפּן מיט דער מאַשינקע בין איך נאָך צו שוואַך.

איך בין ערשט נישט לאַנג צוריק אַהיים געקומען, אַן אָפּגעשוואַכטער, אַן אָפּגע׳צער׳טער, אַ שטאַרק אויסגעווייטיקטער, דורכלעבנדיק אַ סך פינצ־טערע שעה׳ן: די טעג לאַנגע אויסגעצויגענע, און די נעכט מרה־שחורה׳־דיקע, פול מיט וויסטע האַלוצינאַציעס, וואָס נאָר אַ הויכע טעמפּעראַטור קען אויסטראַכטן. און ווען נינאַ האָט מיך אַריינגעפירט אין מיין סטודיאָ מיטן גרויסן פענצטער פון דער ערד ביז דער סטעליע און איך האָב דערזען דעם בלויען ים, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, האָבן גענומען רינען טרערן פון מיינע אויגן, און גלייכצייטיק האָב איך געפילט ווי צו נעמען זינגען — זאָל אַפילו זיין מיט אַ שוואַכן קול — אַ געזאַנג צום לעבן!

ס׳איז געווען אַ צעגליטער יולי־טאָג. די זון האָט שפּע׳דיק געשפּריצט מיט אַנגעגליטע שטראַלן, און דער ים איז ווי אַ טיפע אָזיערע געלעגן אויסגעבעט אַ רואיקער, אַ געמיטלעכער, גאָרנישט ווי קיין ברייטער, גרויסער, טיפער ים. איך וואָלט געשוואוירן אַז איך האָב אים געהערט זאָגן: „ווילסט זען אַ ים זוך מיך ערגעץ אַנדערש נישט דאָ היינט; מיין פריינט מרדכי ירדני, וואָס ווערט נישט מיד טאָג־איין טאָג־אויס קוקן אויף מיר, איז אָקאָרשט צוריקגעקומען פון שפּיטאָל, פון צוויי שפּיטאָלן, און איך וויל אים אויפנעמען מיט אַ רואיקייט, וואָס זאָל זיין געמיט גרינגער מאַכן און אַרויסרופן ביי אים די צאַרטסטע געפילן".

יאָ, מיין ליבער ים! איך האָב שטאַרק נאָך דיר געבענקט! מיין חיות איז אויסגעגאַנגען נאָך דיינע זילבערנע כוואַליענדיקע טשובן; נאָך דיינע זיידענע קנייטשן; נאָך דיינע וואונדערלעכע אָרקעסטראַלע סימפאָנישע קלאַנגען; נאָך דיין גאָרן טיפן ברייטן פאַרנעם, סודות׳דיקייט און חנ׳עווּר־דיקייט. עס פעלט מיר אויס אָטעם דיר צו דערציילן די שווערע ליידן וואָס

איך בין דורכגעגאַנגען. מיין פען איז צו שלומפיק; עס פעלט מיר דער ריכטיקער „טאָן" און איך האָב נישט מיין „קאַמערטאָן" ביי דער האַנט. וועל איך עס איבערלאָזן אויף אַ געזונטערער צייט. איך קען דיר נאָר זאָגן אַז איך ווייס נישט ווי אַזוי איך האָב עס אַריבערגעטראָגן. איך, דער נישט גיבור, נישט קיין „געראָי", האָב באַוויזן בייקומען דעם „מלאך־המות"...

ליגנדיק צוועלף טעג אין „אינטענסיוו קער" אין „סאַוט שאָר" שפּיטאָל, דערנאָך פינף טעג אין „מאַונט סאַינאַי" שפּיטאָל, מיט אַ שטאַרק הויכער טעמפּעראַטור, האָב איך נישט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין — צי איך בין אויף דער ערד צי אויפן הימל. מ'האָט מיך געהאַלטן צוגעבונדן אין אַ קאָרסעט („סטרעיט־דזשעקעט") צום בעט איך זאָל נישט אַרויס־שפּרינגען דורך אַ פענצטער אָדער אַנטלויפן דורך אַ טיר — אַזוי הויך איז געווען די „היץ". איך האָב נישט געוואוסט ווער איז ווער און וואָס איז וואָס, און ווי אַזוי מ'רופט דעם אָדער יענעם. נינאַ'ן האָב איך גערופן שוירלי; חנה'לען — רוטי; מיין שוועסטער עטל, וואָס איז געקומען צופאָרן פון פילאַדעלפיע, — סילוויע; מיין פלימעניצע בעווערלי — קלאַראַ; איך האָב זיך קיין זאַך נישט געקענט דערמאָנען. די הויכע טעמפּעראַטור און די אַלערליי מעדיצינען האָבן מיר פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ.

אָט זיינען נעכטן געקומען באַזוכן מיך מיינע נאָענטע פריינט, די מייזעלס — דאָראַ און מאַרק — און זיטאַ וויינפּער, און איך האָב זיך בשום אופן נישט געקענט דערמאָנען זיטאַ'ס נאָמען? דעם איינציקן נאָמען וואָס איך האָב נישט פאַרמישט ליגנדיק אין די שפּיטאָלן איז געווען מיין לאַנג־יאָריקער פריינט פיליפּ. ער מיט נינאַ'ן, וועלכע איז געווען אַ פערטע „נורס" צו די דריי באַצאָלטע נורסעס, אויף אינדערפרי, בייטאָג און ביינאַכט, וועלכע האָבן אויף מיר געגעבן אַכטונג, זיינען געווען מיינע טעגלעכע באַזוכער. איך פלעג זיך אויפכאַפּן און עפענען מיינע אויגן און זען: אָט שטייט נינאַ, אָט שטייט פיליפּ. פלעג איך וויינען, זיך באַגיסן מיט טרערן...

און מיט וועמען האָב איך ליגנדיק אין די „אינטענסיוו־קער" צימערן נישט געפירט קיין „וויכוחים", קיין „דעבאַטעס"? מיט זינגער, מיט שרייבער, מוזיקער, אַקטיאָרן, קאָמפּאָזיטאָרס, חזנים — ביז הייזעריק ווערן?

אָט זע איך זיך ביי אַ יובילײ־פייערונג פון ז. וויינפּער אין טאַון האָל און קעגן מיר זיצט דר. חיים זשיטלאָווסקי און האָט הנאה פון מיין זינגען די ליד „טשינג, טשאַנג, טשו". אָט זיץ איך ביי אַ טישל אין דער קאַפעטעריע אויף

איסט בראָדוועי, און ה. לייוויק האָט צו מיר טענות, אַלמאי איך האָב „אָנגערירט״ זיין נאָענטן פריינט לעיעלעס־גלאַנצן. אָט געפין איך זיך אין גרויסן זאַל פון מאַנהעטן אָפּערע הויז אין אַ זונטיק־פרימאָרגן און הער זיך צו צו אַ דעבאַטע צווישן מ. אַלגין און חיים גרינבערג — און מאַלע וואָס נאָך פּאָר אַ פאַנטאַזיעס און האַלוצינאַציעס עס זיינען דורכגעלאָפן מיינע געדאַנקען אין יענע פינצטערע שעה׳ן, ווען איך בין געלעגן אין די „אינטענסיוו־קער״ צימערן?...

אַוודאי פריי איך זיך איצט מיט מיין ווערן געזונט! וואָס דען? און געוויס טוט מיר הנאה וואָס איך קען שוין זיצן און שרייבן! זעט איר, זינגען וועט נאָך נעמען אַביסל צייט — אויף דעם וועלן מיינע „חסידים״ דאַרפן וואַרטן. אויף שרייבן דאַרף מען אַ פען און אַ ביסעלע געזונט, אָבער אויף זינגען דאַרף מען האָבן כוח — און דאָס וועט געדויערן חדשים און טעג...

איז אָט זיץ איך און קוק אַרויס צום ברייטן אָפענעם ים, וואָס גלאַנצט שפּיגלדיק מיט זיינע מיליאָסן קנייטשן, ווי די פאַלדן פון אַ קליידל פון גוטן שטאָף אויף אַ יונגער שיינער מיידל, וואָס רייצט דאָס אויג. די זון בלאַסקעט שטראַליק, ווי די שטערן ביינאַכט ווען דער הימל איז שטאַרק בלוי און לויטער, ווי אַ וואַסער־קוואַל. די שטראַלן מיניען זיך אויף די וואַסער־קנייטשן, חנ׳דלען זיך און טוליען זיך איינער צום צווייטן, און וויגן זיך ווי אויף וואָג־שאָלן אָדער הוידלקעס.

פונעם ביטש טראָגן זיך פריידיקע קולות: מענער און פרויען און יונגע קינדער אין באָד־קאָסטיומען זיצן געמיטלעך אויסגעזעצט אויפן ווייכן גאָלדענעם זאַמד, ווי אויף אַ גאָלדענעם טעפּיך — אַ ים פון קעפּ! ס׳איז זונטיק: מ׳דאַרף נישט גיין צו דער אַרבעט; געשעפטלייט האַלטן זייערע געשעפטן פאַרמאַכט; אָפיס־אָנגעשטעלטע זיינען אויך פריי — אַ טאָג פון רו און פאַרגעניגן!

איז — ווי פלעגט זינגען אהרן לעבעדעוו? לעב, כל־זמן עס לאָזט זיך; מאָרגן קען ווערן צו שפּעט! האָב הנאה, כל־זמן דו קענסט! די וועלט איז דעם מענטשן געגעבן געוואָרן פאַר שיינקייט, פאַר רו און פאַר שלום!

און דעריבער — לאָזט מיך צוזאַמען מיט דער מאַסע מענטשן פון ביטש, אויסזינגען מיין געזאַנג צום לעבן — לחיים!

„מאָרגן פרייהייט״, אויגוסט 7, 1977, נ.י.

# פערציק טעג אין מדבר

ווָאס די אידן, נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויס פון מצרים, בלייבנדיק שטעקן גאַנצע פערציק יאָר אין דעם הייסן, ברענענדיקן מדבר האָבן איבערגעלעבט, דאַרף איך קיינעם נישט דערציילן. דאָס ווייסט יעדער חדר־אינגל. וואָס איך האָב אָבער אין משך פון פערציק טעג, ליגנדיק אין מדבר פון צוויי שפּיטאָלן אין מיאַמי ביטש, מיט דריי האַרץ־אַטאַקעס, צוויי גאָר געפערלעכע איינע נאָך דער צווייטער, איבערגעלעבט — דאָס ווייס איך נאָר אַליין. און וועגן דעם וועל איך דאָ שרייבן.

איך פרעג זיך: ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט? אָקאָרשט האָב איך מיט גרויס דערפּאָלג אָפּגעפּראַוועט די צוויי „סדרים". פרויען און מענער האָבן מיר געדריקט די הענט און אַפילו געקושט. אַ מאַן פון באָסטאָן, האָט זיך צוגעכאַפּט צו מיר און האָט מיך געקושט, ווי איך וואָלט געווען זיין געליבטע. דער באַלעבאָס פון האָטעל, וואו איך האָב אָפּגעריכט די צוויי „סדרים" איז געווען העכסט צופרידן מיט מיין דערפּאָלג — און נאָך מער מיטן דערפּאָלג פון דער קאַסע־איינגאַמע. באַלד דערנאָך בין איך אויפ־געטראָטן אויף אַ „געטאָ"־פייערונג אין אַ גרויסן אודיטאָריום פון מיאַמי ביטש, עס זיינען געקומען אַריבער טויזנט מענטשן און מיין זינגען האָט געמאַכט אַ שטאַרק איינדרוק. און אָט קום איך אַהיים, טרינק אויס אַ וואַרעמע גלאָז מילך און לייג זיך שלאָפן. מיט אַמאָל כאַפּ איך זיך אויף מיט אַ שטאַרקער שטעכעניש אין ברוסט־קאַסטן; איך וועק אויף נינאַ'ן, זי צינדט שנעל אָן דעם לאָמפּ און דערזעענדיק מיין בלאַס פּנים, די קאַלטע טראָפּנס שווייס, טעלעפאָנירט זי תיכף צו דער „שנעלער הילף"; מ'איז געקומען און מ'האָט מיך גיך אַוועקגעפירט צו דעם „סאַוט שאָר" שפּיטאָל, אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. ערשט אויף מאָרגן אינדערפרי, אַז איך האָב דערזען אַרום זיך אַ גאַנצע פּאַרטיע דאָקטורים מיט אַלערליי מאַשינעריעס, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַ האַרץ־אַטאַקע...

צו לאַנג אָבער זיך פונאַנדערקלייבן האָב איך נישט באַוויזן, ווייל איך בין ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ שטאַרק־באַוואוסטלאָזן צושטאַנד, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז אויף מאָרגן אין דער פרי. די האַרץ־אַטאַקע איז געקומען אָן אַ שום פריערדיקער וואָרנונג, פּלוצלינג, ווי אַ העלישער פייער, אַ בליץ, אָדער אַ דונער. געקומען און מיך אַוועקגעלייגט ווי אַ קנויל שטרוי...

אַז איך האָב זיך שפּעטער אויפגעכאַפּט האָב איך אויסגעפונען, אַז איך ליג אין אַ „אינטענסיוו־קער״ צימער און אַז מען האַלט מיך אין אַ קאָרסעט („סטרעיט־דזשאַקעט״) צוגעבונדן מיט רימענס צום בעט. די הויכע טעמפּע־ראַטור האָט מיך געטראָגן פונעם בעט און איך האָב געהאַלטן אין איין שרייען: „לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען!״ מיט די לעצטע ביסל כוחות מיינע האָב איך זיך געריסן פונעם בעט, אָבער די צוגעבונדענע רימענס זיינען געווען שטאַרקער פון מיר. איך האָב גערעדט פאַר היץ און פאַר פייער...

מיינע אויגן האָבן אַרומגעוואַנדערט פון איין מאַשינעריע צו דער צווייטער, צו די אַריינגעשטאָכענע קישקעלעך מיט פליסיקייטן אין די הענט, און אַזוי האָב איך זין אָפּגעמוטשעט צוועלף טעג אין דעם „אינטענסיוו־קער״ צימער אין „סאָוט שאָר״ שפּיטאָל און דערנאָך פאַרביסן מיט פינף טעג אין „מאָונט סאַינאַי שפּיטאָל״.

אין „מאָונט סאַינאַי״ שפּיטאָל האָט מען מיר אַריינגעלאָזט דורכן מויל אַ רער און פאַרקלעפּט דאָס מויל אַזוי, אַז קיין דוך האָט נישט געקענט דורכגיין. איך האָב נישט געקענט אַרויסריידן קיין איין האַלב אָדער פערטל וואָרט. געשפּייזט האָט מען מיך דורך די אָדערן.

קורץ: איך האָב זייענדיק איןביידע שפּיטאָלן אָנגעהויבן שפּירן, אַז איך בין אמת׳דיק קראַנק און אַז איך וועל זיך פונעם „מלאך־המות״ נישט אַרויס־דרייען. מיין לאַגע איז געווען אַ האָפּענונגסלאָזע: דאָס האָב איך געזען אויף נינאַ׳ס פנים, וועלכע איז די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטראָטן פון מיין בעט, כאָטש די דאָקטורים און די נוירסעס האָבן זי געהאַלטן אין איין ארויס־טרייבן, אָבער זי איז אַלע מאָל געקומען צוריק. נינאַ׳ס אויסגעמאַטערטער פנים און אויסגעלאָשענע אויגן האָבן איר פאַר׳מסר׳ט און דערציילט, אַז עס האַלט מיט מיר שמאָל.

דער הויפּט האַרץ ספּעציאַליסט פון „מאָונט סאַינאַי״ שפּיטאָל, דר. סאַמעט, האָט נינאַ׳ן געזאָגט, אַז ער צווייפלט צי איך וועל די דריטע האַרץ־אַטאַקע אַריבערטראָגן.

מיין האַרץ איז געהאָנגען אויף אַ האָר: דערצו איז מיר אונטערגעפאַלן „פלואיד״ (וואַסער) אין די לונגען — צוויי געפערלעכע קאָמבינאַציעס... מיין לאַגע איז געווען אַ העכסט־קריטישע, אָבער מער ווי שפּרייטן געלט אויף צו ראַטעווען מיך האָט מען נישט געקאָנט טאָן. נינאַ האָט זיך פּשוט מקריב געווען אָפּצוראַטעווען מיך פון טויט, זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט

פאַר קיין זאַך. זי האָט די דאָקטוירים נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איין מינוט: זיך אויספרעגנדיק ביי זיי, צי זיי טוען אַלצדינג וואָס מ׳קאָן נאָר. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זיי טוען נישט גענוג און איז געלאָפן פון איין דאָקטער צום אַנדערן: אפשר דאַרף מען רופן אַ „קאָנסוליום״, צוציען נאָך גרויסע האַרץ ספּעציאַליסטן אין מיאַמי ביטש. די דאָקטוירים האָבן איר אַרויסגעוויזן אַ מערקווירדיקן געדולד: אפשר דערפאַר ווייל זיי האָבן ביי זיך געטראַכט, אַז איך בן שוין סיי־ווי אַ פאַרלאָרענער, צי זיי זיינען געווען גערירט פון איר אויסערגעוויינלעכער געטריישאַפט? איך ווייס נישט...

די צוועלף טעג אין „אינטענסיוו־קער״ אין „סאַוט שאָר״ שפּיטאָל, זיינען פול געווען מיט שרעקלעכער מרה־שחורה׳דיקייט. פינצטערע וואָלקנס האָבן מיך אַרומגערינגלט און אַראָפּגעוואַשעט מיין גוף. עס זיינען געווען טעג, וואָס איך האָב נישט געוואוסט ווער איז ווער און וואָס איז וואָס. איך האָב פאַרביטן די נעמען פון די סאַמע נאָענטסטע. איך האָב געהאַלטן אין אָנרופן נעמען, וועלכע איך האָב נישט געוואוסט ווער זיי זיינען. די האַלוצינאַציעס זיינען געגאַנגען עד לב־השמים — איינע משונה׳דיקער פון דער צווייטער...

אָט, אַ שטייגער, געפין איך זיך אויף אַ גרויסן רייכן באַנקעט, אַן אָרקעסטער שפּילט, מענער און פרויען אין רייכע אויסגעפּוצטע קליידער, ספּעציעל די פרויען, מיט גרויסע אויסגעשניטענע דעקאָלטן און באַהאָנגען מיט שנירלעך פּערל און בריליאַנטן, טאַנצן פאַרשייט... מען קושט זיך, מען האַלזט זיך, מען שעמט זיך נישט פאַר קיינעם. די ווענט פונעם גרויסן זאַל זיינען פון גאַלע שפּיגלען; אָט עפענען זיי זיך ווי טירן, און פאַרלעך פאַרשווינדן הינטער זיי. עס איז הפקר־פּעטרישקע; מען לאַכט הויך, מען שטיפט, קעלנער און קעלנערינס טראָגן אויף טאַצן אַלערליי משקאות, דער גאַנצער עולם טרינקט, מ׳גיסט איין קעלישאַק נאָכן אַנדערן. אויבן־אָן, ביי אַ שפּיגל־וואַנט, שטייט אַ לאַנגער טיש, בופעט־מעסיק, אָנגעשטעלט מיט אַלערליי מאכלים: פליישן, פישן, און אַלערליי פּרוכטן, טאָרטן, זיסקייטן. נאָר איך איינער ליג אין אַ קאָרסעט, צוגעבונדן צום בעט, וואָס איז אַרומגענומען מיט רימענס און קאָן זיך קיין ריר נישט טאָן. וואָס זאָל דאָס זיין פאַר אַ שמחה? וועמענס באַנקעט איז דאָס? וועמען מאַכט מען דאָ חתונה? איך זע נישט קיין חתן, איך זע נישט קיין כלה אין קיין שלייער! וואו האָבן זיך גענומען אַזוי פיל מחותנים? ווער האָט זיי אַהער געבראַכט? פאַרוואָס האָט מען מיך נישט געלאַדן? און ווי קום איך אַהער אויף דעם

באַנקעט, אָדער אויף דער חתונה? איך קען דאָ קיינעם נישט. בלויז איינע, אַ מיטל־יאָריקע פרוי, וואָס דרייט זיך אַרום אַ שיכור׳ע, וואַרפט זיך פון איין מאַן צום צווייטן אין די הענט. איר טיפער, אויסגעשניטענער דעקאָלט, פון וואַנען עס זעען זיך אַרויס די נאַקעטע ברוסטן, שטייגט אַלעמען אַריבער. זי פירט זיך אויף פרעך און צעלאָזן, גראָביאַניש און אָפּשטויסנדיק. ווער איז זי? דאַכט זיך, אַז איך האָב זי ערגעץ פריער געזען? אָדער קיינמאָל נישט? איך קום נישט צו אַזעלכע באַנקעטן און חתונות! איך ווייס נישט פון אַזעלכע פרעכע, צעלאָזענע פרויען! אויף די לוחות פון מיין לעבן זיינען זיי נישט אויסגעקריצט, אַזעלכע צעיושעטע פּנים׳ער...

און אָט בין איך ווידער אויף אַ גרויסן באַנקעט. דאָס מאָל זיינען די ווענט פונעם זאַל אינגאַנצן שוואַרץ, וואו מען גיט אַ קוק מיטן אויג, זעט מען שוואַרץ, בלויז די עלעקטרישע לאָמפּן לויכטן. אָבער אַפילו זיי זיינען אַרומגעזוימט מיט שוואַרצע רייפן. דאָ זיצן אַלע אויסגעזעצט אויף בענק ווי אין אַ טעאַטער. דאָ טאַנצט מען ניט, דאָ שפּילט נישט קיין אָרקעסטער. אָבער אויך דאָ לויפן אַרום קעלנער און קעלנערינס און טראָגן פולע טאַצן מיט משקאות, טאָרטן און אַלערליי פּרוכטן. איך זיץ אויף אַ נישט קיין געוויינלעכן בענקל נאָר אויף אַ ספּעציעל־אויסגעבעטן פאָטעל און קוק צום אויבן־אָן, צום טיש, מיט די אַלערליי עסנוואַרג און נאַשערייען. אַלע ווייל קומט צו מיר צו נינאָ פרעגן, ווי אַזוי איך פיל. און אַז זי גייט אַוועק קומט צו מיר מיין שוועסטער עטל, אויך זי פרעגט ווי איך פיל. דערנאָך באַווייזט זיך מיין חבר פיליפּ. ער רעדט נישט, ער שווייגט. פון זיין טרויערדיקן פּנים לייען איך אַראָפּ מיין טויט־אורטייל... איך וויל וויינען, אָבער ער ווייזט מיר אָן מיטן פינגער איך זאָל עס נישט טאָן... ווען ער גייט אַוועק קומט נאָך אַמאָל צו נינאָ: „דאַרלינג, קען אַי העלפּ יו ווהיט סאָמטינג?״, פרעגט זי ביי מיר. בעט איך זיך ביי איר: „נעם מיך אַהיים, איך קאָן דאָ לענגער נישט זיין! מיין נשמה גייט מיר אויס! איך ווער דאָ פאַר׳צער׳ט, איך צאַנק פון מינוט צו מינוט!״ און זי קוקט אויף מיר מיט רחמנות... מיר דאַכט זיך, אַז איך געפין זיך ערגעץ איבער אַ וואַסער, אין ניו־דזשוירזי, נישט ווייט פון ניו־יאָרק...

פאַנטאַזיעס, פינצטערע כמאַרעס, פוסטע זעאונגען, האַלוצינאַציעס, דאַכטענישן, אויסווייזונגען, איינע נאָך דער צווייטער, נישט געשטויגן און נישט געפלויגן...

אָט ליג איך אין אַ בעט פול מיט וואַסער. ס׳איז געגאַנגען אַ גרויסער

רעגן, אַ מבול; און מיין בעט שטייט אין אַ גרויסן פענסטער מיט צעבראָכענע שויבן וואָס דער שטורעם־ווינט האָט אויסגעזעצט אין אַ גרויסן „דעפּאַרט־מענט סטאָר", און עס הענגען צעריסענע פֿאַרהאַנגען. פּרויען־קליידער; איך ליג און וויין, און מיט אַמאָל באַווייזט זיך חנה׳לע... איך ווייס, אַז זי איז געשטאָרבן, אָבער אָט זע איך זי. איך הער נישט אויף צו וויינען און חנה׳לע זאָגט מיר: „וויין נישט, דייניק׳ל, האָב נישט קיין מורא, דו וועסט געזונט ווערן"... — און זי פֿאַרשווינדט דערנאָך אַזוי פּלוצלינג ווי זי איז געקומען...

אַ חלום? אַוודאי... כ׳בין דערנאָך געבליבן ליגן אַ באַגאָסענער, מיט אַ קאַלטן שווייס. ס׳האָט מיך אַזש אָנגעהויבן צו דראָזשען... די טעג פֿון פֿינצטערע שעה׳ן האָבן זיך געצויגן ווי פֿון פּעך... פֿאַלדן אויף פֿאַלדן מיט חלשות׳דיקע געפֿילן, חלשות׳דיקע צאַנקענישן... אָבער נינאָ שטייט געטריי און וואַכט איבער מיר און לאָזט מיך נישט שטאַרבן... זי וועקט מיך, און שלעפּט מיך אַלע מאָל ממש פֿאַר די אויערן אַרויס פֿונעם טויט. וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיר און וויל מיך, נישט אַנדערש, בייקומען, אַזוי האָט ער באַשלאָסן — לסוף האָב איך אים בייגעקומען...

„מאָרגן פֿרייהייט", אויג. 30, 1977, נ.י.

# פֿאַרלאָרענע טעג

פֿאַרלאָרענע טעג זיינען ווי דער ווינט, קאָנסט זיי נישט כאַפּן צוריק. אַוועק, און שוין. אַלץ וואָס דו קאָנסט טאָן איז טראַכטן וועגן זיי, זיך אָפּגעבן אַ חשבון פֿון דעם אופֿן ווי זיי זיינען פֿאַרלאָרן געגאַנגען...

נאָכדעם ווי איך בין אַרויס פֿון געפֿאַר, ליגנדיק אין די צוויי שפּיטאָלן, — פֿריער אין „סאַוט שאָר" און דערנאָך און „מאַונט סאַינאַי" אין מיאַמי ביטש, — האָבן מיינע געדאַנקען אַ קימאַ־לן פֿון קאַרגע דריי חדשים צייט גענומען טראַכטן פֿון פֿאַרשידענע עפּיזאָדן, מאָמענטן, אין דעם לאַנד און אין יענעם לאַנד; אין דער שטאָט און אין יענער שטאָט; דאָ אָפּגעגעבן קאָנצערטן, דאָרטן געדאַוונט ימים־נוראים; דאָ געפּראַוועט די „סדרים" אין דעם האָטעל, און אין יענעם האָטעל; דאָ געהאַלטן אַ לעקציע, און דאָרטן גע׳זמר׳ט; באַגעגענישן אומעטום מיט פֿאַרשידענע מענטשן; פֿאַרבינדונגען

מיט צייטונגען, ליטעראַרישע זשורנאַלן און רעדאַקטאָרן; מיין נאָענטקייט מיטן אידישן טעאַטער, אַקטיאָרן, מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָרס, שרייבער, חזנים, סעקאָנד עווענױ און בראָדוועי, ניו־יאָרק און האָליוואוד — אַ ים אַ גאַנצער מיט איבערלעבונגען און דערפאַרונגען. ווי אַ פאַלק סאָלדאַטן שטייען זיי, די אַלע איבערלעבונגען, אויסגעשטעלט, און ווילן פאַרכאַפּן אַ „פּלאַץ" אין מיין דמיון, אין מיינע רעיונות, אין מיינע ביינער; אַלע ווילן זיין די ערשטע אויפגענומען צו ווערן. אָבער איך בין צו שוואַך, לאָז איך זיי וואַרטן: איילט זיך נישט, לאָמיר גיין בהדרגה, פּאַמעלעך...

די טעג זיינען לאַנגע און די נעכט זיינען אויך נישט קיין קורצע — כ'האָב גענוג צייט אויף צו טראַכטן. עס העלפן נישט די שלאָף־פּילן, מיין מוח איז צו וואַך, מיינע אויגן זיינען אָפן; מיין אָפּגעשוואַכט האַרץ גיט מיר נישט קיין „טראָבל", די שטעכעניש אין ברוסט־קאַסטן איז אַוועק, די ענגשאַפט האָט נאָכגעלאָזן, זיך צעגאַנגען ווי אייז קעגן דער זון — איך בין שוין מער אויף דער וועלט ווי אויף יענער וועלט, אַזוי האָף איך...

האָפענונג איז אַ גוטע מעדיצין און קאָסט נישט טייער. אַ וואָרט וואָס גייט פון מויל צו מויל — מען טאָר נישט פאַרלירן די האָפענונג! מיין מאַמע פלעגט זיך אָפט באַנוצן דערמיט. איך אַליין נוץ עס אויך גאַנץ אָפט, ווייל איך בין בטבע אַ האָפענונגספולער מענטש, איך גיב קיינמאָל נישט אויף קיין פאַרמעסט, קיין קאַמף, קיין ווילן אויף עפּעס צו דערגרייכן. עס וועט קומען, עס מוז קומען, עס וועט געשען, עס מוז געשען. וואַרט, אָט וועסטו זען, האָב געדולד!

ליג איך אין מיינע בעטן — פריער אין „סאַוט שאָר" שפּיטאָל און דערנאָך אין „מאַונט סאַינאַי" שפּיטאָל — און ווייז אַרויס דעם גרעסטן געדולד וואָס אַ מענטש קאָן נאָר אַרויסווייזן. די נוירסעס, אי דאָ אי דאָרט, זיינען גאָר צופרידן מיט מיר. איך בין אַ גוטער פּאַציענט, זאָגן זיי, איך שווייג. איך שמייכל צו זיי און שאָקל מיטן קאָפּ. זיי ווייזן מיר אַרויס אַ סך אויפמערקזאַמקייט. צי מחמת וואָס כ'בין טאַקע אַ גוטער פּאַציענט און דאָקוטשע זיי נישט, צי דערפאַר ווייל מ'דאַרף מיך האַלטן אויפן אויג... כ'בין טאַקע אַרויס פון געפאַר, אָבער אַ ליאַדע מינוט קאָן זיך די „מעשה" איבערדרייען... מיט אַן אָפּגעשוואַכט האַרץ איז מען קיינמאָל נישט זיכער, מאַלע וואָס עס קאָן פּאַסירן — און עס האָט דאָך טאַקע פּאַסירט!...

אָט בין איך שוין נאָך דער ערשטער האַרץ אַטאַקע, געווען האַלב־

אָנגעטאָן און גרייט צו גיין אַהיים, — און מיט־אמאָל גיב איך אַ פאַרוואַרף דעם קאָפּ אויפן בעט און קריג ערשט די ריכטיקע אַטאַקע — די צווייטע — און פאַל אַריין אין אַ באַוואוסטלאָזיקייט, וואָס האַלט־אָן צוויי טעג. מיין לעבן הענגט אויף אַ האָר, אָבער מען ראַטעוועט מיך אָפּ. אַ לעבן אויף די דאָקטוירים! דער עיקר אויף די האַרץ־ספּעציאַליסטן דר. לאַנדאַו און דר. סאַמעט! מען האַלט זיי אין מיאַמי ביטש פאַר „מכשפים״ אויפן האַרץ־געביט. דער ערשטער איז פאַרבונדן מיטן האַרץ־אינסטיטוט אין מיאַמי ביטש, וואָס איז באַוואוסט מחוץ אַמעריקע, און דער צווייטער איז דער הויפּט פונעם האַרץ־אָפּטייל אין „מאַונט סאַינאַי״.

איז אָט ליג איך מיט אָפענע אויגן, און טראַכט, ס׳קומען מיר אויפן געדאַנק, ווי שוין פריער באַמערקט, פאַרשידענע זאַכן: עפּיזאָדן, מאָמענטן, איבערלעבונגען און דערפאַרונגען. מיין לעבנס־וועג איז אַ געשלענגלטער און אַ לאַנגער, ער ציט זיך איבער פאַרשידענע לענדער און שטעט — היינט דאָ און מאָרגן דאָרט. רייך און פאַרביק איז מיין לעבן געווען ביז איצט. אמת, ער איז נישט אַלעמאָל געווען אויסגעבעט מיט בלומען, נאָר אויך מיט אַ סך שטיינער. אָבער, כ׳בין אַלע מאָל אַנגעקומען אַהין וואו איך האָב געוואָלט. מיין מזל האָט מיר אַלע מאָל צוגעשפּילט און איך בין אַרויס דער געווינער. נישט קיין רייכטום, אוצרות, נאָר פון דעם צו וואָס מיין האַרץ האָט אַלע מאָל געשטרעבט. איך בין נישט געגאַנגען אויף קיין גליטשיקע וועגן, כ׳האָב אַלע מאָל אין אויג געהאַט דעם גערעכטן וועג — נישט בלויז פאַר זיך אַליין נאָר אויך פאַר יענעם. איך האָב קיינמאָל נישט געוואָלט איינשלינגען די וועלט און וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך עס געטאָן מיט אַ געפיל פון יושר, שיינקייט און גערעכטיקייט, כ׳בין קיינמאָל נישט געווען קיין איינרייסער, קיין „זולל וסובא״, קיין אויסכאַפּער ביי יענעם: אַז נאָר איך דאַרף לעבן, נאָר איך דאַרף זינגען, נאָר איך דאַרף שרייבן, נאָר איך דאַרף הנאה האָבן, ווייטער קיינער נישט. כ׳בין אַלע מאָל געווען שטאָלץ אויף מיין „דאָליע״, מיט מיין חלק וועלט, אויף יעדן געביט אויף וועלכן כ׳בין אַלע מיינע יאָרן געווען אַקטיוו — סיי אין מיין זינגערישן און סיי אין מיין שרייבערישן געביט. און ווי אַ מענטש האָב איך אַלעמאָל געזוכט צו זיין און צו בלייבן דורכאויס אַ מענטש — נישט מיטגעריסן ווערן פון יענעמס אויפפיר, פון יענעמס אויפטועכצן. כ׳בין אַלע מאָל געגאַנגען מיין אייגענעם וועג און זיך נישט געלאָזט פירן פון יענעם...

מיין זכרון האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן עפּיזאָד אין די דרייסיקער יאָרן, אין תל־אביב: אין אַ געוויסן טאָג איז קיין יפו אָנגעקומען אַ שיף פון מאַרסעי, פראַנקרייך, און געבראַכט טוריסטן פון פאַרשידענע לענדער — צווישן אַנדערע דעם באַרימטן העברעאישן פּאָעט, איינער פון דער „גאָלדענער טראַיקע״, שאול טשערניכאָווסקי, און לעאָ ליאָוו׳ן און מרדכי הערשמאַן. לעאָ ליאָוו איז מיט מרדכי הערשמאַנ׳ען אַרומגעפאָרן אויף אַ טורנעי איבער גאַנץ אייראָפּע, געגעבן קאָנצערטן. ליאָוו איז געווען הערשמאַנ׳ס אימפּרעסאַריאָ, אי זיין פּיאַנאָ־באַגלייטער און אויך זיין כאָר־דיריגענט, ווען הערשמאַן האָט געדאַוונט ערגעץ אַ שבת. זיי האָבן אָפּגע־געבן קאָנצערטן אין אַזעלכע שטעט ווי וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, לעמבערג, ביאַליסטאָק, קאָוונע, ריגע, גראָדנע, פּינסק, אַנטווערפּן, בריסעל, פּאַריז, לאָנדאָן.

און אָט זיינען זיי געקומען קיין פּאַלעסטינע, ווי עס האָט דעמאָלט געהייסן ארץ־ישראל. די שטאָט תל־אביב, מיטן בירגערמייסטער מאיר דיזענגאָף בראש, האָבן איינגעאָרדענט אַ באַנקעט לכבוד די חשוב׳ע דריי געסט אין אַ האָטעל ביים ברעג ים. אויבן־אָן ביים טיש זיינען געזעסן אַזעלכע אָנגעזעענע מענטשן ווי דר. יהודה קויפמאַן, י. י. ראַווניצקי, מ. אויסישקין, יעקב פיכמאַן, דר. ש. מאָסענזאָן, דער מעיאָר פון תל־אביב, מאיר דיזענגאָף און חיים נחמן ביאַליק, וועלכער איז געווען דער יושב־ראש.

ביאַליק האָט געשפּריצט ווי אַ פאָנטאַן מיט קלוגע ווערטלעך, בליציקע געדאַנקען, וואָס האָבן אַלע „חשוב׳ע לייט״ און אויך דעם גאַנצן עולם באַגייסטערט. אַלע רעדנער, וועלכע מ׳האָט גערופן צום וואָרט, האָבן, נאַטירלעך, גערעדט העברעאיש. ווען עס איז געקומען צו ליאָוו׳ן, האָט ער גערעדט אין אידיש, וואָס אַלע האָבן פאַרשטאַנען — אַ חוץ אפשר טשערניכאָווסקי, וואָס האָט גערעדט אָדער העברעאיש אָדער רוסיש.

ליאָוו האָט זיך, צווישן אַזויפיל העברעאיסטן, געפילט אַ ביסל פאַרלאָרן, אָבער ער האָט געהאַלטן אַ פיינע אידישע רעדע. ווען ס׳איז געקומען צו מרדכי הערשמאַנ׳ען, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

„קיין העברעאיש קען איך נישט און מיין אַמעריקאַנער אידיש טויג אויף כפּרות, וועט איר מיר דערלויבן צו זינגען פרוג׳ס ליד „זאַמדן און שטערן״ מיט מוזיק פון בערנשטיינ׳ען״.

דער עולם האָט אים געפּאַטשט בראַוואָ. אויף אַזאַ „סורפּריז״ האָבן זיי

זיך נישט גערירט! ליאָוו איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ און הערשמאַן האָט אָנגעהויבן זינגען מיט זיין גאָלדענער שטימע, ווי נאָר ער האָט געקענט. דער עולם האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, מ׳האָט פאַרלאַנגט נאָך עפּעס. האָט ער זיך נישט געלאָזט צופיל בעטן און ער האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ קליין קאַפּעלע און גענומען זינגען די תפילה „ברוך ד׳ ביום״, וואָס ער האָט אַזוי פּרעכטיק אַריינגעזונגען אין אַ קאָלאָמביאַ־רעקאָרד. דער גאַנצער עולם איז אַרויס פון די כלים.

ביאַליק׳ס שאַרפזיניקע רייד און הערשמאַנ׳ס האַרציק זינגען, זיינען געווען דער „טשוואַק״ פונעם גייסטרייכן באַנקעט.

לעאָ ליאָוו, ווי באַוואוסט, איז נישט געווען פון די „שטוב־זיצערס״. אַ וואָך נאָך זיין און הערשמאַנ׳ס קומען, זיינען שוין איבער גאַנץ תל־אביב געהאָנגען גרויסע אַפישן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דעם ערשטן קאָנצערט פון מרדכי הערשמאַן און לעאָ ליאָוו אין „אוהל שם״. עס זיינען דעמאָלט אין תל אביב געווען נאָר צוויי פלעצער, וואו מען האָט געקענט אָפּגעבן קאָנצערטן: דער „אוהל שם״, וואָס אַ פילאַדעלפיער רייכער איד, אַ ציין פאַבריקאַנט, מיטן נאָמען בלום, האָט אויפגעבויט און אַוועקגעשענקט דער שטאָט — וואו ס׳איז געווען דער קאָמיטעט וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם באַרימט־געוואָרענעם „עונג שבת״, וואו ביאַליק איז געווען דער ראש המדברים — און דער „מוגראַבי״־טעאַטער, וואו עס פלעגט שפּילן די „הבימה״, אָבער אין געוויסע אָוונטן, ווען די „הבימה״ האָט נישט געשפּילט, פלעגן דאָרט פאָרקומען פאַרשידענע קאָנצערטן.

ס׳איז איבעריק דאָ צו דערציילן, אַז דער ערשטער קאָנצערט פון הערשמאַנ׳ען מיט ליאָוו׳ן איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. באַלד האָבן נאָכגעפאָלגט נאָך קאָנצערטן — אין ירושלים, חיפה און, ווידער אַ קאָנצערט אין תל־אביב. גאַנץ ארץ־ישראל איז געגאַנגען אויף רעדלעך — אַפילו די סאַברעס האָבן אָנגעקוואָלן סיי פון די לידער און סיי פון די חזנ׳ישע תפילות וואָס הערשמאַן האָט געזונגען. ליאָוו איז געווען אין זיבעטן הימל! הערשמאַן איז טאַקע געווען אַ פירמע, אָבער ליאָוו האָט נישט דערוואַרט אַזעלכע גרויסע דערפאָלגן. דאָס האָט געוויזן, אַז ער האָט נישט געקענט דעם ארץ־ישראל׳דיקן עולם.

איז אָט, ליגנדיג איצט אין שפּיטאָל, האָב איך גאָר אַ סך געטראַכט פון יענע פריידיקע טעג, ווען מען איז נאָך געווען היפּשלעך יונג, און איך האָב

נישט געחלומ׳ט אַז כ׳וועל, מיט יאָרן שפּעטער, מיר־נישט דיר־נישט, דורכגיין דריי שווערע האַרץ־אַטאַקעס, איינע נאָך דער אַנדערער, און פּלוצלונג וועט מיר קומען אויפן זכרון אָט דער דאָזיקער באַשריבענער עפּיזאָד. גליקלעכע טעג זיינען עס געווען, ווייט פון די פאַרלאָרענע טעג מיינע, ליגנדיק אַ צוגעשמידטער צו די בעטן, — אוי, ווי ווייט...

„מאָרגן פרייהייט״, סעפּ. 1, 1977, נ.י.

# כ׳דאַרף שפּאַצירן...

איך מעג שוין און קען שוין שפּאַצירן — נישט קיין סך — צוויי־דריי בלאָק, אָבער — וואו נעמט מען געזונטע פיס? מיינע צוויי האַרץ־ספּעציאַליסטן האַלטן מיר אין איין זאָגן: „דאַרפסט שפּאַצירן״ — מאַלע וואָס איך דאַרף? איך דאַרף אַ סך זאַכן, איך וואָלט דאָ געקענט אויסרעכענען אַ גאַנץ היפּשן צעטל מיט זאַכן „וואָס איך דאַרף״. איך דאַרף איצט האָבן אַ גוטן אַפּעטיט — און האָב נישט. איך וואָלט באַדאַרפט קענען זיך גוט אויסשלאָפן — און קען נישט. איך וואָלט געדאַרפט זיין כאָטש מיט אַ צוואַנציק יאָר אינגער — און בין נישט. איך וואָלט געדאַרפט זיין, ווי איך האָב פּלאַנירט נאָך פּסח, אין ישראל, סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַ ריי אייראָפּעאישע לענדער, און האָב צוליב מיין קראַנקייט נישט באַוויזן צו פאָרן — און מאַלע וואָס נאָך?

ווען מיין מאַמע וואָלט איצט געלעבט, וואָלט זי געזאָגט: „מאָטעלע, זינדיק נישט, דאַנק גאָט וואָס דו ביסט אַרויס מיט גאַנצע ביינער״. און מיין חשוב׳ער לאַנדסמאַן, דער נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענער שרייבער איציק קיפּניס, וואָלט אויף זיין סלאָוועשנעדיקן אידיש געזאָגט: „אַ מענטש טאָר נישט האָבן קיין גרויסע אויגן; ער טאָר נישט זיין קיין זלידנע״. וועל איך זיין אַ קאָטינקע. צוויי בלאָק — איז צוויי בלאָק. אַיי, די פיס דינען נישט — נאָ...

ליגנדיק פערציק טעג אין צוויי שפּיטאָלן, זאָל אַפילו זיין די בעסטע אין מיאַמי ביטש, איז נישט קיין שפּילכעלע. ווי ס׳האָט זיך צו מיר גענומען די גבורה עס אַריבערצוטראָגן ווייס איך נישט. וואָרום קיין גרויסער גיבור בין איך קיינמאָל נישט געווען, ספּעציעל איצט, אַז איך האָלט שוין אַריבער דער

גרענעץ פון 65 יאָר — אַוודאי נישט. נאָר ווי פלעגט מיין מאַמע זאָגן: „אַז ס'איז דאָ יאָרן איז דאָ לעבן״.

אדרבא! איך בין אַוודאי צופרידן וואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט, וואָרום איך האָב נאָך אַ סך זאַכן מתקן צו זיין. איך דאַרף נאָך זען אָפּגעדרוקט אין ביכער אַלע מיינע שריפן, וואָס איך האָב אין משך פון פערציק יאָר צייט געדרוקט אין צייטונגען און זשורנאַלן. אויך וויל איך מיט מיינע אייגענע אויגן זען אָפּגעדרוקט אַלע מיינע קאָמפּאָזיציעס וואָס איך האָב פאַרפאַסט — לידער, העברעאישע און אידישע, רעטשיטאַטיוון. איך וויל נאָך איינמאָל זיין אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און זיך זען מיט מיין גרויסער משפּחה — פּעטערס, מומעס, פּלימעניקעס, פּלימעניצעס, קאָזינס און קאָזינעס. איך וויל אויך איינמאָל נאָך זיין אין ישראל, און אַ גאַנץ ריי אייראָפּעאישע און לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער און שטעט, וואו איך האָב זיך במשך פון יאָרן געשאַפן אַ סך פריינט און חסידים.

דאַרף מען דערצו האָבן כאָטש נאָך אַ צענדליק יאָרן — און געזונט. איי, געזונט! וואָרום וואָס טויגן די יאָרן, אויב עס וועט נישט זיין קיין געזונט? אַוודאי וועל איך מער נישט קענען אַרומפליען, אַרומפאָרן, אַרומיאָגן זיך ווי פריער, איידער עס האָט מיך געטראָפן דער אומגליק מיט די דריי האַרץ־אַטאַקעס... איך נאָר זיך נישט אָפּ: איך ווייס אַז איך וועל זיך דאַרפן גוט־גוט אָפּהיטן, ניאַנטשען זיך, עס קען אַנדערש נישט זיין. איך וועל מוזן אָפּהיטן אַלע „תרי״ג מצוות״, וואָס מיינע דאָקטורים האָבן מיר פאַרזאָגט. דער צעטל וואָס זיי האָבן פאַר מיר אויסגעלייגט איז אַ לאַנגער, אָבער עס וועט מיר גאָרנישט העלפן, איך וועל מוזן אויספאָלגן. איך האָב אויך צוגעזאָגט נינאָ'ן, אַז איך וועל זיין אַ „גוט באָי״, איך וועל נישט אַרומלויפן, נישט אַרומטאַנצן — אַ קאָטינקע, און שוין.

אפשר דערפאַר וואָס איך בין בטבע נישט קיין דאָקוטשליוועך, האָבן מיך די נוירסעס פוןביידע שפּיטאָלן ליב געהאַט. זיי האָבן מיך גערופן „דאַרלינג״, „סוויטהאַרט״, און האָבן זיך צו מיר באַצויגן אויסערגעוויינלעך העפלעך. מסתמא האָבן זיי נאָך אַנדערע פּאַציענטען אויך גערופן „דאַר־לינג״ און „סוויטהאַרט״: אויב יאָ, פאַרגין איך זיי עס מיטן גאַנצן האַרצן. פאַרוואָס נישט? איך פּיל נישט קיין אייפערזוכט אויף קיינעם נישט. די מייסטע נוירסעס אין ביידע שפּיטאָלן זיינען באַשטאַנען פון קובאַנער, פּאָרטאָ־ריקאַנער, פיליפּינערינס און דזשאַמעיקאַנערינס. און ווי אויף

להכעיס זיינען אַלע איינס אין איינס געווען שיינע, ווי מען וואָלט זיי אַרונטערגענומען פון קאָרטינעס. ספּעציעל איינע (עס איז אַלעמאָל דאָ איינע!) פון דזשאַמעיקאַ, וואָס האָט מיך באַהאַנדלט מיט אַזאַ צערט־לעכקייט, ווי אַ מאַמע באַהאַנדלט אירס אַ קינד, אַ בן־יחיד! ווען מיינע הענט זיינען געווען אַרומגעוויקלט מיט קישקעלעך און ברעטעלעך האָט זי מיך געהאָדעוועט, ווי מען האָדעוועט אַ ניי־געבוירן עופה׳לע. און שיין איז זי געווען ווי זיבן וועלטן!

מיין חבר פיליפּ, וועלכער פלעגט קומען יעדן טאָג צו מיר אין שפּיטאָל, האָט זיך שיעור נישט פאַרליבט אין איר. זי איז נאָך נישט געווען פאַרהייראַט און האָט אויסגעזען צו זיין אַ מיידל פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. איינמאָל האָב איך זי אין אַ שפּאַס אַ פרעג־געטאָן: צי זי וואָלט חתונה געהאַט מיט מיין פריינט פיליפּ? האָט זי מיר געענטפערט: „הי איז טו ווהייט!״ (ער איז צו ווייס). ער איז אַ בלאָנדער, מיט אַ בלאָנדן פנים, און בלאָנדע האָר, און אַזוי ווי ער איז אַ ווייבלאָזער וואָלט געווען אַ גוטער שידוך — כאָטש ער איז מיט אַ סך יאָרן עלטער פון איר. אָבער איך ווייס, אַז ער וואָלט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון איר. ער האָלט אין איין זאָגן כסדר אַז ער וויל נישט חתונה האָבן מיט קיין פרוי, וואָס זאָל זיין פון זיין עלטער. דערצו איז ער שטאַרק מקפּיד אויף דער פיגור פון אַ פרוי, שוין נישט רעדנדיק פון איר אויסזען: ער קען נישט פאַרגעסן זיין פאַרשטאָרבענע פלאַרענס, וועלכע איז געווען אַ שיינע און האָט אויך געהאַט אַ פיגור פון אַ מאָדעל. זי האָט זיך אַלע יאָרן געהאַלטן ביי איר מיידלשן אויסזען. פאַראַן אַזעלכע פרויען וואָס זיינען געבענטשט מיט זייער מיידלשן אויסזען און מיידלשע פיגורן לעולם־ועד, און עלטערן זיך קיינמאָל נישט...

כ׳האָב היינט, ווען איך האָב זיך געזעצט שרייבן, דערהאַלטן פון מיינע צוויי גוטע פריינט אין ניו יאָרק, גוטאַ און סאָל, אַ שיינע ווינטשעוואַניע־קאַרט לכבוד מיין געבוירן־טאָג. ווען נישט די ווינטשעוואַניע־קאַרט, וואָלט איך לגמרי פאַרגעסן פון מיין געבוירן טאָג. דאָס ליגן אין מדבר פון צוויי שפּיטאָלן, האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן נישט אין איין זאַך נאָר אין אַ סך זאַכן. נאָר ווי זאָגן אידן: גם זו לטובה! לאָמיר נישט זינדיקן... איך האָב אַזוי דערוואַרט, אַז איך זאָל קענען איצט זיצן און שרייבן, ווי מ׳קאָן דערוואַרטן אַז ס׳זאָל אויספאַלן אַ שניי איצט אין מיאַמי, אין מיטן פון חודש סעפּטעמבער. זעט איר, אַן אוראַגאַן, אַ שטורעם, דאָס קען מעגלעך זיין. דער

סעזאָן פון אוראַגאַנעז, פון שטורעמס, איז איצט אויף דער טאָג־אָרדענונג. ווי באַוואוסט ווערן די אוראַגאַנעז, די שטורעמס, לויטן אלף־בית אָנגערופן מיט פרויעשע נעמען. דער היינטיקער סעזאָן פון אוראַגאַנעז האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַניטאַ, דערנאָך האָט נאָכגעפאָלגט בעיב, און בעת איך שרייב אָט די שורות, האַלטן מיר ביי קאַראַ. עס העלפן נישט קיין פּראָטעסטן פון די פרויען פאַרוואָס קומט עס זיי אַז מ׳זאָל די שטורעמס אָנרופן מיט פרויען נעמען? די וועטער־עקספּערטן גייען אָן מיט זייער אַרבעט און פרעגן זיך ביי קיינעם נ״שט אָן. מסתמא זיינען דאָ סיבות דערפאַר. מילא, כ׳וועל זיך נישט גיין אויס׳טענה׳ן מיט די וועטער־עקספּערטן...

מיין געבוירן־טאָג אייגנטעלך איז אַ פיקטיווע דאַטע, וואָס מיין טאַטע האָט אָנגעגעבן ווען ער האָט אַרויסגענומען די אַמעריקאַנער בירגער־פּאַפּירן. ניט ער און ניט די מאַמע מיינע האָבן געוואוסט די גענויע דאַטע ווען איך בין געבוירן געוואָרן — און אויך נישט אין וועלכן יאָר? עס איז אָנגעגאַנגען אַ פּלוגתא, אַ שפּאַרעניש, צווישן מיין טאַטע־מאַמע: די מאַמע האָט געזאָגט אַז איך בין געבוירן געוואָרן ווען ס׳האָט אין סלאָוועשנע אויס־געבראָכן די קליינע שריפה, און דער טאַטע האָט גע׳טענה׳ט, אַז איך בין געבוירן פונקט דעמאָלט ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די גרויסע שריפה. אָבער ווען דאָס האָט פּאַסירט, וואָס פאַר אַ טאָג און וואָס פאַר אַ יאָר, דאָס האָב איך נישט געקענט דערגיין קיין טאָלק צווישן זיי. און אַזוי בין איך יאָקאָם אויס־געוואַקסן „לתורה ולחופה ולמעשים טובים״ — נישט וויסנדיק גענוי מיין געבוירן־טאָג, אָדער וואָס פאַר אַ יאָר דאָס איז געווען. מילא, מ׳שטאַרבט נישט פון אַזעלכע זאַכן...

איך האָב דאָ דערמאָנט מיין שטעטעלע סלאָוועשנע! וואָס אַשטייגער וואָלט איך איצט נישט געגעבן, ווען איך קאָן אָפּשטאַטן דאָרט אַ באַזוך? ווען איך בין מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אויף אַ באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און איך האָב געוואָלט פאָרן אַ קוק־טאָן אויף סלאָוועשנע, אַז דאָס חיות פון די ביינער איז מיר אויסגעגאַנגען, האָט מען מיר אין קיעווער טוריסטן־ביוראָ געזאָגט: „ניעט!״ איך האָב אויך געוואָלט צופאָרן זען אָוורוטש, קאָראָסטין, זשיטאָמיר, האָב איך געקראָגן דעם זעלביקן ענטפער „ניעט!״ און שוין.

דער שריפשטעלער איציק קיפּניס, אַ סלאָוועשנער, וועלכער האָט געוואוינט אין קיעוו, האָט מיר דערציילט, אַז פון סלאָוועשנע איז געבליבן

נישט מער ווי אַ חורבה. די דייטשן האָבן אַלע אידן צונויפגעקליבן אויף דער שיניצע, טאַקע נישט ווייט פון זיין טאַטנס שטוב, נחום דער האַרבאַר, און אַלעמען אויסגעשאָסן. בלויז איין איד האָט זיך געראַטעוועט — מאָטל דעם סטאָליאַרס אַ ברודער...

סלאָוועשנע! ווילט איר וויסן ווי אַזוי סלאָוועשנע האָט אויסגעזען, וואָס סלאָוועשנע האָט געמיינט, לייענט קיפּניס׳עס צוויי ביכער, טאַקע מיטן נאָמען „סלאָוועשנע״. אַז איר וועט זי זוכן אויף דער מאַפּע וועט איר זי נישט געפינען — אַ קליין פּאָסאַלקעלע, אַ שטעטעלע אין אוקראַינע, וואָס ליגט אויף דער גרעניץ פון וואָלינער גובערניע און ווייס־רוסלאַנד. אַ נחת׳דיק אידיש שטעטעלע געוועזן מיט אידן למדנים, סוחרים און האָרעפּאַשניקעס. דער וואַלד וואָס האָט איר אַרומגערינגלט איז געווען אַ געדיכטער און האָט געהאַט אַ שם איבער גאַנץ אוקראַינע — מיט אַ סך קאַנטאָרן, מיט אַ גרויסער „ליעסאָוואַי־פּילניע״ (אַ זעג־מיל), מיט הונדערטער העקער, וואָס האָבן געהאַקט דיביימער און זיי געשיקט קיין אוסאָוו, און פון דאָרט איבער גאַנץ אוקראַינע און רוסלאַנד.

אין אוסאָוו איז געווען די „ליעסעוואַי־פּילניע״, וואו די העקער, אין ספּעציעל־אויפגעבויטע באַראַקן, האָבן געוואוינט מיט זייערע פאַמיליעס. מיין זיידע מאיר־דוד, דער מאַמעס טאַטע, און מיין פעטער ישראל׳יק, דער מומע פּערלס מאַן, מיין מאַמעס עלטסטע שוועסטער, זיינען געווען די פּאַדריאַטשיקעס, וועלכע האָבן צוגעשטעלט דעם גאַרן פּראָוויאַנט פאַר די אָנגעשטעלטע אין די קאַנטאָרן און פאַר די העקער און זייערע משפחות.

זומער־צייט פלעגט מיך מיין זיידע מיטנעמען קיין אוסאָוו און איך האָב פון יעדן באַזוך שטאַרק הנאה געהאַט. איך האָב ליב געהאַט דעם געדיכטן וואַלד, די ריזיקע ביימער, די געשמאַקע ריחות, די געזונטע העקער און זייערע פרויען מיט די קינדערלעך. איך פלעג זיך מיט זיי שפּילן, גיין קלייבן יאַגעדעס, רויטע מאַלינעס, ברוסניצעס און שוואָמען. בעת דער זיידע איז געווען פאַרנומען האָבן אייניקע קינדערלעך פון די העקער, וועלכע האָבן מיך גוט געקענט, מיטגענומען אויף זייערע „עקספּעדיציעס״, פאַרקריכן מיט זיי טיף אין וואַלד אַריין, און קומען דערנאָך אין גרויסן איטאַליענישער קאַנטאָר, וואו דער זיידע פלעגט שטענדיק איינשטיין.

דער דירעקטאָר פון קאַנטאָר, וועלכער האָט קיין איין רוסיש וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן, אַ חוץ זיין אייגענע שפּראַך, איטאַליעניש, פלעגט

מיט מיר האָבן אַ סך שפּאַס — מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען אויפן וואונק. אַפילו די „קליוטשניצע״ האָט נישט געקענט קיין איין רוסיש וואָרט אויסרעדן. בלויז דער פאַרוואַלטער פון קאַנטאָר, אויך אַן איטאַליענער, האָט גערעדט אַ גוטן רוסיש און איז געווען דער פאַרמיטלער צווישן דעם דירעקטאָר און די אַנדערע איטאַליענישע אַנגעשטעלטע און דעם זיידן. זיי זיינען געווען פריילעכע, לוסטיקע, „לונג־און־לעבערס״, די איטאַליענער, כאָטש איך האָב זיי לחלוטין נישט פאַרשטאַנען.

יאָ, ס׳איז אַ גאַנץ ווייטער מהלך פון סלאָוועשנע ביז די צוויי שפּיטאָלן אין מיאַמי ביטש! אָ, וויפיל וואַסערן ס׳איז זינט יענע יאָרן אָפּגעלאָפן אונטער די בריקן! וויפיל ימים בלוט, אידישע און נישט־אידישע, זיינען זינט דעמאָלט פאַרגאָסן געוואָרן! טויזנטער מיילן טיילן אָפּ סלאָוועשנע פון מיאַמי ביטש, נישט בלויז אין שטח אַליין, נאָר אויך אין דעם אופן פון לעבן. אַן אַנדער אַטמאָספערע, אַנדערע מענטשן, אַנדערע פּירעכצן, אַן דער היימישקייט, אַן דער אַרומרינגלונג פון נאָענטער משפּחה, זיידעס און באָבעס, פעטערס און מומעס, פלימעניקעס און פלימעניצעס, קוזינס און קוזינעס. אָפּגעריסן, און שוין...

ווי לאַנג איז עס שוין? העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט! און דאָס איז זייער אַ סך! און דאָך, און פאָרט, די פּאַרטאַיעטע בענקעניש האָט מיך קיינמאָל נישט אָפּגעלאָזט. זי ליגט איינגעגראָבן ביי מיר טיף אין די ביינער. נישט געקוקט אויף אַלע מיינע וואַנדערונגען איבער שטעט און לענדער, סלאָוועשנע איז געבליבן אַ פּינטעלע אין מיין האַרץ, וואָס קיינער האָט עס נישט געקענט אָפּמעקן, אויסלעשן און פאַרווישן...

קאָן איך, אַשטייגער, פאַרגעסן מיינע פּערציק טעג אין מדבר פון די צוויי שפּיטאָלן? קיינמאָל נישט! מיין שטעטעלע סלאָוועשנע מיט איר געדיכטן וואַלד, פעטע פעלדער מיט אַלערליי תבואות, סעדער מיט פּרוכטן, מיט איר גאָר שיינעם שמעקנדיקן אויסזען, וואוהין מ׳פלעגט פון די ווייטע גרויסע שטעט, ווי מאָסקווע, קיעוו, אָדעס, כאַרקאָוו, זשיטאָמיר, זומער קומען אויף דאַטשע, שטייט מיר פאַר די אויגן ווי אַ ליכטיקע מנורה! אפשר אין זכות פון דעם, וואָס סלאָוועשנע האָט אין מיר פאַרפלאַנצט, בין איך געבליבן לעבן? ווער קאָן וויסן! אפשר אין זכות פון דער געשמאַקער פאַר־זאַפּטער סלאָוועשנער לופט וואָס איך האָב אין זיך איינגעזאַפּט, האָט מיר געקלעקט חיות אַריבערצוטראָגן אַזאַ שווערן קראַנקן „פּעקל״? אפשר די

כוחות וואָס סלאָוועשנע האָט אין מיר פאַרזייט זיינען געווען גענוג שטאַרק, אַז איך זאָל גובר זיין דעם מלאך־המות?...

יעדנפאַלס, איך בין געבליבן לעבן, איך בין דאָ — און איך וויל האָפן, אַז נאָך אויף לאַנגע יאָר! איך וויל זייער לעבן, ווייל איך האָב ליב דאָס לעבן! ווי פלעגט זאָגן לוצקי? איך האָב ליב דאָס לעבן, אַז דאָס חיות גייט מיר אויס...

„מאָרגן פרייהייט״, סעפּ. 27, 1977, נ.י.

# ברוך גלאַזמאַן — דער שאַרפער באַאָבאַכטער

ברוך גלאַזמאַן איז געווען מיינער אַ שטיקל לאַנדסמאַן. איך זאָג אַ „שטיקל״, וואָרום ווי ווייט איז סלאָוועשנע פון מאָזיר, וואו ברוך גלאַזמאַן איז געבוירן געוואָרן? — אַ קאַצנשפּרונג. אַ שטוב מיט אַן אַלקיר, אָדער ווי אַ קליאַמקע מיט אַ טיר...

מאָזיר איז געווען אַ אויעזדנע שטאָט, ד. ה., אַ קרייז־שטאָט, אין ווייס־רוסלאַנד, אויף דער גרענעץ פון וואָלינער גובערניע.

מ׳האָט געקענט פאָרן קיין מאָזיר דורך צוויי זייטן: פון סלאָוועשנע קיין לעלציץ, דערנאָך קיין טוראָוו, פעטריקאָוו, לעכאָוויטש, דאַוויד־האָראָדאָק: אָדער דורך אַ צווייטער זייט: אָווורוטש, סאַרנע, דאָמבראָוויץ, לונינעץ, פינסק — ווי איינעם איז געווען באַקוועמער.

דער וואָס האָט געהאַט אַ שטיקל ידיעה אין דער אידישער ליטעראַטור, האָט געוואוסט, למשל, אַז אין לעכאָוויטש איז געבוירן געוואָרן דער באַוואוסטער טעאַטער־ און ליטעראַטור־קריטיקער דר. מוקדוני, אַז אין פעטריקאָוו איז געבוירן געוואָרן דער לירישער הומאָריסט, עסייאיסט, טעאַטער־ און ליטעראַטור־קריטיקער, דער לעבעדיקער (חיים גוטמאַן), אָדער אַז אין לעלציץ איז געבוירן דער פיינער זשורנאַליסט און דערציילער אַלעקסאַנדער זעלדין, אַז אין דאָמבראָוויץ איז געבוירן געוואָרן דער שאַרפער פּאָלעמיקער, פּובליציסט און ליטעראַטור־קריטיקער, חיים ליבערמאַן. און אַזוי מיטן וועג כסדר, ביז מען איז אָנגעקומען קיין מאָזיר — אַ שטאָט וואָס האָט געקוואָלן מיט בונדיסטן, ציוניסטן, סאָציאַליסטן,

אַנאַרכיסטן, און האָט געבוירן דעם באַגאַבטן דערציילער און ראָמאַניסט, מיט אַ שאַרפן אויג, ברוך גלאַזמאַן.

ברוך גלאַזמאַן איז געווען אַ שרייבער, קאַרג אויפן וואָרט און קאַרג אויף נאַטור־שילדערונגען, אָבער ער האָט אַלעמאָל געטראָפן אין פינטל אַריין. ער האָט זיך נישט צעגאָסן מיט זיינע נאַטור־שילדערונגען ווי שלום אַש, און זיינע כאַראַקטערן האָבן נישט פאַרמאָגט קיין „ניין מאָס רייד", ווי ביי שלום עליכמ'ען און זיינע „בנינים" זיינען נישט געווען געבויט אויפן שטייגער ווי ביי י. אָפּאַטאָשו'ן. ער איז גיכער געווען נעענטער צו ל. שאַפּיראָ'ן, וועלכער איז געווען אויך קאַרג אויף נאַטור־שילדערונגען. ביידע האָבן זיך באַנוצט מיט אַ מינימום פון וואָרט און פאַרב, אָבער ביידע האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער אידישער ליטעראַטור מיט אויבנאָניקע ערטער.

ברוך גלאַזמאַן האָט גוט געקענט אַמעריקע, אפשר מער פון יעדן אַנדער אַריבערגעקומענעם אידישן שרייבער. ער האָט געקענט אַ פּערפעקטן ענגליש, אַ גראַדואירטער פון אַן אוניווערסיטעט ערגעץ אין דזשאָרדזשיאַ, אָבער קיין ענגלישער שרייבער איז ער נישט געוואָרן, ער איז דורכאויס געבליבן אַ אידישער שרייבער אין זיין גאַנצן וועזן. אמת, זיין אידיש האָט נישט פאַרמאָגט די זאַפטיקייט, די יאָדערדיקייט פון שלום עליכמ'ען, אָדער ביאַליק, אָלגין, אָדער וויינפּער, אָבער דאָס איז דערפאַר וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אויף דער מאָגערער ערד פון ווייס־רוסלאַנד. פּאָליעסיע האָט נישט געקענט פּראָדוצירן קיין שלום עליכם, אָדער ביאַליק, מחמת די געדיכטע וועלדער האָבן פאַרשטעלט די שיין פון דער זון, וואָס איז אין אַזאַ גרויסער מאָס געפאַלן אויף אוקראַינע און אַנדערע געגנטן און האָט באַפרוכטפעט אי די ערד און אי די מענטשן.

ברוך גלאַזמאַן האָט געקענט ווערן דער אַמעריקאַנישסטער אידישער שרייבער, אָבער עס האָט אים געשטערט דאָס וואָס ער איז געווען אַ נע־ונד'ניק: ער האָט נישט געקענט איינזיצן צו לאַנג אויף איין אָרט. אָט איז ער געפאָרן אין פּוילן, אָט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָט ווידער צוריק אין פּוילן, און אָבער אַמעריקע, עס האָט אים כסדר געטראָגן אין דער לופטן. דערצו האָט ער געכאַוועט אין זיך אַ פאַרביטערטקייט צו אַלץ און אַלעמען, קיינער האָט אים נישט צופרידנגעשטעלט, ער האָט אויף אַלעמען אַראָפּגעקוקט און מבטל געווען. ער האָט זיך ווינציק געמישט מיט די אַמעריקאַנער אידישע

שרייבער, אָבער געקאָכט האָט ער זיך: ער האָט כסדר געמאָנט אַ גרעסערן חלק פאַר זיך, — און ס׳איז אים געקומען — אָבער ער האָט עס נישט געקראָגן.

די אידישע ליטעראַרישע גאַס אין אַמעריקע איז געלעגן אין אַרענדע ביי גרופּן (לייען: קליקעס), צו וועלכע ער האָט צו קיין איינער נישט געהערט. און דאָס האָט ביי גלאַזמאַנ׳ען אַרויסגערופן אַ פאַרדרוס, וואָס האָט זיך שלעכט אָפּגערופן אויף זיין שרייבן. ער האָט עס נישט געטאָרט דערלאָזן, אָבער גיי, האַלט זיך איין, אַז דער ווייטאָקדיקער פאַרדרוס שרייט פון דיר אַרויס?...

ברוך גלאַזמאַן איז געווען אַ געבוירענער דערציילער און ראָמאַניסט. ער האָט זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען נישט פאַרטרונקען אין גאַנצע אָדער האַלבע פסיכאָלאָגישע אַנאַליזן און גריבלענישן, אָדער מיט פּאַטאָ־לאָגישע סעקסועלע פּלאָנטערס, קראַנקהאַפטיקע נישט־געשטויגענע פאַנטאַזיעס: ער האָט זיך דורכאויס געהאַלטן ביים סיפּור־המעשה, ביים עיקר פון דער פאַבולע. זיינע כאַראַקטערס זיינען נישט געווען קיין „בוגימענס״, ער האָט נישט געזוכט איבערצושרעקן עמיצן, און האָט נישט געהאַנדלט מיט קיין שדים און רוחות, טייוואָלים און ליליפּוטן: ער האָט געשריבן דירעקט און צום פּונקט. לעבעדיקע געשטאַלטן, מיט לעבעדיקע נאַטירלעכע דיאַלאָגן. יעדער כאַראַקטער זיינער האָט גערעדט מיט זיין אייגענעם לשון, אַקצענט און קאָליר.

„יאָ״, פלעגט מען זאָגן, „גלאַזמאַן איז אַ גוטער שרייבער, אָבער ער שרייבט צו טרוקן״. נו, אויב „פּעטקייט״ מיינט אָנגעלייגטע פאַרבן, אָנגע־לאָדענע זאַצן, האָט גלאַזמאַן טאַקע געשריבן „טרוקן״, ווייל ער האָט געוואָלט דורך קורצע זאַצן, קלאָרע דיאַלאָגן און אָן איבעריקע רייד, דערגרייכן דעם מאַקסימום. אמת, זיין סטיל איז געווען אַביסל אַ פאַר־שפּיצטער, וואָלט איך געזאָגט, אַ צופיל פּאָלירטער אָדער געפיילטער, אָבער דאָס איז לחלוטין נישט געווען קיין שטער צו זיין שרייבן. אדרבה! אַ שרייבער וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם סטיל, איז אַ גרויסער שריפט־שטעלער: ס׳איז אים גרינג צו דערקענען, ווייל דער סטיל שפּיגלט אָפּ דעם שרייבער. אַלץ איז ביי אים אַרויסגעקומען שכל׳דיק, לאָגיש און פאַר־שטענדלעך.

אַוודאי האָט ברוך גלאַזמאַן געהאַט זיין פּאַרציע חסרונות, פּונקט ווי

יעדער שרייבער — דער גרעסטער אַפילו. איר שלאָגט זיך אָן ביי שלום עליכמ׳ען אויף געגונג איבעריקע רייד, אָבער דאָס מינערט אויף אַ האָר נישט זיין געניאַלן טאַלאַנט. מענדעלע מוכר ספרים איז נישט אַזוי באַרעדעוודיק ווי שלום עליכם, אָבער איר געפינט ביי אים היפּשע מעסטלעך איבעריקע מוסר־ און דרוש־שטעך. און אויך ביי פּרצ׳ן, וואָס איז כידוע ניט געווען קאַרג אויף קיין פּינטעלעך און הימלדיקע פליענישן. יעדער שרייבער האָט זיך זיין וועג, זיין אופן פון שרייבן, און ס׳איז נישט שייך אָפּצופּרעגן דעם אָדער יענעם; דער עיקר פון אַלץ איז — דער טאַלאַנט. אָט אין דעם גייט עס!

ברוך גלאַזמאַנ׳ען האָט נישט געפעלט קיין שרייבערישער טאַלאַנט: וואָס עס האָט אים געפעלט איז אַביסעלע — מזל. אָבער דאָס קען מען נישט קויפן...

„מאָרגן פרייהייט״, אָקט. 10, 1976, נ.י.

# דער קאָמפּאָזיטאָר־דיריגענט — לאַזאַר וויינער

לאַזאַר וויינער׳ס אַכציק יעריקער יובל איז נישט נאָר זיין יום־טוב נאָר אונזער אַלעמענס יום־טוב — דער יום־טוב פון דער אידישער מוזיק אין אַמעריקע!

איר און איך, און מיר אַלע, זיינען די מחותנים אויף דער דאָזיקער שמחה. ס׳איז אַ גרויסער פרייד צו דערלעבן פייערן דעם אַכציק יאָריקן געבוירנטאָג פון אַ אידישן קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, איינער פון אונזערע באַגאַבסטע קאָמפּאָזיטאָרס און דיריגענטן — אַ מענטש מיט אַן אייגענעם מוזיקאַלישן פּנים, וועמעס צושטייער צו דער אידישער מוזיק אין אַמעריקע איז אַן אומגעהויער.

און כאָטש איך געפין זיך איצט ווייט אַוועק פון ניו יאָרק, וואו איך האָב פאַרבראַכט דער גרעסטן טייל פון מיין לעבן, סיי ווי אַ זינגער אויף דער ראַדיאָ און קאָנצערטן, סיי ווי אַ חזן, ווי אַ שרייבער און מוזיק־קריטיקער — צוערשט אין „טאָג״, דערנאָך אין „פאָרווערטס״, דערנאָך אין „מאָרגן זשורנאַל״ און איצט אין דער „מאָרגן פרייהייט״, פריער אונטער אַ טוץ

פסעוודאָנימען און אַצינד אונטער מיין אייגענעם נאָמען — פיל איך, לויט דער צאָל אַרטיקלען, וואָס איך האָב געשריבן וועגן לאַזאַר וויינער׳ן סיי פון זיינע אָפטע אַרויסטרעטונגען אַלס כאָר־דיריגענט, אָנגעהויבן מיטן „פרייהייט געזאַנג פאַראיין״ (איצט פאָלקס־כאָר), דערנאָך מיטן כאָר פון דער קולטור־געזעלשאַפט און נאָכדעם ווי אַן אָנפירער מיטן אַרבעטער רינג כאָר און סיי פון זיינע אויפטואונגען אַלס קאָמפּאָזיטאָר, די פרייד פון וויינער׳ס יובל׳דיקן יום־טוב, ווי עס וואָלט געווען מיין אייגענע פרייד.

אמת, איך בין אַ גאָר אָפטער גאַסט אין ניו יאָרק, איבערהויפּט אין די זומערס, אָבער ס׳איז שוין אַן ערך פופצן יאָר, אַז איך וואוין די ווינטערס אין מיאַמי ביטש, און די לעצטע דריי יאָר בין איך געוואָרן אַ פּערמאַנענטער איינוואוינער פון דער דאָזיקער זוניקער שטאָט מיטן אייביקן פרילינג ביים אַטלאַנטישן ים־ברעג פון פלאָרידאַ שטאַט. איצט ווען איך האָב געלייענט אַז אין ניו יאָרק ווערט געפייערט לאַזאַר וויינער׳ס אַכציק יעריקער יובל, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ גרויסע בענקשאַפט...

כדי צו געבן אַ פולע אָפּשאַצונג פון לאַזאַר וויינער דעם דיריגענט און לאַזאַר וויינער דעם קאָמפּאָזיטאָר, וואָלט איך געדאַרפט האָבן מער פּלאַץ, ווי ס׳איז מיר דערלויבט. אַכציק יאָר אין אַ מענטשנס לעבן מיינט זייער אַ סך — בפרט אין דעם לעבן פון אַ קינסטלער. ווייל דער אידישער קינסטלער האָט שווערע קאַמפן צו פירן נישט בלויז פאַר זיין לעבנס־עקזיסטענץ, נאָר אויך פאַר זיין קונסט. דער אמת׳ער קינסטלער קומט נישט מיט קיין פאַרטיקע פאָרמולעס, נאָר זוכט צו שאַפן זיינע אייגענע פאָרמען און דרכים, און דאָס איז נישט גרינג צו „פאַרקויפן״ — נישט ביי קיינעם און ביי אונז אוודאי נישט...

לאַזאַר וויינער איז לכתחילה אַריינגעקומען אין דער אידישער מוזיק־ליטעראַטור מיט זיין איין כוונה: זי איבערצושאַפן! נישט נעמען דאָס פאַרטיקע האַרמאָנישע קלאַנגען און וועגן, נאָר שאַפן נייע וועגן, נייע סטעזשקעס, זוכן און געפינען נייע מיטלען, אויסצוגעפינען נייע מעטאָדן, נייע אָנווענדונגען — סיי אין דער מעלאָדיע און סיי אין דער האַרמאָניע פון טאָן־קאָלירן.

מ׳קען נישט זאָגן, דאָס איז אַ גאַנץ שווערע אויפגאַבע אין יעדער קונסט, אָבער דאָס איז דער גורל פון יעדן אמת׳ן קינסטלער: צו זוכן און פאָרשן, צו פאַרטיפן זיך, צו גריבלען זיך אין דער קונסט מיט וועלכער מען

באַשעפטיקט זיך, ביז וואַנען מ׳קריגט פון איר אַרויס עפּעס — עפּעס אָריגי־נעלס, וואָס איז כדאי געווען די אַרבעט, די מי, וואָס קען מיט רעכט באַצייכנט ווערן אַלס קונסט און דער מחבר פון דעם קאָן ווערן אָנגערופן: אָריגינעלער קינסטלער, אָריגינעלער שאַפער!

איך ווייס נישט אויף זיכער, ווי גרויס עס איז לאַזאַר ווײַנער׳ס מוזיקאַלישער באַגאַזש — קוואַנטיטאַטיוו, אָבער קוואַליטאַטיוו, מיט דעם וואָס איך בין באַקאַנט, ווייס איך, און איך זאָג עס מיט׳ן פולן מויל, אַז ער איז איינער פון אונזערע טאַלאַנטירטסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, און זיכער איינער פון אונזערע גלענצנדיקסטע אידישע כאָר־דיריגענטן אין אַמעריקע.

איך קען מיט אַ סך שטעלן פון זײַנע שאַפונגען נישט מסכים זײַן, ווייל ער וויל שטענדיק דערגרייכן דאָס „טעלערל פון הימל״ — און דאָס איז קיין עוולה נישט — אָבער ער ווערט צוליב דעם אַ סך מאָל געשטרויכלט, שלאָגט זיך אָן אויף „שטיינער״, אָבער מיר געפעלט שטענדיק זײַן פּאַרמעסט, זײַן זוכן; דאָס אַליין איז שוין אינטערעסאַנט און שטאַרק וויכטיק. ווייל אין דעם ליגט נישט בלויז אַמביציע, נאָר אויך קינסטלערישע וויזיע, זעאונג, אַ ווילן צו ווײַזן אויסטייטשן די וועלט, זאַכן און געשעענישן, אויף אַן אייגענעם שטייגער, אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן, ווי ער זעט עס און פילט עס.

קיינער איז מיר נישט אַזוי דערווידער, ווי אַ קינסטלער וואָס גייט אויפן אויסגעטראָטענעם וועג, וואָס לאָזט זיך פירן פאַר דער נאָז פון פּאַרטיקע מאָדעס און צוגעשניטערנער סחורה. ער איז מיר דערווידער דערפאַר נישט נאָר ווייל ער איז אויף אַזאַ אופן נישט מסוגל אויפצודעקן עפּעס נייעס, נאָר ווייל עס מיינט אימיטאַציע — און אימיטאַציע האָב איך נישט ליב, עס זאָגט מיר גאָרנישט, עס לאָזט מיר גאָרנישט הערן: איך זוך אַלעמאָל ביי אַ קינסטלער דעם „מאַי־קאָ־משמע־לן״, וואָס לאָזט ער מיך הערן?

דעריבער וועל איך אַלעמאָל בויגן מײַן קאָפּ פאַר אַ קינסטלער, אַ מוזיקער, אַ שרייבער, אַ פּאָעט, אַ מאָלער, וואָס קומט מיט עפּעס זײַנס אייגנס; אַ סך, צי ווייניק — דאָס מאַכט שוין נישט אויס; דער עיקר וויל איך זען אַן אייגענעם פּנים!

ווי שוין באַמערקט, איך וואָלט געקענט שרייבן אַ גאַנץ היפּשן אַרטיקל לכבוד ווײַנער׳ס אַכציק יעריקן יובל, אָבער דאָס פּלאַץ איז באַגרעניצט. דאָך דאַרף געזאָגט ווערן: ווײַנער׳ס מוזיק קלינגט אין אָנהויב אפשר פרעמד דעם דורכשניטלעכן צוהערער, אָבער נישט פאַר די, וועלכע האָבן זיך אָנגעהערט

מיט מוזיק — און אַוודאי נישט פאַר די וואָס ווייסן וואָס מוזיק איז און ווייסן ווי אָפּצושאַצן זיין טאַלאַנט. ער איז אַ מוזיקער מיט אַ טיפער מוזיקאַלישער ערודיציע, וואָס האָט אינגאַנצן זיך איבערגעגעבן דער אידישער מוזיק, וועמעס אויפגאַבע אַלס קאָמפּאָזיטאָר איז געווען און איז צו דערהויבן די אידישע מוזיק און נישט זיך אַרונטערלאָזן צו ביליקייטן.

לאַזאַר ווייינער האָט ביז איצט שוין באַוויזן צו שאַפן אייניקע גאָר פיינע מוזיקאַלישע ווערק. ער האָט אָנגעשריבן עטלעכע גרויסע פאַרנעמיקע קאַנטאַטעס און אַנדערע מינים כאָר־אַרבעטן, סאָלאָ־לידער, און אויך אַ צאָל אינסטרומענטאַלע ווערק — און נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער ווייזט אַ כסדר׳דיקע „טענדענץ״ צו גיין דורכאויס מיט זייטיקע וועגן און זייטיקע סטעזשקעס, קומט ער אָבער צוריק פון דאָרטן מיט אַ סך „שנירלעך פּערל״. איינע פון זיינע קאַנטאַטעס, וואָס ליגט מיר אויפן זכרון, „אַ מענטש אין דער וועלט״ (ווערטער פון א. ניסענזאָן), איז מיר געפעלן דערפאַר, וואָס די פאָרם און דער סטיל איז דורכאויס אַ נייער; זי איז געשריבן געוואָרן אינגאַנצן אויף אַ מאָדערניסטישן שטייגער, לויט גאַנץ נייע האַרמאָנישע כללים, וואָס איז לגמרי אַנדערש פונעם שאַבלאָנעם אופן פון שרייבן מוזיק. די קאַנטאַטע צייכנט זיך אויס מיט אַבסאָלוט נייע האַרמאָנישע קאָמבי־נאַציעס, טאָן־שאַטירונגען, ניואַנסן, מיט מעלאָדישע און קלאַנגפולע טענער. ערטערווייז דערהויבט זיך די מוזיק צו אַ פּאַטאָס, וואָס פאַרכאַפּט אייך און פאַראינטריגירט אייך ביז גאָר; איר געפינט אין דער מוזיק אַ ים מיט ליבשאַפט און התרוממות.

די באַזונדערע סיטואַציעס אין דער פּאָעמע, וועלכע שילדערן פאַר אונז די דריי כאַראַקטערן, די דריי געשטאַלטן פונעם געלן, שוואַרצן און ווייסן מענטשעלע, און די קאָנפליקטן, וועלכע וואַקסן צווישן זיי אַרויס, ווערן אויף אַן איינדרוקספולן שטייגער אַרויסגעבראַכט דורך דער מוזיק פון טאָנאַלע־מאָלערישע טענער אויף אַ גאָר פיינעם אופן. דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ מוזיקאַליש ווערק פון אַ גרויסן פאַרנעם, וואָס איז העכסט אָריגינעל און אייגנאַרטיק, מייסטעריש און טעכניש אָנגעשריבן געוואָרן. דער טעקסט איז דאָ נישט קיין זייטיקע צוטשפּעניש, נאָר ווערט פונעם קאָמפּאָזיטאָר טרעפלעך־מוזיקאַליש אויסגעטייטשט אויף אַזאַ שטייגער אַז עס באַקומט זיך איין גאַנצע זאַך. דער מוזיקאַלישער אויפטו איז דאָ אין פולער פּראָפּאָרציע מיט דער דיכטערישער ענערגיע, וואָס דער פּאָעט א. ניסענזאָן האָט

פאַרוועבט אין דער פּאָעמע. די מוזיק איז דערציילעריש־ליריש און דינאַמיש־דראַמאַטיש, וואָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר ווײַנער'ן — דעם קאָמפּאָזיטאָר פון שאַרפע קאָנטראַסטן און סענסיטיווע „פאַר־שפּיצקייטן".

איך זע, אַז דאָס אַרטיקל האָט זיך שוין פאַרצויגן, ווער איך דאָ אַוועקשטעלן אַ פּינטעלע, און ווינטשן דעם יובילאַר אריכת ימים — טעג און יאָרן פון נאָך אַ סך פּרוכטיקע שאַפערישע ווערק.

„מאָרגן פרייהייט", אַפּריל 24, 1977, נ.י.

# די געשיכטע פון אַ שרייבער

מען מוז נישט כסדר דווקא שרייבן וועגן באַרימטע אידישע שרייבער, אָדער באַרימטע אידישע קינסטלער, מען מעג — און מ'דאַרף — אויך שרייבן וועגן ווייניקער אָבער פאַרדינסטפולע אידישע שריי־בער, אָדער פאַרדינסטפולע אידישע קינסטלער. אַ ליטעראַטור איז ווי אַ וואַלד: כדי מען זאָל אַרויסזען די גרויסעביימער, מוזן אויך זיין קלייניקעביימעלעך — און אַפילו גאָר פּיצינקע.

ער איז נישט געווען קיין טאָלסטאָי, קיין טשעכאָוו, קיין גאָגאָל אָדער דאָסטאָיעווסקי; און נישט קיין מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, י. ל. פּרץ, שלום אַש, דוד בערגעלסאָן, אברהם רייזען, אָדער יונה ראָזענפעלד, אָבער ער איז געווען אַ אידישער שרייבער, וואָס האָט געשריבן גלאַטע קורצע דערציילונגען, וועלכע האָבן זיך געלייענט גלאַטיק און געשמאַק. ער פלעגט זיי דרוקן אין טעגלעכע צייטונגען, זשורנאַלן, מייסטנס אין „פאָרווערטס" — זיין נאָמען איז געווען יצחק בלום.

אַ שטיל מענטשעלע, מיט שטילע טריט, ער איז קיינעם נישט געשטאַנען אין וועג, האָט ביי קיינעם גאָרנישט אויסגעכאַפּט, האָט נישט געוואָלט איינגעמען די וועלט: שטיל געשריבן, שטיל געדרוקט זיך, שטיל געלעבט — און שטיל געשטאָרבן. קיין איין גם־אחד אַפילו, האָט נישט געוואוסט אַז ער איז געשטאָרבן. ער האָט אַלע זיינע יאָרן אָפּגעלעבט אין ניו יאָרק און אויף די עלטערע יאָרן — צי מחמת אַליינקייט, צי מחמת קראַנקייט, איך ווייס

נישט — האָט ער זיך באַזעצט אין מיאַמי ביטש, אין אַ קליין חדר׳ל, אינעם „לאָרד באַלפור״ האָטעל, אויף אַשען דרייוו און פערטע גאַס.

איך האָב בלומ׳ען געקענט סיי פריער ווען ער האָט געוואוינט אין ניו יאָרק, און סיי דערנאָך, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין מיאַמי ביטש. ער האָט געהאַט אַ זעלטענע קאָלעקציע מיט בילדער פון אידישע שרייבער. זיי זיינען ביי אים אַלע געווען אויפגעהאָנגען אויף די ווענט פון זיין קליין צימערל. וואו די דאָזיקע קאָלעקציע מיט בילדער איז אַהינגעקומען, נאָכדעם ווי ער איז געשטאָרבן, ווייס איך נישט; פונקט ווי איך ווייס נישט וואו עס איז אַהינגעקומען נאָך תלוש׳עס טויט זיינע ביכער און מאַנוסקריפּטן? סיי דער באַלעבאָס פונעם „לאָרד באַלפור״ האָטעל וואו בלום האָט געוואוינט, און סיי דער באַלעבאָס פונעם „בלעקסטאָן״ האָטעל וואו תלוש האָט געוואוינט, האָבן זיך געמאַכט אַ קליינעם צימעס פון אידישע ביכער און אידישע שרייבער. געשטאָרבן — אַרויסגעוואָרפן אַלץ מיט אַן אַנדער אויף דער גאַס אין מיסט־קאַסטן, און פּטור אַ געשעפט...

יצחק בלום פלעגט זיין אַן אָפטער אַריינגייער אין קאַפע „ראָיאַל״ אויף סעקאָנד עוועניו, אין ניו יאָרק, אָדער אין בידערמאַנ׳ס בוך־געשעפט, וואָס איז געווען לעם דער קאַפע „ראָיאַל״, אויף סעקאָנד עוועניו. ער איז אויך געווען אַ שטענדיקער באַזוכער אין דער „גאַרדן קאַפעטעריע״ אויף איסט בראָדוועי, וואָס מ׳האָט גערופן די „שרייבערישע קאַפעי״, נישט ווייט פון דער „פאָרווערטס״ געביידע. אַזוי ווי ער איז שטיל אַריינגעקומען, אַזוי שטיל איז ער אַוועקגעגאַנגען. שאַ, שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, ווי דער „משולח״ אין אַנסקי׳ס דראַמע „דער דיבוק״. ער האָט אַלעמאָל געהאַט דעם זעלביקן שמייכל אויפן פּנים — אַפילו ווען ער איז געווען ברוגז, אָדער אין כּעס אויף עמיצן, הגם איך האָב אים קיינמאָל נישט געזען קאָכן זיך, אָדער אויפרעגן זיך, אַ געבוירענער „משולח״.

וואו און פון וואַנען ער האָט גענומען אויף צו לעבן, ווייס איך נישט, אָבער ער האָט געלעבט. ער איז שטענדיק געגאַנגען ריין אָנגעטאָן, מיט אַ ווייסער העמד, מיט אַ רויטן קראַוואַט, און אַ האַרטן קאַפּעליוש. איך וועל נישט זאָגן, אַז עס האָט פון אים געפינקלט; מיר דאַכט זיך אַז ער האָט זיין אָנצוג קיינמאָל נישט געביטן; איך האָב אים שטענדיק געזען אין דעם זעלביקן שוואַרצן אָנצוג, אָבער ריין און אויסגעפּרעסט.

יאָ, בלום האָט אויף יוניאָן סקווער, נומער 41, אין דער זעלביקער

געביידע וואו עס האָט זיך געפונען די רעדאַקציע פון „ניו יאָרקער וואָכנ־בלאַט״, געהאַט אַ קליין חדר׳ל, וואו ער האָט אָנגעפירט מיט אַ „ליטעראַרישע ביוראָ״, ווי ער האָט עס גערופן, אויף אויסצובעסערן מאַנוסקריפּטן פון אָנפאַנגער שרייבער, אָדער פּשוט׳ע קאַליקעס, און אויך צוגרייטן „לייטישע בריוו״ פאַר פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס, וועמעס סעקרעטאַרן זיינען נעבעך געווען וויסטע אַמעראַצים — פון דעם האָט ער געצויגן זיין אָרעמע ביסל „חיונה״. קיין סך הפנים האָט ער נישט באַדאַרפט, וואָרום ער איז געווען אָן אַ ווייב, אָן קינדער, און האָט געוואוינט ערגעץ אין אַן אָרעמען צימערל אין בראָנקס.

יצחק בלום איז געווען אַ טיפּ, אַ כאַראַקטער פאַר דער בינע — לויט זיין וואוקס, לויט זיין אויסזען, און לויט זיינע מאַניערן. ער האָט אַפילו נישט געדאַרפט קיין גרים, קיין שמינקע, אַ פאַרטיקער אַקטיאָר אַרויפצוגיין אויף דער בינע. טעאַטערס נויטיקן זיך אין אַזעלכע טיפּן, האַלב „תמ׳יק־אויס־זעענדיקע״ — זיי זיינען גוטער מאַטעריאַל פאַרן רעזשיסאָר און אויך פאַרן עולם אין טעאַטער. די בינע דאַרף האָבן נישט בלויז ליב־האָבער, דראַמאַטישע העלדן, קאָמיקערס, נאָר אויך אַזעלכע „שלים־מזל׳דיקע־טיפּן״, מיט שטענדיקע „נעבעך־פּנים׳לעך״ און „תמ׳עוואַטע־אויגן״...

יאָ, איך האָב בלום׳ען אַלעמאָל געלייענט — ערשטנס זיינען זיינע דערציילונגען אַלעמאָל געווען גלאַטע און קורצע; און דריטנס זיינען זיי געווען גוט אויפגעבויטע. ער האָט געהאַט דעם געהעריקן טאַלאַנט צו דערציילן אַ מעשה, איבערגעבן אַ בילד, מאָלן אַ כאַראַקטער, דעם נויטיקן לשון און פאַרב. זיינע אַ דערציילונג האָט געאָטעמט מיט לעבן, מיט וואָרעמקייט און בילדלעכקייט. עס האָט זיך ביי אים נישט געפילט קיין שום אָנשטעל, קיין געשפּיצטקייט, צוגעטראַכטקייט, איבערטריבנקייט — ער איז געווען אַ לעגיטימער דערציילער, פּשוט, אָבער מיט טאַלאַנט. און דעריבער האָט אים אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטער פון „פאָרווערטס״ געדרוקט ביז... ביז ער האָט אויף אים געוואָרפן אַן אומ׳חן — פונקט ווי ער האָט געוואָרפן אַן אומ׳חן, אַשטייגער, אויף אַש׳ן, אויף שניאור׳ן, אויף יונה ראָזענפעלד׳ן און אַנדערע. פאַרוואָס נישט? אויב ער האָט זיך געקאָנט „פאַרגינען״ צו וואַרפן אַן אומ׳חן אויף אַזעלכע בערן — טאָ פאַרוואָס זאָל יצחק בלום זיין אַן אויסנאָם?

און מערקווירדיק: דער אומ׳חן איז אויסגעפאַלן גראָד נאָכדעם, ווי אב.

קאַהאַן האָט מיט גרויס „פּאָמפּ״ אָפּגעדרוקט יצחק בלומ׳ס אַ לענגערע דערציילונג, וואָס איז דערנאָך אַרויס אין אַ בוך, וועגן זיינעם אַ באַזוך אין זיין היים־שטעטל אין פּוילן, קורץ פאַר דעם איידער די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן. איך געדיינק, אַז איידער בלומ׳ס איינדרוקן האָבן זיך אָנגעהויבן צו דרוקן אין „פאָרווערטס״, איז אב. קאַהאַן אַרויסגעקומען מיט אַ גרויסן אַרטיקל אויף דער ליטעראַרישער זייט פון „פאָרווערטס״, מיט גרויסע לויב־געזאַנגען וועגן די איינדרוקן און אַז די לייענער זאָלן, למען־השם, נישט פאַרפעלן צו לייענען. לויט קאַהאַנ׳ס „לויב געזאַנגען״ האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז דאָס איז אַ „פערל שבפערל״, שיעור נישט אַ ליטעראַרישע געשעעניש...

נו, איז דאָך גוט. אָבער נאָכדעם ווי די לענגערע דערציילונג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, האָט קאַהאַן פאַרקערעוועט דעם „דישל״ און — פּויץ. ער האָט מיטאַמאָל געוואָרפן אַן אומ׳חן אויף בלומ׳ען און האָט אים אויפ־געהערט צו דרוקן. פאַרטיק. אויס זשעני... סטייטש? רעד צום לאָמפּ...

האָט דער שטילער בלום געכאַפּט און האָט אויף זיינע אייגענע הוצאות אָפּגעדרוקט אַ פּאַמפלעט, וואו ער האָט געלערנט „בלק״ מיט קאַהאַנ׳ען: ער האָט זיך פּרובירט אויס„טענה׳ן״ מיטן גרויסן רעדאַקטאָר, אָבער עס האָט אים געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס... די טיר פונעם „פאָרווערטס״ איז פאַר בלומ׳ען פאַרשלאָסן געוואָרן אויף זיבן שלעסער. קאַהאַן האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, אַזוי ווי נישט אים מיינט מען; אָט דאָס איז עס און — „ביט פּאָסעמו״. אַלע גערעכטע טענות און שאַרפע רייד, וואָס בלום האָט באַנוצט אין זיין פּאַמפלעט, זיינען געבליבן ווי אויפן וואַסער. ער איז אַרומגעגאַנגען און זיין פּאַמפלעט געטיילט אויף רעכטס און לינקס, אָבער קאַהאַן איז געבליבן טויב ווי די וואַנט צו דעם. ער האָט אַפילו בלומ׳ען נישט געפּרוּווט ענטפערן מיט קיין איין שורה, מיט קיין איין וואָרט. אָפּגע׳־חתמ׳עט, פאַרזיגלט, און אָט דאָס איז עס. דער „טויט־אורטייל״, וואָס קאַהאַן האָט אַרויסגעגעבן איבער יצחק בלומ׳ען, איז געווען דער זעלביקער „טויט־אורטייל״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן איבער אַש׳ן, איבער שניאור׳ן, איבער יונה ראָזענפעלד׳ן — אונטערגעשריבן, און שוין...

איך וויל דאָ נישט אַריינגיין אין די טיפע דרכים — נישט פון יצחק בלומ׳ס טענות און נישט פון אב. קאַהאַנ׳ס „טויט־אורטייל״. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געמישט אין דער שרייבערישער פּאָליטיק, אָדער סיכסוכים

צווישן די רעדאַקטאָרן און זייערע מיטאַרבעטער. די אַלע „מעשים־טובים״, זיינען מיר גוט באַקאַנט און עס ווילט זיך נישט אויסשמירן די הענט אין בלאָטע...

יאָ, יצחק בלום, נאָכן איבערייסן מיטן „פאָרווערטס״, איז אַרומגע־גאַנגען אַ שטאַרק אַנטוישטער. איך וואָלט אפשר געדאַרפט זאָגן אַ פאַר־ביטערטער, אָבער איך האָב ביי אים נישט געזען קיין פאַרביטערטקייט. איבערהויפּט איז ער אַרומגעגאַנגען אַ רואיקער מיט זיין שטענדיקן שמייכל אין מיאַמי ביטש: ער פלעגט אַרומשפּאַצירן אַ פאַרטראַכטער איבער אָשען־דרייוו,ביים ברעג ים, גלייך ווי די שטאָט מיאַמי וואָלט געווען זיין אייגנטום. פון אָשען דרייוו, פלעגט ער זיך דערנאָך אַריינכאַפּן אין האָפמאַנ׳ס קאַפעטעריע, וואו עס פלעגן אָפּט זיצן דר. מוקדוני, דער לעבעדיקער, חנא גאָטעספעלד ווען ער פלעגט קומען קיין מיאַמי, י. י. שוואַרץ — אַריינ־קומען און דערנאָך שטיל אַוועקגיין. אָט דאָס איז געווען יצחק בלום, אַזוי האָט ער זיך געפירט — און אַזוי איז ער שטיל אין עלנט געשטאָרבן, אין זיין ענגן צימערל, אינעם „לאָרד באַלפור״ האָטעל, אין מיאַמי ביטש...

„מאָרגן פרייהייט״, אָקט. 1976, נ.י.

# „יאַן מאַי בראַט״

ס׳איז געוואָרן אַכט און פופציק יאָר זינט איך האָב צוגעזען דעם דאָזיקן טראַגישן עפּיזאָד און ער לאָזט מיך נישט אָפּ: ער בעט זיך ביי מיר: באַשרייב מיך!

נאָך מער ווי דער פאַקט פונעם צוזען דעם עפּיזאָד, איז דאָס וואָס עס הערט מיר נישט אויף צו קלינגען אין מיינע אויערן דער לעצטער אויס־געשריי פון איין ברודער צום צווייטן ברודער: „יאַן, מאַי בראַט, ניע סטרעליאַי!״ (יאַן, מיין ברודער, שיס נישט!).

ס׳איז געווען אין דער רעוואָלוציע־צייט, אין מיטן ווינטער פון יאָר 1918, און פּאַסירט האָט עס אינעם קליינעם שטעטל סלאָוועשנע, וואָס איז געלעגן אויף דער גרענעץ צווישן וואָלין, אין אוקראַינע, און פּאָליעסע, אין ווייס־רוסלאַנד, דאָס שטעטל וואו איך בין געבוירן געוואָרן. איך בין

דעמאָלט געווען אַלט נישט מער ווי צען יאָר, אָבער דאָס שוידער־בילד האָט זיך מיר איינגעקריצט טיף אין מיין זכרון, וואָס איך קאָן עס בשום אופן נישט פאַרגעסן. איך האָב איבערגעלעבט און צוגעזען אַ סך טראַגישערע און בלוטיקערע עפּיזאָדן, אַ שטייגער, דאָס איבערשניידן מיט קאָסעס די העלזער פון וועלוול דעם שניידער און זיין פופצן יעריקן זון יאַנקל אויפן סאַמע מיטן מאַרק לעבן קלויסטער, אָבער דער עפּיזאָד וואָס איך האָב זיך געזעצט איצט באַשרייבן מאַנט פון מיר אַ תיקון, ווייל ער איז געווען דער ערשטער אין מיין יונג לעבן וואָס איך האָב צוגעקוקט...

איך הייב זיך אָן דערמאָנען, ס׳איז געווען אין אַ זונטיק, די פויערים זיינען ערשט אַרויס פון קלויסטער, וועלכער איז געשטאַנען אויפן מיטן מאַרק און מיט אַמאָל האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטופּעניש מיט אַ לויפעניש: אַ גרופּע פויערים פונעם דאָרף ווערפּי מיטן סטאַרשינאַ אין דער שפּיץ, האָבן געבראַכט צופירן אַ געזונטן הויכן פויער מיט זיין פרוי און אַ יונגע טאָכטער, פאַרבונדן די הענט מיט שטריק אויף הינטן — מ׳האָט זיי געפירט צום וואָלאָסט. קיינער האָט נישט געוואוסט אין וואָס זייער פאַרברעכן איז באַשטאַנען, דאָס האָט מען ערשט אויסגעפונען שפּעטער, ווען אויף די טרעפּ פונעם גרויען וואָלאָסט אויפן עק פון דער ליסטוועגער גאָס ביי דער שיניצע מיט אַ גרויסן הויף אַרומגעצוימט קעגן איבער דער רויטער באַלניצע, האָט זיך באַוויזן דער פּרעדסידאַטיעל, סאַוואַ שאַדוראַ, מיטן וויצע־פּרעדסידאַטיעל, אַלתר זאַסלאַוו, און פאַר דער גרויסער גראָמאַדע וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אויפן הויף דערציילט די בלוטיקע געשיכטע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט צווישן די צוויי ברידער־משפחות.

אָט ווי עס איז געווען: אינעם דאָרף ווערפּי, נישט ווייט פון סלאַוועשנע האָבן געלעבט צוויי ברידער מיט זייערע משפחות — אַנדרעי פּאַוועלטשוק מיט זיין צווייטער פרוי און אַ שטיף־טאָכטער, און יאַן פּאַוועלטשוק. אַנדרעי איז געווען דער עלטערער און יאַן — דער אינגערער. ביידע ברידער האָבן פון זייער טאַטן גע׳ירשנ׳ט צו גלייכע חלקים פעלדער, בהמות, פערד, חזירים, שאָף, גענז, הינער, און נאָך אַנדערע באַלעבאַטישקייטן. אָבער בעת דער אינגערער ברודער יאַן איז אינגאַנצן דאָרף געווען באַקאַנט אַלס שטילער מענטש, האָט געפירט אַ באַלעבאַטישן לעבן, איז דער עלטערער ברודער אַנדרעי איבערן גאַנצן דאָרף געווען באַוואוסט אַלס אַ גרויסער שיכור, וואָס האָט זיך טאָג און נאַכט געוואַלגערט אין די שענקען, זיך אַרומ־

געשלעפּט מיט אויסגעלאָסענע פּרויען, און האָט דער ווייב זיינער געשלאָגן מכות־רצח. גראָד איז די ערשטע פרוי געווען אַ וואוילע, אָבער זי האָט נישט געקענט אַריבערטראָגן די שווערע קלעפּ און איז געשטאָרבן. אַנדרעי האָט נישט פאַרלאָרן קיין צייט און האָט באַלד חתונה געהאַט פאַר אַ צווייטער פרוי, וואָס ער האָט אָפּגעזוכט אין איינעם פון די שענקען אין וועלכע ער פלעגט זיך אַרומוואַלגערן. ביידע זיינען געווען פונעם זעלביקן נידעריקן כאַראַקטער און מ׳האָט אַזוי לאַנג גע׳שיכור׳ט ביז מ׳האָט אַלצדינג פאַרטרונקען: די פעלדער, די בהמות, די פערד, די חזירים, די גענז מיט די הינער, דאָס גאַנצע פאַרמעגן. מ׳האָט אויך אַריינגעשלעפּט די טאָכטער אין דער שיכרות...

אַז ס׳איז שוין מער גאָרנישט געבליבן, האָט דער ברודער אַנדרעי, צוזאַמען מיט דער ווייב און דער טאָכטער, פאַרטראַכט אַ משוגענעם פּלאַן. ווען דער אינגערער ברודער יאַן וועט אַמאָל אַוועקפאָרן אויף אַ נאַכט פון דער היים, זאָל מען זיך ביינאַכט אַריינכאַפּן אין הויז צו אים און הרג׳ענען די פרוי מיט די צוויי קינדער, אויסראַבירן וואָס איז נאָר דאָ און דערנאָך אונטערצינדן דאָס הויז און מ׳וועט זאָגן אַז דאָס האָבן געטאָן גזלנים. אָבער ווי נאָר דאָס איז געוואָרן אָפּגעטאָן, האָט די מערדעריי אַרויסגערופן אַ שטורעם אין גאַנצן דאָרף און דער חשד איז באַלד געפאַלן אויף אַנדרעי׳ען מיט זיין פרוי און דער שטיף־טאָכטער. דער סטאַרשינאַ פון דאָרף צוזאַמען מיט זיינע געהילפן, האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו אַנדרעי׳ען און נאָך אַ לאַנגער אויספאָרשונג, אונטער דער באַגלייטונג פון שווערע קלעפּ וואָס זיינען פון אַלע זייטן געפלויגן, האָט זיך אַנדרעי מודה געווען: אַז ער מיט דער פרוי און די שטיף־טאָכטער האָבן דורכגעפירט דעם בלוטיקן פאַרברעכן. ווען די זאַך איז געוואָרן באַקאַנט, האָט דער סטאַרשינאַ מיט זיינע געהילפן באַשלאָסן צו ברענגען די דריי קאַלטע מערדער אין סלאָוועשנע צום וואָלאָסט, וואָס האָט געהאַט אַ פּרעדסידאַטיעל, וואָס דער גאַנצער וואָלאָסט, צו וועלכן עס האָבן געהערט אַ גאַנצע ריי דערפער, האָט געזעצלעך אויסגעקליבן.

דער משפט איז געווען אַ קורצער: מ׳האָט די דריי קאַלטע רוצחים פאַר׳משפט צום טויט און מ׳האָט אים גלייך אויסגעפירט. וועל איך דעם אופן ווי אַזוי מ׳האָט אים אויסגעפירט, קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דער פאַקט אַז ס׳איז שוין זינט דעמאָלט אַוועק אַכט און פופציק יאָר און ער שטייט מיר נאָך

אַלץ פאַר די אויגן, רעדט אַליין פאַר זיך. זינט דעמאָלט זיינען אַ סך וואַסערן הינטער די בריקן אַפּגעלאָפן; איך האָב דערנאָך אין מיין היים־שטעטל איבערגעלעבט אַ בלוטיקן פּאָגראָם און פאַרשידענע באַנדיטישע אָנפאַלן, אָבער דער טראַגישער עפּיזאָד לעבט און גייט נישט פון מיר אַוועק...

אָט זע איך ווי מ׳שלעפּט פון וואַלאָסט אַרויס אַנדרעי׳ען אַ צעקאַ־טעוועטן און נאָך אים די פרוי מיט דער טאָכטער, אויך צעביילטע, מ׳לייגט זיי אַוועק ווי קאָלאָטן שטרוי אויף אַ צוגעגרייטן שליטן מיט פערד און מ׳פירט זיי אַלע דריי העט־וועיט אַוועק אין עק פון דער שיניצע, וואו קיין מענטשן גייען נישט. דער שניי ליגט אָבער, דורכן שניי שטאַרצן אַרויס קליינינקע ביימעלעך, וואָס רייסן זיך צום קאַלטן דרויסן און ווילן זען וואָס פאַר אַ פּנים דער הימל האָט...

צוערשט האָט מען גענומען פון שליטן אַראָפּ די צוויי פרויען און מען האָט זיי מיטן שטריק צוגעבונדן צו די דראַבינעס פונעם שליטן, אַז זיי זאָלן שטיין גלייך און אָן שום צערעמאָניעס האָט דער פרעדסידאַטיעל שאַדוראַ געגעבן אַ באַפעל צו די צוויי מיליציאָנערן וועלכע זיינען געשטאַנען גרייט מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן: „סטרעליאַי״! ס׳דערהערט זיך אַ שאָס, איינמאָל און אַ צווייטן מאָל, אַפּגעטאָן און פאַרטיק... דער עולם איז זיך פאַנאַנדער־געלאָפן אין אַלע זייטן, ווי איבערגעשראָקענע גענז; נישט אַלע האָבן געהאַט דעם קוראַזש צו שטיין און קוקן ווי מען שיסט צוויי מענטשן — זאָל זיין אַפילו מערדער...

דערנאָך האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו אַנדרעי׳ען, דעם גלאַוונעם „קאָפּ״ פון דער מערדעריי. אויך אים האָט מען מיט אַ שטריק צוגעבונדן צו די דראַבינעס פונעם שליטן, אַז ער זאָל שטיין גלייך ווי אַ סטרונע, כאָטש ער איז שוין דריי פערטל געווען טויט סי־ווי־סיי... די קני האָבן זיך ביי אים געבויגן און ער איז געשטאַנען ווי אויף הינערישע פיסלעך...

דאָ האָבן די צוויי מיליציאָנערן אָפּגעטראָטן אין אַ זייט, און דער פרעדסידאַטיעל שאַדוראַ האָט באַפוילן דעם סטאַרשינאַ צו ברייגען אַנדרעי׳ס ברודער, יאַן, און אים דערלאַנגט די ביקס אין דער האַנט, אַז ער זאָל זיין דער וואָס זאָל דערשיסן דעם ברודער. ער האָט גענומען ציטערן ווי אַ לולב; זיך צלמ׳ען און בעטן זיך ביים פרעדסידאַטיעל, אַז ער קען עס נישט טאָן: „ניע מאָגו, טאָווארישטש! ניע מאָגו! נעם, שיס מיך, שלאָג מיך, יעי באָגו ניע מאָגו!״ און ער האָט זיך נישט אויפגעהערט צו צלמ׳ען... די הענט

האָבן אים געציטערט און דער געוויין זיינער איז געווען אַ שטאַרקער, יאָמערלעכער, אַז ער האָט צעבראָכן אַלעמענס הערצער. אָבער דער פּרעזידענט איז דורכאויס באַשטאַנען אויף זיינס: אַזוי האָט באַשלאָסן דער גאַנצער וואָלאָסט־קאָמיטעט מיטן סטאַרשינאַ, יאַקימאַ בראש! ווען יאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דורכצופירן דעם באַפעל, איז אונטערגעשפּרונגען דער סטאַרשינאַ, און האָט אַ כאַפּ געטאָן די ביקס און מיט כוח אַריינגעשטופּט זי אין האַנט אַריין יאַנ׳עז: „שיס!” האָט ער געגעבן אַ בייזן געשריי אויף אים, „אַנישט וועל איך דיר דערשיסן!” און אַזוי־אַ האָט דער סטאַרשינאַ מאַנעוורירט און מיט קראַפט פון זיין האַנט אַריינגעשטופּט יאַנ׳ס פינגער אין דער ביקס און אַ צי געטאָן דאָס צינגל... אַנדרעי האָט נאָך באַוויזן אַ ווילדן רעווע צו טאָן: „יאַן, מאַי בראַט, ניע סטרעליאַי!” און איז דערנאָך אַ פאַל געטאָן ווי אַ סנאָפּ, מיטשלעפּנדיק די דראַבינע פונעם שליטן...

יאַן האָט נאָכן אויסשיסן צוויי מאָל מיט דער הילף פונעם בייזן סטאַרשינאַ זיך אַראָפּגעלאָזט אַ פאַר׳חלש׳טער אויפן קאַלטן שניי; מ׳האָט זיך שטאַרק באַמיט אים אויפצומונטערן, אָבער ער איז שוין צוריק קיין לעבעדיקער נישט אויפגעשטאַנען: דאָס האַרץ האָט נישט געקענט אויסהאַלטן און האָט געפּלאַצט...

איך בין דערנאָך אַן איבערגעשראָקענער ווי אַ האָז, געקומען צו לויפן אַהיים און אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש געוויין — און אַזוי וויינענדיק בין איך איינגעשלאָפן... אויף מאָרגן אינדערפרי, האָט מיר די מאַמע מיינע געזאָגט, אַז איך האָב אַ גאַנצע נאַכט אין שלאָף געהאַלטן אין איין שרייען: „יאַן, מאַי בראַט, ניע סטרעליאַי!”...

יאָ, עס איז געווען אַ צערודערטע כאַאָטישע צייט און צעשויבערטע אומשטענדן — איך בין אַ לעבעדיקער עדות פון דער דאָזיקער צערודערטער כאַאָטישער צייט און צעשויבערטע אומשטענדן... דער פאַקט, אַז ס׳איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט און איך געדענק זי נאָך אַלץ, רעדט אַליין פאַר זיך...

„מאָרגן פרייהייט”, יוני 12, 1977, נ.י.

# דער דיכטער י. י. שוואַרץ

אז י. י. שוואַרץ איז געווען אַ „מזג־טוב", איז גאָר קיין פראַגע נישט. דערצו איז ער אויך געווען אַ זעלטענער מענטש מיט אַ סך „מידות־טובות". אַחוץ אַ האַרץ פול מיט פּאָעזיע, האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ האַרץ פול מיט הומאָר און מיט פריידיקן געלעכטער. ער האָט פון דער קלענסטער זאַך געקענט לאַכן און הנאה האָבן, און דאָס אַליין איז שוין אַ סימן אַז ער איז געווען אַ מענטשלעכער מענטש. אַ מענטש וואָס קען נישט לאַכן און קען נישט וויינען און האָט נישט קיין הומאָר, מיט אַזאַ מענטשן איז זייער אומעטיק צו פאַרברענגען, צו זיין צוזאַמען, צו זיצן ביי איין טיש.

פּערזענלעך באַקאַנט געוואָרן מיט י. י. שוואַרצ'ן בין איך דווקא נישט אין ניו יאָרק, און אויך נישט אין מיאַמי ביטש, נאָר אין לאָס אַנדשעלעס, קאַליפאָרניע. ס'האָט געדאַרפט זיין אין יאָר 1936. שוואַרץ איז געקומען קיין לאָס אַנדזשעלעס פאַרן אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד האַלטן צוויי לעקציעס: איין לעקציע וועגן ביאַליק'ן, און אַ צווייטע וועגן די דריי באַרימטע פּאָעטן פון דער גאָלדענער שפּאַנישער עפּאָכע: יהודה הלוי, שלמה אבן־גבירול און משה איבן־עזרא. און מיך האָט אַראָפּגעבראַכט אַ גרויסע שול אויף צו דאַוונען אַ שבת און אַ וואָך שפּעטער, זונטיק אָוונט, געבן אַ קאָנצערט. געזאָלט האָב איך זיין אין לאָס אַנדזשעלעס טאַקע נישט מער ווי ביז איבערן קאָנצערט, אָבער איך בין אַזוי צוגעקלעפּט געוואָרן צו שוואַרצ'ן, אַז עס האָט זיך מיר נישט געגלוסט גיך אַוועקצופאָרן. מיר זיינען דורך דער צייט געוואָרן נאָענט איינער מיטן צווייטן.

אונזער צווייטע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין יאָר 1948, אין בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע, וואו מיר זיינען צוזאַמען — ער מיט אַ לעקציע וועגן ביאַליק'ן און איך מיט זינגען אַ ריי לידער סיי פון ביאַליק'ן און סיי פון אַנדערע דיכטער — אויף אַ ליטעראַרישן פרימאָרגן, וואָס די רייכע בוענאָס־איירעס'ער קהילה האָט איינגעאָרדנט אין דעם גרויסן זאַל פון איר פּרעכטיקער געביידע. איך קאָן נישט זאָגן אַקוראַט ווי גרויס ס'איז געווען דער עולם, ווײַלכער איז געקומען הערן די צוויי געסט פון אַמעריקע, — דעם פּאָעט און דעם זינגער, — אָבער מען איז אויף די ווענט געהאַנגען ממש.

וועל איך דאָ נישט רעדן פון מיין זינגען; וועגן דעם זאָל דער לייענער גיין אין ביבליאָטעק און אויפמישן די בוענאָס־איירעס׳ער אידישע צייטונגען. אָבער י. י. שוואַרץ, וועלכער איז ווייט נישט געווען פון די בעסטע רעדנער, און קיין „אָראַטאָר״ אַוודאי נישט, דערצו האָט ער שטענדיק געהאָט אַ הייזעריק קול, האָט דער עולם אים זייער וואַרעם אויפגענומען. זיין חריפות׳דיקע אָפּשאַצונג פון ביאַליק׳ן האָט אַלעמען באַגייסטערט; עס איז געקומען אַ געקליבענער עולם, וואָס איז באַשטאַנען סיי פון לערנערישע און סיי פון אינטעליגענטע לייענער פון דער העברעאישער און אידישער ליטעראַטור. מיר זיינען געווען, אי שוואַרץ און אי איך, איבעראַשט פון דעם גרויסן עולם, וואָס האָט אָנגעפּאַקט דעם זאַל, און אויך פון דער שטילקייט און דעם אינטערעס מיט וועלכן דער עולם האָט אויסגעהערט אי שוואַרצ׳ס לעקציע און אי מיין זינגען. שוואַרץ איז זיך ממש צעגאַנגען פון נחת, און איך האָב אָנגעקוועלט פון דער וואַרעמער באַגייסטערטער אויפנאַמע.

מיר האָבן אין בוענאָס־איירעס צוזאַמען פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן צייט; דאָס זיינען געווען העכסט־אָנגענעמע וואָכן. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז די אויפנאַמע אין דער „העברעאיקאַ״ אויך געווען אַ בשותפות׳דיקע פאַר אונז. איך געדענק, אַז איך בין געזעסן אויבנאָן לעבן שוואַרצ׳ן, וועלכער האָט מיט זיין שיינעם מאַנסבילשן אויסזען געשיינט, ווי אַן אָריענטאַלישער פּרינץ! אַלע וואָס האָבן געזען און געקענט י. י. שוואַרצ׳ן ווייסן, אַז ער איז געווען אַ העכסט־שיינער מאַן, אַ הויכער, אַ שטאַלטנער מיט צוויי קלוגע ווייכע אויגן און מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף זיין פּנים. צווישן די אידישע פּאָעטן אין ניו יאָרק איז ער געווען פון די סאַמע שענסטע מאַנס־פּאַרשוינען; מ׳האָט זיך גרינג געקענט אין אים פאַרליבן. דער קלוגער „ליטוואַק״ און דער למדן איז אים געלעגן אויפן פּנים; ער האָט אין זיך פאַרמאָגט די וואַרעמקייט און ווייכקייט פון אַן אוקראַאינער איד — גאָרנישט קיין „טרוקענער ליטוואַק״...

ערשט אין בוענאָס־איירעס זיינען מיר שטאַרק נאָענט געוואָרן, אויף אַ רעכטן אמת טאַקע. זיין בוך „קענטאַקי״, וואָס ער האָט מיר אין בוענאָס־איירעס געשאָנקען אַ מתנה, האַלט איך פאַר צווישן מיינע שענסטע מתנות וואָס האָבן זיך ביי מיר אָנגעקליבן. איך היט עס ווי דאָס אויג אין קאָפּ: „קענטאַקי״ איז נישט נאָר אַ גרויסע אידישע שאַפונג פון אַ אידישן פּאָעט, נאָר אַ פּערל אין דער אידישער דיכטונג — און וואָלט אויך געווען אַ פּערל

ווען מען איבערזעצט עס אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע זיינען געוויס פאַראַן אַ סך גרויסע און קליינע קלאַסישע פּאָעמעס, אָבער י. י. שוואַרצ׳ס „קענטאַקי״, וואָלט געווען צווישן זיי די סאַמע קלאַסישסטע.

י. י. שוואַרץ איז געווען איינער פון אונזערע ליטערע פּאָעטן, זיינע לידער פון דעם אַמעריקאַנער „אינדיאַנער זומער״ צייכענען זיך אויס אי מיט לירישקייט אי מיט בילדלעכקייט. ס׳איז נישטאָ ביי שוואַרצ׳ן קיין סתם לידער, סתם געזאַנג, נאָר גוט פאַרטראַכטע, אויסגעפּילטע און אויסגעליי־טערטע שורות. ער איז אויך געווען איינער פון אונזערע בעסטע איבער־זעצער פון דער העברעאישער פּאָעזיע, דער עיקר פון ביאַליק׳ן, טשערניכאָווסקי׳ן, איבערהויפּט טאַקע פון ביאַליק׳ן, וועמען ער האָט ליב געהאַט עד כלות־נפש. זיין בוך איבערזעצונגען פון די העברעאישע פּאָעטן פון דער גאָלדענער שפּאַנישער עפּאָכע אונטערן נאָמען „אונזער ליד פון שפּאַניע״ פון יהודה הלוי, שלמה איבן־גבירול, משה איבן־עזרא, וועמעס מאָטיוון ער האָט איבערגעגאָסן אין אַ געשמאַקן אידיש, זיינען מוסטערן פון איבערגיסן פּאָעזיע פון איין כלי אין דער צווייטער און קענען פאַרעכנט ווערן צווישן די סאַמע בעסטע איבערזעצונגען, וואָס אַ ליטעראַטור קען זיך נאָר ווינטשן.

י. י. שוואַרץ האָט זיך נישט געשטופּט צו דעם פראָנט, צו דער „מזרח־וואַנט״, די „מזרח־וואַנט״ איז אַליין צו אים געקומען. ער האָט דאָרט געהאַט די שענסטע „שטאָט״, ווייל אַ פּאָעט איז ער געווען אַ געבענטשטער — און פונקט אַזאַ געבענטשטער איבערזעצער. זיין פריער דערמאָנטע קלאַסישע פּאָעמע „קענטאַקי״, ווערט נישט נאָר געלייענט, נאָר געלערנט אין אַלע אידישע קינדער־שולן אין דער וועלט. עס איז איינע פון די גרעסטע ווערק, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אויפן אַמעריקאַנער אידישן באָדן — אַ ווערק וואָס וועט בלייבן אַ מוסטער לדורות, וואו ס׳איז אַריינגעוועבט געוואָרן מיט גאָלדענע אותיות אַ שטיק פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן, אַמעריקאַנער קאָלאָריט, צוזאַמען מיט דער אַרומיקער אַמעריקאַנער סביבה.

דאָס ווערק „קענטאַקי״, וואָס איז דערשינען אין 1925, האָט דעמאָנ־סטרירט די פאַרוואָרצלטקייט פונעם אידישן שרייבער אין אַמעריקע, דער גייסטיקער צובונד פונעם אידישן מענטשן אין אַמעריקע — און נאָך עפּעס — וואו ער זאָל זיך נישט געפינען דער איד איז ער צווישן די ערשטע, אויב

נישט דער ערשטער, אין קאַמף פאַר יושר און שלום, פאַר אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע מענטשן; און אַז ראַסע און קאָליר איז נישט קיין שטער פאַר חבר׳ן זיך מיט דעם און מיט יענעם, דאָס ווערט באַזונדער קלאָר און זעעוודיק דורך די געמאָלענע לעבעדיק־שטיפערישע, געזונטע נעגער־געשטאַלטן פון „דזשאַרדזש וואַשינגטאָן״ און „טאָמאַס״, מיט דעם הויפּט־העלד „דזשאָשואַ״ (יהושע), דעם איד, אין זייערע וואַרעמע באַציאונגען. דער איד דזשאָשואַ האָט געפילט דיליידן פון דעם נעגער־לעבן, פון דער נעגער־נשמה, זיין פשטות׳דיקייט און תמימות׳דיקייט, ווי איר לייענט אַרויס מעשיות פון חומש, פון תנ״ך. שוואַרץ מאָלט אויף אַ וואונדערלעכן וואַרע־מען אופן די פאַרהעלטענישן צווישן דעם איד און זיינע קריסטלעכע שכנים. דאָס בילד ווי דער איד דזשאָשואַ קומט צו זיינע קריסטלעכע שכנים בעטן אַ שטיקל נחלה אויף אַ קבר פאַר זיין פאַרשטאָרבן טעכטערל פערעלע, איז שטאַרק רירנדיק און פאַרמאָגט אַלע טעמים פון חומש׳דיקן אברהם אבינו, וועלכער איז געקומען זיך דורכרעדן מיט די איינוואוינער פון חת אויף אַ קבר פאַר זיין ווייב שרה. ס׳איז איינער פון די שענסטע אויסגעהעפטע קאַפּיטלען, אויסגעזונגענע שורות!

אונזער דריטע באַגעגעניש און דערנענטערונג, איז פאַרגעקומען אין מיאַמי ביטש, וואו י. י. שוואַרץ האָט אַ שטיקל צייט געוואוינט אויף אַ פאַרם נישט ווייט פון מיאַמי ביטש. מייסטנס האָבן מיר זיך געטראָפן ביי דר. מוקדוני׳ן, אָבער ער האָט אויך ליב געהאַט צו זיצן אַ פּאָר שעה און פאַר־ברייינגען מיט פריינט אין האָפמאַנ׳ס קאַפעטעריע אויף קאָלינס עוועניו. איך האָב שוואַרצ׳ן שטאַרק ליב באַקומען; איך האָב ליב געהאַט אים צו הערן רעדן, און נאָך מער אים צו הערן לאַכן — אַ געשמאַקער געלעכטער פונעם האַרצן, וואָס האָט אייך אָנגעשטעקט מיט לעבן. ווי עס איז געקומען צו אַ „ליטוואַק״ אַזאַ האַרציקער געלעכטער איז פאַר מיר געווען אַ רעטעניש? ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות און האָט אויך ליב געהאַט צו רעדן מיטן לשון פונעם דורכשניטלעכן איד אין דער גאַס, ווי די מייסטע אידן רעדן אידיש, מיט אַלע „זשאַרגאָנישע אַנגליציזמען״.

למשל: „וואָס זאָגט איר, ירדני, צום היינטיקן אַוטסייד (דרויסן)?״. „איר דענקט ס׳וועט היינט רעינען (רעגענען)?״ אָדער, „איך גלייך זייער אייערע ווינדעס״ (מיר געפעלן אייערע פענצטער). צי: „איך האָב היינט אויס־געסוויפּט אַלע מיינע רומס אַז סאַ פּלעזשע״ (איך האָב היינט אויסגערייניקט

מיינע צימערן אַז סאַ פֿאַרגעניגן!), וכדומה. און ער פֿלעגט דערביי זיך פֿאַרגיין פֿון געלעכטער.

ווען דר. מוקדני פֿלעגט טעלעפֿאָנירן אין האָטעל צו מיר, אַז עס האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט אויף צו פֿייערן שוואַרצ׳ס אַ יום־טוב, צי אַ יובילײ און האָט מיך איינגעלאַדן אַז איך זאָל זיך באַטייליקן אין דעם פּראָגראַם, האָב איך עס אָנגענומען בכבוד־גדול, ווייל עס איז אַלע מאָל געווען אַ פֿאַרגעניגן פֿאַר מיר צו באַטייליקן זיך אין שוואַרצ׳ס אַ ליטעראַרישן יום־טוב אָדער יובילײ. מיט אים האָט מען זיך געפֿילט דערהויבן און חשיבות׳דיק, ווייל ער איז געווען אַ מענטש פֿון חשיבות און דערהויבנקייט. זיין ליד אינעם מויל פֿונעם זינגער איז געווען באַ׳טעמ׳ט, ווי גוטער „שערי״ ווייַן, עס האָט זיך געזונגען ווי פֿון זיך אַליין. נישט געווען ביי אים קיין איבעריקע זילבן, קיין נאָכשלעפּנדיקע פֿעדים — דער ניגון האָט זיך געשפּינט גערנוויליק און נאָכגעביק. און דער קאָמפּאָזיטאָר האָט נישט געדאַרפֿט צוגלעטן און אויסגלעטן דאָ אַ וואָרט, דאָ אַ גאַנצע שורה, ער האָט נאָר געדאַרפֿט נעמען די פּען אין דער האַנט און זיך אַוועקזעצן און אָנשרייבן די נאָטן. די לופֿט פֿונעם ליד, האָט אויך געהאָלפֿן שאַפֿן דעם אַקאָמפּאַנימענט. ווייל אַ ליד וואָס קומט פֿונעם האַרצן גייט אַריין אין האַרצן און קומט צוריק אַרויס פֿונעם האַרצן — צו דעם צוהערער. דאָס איז דער סימן־מובהק פֿון אַן אמת׳ן פּאָעט, פֿון אַן עכטן דיכטער. אַ ליד טאָר נישט זיין קיין „לעיבאָר־וואָירק״, אַ ליד דאַרף קומען פֿון זיך אַליין — און ביי י. י. שוואַרצ׳ן זיינען די מייסטע לידער געקומען פֿון זיך גופֿא. דערפֿאַר — אַ ברכה פֿאַרן קאָמפּאָזיטאָר. דערפֿון — אַ נחת פֿאַרן זינגער צו זינגען. צו אַזאַ פּאָעט שאַפֿט זיך, פֿון אַזאַ פּאָעט זינגט זיך.

יאָ, מיר האָבן צוזאַמען פֿאַרבראַכט אַ סך אָנגענעמע שעה׳ן — אַמאָל מיט שפּאַצירן ביים ים, און אַמאָל מיט זיצן אויף אַ באַנק אין פּאַרק אויף אַשען דרייוו און קוקן אויף די כוואַליעס. „וואָס זאָגט איר, ירדני, צו דער לבנה אויבן דאָרט?״ „וואָס זאָל איך זאָגן? אַ פּראַכט פֿון אַ שטיק זילבער, וואָס באַזילבערט דעם ים ווי אַ געשליפֿענער שפּיגל״. „ווען אַ פּאָעט וואָלט געקענט אָנשרייבן אַזאַ פּאָעמע, וואָלט ער געווען דער גרעסטער זשעני!״. „וויפֿל זשעניס זיינען דאָ אַזעלכע?״ „איינער!״ האָט ער אויסגערופֿן, „און זיין נאָמען איז גאָט!״

„איר ווייסט ירדני״, האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט, „מיר האָבן צווישן

אונז דעם פיינסטן פּאָעט, וואָס מ׳קאָן זיך אויסמאָלן!" „ווער אַ שטייגער?" „מאַני לייב!" האָט ער לאַנג נישט געטראַכט. „זיינע לעצטע סאָנעטן וואָס ער שרייבט זיינען אמת׳ע פּערל!" „איך שטים איין מיט אייך!" איז געווען מיין ענטפער. „און וואָס איז מיט יעקב גלאַטשטיין?" האָב איך געפרעגט. „יעקב גלאַטשטיין איז אַ איד אַ חכם!" „נו, יאָ, אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט פּאָעזיע, אָט אין דעם גייט עס: חכמה איז איין זאַך, און פּאָעזיע איז אַ צווייטע זאַך; חכמה און פּאָעזיע גראַמען זיך נישט". „איך האָב אייך שוין געזאָגט: יעקב גלאַטשטיין איז אַ איד אַ חכם, ווייטער זאָג איך גאָרנישט". „און וואָס איז מיט אויערבאַכ׳ן?" „עך, ירדני, איר ווילט „כל התורה על רגל אחת? לאָמיר ווייטער נישט גיין". „און וואָס איז מיט וויינפּער׳ן?" „וויינפּער, מיין פריינט, וואָלט געווען אַ גוטער פּאָעט, ווען ער צוימט זיין פּען אַביסל. אָבער ער איז אַ פּאָעט און אַ ליטעראַטור דאַרף האָבן אַזעלכע!".

געווען צייטן ווען איך האָב באַגעגנט שוואַרצ׳ן און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אומעט און זאָרג. איך ווייס נישט צי דאָס איז געווען זאָרג וועגן פּרנסה, אָדער וועגן זיין פּרוי, וואָס פלעגט אונטערקרענקן? מיר האָט שטאַרק וויי געטאָן פאַר דעם דאָזיקן פיין־פילנדיקן פּאָעט; איך האָב געפילט ווי אים אָנצובאָטן הילף, אָבער איך האָב מורא געהאַט אַז ער וועט זיך באַליידיקן...

זעקס און אַכציק יאָר איז י. י. שוואַרץ אַלט געווען, ווען ער איז געשטאָרבן. ס׳איז אפשר אַ פיינע עלטער, אָבער נישט פאַר אַזאַ באַגאַבטן פּאָעט און פיינעם מענטשלעכן מענטש; אַ פּאָעט, וואָס האָט זיך מיט גאָלדענע אותיות אַריינגעשריבן אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. מ׳וועט אים לאַנג געדיינקען און לאַנג לייענען.

„מאָרגן פרייהייט", יוני 5, 1977, נ. י.

# דער קאָמפּאָזיטאָר נחום נאַרדי

די טרויעריקע נייעס פון תּל־אביב, וואָס די „יונאַיטעד פּרעס אינטער־נעשאָנאַל״ האָט געבראַכט, אַז דאָרט איז אין עלטער פון אַכציק יאָר געשטאָרבן נחום נאַרדי, דער באַרימטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר און פּיאַניסט, האָט מיר אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן.

נחום נאַרדי איז געווען איינער פון די פּיאָנערן פון ארץ־ישראל׳דיקן ליד, פון ארץ־ישראל׳דיקן קלאַנג, אויפן געביט פון שאַפן אמת׳ע ארץ־ישראל׳דיקע טענער, געבויט אויף תימנ׳ישע מאָטיוון. ער איז געווען מיינער אַ גאָר נאָענטער פריינט, אַ חבר, מיט וועמען איך האָב באַלד נאָך מיין קומען קיין ארץ־ישראל, די דעמאָלטיקע פּאַלעסטינע, געוואָרן באַקאַנט און אויך מיט זיין גאַנצער משפּחה. אונזער פריינטשאַפט האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט.

נחום נאַרדי! דער טאַטע זיינער איז געווען אַ הויכער איד, מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ שטאַלטנער, און ער, נחום, איז געווען פון מיטעלן וואוקס, און פלעגט גיין אַביסל אָנגעבויגן, מיטן קאָפּ אין זיך. און כאָטש ער איז געווען אַ קיעווליאַנער, אַ געבוירענער אין קיעוו, איז ער אָבער געווען נאַאיוו ממש ווי אַ קינד. נחמן מייזיל האָט אים גוט געקענט און ער פלעגט מיר דערציילן אַ סך טשיקאַווע געשיכטעס פון אים און זיין גאַנצער משפּחה.

דער פאַרשטאָרבענער חזן און זינגער גלאַנץ, וועלכער איז אויך געווען אַ קיעווער, האָט צוזאַמען מיט נאַרדי׳ן געלערנט אין דער קיעווער קאָנסער־וואַטאָריע. זיי זיינען געווען נאָענטע חברים און האָבן צווישן זיך ליב געהאַט ריידן רוסיש און דערציילן זיך געשיכטעס וועגן זייער באַליבטער שטאָט ביים דניעפּר, וואָס האָט גע׳שמ׳ט ווי אַ גרינער גאָרטן. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. וואָס איך בין אויסן צו שרייבן איז וועגן נחום נאַרדי דעם שפּרודלדיקן קאָמפּאָזיטאָר, פיינעם פּיאַניסט, און בריליאַנטענעם אַקאָמפּאַניאַטאָר.

אין 1930 האָט תּל־אביב געהאַט אַ באַפעלקערונג פון פערציק טויזנט מענטשן. און געווען זיינען די מענטשן פון די סאַמע געקליבנסטע: פון רוסלאַנד, פון פּוילן, פון גאַליציע, פון רומעניע, פון ליטע, פון לעטלאַנד — אַ מוסטער פונעם מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום. מייסטנס מיטליעריקע און אַ

סך יוגנטלעכע — מיט קולטור, מיט אינטעליגענץ, האָבן ליב געהאַט ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק, קאָנצערטן, לעקציעס.

די סאַמע „פּני" פון תל־אביב זיינען, פאַרשטייט זיך, אין דער ערשטער ריי געווען: ביאַליק, דר. מאָסענזאָן, — דער דירעקטאָר פון דער באַרימטער „הרצליה" גימנאַזיע אין תל־אביב, דר. יהודה קויפמאַן, י. ח. ראַווניצקי, יעקב פיכמאַן, מ. אוסישקין, דר. הררי, זרובבל, בן־גוריון, רמז, שפּרינצאַק, משה שערטאָק, בערל קאַצענעלסאָן, — דער רעדאַקטאָר פון „דבר", רובאַשאָוו, דער שפּעטערדיקער שזר און פּרעזידענט פון ישראל, בן־צבי, ווידער דער שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון ישראל, גאָלדע מאירסאָן, די שפּעטערדיקע גאָלדע מאיר, די ערשטע ישראל־אַמבאַסאַדאָרשע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, דערנאָך אויסער־מיניסטאָרשע און פּרעמיערשע פון ישראל, איתמר בן־אבי, דעם באַרימטן בן־יהודה׳ס אַ זון, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַן אַראַבישן פּרינץ מיט אַ זילבער־גרויען קאָפּ האָר מיט אַ געדיכטן טשוב אין דער פראָנט, יוסף העפּטמאַן, דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון דער „הצפירה" אין וואַרשע, האַרצפעלד, וועמען מ׳האָט געהאַלטן פאַר אַ „פּעוועץ" (זינגער), און — ווער קען זיי אַלעמען גאָר אויסרעכענען? זיי, און נאָך פיל אַנדערע, זיינען געווען דאָס שיינדל פון תל־אביב — און פונעם גאַנצן אידישן ישוב.

עך, זיינען דאָס געווען טעג! תל־אביב׳ער גאַסן מיט דורכאויס אידישע נעמען: רחוב ביאַליק, רחוב רמב״ם, רחוב אחד העם, רחוב בן־יהודה, רחוב שלום עליכם, רחוב מענדעלע מוכר ספרים, רחוב י. ל. פּרץ, רחוב יונה הנביא, רחוב ירקון, רחוב גאולה, רחוב שמואל הנביא, און נאָך אַנדערע גאַסן מיט כשר׳ע אידישע נעמען, האָבן געשפּראַצט מיט חלוצים, מיט יונגטלעכע, מיט לעבעדיקע געזונטע בחורים און מיידלעך, און מיטליעריקע, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט עלטערן, האָבן גטעאַנצט „האָראַס", ספּעציעל אין די פרייטיק־צו נאַכטסן, און נאָך מער אין אַ יום־טוב — און פרייד, אידישע פרייד האָט זיך געגאָסן ווי עמערס ווייַן! די ריחות פון די אַרומיקע פּרדסים, וואו עס זיינען געוואַקסן די גרויסע ארץ ישראל׳דיקע אָראַנזשן, האָבן אָנגעפילט די לופט מיט אַ שיכרות, וואָס פלעגט פאַרגיין אין די נאָז־לעכער ווי ניינציקער בראָנפן!

אַז מ׳האָט געטאַנצט אַ „האָראַ", האָט מען צוגעזונגען און עס האָבן זיך געלאָזט הערן „אנו באנו ארצה", „שיר העבודה", ביאַליק׳ס טעקסט און

נאַרדי׳ס מוזיק; „בגליל" ווידער־אמאָל ביאַליק׳ס טעקסט און נאַרדי׳ס מוזיק, „קדימה הפועל", „מי יבנה", נאָכאַמאָל נאַרדי׳ס מוזיק, נאָך אַ ליד — „שיר העבודה", ווערטער פון אלתרמאן און נאַרדי׳ס מוזיק, „הבה נצא במחול", געזאַנגען און טענץ, וואָס האָבן פאַרקלונגען די שטאָט, די גאַסן און דעם ברעג ים.

אַט גייט מען אויף רחוב אַלענבי און מ׳לייענט אַן אַפישע, וואָס זאָגט אַן אַ קאָנצערט אין „אוהל־שם", אָדער אין „בית־עם", אַ דרויסנדיקער טעאַטער, און עס וועלן אויפטרעטן די תימנ׳ישע זינגערין ברכה צפירה און נחום נאַרדי — אַ פּאָרל, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען דעם תל־אביב׳ער עולם, און וועמען גאַנץ ארץ־ישראל קען און ווייסט. אַחוץ זייערע קאָנצערט־אויפטרעטן קען זיי דער ארץ־ישראל׳ער עולם אַלס מאַן און ווייב. ברכה צפירה איז געווען באַליבט פאַר איר עכטן תימנ׳ישן געזאַנג, נישט קיין געמאַכטע טענער, נישט קיין נאָכגעקרימטקייט, נאָר אמת׳דיק תימנ׳יש, און נחום נאַרדי׳ן האָט מען ליב געהאַט פאַר זיינע עכטע ישראל׳דיקע מעלאָדיעס, באַהויכטע מיט אַן אָריענטאַלישן־תימנ׳ישן קלאַנג. און נישט נאָר די מעלאָדיעס אַליין, נאָר אויך דער אַקאָמפּאַנימענט, די פּיאַנאָ באַגלייטונג, האָט געטראָגן דעם עכט־אָריענטאַליש־תימנ׳ישן קלאַנג, זאַפט און ווייכקייט. קיינער פון די אַריבערגעקומענע קאָמפּאָזיטאָרס, אָפילו נישט יואל ענגעל, האָט אַזוי אָנגעשלאָגן דעם ריינעם אָריענטאַליש־תימנ׳ישן קלאַנג, אָריענטאַליש־תימנ׳ישן טאָן, קאָליר און פאַרב, ווי נחום נאַרדי! זיין ליד „בגליל", האָט אויך שטאַרק „אָנגעריסן" אין אויסלאַנד, איבערהויפּט דער רעפריין!

אַז נאַרדי פלעגט זיך אַוועקזעצן ביי דער פּיאַנאָ, האָט זי גלייך אָנגעהויבן זינגען, ער האָט געהאַט גאָלדענע מנגנ׳ישע מעלאָדישע פינגער, ספּריטנעדיקע, וועלכע זיינען געלאָפן איבער די קלאַווישן, די ווייסע און די שוואַרצע ביינדלעך, ווי פון אַ מכשף. ער איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער קאָמפּאָזיטאָר, פלינק ווי אַ טייוול, עס האָט ממש געברענט אונטער זיינע הענט, אַ געבוירענער „וויזאַרד", ניגונים זיינען ביי אים געפלויגן, ער האָט איינס און צוויי געקענט אַ „קלייד" אָנטאָן אויף אַ ליד, וואָס זאָל אַ בליץ טאָן ווי אַ בליץ!

אין דער געשיכטע פון די ערשטע שאַפערס פון ארץ־ישראל׳דיקער מוזיק, איבערהויפּט אויפן געביט פון געזאַנג, וועט נחום נאַרדי באַשטימט

פאַרנעמען דעם אויבנאָן. סיי אין זיינע ביכער לידער וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, סיי אין זיינע רעקאָרדינגס (דיסקס), וואָס ער האָט געמאַכט, קודם, מיט ברכה צפירה, דערנאָך מיט זיין צווייטער פרוי, אויך אַ תימנ׳קע, אהובה צדוק. די לידער וועלן פאַרבלייבן מאָנומענטאַל. ביאַליק האָט אים אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקע דאַנקבאַרקייט פאַר זיין שאַפן ניגונים צו זיינע טעקסטן, איבערהויפּט פאַר די לידער „בגליל״, „בין נהר פרת ונהר חידקל״, „שיר העבודה״: ביאַליק איז געווען אַ גוואַלדיקער אוהב־נגינה, כאָטש ער אַליין האָט קיין שטימע נישט געהאַט.

די לעצטע פאַר יאָר האָט נאַרדי שטאַרק געליטן פון דער „פּאַרקינזאָן״ קראַנקהייט. מען קען זיך גרינג פאָרשטעלן, וואָס דאָס באַדייט פאַר אַ מוזיקער, פאַר אַ פּיאַניסט, די גרויסע טראַגעדיע. צי קען נאָך זיין אַן ערגערע שטראָף פאַר אַ פּיאַניסט, ווען ער קען נישט נוצן זיינע פינגער? און פאַרוואָס? און פאַרווען? ווי זאָגט ביאַליק אין זיין ליד „אחרי מותי״ — דער מענטש האָט דאָך נאָך געקאָנט שפּילן און שפּילן, קאָמפּאָנירן און קאָמפּאָ־נירן, פאַרוואָס איז אים געקומען אַזאַ שטראָף? און ווען? אַ נאַאיוון מענטשן, אַ קינד, וואָס איז קיינמאָל נישט אויפגעוואַקסן, וואָס איז געבליבן ביי זיין תמימות זיין גאַנץ לעבן: אַן אייביקער אינגל מיט זיין ראָמאַנטישקייט, מיט זיינע פאַרליבענישן, ביז אין זיין טיפן עלטער...

און אַז אַכציק יאָר — איז וואָס? אַ קינסטלער, אַ אמת׳ער קינסטלער ווערט קיינמאָל נישט אַלט. איך האָב עס אין פּאַריז געהערט פונעם באַרימטן סקולפּטאָר נחום אַראָנסאָן. אַ קינסטלער איז אַלעמאָל יונג, אַלעמאָל פריש, אַבי נאָר ער ווערט נישט געשלאָגן מיט קיין מחלות, מיט קיין קראַנקהייטן, בלייבט ער אייביק יונג, אייביק ניי. אָבער וואָס איז דאָ צוריידן? נישטאָ מער נחום נאַרדי — און דאָס איז אַ שאָד! ווידער־אַמאָל: ווי האָט ביאַליק געזונגען אין זיין פריער־דערמאָנט באַרימט ליד „אחרי מותי״? „היה איש וראו איננו עוד״ — געווען אַ מענטש און נישטאָ מער...

„מאָרגן פרייהייט״, אָקט. 11, 1977, נ. י.

# צוויי חברים

דער ענין חבר איז זייער אַ וויכטיקער און אויך אַ דעליקאַטער...
אַ חבר מיינט נישט סתם אַ פריינט, אָדער אַ גוטער באַקאַנטער, נאָר אַן אייגענער — איינער, מיט וועמען דו ביסט שטאַרק נאָענט, אינטים, וואָס גייט דיך שטאַרק אָן און פאַר וועמען דו ביסט גרייט זיך לאָזן איבערשניידן דעם האַלדז.

דאָס איז חבר׳שאַפט!

עפּעס ווייניקער דערפון, קען נישט אָנגערופן ווערן קיין אמת׳ע חבר׳שאַפט...

אַ חבר מיינט אויך — ווער דו אַליין ביסט!

דורך דיין חבר — דערקענט מען דיך! קענסט גאָרנישט נישט באַהאַלטן פון זיך, ווייל מ׳דערקענט עס אויף דיין חבר. דיין חבר׳ס פנים, איז דער שפּיגל אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ — דיין אייגענער געשטאַלט...

דעריבער איז דער ענין חבר, חזר איך איבער, זייער אַ וויכטיקער און אויך אַ דעליקאַטער...

פון אַלע אינגלעך אין סלאָוועשנע, האָב איך אויסגעקליבן פאַר מיינע חברים צוויי — גרישאַ און כייקל.

איך קען נישט זאָגן, אַז איך האָב זיי אויסגעקליבן מיט מיין שכל, איך בין געווען נאָך צו יונג דערפאַר, אָבער מיט מיין אינסטינקט — יאָ. דער אינסטינקט איז ביי מיר פון תמיד אָן געווען אַ שטאַרק אַנטוויקלטער. וואָס איך האָב נישט באַנומען — און באַנעם אויך איצט נישט — מיט מיין שכל, האָב איך אַלעמאָל באַנומען — און באַנעם אויך איצטער — מיט מיין איינגעבאָרענעם אינסטינקט.

דער אינסטינקט מיינער האָט מיך אָפּגעהאַלטן זיך נישט צו חבר׳ן מיט דעם און מיט יענעם פון די סלאָוועשנער אינגלעך, אָבער ער האָט מיך געשטופּט צו — גרישאַ׳ן און כייקל׳ען.

כייקל איז עלטער געווען פון מיר מיט אַ פּאָר יאָר, און גרישאַ איז געווען אין די זעלביקע יאָרן וואָס איך. אָבער בעת כייקל איז געווען אַ סלאָוועשנער געבאָרענער, איז גרישאַ געווען — אַ צוגעקומענער. מ׳האָט אים געבראַכט קיין סלאָוועשנע, ווען ער איז אַלט געווען אַכט יאָר — אַזש פון מאָסקווע!

דער אונטערשייד צווישן גרישאַ׳ן און כייקל׳ען איז געווען נאָך אַ סך אַ גרעסערער, ווי בלויז דאָס אַליין, וואָס דער ערשטער איז געווען אַ מאָסקווער געבאָרענער, און דער צווייטער — אַ סלאָוועשנער געבאָרענער. אפשר דאָס אַליין וואָלט נאָך נישט געווען אויסגעמאַכט. איז וואָס אַז מ׳ווערט שוין געבאָרן אין מאָסקווע? אָבער דאָס וואָס גרישאַ׳ס טאַטע איז געווען אַ קאַסירער אין אַ וואַלד פון אַ גרויסן קאַנטאָר, עטלעכע ווערסט פון סלאָוועשנע, און כייקל׳ס טאַטע איז געווען — יאָ, אַ פשוט׳ער קירזשנער, הגם אַ רייכער קירזשנער, אָבער פאָרט אַ קירזשנער — דאָס האָט שוין גאָר אַ סך אויסגעמאַכט...

בעת גרישאַ׳ס טאַטע־מאַמע האָבן גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, וואָס זייער זונדעלע האָט זיך גע׳חבר׳ט מיט מיר, כאָטש מיר זיינען געווען אָרעם און זיי זיינען געווען רייך, מיר האָבן געוואוינט אין אַן אָרעמער דירה און זיי האָבן געוואוינט אין דער סאַמע שענסטער דירה פון שטעטל, האָבן אָבער די זעלביקע גרישאַ׳ס טאַטע־מאַמע שטאַרק נישט געוואָלט ליידן, אַז זייער זונדעלע זאָל זיך חבר׳ן מיט כייקל׳ען — מחמת זיין טאַטע איז געווען אַ פשוט׳ער קירזשנער, הגם, ווי שוין באַמערקט, אַ רייכער קירזשנער.

אַפנים, אַז נישט בלויז אין סלאָוועשנע אַליין האָט געלט נישט געשפילט קיין ראָל, נאָר אויך אין אַנדערע שטעט פון רוסלאַנד. און אפשר איז עס נאָר ביי אידן אַזוי געווען? איך ווייס נישט. איך האָב פאַרלאָזט רוסלאַנד ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער אינגל. אַחוץ דעם האָב איך אויסער די פיר ווענט פון סלאָוועשנע נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך, אָדער וואָס עס קומט פאָר אין דער גרויסער רוסלאַנד. פון שטיקלעך און ברעקלעך, וואָס איך האָב געהערט מענטשןריידן און דערציילן, קען מען נישט האָבן קיין ידיעה וועגן אַ לאַנד — און בפרט נאָך וועגן אַזאַ ריזיק לאַנד!

איך האָב גרישאַ׳ן און כייקל׳ען שטאַרק ליב געהאַט. מיר זיינען געווען עפּעס, ווי פון איין שטיק געוואַנט געשניטן. מיר האָבן אַלע דריי ליב געהאַט זיך צו שפּילן אויפן זעלביקן רואיקן, געמיטלעכן, ניט־שקאָצעוואַטן שטייגער. מיר האָבן זיך נישט געוואָרפן מיט קיין שטיינער, מיט קיין ציגל. נישט געקראָכן אויף קיין פּלויטן. נישט געגאַנגען רייסן קיין עפּל אין פרעמדע סעדער. נישט געיאָגט זיך נאָך קיין פייגעלעך, נאָך קיין פייגלשע נעסטן, נישט געשלאָגן זיך מיט קיין אינגלעך אויפן מאַרק, סיידן מ׳איז אויף אונז אָנגעפאַלן, האָבן מיר דעמאָלט געמוזט זיך פאַרטיידיקן און צוריק־

שלאָגן. דער שטאַרקסטער פון אונז דרייען, איז געווען כייקל. דער שוואַכסטער פון אונז דרייען — בין איך געווען. גרישאַ איז גראָד געווען אַ ספּריטנער יאָט, אָבער נישט קיין שלעגער — הגם איך בין נאָך ווייניקער שלעגער געווען פאַר אים.

אונזער „מקום־מקלט", אונזער הויפּט שפּיל־פּלאַץ, איז געווען די שיניצע — אַ וועלדל אַזאַ, וואָס איז באַשטאַנען פון שיטערע נידעריקעביימלעך, פון וועלכע מ׳פלעגט אָנשניידן ריטלעך אויף צו פלעכטן בעזימער, שיטערע קוסטעס און נידעריקע גראָזן. דער וועג צו דער שיניצע האָט זיך אָנגעהויבן פונעם סלאָווענישן מאַרק מיט דער ליעסטווענער גאַס אויף אַ גראָדנמעסיקן בערגלדיקן שטייגער.ביים אַריינגאַנג פון דער שיניצע איז געשטאַנען פון איין זייט די באַלניצע, געמאַכט פון שטאַרק רויטע ציגל, אויף דער צווייטער זייט. גלייך אַנטקעגן איבער דער באַלניצע איבערן וועג, איז געשטאַנען דער וואַלאַסט מיטן גרינעם בלעכענעם דאַך און וועמעס הילצערנע ווענט האָבן אויסגעזען גרוי ווי אַש. אויפן מיטן הויף פון וואַלאַסט, אַ באַגרינטער מיט הויכע זיידענע גראָזן, איז געשטאַנען אַ בראָנזענע סטאַטוע פונעם קיסר ניקאָלאַי דעם ערשטן. ווייטער אַ ביסל אָפּגערוקט, אויף דער זעלביקער זייט פון דער באַלניצע, איז געשטאַנען די שקאָלע מיט גרויסע פענצטער, ווי אין אַ וואַקזאַל, אַרומגעצוימט מיט אַ גראַמאַדנעם הויף, מיט פריש־אַרומגעשניטענעם גרינעם גראָז. אויך דער דאַך פון דער שקאָלע איז געווען פון גרינעם בלעך און די הילצערנע ווענט האָבן אויסגעזען פונקט ווי דער וואַלאַסט. הינטער דער שקאָלע האָט זיך געצויגן אַ געדיכטער סאָד און אין מיטן פון סאָד איז געשטאַנען אַ ווייסע הויז, אין וועלכער עס האָט געוואוינט דער זאַוויעדעשטשי מיט די אוטשיטעליעס פון דער שקאָלע. העט, ווייטער, טיפער־צו אין דער שיניצע, זיינען געשטאַנען צוויי גרויסע דירות און לעבן די דירות — צוויי גאַרבאַרניעס, אַרומגעצוימט מיט גרויסע הויפן, וואו עס האָבן זיך אויף ספּעציעלע הילצערנע שטאַנגען שטענדיק, סיי זומער, סיי ווינטער, געטריקנט אויסגעאַרבעטע יוכטן און פעל, שוואַרצע און ברוינע. אין איינער פון אָט די דירות, האָט געוואוינט נחום דער גאַרבער מיט זיין ווייב ליבקע און פינף קינדער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער שפּעטערדיקער באַרימטער אידישער שרייבער — איציק קיפּניס. ווי קליינע וועוריקלעך פלעגן מיר איבער דער שיניצע אַרומטאַנצן, אויסטראַכטן אַלערליי

שפּילעכצן, זיך פּאַרקוקן אויף די יונגע געגנדזעלעך און קאַטשקעלעך, וועלכע פלעגן זיך פּאַשען דאָרט, און מיר פלעגן זיך אויך צוהערן צום געזאַנג פון די פויערים מיט די פויערטעס, וואָס פלעגן אויף יענער זייט שיניצע נישט ווייט זיך פּאָרען דאָרט אויף די פעלדער — און די פייגעלעך אויף די שיטערע נידעריקעביימלעך פלעגן זיי אַרויסהעלפן.

אַמאָל, אין די וואָכעדיקע טעג, ווען מ׳פלעגט נישט גיין אין חדר, ווי פרייטיק בייטאָג, ל״ג־בעומר, צי אין אַן אַנדערן וואָכעדיקן טאָג, פלעגט דאָס געזאַנג פון די פייגעלעך אויף דיביימער אין דער שיניצע זיך אויסמישן מיט איציק׳ס שפּילן אויפן פידל, וואָס פלעגט זיך הערן פון נחום דעם גאַרבערס דירה דורך די אָפענע פענצטער אַרויס איבער דער גאַנצער שיניצע. גרישאַ, כייקל און איך, פלעגן דעמאָלט אַלצדינג איבערלאָזן און זיך צוהערן — און זיך באַלעקן, ווי מיט גוטן סאָק, פריש פון די ביימער.

מיט איציק׳ס שפּילן אויפן פידל, איז דער אַרומנעמענדיקער כישוף, וואָס האָט געשוועבט איבער דער שיניצע, נאָך גרעסער געוואָרן. אונזערע אויגן זיינען אָנגעשטעלט געווען אין דער ריכטונג פון נחום דעם גאַרבערס דירה און מיר האָבן פון ווייטן, אַראָפּ־אונטן אויך געקענט זען גאַנץ סלאָבאָדקע, די פראַוואָסלאַוונעם קלויסטער, ווע{מעס|מעס} שפּיץ האָט שיעור נישט דערלאַנגט דעם הימל, אויפן מיטן מאַרק: דעם גלח׳ס שטוב מיטן געדיכטן סאָד; דעם פּריצ׳ס הויף מיטן שיינעם שלאָס אינדערמיט, און מאָטל ראַטנערס און וועלוול בנימין־לייבס צוויי הויכע מויערן — די איינציקע צוויי־עטאַזשנע דירות אין שטעטל.

ווי שוין געזאָגט, האָב איך גרישאַ׳ן און כייקל׳ען שטאַרק ליב געהאַט. קיין אַנדערע חברים אַחוץ זיי, האָב איך אין סלאָבאָדקע נישט געהאַט און איך האָב פאַר זיי נישט געזוכט. מיר איז מיט זיי אויסערגעוויינלעך גוט געווען, כאָטש איך האָב זיך געפונען צווישן אַ כסדר׳דיקן פייער. דהיינו: גרישאַ׳ס מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז אויב איך וועל זיך חבר׳ן מיט כייקל׳ען, וועט זי נישט לאָזן גרישאַ׳ן זיך חבר׳ן מיט מיר. וואָס זי האָט געזאָגט צו גרישאַ׳ן למאַי ער חבר׳ט זיך מיט כייקל׳ען, איז מיר נישט באַקאַנט. איך בין נישט געשטאַנען דערביי, ווייס איך נישט. אָבער גרישאַ׳ס מאַמע האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אירע רייד זיינען אַרויסגעוואָרפן. אַלץ וואָס זי האָט אויסגעפירט איז געווען דאָס, וואָס כייקל האָט נישט געקענט אַריינקומען צו גרישאַ׳ן אין שטוב...

צו שטאַרק בדלות דערפון, זיינען מיר נישט געווען. ביי כייקל׳ען אין שטוב האָבן מיר זיך געפילט אַ סך מער היימישער און מיר האָבן אויך געקענט טאָן וואָס מיר האָבן געוואָלט. באַזונדערס ווינטער־צייט, ווען עס פלעגט אויסקומען צו שפילן זיך מער אינווייניק, צו זיין מער אין שטוב, ווי אין דרויסן. ביי כייקל׳ען אין שטוב האָבן מיר געקענט אַריין און אַרויס, אַרויס און אַריין — קיינער האָט אונז נישט געזאָגט קיין דעות.

כייקל׳ס טאַטע־מאַמע, אברהם־לייב און חוה, האָבן שטאַרק ליב געהאַט זייער בן־יחיד׳ל, וועלכער האָט ביי זיי אויסגעפירט, וואָס ער האָט געוואָלט. די מאַמע זיינע פלעגט אונז אַנשטאָפּן מיט געשמאַקע קיכעלעך צום עסן, מיט געפּראַזשעטע סיעמעטשקעס, טערקישע ניסלעך, וואַרעניע מיט חלה אָדער מיט ראַזעוון ברויט, זיסע טיי, און נאָך אַנדערע נאַשערייען. און כייקל׳ס שוועסטער, חנה, אַן עלטערע פון אים (מער ווי צוויי קינדער האָט אברהם־לייב דער קירזשנער נישט געהאַט), וואָס האָט פונקט אַזוי ליב געהאַט איר ברודער, פלעגט אונז לייענען מעשיות פון אידישע ביכלעך...

זי איז געווען זייער אַ שיינע, אַ שוואַרץ־חנ׳עוודיקע, מיט סאַמעטענע ברעמען, שוואַרצע זיידענע האָר, פאַרפלאָכטן אין צוויי דיקע צעפּ, ברוינע אויגן, אַ פיינעם מויל, מיט שטאַרק רויטע ליפּן, ווי צוויי רויטע קאַרשן און האָט געהאַט אַ זוניקן שמייכל אויפן פּנים. כייקל האָט אינגאַנצן אויסגעזען ווי זיין שוועסטער — ווי צוויי טראָפּנס וואַסער! דערצו איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן שענער פון אַלע אינגלעך אין סלאָוועשנע. אָבער דאָס אַליין מיינט נאָך גאָרנישט. מ׳קען גיין זייער שיין אָדער רייך אָנגעטאָן און עס זאָל אַלץ שטינקען... פון כייקל׳ען אָבער האָט ממש געזויבערט, אַזוי ריין איז ער געווען — אַ סך ריינער אַפילו פון גרישאַ׳ן, וואָס איז אויך געגאַנגען שיין און ריין אָנגעטאָן און עס האָט זיך ביי זיי געפירט אַן אמת׳ע פּריצישע הויז, מיט צוויי דינסטן און גאַנצע געשיכטעס, ווי אין קיין אַנדער הויז נישט אין סלאָוועשנע.

איך האָב אויף כייקל׳ען קיינמאָל קיין פלעקעלע נישט געזען: נישט אויף זיין גאַרניטור, נישט אויף זיינע שיך, אָדער שטיוול, נישט אויף זיין היטל, אויף דער בליוסקע אונטערן רעקל, אויף קיין שום קלייד נישט — סיי זומער און סיי ווינטער, עס האָט אַלעמאָל געשמעקט פון אים. פון זיינע געדיכטע שוואַרצע ברעמען, ווי סאַמעט, האָט שטענדיק אַראָפּגעווייעט אַ ריינקייט און אַ פרישקייט, וואָס איז זיך צעגאַנגען איבער זיין גאַנצן שוואַרץ־חנ׳עוודיקן

יונגן פנים, וואָס איז געווען אויסגעלייגט מיט אַ זוניקן שמייכל, פונקט ווי ביי זיין שוועסטער. איך, מיט מיין אָרעמען אַנטועכץ, וואָס אַן אמת, אַלעמאָל רייַן, ציכטיק, האָב, לגבי כייקל׳ען און גרישאַ׳ן, אויסגעזען, ווי — יאָ, ווי אַן אמת׳ער אָרעמאַן...

און דאָך בין איך זיך מודה, אַז עס האָט מיך אַלע מאָל געצויגן מערער צו גרישאַ׳ן אין שטוב, ווי צו כייקל׳ען. פאַרוואָס — ווייס איך נישט. אפשר דערפאַר, ווייל ס׳האָט געשמעקט דאָרט מיט אַזויפיל — אַנדערשקייט ? עס איז נישט געווען בלויז דאָס אַליין, וואָס מ׳האָט דאָרט די קינדער גערופן מיט אַזעלכע נעמען, ווי: גרישאַ, נאָטאַן, וואָלאָדיאַ, מאַרוסיאַ און סאָניאַ; און די מאַמע פון די קינדער האָט געהייסן ווערא, ווען מען אַלע אין סלאָוועשנע האָבן גערופן „מאַדאַם פּאַטשקאָווסקי״; און דער טאַטע פון די קינדער האָט געהייסן סערגעי, וועמען אַלע אין סלאָוועשנע האָבן גערופן „גאָספּאָדין פּאַטשקאָווסקי״; און צווישן זיך האָט מען כסדר גערעדט מער רוסיש ווי אידיש. נאָר די גאַנצע פירעכץ אין שטוב איז געווען אַזוי אַנדערש, אַזוי פריש און ניי פאַרן אויג, און, אינטריגירנדיק... יאָ, דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט. אינטריגירנדיק ! די אַנדערשקייט האָט געמאַניעט, נייַן, אַ סך מער ווי דאָס, גערייצט, און — גע׳כישוף׳ט... עס איז געווען די ערשטע הויז אין סלאָוועשנע, וואָס האָט זיך געפירט אויפן שטייגער, ווי ביים פריץ אין הויף !

און עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז סיי דער גאָספּאָדין פּאַטשקאָווסקי און סיי די מאַדאַם פּאַטשקאָווסקי, האָבן טאַקע ביידע אויך אויסגעזען, ווי אַן אמת׳ער פריץ מיט אַ פריצטע — מיט זייער קליידונג, מיט זייער גאַנג, מיט זייער האַלטונג און באַנעמונג...

אין גאַנץ סלאָוועשנע, איז נישט געווען קיין נאָך אַ צווייטע פרוי, וואָס זאָל זיך געווען קענען צוגלייכן צו גרישאַ׳ס מאַמע ! דער נאָמען מאַדאַם האָט איר שטאַרק געפּאַסט. זי איז געווען אַ הויכע, אַ שטאַלטנע, מיט אַ געקליאַרעוועטן פנים, בלויע אויגן, ברוינע האָר, וואָס זי איז געגאַנגען גלאַט פאַרקעמט מיט אַ דיקן קובליק פון אונטן, מיט אַ שיינעם קיילעכיקן בוזעם, און פלעגט שטענדיק טראָגן אַ גרויסע הוט און אַ זאָנטיק. יעדן פאַרנאַכט, סיי זומער, סיי ווינטער, פלעגט מען זי זען אַן אויסגעפּוצטע גיין שפּאַצירן צום בריק ביים טייך, וואו ס׳איז געשטאַנען די גרויסע וואַסער־מיל, אָדער אויפן פּאַס נישט ווייט ביים אַזיערע, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן פריצ׳ס הויף, און אַמאָל האָט מען געזען גיין שפּאַצירן זי אויפן גרויסן שליאַך, וואָס

האָט געפירט צום הויפּט־טראַקט, מיט וועלכן מ׳איז געפאָרן קיין אָוורוטש, קיין קאָראָסטין, קיין זשיטאָמיר, קיין באַרדיטשעוו, קיין קיעוו, קיין אָדעס, קיין כאַרקאָוו, קיין מאָסקווע, קיין פּעטערבורג, און נאָך אַנדערע גרויסע שטעט פון אוקראַינע און דער ריזיקער רוסלאַנד.

אַז דער גלח, אָדער דער דאָקטער, צי דער שרייבער פון וואָלאָסט, אָדער דער אַפּטייקער, צי דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָטשט, אָדער דער סטאַרשינאַ, צי דער זאַוויעדישטשי פון דער שקאָלע, אָדער דער פּריסטאַוו, דער אוראַדניק, אָדער דער פּריץ אַליין, צי ווער ס׳נישט איז עס פלעגט פאַרבייגיין אָדער דורכפאָרן און דערזען זי, פלעגט מען אַרונטערנעמען דאָס היטל פאַר איר.

און פונקט אַזוי, איז אין גאַנץ סלאָוועשנע נישט געווען קיין נאָך אַ צווייטער מאַן, וואָס זאָל זיך געווען קענען צוגלייכן צו גרישאַ׳ס טאַטן. דער נאָמען גאָספּאָדין איז געווען אָנגעמאָסטן פאַר אים. ער איז אויך געווען אַ הויכער, אַ שטאַלטנער, מיט אַ רויט־בלאָנדלעכן אויסזען, די הויט אויפן פּנים איז תמיד געווען ביי אים, ווי צוגעברענט פון דער זון, מיט לאַנגע אויסגעפּוצטע פאַרדרייטע רויט־בלאָנדלעכע וואָנצעס, ווי ביים פּריץ פון הויף און אויך ביים זאַוויעדישטשי פון דער שקאָלע, מיט גרינע אויגן, דיקע ברעמען, פונעם זעלביקן קאָליר וואָס די וואָנצעס. ער האָט געהאַט אַ שטרענגן קוק און דער טאָן פון זיין קול האָט געקלונגען באַפעלעריש, ווי דער קול ביים פּריסטאַוו, אָבער ער איז גראָד געווען אַ גוטער, ער האָט שטאַרק ליב געהאַט די קינדער, באַזונדערס די אינגלעך, און ער פלעגט שטענדיק טראָגן אויסגעפּוצטע שטיוול מיט לאַנגע ווייכע כאָליעוועס, וועלכע פלעגן זיך חנ׳עוודיק קנייטשן אויף די פיס ביי אים — פון גרויס וואוילטאָג אַפּנים...

יעדן ערב־שבת פאַרנאַכט, מנחה־צייט, סיי זומער, סיי ווינטער, ווען סלאָוועשנער אידן פלעגן גיין אין שול אַריין דאַוונען מנחה, פלעגט זיך פון דער ווייטן, פונעם בעגונער שליאַך, וואָס האָט געפירט פונעם געדיכטן סאָסנע וואַלד אַרויס אין סלאָוועשנע, הערן פאָרן אַ געשפּאַן (אַ קאַרעטע, אויב ס׳איז געווען זומער: ווינטער איז עס געווען אַ פיין־געמאַכטער שליטן), מיט צוויי ספּריטנע פערד, מיט קליינע ניקלענע גלעקלעך אַרום די העלדזער, וועלכע האָבן געקלונגען איינטאָניק, מיט אַ געדעמפּטער מאָנאָטאָניקייט, ווי דער קלאַנג פון די גרילן זומער פאַרנאַכט אין די קליינע

שטעטלעך און דערפער פון אוקראַינע, וואו קיין עלעקטרישע לאָמפּן אויף די גאַסן האָבן נישט געברענט, ווי אין די גרויסע שטעט. אין פראַנט פון דער קאַרעטע אָדער שליטן, אויף אַ שמאָלער בריטשקע, איז געזעסן דער קוטשער, וואָס פלעגט אַנטרייבן די פערד, און אונטן, אויף דער ברייטער בריטשקע, פלעגט זיצן דער גאַספּאַדין פּאַטשקאָווסקי, דער קאַסירער פון ברעגמאַנ׳ס קאַנטאָר, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען איבער גאַנץ אוקראַינע, און אפשר אויך איבער גאַנץ רוסלאַנד (ווינטער אין אַ וואַרמער שובע, מיט אַ פּוטערנער קוטשמע, און זומער אין אַ פיינעם באַלכאָן, אָדער פּאַרך־מאַנטל), און ער האָט אויסגעזען מעשה־פּריץ! דאָך פלעגט ער יעדן שבת פאַרנאַכט קומען צופאָרן, זיין אינדערהיים ביז מאָנטיק בייטאָג, אַמאָל ביז שפּעט פאַרנאַכט, און דערנאָך צוריקפאָרן אין וואַלד — אין קאַנטאָר אַריין.

די זונטיקס זיינען ביי די פּאַטשקאָווסקי׳ס אַלעמאָל געווען פריילעכע. עס פלעגן קומען צופאָרן אויך אַנדערע אָנגעשטעלטע פון ברעגמאַנ׳ס קאַנטאָר, וועלכע פלעגן פאַרפאָרן צו כיטריק׳ן אויף דער סטאַנציע, אָבער געגעסן, איבערהויפּט מיטאָגס און וועטשערעס, האָבן זיי ביי די פּאַטש־קאָווסקי׳ס. עס פלעגט דאָרט זיין יעדן זונטיק, ווי אויף אַ חתונה! די דירה איז געווען אַ גראַמאַדנע, מיט אַ סך צימערן, וואו מ׳האָט געקענט אויפנעמען אַ סך געסט אָן שום שוועריקייטן.

צו די אָנגעפאַרענע געסט פון קאַנטאָר, פלעגן די פּאַטשקאָווסקי׳ס אויך פאַרבעטן היימישע געסט, ווי: דעם פּריסטאַוו, אַמאָל דעם פּריץ פון הויף, אָדער דעם נאַטשאַלניק פון דער פּאָטשט, דעם שרייבער פון וואָלאָסט, דעם זאַוועדישטשי פון דער שקאָלע, דעם אַפּטייקער, דעם דאָקטאָר, און אויך דעם סלאָוועשנער גביר׳ס זונדל, דניאל, וואָס האָט קלעמפערשט געהייסן אַז ער אוכאַזשעוועט סאָניען, די יונגע גאַספּאָדיניע, אָבער אין דער אמת׳ן האָט ער אוכאַזשעוועט גאָר דער מאַמען... אויב ס׳איז נישט געווען אַזוי, בין איך נישט שולדיק. אַזוי האָט מען גערעדט אין סלאָוועשנע, איך גיב דאָ איבער בלויז דאָס וואָס איך האָב געהערט. איך בין געווען אַ גאָר אָפטער אַריינגייער ביי די פּאַטשקאָווסקי׳ס אין שטוב, און איך האָב קיין זאַך נישט געזען. נאָר אפשר האָב איך דעמאָלט נאָך קיין שכל נישט געהאַט פאַר די זאַכן? אפשר...

אַגב, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז סאָניאַ איז געווען זייער אַ געשמאַקע מיידל, אין וועלכער מ׳האָט זיך געקענט פאַרליבן. זי האָט נישט אויסגעזען

אַזוי פּריציש ווי די מאַמע אירע, אָבער דערפאַר האָט זי געהאַט אַ געשמאַקן פּנים, ווי אַ שטיק ראַזעווע ברויט מיט פּוטער. זי האָט אויסגעזען אַ ביסל שיקסעוואַטע, מיט טונקל־בלאָנדע האָר, ראָזעווע, זאַפטיקע ליפּן, אַ פולן בוזעם, רונדע היפטן און נישט קיין צו דינע טאַליע. עס האָבן זיך געשאַרט צו איר אַ סך סלאַוועשנער בחורים, אָבער זי האָט זיי אַלעמען אַוועקגעטריבן. ביז ס׳איז צו איינעם פון די אָנגעשטעלטע פון ברעגמאַנ׳ס קאַנטאָר געקומען צופאָרן אַ קרוב אויף באַזוך, אַ סטודענט פון קיעוו — און ס׳איז געוואָרן אַ שידוך צווישן אים מיט סאָניען. וועגן דער חתונה, וועל איך דאָ נישט דערציילן. דאָס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ. אַלץ וואָס איך קען דאָ זאָגן, אַז סלאַוועשנע האָט נאָך אַזאַ רייכע חתונה, מיט אַזוי פיל רייכע געסט פון גרויסע שטעט, קיינמאָל פריער נישט געזען!

אָבער אויב סאָניאַ איז געווען אַ שיינע, איז גרישאַ געווען נאָך שענער! ער האָט אין זיך געהאַט דעם פּריצישן חן פון זיין מאַמע און די ראָזעווע געשמאַקייט פון זיין שוועסטער, סאָניען. דערצו איז ער געווען אַ דראַטי־קער, אַ זשוואַווער און פלעגט קענען מאַכן פאַרשידענע אַקראָבאַטישע קונצן מיט זיין קערפּער. ער האָט געקענט ממש דורכקריכן דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל. און מערקווירדיק: קוקנדיק אויף אים, האָט קיינער נישט געקענט זאָגן, אַז ער איז אַ „שקאָץ״! און ער איז עס טאַקע נישט געווען אויך. ער איז געווען אַ שטיפער, פול מיט שפּיל, אָבער בשום אופן נישט קיין „שקאָץ״! עס האָט זיך געפילט אַ טעם און אַ מאָס, אַ געוויסער ריטם און חן אין זיין שטיפעריי. ער איז געווען דער אַרכיטעקט פון די שפּילערייען צווישן אונז דרייען. ביים שפּילן זיך, פלעגן גרישאַ׳ס בלויע אויגן אויסקוקן, ווי צוויי בלויע הימלען אין אַ שטאַרק לויטערן טאָג. ער האָט געהאַט אַ שיינעם קאָפּ האָר, געקנייטשטע ברוינע, ווי זיין מאַמע, וועלכע האָבן געגלאַנצט ווי אַ שפּיגל. די סלאַוועניש מיידלעך האָבן גרישאַ׳ן שטאַרק ליב געהאַט. עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע קאָנקורענץ צווישן זיי... אויך איך האָב שטאַרק ליב געהאַט גרישאַ׳ן. אַז מיר פלעגןביידע גיין אין גאַס, פלעגן מיר זיך האַלטן פאַר די הענט, ווי מיר וואָלטן געווען צוויי ברידערלעך. אַ סך האָבן טאַקע געזאָגט, אַז מיר זעען אויס ווי צוויי ברידערלעך, ווייל מיר זיינען געווען פונעם זעלביקן הויך און שטאַרק ענלעך איינער אויפן צווייטן, מיטן אויסזען, מיטן כאַראַקטער, מיטן קאָליר פונעם פּנים, פון די אויגן, פון די האָר, ווי׳ איין מאַמע וואָלט אונזביידן געבאָרן...

מאַמע! ביז צום היינטיקן טאָג, קען איך זיך נישט דערביוועזן: מיט וואָס אַזוינס האָב איך נושא־חן געווען ביי גרישאַ׳ס מאַמע? וואָרום, בעת כייקל, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן אויף דער שוועל פון גרישאַ׳ס שטוב, ווייל, ווי דאָס איז אויך שוין אָנגעמערקט געוואָרן, כייקל׳ס טאַטע איז געווען אַ פּשוט׳ער קירזשנער, הגם, אַ רייכער קירזשנער, האָט גרישאַ׳ס מאַמע אַרויסגעוויזן מיר אַזויפיל ליבשאַפט, גלייך ווי איך וואָלט טאַקע געווען אירס אַ קינד... איך, ווידער, האָב זיך, וואָס אַן אמת, מיט כייקל׳ס מאַמע געפילט אַ סך היימישער, ווי מיט גרישאַ׳ס מאַמע, אָבער, ווי ס׳איז שוין דאָ פריער געזאָגט געוואָרן, עס האָט אַלעמאָל געצויגן מיך מערער צו גיין צו גרישאַ׳ן אין שטוב, איידער צו כייקל׳ען אין שטוב...

ווען גרישאַ׳ס מאַמע האָט מיך געסטראַשעט, אַז אויב איך וועל זיך נישט אויפהערן צו חבר׳ן מיט כייקל׳ען, וועט זי פאַרווערן גרישאַ׳ן זיך צו חבר׳ן מיט מיר, האָב איך שטיל אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן. איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן איר עפּעס, ווייל איך האָב שטאַרק נישט געוואָלט פאַרלירן גרישאַ׳ן פאַר קיין חבר, איך האָב אויך אָבער נישט געקענט צוזאָגן איר, אַז איך וועל זיך אויפהערן חבר׳ן מיט כייקל׳ען. זי האָט דעמאָלט לאַנג געקוקט אויף מיר, באַטראַכט מיך פון אַלע זייטן און האָט, אפנים, פאַר־שטאַנען מיינע געפילן און מיין גרויסע פאַרלעגנהייט, ווייל מער ווי דעם איינעם מאָל האָט זי מיר גאָרנישט געזאָגט. און איך האָב דעמאָלט אין דער שטיל אָנגעהויבן ליב האָבן זי... יאָ, מיט כייקל׳ס מאַמע האָב איך זיך טאַקע געפילט היימיש, אָבער צו גרישאַ׳ס מאַמע האָב איך אַרויפגעקוקט, ווי מ׳קוקט אַרויף צו אַ גאָט! איך שעם זיך נישט מודה צו זיין, אַז איך האָב אין דער שטיל שטאַרק מקנא געווען גרישאַ׳ן אויף זיין מאַמע...

דאָ וועל איך זיך אָפּשטעלן. וואָרום איך האָב מורא צו גיין ווייטער, ווייל איך קען נאָך אַרויסזאָגן ווערטער וועגן גרישאַ׳ס מאַמע, וואָס וועט ביי מיין מאַמע, ווען זי וועט עס לייענען, אַרויסרופן פאַרדרוס. בעסער נישט...

איך וועל אָבער נאָך צוגעבן: איך האָב אַ סך פריינט, סיי אין דער אידישער וועלט און סיי אין דער נישט־אידישער וועלט פון אַמעריקע, פון ניו־יאָרק ביז האָליוואוד, פאַרשידענע פריינט, זינגער, מוזיקער, קאָמפּאָ־זיטאָרס, שרייבער, אַקטיאָרן, חזנים, דראַמאַטורגן, מאַלער, טענצער, רעזשיסאָרן, באַרימטע און ווייניקער באַרימטע, רייכע און אָרעמע, אָבער

פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איך בין אין אַמעריקע, האָב איך דערווייל נאָך נישט אָפּגעשפּאָרט אַזעלכע צוויי חברים, ווי — גרישאַ און כייקל!

לעבן זיי נאָך, ווער ווייסט? איך הער נישט מער פון זיי...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", נאָוו. 20, 1953, נ. י.

# „צען מיליאָן גייסטער"

„צען מיליאָן גייסטער" איז דער נאָמען פון אַ נייע פּיעסע, וואָס דער באַוואוסטער אידיש־אַמעריקאַנער דראַמאַטורג סידני קינגסלי האָט אָקאָרשט אָנגעשריבן און ווערט איצט געשפּילט אין דעם סעינט דזשעימס טעאַטער אויף בראָדוויי.

אין די לעצטע פאַר יאָר האָט דער זעלביקער אידישער יונגערמאַן געהאַט צוויי גרויסע „היטס" אויף בראָדוויי. זיין ערשטע דערפאָלגרייכע פּיעסע „מען אין ווהייט" האָט געוואונען דעם פּוליצער פּרייז: און די צווייטע דערפאָלגרייכע פּיעסע „דער ענד" ווערט שוין געשפּילט דעם צווייטן סעזאָן פאַר געפּאַקטע הייזער.

איך קען נישט זאָגן באַשטימט צי אויך זיין נייע פּיעסע וועט זיין אַזאַ גרויסער דערפאָלג, ווי די ערשטע צוויי. דאָס ווענדעט זיך אין דעם פּובליקום. וועט דער עולם קומען אין טאַטער אַריין זי זען, וועט די פּיעסע זיין אַ דערפאָלג. וועט דער עולם זיך פוילן צו קומען, וועט די פּיעסע זיין אַ דורכפאַל.

איך פערזענלעך האַלט שטאַרק סיי פון דעם אינהאַלט פון דער פּיעסע, סיי פון דער אויפפירונג גופא און אויך פון דעם אופן ווי זי ווערט געשפּילט. דאָס שפּילן פון די אַקטיאָרן איז צופרידנשטעלנד ביז גאָר. יעדער באַזונדער, און אַלע צוזאַמען, שפּילן אויסגעצייכענט. די אויפפירונג איז אַ פּראַכטפולע.

„צען מיליאָן גייסטער" איז אַ שטאַרק אַנטי־מלחמה־פּיעסע און וואָלט געדאַרפט באַזוכט ווערן פון טויזנטער און מיליאָנען מענטשן. עס ווערט אין איר באַהאַנדלט די ראָלע, וואָס די גרויסע וואָפן־פאַבריקאַנטן שפּילן אין צוגרייטן די לענדער צו מלחמה, אין אויפרייצן איין לאַנד קעגן דער

צווייטער און צווינגען זיי אָנצוהאַלטן זייערע מלחמות וואָס מערער און מערער.

דער אינהאַלט קען איבערגעגעבן ווערן דאָ אין קורצן:

נאָכדעם ווי די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָבן די דייטשן איינגענומען די פראַנצויזישע פראָווינץ בריאיי, וואו עס געפינען זיך גרויסע אייזן־מינעס. פון די מינעס האָבן די דייטשן אַרויסבאַקומען דעם גרעסטן טייל פון די אייזן צו פאַבריצירן זייער וואָפן אין משך פון די יאָרן וואָס די שוידערלעכע מלחמה האָט אָנגעהאַלטן. אַ שוידער גייט דורך דורך אייער לייב פון די בלוטיקע פאַקטן, וואָס ווערן פאַר אייך אין דער פּיעסע אויפגעדעקט פון דעם זייער טאַלאַנטפולן יונגן אידישן דראַמאַטורג. די רייד קריצן זיך איין אין דעם מאַרך פון די צושויער. איר ווערט אָנגעגאָסן פול מיט צאָרן קעגן די שענדלעכע מלחמה־צינדער און מענטשן־אומברענגער.

מיר ווען אָנגיין ווייטער מיט איבערגעבן דעם אינהאַלט פון דער פּיעסע.

קורץ, די פראַנצויזישע אָפיצערן האָבן געוואָלט אַרויסשיקן עראָפּלאַנען צו באָמבאַרדירן די מינעס, אָבער זיי האָבן געקראָגן אַ באַפעל פון דעם העכסטן גענעראַל־שטאַב נישט צו וואַגן דאָס טאָן.

פאַרוואָס?

אָט וועט איר באַלד געוואויר־ווערן פאַרוואָס. דער תירוץ פון דעם גענעראַל־שטאַב איז געווען, אַז אויב די פראַנצויזישע אַרמיי וועט באָמבאַרדירן די דייטשע־מינעס, וועט די דייטשע אַרמיי באָמבאַרדירן די פראַנצויזישע מינעס. און דאָס האָבן די וואָפן־פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן געאַרבעט איןביידע לענדער האַנט אין האַנט און זיינען געווען די הויפּט דעה־זאָגער פון די גענעראַל־שטאַבן, נישט געוואָלט דערלאָזן. ווייל ווען דאָס וואָלט פּאַסירט, ווען איינע אויף די אַנדערע וואָלטן אָנגעפאַלן און באָמבאַרדירט די מינעס, דאַן וואָלט זיך די מלחמה געמוזט אָפּשטעלען און דערויף האָבן די וואָפן־מאַגנאַטן, די מענטשן־אומברענגער, נישט געקענט איינגיין. מחמת דאָס וואָלט געווען דורכאויס קעגן זייערע אינטערעסן און פעטע מלחמה־פּראָפיטן!

די רעגירונגען און לענדער מעגן זיך טאַקע פירן מלחמות איינע מיט די אַנדערע, אָבער די וואָפן־פּראָדוצירער האָבן געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן און לעבן צווישן זיך בשלום. איז ווייבאַלד אַזוי, דאַרף מען זען אַז די מלחמה

זאָל זיך פֿאַרציען וואָס לענגער און אומברענגען וואָס מער יונגע לעבנס, אַבי צו מאַכן גרעסערע פּראָפֿיטן מיט נאָך מער מיליאָנען.

אָט דאָס איז, אין קורצן, דער גאַנצער אינהאַלט פֿון דער דראַמע. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס פֿעלט דאָרט נישט קיין ליבע, אָבער די ליבע פֿאַרנעמט נישט קיין צו גרויסן אָרט אין דער פּיעסע. דער עיקר זיינען פֿאַרטראָטן אין דער פּיעסע די דריי שותּפֿים, די דריי וואָפֿן־מאַגנאַטן, וועלכע קאָנטראָלירן די וואָפֿן־געשעפֿטן פֿון אייראָפּע — מיט דעם הויפּט „וואָפֿן־פֿאַרקויפֿער״, דער אינטערנאַציאָנאַל־באַוואוסטער זאַכאַראָוו, וואָס איז באַרימט איבער דער גאָרער וועלט.

איך בין זיך מודה, איך האָב שוין לאַנג נישט געזען אַזאַ קלאָרע, אַזאַ שטאַרקע אַנטי־מלחמה־פּיעסע, ווי „צען מיליאָן גייסטער״, וואָס איז אַ ווידמונג צו די צען מיליאָן נשמות, צו די צען מיליאָן לעבנס וואָס זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן אויף די שלאַכט־פֿעלדער פֿון אייראָפּע אין צייט פֿון דער וועלט־מלחמה.

די פּיעסע וואָלט געדאַרפֿט זיין דער גרעסטער דערפֿאָלג. איך בין אָבער אין ספֿק. איך בין אין ספֿק דערפֿאַר, ווייל די ענגלישע טעאַטער־קריטיקער זיינען אַרויסגעקומען מיט קיין נישט גינסטיקע קריטיקן וועגן איר. זייער הויפּט טענה איז, אַז דאָס איז פּראָפּאַגאַנדע. איך האַלט אָבער אַז זיי זיינען נישט גערעכט. איך האַלט אַז טויזנטער מענטשן וואָלטן די דאָזיקע פּיעסע געדאַרפֿט גיין זען און זיך באַקענען מיט דעם אינהאַלט פֿון איר און מיט די רייד פֿון די כאַראַקטערן, וואָס ווערט אויסגעצייכנט איבערגעגעבן פֿון די אַקטיאָרן.

דער טאַלאַנטפֿולער אידישער יונגערמאַן, דער מחבר פֿון דער פּיעסע, פֿאַרדינט געלויבט צו ווערן. מיין יישר־כּוח אים!

„אידישע וועלט״, נאָוו. 6, 1936, פּילאַדעלפֿיע

# אַהרן צייטלין

אַהרן צייטלין איז געווען אַ טיף־דענקענדיקער דיכטער און אַ חריפות׳־דיקער עסייאיסט און פּעליעטאָניסט. זיינע לידער זיינען געווען אָנגעקוואָלן מיט טיפע זינגעווודיקע געדאַנקען, און זיינע עסייען און פּעליעטאָנען זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט חריפות׳דיקע זאָגעכצן.

צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט, סיי אין פּאָעזיע, אידיש אָדער העברעאיש, סיי אין פּראָזע, האָט אונטער זיין גראַטענער שרייבערישער פען געקוועלט אי מיט טיפער חכמה, אי מיט אַ דינעם פאַראיידלטן הומאָר. זיינע עסייען, דער עיקר זיינע פּעליעטאָנען, האָבן ממש געזונגען, זיי האָבן זיך געבעטן צו לייענען. ער האָט פאַרמאָגט וויסן, לומדות, אידישע און וועלטלעכע, אַ גוט־באַהאַוונטער אין דער וועלט־ליטעראַטור, מיט אַ זעלטענער ערודיציע, און איז געווען אַ קענער פון שפּראַכן. ער האָט געקענט דעם שווערסטן ענין גוט צעקייען און מאַכן צו לייענען אי מיט אַ טיפן חשק, אי מיט אַן אָנגענעמטקייט פאַר׳ן גומען.

צייטלינ׳ס לידער האָבן געפינקלט מיט וואַכזאַמקייט, מיט אַ שאַרף אויער פאַר אַלצדינג, פאַר אַלע ניואַנסן פון לעבן. ער האָט נישט סתם געזונגען לידער ווי דער „פויגל פריי״, נאָר האָט אַלעמאָל געזוכט און געוואָלט עפּעס מתקן זיין. נישט סתם געזאַנג, נאָר זינגעוודיקע זאָג־געדאַנקען האָבן גערעדט צום לייענער. דאָס איז געווען זיין דרך אין דער אידישער און אויך העברעאישער פּאָעזיע, איר האָט געפילט זיין פאַר־טראַכטקייט, זיין פאַרטיף, זיין מיין און כוונה.

אַהרן צייטלין איז געקומען אין דער אידישער ליטעראַטור מיט אַ גרויסן יחוס פון זיין באַרימטן טאַטן, דעם קדוש הלל צייטלין, וועלכער איז געווען אַ טיף־דענקענדיקער שרייבער, כאָטש נישט אַלע האָבן מסכים געווען מיט זיינע געדאַנקען און אַרויסזאָגונגען, מיט זיין רעליגיעזן באַנעם און פרומער פילאָזאָפיע. דער נאָמען הלל צייטלין, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן ר׳ הלל צייטלין, איז געווען אַ שם־דבר איבער גאַנץ פּוילן. זיינע געדאַנקען־רייכע מאמרים אין דער וואַרשעווער פּרעסע זיינען געווען פון די סאַמע געלייענטסטע.

מיין זכרון פירט מיך צום יאָר 1928, אין דער זומער קאַלאָניע שווידער,

וואָס איז געלעגן אַ שפּאַן פון באַרימטן זומער־רעזאָרט אָטוואָצק. מיין חשוב׳ער לאַנדסמאַן, דער באַוואוסטער פאָלקס־זינגער, זאַמלער פון פאָלקס־לידער, מוזיק־קריטיקער און פעליעטאָניסט, מנחם קיפּניס, פון אושאָמיר (פון מיין טאָטנס צד), האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ צימער ביי אלתר קאַציזנע אויף דער ווילע, אין שווידער.

זיצנדיק איינמאָל מיט די קאַציזנע׳ס, אלתר און זיין פרוי חנה און זייער טעכטערל שולמית, ביי דער „פליאַזשע״, איז אָנגעקומען הלל צייטלין מיט זיינע צוויי זין, אהרן און אלחנן, און זייערע משפחות. מיט זיי איז אויך געקומען י. י. זינגער מיט זיין פרוי. מ׳האָט זיך באַקענט און מ׳איז דערנאָך געזעסן צוזאַמען און געשמועסט ביז שפּעט נאָכמיטאָג.

איך האָב די גאַנצע צייט מיינע אויגן נישט געקענט אַראָפּנעמען פון הלל צייטלין׳ען, מיט די לאַנגע האָר און רויטער פלאַמיקער באָרד. ער האָט מיר אויסגעזען ווי אַ מענטש פון אַן אַנדער פּלאַנעט... אַ מאָדנעם איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט אויך זיינע צוויי זין, דער עיקר אהרן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַן אַסקעט. דעם זעלביקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט אויך י. י. זינגער, מיט זיין אַסקעטישן פּנים און הוילן קאָפּ. איך האָב צווישן די אידישע שרייבער אין אַמעריקע נישט געזען אַזעלכע פּנים׳ער...

ווען אהרן צייטלין איז פון קובאַ געקומען צופאָרן קיין אַמעריקע איז ער שוין דאָ געבליבן, מחמת די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן און ער האָט שוין קריק קיין וואַרשע נישט געקענט פאָרן. דורך דער רעדאַקציע פון „טאָג״ האָט ער מיך אויפגעזוכט און מיר זיינען דאָ ערשט רעכט געוואָרן נאָענט. אין ניו יאָרק פלעגן מיר זיך אָפט טרעפן, ספּעציעל אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן, ביי אפרים אויערבאַכ׳ן אין שטוב, וואוהין עס פלעגן קומען ה. לייוויק, דער לעבעדיקער, מנחם, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, גלאַנץ־לעיעלעס, יוסף אָפּאַטאָשו, ב. ריווקין.

צייטלינ׳ס נאָענטסטער חבר דאָ איז געווען יצחק באַשעוויס, וואָס האָט זיך נאָכן טויט פון זיין ברודער י. י. זינגער, אָנגעהויבן צו רופן: באַשעוויס־זינגער. ער איז נישט געווען צופיל צופרידן פון באַשעוויס׳עס איבער־געטריבענע „זנות־געשיכטעס״; דאָס האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט, זיצנדיק מיט אים אויף דער „פּאַטיאָ״ פון „אַמסטערדאַם פּאַלאַס״ האָטעל, אויף אָשען דרייוו, אין מיאַמי ביטש, וואָס האָט זיך געפונען אַ שפּאַן פונעם „רעוויר״ האָטעל, וואו חנה׳לע און איך זיינען לאַנגע יאָרן איינגעשטאַנען. די

באַלעבאַטים פונעם „רעוויר" האָטעל, נינאַ און סאל ראָזענבערג, האָבן שוין געוואוסט, אַז ווען צייטלין פרעגט זיך נאָך אויף מיר, דאַרף מען אים אַרויפלאָזן אין צימער אַריין.

„אַ אידישער שרייבער", האָט צייטלין מיר איינמאָל געזאָגט, „טאָר אַזוי נישט שרייבן ווי באַשעוויס שרייבט: ער פאַרשעמט אין דער גוי'אישער וועלט די פוילישע אידן. אַ סך פון די מעשיות זיינען אויסגעזויגן פונעם אַרבעל".

און דאָ קום איך צום פסוק מיט אהרן צייטלין און מיאַמי ביטש, ווי איינער פון מיין סעריע „מיט אידישע שרייבער אין מיאַמי ביטש". צייטלין פלעגט זייער אָפט זיצן אויף דער „פאַטיאָ" און לייענען אַ בוך, אָדער אַ ספר. ער האָט אַלעמאָל געלייענט און געלערנט. ער פלעגט האָבן אַ סך באַזוכער, געסט, מיינסטנס העברייער, סיי פון מיאַמי גופא, און סיי טוריסטן פון אַנדערע שטעט. ווי אַזוי מ'האָט אים געפונען ווייס איך נישט, אָבער מ'האָט אים געפונען. די העברייער פון מיאַמי זיינען מערסטנס באַשטאַנען פון העברעאישע לערער, צווישן זיי מיין לאַנדסמאַן פרידמאַן מיט זיין פרוי כייטשיק, די שוועסטער פון די דריי באַרימטע ברידער: פּראָפעסאָר יקותיאל גינצבורג, דער באַוואוסטער מאַטעמאַטיקער און רעדאַקטאָר פון וועלט־באַרימטן זשורנאַל „סקריפּטא מאַטעמאַטיקאַ", דער באַקאַנטער העברעאישער פּאָעט שמעון גינצבורג, און דער זשורנאַליסט און לאַנג־יאָריקער קאָרעספּאָנדענט אין ארץ־ישראל פון ניו יאָרקער „מאָרגן זשורנאַל", פסח גינצבורג.

צייטלין און איך פלעגן זייער אָפט שפּאַצירן ביים ברעג ים און שמועסן וועגן דעם און יענעם אידישן שרייבער, אָבער קיינמאָל נישט באַרעדט. ער איז געווען צו ערנסט פאַר די זאַכן: ער האָט פיינט געהאַט רכילות'ן. איינמאָל האָב איך אים געוויזן אַ העברעאישן בריוו וואָס איך האָב דערהאַלטן פון לענינגראַד פון אַ ברודער פון סאָל יוראָק, דעם באַרימטן אַמעריקאַנער אימפּרעסאַריאָ, וועלכער האָט זיך גערופן מיט זיין אמת'ן נאָמען: בוראָק. אינעם בריוו האָט ער מיר אַרויסגעשריבן זיין „יחוס", אַז ער האָט געלערנט ביי הלל צייטלין אין האָמעל, ווען די צייטלין־משפחה האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואוינט דאָרט. אהרן איז געווען זייער צופרידן פונעם דאָזיקן בריוו, וואָס איך האָב אים געוויזן און ער האָט זיך געקליבן צו שרייבן עפּעס וועגן דעם. מ'האָט געזען אַז דער בריוו איז

געשריבן געוואָרן פון אַ אידן אַ משכיל, אין אַ וואונדערלעכן אויסגעצייכנטן העברעאיש, פול מיט געשמאַקע זאַגעכצן, אין אַ פּערלדיקן לשון.

באַקענט מיט יוראַק׳ס ברודער האָט מיך מיין חשוב׳ער בן־עיר, איציק קיפּניס בעת מיין באַזוך אין קיעוו. קיפּניס און יוראַק׳ס ברודער האָבן זיך אָפט דורכגעשריבן און זיך אויסגעביטן מיט העברעאישע ביכער. ער פלעגט אויך קומען צו גאַסט אין קיעוו צו קיפּניס׳ן. אינעם דאָזיקן בריוו, וואָס איך האָב געוויזן צייטלינ׳ען, האָט בוראַק מיך געבעטן אַז איך זאָל אים שיקן י. ד. בערקאָוויטש׳עס העברעאישע איבערזעצונגען פון שלום־עליכמ׳ס ווערק, און אַז איך זאָל אויך זען אַז מ׳זאָל אים שיקן די „מאָרגן־פרייהייט״. ער האָט מיך געשריבן, אַז דאָס געלט וואָס איך וועל אויסגעבן זאָל איך געבן אַ רעכענונג זיין ברודער און ער וועט מיר פאַר אַלצדינג אומקערן. איך האָב עס נישט געטאָן, איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער איך בין יאָ געגאַנגען אין דער רעדאַקציע פון דער „מאָרגן־פרייהייט״ און געגעבן דעם נאָמען און אַדרעס פון מיין פריינט בוראַק אין לענינגראַד, און מ׳האָט אים אָנגעהויבן צו שיקן די „מאָרגן־פרייהייט״.

שפּעטער, האָב איך פון אים געקראָגן אַ בריוו, אַז ער האָט אויפגעהערט צו קריגן די „מאָרגן־פרייהייט״ און ער וויל וויסן די סיבה פאַרוואָס מ׳האָט אָפּגעשטעלט צו שיקן די צייטונג אים.

ער האָט נעבעך נישט געוואוסט, אַז מיטאַמאָל (נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה) איז די „מאָרגן־פרייהייט״ געוואָרן „טריף״. ער האָט עס נישט גע־קענט פאַרשטיין; וויפיל איך האָב אים נישט פּרובירט געבן אָנצוהערן: מחמת די „מאָרגן־פרייהייט״ איז דאָך פריינטלעך צום סאָוועטן־פאַרבאַנד! זינט דעמאָלט האָב איך פון יוראַק׳ס ברודער מער נישט געהערט...

מיר האָבן געהאַלטן אין רעדן פון בריוו, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון אַ אידישן זינגער אין דרום־אַפריקע, אַז „דער זינגער און מוזיק־קריטיקער מרדכי ירדני זאָל אים העלפן אָנקומען אין דער מעטראָפּאָליטן אָפּערע״ און ער, צייטלין, וועלכער האָט דעם דאָזיקן בריוו דערהאַלטן אויפן אַדרעס פון „מאָרגן־זשורנאַל״, האָט אים איבערגעשיקט צו מיר אַהיים אין לאָנג איילאַנד וואו איך האָב געוואוינט. וואו דער דאָזיקער זינגער האָט גענומען, אַז איך האָב אַזאַ כוח און איינפלוס אים זען אָנצוקומען אין מעטראָפּאָליטן אָפּערע, ווייס איך נישט, אָבער אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד איז עס געווען. „איר זעט, ירדני, ווי ווייט אייער נאָמען דערגייט!״, האָט מיר צייטלין צוגעשריבן

אַ פּאָר ווערטער צוגעלייגט צום בריוו. פאַר לייטן האָט צייטלין געהאַט אַ שמייכל, פונקט ווי זיין שרייבן האָט געהאַט אַ דינעם פּאַראיידלטן הומאָר, אָבער ער האָט זיך געפילט זייער טרויעריק זינט ער האָט זיך דערוואוסט אַז די נאַציס, ימח־שמם וזכרם, האָבן אומגעבראַכט זיין גאַרע משפחה. ער האָט אויף קיין איין מאָמענט נישט געקענט פאַרגעסן עס, ס׳איז אים כסדר געלעגן אויפן געדאַנק און אויפן האַרצן.

אויף אונזערע אָפטע שפּאַצירן ביים ים, האָבן מיר אַ סך גערעדט פון ליטעראַטור און פון געוויסע אידישע שרייבער, פון וועלכע ער האָט נישט איבעריק געהאַלטן. צייטלין איז געווען זייער איבערקלייבעריש און צופיל מבין אויף זייערע שרייבערישע „שטעך״. איך וויל דאָ נישט אָנרופן קיין נעמען, אָבער ער האָט אייניקע פון זיי גאָר שטאַרק קריטיקירט און אפילו אַרונטערגעריסן... ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין סאָפּיסטיקייטן, פון צוגעשפּיצטע חכמה׳דיקייטן, מיט וועלכע דער און יענער אידישער שרייבער און פּאָעט האָט זיך באַנוצט. „ער שרייבט נישט צוליב שרייבן״, האָט ער אָנגערופן אַ נאָמען פון אַ שרייבער, „נאָר ווי אַזוי צו דערלאַנגען איבערן קאָפּ דעם לייענער — און אויך די קאָלעגן־שרייבער — מיט זיינע סאָפּיסטיקייטן און חכמה׳וואַטעלעך״.

וועגן ליטעראַטור האָט ער זיך אויסגעדריקט: „אַוודאי גלויב איך אין דער שליחות פון ליטעראַטור, אָבער ליטעראַטור אָן אחריות, סתם שיינע ליטעראַטור, אָן פאַרהערלעכונג פון דעם מין מענטש, אָן רחמנות אויפן געוויין פון קליינע קינדער, אָן איינזעעניש פאַרן מיט־מענטש, אָן דער הייליקייט פאַר דעם מענטשלעכן באַשאַף — אַזאַ ליטעראַטור האָט נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג; אַזאַ ליטעראַטור איז דורך און דורך אַ פאַלשע און אַ פאַרפירערישע. וואָס האָבן די דייטשע גזלנים געלערנט פון זייער רייכער ליטעראַטור, פילאָזאָפיע און מוזיק? אויב אַ גערהאַרד הויפּטמאַן האָט געקאָנט שפּרינגען קדוש פאַר היטלער׳ס שחיטות, אַזאַ שרייבער דאַרף ווערן פאַרשאָלטן פון גאָט און פון לייט! און אויב אָן עזרא פאַונד, האָט געקאָנט זינגען לויב־געזאַנגען מוסאָליני׳ן — אַזאַ פּאָעט איז אין דער אמת׳ן קיין פּאָעט נישט; זיינע לידער זיינען נישט ווערט דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן זיי זיינען געשריבן געוואָרן!״.

רעדנדיק דאָ פון פּאָעזיע און לידער, וויל איך זיך מודה זיין אין אַ „חטא״, דהיינו: עס גייט דאָ אין מיין פּאָפּולערן ליד (דער טעקסט און די

מוזיק) „דער אַלטער קלעזמער״. דעם טעקסט האָב איך געשריבן לויט צייטלינ׳ס אַ טעמע (נישט די גאַנצע טעמע), אָבער אונטערן איינדרוק פון זיינס אַ ליד. ווען איך האָב אים געוויזן מיין טעקסט, האָט ער געשמייכלט: „כ׳וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, ירדני, אייער טעקסט געפעלט מיר אַ סך בעסער, ווייל ער איז מער צוגעגלעך ווי מיינער, מיט אַן אַנדער פּאַדקלאַדקע״.

ער האָט מיר געבעטן איך זאָל אים פאַרזינגען דעם ניגון און אויס־הערנדיק אים, האָט ער דערנאָך אויסגעדריקט גרויס צופרידנקייט: „די מעלאָדיע איז זייער צוגעפּאַסט פאַרן ,אַלטן קלעזמער׳; עס מאַכט דעם טעקסט נאָך שטאַרקער, פילנדיקער און רירנדיקער. אגב, וויל איך אייך זאָגן, אַז מיט לאַנגע יאָרן צוריק, נאָך אין וואַרשע, האָב איך געלייענט אייערס אַ ליד אַ ,האָרא׳, וואָס איז געווען געדרוקט אין ,אידישן קעמפער׳ און האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. עפּעס באַמבלט זיך מיר אין קאָפּ, אַז איך האָב דאָס זעלבע ליד געזען אָפּגעדרוקט אויך אין ,ניו־יאָרקער טאָג׳״.

אהרן צייטלין האָט זיך געפילט זייער גוט אין מיאַמי ביטש. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם קלימאַט און די גאָרע שיינקייט פון מיאַמי, איבערהויפּט איז ער געווען שטאַרק באַגייסטערט פונעם בלויען ים. „דאָס איז דאָך אַ נחת פאַרן אויג! אַזאַ זעלטענער פּאַס ים, ווי אַ בלויער געשליפענער שפּיגל, אויף וועלכן ס׳איז אַ מחיה צו קוקן! אַ שאָד, וואָס העכער אַרויף־צו, דעם אַזוי־גערופענעם אַפּ־טאַון, האָבן געלט־גיריקע מענטשן, אָן שום געפילן פאַר שיינקייט, פאַרבויט דעם ים און פאַרשטעלט אים מיט הויכע קלויסטער־האָטעלן, וואָס מאַכן קאַליע מיאַמי ביטש. אָט די דאָזיקע מענטשן וואָלט מען געדאַרפט פאַרשיקן אויף אַן אינזל ערגעץ, וואו עס זיינען נישטאָ קיין מענטשן...״

אהרן צייטלין איז געווען אַן עסטעט, אַ חסיד פון נאַטור־שיינקייטן, ביי וועמען אַ שיין ווינקל האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. ער פלעגט מיט באַגייסטערונג רעדן וועגן דער שיינקייט פון קובאַ, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט, איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע. ער האָט אויך גערעדט וואַרעם וועגן דעם קובאַנער פאַר זיין זשוואַוועקייט און מוזיקאַלישקייט, ביי וועמען זינגען און טאַנצן פאַרנעמט אַ גרויס אָרט. ער האָט אויך גערעדט מיט באַגייסטערונג פון די אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער

לענדער, וועלכע ער האָט באַזוכט. ער האָט זיך געקליבן שרייבן וועגן זיינע באַזוכן אין די דאָזיקע לענדער, אָבער דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, נאָך זיין אָנקומען קיין ניו יאָרק, האָט צעשטערט זיינע פּלענער. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ פּריטשמעליעטער: ווען די נייעסן פון די דייטשע שוידערלעכע רציחות זיינען דערגאַנגען קיין אַמעריקע, האָט ער זיך אינגאַנצן דערפילט אַ דערשלאָגענער...

„פריינט ירדני", האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט, „איך וועל עס נישט אַריבערטראָגן! דער מוח שפּאַלט זיך מיר פון די שוידערלעכע נייעסן! ווען איך האָב נישט קיין מורא פאַר גאָט, וואָלט איך זיך אַ מיתה אָנגעטאָן! דאָס לעבן איז פאַר מיר געוואָרן אַ גיהנום, איך ווער צעריסן פון צער און ווייטיק!".

איך האָב אים פּרובירט טרייסטן, אַז עס וועט נישט נעמען לאַנג און די מלחמה וועט זיך ענדיקן. „מיר מאַכן אַלע אַ גרויסע טעות: די מלחמה וועט זיך אַזוי גיך נישט ענדיקן. די וועלט־מלוכות האָבן אויסגעהאָדעוועט אַ מאָנסטער און ער וועט אונז אַלעמען חרוב מאַכן — און די מערסטע קרבנות וועלן זיין אידן!".

יאָ, ליידער האָט ער געטראָפן...

„מאָרגן פרייהייט", יולי 3, 1977, נ.י.

# אַן אַמעריקאַנער אידישע טראַגעדיע

[עכטן איז אין דער ענגלישער פּרעסע, און היינט איז אויך אין דער אידישער פּרעסע, פון ניו־יאָרק, געווען געדרוקט אַ „צאַצקעדיקע" שטיקל נייעס וועגן אַ פּאַרוויקלטן קאַמף וואָס גייט שוין אַן אַ לענגערע צייט קעגן אויסבויען אַ אידישע שול צום דאַווענען אין אַ געוויסן רעזידענץ געגנט, ערגעץ־וואו אין לאַנג איילאַנד. צו זיין עקזעקט דאַרף דאָ אויך אָנגעגעבן ווערן די געגנט, ווי עס איז דערמאָנט געוואָרן אין דער פּרעסע, וועלכער טראָגט דעם נאָמען: נעסאָו בולוואַרד. אָבער נישט די געגנט איז דאָ וויכטיק, נאָר די טרויעריקע מעשה וואָס קען זיך פּאַרלויפן הינטער דער סאַמע נאָז פון דער ליבעראַלסטער שטאָט אין אַמעריקע, ניו־יאָרק — אַ

שטאָט, וואָס חוץ אַלעמען פֿאַרמאָגט זיך צוויי און אַ האַלבן מיליאָן, אַנדערע זאָגן מער, אידישע איינוואוינער; אַ שטאָט אין וועלכער אידן האָבן אַריינ־געלייגט אַזאַ גרויסן חלק אין איר וואוקס און אויפבוי, אין איר גרויס און באַרימט ווערן; וואו עס איז נישטאָ קיין איין צווייג, קיין איין וויכטיקע אונטערנעמונג, אויפן פינאַנציעלן, קולטורעלן, געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן געביט, צו וועלכן אידן האָבן נישט צוגעטראָגן זייער גרויסן חלק און זייערע ריזיקע כוחות און מוחות...

עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז גראַד אונטער די לאָקאַלע געזעצן פֿון נעסאָו קאָונטי (נעסאָו ראַיאָן) איז דוקא יאָ דערלויבט צו האָבן אַ געבעט־הויז אין רעזידענט־געגנטן, אויב... די „זאָנינג־באָרד" (די גרענעץ־אָדער ליניע־קאָמיסיע) וואָס האָט צו זאָגן איבער דער געגנט גיט איר צושטימונג. נו, ווײַל אָבער די „זאָנינג־באָרד", אין דעם פֿאַל, נישט געבן איר הסכמה. פֿאַרוואָס? גאָר פּשוט: וואָלט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַ פּראָטעסטאַנטישן, אָדער קאַטאָלישן קלויסטער, מעגט איר זיין זיכער אַז די „טאַטעס", וועלכע פֿירן אָן מיט דער „זאָנינג־באָרד", וואָלטן מיט גרויס פֿאַרגעניגן געגעבן זייער צושטימונג — אַזוי זיכער זאָלן מיר אַלע זיין מיט געזונט און פּרנסה און מיט שלום אויף דער גאַנצער וועלט! האַנדלט זיך עס אָבער וועגן אַ אידישער געבעט־הויז מיטן נאָמען: „גאַרדן־סיטי דזשואיש סענטער" (גאָרטן־שטאָט אידישער צענטער), ווילן די „רעדל־פֿירערס" פֿון דער „זאָנינג־באָרד", וועלכע האָבן די דעה איבער דער געגנט וואָס נעמט אַריין נעסאָו בולוואַרד, נישט געבן זייער הסכמה — און טוט זיי עפּעס...

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַמעריקע איז נאָך אַלץ אַמעריקע, מיט אַ קאָנ־סטיטוציע, מיט געזעצן, מיט אַן עפֿענטלעכער מיינונג, און אַ סך זאַכן דאַרפֿן אויפֿגעקלערט ווערן, — און קענען אויסגעקעמפֿט ווערן — מיט דער הילף פֿון דער ליבעראַלער פּרעסע, פֿעאיקע ליבעראַלע אַדוואָקאַטן, ליבעראַלע ריכטער, נידעריקערע און העכערע געריכט־הייזער. דעריבער האַלטן די „רעדל־פֿירערס" פֿון דער דערמאָנטער „זאָנינג־באָרד" אין איין פֿאַרזיכערן דעם עולם און אויך דער פּרעסע, גיבן אַרויס איין דעקלאַראַציע נאָך דער צווייטער, אַז ס'איז נישטאָ אינעם פֿאַרוויקלטן קאַמף, חלילה, קיין שמץ פֿון דיסקרימינאַציע אָדער אַנטיסעמיטיזם. נאָר ווען זיי זאָלן זיך אפֿילו שטעלן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרויף — וועל איך זיי אַלץ נישט גלויבן!...

און נישט גלויבן וועל איך זיי דערפֿאַר, ווייל מיר איז צו גוט באַקאַנט, אַ

ווי גוט, דער „כאַראַקטער״ פון די „רעדל־פירערס״ פון אַזעטיקע „זאַנינג־באַרדס״ — נישט בלויז אין לאַנג איילאַנד... איר געפינט זיי אַט די דאָזיקע „בעלי־דעה׳ניקעס״, אַט די קריסטלעכע אחד־בפה׳ניקעס ואחד־בלב׳ניקעס, ווי מ׳געפינט זיי, פאַרשטייט זיך, אויך ביי אַנדערע פעלקער, איינגערעכנט אונז אידן, איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון אַמעריקע: אין די פאַרשידענע אינדוסטריעס, יוטיליטיס און פירמעס; אין די אַלערליי טעלעפאָן, טעלעגראַף און אינשורענס קאָמפּאַניעס; אין די פאַרשידנ׳מינ׳יקע רעזאָרט־פּלעצער, האָטעלן און קלובן; און אויך אין די כל׳ערלייאיקע בילדונג־אינסטיטוציעס, קאָלעדזשעס, אוניווערסיטעטן און אַקאַדעמיעס, וואו קיין איד קען נישט אַריינשמעקן...

אגב, דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן דער פאַקט, אַז איך בין נישט קיין פּרעמדער „מחותן״ אין לאַנג איילאַנד: איך וואוין שוין דאָרט צום צווייטן מאָל און בין גוט אינפאָרמירט וואָס עס קומט פאָר אויפן דאָזיקן „לאַנגן אינזל״. איך האָב ליב באַקומען לאָנג איילאַנד זינט דעם ערשטן מאָל וואָס איך האָב זיך אַהין אַריינגעקליבן, אין האַרבסט פון יאָר 1939. אויך דאַרף דאָ באַטאָנט ווערן דער פאַקט, אַז איצט איז לאַנג איילאַנג געדיכט באַזעצט מיט אידן, אָבער דעמאָלט האָבן אויפן דאָזיקן „לאַנגן אינזל״ נאָך קיין צופיל אידן נישט געוואוינט. די מערהייט איינוואוינער זיינען דעמאָלט באַשטאַנען פון דייטשן, איירישע, בלוי־הויטיקע אַמעריקאַנער אַריסטאָקראַטן, פּאַריסענע נעז, אַנגעבלאָזענע אינדיקעס, מיליאָנערן, באַרימטע שרייבער, מוזיקער, אַקטיאָרן, דראַמאַטורגן, רעזשיסאָרן און פאַרשידענע אַנדערע קינסטלער.

נאָר — שאַ! וואָס דאַרף איך — וואָס דאַרפן מיר אידן — זיין ברוגז און האָבן תרעומות אויף די „אייזל־קעפּ״ פון די נישט־אידישע אומטאָלעראַנטע „טאַטעס״ און „רעדל־פירערס״ פון דער „זאָנינג־באָרד״, וועלכע האָבן צו זאָגן איבער דער געגנט פון נעסאָו בולוואַרד, ערגעץ ווייט אַוועק אין לאַנג איילאַנד, אַז איך ווייס פון אַזאַ ענלעכער טרויעריקער געשיכטע, אַ סך אַ טראַגישערע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אַ געוויסער געגנט, טאַקע אינעם זעלביקן לאַנג איילאַנד, נאָר אַביסל נעענטער צו דער שטאָט, צום האַרץ פון ניו־יאָרק, צווישן אייגענע, יאָ, צווישן אונז אידן — אַ געשיכטע, וואָס קען מיט רעכט אָנגערופן ווערן: אַן אַמעריקאַנער אידישע טראַגעדיע...

איך וועל דאָ פּרובירן איבערגעבן אַט די טראַגישע געשיכטע אַזוי אומפּאַרטייאיש און אויף אַזאַ קילן אופן, ווי נאָר מעגלעך. איך האָב געזאָגט

„אומפּאַרטייאיש" און „קילן אופן", ווייל יעדעס מאָל ווען איך דערמאָן זיך און הייב אָן טראַכטן דערפון שטעלן זיך מיר די האָר קאַפּויער און איך ווער אָן אנגעצונדענער... וואָרום איך פיל אין דעם די גאַנצע טראַגיק פונעם אַמעריקאַנעם אידישן לעבן, פונעם אַמעריקאַנעם אידנטום, וועלכער איז אַוועק אויפן פאַלשן און פרעמדן נישט־אידישן וועג; זיין פולע נאַקעטקייט און ווילדן געיעג, אַנהויבנדיק פונעם פּראָסטאַק ביזן שרייבער, פונעם קינסטלער ביזן אינטעלעקטואַל, פונעם שמש ביזן פּירער, נאָך רייכטום און פּערזענלעכן גליק צוגלייך מיט די מערסטע בירגער פון אַמעריקע; זיין ככל־הגויימ׳דיקע אַריינגעטאָנענקייט און פאַרזונקענקייט אינעם גאָלדענעם־קאַלב, וואָס דאַרף זיין אין תוך פרעמד און עקלדיק דעם אידן — ווייל אַזוי איז דאָס אַלעמאָל געווען פאַר דורות לאַנג...

אָט איז די געשיכטע:

אין אַ דינסטאָק׳דיקן פרימאָרגן האָט צו מיר אָנגעקלונגען מיינער אַ גוטער באַקאַנטער, אַן אַמעריקאַנער געבאָרענער יונגערמאַן, וועמען איך האָב חתונה געמאַכט, דאָס הייסט, איך בין געווען דער וואָס האָב דורכגע־פירט די „חופּה־צערעמאָניע", אין איינעם פון די שענסטע זאַלן פון די רייכסטע האָטעלן אין ניו־יאָרק, סעם ליבקין, וועלכער האָט מיר געלאָזט וויסן דורכן טעלעפאָן מיט אַ געבראָכענער שטימע, אַז דער טאַטע זיינער איז נעכטן פּלוצלונג געשטאָרבן און די פאַמיליע בעט מיך, אַז איך זאָל מאָרגן אינדערפרי קומען אין דעם און אין דעם טשאַפּל, דורכפירן די לויה. דער־הערנדיק די טרויעריקע בשורה, וואָס איז פאַר מיר געקומען ווי אַ דונער פונעם הימל, האָב איך אַ שטילן ציטער געטאָן: וואָרום איך האָב נישט בלויז גוט געקענט דעם אַלטן מר. נייטן ליבקינ׳ען, וועלכער איז געווען מיינער אַ גרויסער חסיד, נאָר אויך מיינער זייער אַ נאָענטער פריינט. ס׳איז נישט געווען אַ וואָך אַז ער זאָל נישט ריידן דורכן טעלעפאָן צו מיר, אָדער נישט קומען באַזוכן מיך. סיידן איך בין נישט געווען אינדערהיים, דאָס הייסט, איך האָב זיך געפונען אונטערוועגנס ערגעץ, פאַרייזט אויף קאָנצערטן איבערן לאַנד אָדער אין אויסלאַנד. איך האָב געדאַוונט די ימים־נוראים און ער איז דאָרט געווען דער פרעזידענט. זינט דעמאָלט איז ער צו מיר געוואָרן צוגעזאָטן און מיר זיינען פאַרבליבן שטאַרק נאָענטע פריינט. איך קען שווערן, אַז ס׳איז נישט פאַרבייגעגאַנגען קיין איין אידישער יום־טוב, וואָס איך זאָל נישט קריגן פון אים קיין מתנה...

נאָר איידער איך גיי ווייטער אָן מיט מיין דערציילונג, מוז איך דאָ מאַכן זייער אַ וויכטיקע דערקלערונג: דער נאָמען נייטן ליבקין, ווי דער נאָמען סעם ליבקין, איז אַן אויסגעטראַכטער, אַ פיקטיווער. דעם אמת׳ן נאָמען קען איך דאָ נישט אָנגעבן צוליב די פאָלגנדיקע טעמים: ערשטנס איז ער געווען גוט באַקאַנט צו אַ גרויסן טייל פון ניו־יאָרקער אידן, ווייל זיין נאָמען איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער אידישער אינסטיטוציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אַ פאָפולערער שטאָט אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד און שפּע־טער אין פוילן; צווייטנס ווילט זיך מיר בשום אופן נישט ווי טאָן די פרוי און די קינדער מיט וועמען איך בין פאַרבליבן אין פריינטלעכע באַציאונגען עד־היום; און דריטנס באַטראַכט איך עס נישט פאַר קיין טראַגעדיע פון אַן איינצלנער אַמעריקאַנער אידישער משפחה, נאָר פאַר אַ טראַגעדיע פונעם גאַנצן אַמעריקאַנער אידנטום...

אין זכרון בליצן אויף קורצע, אָפּגעהאַקטע, ווי מיט אַ האַק אָפּגע־טעסעטע, עפּיזאָדן, באַמערקונגען, דערמאָנונגען, האַלבע זאַצן, אַרויסזאָ־גונגען, ווערטער, וואָס איך האָב ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן דעם אַלטן מר. ליבקינ׳ען געהערט דערציילן און איבערדערציילן. זיי זיינען געפאַלן פון זיין באַרעדעוודיקן מויל, אונטער דער באַגלייטונג פון אַ גוט־מוטיקן גלאַנץ אין זיינע גרינע אויגן וואָס זיינען געווען באַשפּרינקלט מיט אַ היימישקייט און איינגעבאַרענעם שכל וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין שטערן, ווי ווייסע סטרוזשקעס הינטערן הובל פון אַ סטאָליאַר. און אָט פון אָט־די־אָ שטיקלעך און ברעקלעך האָט זיך ביי מיר אָנגעקליבן אַ פּאָרטרעט פון אים.

אין יאָר 1907 האָט אַ שיף פון האַמבורג געבראַכט נייטן ליבקינ׳ען צום האַפן פון ניו יאָרק. אין לאַנד האָט דעמאָלט געהערשט אַ מורא׳דיקער עקאָ־נאָמישער קריזיס. אויף די גאַסן פון אַ סך גרויסע שטעט אין אַמעריקע זיינען מענטשן פשוט אַרומגעגאַנגען הונגעריקע. און דאָך האָט דער שטראָם פון אידישע אימיגראַנטן, ספּעציעל פון צאַרישן רוסלאַנד, קיין אַמעריקע אָנגעהאַלטן אויף אַ גרויסן פאַרנעם. אידן זיינען געלאָפן פון צאַרישן רוסלאַנד, ווי פון אַ פּעסט, אָדער ווי אַ וואַלד פייער. די בלוטיקע פּאָגראָמען אין אָדעס, קעשעניעוו, זשיטאָמיר, קיעוו, ביאַליסטאָק, זיינען נאָך געווען פריש אין זכרון ביי יעדן רוסישן אידן. און אַ חוץ די בלוטיקע פּאָגראָמען האָבן די אידן פון צאַרישן רוסלאַנד שוין גלאָט מער נישט געקענט

אַריבערטראָגן די צרות און רדיפות, וואָס די פינסטערע אַנטיסעמיטישע צאַרישע רוסישע מאַכט האָט זיי אָנגעטאָן. די רעאַקציע אין לאַנד נאָך דער דורכגעפאַלענער 1905 רעוואָלוציע, איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. דער „קורצער פרילינג״ פון דער רעוואָלוציע איז אָרקעסטרירט געוואָרן מיט אַ מבול פון בלוט־פאַרגיסונגען — דער עיקר מיט פּאָגראָמען־אַבליגאַטאָס אויף אידן! גלייכצייטיק האָט מען גענומען אַרויסטרייבן אידן פון די דערפער; מ׳האָט אויף זיי גענומען אויסטראַכטן פאַרשידענע בילבולים, און מ׳האָט גענומען פאַרשווערצן זייער לעבן אויף טריט און טראָט. יעדן טאָג איז די רעאַקציאָנערע צאַרישע רעגירונג אַרויסגעקומען מיט נייע גזירות און נגישות, מיט נייע פאַרבאָטן און באַגרענעצונגען פאַר אידן. עס איז געבליבן נאָר איין ברירה: אויסוואַנדערן! און וואו נאָך איז דעמאָלט אויף דער וועלט געווען ערגעץ אַ לאַנד אויף צו פאָרן, וואָס האָט געהאַלטן אירע טויערן אָפן, ווי אַמעריקע?!

זיינען אידן געפאָרן פון אַלע עקן רוסלאַנד, פון שטעט און פון שטעטלעך, פון דערפער און פון קרעטשמעס, מיט באַלעגאָלעס און באַנען, צופוס און מיט אָקסן, דורך טעג און נעכט, דורך פעלדער און וועלדער, דורך זאַמדן און בלאָטעס, מ׳האָט זיך געשלעפּט אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מ׳האָט זיך דערשלאָגן ערגעץ צו אַ האַפן. און דאָרט, ווידער, האָט מען זיך אויפגעזעצט אויף שיפן, ווער אויף פּאַסאַזשיר־שיפן, ווער אויף פראַכט־שיפן, באַשווינדלטע, אַרומגעגנב׳עטע און באַ׳גזל׳טע פון האַרצלאָזנדיקע אַגענטן, סיי אַזעלכע וועלכע האָבן זיי געהאָלפן אַריבערשוואַרצן די פאַרשידענע גרענעצן, און סיי אַזעלכע וועלכע האָבן זיך געראַיעט ווי ווערים אַרום די פאַרשידענע רייזע־אַגענטורן און שיף־קאָמפּאַניעס, נידער־טרעכטיקע מענטשעלעך מיט טונקעלע כאַראַקטערס, ביי וועמען אַ מענטשלעך לעבן איז גאָרנישט ווערט, ביז מ׳איז, סוף־כל־סוף, אָנגעקומען נאָך אַ לאַנגער שלעפּעניש און שטאַרק אויסגעמאַרעטע פונעם ים, צו די ברעגעס פונעם נייעם לאַנד: אַמאָל איז דאָס געווען ניו־יאָרק; אַמאָל — פילאַדעלפיע; אַמאָל — באַלטימאָר, און אַמאָל — גאָר ערגעץ די פאַר־וואָרפענע גאַלעוועסטאָן. ס׳איז נישט געווען קיין חילוק, וואָרום קיין האָניק האָט דער נייער אידישער אימיגראַנט אין ערגעץ נישט געלעקט...

נייטן ליבקין איז נישט געווען קיין אויסנאָם. ער איז אַריינגעפאַלן קיין ניו־יאָרק, ווי איינער וואָס פאַלט פלוצלונג אַריין אין אַ טיפן ברונעם און עס

איז נישטאָ ווער עס זאָל אים פון דאָרטן אַרויסראַטעווען. ער פילט אַז ער טרינקט זיך, אַז דאָס וואַסער דערגייט אים ביזן האַלז, אָבער שריי פון היינט ביז מאָרגן — קיינער הערט אים נישט... אַן איינזאַמער און אַ שטאַרק דערשלאָגענער האָט זיך נייטן ליבקין אַרומגעשלעפּט איבער די שטאַרק פאַרנומענע און טומלדיקע גאַסן פון ניו־יאָרק און האָט נישט בלויז נישט געקענט געפינען קיין אַרבעט, נאָר ער האָט אויך נישט געהאַט אפילו מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן. ענדלעך, נאָך לאַנגע וואָכן אַרומטאַפּטשענ־דיק אַ פאַרצווייפלטער, האָט ער זיך דערשלאָגן צו אַ מלאכה, וואָס האָט אין אָנהויב אים געגעבן נישט מער, ווי וואַסער אויף קאַשע... אָבער נייטן ליבקין איז געווען צופרידן, ווייל ער האָט פאַר זיך געזען אַ שטראַל פון האָפענונג, אַז ער וועט זיך אויסלערנען די מלאכה, — מוליערײַ — וועט ער אָנהויבן דעמאָלט צו פאַרדינען מער געלט. אַזוי האָט מען אים צוגעזאָגט — און אַזוי איז דאָס געווען. וואָרום נייטן ליבקין איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ גרויס פאַרמעגן: ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים צוויי קרעפטיקע הענט, שטאַרקע מוסקולן, ברייטע פּלייצעס, געזונטע צוויי פיס — מיט אַ צולאָג פון נישט מער ווי ניינצן יאָר! אָ, וואָס פאַר אַ פאַרמעגן!

נייטן ליבקין, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, איז נישט געווען קיין גע־לערנטער, אָבער ער איז אויך נישט געווען קיין עם־הארץ. דערצו האָט ער געהאַט אַ קלוגן קאָפּ און אַ שאַרפן אויג אויף אויפצוכאַפּן זאַכן — איינס און צוויי. ער איז געגאַנגען ביז צו דער בר־מצוה אין אַ חדר און האָט געקענט גוט אַ פּרשה חומש מיט רש״י. נאָך דער בר־מצוה האָט דער טאַטע זיינער, וועלכער איז געווען אַ גלעזער, אים אָפּגעגעבן פאַר אַ בעל־מלאכה, צו אַ סטאָליאַר; דערנאָך איז ער אַריבער אויף לערע צו אַ פאַרבער, און פונעם פאַרבער איז ער שפּעטער אַריבער אויף לערע — צו אַ בלעכער. נאָר עפּעס האָט ער זיך אין אָט די אַלע מלאכות נישט געקענט געפינען און ער האָט, מיט דער גוטהייסונג פונעם טאַטן מיט דער מאַמען, באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע. וואָס ער וועט טאָן אין אַמעריקע האָט ער נישט געוואוסט, אָבער ער האָט גערעכנט אַז ער וועט נישט פאַרלאָרן גיין. אַי, ס׳איז דערנאָך דאָרט אים אָנגעקומען מיט דער גרינער־גאַל, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו עפּעס — נו, ער איז נישט געווען דער איינציקער. מיליאָנען אַנדערע ווי ער, אידישע און נישט־אידישע, אימיגראַנטן־קינדער, האָבן דורכגעמאַכט דעם זעלביקן ראַפּסאָדישן שווערן אָנגעהאָרעוועטן וועג. און — אַזוי אַרום איז

אַמעריקע אויפגעבויט געוואָרן. מיט דער הילף און שווערער פּראַצע, שווייס און בלוט, פון פאַרשידנ׳מינ׳יקע אַריבערגעקומענע פעלקערשאַפטן, פון אַלערליי קאָלירן און גלויבנס, איז זי, אַמעריקע, גרויס און רייך געוואָרן און איז היינט צו טאָג די באַרימטסטע מדינה אין דער גאָרער וועלט.

נייטן ליבקין האָט די ערשטע יאָרן זיינע אין אַמעריקע זייער שווער געאַרבעט, אָבער ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין מלאכה. ער איז אַלעמאָל געווען אויף דער פרייער לופט, ער האָט ליב געהאַט דעם דרויסן, ווי אַ שיכור די בראָנפן. די ברענענדיקע זון זומער און די קאַלטע פראָסט ווינטער, האָבן אים נישט געאַרט. ער האָט זיך געפילט שטייענדיק אויף די הויכע רעשטאַוואַניעס אַרום די וואַקסנדיקע וואָלקנקראַצערס, ווי אַ מיליטער־רישער זיגער אויף אַ הויכן פּיעדעסטאַל. ער האָט זיך זייער שנעל און פאַכמעניש אויסגעלערנט די מלאכה, ווי ער וואָלט געווען אַ געבאָרענער מוליער. די אַרבעט האָט ממש געברענט ביי אים אונטער די הענט און די באַלעבאַטים זיינע פאַר וועלכע ער האָט געאַרבעט האָבן עס גוט אָפּגעשאַצט.

נאָכדעם ווי נייטן ליבקין האָט שוין געהאַט אָפּגעשפּאָרט עטלעכע הונדערט דאָלער אין אַ באַנק, האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ היימיש מיידל אַזאַ ווי ער, אויך אַן אימיגראַנטקע, וואָס האָט געאַרבעט ביי פּרויען־קליידער און איז דאָ געווען עלנט ווי ער — און זיי האָבן חתונה געהאַט. אין אָנהויב האָבן זיי געלעבט באַשיידן, נישט צו רייך, אָבער אויך נישט צו אָרעם, וואָרום נייטן ליבקין איז שוין דעמאָלט געווען אַ גוטער פאַרדינער און פלעגט אַהיים קומען מיט אַ פעטער וואָך שכירות, אַז עס האָט אויף אַלצדינג געקלעקט וואָס זיי האָבן באַדאַרפט. בפרט אַז ער האָט נאָך אַריינגעקראָגן אַ ווייב, וואָס איז געווען אַ געזונטע באַלעבאָסטע, נישט קיין אויסברענגעריןּ, און האָט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוגיין מיטן דאָלער. זי האָט אים געבאָרן פיר קינדער: צוערשט אַ מיידל; דערנאָך — אַ אינגל, וואָס איז געשטאָרבן אַ וואָך נאָכן ברית; דערנאָך, ווידער, — אַ מיידל, און שפּעטער — אַ אינגל. אָ, ווי נייטן ליבקין האָט זיך געפרייט מיט אים! ער האָט געפילט ווי צו טאַנצן אויף אַלע גאַסן!...

ווען דאָס אינגל איז געבאָרן געוואָרן איז שוין דעמאָלט נייטן ליבקין אַליין געווען אַ בויער פון הייזער אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב און האָט שוין געפירט אַ מער־ווייניקער רייכע שטוב. צו די צוויי מיידלעך און שטוב האָט געפעלט אַן אינגל — און אַז דער נס איז געשען, איז נייטן ליבקין געווען

מלא־שמחה! וואָרום עס האָט טיף געטליעט אין אים דער איינגעוואָרצלטער געפיל פון אַ אידישן טאָטן, וואָס וויל דורכאויס נאָך זיך איבערלאָזן אַ קדיש נאָכן טויט — פונקט ווי עס האָבן טיף געטליעט אין נייטן ליבקינ׳ען נאָך אַ סך אַנדערע איינגעוואָרצלטע אידישע געפילן, טראַדיציאָנעלקייטן און היימישע גלוסטעניש, וואָס ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט און געטראָגן זיי ביי זיך אין האַרצן...

יאָ, פון אַ גוטן בעל־מלאכה, וואָס איז געווען פאַרעכנט פאַר אַ ספּעץ אין זיין אַרבעט, איז נייטן ליבקין דערהויבן געוואָרן צו אַן אויפזעער, דערנאָך האָט ער זיך אַליין גענומען צו בויען הייזער, ווי שוין באַמערקט, אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב. תחילת איז עס אים אָנגעקומען אַביסל שווערלעך, נאָר קוים האָט ער פאַרזוכט דעם טעם פון אַליין זיין אַ באַלעבאָס און צו בויען הייזער האָט ער שוין נישט אָפּגעלאָזט. ווי שווער דער יאָך איז נישט געווען, איז ער צוריק נישט אָפּגעטראָטן פונעם נייעם שליאַך אויף וועלכן ער האָט זיך פאַרנומען, נאָר ווייטער געגאַנגען — נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז נישט אַלעמאָל געלאָפן גלייך און זיין זיג־זאַגישקייט האָט פון נייטן ליבקינ׳ען נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט אַוועקגערויבט... אָט איז ער געווען אויפן פערד, און אָט צוריק — הינטערן פערד; אָט איז ער שוין געפלויגן אין הימל אַריין, און אָט, ווידער, איז ער געווען צוריק — אויף דער ערד... עס האָט מיט אים געהאַלטן אין וואַרפן, ווי אין אַ קדחת — אַרויף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרויף... אָבער נייטן ליבקין האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. ער האָט זיך, ווי אַ שלאַנג, געראַנגלט אויף אַלע זייטן, געדרייט מיטן מח, טאָג און נאַכט געמאַכט פּלענער, נישט דערעסן, נישט דעשלאָפן, ביז עס האָט אים איינמאָל אָפּגעגילט און ס׳איז אים אַוועק דורך טיר און דורך טויער. עפּעס אין אַ גאָר קורצע צייט איז נייטן ליבקין, דער אַמאָליקער מוליער און שווערער אַרבעטער, געוואָרן דער אייגנטימער פון גאַנצע בלאָקן מיט גרויסע אַפּאַרטמענט־הייזער אין אַ געוויסער געגנט וואָס האָט זיך געהאַלטן אין בויען, ערגעץ־וואו אין לאָנג־איילאַנד.

נייטן ליבקין האָט צוערשט אָפּגעקויפט ליידיקע שטיקער לאַנד, אַדער אַלטע הילצערנע הייזער, צו איין־שטאָקיקע און צוויי־שטאָקיקע, וועלכע זיינען דאָרט געשטאַנען פון אַמאָליקע צייטן — אפשר פון יענע צייטן ווען וואָלט וויטמאַן איז נאָך געווען אַן איינוואוינער אין לאָנג איילאַנד, אַדער פון די צייטן ווען לאָנג איילאַנד איז נאָך געווען באַזעצט מיט פאַרמערס, וועלכע

האָבן באַרימט געמאַכט די לאַנג איילאַנד׳ער קאַרטאָפליעס — און האָט דאָרט אויפגעבויט איין אַפּאַרטמענט־הויז נאָך דער צווייטער, וועלכע האָבן פּאַרנומען אַ ריזיקן שטח און האָבן זיך געצויגן איבער גאַנצע גאַסן. ער אַליין האָט זיך גע׳חידוש׳ט ווי אַזוי ער האָט עס געקענט באַווייזן? אָבער ער האָט באַוויזן? אָט דאָס איז אַמעריקע — דאָס קלאַסישע לאַנד פון מעגלעכ־קייטן... אַ לאַנד וואו דו ווערסט רייך, אָדער באַרימט איבער נאַכט און דו ווייסט נישט ווי אַזוי און פאַרוואָס... אַ לאַנד פון מורא׳דיקע קאָנטראַסטן, פּאַראַדאָקסן, ווידערשפּרוכן, פּראָגרעס און ריגרעס, דעמאָקראַטיע און רעאַקציע, ליכט און שאָטן, מאָראַל און קאָרופּציע, רעליגיע און הפקרות, רחמנות און פאַרברעכן, פילאַנטראָפּיע און גאַרגל־שניידעריי, טאָלעראַנץ און נאָז־דרייעריי, ברידערלעכע־ליבע און ברידערלעכע־שנאה, — אַמעריקע...

אינצווישן זיינען ביי נייטן ליבקינ׳ען אויסגעוואַקסן די קינדער — אַלע געראָטענע, אַלע געלערנטע. אָט האָט דער קינד חתונה געהאַט, אָט האָט יענער קינד, עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען אייניקלעך — און די משפחה האָט זיך צעוואָקסן! נחת — אויפן פּוד! איין אייניקל איז שענער און קליגער פונעם צווייטן! אָבער די צייט ווייס אויך עפּעס... זי שטייט נישט אויף קיין אָרט... אָ, זי לויפט, זי לויפט... עס רוקט זיך אויף נייטן ליבקינ׳ען פּאַמעלעך אונטער די עלטער: די כוחות ווערן אָפּגעשוואַכט — עס איז נישט דאָס וואָס ס׳איז געווען... אָ, ניין... ס׳איז נישט די זעלביקע אייזערנע הענט, די זעלביקע שטאַרקע פיס, די זעלביקע ברייטע פּלייצעס, דער זעלביקער געזונטער מאָגן, די מוסקולן, די אויגן, דער קאָפּ — אַלץ איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן...

נייטן ליבקין האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן, זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, מאַכן אַ סך־הכל פון אַלעמען — און ער איז געקומען צו אַ באַשלוס אַז ער זאָל אַלע זיינע אויפגעבויטע מאַיאָנטקעס אין לאַנג איילאַנד איבערגעבן צום איינציקן זון און די צוויי איידעמס, אַז זיי זאָלן דערמיט פאַרוואַלטן. ער האָט שוין גענוג געאַרבעט, גענוג געדרייט דעם מח, גענוג כוחות אַוועקגעלייגט — עט, שוין צייט צו אָנהויבן קלערן פון תכלית — אמת׳ן תכלית... וואָרום — וואָס איז רייכקייט? גאָרנישט. געלט איז נישט אַלץ! געלט מיינט עפּעס כל־זמן דו האָסט עס נישט, אָבער ווען דו האָסט עס — מיינט עס שוין גאָרנישט. אַזוי האָט ביי זיך גענומען טראַכטן

נייטן ליבקין! באַשלאָסן — און געטאָן. און נאָכדעם ווי ער האָט די אַלע מאַיאָנטקעס זיינע איבערגעגעבן צו די קינדער אַז זיי זאָלן דערמיט פאַרוואַלטן, האָט נייטן ליבקין זיך אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון וועלכע עס איז געשעפט־אַקטיוויטעטן און האָט זיך אָנשטאָט דעם — אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין פילאַנטראָפּישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין טיילן צדקה, אין העלפן בויען ישיבות, תלמוד־תורות, שפּיטאָלן, מושב־זקנים׳ס, בית־יתומימ׳ס, וכדומה. פאַר נייטן ליבקינ׳ס אויגן זיינען ווי לעבעדיקע געשטאַנען די פינף גרויסע גבירים פון זיין געבורט־שטאָט, וועלכע האָבן גע׳שמ׳ט פאַר זייער צדקה און ברייטהאַרציקייט, און די גאַנצע שטאָט האָט זיי דערפאַר געבענטשט. נישט בלויז האָט מען זיי אָפּגעגעבן אַ סך כבוד, נאָר יעדער איינער האָט ביי זיך אין האַרצן זיך געוואונטשן, אַז זיינע קינדער זאָלן אויסוואַקסן פונקט אַזעלכע פיינע, גוטע און געטרייע אידן, ווי די פינף גבירים...

עס דאַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז די שול אין ברוקלין, וואו איך האָב געדאַוונט די ימים־נוראים און נייטן ליבקין איז דאָרט געווען דער פּרעזידענט, האָט ער זי אַליין געהאָלפן אויסבויען. די מענטשן פון דער געגנט אין ברוקלין וואו ער האָט געוואוינט אין אַ גרויסן ניי־אויפגעבויטן שיינעם מאָדערנעם אַפּאַרטמענט־הויז האָבן אים שטאַרק רעספּעקטירט, וואָרום נייטן ליבקין איז געווען אַ צוגעלאָזענער מענטש און האָט זיך געהאַלטן זייער פשוט — נישט געקוקט אויף זיינע מיליאָנען. עס איז געווען אַ נחת אַריינצוקומען אין שטוב צו אים. איר האָט געפילט אַז איר געפינט זיך אין אַן אמת׳ער אידישער הויז, מיט אַן אָפענער טיר פאַר אַלעמען — פאַר גאָט און פאַר לייט... דער פירעכץ איז געווען אַזאַ היימישער, אַ וואַרעמער, אַ באַלעבאַטישער, אַן פאָמפּע. עס איז אויך געווען צו באַוואונדערן נייטן ליבקינ׳ען ווי אַזוי ער האָט דורך די אַלע יאָרן זיינע פון זיין אין אַמעריקע, פון לויפן און יאָגן, פון האָוועון און בויען, באַוויזן אָנצוהאַלטן זיין איינגעבאָרענע רואיקייט און דעם רואיקן מענטשלעכן טאָן מיט וועלכן ער פלעגט רעדן. דערצו איז לגמרי נישט געווען אויף אים צו דערקענען דעם „באַרימטן״ אַרויפגעאַרבעטן גביר, אָט דער טיפּ פאַריסענער גביר׳לאָ, וואָס איז אַזוי שרעקלעך אָפּשטויסנדיק יעדן סענסיטיוון מענטשן...

און נאָך אַ דערצו: ווי שוין באַמערקט, האָט ער, נייטן ליבקין, אַריינ־געקראָגן אַ ווייב, וואָס איז געווען פונקט אַזאַ גוטע, וואַרעמע נשמה, ווי ער.

איר אַנוועזנקייט אין שטוב האָט צוגעגעבן אַזויפיל היימישקייט און מחיה־נפשות'דיקע פריינטלעכקייט און צוגעלאָזנקייט, אַז ס'איז זיך צעגאַנגען אין אַלע ווינקעלעך פון שטוב. זי האָט אַמאָל געדאַרפט זיין זייער אַ שיינע, וואָרום סימנים פון איר שיינקייט זיינען אפילו אויף אירע עלטערע יאָרן געווען נאָך גאַנץ מערקנדיק. איך האָב פון איר קיינמאָל נישט געהערט קיין קרום וואָרט, אָדער אויף עמיצן זיך באַקלאָגן. אַמאָל, פלעגט זי אַרויסלאָזן אַ שטילן זיפץ אויף דעם, וואָס דער זון מיט די צוויי טעכטער, איידעמס און אייניקלעך האָבן זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ ווייט־ווייטע געגנט אין לאָנג איילאַנד — זי וואָלט זיי געוואָלט האָבן נענטער לעבן זיך. עס איז נישט געווען די זעלביקע געגנט וואָס אין לאָנג איילאַנד, וואו עס זיינען געווען אַנגעהויפט מר. נייטן ליבקינ'ס אויפגעבויטע מאַיאָנטקעס, וועלכע זיינען געשטאַנען ווי לעבעדיקע עדות פון איין מענטשנס קוועלנדיקער ענערגיע און שפרודלדיקן אונטערנעמונגס־כוח! נאָר דער סוף אָבער פונעם דאָזיקן מענטשן, איז געווען אַ העכסט־טראַגישער...

אָט איז דער סוף:

ווי נאָר איך בין אויף מאָרגן אינדערפרי אַריינגעקומען אינעם טשאַפּל, האָט מען מיר גלייך צוגעטראָגן די „בשורה" אַז דער אַלטער מר. ליבקין איז נישט געשטאָרבן מיט קיין נאַטירלעכן טויט, נאָר ער איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד — דורך אויפהענגען זיך אויף אַ בוים אינעם פּאַרק וואָס איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגן איבער דעם אַפּאַרטמענט־הויז וואו ער האָט געוואוינט. אָבער דעם פולן אמת מיט אַלע דעטאַלן וועגן דער גאַנצער טראַגישער געשיכטע, האָב איך ערשט אויסגעפונען אין אַ וואָך אַרום פון מר. ליבקינ'ס עלטסטע טאָכטער. זי האָט עס מיר איבערגעגעבן מיט אַלע פּרטים, ווי זי אַליין וואָלט געווען דערביי. אירע רייד האָבן זיך מיר שאַרף איינגע־קאַרבט אין זכרון און איך קען דעריבער זיי איבערדערציילן וואָרט פאַר וואָרט. ס'איז די זעלביקע טאָכטער וואָס האָט זיך אויפן הייליקן־אָרט בעת'ן אַראָפּלאָזן דעם אַלטן מר. ליבקינ'ען אין קבר אַריין אַ פאַרצווייפלטע געוואָרפן מיט אירע קולאַקעס אויפן איינציקן ברודער מיט אַ יאָמערלעכן געשריי: „מערדער, דו האָסט גע'הרג'עט דעם טאַטן!" עס איז דעמאָלט געווען אין מיטן חודש יולי און איינער פון יענע הייסע שרפה'דיקע טעג פאַר וועלכע ניו־יאָרק איז שטאַרק באַרימט, אָבער ווען איך האָב דערהערט דעם יאָמערלעכן אויסגעשריי פון מר. ליבקינ'ס עלטסטער טאָכטער, איז מיר אַ

קאַלטער פראָסט דורכגעגאַנגען איבער מיין רוקן און איך האָב אַזש אַ ציטער געטאָן...

וואָס האָט פּאַסירט? צום אַלטן מר. ליבקינ׳ס אויערן אין ברוקלין זיינען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן דעם שטילן פאַרביסענעם קאַמף, וואָס זיין איינציקער זון, דער צוקונפטיקער יורש און קדיש זיינער, האָט מיט גרויס עקשנות און חוצפה אויף אַ מיאוס׳ן אופן אין דער געגנט פון לאָנג איילאַנד, וואו עס זיינען געשטאַנען דעם אַלטן מר. ליבקינ׳ס אויפגעבויטע מאַיאָנטקעס, אָנגעפירט קעגן אַ אידישער חברה, וואָס האָט אין אַ געוויסן בלאָק אָפּגעקויפט די איינציק איבערגעבליבענע צוויי־שטאָקיקע הילצערנע הויז מיט אַ הויף פון אַן אַלטן קריסט און האָט אויף דעם אָרט געוואָלט אויסבויען אַ אידישן צענטער מיט אַ שול צו דאַוונען. ווען דער יונגער מר. ליבקין האָט עס אויסגעפונען, איז ער געוואָרן מלא־רציחה! וואָס איז? עס האָט געמיינט אַז מיטן אויסבויען אַ אידישן צענטער און אַ שול אינעם געוויסן בלאָק, אין וועמעס אַפּאַרטמענט־הייזער עס האָבן געוואוינט מערסטנס קריסטן, וועלן די פּרייזן פונעם דירה־געלט פאַלן. ער האָט אַוודאי זייער וואויל אויסגערעכנט, ווייל אַזוי איז עס טאַקע געווען: ווי נאָר מ׳האָט זיך געשטעלט גראָבן דעם פונדאַמענט פונעם אידישן צענטער מיט דער שול, האָבן זיך די קריסטלעכע שכנים, איינער נאָכן צווייטן, גענומען אַרויסקלייבן. אמת, אויף זייער אָרט האָבן זיך תיכף אַריינגעקליבן אידישע שכנים, אָבער די פּרייזן פונעם דירה־געלט זיינען שוין נישט געווען די זעלביקע...

דעריבער, כל־זמן ס׳איז נאָך געווען צייט, האָט דער יונגער מר. ליבקין קעגן דער אידישער חברה אָנגעפירט אַן עקשנות׳דיקן און שטילן פאַרבי־סענעם קאַמף — מיט דער הילף פון כיטרע אַדוואָקאַטן, פאַרקויפטע נשמות, ביליקע פּאָליטישנס, ריכטער און געריכט־הייזער: נישט צו דערלאָזן אויסבויען דעם צענטער מיט דער שול! אָבער נאָכדעם ווי ער האָט דעם קאַמף, סוף־כל־סוף, פאַרלאָרן און די חברה האָט אויסגעפירט אירס, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעקאָכטער — און ווען נאָר ער איז געווען אין דער געגנט צוליב געשעפט אָדער וואָס, האָט ער געשאָלטן די אידן פון דער געגנט מיט טויטע קללות, זיי געזידלט און באַליידיקט...

איז ווען דאָס אַלץ איז דערגאַנגען צום אַלטן מר. ליבקינ׳ס אויערן, האָט ער איינגענומען דערפון שטאַרקע חרפּת־בושה... סטייטש? זיין זון, זיין

יורש, זיין קדיש, זאָל זיך דערוועגן אַזוינס צו טאָן? דאָס איז אומדערהערט! אידן ווילן בויען אַ שול און זיין זון זאָל זיך שטעלן אַנטקעגן? שלעפּן אידן אין געריכט אַריין? אַרומגיין שעלטן און באַליידיקן אידן? אָנרופן אידן מיט מיאוס׳ע נעמען? וואו איז דאָס געהערט געוואָרן? דאָס איז דאָך שרעקלעך! שרעקלעך!!

ווי אַ בין איז דער אַלטער נייטן ליבקין געקומען צופליען צום זון אין אָפיס אַריין, וואָס האָט זיך געפונען אויפן פערצנטן שטאָק אין אַ געביידע ערגעץ אויף בראָדוויי — אָט דעם זעלביקן אָפיס, וועלכן ער האָט אַליין אים געדונגען פון וואַנען צו פאַרוואַלטן מיט זיינע אויפגעבויטע מאַיאַנטקעס און ער האָט שפּעטער אים איבערגעגעבן צום זון מיט די צוויי איידעמס. ס׳איז געווען אַרום האַלב נאָך צען אינדערפרי. ער האָט זיך דאָס מאָל נישט אומגעקוקט אויף די אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען געזעסן פאַרנומען יעדער ביי זיין דעסק, און איז גלייך אַריינגעגאַנגען צום זון אין פּריוואַטן אָפיס, וועמען ער האָט שוין געטראָפן זיצן ביי זיין דעסק. די צוויי איידעמס זיינען נישט געווען דאָרט. ווי נאָר דער זון האָט דערזען אַריינקומען דעם טאַטן, האָט ער זיך אויפגעהויבן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אויף אים אָפּצוגעבן „שלום עליכם״. אָבער דער אַלטער מר. ליבקין האָט געלאָזט דעם זונס האַנט הענגען אין דער לופטן און אָנשטאָט דעם האָט ער גלייך אים אַ פרעג געטאָן: צי די געשיכטע מיטן פאַרביסענעם קאַמף קעגן אויסבויען אַ אידישע שול אין דעם און אין דעם בלאָק איז אַן אמת? און ווען דער זון האָט שטאַמלענדיק צוגעגעבן אַז יאָ, האָט זיך דער אַלטער מר. ליבקין גענומען טרייסלען און ציטערן, ווי אַ לולב...

אַ ווײַלע שפּעטער, ווען ער איז געקומען אַביסל צו זיך, האָט ער גענומען שרייען אויפן זון, ווי נישט מיט זיין קול: „ווי האָסטו אַזוינס געוואַגט, שייגעץ איינער? פאַרוואָס האָסטו זיך נישט אָנגעפרעגט פריער ביי מיר? ווער האָט דיר אויף דעם געגעבן די דערלויבעניש? וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו דערצו געהאַט? האָסט אַ סך דאָרט אַריינגעלייגט אין די אויפגע־בויטע מאַיאַנטקעס?״ אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ביז עס איז דערגאַנגען דערצו אַז דער זון איז אַרויס פון די כלים און האָט דערלאַנגט דעם טאַטן אַ פּאַטש באַגלייט מיט אַ שטאַרקן עזות׳דיקן אויסגעשריי: „געט אַוט אָף היר!״ (גיי אַרויס פון דאַנען!).

דער אַלטער מר. ליבקין איז נאָכן זונס פּאַטש און עזות׳דיקן אויס־

געשריי געבליבן שטיין, ווי מ׳וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט צען צעבערס קאַלטע וואַסער ווינטער פונעם אייז... ער האָט דערנאָך קיין איין וואָרט מער נישט אַרויסגערעדט. שטיל, ווי אַ קאַץ, האָט ער זיך פּאַמעלעכקע אַרויסגעשאַרט פונעם אָפּיס, נאָר אָנשטאָט צו פאָרן אַהיים איז ער מיט זיין אויטאָמאָביל פאַרפאָרן אין פּאַרק, וואָס איז געשטאַנען קעגן זיין וואוינונג און האָט זיך אויפגעהאַנגען — נישט איבערלאָזנדיק קיין צעטעלע, גאָרנישט.

ווען מ׳האָט דעם אַלטן מר. ליבקין׳ען אַרונטערגענומען פונעם בוים, איז זיין קערפּער נאָך געווען וואַרעם, אָבער זיין נשמה איז שוין געפלויגן ערגעץ ווייט אַוועק...

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, יאַנ. 31, 1956, נ. י.

# אברהם רייזען — דער באַזינגער פון זיין פאָלק

די טרויעריקע ידיעה פון אברהם רייזען׳ס פטירה האָט מיך געפונען אין אַ האָטעל אין די קעטסקיל־בערג צווישן אַן עולם, וואָס זיין גרעסטע מערהייט איז באַשטאַנען פון אַמעריקאַנער געבאָרענע אידן, מייסטנס יונגע מענטשן, וועלכע האָבן דעם נאָמען אברהם רייזען, ליידער, קיינמאָל נישט געהערט. דורך דער גאַנצער וואָך פסח האָב איך אין דער לאָבי פון האָטעל, נישט באַמערקט קיין איין אידישן צייטונג־לייענער. עס איז דורכאויס געווען אַן אַמעריקאַנער אידישער עולם, וואָס איז ווייט פונעם אידישן לעבן און וועמען אידישע צייטונגען, אידישע זשורנאַלן, אידישער טעאַטער, אידישע ליטעראַטור און קולטור, זיינען פרעמד.

פרעגט זיך: ווי קום איך צו אַזאַ האָטעל? איז דער ענטפער: מיין קינסטלערישער גורל האָט מיך אַהין געפירט: צו פראַוון די סדרים, צו געבן אַ קאָנצערט חול־המועד און צו דאַוונען פאַרן עמוד — אויב עס וועלן זיך געפינען דאַוונער, אַזוי איז געשטאַנען אַריינגעשריבן אין מיין קאָנטראַקט. און עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז עס האָבן זיך גראָד יאָ געפונען „דאַוונער״: פאַרשטייט זיך, אַז דעם ערשטן טאָג פסח אינדערפרי צו טל, זיינען געקומען אַ סך ווייניקער „דאַוונער״, ווי דעם לעצטן טאָג פסח צו

יזכור — וועגן דעם איז אָפּגערעדט. אָבער ווי אַזוי די זאַך זאָל נישט זיין: די אידישע רעליגיע אין אַמעריקע איז נאָך דערווייל אין דער מאָדע...

נאַטירלעך, ווען עס וואָלט דאָ געווען אַ נאָרמאַלער אידישער לעבן, מיט אידיש־רעדנדיקע אידן, — נישט קיין „נוסח־אַמעריקע", וועלכן דר. ש. מאַרגאָשעס און נאָך אַנדערע אידישע שרייבער ווי ער אין אַמעריקע באַזינגען אַזוי שטאַרק און מיינען, אַז עס וועט עפּעס אַרויסוואַקסן דערפון, — יאָ עס וועט, אויף וויפיל איך קום טאָג־טעגלעך אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט אַלערליי אידישע שיכטן איבער גאַנץ אַמעריקע, סיי אַלס קאָנצערט־זינגער, סיי אַלס לעקטאָר וועגן אידישער נגינה און מוזיק און סיי אַלס חזן, באַשטימט אַרויסוואַקסן אַ פּיפּערנאָטער! — וואָלט איך דעם קאָנצערט מיינעם, וואָס איך האָב דורכגעפירט מיט מיין כאָר חול־המועד פּסח, פאַר די אַריבער פינף הונדערט אידישע געסט פון האָטעל, זייער גרינג געקענט געווען פאַרוואַנדלען אין אַ רייזען — אויב נישט אין קיין אַבסאָלוטן טרויער־אָווענט, — כדי נישט, חלילה, צו באַאומרואיקן די געסט און צו פאַרשטערן זייער פרייד, ווייל דער געבאָט פון די אידישע האָטעלן אין די בערג און אַנדערע רעזאָרט־פּלעצער איז: אַז מען דאַרף די געסט כסדר האַלטן אין פילעווען מיט געשמאַקע מאכלים און מיט פריילעכער אונטערהאַלטונג — איז צום ווייניקסטנס אין אַ רייזען־קאָנצערט, מיט רייזען׳ס לידער, סיי פאַר סאָלאָ און סיי פאַר כאָר.

וואָרום סיי מיר, און סיי מיין דיריגענט, דער באַקאַנטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר, יעקב דאַווידסאָן, וועלכער איז אַליין אַ וואַרשעווער געבאָ־רענער און האָט נאָך געדענקט אברהם רייזענ׳ען פון פּרצ׳עס צייטן אין וואַרשע, וואָלט נישט אָנגעקומען שווער צוזאַמענשטעלן אַ רייזען־פּראָגראַם.

ווי אויך: די זינגער פון מיין כאָר, כאָטש אַלע זיינען געווען אַמעריקאַנער געבאָרענע און האָבן גאָר ווייניק פאַרשטאַנען און האָבן נאָך ווייניקער גערעדט אידיש, סיי די מענער און סיי די פרויען, זייענדיק ערשט־קלאַסיקע נאָטן־לייענער און געניטע זינגער, וועלכע ווערן צוגעשטעלט צו דיריגענטן פון ספּעציעלע אַגענטורן פאַר פאַרשידענע כאָרן און אַלערליי מינים געזאַנגען אין אַמעריקע, וואָלטן מיט געציילטע עטלעכע פּראָבעס געקענט געווען לייכט איינשטודירן און דורכפירן אַ רייזען־קאָנצערט. און איך וואָלט אויך נישט געדאַרפט גיין צו עמיצן נאָך אַ פּאָר פּאַסיקע ווערטער

אויף צו זאָגן וועגן אברהם רייזען׳עז. אָבער — „דבר אל העצים ואל האבנים״.

ווי אַזוי האָב איך, גאָט אין הימל, געקענט פאַרוואַנדלען דעם קאָנצערט מיינעם אין אַ רייזען־אָוונט, אַז דו האָסט פאַר זיך אַ אידישן עולם, וואָס קען נישט קיין אידיש און ווייסט נישט ווער זיין דיכטער איז? אַ „פּרעיער״, „היברו סאָנג״ — דאָס קענען די מייסטע אַמעריקאַנער אידן נאָך דערוויל אי הערן און אי פאַרטראָגן. אָבער ווען עס קומט צו אידיש — „דזשואיש״, — צו אַ אידיש ליד — „דזשואיש סאָנג״, — הויבט מען אָן צו דרייען מיט די נעזער און מ׳וויל עס נישט הערן און מ׳קען עס נישט פאַרטראָגן...

טראַגיש? — געוויס! וואָס קען נאָך זיין טראַגישער, ווי אַז אַ פאָלק הויבט אָן צו פאַרלירן זיין לשון?!

האָב איך, און אויך מיין דיריגענט, אין דער שטיל באַוויינט דעם גרויסן אידישן דיכטער, דערציילער און ליבן מענטשן, דעם באַזינגער פון זיין פאָלק, זיך געשטיקט מיט די טרערן — און — שאַ...

די טרויעריקע ידיעה האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ דאָפּלטן צער: אי אויף דעם שווערן פאַרלוסט פונעם חשוב׳ן נפטר, אי אויף די אַריבער פינף הונדערט אידישע האָטעל־געסט, וואָס די מייסטע פון זיי האָבן נישט געפילט דעם גרויסן בראָך, וואָס עס האָט געטראָפן דער אידישער ליטעראַטור דורך אברהם רייזענ׳ס פּטירה.

אויב ווער עס איז פון די אידישע דיכטער און דערציילער פון דער נייער אידישער ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך, האָט געקענט אָנגערופן צו ווערן „שליח־ציבור״, נישט בלויז צוליב זיין שרייבן, ווייל אַן אמת׳ער „שליח־ציבור״ דאַרף נישט בלויז האָבן אַ „קולו נעים״, נאָר דאַרף האָבן אַ „לב טהור״ און דאַרף זיין אַן „איש תמים״ — איז עס געווען אברהם רייזען!

קיינער פון די אידישע פּאָעטן און דערציילער פון דער נייער אידישע ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך, איז נישט געווען אַזאַ „בעל מתפלל״, האָט נישט געדאַוונט און נישט גע׳דוכנ׳ט מיט אַזאַ האַרציקייט, מיט אַזויפיל נשמה און תמימות׳דיקייט פאַר זיין פאָלק, פון אַלע שטאַנדן און שיכטן, ווי אברהם רייזען.

ער האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס פאָלק און דאָס פאָלק האָט אים ליב געהאַט. ער איז געווען דער פיר־זאָגער נישט בלויז פונעם געקריוודעטן,

פונעם אָרעמען בעל־מלאכה, פון די ברייטע אידישע פאָלקס־מאַסן, נאָר אויך פונעם לערנער, פונעם קלויזניק, פונעם אינטעליגענט, פונעם באַלעבאַטישן און האַלב־גביר׳ישן שטאַנד. ער האָט פאַרמאָנומענטאַליזירט דאָס גאַנצע אידישע לעבן ווי עס שטייט און גייט. ער האָט אויף קיינעם נישט אַראָפּ־געקוקט, נאָר צו אַלעמען אַרויפגעקוקט, געזען, געפילט, פאַרשטאַנען — און אויף אַלעמען געפונען אַ זכות...

אברהם רייזען איז (אפשר צוליב ליטעראַטור־פּאָליטיק, אָדער בלינד־קייט מצד די קריטיקער?) נישט באַזונגען געוואָרן פון אונזערע קריטיקער ווי מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ אָדער שלום אַש — ער האָט זיך אַליין אַריינגעזונגען — איבער די קעפּ פון די קריטיקער — אין די הערצער, נשמות און מוחות פון די ברייטע אידישע פאָלקס־מאַסן און אויך פון דער אידישער אינטעליגענץ איבער גאָר דער וועלט.

ער האָט לחלוטין נישט געדאַרפט וואַרטן אויף קיין „הכשר" פון וועלכן עס איז „זעלבסט־געקרוינטן" קריטיקער, מבין־זאָגער, אויסטייטשער און אַריינטייטשער, אויף „אָטמעטקעס" פון דעם און פון יענעם, אָדער אויף „אַטעסטאַטן", וואָס מיינען אין תוך גאָרנישט מיט גאָרניט. ווייל שיין וואָלט די גאַנצע ליטעראַטור, מוזיק און מאָלעריי אויסגעזען, ווען זיי וואָלטן זיך פאַרלאָזט אויף די קריטיקער?... וואו וואָלט איצט געווען טשייקאָווסקי׳ס באַרימטע פידל־קאָנטשערטאָ, ווען מען וואָלט זיך דעמאָלט געוווען צוגע־הערט צו איינעם אַ געוויסן קריטיקער אין ווין וועמענס נאָמען איך געדיינק איצט נישט, וועלכער איז שוין לאַנג טויט און פאַרגעסן געוואָרן, וואָס האָט געשריבן, אַז פון טשייקאָווסקי׳ס פידל־קאָנטשערטאָ שמעקט מיט „שטאָל־אַפּפאַל" און מיט די „ריחות פון פערד"? ווי אויך וואו וואָלט איצט געווען טשייקאָווסקי׳ס באַרימטע פּיאַנאָ־קאָנטשערטאָ, ווען טשייקאָווסקי וואָלט דעמאָלט געווען געפאָלגט ניקאָלאַי רובינשטיין׳ען, צו וועמען טשייקאָווסקי האָט דעם ערשטן געבראַכט ווייזן דעם מאַנוסקריפּט, און ער, ניקאָלאַי רובינשטיין, וועמען מען געדענקט איצט בלויז אין די ענגע מוזיק־קרייזן נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער גרינדער פון דער מאָסקווער מוזיק־קאָנסערוואַטאָריע, האָט נאָכן איבערקוקן דעם מאַנוסקריפּט זיך בייז צעטופּעט און צעשריען אויפן מחבר: ווי האָט ער גאָר געוואָגט צו קומען צו אים מיט אַזוינס? עס איז אַבסאָלוט אַן עבירה דאָס פּאַפּיר אויף וועלכע די

נאָטן זיינען געשריבן געוואָרן, און ער האָט גע׳עצה׳ט טשייקאָווסקי׳ן, ער זאָל די קאָמפּאָזיציע וואָס שנעלער צערייסן.

איך וואָלט דאָ געקענט ברענגען נאָך הונדערט אַנדערע ראיות אַזעלכע נישט בלויז פון דער מוזיק אַליין, נאָר אויך פון דער ליטעראַטור, פון דער מאַלעריי און פון די אַנדערע קונסטן אויף דער וועלט.

ווי האָט געשריבן אין זיין אויטאָביאָגראַפישן בוך „טעמעס און וואַריאַציעס״, דער וועלט־באַרימטער דיריגענט ברונאָ וואָלטער: „נאַפּאָלעאָן איז טויט — אָבער בעטהאָווען לעבט״.

ווייסן מיר דאָך אַלע גאַנץ גוט, אַז סוף־כל־סוף, איז די מיינונג וואָס יעדער קריטיקער זאָגט אַרויס, נישט מער ווי זיין אייגענע מיינונג. עס איז דורכאויס דער געפיל און געשמאַק פון אַן איינצלנעם מענטשן — נישט מער. דערביי שפּילן אויך אַ גרויסע ראָל פּערזענלעכע קאַפּריזן, געמיט־צושטאַנד און שטימונג. דאָס זאָגט אייך איינער, וואָס פאַרנעמט זיך שוין 25 יאָר מיט מוזיק־קריטיק! נישט ווייניק שפּילט אויך אַ ראָל די אייביק־פאַרדאַמטע „קלייזל־פּאָליטיק״. טאָ ווער, אַ שטייגער, דאַרף זיך עס רעכענען דערמיט?

אין רייזען׳ס פאַל, האָבן די אידישע פאָלקס־מאַסן און אויך די אידישע אינטעליגענץ, אין יעדן וואָרט און קלאַנג זיינעם, סיי אין זיינע לידער און סיי אין זיינע דערציילונגען, דורכאויס געפילט, געזען און געהערט — זיך! און דאָס איז אַ סך, אַ סך מער, ווי וועלכער עס איז קריטיקער קען זאָגן...

אברהם רייזען האָט נישט בלויז דער אידישער וועלט, נאָר דער וועלט בכלל, געגעבן נישט בלויז שטיקער אידיש לעבן, נאָר אויך אַלגעמיין מענטשלעכן לעבן פון אַן אוניווערסאַלן באַדייט איבער דער צייט — פאַר דער אייביקייט. מיט זיין נאַטירלעכקייט, פּשטות און עכטקייט, קען רייזען פאַרגליכן ווערן צו מאָצאַרטן. אַלץ וואָס אברהם רייזען האָט געשריבן, איז ביי אים געקומען פון די טיפענישן פון דער נשמה.

דער רייזען־מאָטיוו איז נישט בלויז דער סאַמע אידישלעכסטער און נאַציאָנאַלסטער פון דער נייער אידישער ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך. און ווייל ער איז דער אידישלעכסטער און נאַציאָנאַלסטער, איז ער דעריבער אויך דער מענטשלעכסטער און אוניווערסאַלסטער. וואָרום אַלץ וואָס איז עכט און נאַציאָנאַל, איז אויך מענטשלעך און אוניווערסאַל. דאָס איז איינס.

צווייטנס — פון רייזענ׳ס מאָטיוו זינגט אַרויס דער ריינער אידישער קלאַנג, די אידישע תנועה, דער אידישער קנייטש, דער אידישער גוסט און גייסט. תמימות׳דיקייט איז דער סאַמע צוגעפּאַסטער נאָמען פאַר אברהם רייזענ׳ס קלאַנג. ער איז דורכגעדרונגען מיט ריינער אידישער תמימות, וועמעס עכטקייט עס קען נישט פאַרביטן ווערן. מ׳מוז אים זינגען און אויסזינגען אַזוי ווי ער איז, מ׳קען גאָרנישט נישט פון אים אַראָפּנעמען און קיין זאַך נישט אים צוגעבן — וואָרום עס איז עכטע יצירה, אָריגינעלע שאַפונג.

דריטנס — צו גיין אַ לעבן לאַנג און נישט אָפּטרעטן פונעם אייגענעם וועג, דאַרף מען האָבן אַ סך כוחות דערויף — און מען דאַרף אויך זיין געבענטשט פון גאָט!

ווייניק קינסטלער זיינען אויף דער וועלט פאַראַן, וואָס זיינען געגאַנגען זייער אייגענעם וועג, וואָס האָבן אויסגעטראָטן זייער אייגענע סטעזשקע אין דער אָדער יענער קונסט. און מען קען קיינמאָל נישט זיין קיין אמת׳ער קינסטלער, אויב מען האָט נישט קיין אייגענעם פּנים. מיט פרעמדע הענט איז אפשר גוט צו שאַרן קוילן, איינהייצן די הרובע, פאַרלעשן דעם לאָמפּ, גראָבן גריבער, טראָגן וואַסער, האַקן האָלץ, זעגן קלעצער — אָבער מען קען נישט שאַפן מיט זיי קיין קונסט־ווערק.

אברהם רייזען האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס, ער האָט זיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון קיין „מאָדעס״, פון קיין „אַלטע״ און „יונגע״, „אינזיכיסטן״, און „שמיכיסטן״, „טאַטעס און זיידעס״, „באָבעס און אייניקלעך״, און נאָך אַנדערע, ווי זיי האָבן דאַרטן געהייסן — ער האָט דורכאויס גענוצט זיינע אייגענע געפילן און געפאָלגט זיין אייגענעם געוויסן, זיין אייגענעם חוש און פאַרשטאַנד.

ווי אויך: דער שטילער טאָן האָט רייזענ׳ען קיינמאָל נישט פאַרלאָזט. דער דונער איבעראַשט אייך, אָבער ער פאַרגייט שנעל. דאָס זעלביקע איז אויך מיטן בליץ, ער גיט אַ בלענד און פאַרשווינדט באַלד. אָבער אַ שטילער זון־פאַרגאַנג, אָדער אַ שטילער פרימאָרגן, דרינגט אַריין טיף אין דער נשמה... עס איז שוין פון לאַנג באַוואוסט, אַז שטילע טענער קענען רעדן זייער הויך. זיי זיינען די סאַמע אַריינדרינגענדיקסטע און דורכדרינגענ־דיקסטע, די סאַמע זאָגנדיקסטע, וועקנדיקסטע און מאָנענדיקסטע.

איבערהויפּט זיינען די שטילע טענער גאָר אָנגעמאָסטן פאַרן אידישן

אויער, פאַרן אידישן געמיט, פאַר דער אידישער נשמה און פאַר די אידישע געפילן. וואָרום דער „קול דממה דקה״ איז אַלעמאָל געווען דעם אידנס — כ׳האָב דאָ פאַר קיין פאַל נישט אין זינען דעם צעכראַסטעטן אידן, דעם אויסגעטאָנענעם, דעם נאַקעטן און אָפּגעפּליקטן אידן — אידעאַל.

און פּונקט אַזוי איז אברהם רייזען אויך אויסגעהאַלטן מיט זיין טראָפּ אויף אידישקייט סיי אין זיינע לידער און סיי אין זיינע דערציילונגען. און, ווי שוין באַמערקט, ווייל אַברהם רייזען איז אַזוי טיף־אידישלעך, אַזוי עכט־נאַציאָנאַל, איז ער דעריבער אַזוי אויך טיף־מענטשלעך און טיף־אוניווערסאַל. זיין ליד אַ „געזינט זאַלבע אַכט״, וואו ער מאָלט מיט שטילע טענער און מיט מייסטערישער פּשוט׳קייט און עכטקייט די שטיקנדיקע ענגשאַפט אין די אָרעמע אידישע היימען, קען זייער גרינג איבערגעזעצט ווערן אויף וועלכער עס איז שפּראַך און עס זאָל זיין אָנגעמאָסטן פאַר דער שטיקנדיקער ענגשאַפט אויך פון די אָרעמע נישט־אידישע היימען אין גאַר דער וועלט.

אַ געזינט זאַלבע אַכט,
און בעטן נאָר צוויי, —
און קומט אָן די נאַכט,
וואו שלאָפן דאָן זיי ?

און קומט אָן די נאַכט,
מען דאַרף זיך אויסבעטן,
דאָן הויבט אָן די מוטער
דעם טויט אויף זיך בעטן.

דריי מיטן טאַטן,
און דריי מיט דער מאַמען —
הענטלעך און פיסלעך,
געפלאָכטן צוזאַמען.

זי מיינט מיט אַן אמת, —
עס איז נישט קיין וואונדער:
אויך ענג איז אין קבר,
דאָך ליגט מען באַזונדער...

אָדער, למשל, אַזעלכע שורות פון רייזען׳ס אַ ליד, וואָס קלינגען אַזוי עכט־נביא׳יש און זיינען דורכגעוועבט מיט אַזויפיל אידישן בטחון, אידישן גלויבן, מוט און האָפענונג:

און זאָל ווי ווייט, נאָך זיין די צייט,
פון ליבע און פון שלום.
דאָך קומען וועט, צי פרי, צי שפּעט —
די צייט. עס איז קיין חלום.

צי דאַרף איך דאָ אויפקלערן דעם טיף־מענטשלעכן און אוניווערסאַלן באַדייט פון אָט־די ווערטער ? זייער פּראָפעטישקייט און אַלגעמיין־מענטשלעכקייט, רעדן פאַר זיך אַליין. קיין שום פירושים זיינען דאָ נישט

נויטיק. זייער אוניווערסאַלקייט ליגט פון אויבנאויף! וואו נאָר אַ מענטש, וואו נאָר אַ פאָלק מיט אַ באַגער „פון ליבע און פון שלום״, וועט אָט־די שורות טוליען צו זיין האַרצן און זיי געבן „בירגערשאַפט״ אין זיין נשמה.

און אָט איז נאָך אַ ליד „צום בעל־תפילה״, וואָס באַווייזט קלאָר ווער דער פּאָעט איז געווען, און צו וועלכע מענטשלעכע הויכן ער האָט זיך געקענט דערהויבן.

בעל־תפילה מיין ליבער, כ׳שעם מיך צו זאָגן,
אָבער איך קען שוין דעם צער נישט פאַרטראָגן.
ס׳קען אים נישט שטילן דער דיכטער דער גרעסטער,
עס קען אים נישט לינדערן קיין ליד פון די בעסטע:
נישט שעלי, נישט בייראָן, באַדלער און ווערלען נישט
און אויך נישט די אייגענע, די ליבע, די גרויסע,
נישט ביאַליק׳ס „עס ציט מיך״, מיט טרערן די הייסע,
נישט ראָזענפעלד׳ס „וואַנדערער״, פרוג׳ס „בעכער״ אפילו.
ניין, ס׳האַרץ בענקט נאָך ניגון מיט ווערטער פון תפילה.
וואָס זיינען אין צער און אין גלויבן געבאָרן.
וואָס זיינען אַזוי ווי אין נבואה געשאַפן,
די בייז צו פאַרטרייבן, די וועלט איבערשאַפן...

אויך אָט־די שורות האָבן אַ גאָר גרויסן מענטשלעכן און אוניווערסאַלן ווערט! וואָרום, וועלכער לעבעדיקער, אויפריכטיקער און נשמה׳דיקער מענטש ווייסט דען נישט און וועט עס נישט צוגעבן, אַז עס זיינען פאַראַן געוויסע מאָמענטן אין לעבן, וואָס קיין שום זאַך קען נישט גרינגער מאַכן זיין טיפן צער און ווייטיק, אַזוי ווי אַ „ניגון מיט ווערטער פון תפילה״?! דאָס איז נישט בלויז קיין געזאַנג, עס איז געזאָגט: מיט האַרץ, מיט נשמה און מיט געפיל!

אין אַלגעמיין וועט איר ביי רייזענ׳ען נישט געפינען קיין סתם אין דער וועלט אַריין פּלוידערייען, רעדערייען, געדאַנקערייען, קוועטשערייען, חכמה׳לעך און קליגלענישן, שפילערייען אין ווערטער (צי גאָר זיך פאַרשטעלן פאַר אַזאַ אָדער אַ צווייטן צדיק, ווי עס איז געוואָרן אַ „מאָדע״ ביי געוויסע אידישע דיכטער?) וועלכע מיינען און זאָגן גאָרנישט...

אָט די דריי לידער, ווי אַ סך אַנדערע פון אברהם רייזענ׳ס לידער, ווי דער לעזער קען זען, זיינען נישט בלויז טיף־אויסגעזונגענע, בעל־קאַנטאָדיקע שורות, באַהויכט פון ריינע מאָצאַרטישע טענער, מעלאָדישקייט

און האַרמאַנישער גאַנצקייט, ווי די מייסטע רייזענ׳ס לידער, נאָר אויך טיף־דורכגעטראַכטע און נאָך מער טיף־דורכגעפילטע און דורכגעלעבטע, וואָס ווען צו יעדער צייט געפינען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין וואַרעמע מענטשלעכע הערצער און וואַרעמער מענטשלעכע נשמות.

דאָס איז דער טיפער סוד, פאַרוואָס דער גרויסער דיכטער אברהם רייזען האָט מיט זיינע לידער — און אויך מיט זיינע דערציילונגען — באַוויזן צו פאַרכאַפּן און צו פאַנגען ממש די הערצער און נשמות פון טויזנטער אידישע לייענער, יונג און אַלט — אפילו די קינדער פון די אידישע שולן איבער גאָר דער וועלט.

ווען איך וועל האַלטן ביים אונטערציען אַ סך־הכל פון מיין זינגער־רישער קאַריערע, וועל איך דעמאָלט פאַרצייכענען אָט דעם פאַקט: דאָס ערשטע אידישע ליד פון אַ אידישן דיכטער פון דער נייער אידישער ליטעראַטור און דער אידישער שפּראַך, וואָס איך האָב זיך געלערנט זינגען, — איז געווען אברהם רייזענ׳ס „מאי קאָ משמע לן״!

איך וועל דאָ אויך איבער׳חזר׳ן דאָס, וואָס איך האָב שוין נישט איינמאָל געשריבן, אַז קיין שום אידישער דיכטער פון דער נייער אידישער ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך, האָט נישט געהאַט די זכיה, אַז אַזויפיל אידישע קאָמפּאָזיטאָרס פון גאָר דער וועלט, זאָלן שרייבן מוזיק צו אַזאַ גרויסער צאָל לידער און פּאָעמעס, סיי פאַר סאָלאָ און סיי פאַר כאָר, ווי אברהם רייזען!

אויף צו פאַרענדיקן, וועל איך דאָ ברענגען אַ קורצן עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט מיט רייזענ׳עז, מיט וועמען איך האָב זיך גאַנץ אָפט געטראָפן אויף איסט־בראָדוויי, אויף אידישע קאָנצערטן, ספּעציעל אָבער אויף אידישע קולטור יום־טובים, וואו ער און איך פלעגן אָפט צוזאַמען אַרויסטרעטן. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון מיין שרייבן און אויך פון מיין זינגען. רייזען פלעגט אָבער אויך שטענדיק האָבן טענות צו מיר: למאי איך זינג, סיי אויף מיינע קאָנצערטן, סיי אויף דער ראַדיאָ און סיי אין רעקאָרדס — מער העברעאישע לידער, ווי אידישע? מיט מיין שרייבן, אגב, איז פאַרבונדן דער פריער־דערמאָנטער קורצער עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט מיט רייזענ׳עז.

עס איז געווען ערב ראש השנה. איך געדענק איצט נישט אַקוראַט, וואָס פאַר אַ יאָר דאָס איז געווען, אָבער עס איז געווען אינעם ערשטן העלפט פון די פערציקער יאָרן, אין סאַמע ברען פון דער בלוטיקער צווייטער וועלט־

מלחמה און פון די גרויסע דייטשישע מערדערישע שחיטות אויף אידן. איז אינעם ראש־השנה נומער „טאָג״, וואו איך בין דעמאָלט געווען אַ מיטאַרבעטער, דערשינען מיינס אַן אַרטיקל, אויב איך בין זיך נישט טועה, אונטערן טיטל „אין דיין געזאַנג זאָלסטו לעבן!״

דער אַרטיקל האָט, ווי עס איז באַוויזן געוואָרן, געמאַכט אַ שטיקל רושם נישט בלויז צווישן די לייענער, נאָר אויך צווישן אייניקע אידישע שרייבער און קולטור־מענטשן.

עס האָט יענעם ערב ראש השנה צו מיר אַהיים אָנגעקלונגען דער חשוב׳ער דיכטער און פיינער עסייאיסט, ב. י. ביאַלעסטאָצקי, וואָס האָט שטאַרק געלויבט דאָס אַרטיקל און האָט זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט, וואו אין וועלכער שול איך דאַוון, ווייל זיינע צוויי ליבע טעכטער, חנה און מירעלע, ווילן מיך קומען הערן „כל־נדרי״ יום־כיפור ביינאַכט.

ווי אויך צווישן אַנדערע, האָט יענעם ערב ראש השנה צו מיר אַהיים אָנגעקלונגען דער חשוב׳ער לערער פון די אַרבעטער־רינג שולן און דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר פון קעמפ „גן־עדן״ — און איצטיקער דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג קעמפּ און דירעקטאָר פון דער אַרבעטער־רינג מיטלשול — ת. בערנשטיין, וואָס האָט, סיי אין זיין אייגענעם נאָמען און סיי אינעם נאָמען פון זיין אַלטן טאַטן, אויסגעדריקט לויב פאַרן אַרטיקל.

אָבער די גרעסטע איבעראַשונג אויפן טעלעפאָן, איז פאַר מיר געווען אברהם רייזען׳ס קול:

— איך וויל אייך זאָגן, פריינט ירדני, — האָט רייזען אָנגעהויבן זיין טעלעפאָן־שמועס — אַז איר האָט היינט זייער אַ שיינעם אַרטיקל אין ראש־השנה־נומער „טאָג״ — און נישט נאָר דאָס, איך וויל אייך באַזונדערס שטאַרק באַדאַנקען פאַרן גרויסן חסד, וואָס איר האָט מיר היינט געטאָן.

— וואָס פאַר אַ חסד? — האָב איך רייזענ׳ען שטיל איבערגעפרעגט.

ווייל דעם אמת געזאָגט, זיינען מיינע געדאַנקען און געפילן, ווי יעדן אַנדערן ערב ראש השנה, אינגאַנצן אַריינגעטאָן געווען אין די ראש־השנה׳דיקע תפילות...

— עס האָט נאָך קיינמאָל נישט פאַסירט — האָט רייזען פאָרגעזעצט זיין געשפּרעך אויפן טעלעפאָן — אין מיין גאַנצער שריפטשטעלערישער קאַריערע, אַז אַ צייטונג, וואו איך בין געווען אַ מיטאַרבעטער, זאָל אַרויסגיין אַ יום־טוב׳דיקער נומער אָן מיינער אַ זאַך, אַ ליד אָדער אַ דערציילונג. היי־

יאָר אָבער האָב איך זיך טועה געווען, וואָס פאַר אַ טאָג עס פאַלט אויס ראש־השנה און איך האָב געבראַכט מיין דערציילונג אין „פאָרווערטס" אַריין שוין צו שפּעט, ווען דער גאַנצער ראש־השנה נומער איז שוין געווען אויסגעזעצט. האָב איך, ליבער פריינט ירדני, געהאַט גרויסן צער דערפון. העלפט גאָט, אַז איך קויף היינט אַ „טאָג", וואו איר הויבט אָן אייער באמת שיינעם אַרטיקל מיט מיינס אַ ליד.

און נאָך אַ קורצער פּויזע, האָט רייזען אַ צופרידענער פאַרענדיקט דעם טעלעפאָן־געשפּרעך מיט די ווערטער:

— נישט אַנדערש, ליבער פריינט ירדני, ווי די השגחה האָט זיך אויף מיר מרחם געווען!

דאָס ליד איז געווען איינע פון די דריי אויבנציטירטע לידער: „צום בעל־תפילה".

זאָל אים, דעם גוטן, ליבן אברהם רייזען, דעם גרויסן אידישן דיכטער און דערציילער, די ערד גרינג זיין...

יתגדל ויתקדש שמיה רבא!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, מאי 29, 1953, נ.י.

# דער „אַמבאַסאַדאָר" פון „קאַפע ראָיאַל"

די באַרימטע „ראָיאַל" קאַפע אויף סעקאַנד עוועניו, אין ניו יאָרק, איז געווען איינגעטיילט אויף צוויי טעריטאָריעס: איין טעריטאָריע מיט טישלעך, רעכטס, איז געווען באַזעצט פון אַקטיאָרן, דראַמאַטורגן, דירעקטאָרן, רעזשיסאָרן, טעאַטער־באַלעבאַטים, קאָמפּאָזיטאָרס און נאָך אַנדערע פונעם אידישן טעאַטער־געזעמל; די צווייטע טעריטאָריע מיט טישלעך איז געווען באַזעצט פון שרייבער, רעדאַקטאָרן, פּאָעטן, זשורנאַליסטן און נאָך אַנדערע פונעם אידישן שרייבער־צעך.

אין צענטער, גלייך ביים אַריינגאַנג פון דער קאַפע, איז געשטאַנען אַ קליין טישעלע מיט איין בענקל: דאָרט פלעגט זיצן דער „צאַר" פון די אידישע אַקטיאָרן־יוניע אין אַמעריקע, ראובן גוסקין. אין „טיל" פון דער „ראָיאַל" קאַפע, זיינען געשטאַנען טישלעך. אַרום וועלכע עס פלעגן זיצן

פּאַרקאָכטע שאַך־שפּילער, דאָמינאָ־שפּילער, קאָרטן־שפּילער און קיבע־צערס.

די צוויי טעריטאָריעס האָבן צווישן זיך געלעבט בשלום, אָבער מ׳האָט זיך נישט געמישט איינער מיטן צווייטן — צוויי באַזונדערע מלוכות, מיט קעניגן און קעניגינס, פּרינצן און פּרינצעסינס, גענעראַלן און אָפיצירן, קאַפּיטאַנען און פּראָסטע סאָלדאַטן.

ביי די אַקטיאָרן־טישן פלעגט מען זען זיצן: מאָלי פּיקאָן, דזשעני גאָלדשטיין, ציליע אַדלער, סעמועל גאָלדינבורג, איזידאָר קעשיר, אירווינג דזשייקאָבסאָן, הערמאַן יאַבלאָקאָוו, בעלאַ מייזיל, מרים קרעסין, אַננאָ אַפּעל, סימאָר רעכצייט, מנשה סקולניק, יוסף רומשינסקי, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי, אייבעלע עלשטיין, מיכאַל מיכאַלעסקאָ, אַהרן לעבעדעוו, מיכעלע ראָזענבערג, בערטאַ גערסטין, יעקב בן־עמי, אַמאָל אויך מאָריס שוואַרץ, יהודה בלייך, פּאָול באַראַטאָוו, יצחק פעלד, דזשייקאָב דזשייקאָבס און נאָך אַנדערע. אויף דער שרייבערישער טעריטאָריע ביי די טישלעך פלעגט מען זען זיצן: דר. איסר גינזבורג, אברהם רייזען, ז. וויינפּער, משה נאַדיר, יעקב גלאַטשטיין, יצחק ליבמאַן, א. לוצקי, חנא גאָטעספעלד, י. י. חיימאָוויטש, מ. אָשעראָוויטש, ל. קרישטאָל, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, דר. מאַרגאָשעס, אַמאָל אויך דר. קאָראַלניק, און נאָך אַנדערע.

חנא גאָטעספעלד׳ן האָט מען אין „ראָיאַל״ קאַפע גערופן „דער אַרומ־שפּאַצירנדיקער אַמבאַסאַדאָר״: מחמת ער פלעגט אַרומשפּאַצירן פון איין טעריטאָריע צו דער צווייטער, פון די שרייבער־טישלעך צו די אַקטיאָרן־טישלעך, און פון די אַקטיאָרן־טישלעך צו די טישלעך מיט שאַך־שפּילער, דאָמינאָ־שפּילער, אָבער דער עיקר צו די קאָרטן־שפּילער, ער האָט נישט געקענט צו לאַנג איינזיצן אויף איין אָרט. עס האָט אים אַלע מאָל געטראָגן אויף אַן אַנדער אָרט, וואו ער פלעגט זיך צוזעצן אויף אַ ווייל, דערנאָך זיך אויפהייבן און גיין צו אַן אַנדער טעריטאָריע, צו אַן אַנדער געזעמל. ער פלעגט האַלטן זיינע אויערן אָנגעשפּיצט: אויפכאַפּן דאָ אַ רכילות׳ל, דאָרט אַ פּליאָטקעלע, דאָ אַ שטילן סקאַנדאַלכעלע: ער האָט שטאַרק ליב געהאַט צו וויסן וואָס ביי דעם און ביי יענעם אין „טעפּל״ קאָכט זיך...

חנא גאָטעספעלד האָט געהאַט „בירגערלעכע רעכט״ סיי אין דער שרייבער־וועלט און סיי אין דער טעאַטער־וועלט. וואָרום אַחוץ אַ שרייבער, אַ הומאָריסט, און אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״ איז ער אויך געווען אַ

דראַמאַטורג, אַ מחבר פון אייניקע דערפאָלגרייכע פּיעסן — אַ שטייגער: „פּרנסה״, „מחותנים״, „ווען שטאַרבט ער״, „מלאכים אויף דער ערד״. אין דער פּיעסע „פּרנסה״ האָט גאָר שטאַרק אַרויסגעשײנט דער אַקטיאָר ראובן ווענדאָרף; און אין דער פּיעסע „מחותנים״ האָט זיך גרויסאַרטיק אויסגעצייכנט דער באַרימטער אַקטיאָר יוסף בולאָוו, און מיט אים אויך יהודה בלייך.

גאָטעספעלד האָט געהאַט זיינע אייגענע איינפאַלן, זיין אייגענעם חוש פאַר טעאַטער. ער איז געווען אַ הומאָריסט, וואָס האָט געהאַט דעם טאַלאַנט צו באַהויכן זיינע אַ פּיעסע מיט סאַטירישע איינפאַלן, באַצימערינגען מיט קאָמישע כאַראַקטערן און צאַפּלדיקע סיטואַציעס, וואָס זיינען געווען גוט פאַר דער בינע, פאַרן טעאַטער. „פּרנסה״ האָט שטאַרק „אָנגעריסן״, ווייל עס האָט גערעדט צום האַרצן פונעם אידישן טעאַטער־באַזוכער. עס האָט פאַרמאָגט שטיקער פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן, פּאַסירונגען און קאָנפליקטן. דער קאָנדוקטאָר, וואָס ראובן ווענדאָרף האָט אַזוי קאָמיש־טראַגיש פאַרגעשטעלט, איז געווען אַ היימישער געשטאַלט, אַ שטיק „עמך״, אַ פּראָסטער „חי־וקים״, אָבער אַ ליבער און וואַרעמער מענטשעלע, ווענען אַלע האָבן געקענט אויף דער איסט סאַיד, אין ברוקלין, אין בראַנזוויל, אין בראַיטאָן, אין קאָני־איילאַנד, אין בראָנקס, — אַ באַקאַנטער פיגורקעלע. מ׳האָט אים נישט געדאַרפט אויסטראַכטן, ניי באַשאַפן, ער איז אַ לעבעדיקער אַרומגעגאַנגען אויף די גאַסן און עווניוס פון די פריער דערמאָנטע געגנטן. מ׳האָט אים געטראָפן אויף ריווינגטאָן סטריט, אויף פיטקין עווענוי, אויף טרימאָנט עווענוי, אויף מאַרסי עווענוי, אויף קינגס־האַיוועי, און ערגעץ אַנדערש־וואו.

און „מחותנים״, ווידער איז געווען אַ שטיק אידיש לעבן, אַ שטיק סאַטירע, אַן אויסלאַכערישקייט פון די ערשטע יאָרן באַלד נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואו פּראַווען אַ „ברית״, „מל״ זיין אַ קינד, דורכפירן אַ חתונה „כדת משה וישראל״ איז געווען אַ שטיק רעאַקציע, אַ קלעריקאַלער פאַרברעכן, פאַר וועלכע עס איז געקומען צו משפּט׳ן — איבערהויפּט ווען דעם דאָזיקן „פאַרברעכן״ איז באַגאַנגען איינער וואָס איז געווען אַ קאָמוניסט, אָדער איינער וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קאָמוניסט.

די פּיעסע האָט פאַרמאָגט אי ערנסטע אויסלאַכערישקייט, אי אויך אַ סך

איבערטריבענע ליצנות... עס איז געווען אַ פּיעסע מיט אַ פּאַרמעסט אויף ערנסטע סאַטירע, און אַזעלכעס איז זיכער געווען, אָבער עס האָבן זיך אַריינגעריסן צוגעשפּיצקייטן און טאַנדעטנע שטעך... פונדעסטוועגן האָט די פּיעסעביים אידישן עולם שטאַרק אויסגענומען. צום דערפאָלג האָבן גאָר אַ סך צוגעטראָגן אי יוסף בולאָוו׳ס אויסגעצייכנטער קאָמישער שפּילן, אי יהודה בלייכ׳ס „איש־תמימות׳דיקער״ געשטאַלט, וואָס ער האָט מיט שטילע טענער דורכגעפירט.

ווי שוין באַמערקט, גאָטעספעלד איז געווען אַ נאָענטער „מחותן״ אי מיט דער שרייבער־וועלט, אי מיט דער טעאַטער־וועלט, — ער האָט געטאַנצט אויףביידע חתונות און איז געווען אויסגעקאָכט מיט די פּאַרשוינען פון ביידע מלוכות. ער האָט געהאַט זיינע פאַרדינסטן סיי ווי אַ שרייבער, אַ הומאָריסט, און סיי ווי אַ דראַמאַטורג. איך ווייס נישט ווי גרויס זיין חן איז געווען אין די אויגן פון זיין גרויסן רעדאַקטאָר, אב. קאַהאַן פון „פאָרווערטס״, אָבער ווען איך האָב איינמאָל אים אין האָפּמאַנ׳ס קאָפעטעריע אין מיאַמי ביטש געהערט שעלטן קאַהאַנ׳ען, בין איך געווען שאָקירט. ערשטנס האָב איך נישט ליב אַז מ׳שעלט זיך, ס׳איז מאַרקישעוואַטע, סעדיכעש, צווייטנס — ווי שעלט מען עס אַן אייגענעם רעדאַקטאָר?

אגב, לאָמיר דאָ פאַרצייכענען נאָך אַ פאַל פון שעלטעניש. איך בין אַמאָל געשטאַנען הינטער די קוליסן אויף דער בינע פונעם פּראָספּעקט טעאַטער, אין בראָנקס, וואו עס האָט געשפּילט דזשעני גאָלדשטיין מיט אַ טרופּע אין חיים ליבערמאַנ׳ס „דער נדר״, רעזשיסירט פון דוד הערמאַן. צווישן אַנדערע איז הינטער די קוליסן דעמאָלט אויך געווען ז. ליבין. דערוויל האָט איינער אַן אַקטיאָר דערמאָנט אַב. קאַהאַנ׳ס נאָמען אין שייכות מיט זיינער אַ קריטיק אין „פאָרווערטס״, און ז. ליבין, אָט דער שטילער ז. ליבין, האָט אַ זאָג געטאָן צום אַקטיאָר: „ס׳זאָלן אים אָפּגעדאַרט ווערן די הענט, ער זאָל נישט קאָנען מער שרייבן אַזעלכע קריטיקן״. איך האָב אויסגעדרייט מיין קאָפּ און האָב נישט געגלויבט, אַז איך הער אַזוינס פון אַ שרייבער בכלל — בפרט פון אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״? נאָר מאַלע וואָס...

נעענטער מיט גאָטעספעלד׳ן בין איך געוואָרן אין מיאַמי ביטש, וואוהין ער פלעגט קומען צופאָרן ווינטער־צייט. מיר זיינען איינמאָל אַפילו איינגע־שטאַנען אין דעם זעלביקן האָטעל — און געגעסן ביי איין טיש. דער אייגנ־טימער פון האָטעל, מר. אייב געפּטער, איז געווען אַ שטאַרקער חסיד פון

אידישע שרייבער, וועמען ער פלעגט רעכענען אַ ספּעציעלן פּרייז. אין דעם זעלביקן האָטעל פלעגט אויך איינשטיין דער פּאָפּולערער ראָמאַנען־שרייבער, שאול ספּיר — פריער פון „מאָרגן־זשורנאַל״, דערנאָך ווען ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין „פאָרווערטס״. קיין צו גרויסער ציכט איז גאָטעספעלד נישט געווען. ער פלעגט אויך נישט צו שטאַרק מקפּיד זיין אויף זיין אָנטאָן זיך. ווער עס האָט אים נישט געקענט, האָט אַוודאי געקענט מיינען, אַז ער איז אַן אָרעמער „שלימ׳מזל״, וואָס האָט נישט קיין „פּענע״ ביי דער נשמה...

איך האָב אים איינמאָל געפרעגט:

„גאָטעספעלד, פאַרוואָס פּוצט איר זיך נישט אויס אַ ביסל?״

„צו וואָס? איך שטיי דען אין שידוכים״

„און וואָס איז מיט אייער אייגענער ווייב?״

„מיין ווייב געפעלט איך אַזוי ווי איך גיי״.

ער האָט זיך, חלילה, נישט באַליידיקט אויף מיין פראַגע, מיר זיינען געבליבן די זעלביקע פריינט ווי פריער. איך האָב אים אויך איינמאָל, זיצנדיק ביים טיש געפרעגט:

„וואָס מאַכט עפּעס מיין פריינט רעגענסבערג?״

„ער האַקט אויף דער שרייב־מאַשינקע ווי מ׳האַקט האָלץ״.

„און ווי גייט עס דאָרט עפּעס אייער מיזיניק?״

„וועמען מיינט איר?״

איך האָב אָנגערופן דעם נאָמען פון איצטיקן רעדאַקטאָר.

„פרעגט מיך בעסער נישט!״

„וואָס הייסט? מ׳האָט דאָך יאַקבי אויף איסט בראָדוועי געשמועסט, אַז איר זענט געווען דער שדכן, וואָס האָט אים געבראַכט צום „פאָרווערטס״?״

„לאָמיר, קאָלעגע ירדני, רעדן פון פריילעכערע זאַכן!״

„אַ שטייגער?״

„אין וועלכן האָטעל וועט איר פּראַווען די סדרים?״

„טאַקע דאָ אין האָטעל קראָמוועל!״

„אַ שאָד וואָס איך וועל דאָ נישט זיין. אגב, וויל איך אייך זאָגן, ירדני, אַז איר געפעלט מיר, איר טרעט קיינעם נישט אָן אויף די הינער־אויגן״.

„אויב איך טרעט עמיצן אָן אויף די הינער־אויגן איז עס אומשולדיק, קיינמאָל נישט באַוואוסטזיניק. איך האַלט נישט, אַז לכך־נוצרתי — אַ מענטש

ווערט געבוירן צו טאָן גוטס, נישט קיין שלעכטס. איך גלויב אין שכר־ועונש, אַז קיין זאַך גייט נישט פאַרלאָרן. יעדערער קריגט זיין חלק שטראָף״.

מאָדנע: איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען נאָך אַ הומאָריסט מיט אַזאַ טרויעריק פּנים, ווי גאָטעספעלד. זיינע אויגן האָבן שטענדיק אויסגעזען ווי פאַרטרערט, ווי ער וואָלט געוויינט, ווי ער וואָלט געוועזן דער וואָס ער וואָלט נישט געוואָלט... אָבער מיר האָבן פאַרבראַכט אַ סך טעג אין אינטע־רעסאַנטע שמועסן וועגן שרייבער, וועגן ליטעראַטור, טעאַטער. ער האָט גאָר שטאַרק געהאַלטן פון משה נאַדיר׳ן און פונעם לעבעדיקן.

„משה נאַדיר איז געווען אונזער סאַמע חריפ׳דיקסטער און לשון־דערפינדערישער אידישער שרייבער. און דער לעבעדיקער מיט זיין שטילן הומאָר און קלוגע שטילע עסייען נעמט אייך דורך, ווי מיט אַ וואַרעמען שאַליק דעם האַלז!״

„און איר אַליין?״

„עך,״ — האָט ער אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט — „זאָלן אַנדערע ריידן וועגן מיר״.

איז אָט זאָג איך: גאָטעספעלד האָט געקענט זיין אי אַ פיינער הומאָ־ריסט, אי אַ פיינער דראַמאַטורג פון סאַטירישע דראַמען, נאָר ער איז ערגעץ אויפן וועג קאַליע געוואָרן. דאָך וועט ער אַזוי גיך נישט פאַרגעסן ווערן. זיין ביישטראָג צום אידישן טעאַטער וועט מען געדיינקען — און אפשר אויך זיינע קורצע הומאָרעסקעס...

„מאָרגן פרייהייט״, אָקט. 19, 1977, נ. י.

# רייד וועגן אַ גאון

„כּל עצמותי תאמרנה״, — אַלע מיינע גלידער טוען זינגען — זינגט ערגעץ דער זינגער פון אַלע פּאָעטן, דוד המלך, אין תהלים. און א. לוצקי, אַן אונזעריקער היינטיקער דיכטער, איינער פון די מוזיקאַלישסטע אין דער נייער אידישער פּאָעזיע, זינגט אין אַ שיר צו געזאַנג:

„די ערלעכסטע תפילה פאַר גאָט — אין געזאַנג\
זיינען מיר מתפלל — אַפילו מיטן גיין.\
גייענדיק, באַזינגען מיר, די ערד —\
מיט די טריט.

„אַפילו עסן איז אַ ליד.\
קייענדיק, באַזינגען מיר, די ביסנס —\
מיט די ציין.

„די זמירה פון זריעה —\
איז דאָס גרעסטע פון אַלע געזאַנגען.\
באַהעפטן איז קבלה.\
קדושה.

„אינאיינעם איז דער סוד פון אחד.\
געזאַנג פון צוזאַמען — איז געטלעכע פלאַמען.\
דאָס באַרירן פון די זוימען —\
איז דער שטאַם פון אַלע שטאַמען.

„לערנט אונז דער פסוק:\
כל עצמותי תאמרנה.\
אַלע מיינע גלידער טוען זינגען —\
נישט בלויז די נשמה.

„ס'איז דער רצון פון דער ליכטיקער נשמה,\
אַז דער גוף — זאָל אויך געגעצן ווערן.\
גוף און גייסט איז איין געצעלט —\
איין גרויס בית־המדרש פון דער וועלט״.

אָט דאָס ליד פונעם דיכטער לוצקי האָט זיך מיר שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון, אַזוי, אַז איך קען עס אויף אויסווייניק, ביי יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט ציטיר איך עס. פונקט ווי ווען איך האַלט אַ לעקציע וועגן

אידישער נגינה קען איך זיך נישט באַגיין גאָר אָן זיך אָפּשטעלן אויף חזן פינטשיק׳ס קלאַסיש מייסטערווערק „רזא דשבת״, אַזוי אַז איך האַלט אַ לעקציע וועגן געזאַנג, וואָס געזאַנג מיינט בכלל, בפרט פאַרן מענטשן, ועל כולם, פאַר גאָט, קען איך זיך נישט באַגיין אָן זיך אָפּשטעלן אויף לוצקי׳ס געבראַכטער ליד.

אַז אין יעדער טואונג, אַפילו אין דער סאַמע געוויינלעכסטער שבגעוויינלעכסטער, אין דער סאַמע וואָכעדיקסטער שבוואָכעדיקסטער, דאַרף זיין געזאַנג — דאָס איז אַ דבר־ידוע!

אָבער ס׳איז, — פאַרט נישט אַזוי. געזאַנג איז טאַקע דער קלימאַקס פון יעדער מין קונסט אויף דער וועלט, און, ווי שוין געזאָגט, פון יעדער טועכץ, אַפילו פון דער סאַמע וואָכעדיקסטער, אָבער וויפל קינסטלערס קענען עס באַווייזן? וויפל מענטשן קענען דערגיין צו אָט דעם קלימאַקס? זייער וויניק...

טראַכט איך דערפון יעדעס מאָל, בעת איך זיץ ביי אַ סימפאָנישן קאָנצערט און אויפן פאָדיום שטייט און פירט אָן מיטן אָרקעסטער נישט קיין אַנדערער, ווי אַרטוראָ טאָסקאַניני. אויב איך האָב אין מיין קינדהייט זיך פאַרגעשטעלט אין מיין דמיון אַ כוהן־גדול, זע איך אים יעדעס מאָל, ווען אויפן פאָדיום שטייט דער גרייז־גרויער מאַעסטראָ, ביי וועמען ניט בלויז די נשמה אַליין זינגט, נאָר ממש אַלע זיינע גלידער טוען זינגען. איך פיל נישט אַנדערש, ווי איך וואָלט געזעסן אין אַ מוזיקאַלישן אוהל־מועד!

צו זען און הערן אַרטוראָ טאָסקאַניני׳ן מיט דעם ען־בי־סי סימפאָנישן אָרקעסטער, איז אַן איבערלעבונג, וואָס לאָזט זיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. איך בין זיכער, אַז אַזוי פילן אויך די מיליאָנען אַנדערע מענטשן פון אַמעריקע, קאַנאַדאַ און פון איבער גאָר דער וועלט וועלכע זיצן ביי זייערע ראַדיאָס, יעדן שבת פאַרנאַכט, פון האַלב נאָך זיבן, צום בפירוש׳דיקן געזאַנג, וואָס טראָגט זיך פון דער בינע פון קאַרנעגי האָל, דער וועלטס סאַמע באַרימטסטער מוזיק־טעמפל, פריער איז עס געווען פון דער בינע פון דער באַרימטער סטודיאָ „עיטש״, פון דער ען־בי־סי ראַדיאָ געביידע, און ראָקעפעלער צענטער, וואָס די כוואַליעס פון דער ען־בי־סי ראַדיאָ־סטאַנציע ברענגט צו יעדן אַהיים, אונטער דער גאָלדענער פירערשאַפט פונעם מאַעסטראָ טאָסקאַניני.

אויב האַידנס סימפאָניע אין סאָל־מאַזשאָר, אויף איינעם פון די בראָד־

קעסטינג־קאָנצערטן, וואָס איך האָב לעצטענס בייגעוואוינט, האָט אונטער דעם כישוף־שטעקעלע פונעם גרויסן דיריגענט געקלונגען ווי ריינער געזאַנג, ווי עכטע שירה, מיט וועלכער דער מאַעסטראָ און דער ען־בי־סי סימפאָנישער אָרקעסטער האָט דערעפנט דעם בראָדקעסטינג פּראָגראַם, האָט אויפן זעלביקן קאָנצערט מוסאָרגסקי׳ס געניאַלע קאָמפּאָזיציע בילדער אויף אַן אויסשטעלונג, אָרקעסטרירט פון מאָריס ראַוועל, געקלונגען עכט־רעמבראַנדיש. איר האָט די קאָלירן פון די קלאַנגען נישט בלויז געקענט זען פאַר די אויגן; נאָר ממש אָנטאַפּן זיי מיט די פינגער. נאָך קיינמאָל פריער האָב איך אַזעלכע מאָלערישע טענער נישט געפילט און געזען דורך טאָסקאַניני׳ס שטייגער־דיריגירן און אויסטייטשונג פון מוסאָרגסקי׳ס באַרימט מוזיקאַליש־ווערק.

אָבער ווי נאָענט איינער זאָל נישט זיצן צו דער בינע, קען ער בשום אופן נישט זען און ווייט נישט אויפכאַפּן אַלע שטריכן פונעם מאַעסטראָס פנים ביים דיריגירן, ווי מ׳קען דאָס זען פון אַ קאָנצערט פונעם ען־בי־סי סימפאָנישן אָרקעסטער מיט טאָסקאַניני׳ן אויף טעלעוויזיע.

צו זען טאָסקאַניני׳ס פנים, ווי ער דיריגירט נישט בלויז מיט די הענט אַליין, נאָר אויך מיט די אויגן, מיט די ברעמען, מיטן שטערן, מיטן מויל, מיט די ליפּן, ווי יעדער אבר אין אים זינגט און זאָגט שירה, איז אַזאַ געפיל, וואָס מ׳קען עס בשום אופן נישט אויסמאָלן אויפן פּאַפּיר. איר זעט ווי דער גאַנצער אָרקעסטער גליט און פייערט ממש אונטער זיינע הענט און ווי זיינע אויגן בליאַסקען און פינקלען, טאַנצן אַרום פון איין פּאַרטיע שפּילער צו דער צווייטער, מיט אַזאַ יוגנטלעכקייט, מיט אַזאַ ברען און אייפער, וואָס איז שווער צו געפינען זיין גלייכן. גאָר ווינציק קינסטלער אויף דער וועלט קענען זיך באַרימען מיט אַזאַ גליקלעכער עלטער.

די גאונות׳דיקייט פון טאָסקאַניני׳ן באַשטייט נישט בלויז אין דער מייסטערשאַפט פון זיין דיריגירן אַליין, אָדער אין זיין וואונדערלעכער אויסטייטשונג פון דעם אָדער יענעם ווערק, נאָר אויך אין זיין פענאָמענאַלן זכרון. ווי קען עס אַ מענטש אַזויפיל געדיינקען? ווי קען ער עס אַלצדינג דיריגירן אויף אויסווייניק? וואו האָט ער גענומען אַזאַ גייסטיקע גבורה? פון וועמען האָט ער זי גע׳ירש׳נט? וואָס פאַר אַ בריליאַנטענע טענער, קלאַנגען, ניואַנסן, מוזיקאַלישע קאָלירן, מוזיקאַלישע פיגורן, מאָלערייען, שנירלעך פערל ציט ער אַרויס פון אַן אָרקעסטער.

די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן צום מאַעסטראָס 85־יאָריקן געבוירנטאָג, וואָס ער האָט געפּראַוועט מיט אַ פּאָר טעג פריער און אַ טאָג וואו איך האָב נעכטן אין קאַרנעגי האָל געהערט בעטהאָווענ׳ס ניינטע סימפאָניע אין רע־מינאָר, אָדער כאָראַלע סימפאָניע, די קרוין פון אַלע בעטהאָווענ׳ס ווערק, וואָס דער מאַעסטראָ האָט אויפגעשפּילט צו דעם 15־יאָריקן יובל פון זיין דיריגירן מיטן ען־בי־סי סימפאָנישן אָרקעסטער. ביידע פּאַסירונגען, אי טאָסקאַניני׳ס געבוירנטאָג און אי דאָס אויפשפּילן פון בעטהאָווענ׳ס ניינטע סימפאָניע, אונטער טאָסקאַניני׳ס דיריגענץ מיטן ען־בי־סי סימפאָנישן אָרקעסטער, מיט אַזעלכע פיר באַרימטע סאָליסטן, ווי דזשאָן פּירס, נאָרמאַן סקאָט, איילין פאַרעל און נען מערימען, מיטן באַרימטן „ראָבערט שאָ־כאָר״, זיינען געוואונטשענע טעמעס פאַר יעדן איינעם, וואָס די מוזיקאַלישע וועלט איז זיין טעגלעך ברויט.

וויפל טאָסקאַניני׳ס זיינען בכלל פאַראַן אויף דער וועלט? און וויפל נאָך אַזעלכע מוזיקאַלישע ווערק ווי בעטהאָווענ׳ס ניינטע סימפאָניע, קען מען געפינען אין דער מוזיק־ליטעראַטור? קיין זשעניס ווי טאָסקאַניני ווערן נישט געבוירן יעדן טאָג, נאָר אפשר איינמאָל אין אַ יאָרהונדערט. און אַזעלכע מוזיקאַלישע ווערק ווי בעטהאָווענ׳ס ניינטע סימפאָניע, איז ביז איצט דערווייל נאָך פון קיינעם נישט אָנגעשריבן געוואָרן.

עס איז איבעריק גאָר צו דערציילן אַפילו אַז וועגן טאָסקאַניני׳ן איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור אויף פאַרשידענע לשונות. און דאָס איז נאָך נישט אַלץ. מ׳וועט נאָך שרייבן און שרייבן וועגן אים. איצט, ווען די גאַנצע מוזיקאַלישע וועלט האָט אָקאָרשט געפייערט זיין 85־יאָריקן געבוירנטאָג, האָבן זיך אויפסנייַ באַוויזן צענדליקער אַרטיקלען און עסייען אין אַלע גרויסע צייטונגען און זשורנאַלן פון איבער גאָר דער וועלט, מיט ספּעציעלע אָפּשאַצונגען וועגן זיין העכסט־שעפערישן לעבן. מ׳דערציילט איבער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ווי אַזוי ער איז פון אַ טשעליסט אין אַן אָרקעסטער פּלוצלונג געוואָרן אַ דיריגענט, און אַז צו ניינצן יאָר האָט ער שוין גע׳שמ׳ט פאַר אַ מוזיקאַלישן עילוי.

פּאַסירט האָט אָט־וואָס: שפּילנדיק אינעם אָרקעסטער פון דער ריאָ־דע־זשאַנעראָ אָפּערע־הויז, אין בראַזיל, איז ביי דער פאַרשטעלונג פון „אַאידאַ״, שטאַרק אויסגעפייפט געוואָרן פונעם גאַנצן עולם דער דיריגענט, לעאָפּאָלד מיגועז, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּערע, און ער איז אַנטלאָפן

באַלד נאָכן ערשטן אַקט. קיין אַנדער דיריגענט, וואָס זאָל פאַרנעמען זיין פלאַץ, איז אויפן מאָמענט אינעם אָפּערע־טעאַטער נישט געווען, האָט דער יונגער טאָסקאַניני, וועלכער איז נאָך דעמאָלט קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט געווען, אָוועקגעלייגט זיין טשעלאָ און זיך געשטעלט אויפן פּאָדיום דיריגירן, און ער האָט תיכף באַוויזן אַזוינס, וואָס האָט אַלעמען איבעראַשט. די באַגייסטערונג איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס נישט בלויז צווישן עולם, נאָר אויך צווישן די זינגער און דעם כאָר אויף דער בינע — און נאָך מער צווישן די שפּילער פונעם אָרקעסטער!

זיינע קאָלעגן פון אָרקעסטער האָבן געוואוסט, אַז דער יונגער טשעליסט טאָסקאַניני איז אַ העכסט באַגאַבטער מוזיקער. זיי פלעגן אים שטענדיק כאַפּן ביי יעדער געלעגנהייט אַריינקוקן אין די ווערק פון די גרויסע קלאַסיקער, אָבער אויף אַזאַ גרויסן איבעראַשנדיקן טריאומף, און אויף אַזאַ מוזיקאַלישער בריה׳שקייט, האָבן זיי זיך נישט געריכט. אויף מאָרגן איז טאָסקאַניני׳ס נאָמען צעקלונגען געוואָרן איבער גאַנץ דרום־אמעריקע. זינט דעמאָלט איז טאָסקאַניני שוין פאַרבליבן אַ דיריגענט זיין גאַנץ לעבן. פון דער אָפּערע איז ער דערנאָך אַריבער צו סימפאָנישע אָרקעסטערס און איז געשטיגן אַלץ העכער און העכער, ביז ער איז געוואָרן דער גרויסער וואונדער פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט!

צווישן מוזיקער איז טאָסקאַניני באַוואוסט פאַר זייער אַ שטרענגן דיריגענט. ער פאָדערט פון יעדן קינסטלער הונדערט־פּראָצענטיקע פאַך־קענטעניש, מוזיקאַלישע שלימות און אַבסאָלוטע געהאָרכזאַמקייט. ער גייט קיינמאָל נישט איין אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן מיט וועלכן ניט־איז קינסטלער — מעג ער זיין דער גרעסטער און באַרימטסטער.

זיין מאָטאָ איז: ביסטו אַ קינסטלער, דאַרפסטו זען געבן פון זיך דאָס סאַמע העכסטע. און אויב נישט? — דאַרפט איר דעמאָלט זען, וואָס עס טוט זיך אָפּ ביי זיינע אַ פּראָבע: ער שרייט, בייזערט זיך, רייסט זיך ביים קאָפּ, וואַרפט אום די מוזיק־סטענדערס, צעברעכט דעם זייגער, אַנטלויפט פון דער בינע. מיט איין וואָרט: עס מוז זיין נאָר אַזוי ווי ער וויל, אַ האָר נישט אַנדערש!

מוזיקער וועלן אייך דערציילן, אַז עס איז זייער שווער מיט אים דורכצוקומען, אָבער — אַלע רייסן זיך צו שפּילן מיט טאָסקאַניני׳ן.

דער מאַעסטראָ איז אויך נישט קיין קליינע פּרימאַדאָנאַ. איר דאַרפט

לייענען טשאַרלס אָקאָנער׳ס בוך „דהי אַטהער סאַיד אָוו דהי רעקאָרד״ („די צווייטע זייט פון דער מטבעה״), וואָס איז אַליין אויך אַ גאַנץ באַוואוסטער מוזיקער און דיריגענט, און דער, וואָס האָט פאַר יאָרן־לאַנג געהאַט די אויפזיכט איבער דעם רעקאָרד־דעפּאַרטמענט ביי דער באַרימטער וויקטאָר פירמע, וועמען עס איז אויסגעקומען צו אַרבעטן מיט טאָסקאַניני׳ן אַ לענגערע צייט.

אָקאָנער דערציילט, למשל, אַז טאָסקאַניני לאָזט זיך גאָר אַנדערש נישט רופן, ווי נאָר מאַעסטראָ. ער דערציילט אויך, אַז טאָסקאַניני איז נישט אינגאַנצן פריי פון אייפערזוכט, פּשוט׳ע קאָלעגיאַלע אייפערזוכט, און, פון אַ היפּש ביסל קליינלעכער פּאָליטיק.

וועט איר דאָך פרעגן: ווי אַזוי פּאַרט זיך עס ביי אַזאַ גרויסן מענטשן? איז דער ענטפער: עס פּאַרט זיך. אַ סך גרויסע קינסטלער זיינען נישט פריי פון דער דאָזיקער חולאת...

נו, דאָס וואָס איך האָב דאָ דערציילט, קען אפשר באַטראַכט ווערן פאַר רכילות, און איך וויל וועגן טאָסקאַניני׳ן קיין רכילות נישט שרייבן איצט. אויב איר ווילט דווקא וויסן אַלץ, וואָס אָקאָנער שרייבט אין זיין בוך וועגן טאָסקאַניני׳ן, קענט איר עס אַליין טאָן אויף אייער אייגענעם חשבון.

הגם, איך קען קיינמאָל נישט מוחל זיין אַ קינסטלער, מעג ער זיין ווי גרויס, זיינע קליינלעכקייטן. איך האַלט נישט מיט די וואָס זאָגן, אַז די מעשים פון אַ קינסטלער איז איין זאַך, און זיין קונסט איז אַ צווייטע זאַך. איך האַלט, אויב איינער איז אַ נאה־דורש, דאַרף ער אויך זיין אַ נאה־מקיים. אָבער דאָס איז אַן ענין וואָס געהערט נישט אַהערצו. און, אפשר, געהערט עס יאָ, אָבער איך וויל זיך אין דעם איצט נישט אַריינלאָזן. עס איז אַ יובל־אַרטיקל. און אַזוי זאָל עס פאַרבלייבן.

נו, האָט ער, טאָסקאַניני, געוואָלט מאַכן אַקוראַט אַזאַ רעקאָרד, וואָס אַ קאָלעגע זיינער האָט שוין געמאַכט פריער — איז וואָס? קיין בייז איז פון דעם נישט אַרויסגעקומען. די וועלט איז צוליב דעם נישט אונטערגעגאַנגען — און זי וועט נישט אונטערגיין. נו, באַשטייט ער דערויף, אַז מ׳זאָל אים רופן מאַעסטראָ — טאָ וועמען אַרט עס? איז ער דען נישט קיין מאַעסטראָ — סיי־ווי?

מ׳טאָר בשום אופן נישט פאַרגעסן, אַז טאָסקאַניני, איז דער גדול־הדור אין דער מוזיקאַלישער וועלט. דאָס גיט צו אַפילו אָקאָנער, כאָטש מ׳קען

זייער לייכט זען אַז ער איז נישט אַזוי שוה־בשוה מיטן מאַעסטראָ, אַז טאָסקאַניני איז ווייט נישט זיין ראַמאַן. מסתמא האָט ער זיך זיינע חשבונות — און אפשר גאַנץ גערעכטע אויך. ווער קען עס וויסן? טאָסקאַניני׳ס נאָמען איז אָבער שוין געוואָרן אַ לעגענדע. עס מעגן איצט קומען שוין אַפילו נאָך צען אַנדערע אָקאָנער׳ס, וועט זיי שוין גאָרנישט העלפן.

און טאַקע: וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן אַלע קליינלעכקייטן, וועלכע מ׳שרייבט צו טאָסקאַניני׳ן, לגבי זיין געניאַלן טאַלאַנט און רייכן, פולן לעבן — רייך אין קינסטלערישע טואונגען און קינסטלערישע דערגרייכונגען?!

דאָ בעט זיך אויך צו זאָגן אַ וואָרט וועגן טאָסקאַניני׳ס פריינטלעכער באַציאונג צו אידן, וואָס איז באַוואוסט אין דער גאַנצער וועלט. אַחוץ דעם, וואָס ער האָט אַן איידעם אַ איד, דעם באַרימטן פּיאַנאָ־ווירטואָז וולאַדימיר האָראָוויץ, וועט זיין פריינטלעכער אַקט, וואָס ער האָט בשעתו אָנגענומען די איינלאַדונג פונעם קליינעם אידישן ישוב צו קומען קיין ארץ־ישראל און דאָרט דיריגירן אַ רייע קאָנצערטן מיטן ארץ־ישראל׳דיקן סימפאָנישן אָרקעסטער, לאַנג געדיינקט ווערן און וועט פאַרשריבן ווערן אויף אייביק אין דער געשיכטע.

די דאָזיקע נאָבעלע האַנדלונג פון טאָסקאַניני׳ן איז בשעתו געווען דער גרעסטער פּראָטעסט אין פּנים אַריין, וואָס ער האָט געגעבן סיי זיין אייגענעם לאַנדסמאַן מוסאָליני׳ן און סיי דעם בלוטדורשטיקן פון אַלע המנ׳ס — היטלער׳ן.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין ביירוט, וואו טאָסקאַניני פלעגט זיין גאָר אַן אָפטער גאַסט אויף די באַרימטע וואַגנער מוזיק־דראַמע פעסטיוואַלן, האָט זיך טאָסקאַניני בשעתו אָפּגעזאָגט צו פאָרן אַהין באַלד נאָך היטלער׳ס ערשטן פינצטערן אַקט פון פאַרברענען ביכער — באַזונדערס פון אידישע שרייבער, און פאַר אויסשליסן אידישע מוזיקער, דיריגענטן, און אויך אידישע קינסטלער פון אַנדערע קונסט־געביטן אין דעמאָלטיקן טרויעריקן, פינצטערן דייטשלאַנד.

איך קום צוריק צו בעטהאָווענ׳ס ניינטע סימפאָניע, וואָס איך האָב נעכטן נאָכמיטאָג אין קאַרנעגי האָל געהערט אויפשפּילן פון טאָסקאַניני׳ן מיטן ען־בי־סי סימפאָנישן אָרקעסטער. די אָוואַציע, וואָס דער מאַעסטראָ האָט געקראָגן נאָכן פאַרענדיקן דעם קאָנצערט, איז ממש אַן אומבאַשרייבלעכע. נאָך קיינמאָל פריער, האָט די אָדע צו פרייד און דער רוף צו ברידער־

לעבקייט, די צוויי עסענצן פונעם דאָזיקן וואונדערלעכן מוזיקאַליש־ווערק, נישט געקלונגען אַזוי הערלעך און דערהויבנדיק, אַזוי אָטעם־פאַרכאַפּנדיק און געטלעך, ווי דאָס מאָל אונטער טאָסקאַניני׳ס גאָלדענע הענט.

אַפילו טאָסקאַניני אַליין האָט ביי פריערדיקע אויפשפּילן פונעם זעלביקן קאָלאָסאַלן ווערק, קיינמאָל נאָך אַזוי נאָענט נישט צוגעקומען צום האַרץ פון דער דאָזיקער געניאַלער מענטשלעכער שאַפונג.

דער כאָר און די פיר באַרימטע סאָליסטן צוזאַמען מיטן גאַנצן אָרקעסטער און דעם דיריגענט, האָבן אינעם לעצטן טייל, אין דער פינאַלע, וואָס איז די נשמה פונעם ווערק, זיך געפונען אויבן אין הימל ממש!

מיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט פרייד און מיינע אויגן מיט טרערן. עס האָט זיך געוואָלט נאָכן פאַרענדיקן: זינגען, וויינען, לאַכן, טאַנצן, קושן, אַרומנעמען די גאַנצע וועלט, פאַלן אויפן האַלז אַ געליבטער, אויסדריקן ליבע צום באַשעפער פון אַלע מענטשן, פון אַלע חיות, פון אַלע גראָזן און ביימער, פון אַלע טייכן און וועלדער, עופות און פייגלען, פון אַלע ים׳ען און לענדער, פון דער זון און דער לבנה, ועל כולם — צום מענטשלעכן געניוס!

„ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״ — (דאַטע אומבאַקאַנט)

# די ביאַליק־אַטמאָספערע אין אַמאָליקן תל אביב

אין 1930, נאָכדעם ווי איך האָב מיט אַ יאָר פריער מיין ערשטע שרייבערישע טריט געשטעלט אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. קאַטץ, האָב איך אין אַ שיינעם טאָג באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ ישראל. פאַר דעם, צוויי יאָר פריער, האָב איך באַזוכט פוילן, רומעניע, איטאַליע, בעלגיע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, און איך בין צוריק געקומען ממש אַ באַנייטער מענטש. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז ווי גוט איינער זאָל נישט לערנען, לייענען ביכער, גיין אין טעאַטער, צו קאָנצערטן, מוזעאומס, איז נאָך בעסער צו זען לענדער, פעלקער, זאַכן מיט די אייגענע אויגן. און אויגן האָב איך

אַלע מאָל געהאַט גוטע. און אויערן — אויך גוטע. און אַ זכרון. — אויך אַ גוטן. דריי גוטע „מתנות", וואָס דער רבונו של עולם האָט מיר געשאָנקען — און איך האַלט זיך מיט זיי עד־היום...

ביי מיין טאַטן האָב איך גלייך גע׳פועל׳ט וועגן מיין פּלאַן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער מיט מיין מאַמען האָב איך געדאַרפט האָרעווען ביז איך האָב אַרויסגעקראָגן פון איר אַ „יאָ". עס האָט מיר געדויערט עטלעכע טעג, אַ וואָך, ביז איך האָב ביי איר גע׳פועל׳ט, אַז זי זאָל מיך לאָזן פאָרן. וואָרום ערשט מיט אַ יאָר פריער, אין 1929, האָבן דאָרט אויסגעבראָכן די אַראַבישע בלוטיקע פּאָגראָמען — טאָ, ווי האָט זי געקענט לאָזן איר מאַטעלע׳ן פאָרן? אָבער איך האָב זיך איינגעשפּאַרט און איך האָב אויסגעפירט.

נו, אָט איז דער חודש פעברואַר, און איך זיץ שוין אויף דעם שיף „מאַורעטאַניאַ" און פאָר קיין ארץ־ישראל! ניינצן טעג האָט געדויערט די רייזע, ווייל די שיף האָט זיך צוערשט אָפּגעשטעלט אין גיבראַלטאַר, דערנאָך אינעם פּאָרטוגעזישן אינזל מאַדעראַ, דערנאָך אין אַלזשיר, צפון אַפריקע, דערנאָך אין אַטענס, גריכנלאַנד, און פון גריכנלאַנד איז די שיף, אין אַ גאָלדענעם צעהעלטן פרימאָרגן, אָנגעקומען קיין חיפה.

אין חיפה האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ סלאָנימער לאַנדסמאַן, יאַנקל משה־מרדכי׳ס, יאַנקל מלמד, וועלכער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער „מזרחי פּאַרטיי" אין חיפה. אין וואָס זיינע פונקציעס זיינען באַשטאַנען, האָב איך נישט געוואוסט, אָבער ער איז געווען אַ „פּקיד", אַ באַאַמטער... איבערגעלאָזט האָב איך אים אין סלאָנימער אַן „אפּיקורס", וועלכער איז פריער געווען פרום, אָבער נאָכן סלאָנימער בלוטיקן פּאָגראָם זיינען אויפֿגעשטאַנען אַ גאַנצע מחנה „אפּיקורסים". און ווי האָט מען נישט געקענט ווערן קיין „אפּיקורס" אין אַזאַ בלוטיקע צייט? פונקט ווי עס האָט אויך געטראָפן פאַרקערט: אייניקע פריערדיקע „אפּיקורסים", איידער דער פּאָגראָם האָט אויסגעבראָכן, זיינען איבערנאַכט געוואָרן שטאַרק פרום...

איז נישט חיים ליבערמאַן, דער אַמאָליקער ראַדיקאַל, בעת דער ווילדער היטלער־מגפה, שטאַרק פרום געוואָרן? עס איז נישט געווען מער דער אַמאָליקער חיים ליבערמאַן, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם בוך „ליטעראַרישע סילועטן", און נאָך ענלעכע ביכער, און האָט געזונגען לויב־געזאַנגען צו ערנסט טאָלער, יודזשין אָ׳ניעל, און וועמעס התפעלות איבער געאָרג בראַנדעס׳ן, דעם וועלט־באַרימטן דענישן ליטעראַטור־קריטיקער, האָט

דערגרייכט ביזן הימל, און נאָך אַנדערע וועלטלעכע שרייבער פון דעם קאַליבער.

יאָ, איך האָב געטראָפן יאַנקלען משה־מרדכי׳ס, יאַנקל מלמד, אין „רעליגיעזן שפּאַן״ צוריק — אַ גליק, וואָס כאָטש אין דער „מזרחי־באַוועגונג״ און נישט אין דער עקסטרעמער „אגודה באַוועגונג״, צי גאָר ביי די „מאה־שערים׳ניקעס״?

איך האָב גאָרנישט געהאַט אויסצוזעצן קעגן יאַנקל׳ס איבערקערטן „פעלץ״, ווייל אין תוך איז ער געבליבן דער זעלביקער האַרציקער, גוטער מענטש, וואָס פריער אין סלאָוועשנע — אַ האָר נישט אַנדערש. אַיי, ער איז געוואָרן פרום צוריק און האָט נישט אויסגעטאָן דאָס קאָפּעלע ווען ער האָט מיך אויפן „הר־הכרמל״ געבראַכט צו זיך אַהיים, האָט מיך ווייניק געאַרט. איך האָב עס געהאַלטן פאַר זיינעם אַ ריינעם פּריוואַטן ענין. אַנשטאָט פון פּאָליטיק האָבן מיר גערעדט וועגן דעם און יענעם סלאָוועשנער לאַנדסמאַן, סיי די, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע און סיי די, וואָס האָבן געלעבט אין ארץ־ישראל — ווער אין חיפה, ווער אין ירושלים, ווער אין תל אביב, און ווער אין אַ קבוצה. אָבער ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז ווען איך וועל קומען קיין תל אביב זאָל איך אַריינגיין אין דער דאָרטיקער פּאָליציי־סטאַנציע און זיך נאָכפרעגן אויף חיים׳קען, חיים הערשל דעם זאַליאַזניקס, ראָזמאַן, וועלכער דינט אין דער תל אביב׳ער פּאָליציי.

„הייסט עס״, האָב איך צו אים געזאָגט, „האָבן מיר שוין אַ סלאָוועשנער פּאָליציסט אויך?״

„וואָס נאָך האָבן מיר?״ האָט יאַנקל ביי מיר איבערגעפרעגט.

„אָט, אַשטייגער, כדומה־למשל, איציק קיפּניס, וועלכער איז געוואָרן אַ באַרימטער אידישער שרייבער! ער איז דאָך דיינער אַ נאָענטער חבר געווען״.

„טאַקע״, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, „וואָס האָט ער אָנגעשריבן?״

„וואָס הייסט, האָסט נישט געלייענט זיין באַרימט געוואָרענעם בוך „חדשים און טעג״, וואו ער שילדערט דעם סלאָוועשנער פּאָגראָם?״

„ניין, כ׳האָב ליידער נישט געלייענט! מ׳דאַרף טאַקע אַריינגיין אין דער היגער ביבליאָטעק אויסגעפינען צי זיי האָבן דעם בוך, און אויב ער איז דאָרטן נישטאָ בעט איך דיך, מאָטעלע, אַז דו וועסט קומען קיין תל אביב, זאָלסטו מיך באַזאָרגן מיט דעם בוך!״

„זאָלסט זען, יאַנקל, ווי ער באַזינגט דאָרטן זיין בוזי׳ן, בוזי׳ן כייטשיקס — עכט שיר־השירים׳דיק!״

מער ווי איין טאָג בין איך אין חיפה נישט געשטאַנען, ווייל מיין ציל איז געווען וואָס גיכער צו זיין אין תל אביב. וועמען האָב איך געהאַט אין תל אביב? אַ חוץ פסח גינצבורג׳ן, וועלכער איז געווען דער שטענדיקער ארץ־ישראל קאָרעספּאָנדענט פון ניו־יאָרקער „מאָרגן זשורנאַל״, אַ ליפּקינער, אַ דאָרף, וואָס איז געלעגן אויפן געל־זאַמדיקן און געדיכט־וואַלדיקן שליאַך צווישן סלאָוועשנע און לאַגין, פּונקט אַזאַ שטעטל ווי סלאָוועשנע, און איז געווען אַ ברודער פון די צוויי באַרימטע גינצבורג־ברידער אין ניו יאָרק: דער פּאָעט דר. שמעון גינצבורג, און פּראָפעסאָר יקותיאל גינצבורג, וועלכער איז געווען אַ פּראָפעסאָר אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט אויף מאַטעמאַטיק און רעדאַקטאָר פון דעם וועלט־באַרימטן זשורנאַל „סקריפּטאַ מאַטעמאַטיקאַ״, האָב איך קיינעם נישט געהאַט.

איך האָב די אַלע דריי ברידער גוט געקענט; דערצו איז זייער טאַטע, אַ חריפ׳דיקער תנ״ך־קענער און גרויסער בעל־דיקדוק, הלל גינצבורג, געווען אין סלאָוועשנע מיין לערער. איך האָב אויך, פון דעם רעדאַקטאָר פון דער „אידישע וועלט״, געהאַט אַ בריוו צו גאָלדע מאירסאָן (די שפּעטערדיקע גאָלדע מאיר, די ערשטע ישראל־אַמבאַסאַדאָרשע אין סאָוועטן פאַרבאַנד, דערנאָך אויסערן־מיניסטאָרשע, און ווידער, דערנאָך, ישראל־פּרעמיערשע), וועלכע איז געווען די סעקרעטאַרין פון דער „מועצת הפועלות״, אַז זי זאָל זען, אַז מ׳זאָל מיך אומעטום אויפנעמען, בייהילפיק זיין מיט נויטיקער אינפאָרמאַציע, ווייל ער האָט אָפּגעמאַכט מיט מיר אַז איך זאָל שרייבן אַ סעריע אַרטיקלען פאַר זיין צייטונג — כאָטש מיין הויפּט־אינטערעס, ווי היינט, איז געלעגן דורכאויס אין מוזיק, טעאַטער, ליטעראַטור, נישט אין קיין פּאָליטיק אָדער סתם איינדרוקן פונעם לאַנד און פון די קבוצות.

איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין געווען שטאַרק איבעראַשט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו באַקענען זיך מיט דער הונדערט־פּראָצענטיקער אידישער שטאָט תל אביב! תל אביב פון 1930 איז געווען אַ מוסטער פון אַן אויסגע־חלום׳טער אידישער שטאָט — ווי אַ שיינער גאָרטן, מיט ווייסע פאַר־חלום׳טע הייזער, ווי אַ ווייסער חלום, אויף אַ שטיק זאַמד, וואָס האָט זיך פון טאָג צו טאָג צעוואָקסן — עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט גלויבן, אַז אידן מיט דורכאויס אידישע הענט, האָבן זי אויסגעבויט! פון וואַנען, פון

וואָס, ווי אַזוי? ווער האָט זי אויסגעקלערט? ווער האָט זי פּאַרווירקלעכט? די ווייסקייט פון די הייזער האָבן געבלענדעט די אויגן, נישט ווייניקער ווי די גרויסע שטערן ביינאַכט אויפן תל אביב׳ער לויטערן, בלויען הימל! אַ שטאָט, וואו אייביקער פרילינג האָט געזונגען, געלויכטן און געבלענדעט!

פּערציק טויזנט אידישע איינוואוינער האָט געהאַט תל אביב, און אַלע איינס אין איינס, ווי אויסגעקליבן אויף אַ ווייסטאַוועקע — יוגנטלעכע, ענערגישע, אַמביציעזע, מונטערע און פריילעכע, ווי אויף אַ גרויסער נגיד׳ישער חתונה, וואו די קלעזמער הערן נישט אויף צו שפּילן בייטאָג און ביי נאַכט, שיער נישט אַ גן־עדן!

און די קרוין פול תל אביב, ווי פונעם גאַנצן אידישן ישוב, איז דער וועלט־באַרימטער, גרויסער, נאַציאָנאַלער העברעאיש־אידישער פּאָעט, חיים נחמן ביאַליק, צו וועמען אַלע בוקן זיך, נויגן זיך, און גיבן אים אָפּ כבוד! וואָס הייסט כבוד? איז דען געווען אַ ליטעראַרישע אָדער אַ קינסטלערישע שמחה בכלל אין תל אביב, וואו ביאַליק האָט זיך נישט באַטייליקט און איז נישט געווען דער ראש־המדברים? אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט, אַלע האָבן אים באַוואונדערט, ווי חסידים האָבן באַוואונדערט אַ רבי׳ן, אַלע האָבן אים געליבט און גערעדט פון אים. אַז ער פלעגט מיט ראַווניצקי׳ן אָדער מיט פיכמאַנ׳ען גיין שפּאַצירן אויפן ברעג־ים, אָדער אויף רחוב אַלענבי, האָבן זיך אַלע אָפּגעשטעלט אויף אים קוקן, ווי ער וואָלט געווען דער „וואונדער־קינד" פון לאַנד!

ביאַליק, מיין ביאַליק! איז ער דאָך געווען מיין ביאַליק פון מיין פריסטער יוגנט־אָן; אַזוי שנעל ווי איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען העברעאיש און איך בין אַריבער צום דריטן טייל „דיבור־העברי", וואו זיין ערשט ליד „אל הציפור" איז געווען אָפּגעדרוקט, האָב איך דערפילט דעם טעם פון זיין וואָרט, פון זיין קלאַנג, פון זיין מיין, זינג און זאָג! און אַז איך האָב שוין דערגרייכט צום „הסגנון העברי", אָדער צום דיקן „ביכורים", האָב איך ערשט דעמאָלט דערפילט דעם אמת׳ן חיים נחמן ביאַליק, דעם גרויסן אידישן משורר — אפשר דער גרעסטער נאָך דער שפּאַנישער עפּאָכע, ווי: איבן־גבירול, אבן־עזרא, יהודה הלוי!

דעם געוויין פון ירמיהו הנביא האָב איך נישט בלויז געהערט אין די קינות, וואָס אידן זאָגן תשעה באָב, נאָר אויך אין ביאַליק׳ס „בעיר ההריגה", אָדער ווי עס האָט געהייסן „מעשה נמירוב", — אַ יאָמער אויפן קישענעווער

בלוטיקן פּאַגראָם! היינט ביאַליק׳ס „שירי־חורף״ (ווינטער־לידער), זיין „הבריכה״ (די סאַזשעלקע), „צפרים״ (שרעטעלעך), „שירי־זעם״ (לידער פון צאָרן), „שמים, בקשו רחמים עלי״ (הימלען, בעט גאָט פאַר מיר), אָדער זיין דערציילונג „אריה בעל־גוף״, און זיינע קלוגע, שאַרפזיניקע עסייען, וועמעס געדאַנקען און טיפקייטן פאַרגייען אין די ביינער — מען קען זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

אָבער נישט קיין „קריטיק״, חלילה, בין איך דאָ אויסן צו שרייבן, נאָר וועגן ביאַליק׳ן דעם מענטש, וועגן דעם וואָלינער ביאַליק׳ן, דעם קלוגן שמועסער, דעם וואַרימען אוקראַינער איד, דעם פריילעכן און נשמה׳דיקן, דעם האַרציקן און היימישן פאַרשוין.

יאָ, אַ שטאַרק וואַרעמער איד איז געווען ביאַליק. ער האָט זיך געקענט באַגייסטערן מיט אַ יונג קינד, נאָך וועלכן ער האָט אַלע זיינע יאָרן געבענקט, אָדער נאָכן לייענען אַ גוט ליד, אַ דערציילונג, אַן עסיי, אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַ בוך, אַ שרייבער, אַ קאָנצערט, אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, וועגן אַ זמר׳ל, אַ חסידישן ניגון, און אַ געוויינלעכן שטיקל נוסח. ער פלעגט גאַנץ אָפט דערמאָנען דעם חזן פון זשיטאָמיר, שמאַי, וואו זיין זיידע האָט געוואוינט און וואוהין ער פלעגט אָפט קומען צופאָרן. געזאַנג און פידל זיינען געווען פון זיינע בעסטע הנאה׳ס. פידל איז ביי אים געווען דאָס חיות מיטן לעבן — פונקט ווי אַ געשמאַקער ניגון! ער פלעגט ליב האָבן זיך פאַרגיין אין אַ פשוט׳ן, וואָכעדיקן, מנחה׳דיקן דאַוונען אויפן וואָלינישן שטייגער, וואָס האָט געהאַט דעם טעם „עפּעס״ פונעם ימים נוראים׳דיקן נוסח...

גאַנץ אָפט פלעג איך אים הערן זאָגן צו ראַווניצקי׳ן, אָדער צו דר. יהודה קויפמאַן אָדער צו יעקב פיכמאַנ׳ען: „אָט, אַשטייגער, וועל איך אייך זאָגן אַ שטיקל פון דער וואָכעדיקער שמונה־עשרה, ווי איך האָב עס געהערט בעת מיין גיין אין שול אין זשיטאָמיר. אין אָדעס האָב איך עס נישט געהערט, דאָרט האָט געהערשט פיניע מינקאָווסקי, וועלכער האָט געזוכט נאָכצומאַכן סולצער׳ן פון ווין. איך האָב פיינט, אַז מ׳פרעפּעלט, איך האָב ליב צו הערן האַרץ, נשמה. איר זעט אָט דעם בחור׳ל, האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף מיר, ער פאַרמאָגט האַרץ, נשמה, און ווייסט איר פאַרוואָס, ווייל ער איז אַ וואָלינער, איך האָב געקענט דעם זיידן זיינעם פון קאָראָסטין און אויך זיין טאַטן, איידער ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין מאַמע פון סלאָוועשנע.

„עך, סלאַוועשנע, קאַראַסטין, אָדער ווי די אידן האָבן גערופן איסקאַראַסט, אושאָמיר, אָוורוטש, נאַראַדיטש, נאַרינסקי, וולעדניק — ס'אַראַ טייערע אידישע שטעטלעך דאָס זיינען געווען! איר קענט זיי פאַר קיין שום געלט אין דער וועלט נישט קויפן! אויסקושן האָט מען זיי געדאַרפט, אפילו זייער שטויב איז געווען מיט גאָלד צוגלייך! ווען מיר אין אונזער לעבן נאָך זען אַזעלכע געשמאַקע אידישע שטעטלעך, ווי היימישער ראַזעווער ברויט, וואָס די אָרימע מאַמע מיינע פלעגט אָפּבאַקן? דעם וולעדניקער „אוהל", וואוהין מיין מאַמע פלעגט יעדן יום־כיפור־קטן פאָרן! עך, מאַמעלעך, וואָס עס פלעגט זיך דאָרטן אין וולעדניק אין אַ „יום־כיפור־קטן" אָפּטאָן ביים „אוהל"! אידן, מענער און פרויען, פון אָדעס, פון כאַרקאָוו, פון יעקאַטערינאָסלאַוו, פון זשיטאָמיר, און פון וואַנען נישט, פלעגן קומען צום הייליקן צדיק, און אַריינלייגן קוויטלעך אין „אוהל". מען פלעגט שלאָפן אין דרויסן אויף די הויפן, אויף די גאַסן, ווייל ס'איז נישט געווען אין וולעדניק קיין אכסניה'ס, ס'איז נישט געווען וואו צו באַלייגן אַזויפיל מענטשן, רייכע, אָרימע, אַלערליי אידן, למדנים און אַמעראַצים, סוחרים און באַלעגאָלעס, מ'האָט זיך אויסגעמישט ווי איין משפחה, ווי מען וואָלט זיך אָנגעפאָרן אויף אַ גרויִסער חתונה. היינט די געוויינען! מאַמעלעך, זיי האָבן דאָך ממש געשפאָלטן די הימלען! דער רבונו של עולם איז געווען שטאַרקער פון אייזן, אַז ער האָט עס געקענט אַריבערטראָגן!"

אַז ביאַליק פלעגט זיך צורעדן, איז געווען ווי צען מילן וואָלטן זיך צעמאָלן, ס'איז שווער געווען אים איינצוהאַלטן. קיין שום כוח אין דער וועלט האָט אים נישט געקענט אָפּשטעלן: די איינציקע, וואָס האָט געהאַט אַ שליטה איבער אים, איז געווען זיין צאַרטע, שטילע, איידעלע פרוי, מאַניא, אָדער „מאַנישקאַ", וועלכע איז געווען ביי אים דאָס אויג פון קאָפּ. כאָטש קיין קינדער האָט זי אים נישט געבוירן, און ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך אַ קינד! לויטן אידישן דין האָט ער אַוודאי צען יאָר נאָך דער חתונה געקענט אָפּ'גט'ן זי, אָבער ביאַליק וואָלט דעמאָלט נישט געווען ביאַליק ווען ער וואָלט עס געטאָן. פאַרקערט: וואָס גרעסער זיין בענקעניש איז געווען נאָך קינדער, אַלץ מער האָט ער זיין מאַנישקאַ'ן געהאַט ליב, אַלץ מער כבוד האָט ער איר אָפּגעגעבן. עס איז געווען ווי אַ זיווג מן־השמים, זי האָט אים אָפּגעהיט ווי מ'היט אָפּ אַ קליין קינד: חיימ'ל, ווילסט אפשר אַ גלאָז טיי? אַ טעפּעלע מילך? אַ פרוכט?" זי האָט אים צוגעטראָגן אין צייט דאָס עסן,

געזען, אַז ער זאָל זיך בייטאָג צולייגן כאַפּן אַ דרעמל, נישט איבעראַרבעטן זיך, און האָט אויך אַכטונג געגעבן, אַז מ׳זאָל אים נישט צופיל שטערן אין זיין אַרבעט.

ווען ביאַליק פלעגט זיצן אין זיין ביבליאָטעק פאַרטיפט אין זיין אַרבעט, האָט זי קיינעם נישט אַריינגעלאָזט. „איך בעט אייך", פלעגט זי שטיל זאָגן ווי אַ מאַמע, „ער האָט נישט ליב אַז מ׳רייסט אים אָפּ פון דער אַרבעט". דער איינציקער, וואָס האָט געקענט אַריין און אַרויס צו ביאַליק׳ן, איז געווען זיין אַלטער פריינט פון אָדעס, ראַווניצקי; ער איז געווען אַ שטענדיקער בן־בית ביי ביאַליק׳ן. אויך דער לירישער פּאָעט יעקב פיכמאַן איז געווען אַ „יוצא ונכנס" ביי ביאַליק׳ן. פון די אינגערע פּאָעטן האָט ביאַליק דווקא יאָ געהאַלטן פון אורי־צבי גרינבערג און אברהם שלאָנסקי, אָבער ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן זייער „תקיפ׳דיקייט" און „עזות׳דיקייט".ביידע האָבן געהאַט שאַרפע פענס און זיינען געווען גרויסע קענערס פון דעם העברעאישן לשון. אורי־צבי גרינבערג האָט געשריבן מיט אַ פלאַם־פייערדיקן טאָן און גוסט פון „נביא׳ישקייט", און שלאָנסקי האָט געשריבן מיט חריפות׳דיקייט, געשליפענע וואָרט־דערפינדערישקייט און „שקאַצעוואַטעדיק". ער איז אויך געווען אַ פרעכטיקער איבערזעצער איבערהויפּט פון רוסיש אויף העברעאיש און פון העברעאיש אויף רוסיש.

ביאַליק איז נישט געווען קיין פרומער, אָבער ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון טראַדיציאָנעלע מנהגים, פון אידישע ימים־טובים, אפילו פון אַזעלכע טעג, ווי „עשרה בטבת", „אסתר תענית", „צום גדליה" — שוין נישט רעדנדיק פון אַ „שבעה עשר בתמוז" אָדער אַ „תשעה באב". ער האָט געטראָגן אין זיך אידישקייט, מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים ושס"ה גידים...

ווער קען פאַרגעסן, אַ שטייגער, די פרייד, וואָס פלעגט זיך ביי אים אין שטוב און אַרום זיין שטוב מיטן פיינעם גערטנדל מיט אַלערלייביימער, אין דרויסן אויף דער גאַס, אָפּטאָן שמחת תורה! מ׳קען זאָגן, אַז גאַנץ תל אביב, יונג און אַלט, פלעגן אין משך פונעם גאַנצן טאָג, קומען יום־טוב׳ן מיט ביאַליק׳ן דעם יום־טוב שמחת תורה! די פרייד האָט אַריבערגעשטיגן אַלצדינג אין דער וועלט, עס איז אַריבער אַלע ברעגן. קולות, טענץ און געזאַנג, האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן, ווי פרילינג־ווינטן איבער בערג און טאָלן! עס איז גאַרנישט געווען קיין שיעור און קיין סוף צו דער

קוואַליקער פרייד, וואָס עס האָט אַרויסגעזוונגען פון אַלע שפּאַלטן, פון אַלע קעמערלעך, פון אַלע ווינקלען!

די ווייסע זאַמדיקע בערג, וואָס האָבן אַריבערגעקוקט פון יענער זייט „עיריה״ צו ביאַליק׳ס שיינער אַרכיטעקטאָנישער הויז, האָבן, וואָלט איך געשוואוירן, מיטגעזונגען און מיטגעטאַנצט. ס׳איז געווען אַ פאָלקס־פרייד, וואָס איז געפלאָסן פון וואַרימע הערצער אין פאַרערונג פאַרן גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער! די גאַנצע שטאָט האָט געיובל׳ט! קיין שום אַנדערער מענטש אין לאַנד, האָט נישט זוכה געווען צו אַזאַ חשיבות, צו אַזאַ פאַרגעטערונג, צו אַזאַ אַרויפקוק, ווי ביאַליק! ער איז געווען דאָס האַרץ פון תל אביב און פונעם גאַנצן אידישן ישוב. גאַנץ ארץ ישראל איז געווען אָנגעפילט מיט זיין גייסט, מיט זיין אָנוועזנקייט; ער איז געווען דער נישט־געקרוינטער מלך, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען ביאַליק!

אָט זע איך אויפן ראָג פון רחוב ביאַליק, לעבן דער אַלענבי גאַס, שטיין די שרייבער: ש. בן־ציון, אביגדור המאירי און יהודה בורלא, דריי פאַר־שידענע שרייבער, דריי פאַרשידענע וועלטן, און שעפּן נחת פון דער עמכ׳־דיקער פרייד, וואָס טראָגט זיך אַרום ביאַליק׳ס שטוב — אַ משפּחה׳דיקע פרייד, וואָס האָט אָנגעפילט די לופט מיט חדוה׳דיקייט. ש. בן־ציון האָט געהערט צום עלטערן דור שרייבער, פון דעם אָדעסעדיקן דור, אַן איינגע־בירגערטער אין דער העברעאישער ליטעראַטור. אביגדור המאירי, דער אינגערער, איז געווען דער מחבר פון דעם גרויסן ראָמאַן, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויף דער סקאַלע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה „השגעון הגדול״. אַ וויכטיקער ראָמאַן, און ס׳איז אַ שאָד, וואָס ער איז נישט איבערזעצט געוואָרן אין אידיש און איז כמעט אומבאַקאַנט דעם אידישן לייענער. עס וועט פון מיין זייט נישט זיין איבערטריבן צו זאָגן, אַז המאירי׳ס ראָמאַן „השגעון הגדול״ שטייט נישט אָפּ פון עריך רעמאַרק׳ס וועלט־באַרימטן מלחמה־ראָמאַן „אויפן מערב פראָנט קיין נייס״, וואָס דער יונגער יצחק באַשעוויס האָט אין זיינע פריסטע שרייבערישע יאָרן איבערזעצט אין וואַרשע און איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. און יהודה בורלאָ האָט געשריבן דער עיקר פונעם לעבן פון די ספרד׳ישע אידן — דריי פאַרשידענע שרייבער, אָבער ווען ס׳איז געקומען צו שעפּן די אידישע פרייד, וואָס איז געפלאָסן אין אַ שמחת־תורה׳דיקען טאָג לעבן ביאַליק׳ס הויז, האָבן אַלע דריי שרייבער זיך געטיילט אויף גלייכע חלקים.

און אַט, ווידער, איז ערגעץ פון אַ זייט אָנגעקומען דער באַקאַנטער העברעאישער פעדאַגאָג און שרייבער פון ניו יאָרק, דניאל פערסקי, וועלכער האָט געטראַכט פון זיך באַזעצן אין ארץ ישראל, אָבער ער איז דערנאָך צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע, אין זיין באַליבטער שטאָט ניו יאָרק. פערסקי האָט מיט זיינע פאַרזשמורעטע אויגן און צעשמייכלטן פנים צו מיר אַ זאָג געטאָן „נו, וואָס זאָגסטו עפּעס צו אָט דער שמחה?״ וואָס האָב איך געהאַט צו זאָגן: איך האָב געגאַפט און שוין! וואָס קען מען זאָגן, ווען אַ פאָלק יובל׳ט! ווען „עמך״ שאַלט מיט פרייד! גאַפן! דאָס איז אַלץ, וואָס האָב איך געקענט זאָגן מיין פריינט פערסקי׳ן, וועמען איך האָב גוט געקענט פון ניו יאָרק — דעם גרויסן העברעער און גרויסן „עקשן״, וואָס איז נישט בלויז געווען פאַרליבט אין העברעאיש, ווי אַ חתן אין אַ כלה, נאָר פלעגט אויך ליב האָבן אַרויסצוקומען אויף „וויקענדס״ אין קעמפּ „נישט געדאַיגעט״, וואו ער פלעגט פירן שפּראַכיקע וויכוחים מיט אַלגינ׳ען; איבערהויפּט פלעגט ער זיך „אַרומשפּילן״ מיט משה נאַדיר׳ן, צווישן וועמען עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקער „ווערטער שפּיל״. פערסקי איז געווען אַ „קלאַסישער טיפּ״ פון אַמאָליקן ניו־יאָרקער צאַפּלדיקן אידישן לעבן — אַ קלוגער „טשודאַק״ און אַ גוטמוטיקער...

ביאַליק איז געווען אויף די ליפּן פון יעדן אידן אין ארץ ישראל. פון דער יוגנט אין די שולן, ביז די חלוצים אין די קבוצות און איכרים (פּויערים) אין די מושבים (דערפער). פון נס־ציונה ביז נהלל, פון ראשון לציון ביז זכרון יעקב, פון עין חרוד ביז כפר גלעדי, פון דגניה ביז פּתח תיקוה, פון רחובות ביז כפר סבא, פון עפולה ביז הרצליה — אומעטום, און איבעראַל, האָט מען גערעדט און געלייענט ביאַליק׳ן.

זיין בוך לידער „שירי ביאַליק״, האָט זיך געפונען אויף יעדן טיש און איז אַרויס אין איין אויפלאַגע נאָך דער צווייטער, וואָס דער עולם האָט ממש צעכאַפּט ווי מצה־וואַסער. וואו נאָר אַ שמחה, אַ קערמעשל, אַ ליאַמע, איז ביאַליק׳ס בוך לידער געווען פון די ערשטע איופן צעטל צו ברענגען אַ מתנה. אַזאַ פאַרערונג און אַזאַ ליבשאַפט צו אַ שרייבער, איז זעלטן געווען צו געפינען. ביאַליק איז געווען דער „חכם־עטיק״, וואָס האָט געשפּרודלט מיט אידישער חכמה, מיט פאַרטיפטער אידישער למדנות, אידישן וויסן, פאַר וועלכן אויך נישט־אידן האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ.

מאַקסים גאָרקי, דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער, איז געווען

צווישן ביאַליק׳ס גרעסטע חסידים. ווייל דורך ביאַליק׳ן האָט אַרויסגערעדט דאָס קול פון „ישראל־סבא״; דאָס קול פון תנ״ך; דאָס קול פונעם ים־התלמוד; דאָס קול פון משנה און זוהר; דאָס מאָנענדיקע קול פון דור־דורות׳דיקן אידישן לעבן; דאָס קול פון אידישער געשיכטע, טראַדיציע, מנהגים, איינגעפונדעווטקייט און פאַרוואָרצלטקייט. ער איז געווען דער „עמוד האש״, וואָס האָט באַלויכטן דאָס גראָע אידישע לעבן און האָט מיט זיין פייער אָנגעצונדן דעם אידישן גייסט. זיין וואוינען אין ארץ ישראל איז געווען פאַרן אידישן ישוב אַ קוואַל פון האָפענונג און גבורה, פון קולטור און דערציאונג, פון קאַמף און המשך, פון ווירדע און דרך־ארץ. ער האָט מיט זיין אָנוועזנקייט, פשטות און גאונות׳דיקייט, ליבשאַפט פאַרן אייגענעם פאָלק, פאַר דער אייגענער לאַנד, אייגענע ערד, פאַר דער אייגענער האַרוואַניע, פאַרמעסט און דערגרייכונג, פאַר אַנטקעגנשטעלן זיך דעם מעכטיקסטן, דעם שטאַרקסטן, נישט אַרויסווייזן קיין שום פּחדנות — און גלייכצייטיק קעגן ברוטאַליטעט, הפקירות און עקספּלואַטאַציע, באַווירקט דעם גאַנצן ישוב.

ביאַליק׳ס גייסט האָט זיך געלאָזט פילן אין אַלע ווינקלען פונעם לאַנד. אין חיפה און ירושלים, אין צפת און טבריה, און פון זיין אייגן שטאָט תל־אביב איז דאָך אָפּגערעדט! דאָרט איז ער געווען דער מלך — דער נישט־געזאַלבטער קעניג איבער אַלע האַרן! אַלע שרייבער, אַלע קינסטלער, סיי פון דער „הבימה״, סיי פונעם „אוהל״, האָבן צוגעלייגט אַן אויער צו ביאַליק׳ס רייד. אפילו דער „שקאָצעוואַטער״ אַבאָ אַחי־מאיר, דער רעדאַקטאָר פון רעוויזיאָניסטישן „דואר היום״, האָט זעלטן געוואַגט צו שרייבן אַ קרום וואָרט אויף ביאַליק׳ן, ווייל עס האָט געמיינט אָנצינדן אַ פייער ביים ישוב, און דאָס האָט קיינער נישט געוואָגט. מ׳האָט געקענט קריטיקירן דעם הימל און דער לבנה, אָבער נישט ביאַליק׳ן — דאָס איז געווען אַ הייליגטום, פאַר וועמען אַלע האָבן געהאַט דרך־ארץ...

מיר געדיינקט זיך גאָר שטאַרק די „שבת־צו־נאַכטן״ ביי דר. יהודה קויפמאַנ׳ען אין שטוב, אויף רחוב גאולה, נישט ווייט פון שפת־הים, וואו עס פלעגט זיך צונויפקומען די „סמעטענע״ פון תל־אביב און פונעם גאַנצן ישוב. דאָ האָבן נישט „געגלאַנצט״ די רעדל־פירער, די קאָך־לעפל פון תל־אביב אָדער פונעם ישוב, די פאַרשידענע פאַרטיי־קליאַמקעס, נאָר די קולטור־טרעגער און ליטעראַטור־שאַפער, די סאַמע אָנערקענטסטע מענטשן פונעם

גייסט, פון דער „קונסט־בראַנזשע״ אין תל־אביב און אין לאַנד. אַ געזעמל, וואו די שענסטע גייסטער, די בעסטע קעפּ, דאָס עיקר׳דיקע אין אַלע „קונסט־בראַנזשעס״, די סאַמע קאַריפעיען, וואו מ׳האָט ברייט און טיף אַרויסגעהויבן און אַרומגערעדט די אַלטזייטיקייט פונעם אידישן גייסט און לעבן. און פאַרשטייט זיך, אַז ביאַליק איז אויף די דאָזיקע „שבת־צו־נאַכטן״ געשוואומען ווי אַ פיש אין וואַסער...

ביאַליק׳ס שאַרפער מוח און קלוגע רייד, האָבן אַלעמען פאַרדעקט. ער האָט ווי אַ פייערדיקער צעפלאַמטער קאַלפאַק פון אַ גרויסן בליץ־לאַמפּ געבליצט און געלויכטן. ס׳איז נישט שייך צו זאָגן, אַז ביאַליק האָט אַלעמען אַריבערגעשטיגן, צוגעדעקט, אָבער ס׳איז פאַרט געווען אַזוי. פּערל פלעגן זיך שיטן פון זיין מויל אויף די דאָזיקע גייסטרייכע צוזאַמענקומען, פון וועלכע איך האָב אַזוי פיל געגאָסן, איינגעזאַפּט און געלערנט. פאַר וואָסערע „מעשים טובים״ איך האָב געהאַט די גרויסע „זכיה״ בייזיין אויף די דאָזיקע דערהויבנדיקע „שבת־צו־נאַכטן״. ווייס איך נישט. אָבער מיין זינגען, און דאָס, וואָס איך בין געווען אויך אַ וואָלינער, נישט ווייט פונעם דאָרף ראַדין, וואו ביאַליק איז געבוירן געוואָרן, און אויך דאָס, וואָס, ווי ביאַליק האָט דערציילט, אַז ער האָט געקענט מיין זיידן און מיין טאַטן, איז מיר בייגעשטאַנען.

איך האָב ביי ביאַליק׳ן אויסגענומען מיט מיין זינגען. „דער בחור זינגט מיטן האַרצן, נישט מיט דער שטימע״, פלעגט ער זאָגן. „איך הער אין זיין קול אַזוי פיל וואָלינישקייט, סלאַוועשנעדיק, אושאַמירדיק, קאַראַסטינעדיק און זשיטאָמירדיק אַז עס כאַפּט מיך אַזש אָן אַ בענקשאַפט! נישט אַנדערש, אַז די מאַמע זיינע האָט אין אים אַריינגעזויגען דעם ריח פון אונזערע געשמאַקע קאַנטן, וועלכע לאָזן זיך נישט אויסוועפּן!״ צי קאָן איך, צי וועל איך אַמאָל פאַרגעסן אָט די קאָמפּלימענטן פונעם גרויסן אידישן משורר, וועמען איך האָב איינגעזאַפּט פון מיין קינדהייט־אָן? קיינמאָל נישט!

אוי, ביאַליק, מיין ביאַליק! וואו נעם איך אייך איצט אַהער קיין מיאַמי ביטש, וואו איך דערהאָל זיך נאָך מיינע דריי האַרץ־אַטאַקעס, צו קענען אַריינקוקן אין אייערע אַגרעס־גרינע אויגן; אין אייער וואָליניש־ערדישן, געזונטן פויערישן פּנים; צו הערן די קלוגע רייד פון אייער שאַרפן מוח! וויפיל וואָלט איך נישט אַוועקגעגעבן צו פילן די וואַרימקייט פון אייער היימישקייט! צו שמעקן דעם ריח פון אייער וואָלינישקייט; צו הערן דורך

אייך דעם ויידענעם רוישן פון די הויכע סאָסנע־ביימער פון אונזערע קאַנטן; דאָס זשוזשען פון די לויטערע סאַזשעלקעס; דאָס מורמלען פון די קלאָרע טייכן, ספּעציעל פון אונזער טייך טיעטיעראָוו, קילע אָזיעראָס און אַן צאָליקע וואַסער־מילן און וויטראַקעס (ווינט־מילן); די הערלעכע געזאַנגען פון די פייגעלעך אין די פרישע ראָזלעכע פרימאָרגנס; די זאַפטיקע אַראָמאַטן פון די פעטע וואָלינער פעלדער, גרינע סעדער און צעבליטע גערטנער, וואָס איר האָט פון דעם אַלעמען אין זיך פאַרקערפּערט.

איך פיל מיך דעריבער שטאָלץ, וואָס אינעם בוך, וואָס דער געטרייער שומר פון דער ביבליאָטעק און אויפפּאַסער פון דעם אַרכיוו אין דער „בית ביאַליק״, אין תל־אביב, דער האַרציקער ביבליאָגראַף און שרייבער מ. (משה) אונגערפעלד, האָט אינעם בוך מיט פּאָעמעס און לידער, וואָס איז דערשינען לכבוד ביאַליק׳ס אָנדענק — יעדע פּאָעמע און ליד אין דער אָריגינעלער שפּראַך, אין וועלכער זי איז געשריבן געוואָרן וועגן ביאַליק׳ן און זיין שאַפן — האָט ער אויך אַריינגענומען וועגן ביאַליק׳ן מיין גרעסערע פּאָעמע. און אויך דאָס, וואָס צווישן די לידער, אַרום פינף הונדערט מעלאָדיעס אין צאָל, וואָס איז פון פאַרשידענע קאָמפּאָזיטאָרן געשריבן געוואָרן צו ביאַליק׳ס פּאָעמעס און לידער, וועלכע זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין „בית ביאַליק״, געפינט זיך דאָרט אויך מיין קאָמפּאָזיציע „צעקת הנביא״, אויף די ווערטער פון ירמיהו, וואָס ביאַליק האָט מיר אָנגעוויזן צו פאַרפאַסן מוזיק פאַר דעם און איך האָב די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע, די צווייטע אין דער סעריע פון מיין אָנהויבן שאַפן מוזיק, געווידמעט ביאַליק׳ן, און איז דערשינען אינעם „מעטראָ מוזיק פאַרלאַג״, אין 1931, אין ניו יאָרק.

אַך, ווי עס ווילט זיך מיר איצט זינגען פאַר ביאַליק׳ן, אָט־די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע מיינע! עס איז געווען נאָכדעם, ווי ביאַליק האָט מיך געהערט זינגען אין „אוהל שם״, צום „עונג שבת״, מיין סאַמע ערשטע מוזיקאַלישע שאַפונג „אשא עיני אל ההרים״, אַ קאַפּיטל תהילים (קכ״א), וואָס איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, און דער גרויסער וועלט־באַרימטער קאָנצערט־זינגער און חזן משה קוסעוויצקי, האָט מיט יאָרן שפּעטער די קאָמפּאָזיציע, אונטער דער באַגלייטונג פון אַ סימפאָנישן אָרקעסטער, פאַראייביקט אין אַ „אַר־סי־עי וויקטאָר רעקאָרד״.

לאַנג וועלן מיר קלינגען אין מיינע אויערן ביאַליק׳ס פאַרשטעלן מיך

ביים „עונג שבת" — אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן! אָט זיינען זיינע רייד, וואָרט אין וואָרט:

„רבותי! יש לנו אורח נכבד, אורח מאמריקה, שיר—מן שמו, כשמו כן תהילתו. עכשיו ישיר לנו מר. שיר—מן משירותיו!"

אויף פשוט מאַמע־לשון מיינט עס:

„רבותי! מיר האָבן אַ חשוב׳ן גאַסט, אַ גאַסט פון אַמעריקע, זיין נאָמען איז שיר——מאַן, אַזוי ווי זיין נאָמען, אַזוי איז זיין לויב. איצט וועט פאַר אונז זינגען מר. שיר——מאַן פון זיינע געזאַנגען".

ווי קען מען פאַרגעסן אַזעלכע געהויבענע רייד — איבערהויפּט ווען זיי קומען פון אַזאַ גרויסן גייסט, אַ משורר, אַ יחיד־במינו ביי אידן, וואָס וועט בלייבן לדורות!

„מאָרגן פרייהייט", אפריל 9, מאי 31, 1978, נ.י.

# דער אָריגינעלער זינגער טעאָדאָר ביקעל

קיינער פאַר אים האָט נישט אָט די פאַ[illegible]ר פאַרן אידישן פאָלקס־ליד און אידישן פאָלקס־ניגון, ווי דער זינגער טעאָדאָר ביקעל. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דאָס אידישע ליד און דעם אידישן ניגון געבראַכט צו דער אַמעריקאַנער אידישער און נישט־אידישער יוגנט, אין די קאָלעדזש־קעמפּוסעס איבערן גאַנצן לאַנד. דאָס איז פון זיינע גרעסטע אויפטואונגען אַלס זינגער און אויסטייטשער פון אידישן ליד און ניגון — אַן אויפטו וואָס איז ביז איצט נאָך נישט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן.

אַוודאי האָט טעאָדאָר ביקעל געקראָגן אַ סך לויב־געזאַנגען פאַר זיין אופן זינגען, ווי פאַר זיין שפּילן טעאַטער אויף דער בינע און אויפן עקראַן, אָבער קיינער ביז איצט האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף זיינע פאַרדינסטן פון זינגען אידישע לידער און ניגונים אין די אַמעריקאַנער קאָלעדזש־קעמפּוסעס — די אידישע פרעסע אַריינגערעכנט.

דאָס וואָס אַ חיים קאָטיליאַנסקי, אַ איזאַ קרעמער, אַ וויקטאָר כענקין, אַ מאַקסים בראָדין, אַ חנה׳לע סטראָמבערג, אַ מאַשאַ בעניאַ, אַ עמאַ שייווער, אַ מנשה אָפּענהיים און נאָך אַנדערע האָבן פאַרן אידישן פאָלקס־ליד און אידישן ליד בכלל אויפן אידישן פעלד אין אַמעריקע אויפגעטאָן, האָט

טעאָדאָר ביקעל מיטן אידישן פאָלקס־ליד און פאָלקס־ניגון אויפן גאַרן אַמעריקאַנער פעלד אויפגעטאָן, צווישן אַמעריקאַנער געבוירענע און אַמעריקאַנער סטודענטן אין די קאַלעדזש־קעמפּוסעס.

עס איז שווער אָנצוהענגען אַ „פּלאָמבע" אויף טעאָדאָר ביקעל׳ס שטימע. וואָס איז אַ יאָ־און־נישט באַריטאָניש, און אַוודאי נישט אַ יאָ־און־נישט טענאָריש, ניין, זיין כוח, ווי אַ זינגער, ליגט בשום אופן נישט אין זיין גרויסער אָדער קליינער שטימע, נישט אין זיינע טיפע אָדער הויכע טענער, נאָר אין זיין אופן זינגען — און דער עיקר אין זיין אויסטייטשן און איבערגעבן דעם „תמצית" פון אַ אידיש פאָלקס־ליד און אידישן פאָלקס־מאָטיוו, און אויך פון זיין באַגלייטן זיך אַליין אויף דער גיטאַרע, ווי אין זיין גאַרער פּרעזענטירונג און בינע־פּערזענלעכקייט.

דערצו, ווייס איך נישט, מיט דעם אויסנאַם פון אַ חיים קאָטיליאַנסקי און נאָך אייניקע געציילטע אידישע זינגערס, פון נאָך אַזאַ הויכן קאַליבער פון אידישער און אַלגעמיינער קולטור־באַהאַוונטקייט, קולטור־אינטעליגענץ, וויסן און באַנעם, ווי דאָס פאַרמאָגט טעאָדאָר ביקעל. דאָס קענט איר גרינג אויסגעפינען, ווען איר הערט אים האַלטן אַ לעקציע אויף אַ קולטורעלער אָדער מוזיקאַלישער טעמע. איך בין געווען איבעראַשט פון זיין קלאָרן פאַנאַנדערקלייבן זיך אין זאַכן און ווערטן, פון זיינע שאַרפע שכל׳דיקע אַנאַליזן — אָפּגעזען דערפון צי איך בין געווען מסכים מיט אַלע זיינע אויספירן צי נישט.

איך בין נישט צופיל באַקאַנט מיט זיין ביאָגראַפיע, איך ווייס נאָר אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין עסטרייך, האָט געלעבט און שטודירט אין ענגלאַנד, און איז געווען אַ שטיקל צייט אין ארץ־ישראל. וואָס עס האָט אים געפירט דווקא צום אידישן פאָלקס־ליד און אידישן פאָלקס־ניגון, דאָס איז פאַר מיר אַ „רעטעניש", אָבער מסתמא איז ביי אים הינטערן „לייפּצעדאָק" ערגעץ־וואו געווען א פאַרבאַרגענער ווינקל, וואו ס׳האָט געטליעט דער דאָזיקער „פונק", וואָס האָט געמאָנט אַ „תיקון" — און פונעם „פונק" איז געוואָרן אַ פייער און פונעם פייער אַ פלאַם, און ער איז מיטן אידישן פאָלקס־ליד אַרויס אויף דער ליכט, אויף דער גאַס אין דער וועלט.

איך זאָג אין דער „וועלט"! אדרבה, פאָרט אַריין אין וועלכן עס איז לאַנד מיט אַ אידישן ישוב — און איר וועט אין הונדערטער אידישע שטיבער געפינען און הערן שפּילן די פּלאַטן פון טעאָדאָר ביקעל!

אויך דאָ ביי אונז אין אַמעריקע וועט איר אין גאַר אַ סך אידישע היימען פון דעם מערב־טייל לאַנד און פון דרום, פון דער מזרח־טייל און פון צפון, אין הייזער וואו מען רעדט און מען הערט זעלטן אַ אידיש וואָרט, איבערהויפּט צווישן דער יוגנט, הערן שפּילן טעאָדאָר ביקעל׳ס פּלאַטן. דאָס איז בפירוש אַ הויכע מדרגה, א גאַר וואַזשנע דערגרייכונג, וואָס דאַרף אַ קינסטלער אָנפילן מיט שטאָלץ, מיט חשיבות און דערמוטיקונג.

וואויל איז דעם אידישן פאָלקס־ליד און אידישן פאָלקס־ניגון, וואָס פאַלט אַריין אינעם מויל פון אַזאַ פּאָפּולערן און ברייט־באַוואוסטן פאָלקס־זינגער, אָבער נאָך וואוילער איז דאָס וואָס דער זינגער שפּיגלט זיך און פאַרטיפט זיך אינעם אינהאַלט און כאַראַקטער פונעם ליד און זיין מאָטיוו. אידישע פאָלקס־לידער און פאָלקס־ניגונים האָבן הינטער זיך געשיכטלעכע־איבערלעבונגען, צייט און אָרט, סביבה און שטייגער, וואָס מ׳דאַרף עס קענען גוט צעקייען און פאַרדייען. מ׳דאַרף האָבן פאַר זיי דרך־ארץ, נישט איבערטרייבן זייער מיין און כוונה. נישט צופיל איבערזאָלצן און איבערפעפערן, מ׳דאַרף פילן און פאַרשטיין זייער געוויין און זייער פרייד, זייער שמייכל און זייער חן, זייער אוי און זייער זיפץ, דעם גאַרן אַראָמאַט, אַטעם און קאָליר זייערן.

דרך־ארץ פאַרן פאָלקס־ליד און פאָלקס־ניגון איז איינע פון די גרעסטע געבאָטן, ווייל דאָס מיינט דרך־ארץ פאַרן פאָלק! און מיר האָבן, ליידער, אידישע זינגער וואָס ווייסן נישט פון קיין דרך־ארץ נישט פאַרן פאָלקס־ליד און פאָלקס־ניגון — און ניט פון קיין דרך־ארץ פאַרן פאָלק. זיי ווייסן אפילו נישט וואָס דאָס הייסט און וואָס דאָס באַדייט...

טעאָדאָר ביקעל ווייזט אַרויס דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַרן אידישן פאָלקס־ליד, אַזוי גוט ווי פאַרן אידישן פאָלקס־ניגון. דערפון — זיין גרויסער דערפאָלג נישט בלויז ביי די אידיש־רעדנדיקע, נאָר אויך ביי די ענגליש־רעדנדיקע אידן, און ביי די סטודענטן, סיי די אידישע און סיי די נישט־אידישע אין די קאָלעדזש־קעמפּוסעס. ער ווייסט ווי אַזוי דאָס אידישע פאָלקס־ליד און דעם אידישן פאָלקס־ניגון אַרויסצוברענגען אויף אַ שטייגער, וואָס רופט ביי די צוהערער אַרויס וואַרעמע געפילן, האַרציקע געלעכטערס, און שמייכלען, אַ באַציאונג און אַ דרך־ארץ.

טעאָדאָר ביקעל קומט נישט מיטן אידישן פאָלקס־ליד און אידישן פאָלקס־ניגון, ווי אַן אָרימער „בעטלער״ ביי דער טיר, נאָר ווי אַ גביר, ווי

איינער וואָס קומט צופאָרן פון אַ „יאַריד״. אין אַ שיינעם „עקיפּאַזש״ — אָנגעלאָדן מיט וואַזשנע „סחורות״, מיט טייערע „מתנות״ פאַרן ווייב, פאַר די קינדער, פאַר די אייניקלעך, און דער גאַרער משפחה...

עס דאַרף דאָ, באַמערקט ווערן, אַז אַ חוץ אידישע פאָלקס־לידער און אידישע פאָלקס־מאָטיוון, זינגט טעאָדאָר ביקעל אויך פאָלקס־לידער אין אַנדערע לשונות, — רוסישע, אונגאַרישע, איטאַליענישע, איירישע, ענגלישע באַלאַדעס, אַמעריקאַנער, און פון ישראל־לידער איז דאָך אָפּגערעדט. ער איז אומעטום ביי זיך אין דער היים. ער איז אין דער היים, ווייל ער טרינקט זיך אָן מיט זיי, לאַשטשעט און האַליובעט זיי אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט אַ לעבעדיקער טייל פון זיי — און זיי פון אים. נאָר אַזוי אַרום קען אַן אמת׳ער פאָלקס־זינגער ווערן גרויס מיט אַן אייגענעם פּנים און וועזן.

טעאָדאָר ביקעל פילט זיך מיט אַ פאָלקס־ליד און אַ פאָלקס־ניגון, ווי איינס, ווי צוזאַמענגעוואַקסן, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט, ווי זיי וואָלטן אָפּגעשטאַמט פון איין וואָרצל, פון איין טראַכט, פון איין ערד און אָרט, און פון אונטער איין הימל אויסגעוואַקסן. אָט דאָס איז דער אַלגעמיינער איינדרוק ווען מ׳הערט אים זינגען אויף אַ קאָנצערט, און אויף די צענדליקער דיסקן וואו ער האָט אַריינגעזונגען. אין דעם ליגט זיין כוח, זיין ווירקונג אויפן צוהערער, זיין אַריינדרינג אין דער נשמה פונעם געזאַנג־ליבהאָבער — און מיט דעם נעמט ער אויך דעם מבין, און די מוזיק־קריטיקער.

עס איז דאָ אַ סך „חסידישע התלהבות״ אין טעאָדאָר ביקעל׳ס געזאַנג. ער צינדט אייך אָן מיט באַגייסטערונג, מיט וואַרעמקייט וואָס צעגייט זיך איבערן גאַנצן קאָנצערט־זאַל און דרינגט אַריין אין די הערצער פון די צוהערער. מ׳זעט — און נאָך מער פילט מען — אַז ער האָט שטאַרק ליב דאָס פאָלקס־ליד, דער עיקר די אידישע פאָלקס־לידער און ניגונים עד „כלות־נפש״; אָט־אָט, לאָזט זיך אים אויס דאָס חיות, דער מאַרך פון די ביינער. מיט אַזאַ פאַרליבטקייט און מיט אַזאַ צוגאַנג, מוז מען אויסנעמען שטאַרק ביים עולם, מוז מען איינעמען דעם עולם — און ער נעמט טאַקע דעם עולם איין. ער האַלט אים געשפּאַנט און פאַרכאַפּט, און דאָס איז אַ באַזונדערע הצלחה, אַ ספּעציעלער מזל — אָט אַזאַ הצלחה און אַזאַ מזל האָט טעאָדאָר ביקעל!

איך בין אים מקנא...

„מאָרגן פרייהייט״, אָקט. 29, 1977, נ.י.

# שאול טשערניכאָווסקי

## זכרונות

שאול טשערניכאָווסקי איז געווען פאַרעכנט אַלס דער צווייטער אין דער ריי פון דער גאָלדענער „טראָיקע": ביאַליק, טשערניכאָווסקי, שניאור, אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

פונקט ווי ביאַליק האָט דעם אידישן עולם גענומען מיט זיין ערשטן שיר „אל הצפור" (צום פויגל), וואָס קינד־און־קייט איבער גאַנץ מזרח־אייראָפּע האָבן געלערנט און געזונגען, אַזוי אויך שאול טשערניכאָווסקי האָט דעם אידישן עולם גענומען, מיט זיין ערשטן שיר „אני מאמין" (איך גלויב), וואָס קינד־און־קייט האָבן איבער גאַנץ מזרח־אייראָפּע אי געלערנט און געזונגען. און פונקט ווי ביאַליק האָט דעם גאַרן אידישן עולם געמאַכט אויפציטערן מיט זיין באַרימטער פּאָעמע „בעיר ההריגה" (אין דער שחיטה־שטאָט), אַזוי האָט טשערניכאָווסקי דעם גאַרן אידישן עולם געמאַכט אויפציטערן מיט זיין באַרימטער פּאָעמע „ברוך ממגנצה".

דאָס זיינען געווען צוויי פּאָעמעס וואָס האָבן געשאַפן געשיכטע און זייערע מחברים אַוועקגעשטעלט אויפן סאַמע העכסטן פּעדעסטאַל אין דער העברעאישער ליטעראַטור. צוויי אומפאַרגעסלעכע געשטאַלטן, וואָס וועלן בלייבן איינגעקריצט אין די הערצער און מוחות פונעם אידישן לייענער. טשערניכאָווסקי, ווי באַוואוסט, האָט קיינמאָל קיין אידישע לידער נישט געשריבן, ווי ביאַליק, אָבער איר וועט טשערניכאָווסקי'ס לידער געפינען אין י. י. שוואַרצ'ס איבערזעצונג אין אידיש, און אויך אין אַנדערע לשונות.

אין תוך זיינען ביאַליק און טשערניכאָווסקי געווען פּאָעטן מיט צוויי באַזונדערע פּנים'ער: דער ערשטער האָט געהאַט אַ דורכאויס אידישן פּנים און דורכאויס אידישן טעם; דער צווייטער האָט געהאַט אַ מער העלע־ניסטישן (גריכישן) פּנים און דער טעם איז אויך געווען אַ העלעניסטישער. ביאַליק'ס גאָט איז געווען יעהאָוואַ, און טשערניכאָווסקי'ס גאָט איז געווען אַפּאָלאָ. ביאַליק'ס אויגן זיינען געווען געווענדט צום „הר־הבית" אין ירושלים, און טשערניכאָווסקי'ס אויגן האָבן אַריבערגעקוקט צו די גריכישע טעמפּלען אויפן אַקראָפּאָליס, אין אַטען.

נישט געקוקט אָבער אויף דעם איז טשערניכאָווסקי אין תוך געווען און

פאַרבליבן דער צווייטער אין דער ריי נאָך ביאַליק׳ן אין דער העברעאישער ליטעראַטור. ווייל ווי העלעניסטיש טשערניכאָווסקי איז נישט געווען, אָבער דער „דופק״, וואָס האָט אין אים געקלאַפּט, איז געווען אַ אידישער — דער העלעניסטישער „גייסט״ האָט בשום־אופן נישט געקענט פאַרדעקן דעם שטאַרקן אידישן אָדער...

פונדעסטוועגן דאַרף מען צוגעבן, אַז טשערניכאָווסקי׳ס „דאָברי־מזל״ איז נישט געווען דער זעלביקער ביי די אידישע מאַסן וואָס ביאַליק׳ס — און אַפילו נישט ביי דער אידישער אינטעליגענץ. דער מחבר פון „המתמיד״ — ביאַליק — האָט ביים אידישן עולם געהאַט מער געוויכט, ווי טשער־ניכאָווסקי׳ס פיין־געשניצטע און איידל־פּאָלירטע, גרעסערע און קלענערע פּאָלירטע, גרעסערע און קלענערע פּאָעמעס און לידער — אַ שטייגער, אַזאַ פּערל ווי „גינה לי״, און אַ סך ענלעכע לידער. ער האָט יאַ־און־נישט געפאַנגען די הערצער פונעם העברעאישן לייענער. עפּעס האָט אים געפעלט. ביאַליק׳ן האָט דער העברעאישער לייענער אויפגענומען אַזוי ווי ער שטייט און גייט, אָן שום רעזערוואַציעס און קנייטשן, בעת טשער־ניכאָווסקי׳ן האָט מען אויפגענומען מיט „געוויסע״ רעזערוואַציעס און קנייטשן...

די שטודירנדיקע אידישע יוגנט אין ארץ־ישראל, אין די גימנאַזיעס פון תל־אביב, ירושלים און חיפה, האָט שוין גאָר שטאַרק געהאַלטן פון טשערניכאָווסקי׳ן. דווקא דאָס העלעניסטישע אין אים האָט ביי זיי שטאַרק אויסגענומען. אפשר דערפאַר ווייל די שטודירנדיקע יוגנט אין ארץ־ישראל האָט נישט געהאַט פאַרזוכט דעם „טעם״ פון קיין היימישן חדר, פון קיין שולן, קלויזן און שטיבלעך, פון קיין שטרענגע רעליגיעזע היימען, פון קיין פרומע שבת־יום־טוב׳דיקע טישן, ווי די אידישע יוגנט פון מזרח־אייראָפּע, ספּעציעל אין די קליינע שטעטלעך, וואָס זיינען געווען דער רוב־מנין ורוב־בנין פונעם מזרח־אייראָפּעישן אידנטום. דעריבער האָט דער יוגנט פונעם מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום געצויגן מער צו ביאַליק׳ן איידער צו טשערניכאָווסקי׳ן. ביאַליק איז זיי געווען נעענטער — נעענטער אין גוסט און גייסט, נעענטער מיט זיין האַרץ און נשמה. דער קליינשטעטלדיקער ישיבה־בחור האָט זיך נישט געקענט קוויקן אַזוי מיט טשערניכאָווסקי׳ן ווי מיט ביאַליק׳ן, און פאַרן משכיל איז טשערניכאָווסקי געווען צו ראַפינירט, צו

קלאַסיש מיט זיינע איידל־געשניצטע לידער. דאָך האָבן זיי אים געלייענט און באַוואונדערט.

מיך האָט טשערניכאָווסקי נישט „אַנטוישט", אויף קיין האָר נישט. ביי מיר אין האַרצן איז ער געווען און פאַרבליבן דער גרויסער העברעאישער משורר. פאַר מיר וועט ער בלייבן אַן אייביקער קוואַל, אַ „מעין־המתגבר", וועמען איך לייען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. ער איז פאַר מיר אַלעמאָל ניי, פריש, רעגנבויגנדיק — ווי אַ זון־אויפגאַנג, וואָס איך וואָלט צום ערשטן מאָל דערזען. העלעניסטיש, אָבער שיין; העלעניסטיש, אָבער איידל, זיידנדיק, סטרונענדיק, צאַפּלדיק, לעבעדיק און קוואַליק, ווי אַ לויטערער ברונעם.

ניין, איך האָב נישט געמיינט צו שרייבן אין דעם טאָן. מיין כוונה איז געווען גאָר אַן אַנדערע: טיילן זיך מיטן לייענער מיט אייניקע איינדרוקן פון באַגעגענישן מיטן דאָזיקן אינטערעסאַנטן גרויסן העברעאישן דיכטער — פריער אין בערלין, דערנאָך אין תל־אביב.

אַ מעדיצינער פון פּראָפעסיע: דר. שאול טשערניכאָווסקי, פונדעסט־וועגן האָט אים בעת זיין אויפהאַלטן זיך אין בערלין שטאַרק אויסגעפעלט פּרנסה. פאַרוואָס? ווייל עס האָבן אים, חוץ אַנדערע „פּאַרמעלע" שטערונגען, אויסגעפעלט שטאַרקע עלענבויגנס. ער איז געווען צופיל אַריסטאָקראַט אָנצוקומען צו שתדלנות, פּאַרזאָרגעריי, מיאונגען, גיין דורך הינטער־טירן און אַפילו נישט דורך פראָנט־טירן. דערפאַר האָט ער אין בערלין שטאַרק געליטן און האָט זיך נישט געקענט צושלאָגן צו זיין פּראָפעסיע, אויך נישט צו עפּעס אַנדערש. ער האָט אין בערלין געלעבט זייער אָן אָרעם לעבן — און אויך אָן איינזאָם לעבן...

דעם זעלביקן „מזל" האָט ער אויך געהאַט, ווען ער איז, אין 1931, געקומען קיין ארץ־ישראל. מ'האָט נישט „געטרוימייטערט" און נישט געקלאַפּט אין די „פויקן" וועגן זיין קומען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט אַנדערע, אַ סך ווייניקער באַדייטנדיקע שרייבער, אָדער קינסטלער. עס האָט אים געפעלט די „ראַזשינקע" פאַר רעקלאַמע, פאַר יאָגן זיך נאָך כבוד...

אמת, ער איז אפשר נישט געווען אַזאַ „צוגעלאָזענער" ווי ביאַליק, אָדער ווי יעקב פיכמאַן. אין דעם הינזיכט איז טשערניכאָווסקי געווען מער ענלעך צו דר. יהודה קויפמאַן, וועלכער איז אויך נישט געווען פון די שטאַרק „צוגעלאָזענע". איך וואָלט אפשר צוגעשריבן אי טשערניכאָווסקי'ן, און נאָך

מער דר. יהודה קויפמאַנ׳ען, אַ היפּש מעסטל „פּאַרריסנקייט״, אָדער „סנאָביזם״... בעת ביאַליק איז געווען פאַלקסטימלעך, פּשוט, ווי אַ שטיק ראַזעווע ברויט, האָט זיך טשערניכאָווסקי געהאַלטן „שטייף״. זיינע דיקלעכע „גענעראַלסקע״ וואָנצעס, און זיין נישט־צו אידישלעכער פּנים, מיט אַן אויסזען פון אַ רוסישן פּריץ, אָדער הויכן גענעראַלסקן „טשינאָווניק״, האָט אים אַ סך געשטערט. דעריבער איז זיין „מזל״ אויך אין ארץ־ישראל נישט געווען קיין סך בעסערער, ווי אין בערלין...

איך געדיינק אַ פאַל, ווען טשערניכאָווסקי און איך זיינען איינמאָל געזעסן אין אַ תל־אביב׳ער קאַפע, געטרונקען קאַווע און פאַרביסן מיט קוכן. ווען ס׳איז געקומען צו באַצאָלן האָב איך אַריינגעלייגט די האַנט אין קעשענע, ווייל איך בין געווען דער איינלאַדער און באַשטעלער פון דער קאַווע מיט קוכן. אָבער טשערניכאָווסקי האָט געגעבן אַ באַפעלערישן „לא״ (ניין) און טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָט ער דעם „לא״ פאַרבראַקט מיט אַ רוסישן „ניעט״.

„למה לא? פאָטשעמו ניעט (פאַרוואָס נישט)?״

„לא צריך!״ (מ׳דאַרף נישט) איז געקומען אַ קאַטעגאָרישער ענטפער. ער האָט דורכאויס געוואָלט אַז איך זאָל באַצאָלן פאַר זיך און ער וועט באַצאָלן פאַר זיך — אָדער איך זאָל אים לאָזן באַצאָלן פאַרן גאַנצן חשבון. אַנישט זאָל יעדערער פאַר זיך אַליין באַצאָלן. און ער האָט אויסגעפירט.

דעם אמת זאָגנדיק, האָט מיך די „מעשה״ פאַרדראָסן, אָבער גיי, ווער ברוגז — און אויף ועמען? אויף טשערניכאָווסקי׳ן! ווי האָב איך געהאַט אַ האַרץ? זינט דעמאָלט האָב איך אים געזאָגט: זאָל ער זיין דער איינלאַדער און דער באַשטעלער און יעדער פון אונז וועט באַצאָלן זיין חלק. אָבער די רגע׳ס און די שעה׳ן, וואָס איך האָב געהאַט די זכיה אינטים צו פאַרברייננגען מיטן גרויסן משורר, זיינען ווערט געווען אַ מאַיאָנטעק!

שפּאַצירנדיק איינמאָל מיט טשערניכאָווסקי׳ן אין תל אביב ביים ברעג ים, האָב איך פאַרבייגייענדיק דערמאָנט די נעמען פון די צוויי באַרימטע פּאָעטן: אורי־צבי גרינבערג און אברהם שלאָנסקי. איך האָב גערעדט פון אורי־צבי גרינבערג׳ס „כמו־נביא׳ישן״ פלאַמיקן שרייבן און אברהם שלאָנסקי׳ס ליטעראַרישע רעוואָלטן. טשערניכאָווסקי האָט מיט זיינע שאַרפע בליציקע אויגן מיך אָנגעקוקט ווי מ׳קוקט אויף אַ נאַאיוון אינגל, און לסוף אַרויסגעברומט: „מה איכפּת לי?״ אויף פּשוט מאַמע־לשון וואָלט עס

געמיינט: וואָס גייען זיי מיך אָן? צי ער האָט עס געמיינט, צי נישט, ווייס איך נישט. דערנאָך האָט ער כהאי־לישנא צוגעגעבן: „טשטאָ מניע מיקיטאָ זאָ פאָן?" וואָס איז מיר מיקיטאָ פאַר אַ פּריץ? ווידער־אַמאָל: איך ווייס נישט וואָס ער איז אויסן געווען דערמיט, אָבער איך גיב דאָ איבער אַקוראַט וואָס ער האָט מיר געענטפערט.

סיי־ווי, די דערהויבנדיקע מאָמענטן פון מיינע באַגעגענישן, אין בערלין ווי אין תל־אביב, מיטן גרויסן העברעאישן דיכטער, וועלן פאַרבלייבן איינגעקריצט אין מיין זכרון. שאול טשערניכאָווסקי, פונקט ווי ביאַליק, איז פאַר מיר געווען דער „טויער" דורך וועלכן איך בין אַריינגעגאַנגען צו דער העברעאישער פּאָעזיע — אָט דעם חסד וועל איך שטענדיק געדיינקען און טראָגן אין מיין האַרצן. אַזעלכע משוררים ווי שאול טשערניכאָווסקי ווערן נישט געבוירן יעדן טאָג און פאַלן נישט אַרונטער פונעם בוים — מ׳דאַרף אויף זיי לאַנג וואַרטן...

„מאָרגן פרייהייט", מערץ 19, 1978, נ.י.

# לעאָ ליאָוו — מייסטער פון אידישער מוזיק

## צו זיין 100־יאָריקן געבוירנטאָג

דעם 15־טן יאַנואַר, 1878, גענוי מיט הונדערט יאָר צוריק, איז אינעם קליינעם שטעטל וואָלקאָוויסק, גראָדנער גובערניע, נישט ווייט פון דער שיינער באַוואוסטער אידישער שטאָט ביאַליסטאָק, געבוירן געוואָרן דער וועלט־באַרימטער אידישער כאָר־דיריגענט, קאָמפּאָזיטאָר און מייסטער־אַראַנזשירער, לעאָ ליאָוו — אַ נאָמען און אַ היסטאָרישע דאַטע וואָס האָט דער אידישער נגינה און מוזיק, געזאַנגלעכער און אינסטרו־מענטאַלער, געבראַכט קאָלאָסאַלע צושטייערן. לעאָ ליאָוו איז געווען אַ פּיאָנער אויפן פעלד הן פון דיריגירן כאָרן, הן אויפן קאָמפּאָזיטאָרישן געביט, און אויך אויפן פעלד פון אַראַנזשירן אידישע פאָלקס־לידער. אָבער ער איז נישט געבליבן ביי זיין פּיאָנערישקייט נאָר איז כסדר געגאַנגען פאָראויס און איז ביזן סוף פון זיינע טעג געשטאַנען אין פאָדערגרונט פון די

אַלע געביטן. צו לעאָ ליאָוו׳ן האָבן אַ סך פון זיינע קאָלעגן מיט גרויס דרך־ארץ אַרויפגעקוקט.

ליאָוו איז געווען געבענטשט מיט אַ מוזיקאַלישער פערזענלעכקייט, וואָס האָט געטראָגן זיין אייגנאַרט אין אַלע ווינקעלעך און שפּעלטעלעך פון דער אידישער נגינה און מוזיק. ער איז געווען אַ מאָדעל, פון וועלכן אידישע דיריגענטן, קאָמפּאָזיטאָרס און אַראַנזשירערס האָבן אַ סך געלערנט. ער האָט מיט זיינע מוזיקאַלישע פאַרמעסטונגען אָנגערעגט און אינספּירירט אידישע כאָר־דיריגענטן, קאָמפּאָזיטאָרס און אַראַנזשירער, וועלכע זיינען געגאַנגען אין זיינע פוס־טריט און האָבן געהאָלפן באַרייכערן די אידישע נגינה און מוזיק. ער איז פאַר זיי געווען אַ וועג־ווייזער, אַ וועג־אויסטרעטער, אַ וועג־אויפאַקערער, וואָס האָט דער אידישער נגינה און מוזיק געפירט צו ברייטע שליאַכן און נייע האָריזאָנטן.

לעאָ ליאָוו האָט פאַרמאָגט אַ ספּעציעלן כישוף מיט וועלכן ער האָט באַצויבערט די זינגער פון די כאָרן וועלכע ער האָט דיריגירט. ער פלעגט זיי דורכנעמען מיט זיינע בלויע־גרינענדיקע גרויסע לויטערע אויגן, ווי צוויי בריליאַנטן, ביז אין די טיפסטע טיפן. אַזוי איבערגעבן זיך פון זינגערס אין די הענט פון אַ דיריגענט ווי זינגערס פון די כאָרן וועלכע ליאָוו האָט אָנגעפירט, איז אַ זעלטנהייט געווען צו זען. די זינגער זיינען פשוט פון דער הויט געשפּרונגען אויסצופאָלגן יעדן וואונק און קנייטש זיינעם — עד כלות־נפש. זיי האָבן זיך געלאָזן פירן פון זיינע צוויי מאַגנעטישע הענט מיט אַזאַ פאַרליבטקייט און גערנווויליקייט, ווי פון אַ לייבלעכן טאַטן וועמען מ׳האָט ליב מיט אַ ליבע פון אויסערגעוויינלעכער געטרייקייט און איבערגעבנקייט. ער האָט די זינגער געהאַט אויף דער האַנט ביי זיך און זיי האָבן זיך געלאָזט פון אים קנעטן און פורעמען, בויגן און קערעווען ביז צום סאַמע קלענסטן ניואַנס.

די וועגן און שליאַכן פון ליאָוו׳ס מוזיקאַלישן לעבן און קאַריערע, האָבן זיך געצויגן דורך ווילנע, לאָדזש, בוקאַרעסט, וואַרשע, ניו יאָרק, תל־אביב, און ווידער ניו יאָרק — איין טריאומף גרעסער פונעם צווייטן. ער האָט דער גאָרער נגינה און מוזיק געגעבן גלייכע בירגעלעכע רעכט, געהעריקע חשיבות, דער רעליגיעזער און דער סעקולערער, זייט ביי זייט. מיט דרך־ארץ און יראת־הכבוד מיט וועלכן ער האָט דיריגירט אַ שול־ און אַ טעמפּל־כאָר, האָט ער אויך דיריגירט אַ וועלטלעכן כאָר, סיי פון פּראָפעסיאָנאַלן און

סיי פון פשוט׳ע פאָלקס־ און אַרבעטער־מענטשן. ער האָט נישט געמאַכט קיין שום אונטערשייד צווישן איין כאָר און דעם צווייטן, אַלע כאָרן זיינען ביי אים געווען גלייכע מיוחסים, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט.

דעריבער האָט מען אין וואַרשע געקענט זען ליאָוו׳ן דיריגירן מיט גרויס קינסטלערישן פאַרנעם דעם כאָר אין דער באַרימטער טלאָמאַצקער שול מיט חזן גרשון סיראָטאַ׳ן, און דעם בונדישן „גראָסער כאָר״, אויך אין וואַרשע, וועלכער איז באַשטאַנען פון פאָלקס־מענטשן און אַרבעטער.

דאָס זעלביקע אויך אין ניו יאָרק: אָט האָט מען געזען ליאָוו׳ן דיריגירן אַ כאָר אין טעמפל „בית־אל״, אין באָראָ־פּאַרק מיט חזן מרדכי הערשמאַן׳ען, אָדער דיריגירן אַ גרויסן חזנים־קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל, און אָט האָט מען אים געזען דיריגירן דעם כאָר פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אָדער אַן אַרבעטער רינג כאָר, און אויך כאָרן פון דער לינקער־פּראָגרעסיווער באַוועגונג, ווי דער „בראָיטאָנער כאָר״, וועלכע זיינען אָפיציעל פאַרבונדן געווען מיטן אידישן מוזיק פאַרבאַנד. אָט דאָס איז געווען די פּערזענלעכקייט לעאָ ליאָוו — דער גרויסער דיריגענט, דער באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר און מייסטער־אַראַנזשירער.

רעדנדיק פון מייסטערדיקע־אַראַנזשירונגען וועט דאָ זיין גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע וועלט־באַרימטע אידישע פאָלקס־לידער וועלכע ווערן געזונגען אויף אַלע גרעסטע קאָנצערט־בינעס, ווי: „אַ דודעלע״, „אַ דין־תורה מיט גאָט״, „אַ חזנ׳דל אויף שבת״, „וויאָ, וויאַ פערדעלעך״, וואָס אויך באַרימטע נישט־אידישע זינגער, צווישן זיי דער פאַרשטאָרבענער פּאָול ראָבסאָן. האָט איר שוין אַמאָל געהערט אַ קאָנצערט וואו עס איז אַרויסגעטראָטן זשאַן פּיערס, אַז ער זאָל נישט זינגען „אַ דודעלע״, אָדער „אַ דין־תורה מיט גאָט״, צי „אַ חזנ׳דל אויף שבת״?!

ליאָוו׳ס אַראַנזשירונגען פון אָט די אידישע פאָלקס־לידער און נאָך אַנדערע זיינען עכטע מייסטער־ווערק. די פּיאַנאָ־אינטראָדוקציעס עפענען פאַר אייך אויף די נשמות פון די דאָזיקע לידער. די פּאַסאַזשן וואָס באַגלייטן די מעלאָדיעס פון די דאָזיקע דערמאָנטע לידער זיינען אַזעלכע אויסגעז־מייסטעטע אַזעלכע פיין־אויסגעמאָדולירטע, רייך־מוזיקאַליש אין טאָן און קאָליר, אַזעלכע אָפּשפּיגלענדיקע, ווי איר וואָלט אַריינגעקוקט אין אַ לויטערן טייך.

און וואָס עפּעס נאָר אָט די דערמאָנטע אידישע פאָלקס־לידער? וואָס

איז מיט די אַנדערע פאָלקס־לידער, וועלכע לעאָ ליאָוו האָט אַזוי מייסטעריש באַאַרבעט און אַראַנזשירט — אַ שטייגער: „יאָמע, יאָמע שפּיל מיר אַ לידעלע״, „פּישעלעך קויפֿן״, „ליולינקע, מיין קינד״, „טיף אין וועלדעלע״, „צוויי טייבעלעך״, אָדער דאָס האַרציקע ליד פון מ. מ. וואַרשאַווסקי, „דער פּאָדעם״, — און נאָך, און נאָך, און נאָך?!

„זיין באַציאונג צום אידישן פאָלקס־ליד״, האָט געשריבן דער פאַרשטאָרבענער מוזיקער און דיריגענט ישראל קאָרענמאַן, אין דעם „מאָרגן פרייהייט״, דעם 6־טן מאַי, 1948, „איז אַ מאָדערנע. ער האָט אַלעמאָל אַרויסגערוקט דאָס מעלאָדישע אין ליד און האָט עס אַריינגעפירט אין דער קלאַסישער פאָרמע און דעם ריין־מוזיקאַלישן סטיל. דערמיט האָט ער געבראַכט זייער פיל חשיבות דעם אידישן פאָלקס־ליד און דעם אידישן פאָלקס־כאָר. אַזוי איז ער אויך געווען אין זיינע ליטורגישע שאַפונגען. נישט איין אידישער ליטורגישער קאָמפּאָזיטאָר פון די פריערדיקע דורות האָט אין לעאָ ליאָוו׳ן געפונען זיין תיקון. באַאַרבעט אַלטע קאָמפּאָזיציעס, געשאַפן אַן אוצר מיט נייע און האָט בייגעטראָגן צו דער ליטורגישער ביבליאָטעק נישט ווייניקער ווי צו דער פאָלקס־מוזיק״.

לעאָ ליאָוו איז געווען אַן אוניקאַלע פערזענלעכקייט אין דער אידישער נגינה און מוזיק. ער האָט באַאיינפלוסט אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און אַראַנ־זשירערס נישט ווייניקער ווי כאָר־דיריגענטן. זיין ווירטואָזע מייסטער־שאַפט פון דיריגירן אַ כאָר האָט משפּיע געווען אויף אַ סך אידישע כאָר־דיריגענטן. איבערהויפּט זיין שטייגער פון דיריגירן אידישע פאָלקס־ און אַרבעטער־כאָרן. ער האָט ביי דעם אידישן פאָלקס־מענטש, ביי דעם אידישן אַרבעטער געפונען אַ ליבשאַפט הן צום אידישן פאָלקס־ליד, הן צום אידישן קלאַסישן ליד. ער האָט געשאַפן קאָמפּאָזיציעס אויף ברייטע קאַנוועס פון פאַרנעמיקע שטייגערס, ווי, למשל, זיין קאַנטאַטע אויף יהואש׳ס טעקסט „ס׳איז אַ יום טוב ביי דיביימער״ — אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס איז דורכאויס מעלאָדיש, פיין־אויסגעפורעמט, אידישלעך אין גוסט און גייסט, ניואַנסנדיק און פאַרביק.

ער האָט אין זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען אויסגענוצט הויפנס אָנגע־זאַמלטע פאָלקס־מאָטיוון און פאָלקס־נגונים און זיי בלויז מאָדערניזירט, און נישט נאָר דעם ריטם, די טעמפּאָ און די טעכניק זיינען געוואָרן היינטיקע, נאָר אויך די מאָטיוון און ניגונים גופא זיינען געוואָרן נייער, היינטיקער, און

דערביי האָבן זיי גאָרנישט פאַרלאָרן פונעם אַלטן טראַדיציאָנאַלן חן. ליאָוו האָט מיט זיינע נאַציאָנאַלע מאָטיוון, אַזוי גוט ווי מיט זיינע סאָציאַלע מאָטיוון באַוויזן, וואָס פאַר אַ קראַפט דאָס געזונגענע וואָרט, דאָס געזונגענע ליד, אָדער פּאָעמע, קען זיין אינעם געראַנגל פאַר אַ גערעכטער און בעסערער וועלט, און אויך וואָס פאַר אַ כוח דאָס תפילה־וואָרט — אונזער רעליגיעז־ליד — קען זיין פאַר דער דערהויבונג פון אונזער גייסט.

איך האָב דאָ פריער דערמאָנט ליאָוו'ס קאַנטאַטע „ראש השנה לאילנות" (דער יום־טוב פון דיביימער) אויף יהואש'עס טעקסט, וואָס איז געשריבן געוואָרן פאַר כאָר, סאָלאָ און פּיאַנאָ, און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם „טראַנסקאָנטינענטאַל מוזיק פאַרבאַנד", אין ניו יאָרק, אין 1940. שוין גלייך פון אָנהויב אָן, פון די ערשטע טענער וועלכע באַקליידן מוזיקאַליש די ערשטע שורות פון דער פּאָעמע, גיט אייך אַ ווייע אַזאַ היימיש־באַקאַנטער ניגון, וועמעס טענער ליגן איינגעבאַקן טיף אין האַרצן ביי אייך, און ווי אַ ליכטיקע בשורה וואָלט מיטאַמאָל צו אייך געקומען און אָנגעצונדן אייער נשמה מיט פרייד, מיט יום־טוב'דיקער שטימונג. דער יום־טוב אין די וועלדער ביי די ביימער ווערט מוסטערהאַפט געשילדערט פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אין פאַרשידענע טאָן־אַרטן, מוזיקאַלישע־קאָלירן און וואַריאַציעס: אָט זינגען די סאָפּראַנאָס, אָט די אַלטאָס, אָט פאַלן אַריין די טענאָרן און די באַסן; יעדער ברענגט אַריין אַן אַנדער טאָן, אַן אַנדער פאַרב, אַן אַנדער אויסטייטש פון וואָרט און פראַזע. און אָט אין דער מיט שניידט זיך אַריין אַ פייערלעכע סאָפּראַנאָ־סאָלאָ, ווי אַ סאָלאָוויי אין דער קלאָרער לופט אַריין.

די מוזיקאַלישע קאַנווע וויקלט זיך פאַנאַנדער און עס שטייגט דאָס בילד: די שמחה ווערט גרעסער, ברייטערט זיך אויס, ווערט וואָס אַמאָל שענער, פאַרביקער, ווי אַ פייערדיקער ראָד, וועמעס גליענדיקע פונקען עס צעטליען זיך אין אַלע זייטן און באַלייכטן דעם גאַנצן אַרום. און די האַרמאָנישע גאַנצקייט פליסט און פליסט ממש פון זיך אַליין — און אַזוי ענג צוזאַמענגעגאָסן איז דער טעקסט פון דער פּאָעמע מיט דער מוזיק, אַז עס דאַכט זיך אייך ווי איין מענטש וואָלט עס געשאַפן! איר ווערט אָנגעשטעקט מיט די קלאַנגען פון דעם יום־טוב ביי די ביימער, מיט זייער פרייד און וואוקס, גרינקייט און פאַנאַנדערבלי; איר פילט דורך די טענער ווי עס באַוועגן זיך די צווייגן, ווי עס שושקען זיך די בלעטער, און איר הערט ווי די

פייגעלעך, וואָס טאַנצן אַרום פון בוים צו בוים, פון בלאַט צו בלאַט, זינגען און פּישטשען, און מאַכן דעם יום־טוב פון דיביימער נאָך פיל פאַרביקער און רייכער.

די קאָמפּאָזיציע דערגרייכט איר העכסטן פּונקט ביים סוף פון דער פּאָעמע אויף די ווערטער:

„ס׳איז אַ שמחה ביי די ביימער,
ראש־השנה אין די וועלדער.
ערד און הימל, מענטש און חיות,
אַלע ווינטשן זיי: גוט יום־טוב!"

דאָ ברענגט דער קאָמפּאָזיטאָר זיין גרויסע שאַפונג צו איר פייער־לעכסטן קלימאַקס, וואָס לאָזט איבער אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. עס איז איינע פון די סאַמע איינגעגעבנסטע שאַפונגען, וואָס האָט אַן צווייפל ליאָוו׳ן פאַרשאַפט אַ סך נחת!

אָבער מער פון אַלץ האָט ליאָוו אַרויסגעשטראַלט אַלס מייסטער־דיריגענט, וואָס האָט מיט זיינע צוויי כישוף׳דיקע הענט און שאַרפע ברענענדיקע אויגן געמאַכט יעדן איינעם אין אַ כאָר פאַר אַ זינגער. ער האָט די זינגער אָנגעצונדן נישט בלויז מיט זיין מוזיקאַלישן וויסן און קענטעניש, נאָר אויך מיט זיין טיפער ליבע צום אידישן פאָלקס־מענטש, צום אידישן אַרבעטער. די זינגער זיינען ביי אים געווען „כחומר ביד היוצר": ער האָט פון זיי אַרויסגעצויגן, ניין, אַרויסגע׳כישופ׳ט אַלצדינג וואָס ער האָט נאָר געוואָלט.

נאָך מיט לאַנגע יאָרן צוריק האָט דער באַוואוסטער אידישער פאָלקס־זינגער אין פוילן, זאַמלער פון אידישע פאָלקס־לידער, פעליעטאָניסט און מוזיק־קריטיקער, מנחם קיפּניס, געשריבן אין וואַרשעווער „היינט", דעם 5טן אָקטאָבער, 1928: „אויף וויפיל לעאָ ליאָוו איז אַ טאַלאַנטפולער קאָמפּאָזיטאָר, אַזויפיל טאָפּל־פאַרדינסטן האָט ער אַלס דיריגענט און אַנטוויקלער פון שיינעם געזאַנג. ליאָוו אַלס דיריגענט איז געניאַל. זיין פיין־פילנדיקער אויער צו דערהערן דעם מינדסטן דעפעקט ביי אַ זינגער, פון וועלן צופיל דעקן, אָדער צופיל עפענען דעם טאָן; זיינע קרישטאָל־ריינע אַקאָרד־קלאַנגען, וואָס ער שאַפט ביים כאָר; זיין אויסהאַלטן און אויסלעשן אַ פאַרמאַטאַ, זיין צעבלאָזן דעם כאָר־געזאַנג ביז דער העכסטער מדרגה פון קראַפט און עקספּרעסיע און אויסלעשן די זעלביקע קראַפט, ביז צום ריינסטן

אָפּקלאַנג פון אַ ווידער־קול — דאָס אַלצדינג צוזאַמען האָט ליאָוו׳ן געמאַכט פאַר דעם גרויסן מייסטער פון אידישן כאָר־געזאַנג. ליאָוו האָט די גאַנצע נשמה זיינע אַריינגעלייגט אין אויסבילדן אַ כאָר״.

קורץ, פון וואָס פאַר אַ ווינקל מ׳איז נישט צוגעגאַנגען צו ליאָוו׳ן, האָט מען אים געמוזט באַוואונדערן. יעדער איינער וואָס האָט אַמאָל געהערט זיינעם אַ כאָר זינגען, אַ פּראָפעסיאָנעלן אָדער אַ פאָלקס־כאָר, אין שול אָדער אויף אַ קאָנצערט, איז געווען פאַרכאַפּט. אומעטום וואו ער איז נישט געווען אין ווילנע אָדער אין בוקאַרעשט, אין לאָדזש אָדער תל־אביב, האָט ער אַוועקגעלייגט זיין חותם. ער האָט געוואוסט דעם סוד ווי אַזוי צו האַלטן אַ גרויסן כאָר. דער סינטעז פון גוטער פאַכמאַנשאַפט פאַרבונדן מיט עכטן טאַלאַנט און פעדאַגאָגישער פעאיקייט, האָט זיך געלאָזט פילן ביי יעדער געלעגנהייט.

לעאָ ליאָוו האָט זיך נישט בלויז צוגעהערט צו דער נגינה און מוזיק פון זיין פאָלק, נאָר ער האָט זי געטראָגן אין האַרצן ביי זיך. וואו ער איז געגאַנגען און געפאָרן איז מיט אים אויך מיטגעגאַנגען און מיטגעפאָרן די אידישע נגינה און מוזיק. ער האָט זי געקעכלט ווי אַ מאַמע, ווי זיין כלה. דער רעליגיעזער איד, דער פאָלקס־מענטש, דער רעוואָלוציאָנער און בונטאַר, דער נאַציאָנאַליסט און סאָציאַליסט, דער ציוניסט און בונדיסט, דער אַנאַרכיסט און קאָמוניסט — אַלע, אַלע, האָבן געפונען אָפּקלאַנגען פון זייערע חלומות, אידעאַלן, שטרעבונגען סיי אין ליאָוו׳ס אָריגינעלע שאַפונגען, סיי אין זיינע אַראַנזשירטע פאָלקס־לידער, און אויך אין ליאָוו׳ס טעטיקייטן אַלס דיריגענט פון כאָרן און אָרקעסטערס, לערער פון געזאַנג אין קינדער־שולן און סעמינאַרן. אומעטום האָט ער צוגעלייגט אַ האַנט, דעמאָנסטרירט זיין כוח — און אומעטום האָט ער מנצח געווען.

מיט איין וואָרט: לעאָ ליאָוו איז געווען דער קנין (קיניען) פונעם גאַנצן אידישן פאָלק!

ליאָוו איז געווען איינער פון מיינע באַליבטסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרס און כאָר־דיריגענטן. איך האָב געפּילט אין אים דעם אידישן אָדער, וועלכן ער האָט אַריינגעזונגען אין אַלע זיינע קאָמפּאָזיציעס. ער איז מיר שטאַרק נאָענט געווען, און דעריבער האָב איך זיך אָנגעכאַפּט צו שרייבן זיין ביאָגראַפיע, וואָס איז דערשינען קורץ פאַר זיין טויט, אין יאָר 1960 — אַ בוך פון אַרום פינף הונדערט זייטן. איך האָב זיך געזעצט שרייבן דעם בוך מיט

גרויס ליבשאַפט און מיט אַ צוגאַנג ווי איך וואָלט געשריבן מיין אייגענע ביאָגראַפיע. ליאָוו האָט נישט געקאָרגט קיין געלט כדי דאָס בוך זאָל זיין איינע פון די שענסטע אויסגאַבן אין דעם אידישן ביכער־וועזן. האָט טאַקע דער באַוואוסטער פאַרשטאָרבענער קאָלומניסט פון „טאָג״, ב. צ. גאָלדבערג געשריבן, אַז דאָס בוך איז נישט נאָר אַ מאָנומענטאַל ווערק, נאָר איז אויך אַ צירונג אין אַ שטוב צו האָבן אַזאַ אויסגאַבע.

אין דער הקדמה וואָס לעאָ ליאָוו האָט געשריבן צום בוך, זאָגט ער צווישן אַנדערן:

„יעדער מענטש ווען ער דערגרייכט אַ טיפן עלטער דאַרף אונטערפירן אַ סך־הכל פון זיין לעבן און אויפטואונגען — בפרט אַ קינסטלער וואָס האָט זיינע יאָרן און טעג אַוועקגעגעבן דער אָדער אַ צווייטער שאַפונג. אָבער ווי קאָן איך אונטערפירן אַ סך־הכל, אַז מיין לעבן און שאַפן איז צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן? גיי נעם צונויף די אַלע פריידיקע און באַנגיקע מאָמענטן, איבערלעבונגען, וואָס די און יענע גרויסע אידישע קהילה, שטאָט און שטעטל אין אייראָפּע, אַמעריקע און ארץ־ישראל האָט מיר פאַרשאַפט! עס קומט מיר אויפן געדאַנק: דאָ האָב איך געשאַפן די קאָמפּאָזיציע; דאָרט — אַ צווייטע; דאָ — אַ דריטע; דאָרט — אַ פערטע, אין די צענדליקער: יעדע קאָמפּאָזיציע, כאָראַלע און סאָלאָ, האָט איר געשיכטע, איר אַרויסרוף, צייט און איבערלעבונג. ווי אַנדערש עס איז מיין לעבן און שאַפן פון ווילנע אָדער בוקאַרעשט, לאָדזש אָדער וואַרשע, ניו־יאָרק אָדער תל־אביב, אַזוי אויך אַנדערש איז מיין געמיט געווען. אָבער וואו איך בין נישט געווען בין איך אומעטום באַהערשט געווען פון דעם אידישן בטחון, אידישן גייסט און עס האָט מיך תמיד געצויגן צום קוואַל פון דער אידישער נגינה און מוזיק.

„יעדעס מאָל וואָס איך טראַכט סיי פון די הונדערטער אידישע פשוט׳ע פאָלקס־מענטשן און סיי פון די גאַנצע, האַלבע און פערטל אינטעליגענטן, פּראָפעסיאָנאַלן און האַרציקע אַרבעטער־מענטשן, מענער און פרויען, וועלכע האָבן ביי מיר געזונגען אין מיינע פאַרשידענע כאָרן, צעגייט זיך מיין האַרץ פון נחת! צווייטנס, האָב איך אויף מיינע וועגן געפונען גאַנצע אוצרות פון פאַרשידענע אידישע פאָלקס־לידער און פאָלקס־ניגונים, וועלכע איך האָב ווי פּערל געקליבן, באַאַרבעט און אַראַנזשירט און זיינען געוואָרן אַ באַשטאַנד־טייל פון די פונדאַמענטן פון דער אידישער נגינה און מוזיק, פון

וואַנען אידישע און אויך נישט־אידישע קאָמפּאָזיטאָרס שעפּן טענער פאַר זייערע מוזיקאַלישע וואָקאַלן און אינסטרומענטאַלע שאַפונגען.

„די אָנגעשריבענע קאַפּיטלען פון מיין פריינט און קאָלעגע מרדכי ירדני באַשטייט פון דרייצן קאַפּיטלעך, פאַרוואָס עס איז גראָד אויסגעקומען „דרייצן״ ווייס איך נישט, אָבער איז עס נישט סימבאָליש פאַר מיר. — דעם אידישן קאָמפּאָזיטאָר און איד בכלל?! צו דרייצן יאָר ווערט מען בר־מצווה, אָבער איך בין שוין באַלד, באַלד זיבן מאָל בר־מצווה געוואָרן און דאָך פיל איך, אַז איך וואָלט נאָך געקענט אַזוי אָנגיין און אָנגיין. אמת, די פיזישע כוחות הייבן מיך ביסלעכווייז אָן פאַרלאָזן, אָבער דער גייסט שלאָגט און קוועלט נאָך אין מיר, ווי איך וואָלט געווען אַלט זיבעצן יאָר״...

יאָ, ריכטיק! לעאָ ליאָוו, כאָטש שוואַך אין כוחות שוין, האָט זיך ביז אין לעצטן טאָג פון זיין לעבן געהאַלטן יונג און שאַפעריש. זיינע הייסע טרערן אויף מיינע באַקן ווען איך האָב זיך דאָס לעצטע מאָל מיט אים געזעגנט פאַר מיינער אַ לענגערער רייזע קיין דרום־אַמעריקע, פיל איך נאָך עד־היום...

דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דער ביאָגראַפיע, וואָס טראָגט דעם טיטל „דער געבורט פון אַ ניגון״, האָב איך אָנגעהויבן מיט אָט די שורות: „אלה תולדות״... דאָס איז די געשיכטע פונעם געבורט פון אַ ניגון, וואָס זיין נאָמען איז — לעאָ ליאָוו״.

אַ גאָלדענער ניגון. זיין קלאַנג וועט זיך לאַנג, לאַנג לאָזן הערן. ווייל אַרום דעם מענטש און קינסטלער לעאָ ליאָוו זיינען אָנגעשריבן געוואָרן צענדליקער און הונדערטער אַרטיקלען אין שפּראַכיקע צייטונגען און זשורנאַלן, לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ אַ פאַרביק־רייכער טאַלאַנט און קאַריערע פון איינעם, וואָס האָט אויף כל׳ערליי אופנים געווירקט אין אידיש־מוזיקאַלישן און קולטורעלן לעבן בכלל — אין פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן. דאָס קענט איר זען פון דער רייכער ביבליאָגראַפיע וואָס געפינט זיך אין בוך, וועלכער טראָגט דעם נאָמען: „לעאָ ליאָוו״.

מיט גרויס ליבע דערמאָן איך זיין נאָמען צו זיין הונדערט־יאָריקן געבוירן־טאָג.

„מאָרגן פרייהייט״, פעב. 26, 1978, נ.י.

# ביאָגראַפישע נאָטיצן

מ (מאָטל — מרדכי) ירדני איז געבאָרן געוואָרן אין סלאָוועשנע, אַ קליין שטעטעלע אין וואָלינער גובערניע, נישט ווייט פון זשיטאָמיר, אין אוקראַינע, רוסלאַנד, ביי אַ מאַמע וואָס האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן אָן אַ גראַם און אָן אַ מעשה׳לע, און ביי אַ טאַטן אַ שוחט, אַ גמרא־מלמד און אַ בעל־תפילה, וועלכער האָט זיך געהאַלטן מיט די זעלביקע דריי פרנסות, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן — אויך זייענדיק אין אַמעריקע.

מאָטל — ריכטיקער, מאָטעלע, ווי מ׳פלעגט אים רופן, האָט געלערנט אין די פיינסטע חדרים, ביי די בעסטע מלמדים און לערער פון שטעטל, און איז דערצויגן געוואָרן אויף תנ״ך, גמרא און דער העברעאישער ליטעראַטור. מיט דער אידישער ליטעראַטור האָט ער זיך באַקענט ערשט קומענדיק קיין אַמעריקע, אין עלטער פון 15 יאָר, וואו ער האָט אויפסניי געקראָגן אַ דער־ציאונג — סיי אַ אידישע, סיי אַן ענגלישע, און אויך אַ מוזיקאַליש־דראַמאַטישע.

ער האָט אָנגעהויבן שרייבן זייער יונג, אָבער ערשט אין 1929 איז ער געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען, בעת ער האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן לערנען, זוכן און נישטערן, אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״ אונטער דער רעדאַקציע פון משה קאַטץ. אַ חוץ דערציילונגען און מוזיקאַלישע אַרטיקלען וועגן אידישער נגינה און אַלגעמיינער מוזיק אונטער דעם נאָמען מ. און מאָטל שערמאַן (דעם נאָמען ירדני האָט ער אָנגענומען שפּעטער לעבנדיק אין ארץ־ישראל) האָט ער אין דער „אידישע וועלט״ אויך געדרוקט אַרטיקלען וועגן טעאַטער און רייזע־קאָרעספּאָנדענציעס פון זיינע דריי באַזוכן אין אייראָפּע, אַריינגערעכנט די אַ..לען מאַדערא, גיבראַלטאַר און קאַפּרי, צוויי באַזוכן אין צפון־אַפריקע, און דעם נאָענטן אָריענט מיט ארץ־ישראל בראש.

אין אָנהויב 1930 האָט מרדכי ירדני אונטערן נאָמען מאָטל שערמאַן געמאַכט זיין ערשטן אַרויסטריט אויף אַ בינע: דאָס איז געווען אינעם „גיבסאָן טעאַטער״ אין פילאַדעלפיע אַלס אַן אַקטיאָר אין אַ יוגנטלעכער

ראָמאַנטישער געזאַנג־ראָל, אין אַן אָפּערעטע מיטן נאָמען „חסידישע יענקיס״. אינעם זעלביקן טעאַטער איז דערנאָך אויך געשפּילט געוואָרן זיין אייגענע אָנגעשריבענע מעלאָדראַמע אונטערן נאָמען „די אייביקע שטראָף״, אין וועלכער ער האָט אויך מיטגעשפּילט. זיין „שוישפּילערישע־קאַריערע״ האָט אָנגעהאַלטן בלויז אַ קורצע ווייל, ווייל ער האָט זיך פּלוצלונג אינמיטן אויפגעהויבן און איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. ער איז דערנאָך צוריק געקומען קיין אַמעריקע און איז אין אַ פּאָר חדשים אַרום ווידער צוריק־געפאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין 1936 האָט מרדכי ירדני געמאַכט זיין ערשטן דעביוט אַלס קאָנצערט־זינגער אין ניו־יאָרק מיט אידישע לידער און ארץ־ישראל געזאַנגען און חזנ׳ישע תפילות. גלייך דערנאָך מאַכט ער זיין דעביוט אויף דער ראַדיאָ, און ווערט אויך איינגעלאַדן פון דער וויקטאָר קאָמפּאַניע אַריינצוזינגען אין רעקאָרדס ארץ־ישראל לידער און חזנ׳ישע תפילות. שפּעטער ווערט ער אויך פאַרבעטן אַריינצוזינגען אין רעקאָרדס פאַר דעקאַ, אַש און פעימאָוס אידישע און העברעאישע לידער. דערפאַר וואָס ער איז געווען דער ערשטער צו זינגען ארץ־ישראל געזאַנגען אין אַמעריקע סיי אויף דער קאָנצערט־בינע, סיי ביים ראַדיאָ־מיקראָפאָן און סיי אַריינ־צוזינגען אין רעקאָרדס, איז ער געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „דער פּאַלעסטינער זינגער״ — אַ פירמע, וועלכע איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער נישט בלויז איבער גאַנץ אַמעריקע, נאָר אויך אין אויסלאַנד. ער איז געווען דער ערשטער אַריינצוזינגען אין אַ וויקטאָר רעקאָרד דאָס וועלט־באַרימט געוואָרענע ליד: „יפים הלילות״, וואָס איז געוואָרן אַ „בעסט סעלער״.

אויף אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין אין „לייבאָר טעמפּל״, אין ניו־יאָרק, וואו מרדכי ירדני איז אויפגעטראָטן אין אַ פּראָגראַם פון אידישע לידער און ארץ־ישראל געזאַנגען, האָט ער זיך באַקענט מיטן רעדאַקטאָר פון „טאָג״ ווילִיאַם עדלין, וועלכער איז געווען דער פּאָרזיצער פונעם אָוונט, און ער האָט אים איינגעלאַדן צו שרייבן אַ סעריע אַרטיקלען איבער אידישער און אַלגעמיינער מוזיק. ער ווערט דער־נאָך אַ שטענדיקער „פיטשור״־שרייבער און מוזיק־קריטיקער אין „טאָג״, זיין מיטאַרבעטשאַפט האָט אָנגעהאַלטן קאַרגע צוואַנציק יאָר. דורך דער דאָזיקער צייט האָט ירדני אויף די שפּאַלטן פון די שבת׳דיקע און זונטיק־

דיקע נומערן פון „טאָג” אָפּגעדרוקט גאַנצע סעריעס וועגן אידישער און אַלגעמיינער מוזיק, וועגן באַרימטע חזנים, וועלט־באַוואוסטע קאָמפּאָ־זיטאָרס, אידישע און נישט־אידישע, אַלערליי ווירטואָזן, סעריעס אַרטיקלען וועגן באַרימטע „האָליוואודער סטאַרס” און אַקטיאָרן פון בראָדוויי, רייזע־באַשרייבונגען פון זיינע באַזוכן אין מעקסיקאָ, בראַזיל, אורוגוואַי, אַרגענטינע, קובאַ און פון נאָך אַנדערע צענטראַל־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדער. ער איז אויך צענדליקער מאָל אויסגעפּאָרן אין דער לענג און דער ברייט די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט דעם „טאָג”, האָט ער אַ שטיקל צייט מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס”, געשריבן פאַר די זונטיקדיקע אויסגאַבעס, דערנאָך אין „מאָרגן זשורנאַל”, שפּעטער רעגלמעסיג מיטגעאַרבעט אינעם ליטעראַרישן זשורנאַל „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט” און איז דערנאָך געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל.

אין 1940 האָט מרדכי ירדני זיך געלאָזט איבעררעדן פון זיין ניו־יאָרקער מענעדזשער, פון דער „נעשאָנעל אַרטיסט ביוראָ”, מיט וועלכער ער איז פון זיין ערשטן אַרויסטריט אָן אין ניו יאָרק געווען פאַרבונדן, אַז ער זאָל (צוליב דעם גרויסן דערפאָלג וואָס זיינע חזנ׳ישע רעקאָרדס האָבן געמאַכט) אָננעמען צו דאַוונען ימים־נוראים, פסח, שבועות, און סוכות אין גרויסע שולן און האָטעלן (ווי ס׳איז דער מנהג אין אַמעריקע), און דער דאָזיקער שריט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אים צו זיין אַ גרויסער דערפאָלג. עס האָט אים געמאַכט אומאָפּהענגיק פון וועלכע עס איז זאָרגן פאַר פּרנסה און מער נישט גערדאַרפט אַרויסקוקן אויף קיין קאָנצערטן, ראַדיאָ אָדער שרייבן.

מרדכי ירדני איז אַ מיטגליד פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין, אידישע ראַדיאָ־גילד, אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער אידישער אַקטיאָרן יוניע; אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער אידישער טעאַטריקעל עלייענס; אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון אידישן טעאַטער־לעקסיקאָן; מוזיק פאָרום; איז צוויי מאָל אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע־פּרעזידענט און דערנאָך אַלס פּרעזידענט פון חזנים פאַרבאַנד פון אַמעריקע און קאַנאַדע. ער איז אויך צוויי מאָל אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע־פּרעזידענט און סעקרעטאַר פון דער אידישער ראַדיאָ־גילד. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע מיט־גלידער פון נאַציאָנאַלן מוזיק־ראַט ביי דער אידישער „וועלפעיר באָרד”, —

און איינער פון די גרינדער פון דער „סאָסייעטי פאָר דהי אַדוואַנסמענט אָוו דזשואיש ליטורדזשיקל מיוזיק״, פון וועלכער עס איז שפעטער אַרויס־געוואָקסן „די היברו יוניאָן סקול אָוו סעיקרעד מיוזיק״ביים „היברו יוניאָן קאַלעדזש״ אין סינסינעטי. די דאָזיקע הויכע מוזיק־אינסטיטוציע האָט באַערט מרדכי ירדני׳ן מיט אַ דיפּלאָמע פאַר זיינע מוזיקאַלישע פאַרדינסטן אויפן פעלד פון דער אידישער נגינה.

**ח. רייזעס**

לאָנג איילאַנד, 1956

# קריטיק אויסצוגן

דער לעבעדיקער — אויפן ליטעראַרישן יאַריד. מאָרגן זשורנאַל, ניו־יאָרק, אָקטאָבער 15, 1950.

„מ. ירדני׳ס „חשבון הנפש״ אין ראש־השנה נומער „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״, איז ממש אַ דאָקומענט וואָס דאַרף נישט קיין „נאָטאַרי פּאָבליק״ . . . עס איז אַ „הנני העני״ לויט אַ נייעם נוסח. אַ גאָט־זוכעניש אין אַלע אידישע ווינקלען פון איינעם וואָס שטייט ביים עמוד . . . אַ בייטראָג צו אידישקייט פון אַ רעליגיעזן אידן און דאָך היינט־וועלטיקן וואָס חלש׳ט צו ווערן אַן אפיקורס און קען נישט ... עס איז אַן אָנקלאַנגען אויף אונזער אויסגעליידיקטקייט (נישט נאָר אין שול).״

א. ז. בערעביטשעז — קולטור ענינים. דער וועג, מעקסיקאָ, מערץ 13, 1948.

„ירדני איז אַן אַלטער באַקאַנטער ביי אונז אין מעקסיקאָ פון די שפּאַלטן פון „טאָג״, זיינע אַרטיקלען זיינען יחידים במינם און זיינען פון די ערשטע צום געלייענט ווערן, זיין סטיל איז אַזאַ בנעימות׳דיקער, אַזאַ זאַפטיקער און גלייכצייטיק אַזאַ ליטעראַרישער, אַז מ׳זעט באַלד אַז דער שרייבער איז גוט באַהאַוונט אין דער טעמאַטיק וועגן וועלכער ער שרייבט.״

יעקב באָטאָשאַנסקי — צווישן יאָ און ניין. איצט פאַרשטייען מיר. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, אַפּריל 15, 1943.

„אין יאַנואַר נומער „אידישע קולטור״ (אָרגאַן פון נ. אַמעריקאַנער „איקוף״) איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל מיט זייער אינטערעסאַנטע דעראי־נערונגען פון העברעאיש־אידישן זינגער מרדכי ירדני וועגן דעם סאָוועטישן אידישן שריפטשטעלער איציק קיפּניס. ירדני איז קיפּניס׳עס אַ בן־עיר און ער קען זיין אָפּשטאַם און ער דערציילט אים אומגעהויער בילדעריש און ער גיט ממש דעם שליסל צום שאַפן פון דעם דאָזיקן זייער טאַלאַנטירטן שריפטשטעלער, דער מחבר פון באַרימטן ווערק „חדשים און טעג״.״

פראָפ. סאַלאָמאָן קאַהאַן — **אַ טאָג איבער אַ טאָג. ירדני'ס אויפטו. דער וועג, מעקסיקאָ, פעברואַר 17, 1948.**

„ס'איז מיט אַן אַכט יאָר צוריק אין דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע נישט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל מיט רעכט קענען פּרעטענדירן אויף דעם נאָמען „מוזיק־קריטיקער", ביז ס'איז געקומען מרדכי ירדני. מיט זיין באַווייזן זיך אויף איסט־בראָדוויי האָט אַ נייער ווינט געגומען בלאָזן, וואָס איז שייך שרייבן וועגן מוזיק און קאָמפּאָזיטאָרן, ווי אויך וועגן געשעענישן, דערשיינונגען און פּערזענלעכקייטן אין דער וועלט פון מוזיק. אַ זשורנאַליסט פון ערשטער מדרגה, באַקליידט ירדני אין זיינע אַרטיקלען, אין אַן אינטערעסאַנטער אָנציענדיקער פאָרם, גרינטלעכע מוזיק־קענטעניש, סאָלידן וויסן אין פראַגן פון מוזיק־געשיכטע און אַ ווייטן אויסבליק אויף דער קונסט־און קולטור־וועלט בכלל. צו דעם אַלעם באַזיצט ער די זעלטענע אייגנשאַפט, וואָס אפילו נישט יעדער גוטער זשורנאַליסט באַזיצט: אַריינצוברייגגען אויף אַ דעליקאַטן אופן אין זיינע אַרבעטן דעם עלעמענט פון דעם, וואָס ס'הייסט אויף ענגליש „היומען אינטערעסט".

„ירדני איז „אין דער היים" ווען ער שרייבט וועגן דער געשיכטע און דעם ספּיריטועלן ווערט פון אַ געוויסן חסיד'ישן מאָטיוו, פונקט אַזוי ווי, ווען ער רעדט וועגן שאָסטאַקאָוויטש'עס נייסטער סימפאָניע; ווען ער אַנאַלאַזירט דעם אורשפּרינגלעכן אידישן כאַראַקטער פון אַ געוויסער מוזיקאַלישער טעמע, ווי ווען ער דערציילט וועגן דעם באָסטאָנאָר סימפאָנישן אָרקעסטער און סערגעי קוסעוויצקי, איר דיריגענט און קינסטלערישער פורעמער; וועגן דעם מהות פון דער ארץ־ישראלדיקער מוזיק, פונקט אַזוי ווי, וועגן די כאַראַקטער־שטריכן פון איגאָר סטראַווינסקי'ס שאַפונגען.

„אָט די אַלזייטיקע באַהאַוונטקייט אויף דעם ברייטן און פאַרצווייגטן מוזיקאַלישן געביט, פּליוס זיין מערקווירדיקע פעאיקייט צו שרייבן וועגן מוזיקאַלישע טעמעס גרינג און אָנציענדיק, האָבן עס ירדני'ן געשאַפן אין דער אידישער פּרעסע פון ניו־יאָרק דעם בכבוד'יקן פּלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט איצט אַלס „ספּעץ" אין מוזיק. קיינמאָל פריער איז דאָרט נישט געשריבן געוואָרן אויף מוזיקאַלישע טעמעס אַזוי פאַכמעסיק און גלייכצייטיק אַזוי אָנציענדיק, ווי עס טוט עס מרדכי ירדני."

מיכל געלבאַרט — **מרדכי ירדני — „דער פּאַלעסטינער זינגער״. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, פעברואַר 14, 1942.**

„ירדני׳ס לירישע שטימע (אַ טענאָר) און האַרציקע אויסטייטשונגען פון די ארץ־ישראל לידער, האָבן אים געשאַפן צענדליקער טויזנטער חסידים, וועלכע הערן זיך צו צו זיינע וועכנטלעכע ראַדיאָ־פּראָגראַמען.״

דר. מנחם ג. גלען — **אויפן שפּיץ פון דער פען. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, דעצעמבער 25, 1953.**

„ירדני באַרייכערט אונזער ליטעראַטור מיט זיינע אינטימע, האַרציקע, מיט אַ שאַרפן־בליק און געניטער האַנט אויפגעשריבענע אַרטיקלען אין זיין סעריע „וואָרט און קלאַנג״, ווי אויך זיינע קורצע „שלאָגנדע״ רעצענזיעס איבער טעאַטער און מוזיק.״

שמואל ראָזשאַנסקי — **וועגן קאָנצערטן. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, יולי 14, 1948.**

„אַז אַ זינגער און אַ חזן, וואָס איז ביי אונז אינגאַנצן אַ פּנים־חדשות, זאָל גלייך צו זיין דעביוט אויפטרעטן אין אַ פול־באַזעצטן טעאַטער, איז בלי שום ספק אַ גרויסער חידוש. מרדכי ירדני איז, הפּנים, אַ גרויסער בר־מזל. אין דעם גוטן מזל האָט זיכער אַ היפּשן חלק, וואָס ער איז, ירדני, אַ שרייבער מיט אַן איידעלער באַציאונג צו נגינה און צו וועמעס ערשטן קאָנצערט אין טעאַטער „סאָלסעיל״ עס איז געקומען די גאַנצע שרייבער־ און קינסטלער־משפּחה פון בוענאָס־איירעס.

„ירדני איז אַ מתיקות׳דיקער אינטערפּרעטירער פון ליד און תפילה. אַ קליינע שטימע, אַ לירישער טענאָר, דער עיקר מיט אַ ווייכן גרונטאָן. מאָמענטנווייז דאַכט זיך אויס אַז נישט מ׳הערט זינגען, נאָר שפּילן אויף אַן אוקאַלאַלע . . . אַז ער הויבט אויף דאָס קול, קלינגט עס ווי אַן עכאָ, ווייט, ווייט, ווי געזאַנג אין פעלד.

„ירדני לייגט דעם אַקצענט אויפן אויסטייטשן דאָס ליד און תפילה, און ער איז שטעלנווייז פּרעכטיק אַלס פּאַרטייטשער און אַריינטייטשער. מיט יראת־הכבוד פאַר געזאַנג, מיט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר דער אוידיטאָריע, אינטעליגענט, איידל, ערנסט, מיט פּיעטעט, מיט פיינער האַלטונג, וואָס פאַרשאַפט אַ נחת־רוח.

„דער קאָנצערטיסט, אַ מיטלוואוקסיקער, איז אויסגעוואָקסן אויף דער בינע, קלאַסיש אין האַלטונג, מיט מאָס, אָן ראַשיקע זשעסטן, אידישלעך און דאָך גרויסוועלטיש. ירדני האָט אַ שיינעם פּאַלצעט. ער קען בכלל די קונסט פון זינגען, נאָך דער עיקר איז ער אַ בריה אין פּאַסאַזשען צום פּאַלצעט.״

דר. ל. זשיטניצקי — דער ערשטער אויפטריט פון מרדכי ירדני. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, יולי 14, 1948.

„מרדכי ירדני ווייסט וואָס און ווי און קען זינגען, אומאָפּהענגיק פונעם דיאַפּאַזאָן פון זיין שטים. ער איז אַבסאָלוט מוזיקאַליש, פאַרמאָגט אַ רייכן חוש צו וואַריאירן און צו געבן קאָלירפולקייט דער מוזיקאַלישער אינטער־פּרעטאַציע; קען און באַווייזט אַריינצודרינגען אינעם מקור פון דער נגינה; זינגט מיט האַרץ און מח, מיט סענטימענט און אינטעליגענץ; ווייסט ווי און ווי אַזוי צו שטעלן דעם טראָפּ אויפן וואָרט, אויפן בינדן די אויסגעזונגענע פראַזע; באַחנ׳ט זי מיט איידלקייט און פיינקייט — און אַ דאַנק דעם איז טאַקע זיין ערשטער אויפטריט אין טעאַטער „סאָלסיעל״ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריכטיקער קולטור־ און קונסט־אַקט.״

אברהם ווייסבוים — מאַלע וואָס מ׳רעדט, דער וועג, מעקסיקאָ, אָקטאָבער 13, 1951.

„דער באַרימטער זינגער און אויסטייטשער פון אידישן און העברעאישן ליד, מרדכי ירדני, איז שוין ביי אונז געווען אין מעקסיקאָ מיט אַ דריי יאָר צוריק און האָט אַלעמען אַנטציקט אויף זיינע קאָנצערטן פון אידישע און ארץ־ישראל לידער. איצט האָט ירדני אויך באַוויזן, אַז ער איז אויך אַ גרויסער עמוד־קינסטלער.

„ער האָט געדאַוונט ימים־נוראים אין דער גרויסער „נדחי־ישראל״ שול. אַזאַ געשמאַקן דאַוונען, מיט אַזאַ טיפן געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר די ימים־נוראים׳דיקע תפילות; אַזוי זאָגן דעם „הנני העני ממעש״, מיט אַזאַ האַרציק־טיפן נשמה־ציטער, מיט אַזאַ השתפכות־הנפש, האָט מען נאָך ביי אונז אין שול נישט געהערט.״

דהי ניו־יאָרק טיימס (פון אַ גרויסן באַריכט אויף דער פראָנט־זייט) — אַפּריל 14, 1945.

„ווען מרדכי ירדני האָט געזונגען דעם טראַדיציאָנעלן אידישן רעקוויעם „אל מלא״ אויף דעם גרעסטן מעמאָריאַל־מיטינג וואָס איז ביז איצט אָפּ־געהאַלטן געוואָרן אין לאַנד נאָכן פּלוצלונג פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט פאַר אַן עולם פון איבער הונדערט טויזנט מענער און פרויען אינעם גאַרמענט סענטער וואָס פאַרשידענע אַרבעטער יוניאָנס האָבן נעכטן איינגעאָרדענט אין ניו־יאָרק, מיט דער באַטייליקונג פונעם מעיאָר פון ניו־יאָרק, פיאָרעלאָ לאַ־גוואַרדיאַ, און הויך־ראַנגיקע מיליטערלייט פון דער אַרמיי, לופט און פלאָטע, איז געפאַלן אַ מורא׳דיקע שטילקייט אויף דער געוויינלעכער שטאַרק רוישיקער זיבעטער עוועניו.״

א. תלוש — מיינע באַגעגענישן מיט אידישע שרייבער. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, סעפּטעמבער 30, 1954.

„...האָט מיך ירדני אָנגענעם איבערראַשט, ווען איך האָב לעצטנס איבערגעלייענט זיין אַרטיקל וועגן משה נאַדיר׳ן, אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״. מען זעט, אַז ער האָט טאַלאַנט צו שרייבן וועגן שרייבער און זייערע ווערק. און אויפכאַפּן נאַדיר׳ן מיט אַלע זיינע ניואַנסן, ווי ירדני האָט עס געטאָן, אין אַ קורצן אַרטיקל, איז נישט לייכט.״

וויליאַם צוקערמאַן — ירדני׳ס מוטיקער אַרטיקל. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יוני 26, 1953.

„איך האָב געלייענט אַ סך וועגן דעם אונטערגאַנג פון „מאָרגן זשורנאַל״, אָבער קיין אַנדער אַרטיקל האָט נישט געלאָזן דעם טיפן איינדרוק ווי ירדני׳ס. דער דאָזיקער טאָן פעלט ביי אונז אין דער אידישער פּרעסע אין דער לעצטער צייט און דאָס, דאַכט מיר, איז אונזער גרעסטער פאַרלוסט.

„ירדני איז פון די געציילטע שרייבער ביי אונז, וועלכע האָבן נישט פאַרגעסן די שענסטע טראַדיציע פון דער אַמאָליקער אידישער פּרעסע, דעם רעבעלירנדיקן גייסט, וועלכער קען נישט פאַרטראָגן אומ׳יושר סיי געזעלשאַפטלעך און סיי אינדיווידועל, און וועלכער קען נאָך אויפגערעגט ווערן וועגן ענינים וועלכע טראָגן נישט קיין פּאַרטיי־כאַראַקטער. עס איז גוט צו וויסן אַז אונזער פּרעסע אין דער לעצטער פּעריאָדע פון איר אונטערגאַנג האָט נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם יוגנטלעכן גייסט פון אַמאָל.״

מ. נעלסאָן — דער 25 יאָריקער ליטעראַרישער יובל פון מרדכי ירדני. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יאַנואַר 28, 1955.

„עס שיינט מיר, אַז מרדכי ירדני, דער שריפטשטעלער, געהערט נישט צו קיינע איזמען, אָבער אין אַלץ: זאַכן, דערשיינונגען, מענטשן, פּאַקטן, אַפּעלירט צו אים דאָס שיינע, דאָס עסטעטישע, איך וואָלט זאָגן — דאָס נשמה־יתירה׳דיקע, וואָס ער הויבט אַרויס פון דאָס אַלטעגלעכע, דאָס וואָכעדיקע. ער איז דער קינסטלער־עסטעט פאַר־עקסעלאַנץ. דאָס פּאַראייניקט זיך ביי אים, אויף אַ וואונדערלעכן אופן, מיט אַ צווייטן לייט־מאָטיוו — מיטן שטענדיקן אומקאָמפּראָמיסלעכן זוכן דעם אמת, ווי ער זעט אים און פאַרשטייט אים, און מיט זיין מוטיקן קאַמף פאַר זיינע איבערצייגונגען.

„זיין אופן שרייבן איז אַ דירעקטער, אָן פּאָזע, אָן אָנשטעל, נאָר פון האַרצן אַרויס. צי ער נעמט אייך אויף אַ שפּאַציר אין אַרגענטינע, אין בראַזיל, אין מעקסיקאָ, אָדער אויף די גאַסן און עוועניוס פון ניו־יאָרק, אָדער אויף אַ שמועס מיט אידישע שרייבער; צי ווען ער שילדערט כאַראַקטערן, אָדער ער נעמט אויף קונסט־פּראָבלעמען, רעאַגירט אויף סאָציאַל־קולטו־רעלע דערשיינונגען — פילט איר דעם וואַרעמען אָטעם פון דעם קינסטלער, ממש — דאָס פולסירנדיקע לעבן גופא.״

פּראָפ. סאָלאָמאָן קאָהאָן — ירדני׳ס ליטעראַריש־זשורנאַליסטישער אויפטו. לכבוד זיין 25 יאָריקן ליטעראַרישן יובל. די שטימע, מעקסיקאָ, נאָוועמבער 27, 1955.

„דאָס וואָס מרדכי ירדני, ווי אַ פערזענלעכקייט, שטעלט מיט זיך פאָר, ווערט אין אידיש געוויינטלעך באַצייכנט מיטן נאָמען מושלם. ער איז אַ מענטש מיט אַ באַדייטנדיקן טאַלאַנט, וואָס זיינע פעאיקייטן האָבן געפונען אַן אויסדרוק אויף פאַרשידענע געביטן.

„ווען מ׳וויל באַלייכטן ירדני׳ס פערזענלעכקייט אַלזייטיק, מוז מען אַרומריידן אירע פאַרשידענע אַספּעקטן, און זיי זיינען: דער זינגער פון אידישן אַלגעמיין־קינסטלערישן און פאָלקס־לידער־רעפּערטואַר, אויפן געביט פון ווידער־שאַפנדיקער, אינטערפּרעטינדיקער קונסט און דער עמוד־קינסטלער; און דער עסייאיסט, מוזיק־קריטיקער און פובליציסט, אויפן זשורנאַליסטישן געביט.

„צו וועלכן ירדני מ׳זאָל נישט צוגיין: צום עסייאיסט, צום מוזיק־קריטיקער אָדער צום פּובליציסט, איז דער סך־הכל איינדרוק דער זעלבער: ירדני איז אַן אויסגעצייכנטער שרייבער. ער באַהערשט פולשטענדיק זיינע טעמעס, סיי פון שטאַנדפונקט פון זאַכלעכקייט, סיי וואָס איז שייך די שרייבערישע טעכניק, וואָס דער ענין, וואָס ווערט אַרומגערעדט, פאָדערט, און סיי פון קוק־ווינקל פון מענטשלעכער וואַרעמקייט. ער איז אין אַלץ, וואָס ער שרייבט, טיף פאַראינטערעסירט, און פּונקט אַזוי שרייבט ער מיט שטאַרקער איבערצייגונג. איך דערמאָן זיך נישט צו האָבן געלייענט צווישן די פאַרשידענע שאַפונגען פון זיין פּרוכטבאַרער פעדער אַן אַרטיקל, וואָס איז געשריבן געוואָרן „אָפּצו׳פּטר׳ן״.

„דער קאַפּיטל „ירדני דער עסייאיסט״ ברענגט ראשית־כל אויפן זכרון זיינע צאָלרייכע אַרבעטן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער ניו־יאָרקער פרעסע אויף ליטורגישע טעמעס, ספּעציעל די, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די ימים־נוראים. זיי זיינען דורכגעדרונגען מיט טיפן ליריזם, וואָס ווערט נאָך בולט׳ער געבראַכט צום אויסדרוק דורך זיין ווייכן אוקראַינישן אידיש. דאָס זיינען עסייען אין בעסטן און שענסטן זין פון וואָרט. ווען זיי וועלן אַמאָל, ווי עס ווילט זיך האָפן, אַרויסגעגעבן ווערן אין בוך־פאָרם, וועלן זיי זיין גאָר אַ באַדייטנדיקער צושטייער פון אָט דעם ליטעראַרישן זשאַנר, וואָס איז ווייט נישט צאָלרייך פאַרטראָטן אין דער אידישער ליטעראַטור.

„נישט ווייניקער אינטערעסאַנט זיינען ירדני׳ס אַרבעטן וועגן שריפטשטעלער און קינסטלער אויף אַנדערע געביטן, אויך דאָ איז ער גאָר אָפּט אַן עסייאיסט, דאָס הייסט, ער זאָגט ערנסטע זאַכן מיט אַ שריפטשטעלערישן שמייכל אויף די ליפּן. זיין אַרבעט אויף דער טעמע „העמינגוויי״, קען דינען ווי אַ ביישפּיל. אַזעלכע אָפּהאַנדלונגען זיינע זיינען באַהויכט פון דעם, וואָס אין ענגליש ווערט פאַרשטאַנען, נישט אין באַנאַלן, געל־זשורנאַליסטישן, נאָר אין טיפערן, פיינערן זין, ווי „היומען אינטערעסט״. ער וועבט אַריין אין זיינע באַשרייבונגען עפּיזאָדן, וואָס זיינען נישט „פּיקאַנט״, נאָר וועזנטלעך, כדי דער לייענער זאָל בעסער אַריינדרינגען אין דעם אמת׳ן, גייסטיקן „איך״ פון די כאַראַקטעריזירטע פערזענלעכקייטן.

„ירדני, דער מוזיק־קריטיקער, האָט אויסערגעוויינטלעכע פאַרדינסטן, וואָס שטעלן אים אַוועק אַלס גאָר ערשטן אין וויכטיקייט אין דער ניו־

יאָרקער אידישער פּרעסע. זאָל דאָ קלאָר און דייטלעך געזאָגט ווערן: ביז אים האָט אין דעם ניו־יאָרקער אידישן זשורנאַליזם קיין מוזיק־קריטיק אין דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט, נישט עקזיסטירט. אַלס אַזעלכע זאָל דאָ פאַרשטאַנען ווערן נישט קיין סענטימענטאַליזירנדיקע איגנאָראַנץ, וואָס דעקט צו איר נאַקעטקייט מיט דעם פייגן־בלאַט פון „הימליש", „געטלעך", „אומפאַרגלייכלעך" און נאָך אַזעלכע גאָרנישט זאָגיקייטן, נאָר קענטעניש פון מוזיק, פאַרשטענדעניש פונעם ווערק, לאָגיש באַגרינדעטע, נישט פעדאַנטישע פאָדערונגען צום אינטערפּרעטירער, פעאיקייט זיך צו באַגייסטערן, מיט עכטער קונסט יעדעס מאָל אויפסניי, און ליטעראַרישער טאַלאַנט: דאָס הייסט חוש פאַר שפּראַך און סטיל. מרדכי ירדני האָט אין דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע אַריינגעבראַכט ווירדיקע מוזיק־קריטיק.

„און אחרון אחרון חביב: ירדני, דער פּובליציסט.

„אין דעם „אָנפאַנט טעריבל" פון דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע: „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" — דעם פּרעסע־אָרגאַן פון דער דאָרטיקער ליטעראַרישער אָפּאָזיציע — לייענען מיר אָפט ירדני'ס גלענצנדיקע פּובליציסטישע אַרטיקלען אויף טעמעס פון קולטור־געביט. נישט איינמאָל רופט ער דאָרט אָן זאַכן מיטן ריכטיקן נאָמען און זאָגט פּראָסט און פּשוט, אַז „דער קעניג גייט נאַקעט". ער טוט עס מיט אַ מערקווירדיקן מוט, מיט דער אומדערשראָקנקייט פון אַ מענטשן, וואָס קעמפט פאַר העכערע ווערטן. ווי אַ ביישפּיל פון אָט דעם בירגערלעכן מוט קען דינען דער איינלייטנדיקער טייל צו זיין דאָ לעצטנס אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" געדרוקטן לענגערן אַרטיקל וועגן ב. שעפּנער.

„סיי ווי אַן עסייאיסט, סיי ווי אַ מוזיק־קריטיקער און סיי ווי אַ פּובליציסט, האָט מרדכי ירדני וואָס צו זאָגן און סיי דעם טאַלאַנט צו זאָגן עס אויף זיין אייגענעם אופן. דאָס מאַכט זיין שרייבן וויכטיק און אינטערעסאַנט."

ל. גרוזמאַן — דער אידישער זינגער מרדכי ירדני. דער שפּיגל, בוענאָס־איירעס, יולי, 1948.

„זיינע אויפטריטן אין בוענאָס־איירעס האָבן אים שטאַרק פּאָפּולער און באַליבט געמאַכט צווישן אַלע קרייזן פון דער היגער אידישער באַפעלקערונג און — אין גאָר אַ קורצער צייט. מרדכי ירדני איז אויך אַ

שרייבער און אויף דער זייט טאַקע ברײנגען מיר זיין שרייבערישן און אַרטיסטישן „אני־מאמין״.״

נתן סטאָלניץ — אין דער חזנ׳ישער וועלט. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, אויגוסט, 13, 1951.

„דורכשטודירנדיק די אינהאַלטסרייכע ליטעראַרישע אָפּטיילונג פונעם „חזנים זשורנאַל״, וואָס איז לעצטנס אַרויסגעגעבן געוואָרן פונעם חזנים פאַרבאַנד פון אַמעריקע און קאַנאַדע אין ניו־יאָרק, לייענט מען בדיוק דורך אָט דעם גאַנצן באַלערנדיקן מאַטעריאַל, פּראָגראַמאַטיש געריכטעט אין אַן אַקאַדעמיש־וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג, רעדאַקטירט פון מרדכי ירדני, פאַרבלייבט מען מיט אַ גאָר גוטן נאָכגעפיל און טיפע נאָכדענקעניש וועגן אָט דעם גרויסן באַדייטנדיקן אידישן קונסט־צווייג, וואָס רופט זיך „חזנות״ און וואָס איז פאַר דורות לאַנג געווען צווישן די דאָמינירנדיקע באַווירקנדיקע פאַקטאָרן אין אונזער רעליגיעז־נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן און אינעם געשיכטלעכן גאַנג פון אונזער פאָלקס־קולטור.

„די מוזיקאַלישע אַרטיקלען פון לייב גלאַנצ׳ן „חזנות — דער שיר־השירים פון די אידישע פאָלקס־מאַסן״ און פון מרדכי ירדני׳ן „דער גאַנג פון דער אידישער נגינה און מוזיק״ זיינען באמת פנינים־יקירים, וואונדערבאַרע פערלען, וואָס דאַרפן געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן.״

מ. רובינשטיין — בקיצור. סליחות, געזאַנג און זיסע נגינה. די שטימע, מעקסיקאָ, סעפּטעמבער 26, 1951.

„מרדכי ירדני זאָגט גאָר אַנדערש די סליחות. ער שרייט נישט, ער דערגייט נישט צו קיין גאָר הויכע טענער — ער זינגט זיך אַזוי בנעימות׳דיק און מיט געפילן און ער טייטשט אויס די אַלטע געבעט־זאַצן, ער לייגט זיי אַריין יעדן אין מויל: עס איז אַ מחיה צו הערן און עס זינגט זיך מיט...

„עס האָט היי־יאָר „נדחי־ישראל״ אָפּגעגליקט מיטן חזן אויף ימים־נוראים. אַזאַ זיסע נגינה און אַזאַ האַרציקן נוסח ווי עס גיט ירדני, איז זעלטן צו געפינען היינט ביי חזנים און בעלי־תפילות. מ׳דאַרף זיין אַזאַ מוזיק־ספּעץ, ווי ירדני איז, און אַזוי לעבן מיט געזאַנג, ווי ירדני טוט עס — כדי צו זיין אַזאַ נעים־זמירות ווי ער איז עס.״

פראָפ. סאַלאָמאָן קאַהאַן — אַ טאָג איבער אַ טאָג. ירדני׳ס געלייטערטע קונסט. דער וועג, מעקסיקאָ, מערץ 2 1948.

„מרדכי ירדני איז צווישן דער פלעיאַדע פון אידישע אינטער־פרעטירנדיקע קינסטלער אפשר דער איינציקער, וואָס האָט אַ פילאָזאָפישן צוגאַנג צו זיין טעטיקייט אויף דער קאָנצערט־בינע, ווי אויך ביים עמוד. ער געהערט נישט צו די, וואָס זינגען „פריי, ווי דער פויגל״.

„טיף אין דעם וועזנטלעכסטן וועזן פון דער אידישער נגינה איז ער אַריינגעדרונגען. און ער האָט דאָרט געפונען דעם אידנס ספּעציפישן צוגאַנג, דעם אויסדרוק, דעם קנייטש, וואָס מאַכט איר איינציק אין דעם גרויסן אָרקעסטער פון נאַציאָנאַלע אויסדרוקן דורך דער פענטאַגראַמע: „אַ איד זינגט נישט קיין אַריעס, אַ איד ברומט אַ ניגון.״ (פון ירדני׳ס אַן עסיי). פון אָט דער פונדאַמענטאַלער קאָנצעפּציע פליסט אַרויס ירדני׳ס ספּעצי־עלער כישוף, ווען ער אינטערפּרעטירט, נישט ווייניקער ווי די מייסטער־שאַפט פון זיין געזאַנג־טעכניק.״

שמואל ראָזשאַנסקי — דער פאָלקס־זינגער און שרייבער מרדכי ירדני פאַרט היינט אַוועק. די אידישע צייטונג, בוענאָס איירעס, אויגוסט 6, 1948.

„מרדכי ירדני האָט אין דער קורצער צייט, וואָס ער איז געווען אין בוענאָס איירעס, געוואונען די סימפּאַטיע אין פאַרשידענע קרייזן, ווי אַ פאָלקס־זינגער און ווי אַ מענטש, ווי אַ חזן און ווי אַ שרייבער. ער האָט איבערגעלאָזט אַן איינדרוק דורך זיין איידלקייט און געמיט, מיט זיין אינטעליגענץ און וואַרעמען געפיל. דורך זיינע קאָנצערטן, מיט זיין אינטערפּרעטירן דאָס ליד און פאַרשטיין, האָט מרדכי ירדני דערנענטערט דאָס ארץ־ישראל ליד צו אונזער עולם. אין חזנות האָט ער אונטערגעשטראָכן די מעלאָדישקייט און פאָלקסטימלעכקייט אין תפילה. און ער האָט געוועקט ליבשאַפט צום אידישן פאָלקס־ליד און ליד פון אונזערע גוטע פּאָעטן. די לייענער פון „די אידישע צייטונג״ האָבן געקראָגן אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט ירדני׳ן דעם געמיטלעכן שרייבער, וועלכער באַמיט זיך צו באַשרייבן אידישע אויפטוען, טוער אין אידישער נגינה און מוזיק, ווי קינסטלער בכלל.״

פּ. ניעמאַי — פאַרבייגייענדיק. די אידישע צייטונג, בוענאָס איירעס, אויגוסט 6, 1948.

